ח. קאַץ

# בערשטער און בערשטעריי

## געזאַמלטע היסטאָרישע מאַטעריאַלן

די מעזריטשער בערשטער־אינדוסטרי האָט אונטער זיך אַ רייכע פאַרגאַנגענהייט. עס איז אָבער שווער צו געפינען דאַטעס און באַווייזן פון וואַנען זי איז צו אונדז געקומען. דאַקעגן איז אונדז געלונגען, מיט דער הילף פון פאַרשידענע קוואַלן, צונויפצונעמען וויכטיקע ידיעות און זכרונות פונעם לעבן און אַרבעט פון די בערשטער, אָנהייבנדיק פון דער אַנדערער העלפט פון פאָריקן יאָרהונדערט.

### קנעכטשאַפט

אין יאָר 1868 זענען אין מעזריטש געווען אַ היפש ביסל פאַבריקן, פון וועלכע ס׳האָבן זיך פאַר די גרעסטע גערעכנט ר׳ גדליהו בלאַנקשטיינס, גיטל סימעס, ר׳ דודל אריהס א״אַ.

צווישן די פאַבריקן זענען דעמאָלט געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן געהאַלטן ביז 30 אַרבעטער, און אַזעלכע האָבן זיך גערעכנט פאַר גאָר גרויסע פאַבריקן און פאַר די פאַבריקאַנטן פלעגט מען האָבן אין שטאָט גרויס דרך־ארץ: אויב ר׳ גדליה אָדער ר׳ דודל אריהס האָבן געזאָגט אַ וואָרט, פלעגט דאָס זיין הייליק און פון מויל צו מויל פלעגט מען עס איבערדערציילן, אַז אַזוי און אַזוי האָט ר׳ גדליה געזאָגט און ס׳האָט אַרויסגערופן גרויס התפעלות. ס׳איז נישט פאָרגעקומען קיין איין אסיפה, ווו זיי זענען נישט פאַרבעטן געווען; אָן זייער דעה איז אין שטאָט קיין שום זאַך נישט געטאָן געוואָרן. האָט מען געזען איינעם פון זיי אין גאַס, פלעגן זיך אַלע מיט אָפּשיי אָפּרוקן און דורכלאָזן, ווייזנדיק מיט די פינגער און שטיל שעפּטשנדיק: „ר׳ דודל גייט״!

דער דרך־ארץ איז נישט נאָר געווען פאַר די פאַבריקאַנטן, נאָר אויך אַפילו פאַר זייערע „בעלי־מלאכות״ (מייסטערס), וועלכע פלעגן אָנפירן מיטן וואַרשטאַט. פלעגט מען נישט האָבן קיין קלענערן דרך־ארץ, און אַן אַרבעטער, וואָס פלעגט האָבן די זכיה צו רעדן מיט אַזאַ „בעל־מלאכה״ פון אַ פאַבריק אַ וואָרט, פלעגט זיך פילן גליקלעך און נישט איין מאָל פלעגט ער זיך באַרימען: „איך האָב ערשט גערעדט, למשל, מיט הערשל דעם שוואַרצן!״ און שטאַרק מקנא זענען אים דעמאָלט געווען די אַלע, וועמען ער האָט די נייעס דערציילט.

ביי דער אַרבעט איז דער „בעל־מלאכה״ געווען דער אַליינהערשער, זיינס אַ וואָרט פלעגט פשוט פאַרהייליקט ווערן, און כאָטש ער פלעגט שטיין צוגלייך מיט אַלע אַרבעטער ביי דער אַרבעט, איז פון דעסטוועגן בלויז גענוג געווען, דאָס ער זאָל געבן אַ בייזן קוק אויף אַן אַרבעטער, אַז יענער זאָל זיך איינקאָרטשען אין דרייען און אַראָפּלאָזן די אויגן, ווי אַ פאַרשולדיקטער.

די אַרבעטצייט האָט זיך אָנגעהויבן, ווינטער ווי זומער, 4 אַ זייגער פאַר טאָג, אין די גרעסטע פרעסט איז מען אויפגעשטאַנען פאַר טאָג, און ביי אַן אָנגעצונדן שטיקל קין אין קוימען, אָדער ביי אַ חלבנעם ליכטל, פלעגט מען שנעל אויף זיך אַרויפכאַפּן די פּאָר בגדים, און אָפט מאָל, נישט אָנטוענדיק זיך אפילו נאָך רעכט, איז מען געלאָפן אין פאַבריק, כדי חלילה נישט צו פאַרשפּעטיקן אויף קיין מינוט, ווייל דער „בעל־מלאכה" איז שוין דער ערשטער געווען אין פאַבריק און אַ פאַרשפּעטיקטן פלעגט מען נישט זשאַלעווען קיין פּעטש און קלעפּ. פאַרקלאָגן זיך ביים פאַבריקאַנט האָט געהייסן: זיך אַליין פאַרמשפּטן, ווייל דעמאָלט האָט מען זיך שוין מיט דער פאַבריק געמעגט געזעגענען און ביי אַ צווייטן באַקומען אַרבעט, איז געווען כמעט אוממעגלעך.

פון 4 באַגינען האָט מען געאַרבעט ביז 9 אין דער פרי, ביז 11 האָט מען געדאַרפט אָפּדאַווענען, איבערבייסן און שטעלן זיך צוריק צו דער אַרבעט ביז האַלב זעקס. פון האַלב זעקס ביז האַלב זיבן האָט מען געדאַוונט מנחה־מעריב און אָפּגעגעסן „וועטשערע" און זיך צוריקגעשטעלט צו דער אַרבעט, אָפּאַרבעטנדיק אַזוי ביז 12 ביי נאַכט. נאָך האַלבער נאַכט איז מען אויסגעמאַטערטע, שווייגנדיקע, נישט קאָנענדיק רירן מיט קיין אבר, אַהיימגעקומען און אַוועקגעפאַלן אויפן געלעגער, נישט זעענדיק ווייב און קינד, חוץ פון איין שבת ביזן צווייטן.

זייער שווער איז אָנגעקומען יעדן טאָג דאָס אויפשטיין 4 אַ זייגער באַגינען און גיין צוריק צו דער אַרבעט, שלאָפנדיק נאָר די פּאָר געציילטע שעהען, אָבער די פאַבריקאַנטן האָבן אויסגעפונען אַ געניאַל מיטל, ווי אַזוי צו „פאַרגרינגערן" די בערשטער דאָס אויפשטיין צו דער אַרבעט... אַלע פאַבריקאַנטן האָבן געדונגען 2 וועקערס: לייבל באַהעלפער און משהלע יוון, און פון האַלב צוויי ביי נאַכט איז געווען זייער עבודה צוצוגיין צו יעדן אַרבעטער אונטערן לאָדן און אים אויפוועקן. און אויב וועמען דאָס „מזל" האָט שטאַרק געדינט, פלעגט דער וועקער זיין ביי אים דער ערשטער, אַ זייגער צוויי, און ווען יענער האָט נאָך נישט באַוויזן רעכט צוצומאַכן אַן אויג, פלעגט דער וועקער שוין דונערן מיטן שטעקן אין לאָדן, אַז ער זאָל אויפשטיין. דער גליקלעכסטער איז געווען דער, צו וועמען דער וועקער איז געקומען דער לעצטער, ד"ה אַרום האַלב פיר באַגינען.

אַזוי האָט זיך עס געצויגן ביז פרייטיק פאַר ליכט־בענטשן. פון פרייטיק־צו־נאַכטס ביז שבת פאַר נאַכט האָט מען געקאָנט רויק שלאָפן, אָבער ווי נאָר ס'האָט זיך באַוויזן דער ערשטער שטערן, פלעגט מען בחפזון אַריינכאַפּן דעם מעריב און מ'איז שוין צוריקגעלאָפן צו דער אַרבעט.

אָפּאַרבעטנדיק אַ ווינטערדיקן שבת־צו־נאַכטס אַ שעה 7—8, שטאַרק אָפּגעמאַטערטע, פלעגט דער „בעל־מלאכה" 12 אַ זייגער נאָך האַלבער נאַכט אַריינברענגען אַ פלעשעלע ניינציקער און געבנדיק יעדן אַ גלעזעלע, פלעגט ער די אַרבעטער אויפמונטערן זיך צו נעמען געשמאַק צו דער עבודה. מיט אַ נייעם ברען איז דעמאָלט די אַרבעט געגאַנגען ווייטער ביז 3 באַגינען, ביים שיין פון אַ פּאָר חלבענע ליכטלעך.

דערפאַר אָבער איז זונטיק שוין געווען אַ גאַנצער „יום־טוב". די וועקערס האָבן שוין גערוט, ווייל צו דער אַרבעט האָט מען זיך געשטעלט 7 אַ זייגער אין דער פרי און די „בעלי־מלאכות" האָבן שוין געמורמלט, אַז מ׳געוווינט צו די אַרבעטער צו „שוווילטאָג", מ׳מאַכט זיי פאַר פוילע...

אַזוי האָט זיך דאָס געצויגן לאַנגע יאָרן און קיינעם פון די אַרבעטער איז נישט איינגעפאַלן, אַז עס באַדאַרף זיין בעסער, אָדער ס׳קאָן גאָר זיין אַנדערש.

**דער שלח־מנות**

אַ פּאָר וואָכן פאַר פורים האָבן די „בעלי־מלאכות" אַרויסגענומען פון די באַהעלטענישן די איינציקע האָר, וואָס זיי האָבן אַ גאַנץ יאָר געקליבן פון די שענסטע און די בעסטע, ד״ה די לענגסטע פון לענגסטן, הארטסטע פון האַרטסטן און ווייסטע פון ווייסן (אַ קאָטקע הייסט דאָס), מיט ציטערנדיקע הענט באַטראַכט, אָפּגעמאָסטן מיטן אויג, געוואויגן און געמאָסטן, צי עס האַלט די ריכטיקע מאָס, באַוויזן דאָס די אַרבעטער, אָנגעהויבן פון ערשטן, וואָס שטייט ביי זיין האַנט, און געענדיקט ביים לעצטן, אויסהערנדיק זייער מבינות. יעדער פון זיי האָט געקנאַקט מיטן צונג פון פאַרוווּנדערונג, אַריינגענומען דאָס ביסל חזיר־האָר אין האַנט, געהאַלטן עס אַ לענגערע צייט, באַטראַכט עס פון אַלע זייטן און אָנגערירט עס איידל מיט די פינגער, ווי מ׳באַטראַכט עפּעס אַ טייערן בריליאַנט און צוריק אָפּגעגעבן עס דעם „בעל־מלאכה", וועלכער פלעגט עס איינוויקלען אפשר אין אַ טוץ פּאַפּירלעך און ווייטער באַהאַלטן עס, ווי אַן אוצר אין אַ באַהעלטעניש. וואָס נאָר ער אַליין האָט געוווּסט דאָס אָרט פון דעם. ס׳איז נישט אַוועקגעגאַנגען קיין איין טאָג, אַז דער „בעל־מלאכה" זאָל נישט באַטראַכטן יעדעס בינטל, יעדער שטיקל אַרבעט און האָט געזוכט און גענישטערט, אַ שטיקל שטייפס צוצולייגן צו זיין אוצר.

אָנגעקומען דער פורימדיקער טאָג, איז געווען אַ גאַנצער יום־טוב: דעם טאָג האָט מען נישט געאַרבעט און מ׳איז זיך צונויפגעקומען אין פאַבריק. דער „בעל־מלאכה" אַליין איז געווען שטאַרק פאַרפאַרעט. פון באַלד אין דער פרי איז שוין אין וואַרשטאַט געווען אָנגעגרייט אַ שיינע טאַץ, מיט גרויס פּאַראַד האָט מען אויפגעעפנט דאָס פּעקעלע צונויפגעקליבענע שענסטע, ווייסטע און לענגסטע האָר, צעשפּרייט עס מיט רחבות איבער דער גאַנצער טאַץ, דאָס ווייסקייט האָט ממש געבלענדט די אויגן און מ׳האָט זיך געגרייט אַרויפצוגיין מיט דעם שלח־מנות צום בעל־הבית.

דער בעל־הבית איז שוין געוווינט יאָר־איין, יאָר־אויס צו דעם דאָזיקן שלח־מנות, האָט ער שוין צוגעגרייט דאָס אמתע פלעשל ניינציקער מיט צובייסן פאַר זיינע מענטשן, וועלכע האָבן געזאָלט באַלד אין דער פרי קומען צו אים מיטן „בעל־מלאכה" בראש און דערלאַנגען אים דעם פון אַ גאַנץ יאָר צוגעגרייטן שלח־מנות, פאַר וועלכן ער, דער בעל־הבית, נעמט אָפּ אַ גאַנץ גראָבע אפּותיקה. מען האָט דערקענט אין אים, אַז ער איז זייער צופרידן און אויפגעלייגט, נאָך

דעם גוטן פרישטיק, וואָס ער האָט אָפּגעגעסן, און פאַררויכערט די לאַנגע פּייקע, וועלכע העגגט אַראָפּ ביז דר'ערד. ער זיצט אויפן געבעטן שטול, אָנגעטאָן אין העל־גרינעם שלאַפראָק, וואָס ער האָט ליב אָנצוטאָן יעדן שבת און יום־טוב־פרימאָרגן. מיט אַ צופרידענעם שמייכל באַגעגנט ער זיינע אָריינגעקומענע אַרבעטער מיטן „בעל־מלאכה", ר' הערשל דער שוואַרצער, וועלכער טראָגט פאַר ר' גדליהן דעם שלח־מנות אויף דער געליגענער זילבערנער טאַץ, פאַרדעקט מיט אַ שניי־ווייס טישטעכל פון אויבן.

ר' הערשל גייט אַ ביסל פאָרויס מיט זיכערע טריט, פילנדיק זיין גדלות מיט דעם, וואָס ער שטעלט צופרידן כאָטש איין מאָל אין יאָר זיין האַר, וועלכער באַוויליקט אים צו שענקען אַ שמייכל. די אַרבעטער דאַקעגן שטייען ביים טיר און מיט קלאַפּנדיקע הערצער קוקן זיי זיך צו צו דעם פאַראַד, ווי עס גייט צו דאָס אָוועקגעבן דעם שלח־מנות.

— נו, וואָס זאָגסטו עפּעס גוטס ? — ווענדט זיך ר' גדליה מיט אַ געמאַכטער שטרענגקייט צו זיין „בעל־מלאכה".

— מיר האָבן אייך, ר' גדליה, געבראַכט שלח־מנות — ענטפערט שטיל ר' הערשל דער שוואַרצער.

— זייער פיין פון אייך — ענטפערט ר' גדליה און ציט אויס ביידע הענט צו דער טאַץ, פּרוּווט איר וואָג, שאַרט אָוועק מיט איין האַנט אַ ברעג טישטעך און כאַפּט אַ קוק אויף דעם מין סחורה און ער בלייבט קענטיק שטאַרק צופרידן צו זען דאָס ווייסקייט און די לענג פון די האָר.

— נו, קומט אַהער, וועט איר טרינקען לחיים לכבוד יום־טוב! — רופט ער זיך אָן צו די אַרבעטער, וועלכע באַטראַכטן די גאַנצע סצענע פון דער ווייטנס. די אַרבעטער רוקן זיך אַריין נישט זיכער, איינער שטופּט דעם אַנדערן, אַז ער זאָל גיין פריִער, און אַזוי געדויערט עס אַ שטיקל צייט, ביז דער לעצטער גייט אַריין.

אין שטוב, ביי ר' גדליהן, בלייבן אַלע שטיין ביים טיש. ר' גדליה אַליין גיסט אָן די גלעזלעך מיטן ביינציקער און רופט זיך אָן צו זיי: — נו, טרינקט! און אַליין בלייבט ער שטיין פון ווייטנס, נישט צורירנדיק זיך צום טיש. די אַרבעטער ווינטשן זיך לחיים און שטייענדיקערהייט טרינקט מען. מען פאַרבייסט מיט שטיקלעך האָניק־לעקעך און מען ווינטשט ר' גדליהן צו דערלעבן איבער אַ יאָר, מ'זאָל אים ווייטער געבן שלח־מנות און מען רוקט זיך איינציקווייז אַרויס.

אין דרויסן פילן זיך די אַרבעטער אַ ביסל פרייער און איינער רופט זיך אָן:

— איר ווייסט? איך וואָלט אים מוחל געווען דאָס ביסל בראָנפן, אַבי נישט אַריינצוגיין דאָרט. עפּעס נישט ניחא דער כבוד.

— אָבער דערפאַר — רופט זיך אָן דער צווייטער — איז כאָטש ר' גדליה איין מאָל אין יאָר צופרידן פון אונדז...

די איבעריקע ענטפערן גאָרנישט, נאָר יעדער צעגייט זיך אַהיים אויסרוען זיך, ווייל באַגינען דאַרף מען דאָך ווייטער אויפשטיין צו דער אַרבעט.

ר׳ גדליה ווידער, פטור ווערנדיק פון זיינע אַרבעטער, נעמט ערשט באַטראַכטן יעדעס פיצל חזיר־האָר, פון וועלכן ער איז שטאַרק צופרידן, זוכט אויס אַ ווייס זעקעלע און פּאַקט עס פּאָרזיכטיק איין, באַהאַלט עס אין קאמאָד, מורמלענדיק:

— אַ נישקשהדיקער שלח־מנות דאָס יאָר! בנאמנות גאָר גוט! — און רייבט זיך אַזש פון שמחה די הענט.

## „בונטאָוושטשיקעס"

געווען איז דאָס אין 1878, אין אַ ווינטערדיקן שבת פאַר נאַכט, פאַר מנחה אין בערשטער־בית־מדרש. אויף אַ באַנק לעבן אויוון זענען געזעסן עטלעכע בערשטער פון בלאַנקשטיינס פאַבריק: יודל דער טויבער, יאָסל ברויט, יואל גוטמאַן און זיי האָבן צווישן זיך געשמועסט, אַז מ׳דאַרף שוין באַלד אַראָפּוואַרפן די שבתדיקע מלבושים און לויפן אין פאַבריק אַריין.

דערמאָנענדיק זיך דאָס, האָבן אַלע גענומען אויסציִען זייערע צעבראָכענע ביינער און מ׳האָט דערקענט, אַז עס גלוסט זיך זיי נישט שטאַרק אָוועקצוגיין פון הייסן אויוון אויף אַ גאַנצע נאַכט אַרבעטן אין דער פינצטערער פאַבריק.

— ווייסט איר וואָס? — רופט זיך אָן יאָסל ברויט צו די רעשט אַרבעטער — שוין אַ צייט, ווי די וועקערס, ימח־שמם, זענען אויסגעשטאָרבן. קיין אַנדערע אויף זייער אָרט, זעט איר דאָך, קריגן נישט די פאַבריקאַנטן, און דאָס אויפשטיין יעדן טאָג באַגינען איז אַ פּשוטער גיהנום. אָט, ווען מ׳קאָן כאָטש אָפּשאַפן דעם פיר באַגינען און אַנשטאָט פיר זאָל מען דאַרפן אויפשטיין כאָטש אַ זייגער 7, וואָלטן מיר דאָך געווען גליקלעכע.

אַ שטאַרק בלאַסער האָט זיך יודל דער טויבער שווער אויפגעהויבן פון באַנק און אַריינגעמענדיק אַ שפּיץ באָרד אין מויל, האָט ער זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און שטיל אַרויסגעמורמלט אויף זיין באַסאָווער שטימע:

— וואָס וועט אָבער רעדן ר׳ גדליה? און ווי אַזוי וועלן מיר קאָנען באַווייזן אונדזערע אויגן דעם „בעל־מלאכה" אונדזערן, הערשל דעם שוואַרצן? ער וועט דאָך אונדז ממיתן און פון פאַבריק, ווי די הינט אַרויסוואַרפן! ניין, מ׳טאָר דאָס נישט טאָן!

די איבעריקע בערשטער ענטפערן גאָרנישט, נאָר ווערן שטאַרקער פאַראינטערעסירט אין דעם „פּלאַן". מ׳בלייבט שטיין נישט אַנטשלאָסן און קיינער דערוועגט זיך נישט צו רעדן אַ וואָרט.

יאָסל ברויט שטייט אָבער נישט אָפּ, ער רעדט זיי איין, אַז די בערשטער זענען אַלע די פיינסטע מיוחסים אין שטאָט, וואָרעם אַבי ווער ווערט דאָך נישט קיין בערשטער. די שענסטע באַלעבאַטישע קינדער גיט מען אָפּ פאַר בערשטער און מ׳וועט אפשר האָבן אַ ביסל דרך־ארץ אויך פאַר אונדז; מ׳וועט פאַרשטיין, אַז מיר האָבן שוין גענוג געזונט אונדזערע פאַבריקאַנטן אָוועקגעגעבן און עס איז דאָך נישט מעגלעך ווייטער צו גיין צו דער אַרבעט פיר אַ זייגער פאַר טאָג, בפרט, אַז די וועקערס לעבן שוין נישט, און קיין אַנדערע

אויף זייער אָרט זענען נישטאָ, און אַליין אויפשטיין נאָך אַזאַ לאַנגן און שווערן טאָג אַרבעט איז נישט מעגלעך. דערפאַר מוז מען פּרווון אָפּשאַפן דעם פאַרשאָלטענעם באַגינען, כדי מ׳זאָל כאָטש קאָנען אויסרוען די אויסגע־מאַטערטע ביינער נאָך אַ פּאָר שעה.

דער שמועס האָט זיך פאַרצויגן ביז מנחה. נאָך מנחה איז מען נישט אַהיימגעגאַנגען, נאָר בין מנחה למעריב איז דער שמועס ווייטער געגאַנגען. און ווען ס׳האָט זיך אָנגערוקט פאַר מעריב־דאַוונען, רופט זיך יאָסל ברויט אָנטשלאָסן אָן:

— לאָמיר אַלע געבן תקיעת־כף ביים אָרון־קודש, אַז מיר ווען פון מאָנטיק אָן קומען צו דער אַרבעט נישט פריִער ווי זיבן אַ זייגער, מיר זאָלן זיך אַלע האַלטן איינס, אַז קיינער וועט די שולד נישט אַרויפוואַרפן אויפן צווייטן. — דערביי גייט ער דער ערשטער צו צום אָרון־קודש, די איבעריקע גייען אים נאָך, אַלע גיבן זיך תקיעת־כף, אַלס עדות נעמען זיי דעם אָרון־קודש, צו האַלטן זיך איינס און קומען צו דער אַרבעט 7 אַ זייגער אין דער פרי.

נאָך מעריב, מ׳נעמט זיך צו דער אַרבעט ווי גאָרנישט געווען, קיינער רעדט דערפון נישט קיין וואָרט. ווען דער מאָנטיק איז אָנגעקומען, איז שוין דער „בעל־מלאכה״, הערשל דער שוואַרצער, 4 אַ זייגער באַגינען, אַזוי ווי שטענדיק, געווען אין פאַבריק. עס גייט אַוועק אַ האַלבע שעה, מ׳זעט נישט קיינעם. ער איז געוואָרן שטאַרק אומרוּיק און איז אַרומגעלאָפן איבער דער פאַבריק ווי אַ משוגענער. צום פאַבריקאַנט האָט ער מורא לויפן אָנזאָגן אַזאַ בשורה, צווייטנס, קאָן ער אים אין אַזאַ פריִער שעה נישט וועקן און ער ווייסט נישט וואָס צו טאָן. ענדלעך פּלאַצט זיין געדולד, ער לויפט אַרויס אין גאַס, לויפט הינטער די לאָדנס פון די אַרבעטער, אפשר וועט ער עפּעס הערן, אָבער אומעטום איז שטיל, מ׳הערט נישט קיין שאָרך, ער לויפט צוריק אין פאַבריק, מ׳זעט נישט קיינעם.

ווען עס רוקט זיך אונטער דער זייגער צו 7 און ס׳קומט אָן דער ערשטער בערשטער, וואַרפט זיך הערשל דער שוואַרצער אויף אים מיטן גאַנצן כעס און מיט די פויסטן דראָט ער אים, שרייענדיק ביז הייזעריק ווערן:

— בונטעווען ווילט איר זיך? נישט פאָלגן ר׳ גדליהן וועט איר? וואַרטס! ר׳ גדליה וועט נאָר אויפשטיין, דערצייל איך אים די גאַנצע מעשׂה. אַרויסוואַרפן וועט ער אייך, ווי די הינט!

ביסלעכווייז קומען אָן אַלע בערשטער און 7 אַ זייגער שטעלט מען זיך צו דער אַרבעט. קיינער רעדט נישט אַ וואָרט, פּונקט ווי עס זאָל גאָרנישט זיין, און דאָס צערייצט נאָך מער דעם „בעל־מלאכה״, וועלכער האַלט אין איין שרייען. זעענדיק, אַז קיינער ענטפערט אים נישט, לויפט ער אַוועק צו ר׳ גדליהן, דערציילן אים, וואָס ס׳איז געשען.

די אַרבעטער וואַרטן מיט אומגעדולד, וואָס דאָ וועט ווייטער זיין. צוריקגע־קומען איז אָבער ר׳ הערשל דער שוואַרצער אַליין און שטיל מורמלענדיק

עפעס אונטער דער נאָז, האָט ער זיך געשטעלטביים וואַרשטאַט צו דער אַרבעט.

וואָס ער האָט גערעדט מיט ר׳ גדליהן און וואָס ער האָט אים געענטפערט, איז געבליבן אַ סוד ביז היינטיקן טאָג.

דאָס נייעס האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט אין שטאָט צווישן די אַרבעטער פון אַלע בערשטער־פאַבריקן. דעם צווייטן טאָג איז שוין דאָס קומען אַ זייגער 7 צוגעגאַנגען רויִק. אין אַ וואָך אַרום איז אויך גיטל־סימעס פאַבריק צוגע־שטאַנען צו דער נייער אָרדענונג און אין אַ פּאָר וואָכן אַרום — אויך די איבעריקע פאַבריקן. אַזוי אַרום איז, אַ דאַנק דעם טויט פון די וועקערס, אָפּגע־שאַפט געוואָרן דאָס אויפשטיין 4 באַגינען צו דער אַרבעט.

ביסלעכווייז האָט מען פאַרגעסן, אַז מ׳האָט אַ מאָל געאַרבעט פון 4 באַגינען, און אויך די פאַבריקאַנטן האָבן זיך דערצו צוגעוווינט, אָבער דער נאָמען „בונטאָווּשטשיקעס" איז געבליבן ווי אַ פלעק אויף די אַרבעטער פון ר׳ גדליה בלאַנקשטיינס פאַבריק.

### נאָך דער „מעסע"

דער בערשטער־סעזאָן פלעגט זיך יעדעס יאָר אָנהייבן חנוכה־צייט און זיך ענדיקן פּאַר אָדער נאָך תשעה־באב. דעמאָלט פלעגן די אַרבעטער פון ר׳ גדליה בלאַנקשטיינס פאַבריק, צוגלייך מיט די בערשטער פון די רעשט פאַבריקן, אַרויסגיין אין גאַס אַריין, כמעט מיט ליידיקע קעשענעס, ווייל קיין איבעריקע פּאָר קערבלעך איז פון די פאַרדינסטן קיין מאָל נישט געבליבן, כאָטש מ׳האָט שווער און ביטער געאַרבעט טעג און נעכט אָן שום אָפּרו. באַלד האָט זיי אָנגע־הויבן צו עגבערן אין מוח די האַרבע שאלה: ווו נעמט מען אויף פּרנסה אין די פּאָר חדשים, ווען קיין אַרבעט איז נישטאָ?

די ערשטע פּאָר טעג זענען נאָך ווי ס׳איז אַריבער, ווייל מ׳האָט נאָך געהאַט די לעצטע פּאָר גראָשן, וואָס מ׳האָט אָפּגענומען פּאַר דער לעצטער וואָך, אָבער וואָס אַ טאָג ווייטער, זענען די אַרבעטער אַרומגעגאַנגען מיט מער פינצטערע אויסגעלאָשענע אויגן. די פּאָר גילדן האָבן זיך אויסגעלאָזט... אין גאַס האָט מען שוין באַגעגנט ר׳ גדליהס משולחים, ראובן גרושקע און יודל דעם שוואַרצן, וועלכע זענען געקומען פון די ווייטע רוסישע שטעט און שטעט־לעך אָן אַ ביסל חזיר־האָר, און דאָס האָט שוין אין גאַנצן אויסגעלאָשן זייער האָפענונג.

די ביטערע צייט פון די בערשטער האָבן טאַקע פאַרשטאַנען אויסצונוצן די „פּאָדריאַטשיקעס", וועלכע האָבן זיך אונטערגענומען אויסצוברוקירן דעם מאַרק און אַנדערע גאַסן, אויף וועלכע מ׳איז געגאַנגען ביז די קני אין וואַסער און אין בלאָטע, און נישט האָבנדיק קיין אַנדער ברירה, האָבן זיי פּאַר אַ נישטיקן פּרייז זיך געמוזט אונטערנעמען צו העלפן ברוקירן דעם מאַרק און די אַנדערע שטאָטישע גאַסן.

פלעגט קומען דער פאַרנאַכט, פלעגן ייִדן קומען זען, ווי די גאַנצע מחנה בערשטער, אָפּגעגאָסענע מיט שווייס, אַרבעטן שווער, און ווען איינעם פון זיי האָט זיך נאָך געגלוסט צו מאַכן אַ געלעכטער, פלעגט ער טרייסטן זיינע חברים און זאָגן: זאָל זיך אונדז דוכטן, אַז מיר זענען אין מצרים... די רעשט האָבן ביטער געשמייכלט, נאָר איין משה־הערש „קעטשעבאָנדע" האָט קומענדיק באַגינען צו דער אַרבעט און דערזעענדיק דעם באַרג שטיינער זיך דערשראָקן און געפרעגט: — וואָס? אָט דעם באַרג שטיינער וועל איך דאַרפן טראָגן? — מיט די רייד איז ער אַנטלאָפן פון מאַרק, ווו די אויגן האָבן אים געטראָגן... די איבעריקע עלטערע בערשטער, אָדער שוואַכערע, וועלכע האָבן זיך נישט געקאָנט אונטערנעמען די אַרבעט ביי די שטיינער, האָבן געמוזט פאַר דרייסיק גראָשן אַ טאָג זיך פאַרדינגען פאַר שמייסערס ביי בעלי־עגלהס, אָדער פלעגן „מאָכעווען" און אַרומקלעפן די הייזער ביי די באַלעבאַטים, וועלכע האָבן זיך אַזוי אַרום פאַר וואָלוול געלט יעדעס יאָר באַוואָרנט פאַר די אָנקומענדיקע ווינטערדיקע פרעסט.

אַזוי האָט זיך געצויגן ביז פאַר חנוכה, און ווען מ׳האָט דערשפּירט, אַז די משולחים זענען שוין אַוועקגעפאָרן צוריק אין די ווייטע מקומות און דער סעזאָן רוקט זיך אָן, איז מען געוואָרן צוריק מונטער: מ׳גייט דאָך שוין צוריק אין פאַבריק אַריין, אין אמתן גן־עדן...

ווען דער קוים דערוואַרטער טאָג איז אָנגעקומען, זענען די בערשטער מיט פרייד זיך צונויפגעקומען, אַ סך פריִער ווי שטענדיק, אין זייערע פאַבריקן און מ׳האָט געשמאַק זיך גענומען צו דער אַרבעט.

אָפּאַרבעטנדיק אַ פּאָר וואָכן, האָט מען אין דער פאַבריק פון ר׳ גדליה בלאַנקשטיין גענומען פילן, אַז עס רוקט זיך אָן דער אמתער יום־הדין. דער „בעל־מלאכה" איז געווען שטאַרק דענערווירט און האָט געהאַלטן אין איין אַרומלויפן פון פאַבריק צו ר׳ גדליהן און פון דאָרט צוריק אין פאַבריק אַריין, און ווען אַן אַרבעטער האָט אים שטיל און מיט שטאַרק דרך־ארץ געפרעגט די סיבה, האָט ער נאָך שטילער געענטפערט: ר׳ גדליה קלויבט זיך צו פאָרן קיין לייפּציג אויף דער „מעסע".

אין אַ פּאָר טאָג אַרום האָט מען טאַקע געזען, ווי עס פאָרט צו אַ בויד צו ר׳ גדליהס הויז. ר׳ גדליה איז אַרויסגעקומען יום־טובדיק אָנגעטאָן, האַלב ייִדישלעך, האַלב דייטשיש, דאָס שוואַרצע בערדל שיין פאַרקעמט, ר׳ הערשל דער שוואַרצער האַלט אין איין אַראָפּטראָגן קוישן און פעקלעך, אויך די פושקע מיטן צילינדער און לייגט אַלץ אַריין אין דער בויד. מיט יעדער מינוט וואַקסט דער עולם אויפן גאַס, וואָס קוקן פאַרגאַפט אויף ר׳ גדליהן וועלכער גייט מאַכן אַזאַ ווייטע נסיעה, וואָס איז אין יענער צייט געווען פאַרבונדן מיט סכנת־נפשות.

ווען די בויד פאָרט אָפּ, ווינטשט אים דער עולם, ער זאָל געזונטערהייט צוריקקומען, דער „בעל־מלאכה" באַגנוגנט זיך אָבער נישט מיט דעם און לויפט

נאָך אַ היפּש שטיקל וועג נאָך דער בויד און האַלט אין איין ווינטשעווען, ווען ער קאָן שוין נישט נאָכלויפן, בלייבט ער שטיין, כאַפּט אָפּ אַ ביסל דעם אָטעם און גייט לאַנגזאַם צוריק אין פאַבריק.

ווען עס זענען אַדורך די ערשטע צוויי וואָכן, האָבן די אַרבעטער און דער עיקר דער „בעל־מלאכה" שוין געוואַרט אויף אַ גרוס פון דער „מעסע", ווייל די אַרבעטער האָבן געוווּסט די צרות, וואָס זיי קומט אויס צו ליידן, ווען די „מעסע" איז חלילה אַ שלעכטע, דער „בעל־מלאכה" גייט דעמאָלט אַרום שטאַרק פאַרמרה־שחורהט, וואַרפט זיך אויף יעדערן, זאָגט חסרונות אויף דער אַרבעט, זידלט און נישט איין מאָל כאַפּט מען אַ קלאַפּ, וואָס מ'שלינגט אַראָפּ און מען מאַכט אַ שווייג.

און אָט אין אַ דינסטיקדיקן טאָג איז פּלוצלונג אָנגעקומען אַ גוטער גרוס פון ר' גדליהן. די סחורה איז געלייזט געוואָרן און דערצו פאַר אַ גוטן מקח. אין פאַבריק איז „שמחת־תורה", דער „בעל־מלאכה" איז פריילעך, וואַרפט אַריין אַ גוט וואָרט און די בערשטער פילן, ווי אַ שטיין וואָלט זיי אַראָפּ פון האַרץ...

אַז ר' גדליה איז צוריקגעקומען, האָט ער געברענגט ר' הערשל דעם שוואַרצן פון לייפּציג אַ מתנה: אַ טאַבאַק־פּושקעלע, און ווען ר' הערשל דער שוואַרצער איז געקומען שבת אין בית־המדרש צום דאַווענען, האָט ער גענומען טיילן דעם עולם אַ שמעק טאַבאַק, כדי מ'זאָל זען די טייערע מתנה, וואָס ער האָט באַקומען פון ר' גדליהן. דער עולם קאָן זיך גאָר זאָט נישט אָנקוקן, יעדער נעמט עס אין האַנט און פון אַלע זייטן הערט מען באַגייסטערטע אויסרופן:

— אָוואַ, אַזש פון „דייטשן־לאַנד" געברענגט! אַוודאי פון פּימסנהאָלץ, ר' גדליה האָט געמוזט האָבן אַ גוטע „מעסע", אַז ער האָט נישט פאַרגעסן אין זיין „בעל־מלאכה".

דער שמועס וועגן טאַבאַק־פּושקעלע און וועגן דער „מעסע" איז שוין געווען די טעמע פון גאַנצן שבתדיקן טאָג אין בית־מדרש און אויף מאָרגן אין אַלע פאַבריקן און די אַנדערע „בעלי־מלאכות" האָבן אים שטאַרק מקנא געווען, וואָס ער האָט אַזאַ „גאָלדענעם" פאַבריקאַנט, וועלכער פאַרגעסט נישט זיין „בעל־מלאכה" אפילו אויף דער „מעסע".

## עס קומען פרעמדע

אין יאָר 1890 איז פון בערלין געקומען קיין מעזריטש אַ חזיר־האָר־בראַנזשיסט מיטן נאָמען ליופּקע. באַקענענדיק זיך נענטער מיט דער פאַבריקאַציע פון חזיר־האָר און זעענדיק, אַז מען אַרבעט די „רויע" אַרבעט, האָט ער אַוועקגעשטעלט אַ פאַבריק פאַר אַ נייעם מין, צו יענער צייט, „געקאָכטע" אַרבעט, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ נייעס. צו דער דאָזיקער נייער אַרבעט האָט מען געדאַרפט האָבן אַ סך הענט צום קלויבן, בינדן און וואַשן, האָט מען דערצו אָנגעהויבן באַנוצן יונגע בחורים און מיידלעך און מיט יעדן טאָג האָבן זיך געמאָלדן נייע מענטשן צו דער אַרבעט.

די אַלטע בערשטער, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר מיוחסים און קוואַלי־פיצירטע אַרבעטער, האָבן לכתחילה חוזק געמאַכט פונעם דייטש מיט זיינע אַרבעטער און סחורה צוזאַמען, אָבער גאָר אין אַ קורצער צייט אַרום, האָט שוין די פאַבריק באַשעפטיקט אַ סך אַרבעטער, אַלטע און יונגע. ליופּקע אַליין פלעגט גאַנצע טעג אַרבעטן אין פאַבריק, ווייזנדיק די פּריש־צוגעקומענע אַרבעטער, ווי מ׳דאַרף זיך נוהג זיין ביי דער פרישער אַרבעט.

ער האָט אויך געלערנט די בעקערס ווי אַזוי צו טריקענען די געבונדענע בינטעלעך, וועלכע מ׳האָט שפּעטער גענומען אַרבעטן נישט פון סיבירער און אַנדערע רוסישע סחורות, נאָר אַפילו פון פּוילישע חזיר־האָר און פון (אָפּפאַל פון חזיר־האָר), וועלכע פלעגן דורך די מיידלעך און יונגוואַרג ווערן געוואַשן, געווייַסט און געטריקנט. מיט יעדן טאָג האָט די דאָזיקע אַרבעט צוגעצויגן מער יונגוואַרג, צום מיינסטן מיידלעך.

ווען די איבעריקע פאַבריקאַנטן האָבן דערזען, אַז די פאַבריקאַציע פון די „געקאָכטע" פאָדערט וויניקער קאַפּיטאַל און גיט גרעסערע פאַרדינסטן, האָבן זיי אויך ביסלעכווייז זיך גענומען צו דער דאָזיקער אַרבעט, און וואָס מער פאַבריקן ס׳האָבן זיך געשאַפן, אַלץ מער הענט האָט מען געדאַרפט. די אַרבעטער־אַרמיי איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. דער יחוס איז אַלץ מער פאַרשווונדן, און די חברה יונגוואַרג, וואָס האָט גענומען פאַרדינען אַ פּאָר גילדן אַ וואָך, האָט זיך שוין שבת אויסגעפּוצט אין קאָרטענע אוברעניעס מיט גומענע קעלנערלעך. די עטלעכע פאַבריקאַנטן, וואָס זענען צו אַזעלכע דערשיינונגען גאָרנישט געוווינט געווען, האָבן זיך געבלאָזן און פלעגן ביי זיך אין די פאַבריקן אויפוואַרפן זייערע מענטשן, אַז די בערשטערלעך ווערן עפּעס גאַנצע דייטש־לעך, און מען טוט זיך שוין אָן מעשה בעל־הבית...

דאָס זעלביקע יאָר איז אויך געקומען צו פאָרן פון אַמעריקע איינער, שמחה־יוקלס, וועלכער האָט, צוקוקנדיק זיך צו דער שווערער אַרבעט פון די מעזריטשער בערשטער, און באַקענענדיק זיך דעמאָלט מיט הערשל־יאַנקל־הערשקעס, נוסקע קאָרשיץ און נאָך אַ פּאָר „בעל־מלאכות", האָט ער זיי גענומען דערציילן, ווי אַזוי מ׳אַרבעט אין אַמעריקע און אַז מען טאָר נישט דערלאָזן, אַז מענטשן זאָלן אַרבעטן ערגער ווי פערד. די ערשטע צייט האָבן די „בעל־מלאכות" אַפילו נישט געוואָלט הערן דערפון, נאָר ווען שמחה־יוקלס איז נישט אָפּגעשטאַנען און זיי גענומען אויפווייזן, אַז אַזוי טאָר דאָס נישט זיין, איז אים ביסלעכווייז געלונגען זיי איבערצוציגן און מ׳האָט באַשטימט, אַז שטילערהייט זאָל יעדער „בעל־מלאכה" אָנזאָגן זיין פאַבריק צונויפצוקומען זיך אַ שבת־בייטאָג אין גרויסן בית־המדרש און מ׳זאָל זיך דורכשמועסן.

אין אַ געוויסן שבת־בייטאָג האָט מען געזען, ווי איינציקווייז שאַרן זיך בערשטער אַריין אין בית־המדרש, שמחה־יוקלס איז שוין געזעסן ביים טיש, מיט אַן אָפענעם משניות, פון יוצא־וועגן, די אַרבעטער, ווער שטייענדיק און ווער זיצנדיק אַרום אים, הערן אים אויס, ער רעדט שטיל און מאַכנדיק מיט

ביידע הענט, זאָגט ער מיט האַרץ: ווו זעט מען דאָס, אַז מענטשן זאָלן אַרבעטן שבת צו נאַכטס? שבת, זאָגט ער, דאַרף מען אַ גאַנצן מעת־לעת רוען, און אין ערגעץ טרעפט נישט, אַז מענטשן זאָלן אַרבעטן זומער ביז שטאָק נאַכט, אין ־יינטער ביז 12 ביי נאַכט. פערד זענט איר, נישט קיין מענטשן! פאַר וואָס גיט איר אַוועק דאָס געזונט און איר אַרבעט אָן אַ צייט און אָן אַ ציל? מיר דאַרפן אַרבעטן, אַזוי ווי אין דער גרויסער וועלט: 11 — 12 שעה אַ טאָג!

די אַרבעטער שטייען מיט אָפענע מיילער און שלינגען די ווערטער, אַנדערע שאָקלען צו מיט די קעפּ און די יינגערע זענען אין גאַנצן מיט אים מסכים. דאָס רעדן האָט נאָך געדויערט גאַנץ לאַנג, אָבער אַ פעולה האָט עס געהאַט. די קליינע אַסיפה פון די בערשטער האָט באַשלאָסן איבערצורעדן מיט די רעשט אַרבעטער, און אין אַ וואָך אַרום האָט זיך דאָס אָנגעהויבן. מ׳איז נישט געקומען אַרבעטן שבת צו נאַכטס, אין איין פאַבריק אויף פּראָבע, נאָך דעם האָט מען פּרובירט אין אַ צווייטער פאַבריק נישט קומען שבת צו נאַכטס צו דער אַרבעט, און צום סוף האָט מען אין אַלע פאַבריקן אויפגעהערט אַרבעטן שבת צו נאַכטס און אַ גאַנצע וואָך האָט מען געאַרבעט 12 שעה אַ טאָג.

די פאַבריקאַנטן האָבן זיך די ערשטע צייט געברוגזט און נישט געוואָלט מסכים זיין אויף דעם. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס שטאַמט פון שׂמחה־יוקלס קאָפּ, נאָר סוף־כל־סוף האָבן זיי נאָכגעגעבן, און אויב אַ פאַבריקאַנט האָט אַ מאָל געוואָלט זיך שטילן דעם כעס, איז ער אַראָפּגעקומען אַ זייגער 10 ביי נאַכט אין פאַבריק אַריין און זיך אָנידערגעשטעלט זען ווי מ׳אַרבעט. די צייט אַהיימצוגיין איז שוין לאַנג פאַריבער, נאָר אַז דער באַלעבאָס שטייט, פּאַסט דאָך נישט אַוועקצולייגן די אַרבעט און אַוועקצוגיין, איז מען געשטאַנען און מ׳האָט געאַרבעט ביז דער פאַבריקאַנט האָט באַוויליקט אַרויסצוגיין. ערשט דעמאָלט האָט מען אויף גיך אַראָפּגעוואָרפן די פאַרטעכער און מ׳איז אַהיים־געלאָפן.

## דער מאַרק־האַנדל מיט אַרבעטער

פאַר „חמשה־עשׂר" איז מיט אַ פּאָר טעג פריער געוואָרן לעבעדיק. די אַרבעטער זענען נאָכן ענדיקן די אַרבעט נישט באַלד אַהיימגעגאַנגען, נאָר געבליבן שטיין אין אַ קופּקעלע צוזאַמען אין הויף, ווו יעדער האָט געגעבן זיינע פּאָר גראָשן דעם עלטסטן בערשטער, וועלכער פלעגט דאָס געלט צונויפנעמען.

„חמשה־עשׂר" אין דער פרי איז שוין געלעגן אַ חוב אויף דעם, וואָס האָט צונויפגעזאַמלט די פּאָר גילדן, איינצוקויפן באָקסער מיט פייגן און איינפּאַקן עס אין בייטלען פאַר דעם „בעל־מלאכה" און פאַר דער באַלעבאָסטע. דער סוחר איז אָבער אויך נישט שולדיק געבליבן און „חמשה־עשׂר" פאַר נאַכט פלעגט ער מיט זיינע מענטשן און „בעל־מלאכה" בראש, גיין אין אַ הינטער־שענק, ווו מ׳האָט אויף זיין חשבון זיך אונטערגעהאַלטן ביי עטלעכע פלעשלעך

ניינציקער און געשמאַק צוגעביסן. ווען מ'איז שוין געווען אַ ביסל בגילופין, איז מען אַוועק צו ר' משה־גדליה וויינשענקער, ווו מ'האָט פאַרבראַכט ביז האַלבע נאַכט ביי וויין און ביר, פאַר וועלכן ס'האָבן שוין געצאָלט די אַרבעטער. און אַז אין קאָפּ האָט שוין נישקשהדיק אָנגעהויבן רוישן און אין די קעשענעס איז ליידיק געוואָרן, האָט מען זיך ביסלעכווייז אַרויסגערוקט, אונטערברומענדיק אַ ניגונדל פון שבתדיקן דאַווענען. אַזוי פלעגט זיך דאָס איבערחזרן יאָר־איין, יאָר־אויס, ביז חול־המועד, ווען דער „זמן" האָט זיך געענדיקט.

חול־המועד זענען אַלע בערשטער געווען פריי, קיינער האָט קיין שטעלע נאָך נישט געהאַט, ווייל דער „זמן" הייבט זיך אָן באַלד נאָך יום־טוב, ווען יעדער מוז זיך ווייטער פאַרדינגען צו דער אַרבעט. ווער ס'האָט זיך נישט פאַרזאָרגט קיין אָרט צו דער אַרבעט, איז אַ גאַנצן „זמן" געבליבן גיין ליידיק. ס'איז דעריבער קיין ווונדער נישט געווען, וואָס באַלד דעם ערשטן טאָג חול־המועד, פון באַגינען אָן, איז דער ניי־אויסברוקירטער מאַרק פול געווען פון די בערשטער. טייל זענען געשטאַנען אָנגעשפּאַרט ביי דער פאַרענטשע פון יאָסעלע ראַגאָזשיקס בודקע אין מיטן מאַרק און געשמועסט שטיל וועגן דעם, ווו דאָס מזל וועט אים דעם „זמן" פאַרוואַרפן און ווער עס וועט זיין דער „בעל־מלאכה" זיינער. שפּעטער אַ ביסל האָט מען געזען, ווי עס קומען אויף ביסלעכווייז אָן די סוחרימלעך פון די קלענערע פאַבריקן און די „בעל־מלאכות" פון די גרעסערע פאַבריקן, וועלכע זענען געקומען אויפן מאַרק זיך אויסדינגען מיט די אַלטע אַרבעטער זייערע, אָדער פאַרבייטן די פריִערדיקע אויף אַנדערע.

די סוחרימלעך און די „בעל־מלאכות" פלעגן זיך אַרומדרייען אַ פּאָר מאָל איבערן מאַרק, באַקוקנדיק די סחורה. אויף וועמען איינער האָט געוואָרפן אַן אויג, האָט ער אים אַוועקגערופן אין אַ זייט, שטיל מיט אים אונטערגע־האַנדלט, דערלייגט אַ פּערטעלע אָדער אַ האַלב קערבל און ווען מ'איז צווישן זיך פאַרטיק געוואָרן, איז דאָס געשעפט געוואָרן געשלאָסן.

אַ סך אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך שוין אַ לענגערע צייט אַרומגעדרייט איבערן מאַרק און האָבן נאָך אַלץ אויף זיך קיין בעלן נישט געהאַט, האָבן זיך אַרויסגעשטופּט פון פאָרנט און זענען פאַרבייגעגאַנגען דעם „בעל־מלאכה" אָדער סוחרל און מקבל־פנים געווען אים מיט אַ ברייטן „גוטמאָרגן" און אַ שמייכל, וועלנדיק אַ פּנים דערמיט נושא־חן־זיין ביי זיי. און ווען מ'האָט געזען, אַז ס'קומט אונטער דער פאַרנאַכט, האָט מען אַליין זיך באַמיט אָנצוקניפּן פאַרבינדונגען מיטן „בעל־מלאכה". מ'איז אַפילו באַשטאַנען אויף אַ הוספה פון אַ גילדן אָדער אַ צוואָנציקער, אַבי צו קריגן אַ „בעל־הביתטע" (דעם נאָמען „בעל־הבית" האָט מען נישט דערוועגט צו דערמאָנען). האָט עמעצן פון די אַרבעטער זיך פאַרגלוסט צו פאַרעקשנען, איז ער נעבעך געבליבן אויף דער „פליישבאַנק", אָן אַרבעט ביזן צווייטן „זמן".

ווען ס'איז שוין טונקל געוואָרן אין דרויסן, זענען שוין אַלע אַרבעטער

פאַרקויפט געוועז צו די „בעל־הביתטעס". נאָר איינעם, אהרן בלאַט, האָט זיך פאַרוואָלט אַ פּערטעלע אַ הוספה און דער „בעל־מלאכה" האָט זיך איינגע־עקשנט און בשום אופן נישט געוואָלט נאָכגעבן, ס'האָט נישט געהאָלפן דאָס רעדן מיט גוטן און בייזן. קיין שום סוחרל דאַרף שוין נישט קיין אַרבעטער, די „בעל־מלאכהס" האָבן שוין זייערע סוחרימס פאַבריקן פאַרפולט, אהרן בלאַט וויל נישט נאָכגעבן. דער איינציקער „בעל־מלאכה" גייט אַוועק פון אים און שרייט אים נאָך אַוועקגייענדיק: דיין עקשנות וועט דיר געבוג געלט און געזונט קאָסטן. מער רעדן וויל ער שוין מיט אים נישט. ער קלייבט דאַן צונויף זיינע נייע צוגעקומענע מענטשן און מ'גייט אַריין צו ר' משה־גדליה וויינשענקער אויסטרינקען אַ גלעזל ביר, „מ'באַנעצט" דעם דורכגעפירטן האַנדל. די אַרבעטער, קומענדיק אַהיים און נישט באַוויזנדיק צוצומאַכן די טיר, ווערן דורך זייער בני־בית באַוואָרפן מיט פראַגן: נו, געקריגן אַ „בעל־הביתטע"? באַקומען אַ הוספה? און ווען דער אַרבעטער ענטפערט „יאָ", ווערט די שׂמחה אין לשער, מ'דערלאַנגט אים רחבותדיק די וועטשערע. דער אַרבעטער נעמט דערציילן, ווי אַזוי דאָס געשעפט איז צוגעגאַנגען, צעלייגט דאָס אַלץ אויף טעלערלעך, און די שטובמענטשן קוקן אים גלייך אין מויל אַריין, קוויקן זיך ממש מיט יעדער וואָרט זיינס, וואָס עס איז אים געלונגען זיך צו פאַרקויפן און דערצו מיט אַ פּערטעלע אָדער אַ האַלבן רובל אויף דער וואָך הוספה.

אהרן בלאַט איז טאַקע אַרומגעגאַנגען אַ גאַנצן „זמן" אָן אַרבעט און ס'איז מקויים געוואָרן דאָס, וואָס דער מעקלער האָט אים צוגעזאָגט. דער „זמן" האָט אים טאַקע געבוג געזונט און געלט געקאָסט און אַלץ צוליב דעם פּער־טעלע הוספה, וואָס ער האָט געוואָלט.

**די „שבועה"**

ס'זענען שוין אַריבער אַ שיינע פּאָר יאָר זינט ס'איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דער שבת צו נאַכטס. די אַרבעטער זענען שוין געוווינט געוואָרן מיטן „לוקסוס" צו אַרבעטן 12—13 שעה אַ טאָג. זיי האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן די צייט, ווען מ'האָט געאַרבעט 20 און 22 שעה אַ מעת־לעת, און פלעגט עמעצער אַ מאָל, אַ שבת פאַר מנחה אין בית־מדרש, פּרוּוון דערמאָנען דערפון, פלעגן די אַרבעטער שווער אָפּזיפצן און בעטן מ'זאָל וועגן דעם אויפהערן צו רעדן.

די איינציקע, וועלכע האָבן בשום אופן זיך נישט געקאָנט צוגעוווינען צו דעם „שווילטאָג", פון די אַרבעטער, זענען געווען די גרויסע פאַבריקאַנטן און אַמערסטן פון זיי האָט דערפון געליטן ר' גדליה בלאַנקשטיין, וועלכער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ פאַרבאַהאַלטענער שׂנאה צו דער נייער אַרבעט וואָס מ'האָט גערופן „געקאַכטע", צו ליופּקען, און בכלל צו אַלע אַרבעטער וועלכע זענען געווען „בונטאָווטשיקעס".

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט טאַקע ר' גדליה בלאַנקשטיין ליקווידירט זיין

פאַבריק. ער האָט אַרויפגערופן צו זיך זיין פאַרטרויונג־מענטש, ר׳ משה העפּ־נער, און געהייסן אים פאַרקויפן דאָס הויז, ווו ער האָט געוווינט און ווו זיין פאַבריק האָט זיך געפונען, און מיט האַק און פּאַק איז ער אין אַ קורצער צייט אַרום אַרויסגעפאָרן, איבערלאָזנדיק אַ קללה די „בונטאָווששיקעס״, ליופקען און שמחה־יוקלס, פאַר וואָס זיי האָבן צעשטערט זיין רויִק לעבן און די גוטע געשעפטן. דאָס הויז האָט אָפּגעקויפט דער ניי־אָנגעקומענער סוחר ר׳ מעלע בראָנשטיין, וועלכער האָט זיך גראָד אין יענער צייט באַזעצט מיט זיין פאַמיליע אין מעזריטש און וועלכער האָט דעמאָלט געפירט גרויסע געשעפטן מיט לוקסוס־פערד, וואָס זענען געברענגט געוואָרן פון טיף רוסלאַנד און איבערגעטראַנספּאָר־טירט געוואָרן קיין אויסלאַנד. ר׳ גדליה בלאַנקשטיינען האָט אויך נאָכגעטאָן די פאַבריקאַנטקע גיטל־סימעס, וועלכע האָט אויך ליקווידירט איר גרויסע פאַבריק, זי איז אָבער געבליבן זיצן אין מעזריטש און האָט געגעסן פון גרייטן. אַזוי האָט זיך געענדיקט די ממשלה פון די 2 גרויסע פאַבריקאַנטן אין מעזריטש, וועלכע זענען אין גיכן פאַרגעסן געוואָרן.

די אַרבעטער האָבן זיך אָבער דערפון ווייניק גענומען צום האַרצן, ווייל אין משך פון אַ קורצער צייט זענען אַלץ מער און מער אויפגעקומען נייע פאַבריקן, וועלכע האָבן שוין צו דער „געקאָכטער״ אַרבעט נישט געדאַרפט אַזעלכע קאַפּיטאַלן. די אַרבעטער פון די גרויסע פאַבריקן האָבן באַקומען אַרבעט אין די נייע פאַבריקן און ס׳איז אויך געווען אַ פאָדערונג אויף נייע אַרבעטער.

די „בעל־מלאכות״, די פריִערדיקע תקיפים, זענען אויך געוואָרן אַנדערש. די שטרענגקייט זייערע איז געבראָכן געוואָרן, זיי האָבן זיך ביסלעכווייז גענומען חברן מיט די אַרבעטער.

שבת ביי טאָג, נאָכן עסן, פלעגט מען זען ווי חברה יונגוואַרג, בערשטער, שפּאַצירן זיך „אויסגעסטראָיעט״ אויפן שאָסיי, פריִער בגנבה, קיינער זאָל נישט באַמערקן, און ווייטער איז די חרפּה ביסלעכווייז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן. צום מערסטן האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן אַ קליינע גרופּע יונגע בערשטער, וועלכע איז געגאַנגען אין דער געזעלשאַפט פון אַ פּאָר עלטערע בערשטער, און האָבן זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט ווי די עלטערע רעדן צווישן זיך שטיל. ווען זיי האָבן זיך געפונען אַ ביסל ווייטער אויפן שאָסיי, איז דער שמועס הייסער געוואָרן. געהיצט האָבן זיך די עלטערע בערשטערס — שמחה־יוקלס, לייבל שמחה־לייזערס, יצחק קוואָקע און יודל הענטשעס. דער שמועס פלעגט דויערן אַ לענגערע צייט, ביז ס׳פלעגט טונקל ווערן, און דעמאָלט איז מען זיך צעגאַנגען אַהיים.

די שפּאַצירן פלעגן זיך איבערחזרן אַלע שבת מיט גרעסערע גרופּעס אַרבע־טער. צום סוף איז אָפּגערעדט געוואָרן זיך צונויפצוקומען אַ געוויסן שבת אין בערשטער־בית־המדרש, בכדי זיך דורכצורעדן.

אין גיכן איז מען זיך טאַקע צונויפגעקומען אין בית־מדרש, וואָס איז געוואָרן פול און אַ סך אַרבעטער האָבן געמוזט אַוועקגיין, ווייל ס׳איז שוין געווען

צו ווייניק אָרט. שׂמחה־יוקלס האָט גערעדט וועגן דעם, אַז מ׳דאַרף גרינדן אַ „חברה״, כדי אַלע זאָלן זיין איינס, און אַלע בערשטער מוזן געהערן צו דער דאָזיקער „חברה״. ער לייגט טאַקע פאַר אַ נאָמען צו געבן די „חברה״ מיטן נאָמען „פּועלים״. אַלע זענען מסכים, און ער באַשטימט, אַז אַלע בערשטער זאָלן צאָלן אַ צענערל אַ וואָך, כדי צו שאַפן אַ פאָנד פאַר קראַנקע בערשטער. אין אמתן האָט שׂמחה־יוקלס דעמאָלט געקלערט און ער האָט דאָס אַפילו מגלה געווען פאַר זיינע נאָענטסטע, אַז ער וויל שאַפן אַ „פּאָליטישע חברה״, נאָר מ׳טאָר דאָס נישט דערציילן די אַרבעטער, וועלכע ווייסן גאָרנישט מיט וואָס מ׳עסט דאָס און מ׳מוז זיי אַזוי אַרום ביסלעכווייז אָרגאַניזירן.

די פאַרזאַמלונגען האָבן זיך אין בית־המדרש אָפטער איבערגעחזרט, מ׳האָט אויך געבעטן שמואל־יאַנאָווער, אַז ער זאָל „אָוועקלייגן״ אַ דרשה פאַר די אַרבעטער און ער האָט זיי צוליב געטאָן. אין אַ געוויסן שבת האָט ער געהאַלטן אַ דרשה פאַר די אַרבעטער און אויפגעוויזן מיט מאמרים פון חז״ל און פון רש״י, באַשמאַלצן מיט אַ משל, אַז די אַרבעטער זענען אַזוי ווי ריטלעך פון אַ בעזעם: ווען זיי האַלטן זיך און זענען איינס, זענען זיי אַ כוח. מיט אַ גמרא־ניגון האָט ער זיך צעזונגען און געוואָרנט, אַז טאָמער וועלן זיי זיך חס־ושלום צעפאַלן, דעמאָלט וועט פון זיי גאָרנישט ווערן...

אַזוי זענען אַוועק שיינע עטלעכע חדשים, די בערשטער האָבן פּינקטלעך געצאָלט די צענערלעך פאַר די קראַנקע בערשטער און פאַר די צונויפגעזאַמלטע פאַר קערבלעך האָט מען טאַקע אַרויסגעשיקט קיין אָטוואָצק דעם קראַנק־געוואָרענעם בערשטער פישל פלאַסטערשטיין, און צוליב דעם זענען טאַקע צו די „פּועלים״ צוגעקומען אַלץ מער אַרבעטער. אין בית־מדרש איז שוין קיין אָרט נישט געווען זיך צונויפצוקומען און מ׳האָט באַשטימט צו מאַכן אַ גרעסערע „סאָבראַניע״ פון אַלע בערשטער ביים באַן, אונטער דער אייזערנער בריק.

אַ גאַנצע וואָך איז שׂמחה־יוקלס אַליין, ביז שפּעט אין דער נאַכט, אַרומגעלאָפן און אָפּגעוואָרט די אַרבעטער, ווען זיי זענען אַהיימגעגאַנגען פון די פאַבריקן, און האָט זיי אָנגעזאָגט דאָס אָרט, וווּ מ׳דאַרף זיך שבת צונויפקומען. אַזאַ אַרבעט האָט ער מורא געהאַט עמעצן אָנצוטרויען, ער אַליין האָט ביז פרייטיק שפּעט אין אָוונט מיט יעדן אַרבעטער איינגעטענהט. נישט גרינג איז עס אים אָנגעקומען, אָבער ער האָט נישט געזשאַלעוועט קיין רייד פאַר יעדערן, ביז יענער האָט אים געמוזט צוזאָגן צו קומען.

שבת, באַלד נאָכן טשאָלנט, איז שוין שׂמחה־יוקלס געווען אויפן פּלאַץ. נאָך אים זענען אונטערגעקומען יודל העגטשעס, לייבל שׂמחה־לייזערס, יצחק קוואַקע, און ביסלעכווייז זענען זיך צונויפגעקומען צווייווייז, דרייווייז, גרופּקעס בערשטער. דער פּלאַץ ווערט אַלץ געדיכטער פון אַרבעטער. שׂמחה־יוקלס „באַפעלט״ עטלעכע אַרבעטער, זיי זאָלן זיך אויסשטעלן אייניציקווייז, אויף יעדע הונדערט טריט, ביז אין שטאָט אַריין, און אויב מ׳וועט באַמערקן גיין אַהער אַ „קנעפּל״, זאָל מען איינס דאָס אַנדערע געבן „האַסלע״ דורך אַ סימן.

שׂמחה־יוקלס שטעלט אויס די אַרבעטער אין אַ ראָד, ער אַליין מיט יודל הענטשעס שטעלן זיך אין מיטן, ער הייבט אָן צו שטראָפן די אַרבעטער, וואָס לאָזן זיך טרעטן פון די סוחרים, פאַר וואָס מ׳האַלט זיך נישט איינס. צום סוף ווענדט ער זיך צו אַלע אַרבעטער, אַז אויב עמעצער איז נאָך נישט צוגעשטאַנען צו דער חברה „פּועלים״, זאָלן זיי זען דאָס צו טאָן. מ׳דאַרף — זאָגט ער — אַרבעטן ווייניקער שעהען, און אויב אַ סוחר וועט וועלן איינעם „קשיוודזשען״, אָדער אַרויסוואַרפן, זאָלן אַלע מיטגיין. דאָס אַלץ קאָן אָבער זיין נאָר דאַן, ווען אַלע בערשטער אין שטאָט וועלן זיין אין דער „חברה״.

די בערשטער הערן זיך איַין, שווייגן און ענטפערן נישט קיין וואָרט. אין דעם נעמט יודל הענטשעס אַרויס פון בוזעם אַ חומש, עפנט אים אויף און גיט אַ זאָג הויך צו די אַרבעטער: ווער עס שטייט צו צו אונדזער חברה „פּועלים״, זאָל שווערן ביים חומש! אַלע ווי איין מענטש שרייען אויס: — מיר שווערן! שׂמחה־יוקלס שמייכלט, הייבט אויף העכער דעם קאָפּ, און דעם ערשטן בעסטן, ווערמען ער כאַפּט אָן, נעמט ער פעסט אַרום און צעקושט זיך מיט אים. די אַר־בעטער צעגייען זיך ביסלעכווייז אַהיים, אין שטאָט ווייסט מען גאָרנישט, וואָס ס׳איז געשען, יעדער האַלט בסוד די גאַנצע געשיכטע, וואָס איז פאָרגעקומען שבת, אונטער דער בריק ביים באַן.

פון דעסטוועגן איז אָבער דערגאַנגען אַ קלאַנג צו וואָווע ווישניע, אַז זיין בעל־מלאכה, שׂמחה־יוקלס, בונטעוועט די בערשטער. ער האָט נישט לאַנג גע־קלערט און אַריינקומענדיק אין פאַבריק, האָט ער זיך צו אים מיט כעס צעשריגן: „שוין זאָל דיין פוס דאָ נישט זיין, ווערסט מיר צעבונטעוועון מיינע אַרבעטער? אַרויס פון מיין פאַבריק, בונטאָוושטשיק דו!״ שׂמחה־יוקלס האָט אויסגעטאָן דעם פאַרטעך און איז געווען גרייט אַוועקצוגיין, אָבער פּלוצלונג — ר׳ וואָווע גלייבט נישט זיינע אייגענע אויגן — וואַרפן אַלע בערשטער אַראָפּ פון זיך די פאַרטעכער און ווילן מיטגיין מיט שׂמחה־יוקלס. צוליב דעם אָבער, וואָס ס׳איז דעמאָלט געווען פאַר דער מעסע, סחורה האָט מען געדאַרפט, קיין ברירה איז נישט געווען, האָט וואָווע פאַרקריצט מיט די ציין, געהייסן זיך צוריקשטעלן צו דער אַרבעט, פון כעס פאַרקלאַפּט די טיר און אַנטלאָפן.

פון דעם שבת אָן איז מען זיך יעדן שבת צונויפגעקומען אין פאַרשידענע וועלדלעך און שאָסייען אויף „סאַבראַניעס״, אָבער דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי שטיל און געהיים, אַז קיינער אין שטאָט האָט דערפון נישט געוווּסט.

צו דער חברה „פּועלים״ זענען אַלץ מער צוגעשטאַנען בערשטער פון פאַר־שידענע פאַבריקן און די „שבועה״ איז הייליק אָפּגעהיט געוואָרן פון אַלע.

### דער אינספּעקטאָר פאַרזאָרגט זיי...

די חברה „פּועלים״ זענען וואָס אַ מאָל געוואָרן אַלץ שטאַרקער און גאָר אין גיכן איז שוין אַפילו קיין איין בערשטער נישט געבליבן אין שטאָט, וועלכער זאָל נישט האָבן געהערט צו דער חברה. מען האָט זיך דעמאָלט גענומען מיישב זיין

וואָס צו טאָן, כדי זיך לייכטער צו מאַכן די אַרבעט און אַז מ׳זאָל נישט דאַרפן אַרבעטן אַזוי פיל שעה אַ טאָג ; יעדן שבת זענען פאָרגעקומען „סאָבראַניעס״ אין פאַרשידענע ווערדלעך און מ׳האָט זיך געבראָכן דעם מוח צו געפינען עפּעס אַן עצה.

איין מאָל אין אַ שיינעם שבת־בייטאָג זענען זיך די עלטסטע צונויפגעקומען אויף אַ געהיימער „סאָבראַניע״, וואָס אַפילו די אייגענע בערשטער האָבן דערפון נישט געוווסט, און נאָך אַ לאַנגער אַמפּערניש איז מען געקומען צום אויספיר, אַז דאָס איינציקע מיטל, ווי אַזוי צו פאַרגרינגערן די אַרבעטס־צייט איז : זיך צו ווענדן מיט אַ „פּראָשעניע״ צום אינספּעקטאָר קיין שעדלעץ. צוליב דעם צוועק דאַרף מען צונויפנעמען ביי יעדן בערשטער אַ צענערל אויף די הוצאות, וואָס ס׳וועט דאַרפן קאָסטן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום זענען שוין די צענערלעך געוואָרן צונויפגעקליבן. די בערשטער האָט מען דערווייל נישט דערציילט אויף וואָס פאַראַ צוועק די צענערלעך ווערן גענומען, כדי עס זאָלן זיך נישט דערוויסן דערפון די בעלי־הבתים. אָבער ווען די עטלעכע עלטערע בערשטער האָבן געפּרוווט זייער פּלאַן אויספירן, האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף שוועריקייטן, אויף וועלכע זיי האָבן זיך גאָרנישט גערעכנט : ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ זוכעניש, ווער עס זאָל אָנשרייבן די „פּראָשעניע״.

אַ גאַנצע וואָך האָט געדויערט דאָס זוכן ביז ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס געפינט זיך נישט קיינער אין שטאָט, ווער ס׳זאָל קאָנען אַזעלכעס אָנשרייבן, איז געבליבן בהסכם כולם, אַז מען מוז פאָרן קיין שעדלעץ אָנשרייבן, איז אָבער ווייטער אַ צרה : קיינער וויל נישט ריזיקירן, טאָמער, חלילה, ווערט דערפון געוואָר דער סוחר און דעמאָלט קאָן מען זיך שוין אָפּגעזעגענען מיט דער פאַבריק. האָט זיך ווייטער אָנגעהויבן אַ זוכעניש, ווער ס׳זאָל פאָרן קיין שעדלעץ, קיין שום בערשטער האָט נישט געוואָלט, האָט מען זיך גענומען צו נישט קיין בערשטער, נאָר אַזעלכן, וועלכער קאָן האַלטן אַ סוד. אַזעלכן האָט מען געפונען, און דער איז געווען : הערשל דער געלער, וועמען אַלע אין שטאָט האָבן געהאַלטן נישט פאַר קיין נאַרישן מענטש, וועלכער האָט ליב צו שווייגן, און אים האָט מען טאַקע משלח געווען קיין שעדלעץ מיט דער מיסיע אָנצושרייבן די „פּראָשעניע״, אין וועלכער מען זאָל אויסגיסן דאָס האַרץ פאַרן אינספּעקטאָר, אַז ער זאָל זיך אָננעמען פאַר די מעזריטשער בערשטער.

מיט אומגעדולד האָט מען אָפּגעוואַרט דעם צווייטן טאָג אין אָוונט הערשל דעם געלן, וועלכער איז טאַקע געקומען און מיטגעבראַכט אַן אָנגעשריבענע „פּראָשעניע״ און באַלד אויף מאָרגן איז זי מיט אַ סך אונטערשריפטן אָפּגעשיקט געוואָרן דורך פּאָטשט צום אינספּעקטאָר קיין שעדלעץ.

עס גייט אַוועק אַ וואָך נאָך אַ וואָך, עס איז שוין די פערטע און די פינפטע וואָך, און קיין ענטפער אויף דער „פּראָשעניע״ הערט מען נישט און מען זעט נישט. רעדן האָט מען מורא און שווייגן איז שווער. איז נישט געבליבן קיין

אַנדער אויסוועג ווי צונויפצורופן אַ „סאָבראַניע״, דערציילן די בערשטער די גאַנצע געשיכטע און מען זאָל זיך אַן עצה האַלטן וואָס ווייטער צו טאָן. אויף אַ שבת איז אין קליין־וויסאָקער ווע לדל צונויפגערופן געוואָרן אין געהיים אַ „סאָבראַניע״, מען האָט דערציילט די אַלע בערשטער די גאַנצע געשיכטע. די בערשטער האָבן זיך אַ לענגערע צייט געהיצט און צום סוף האָט מען בהסכם באַשטימט צו שיקן צוויי מענטשן צום „אדון״ אַליין, אָבער אַזעלכע, וועלכע קאָנען אונטערנעמען זיך אויסצורעדן מיט אים. באַלד אויפן אָרט האָט מען אויסגעקליבן ברוך קויפטשעס און משה וועווען, אַז זיי זאָלן פאָרן.

מאָנטיק באַלד אין דער פרי האָבן די צוויי אויסגעקליבענע בגנבה זיך אַרויסגעכאַפּט צום באַן און מיט קלאַפּנדיקע הערצער זענען זיי אָפּגעפאָרן קיין שעדלעץ. לאַנג האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט אויפן גאַס פאַרן אינספּעקטאָרס טיר, נישט האָבנדיק קיין מוט אַהין אַריינצוגיין, און אָט־אָט האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז זיי זאָלן זיך צוריק אומקערן אַהיים, זיי האָבן זיך אָבער געשעמט. סוף כל סוף האָבן זיי זיך געמאַכט קוראַזש און זענען אַריינגעגאַנגען.

אין קאָרידאָר האָט זיך אַרומגעדרייט אַן עלטערער קריסט, וואָס האָט זיי געהייסן וואַרטן אויפן „גאָספּאָדין אינספּעקטאָר״, ביז ער וועט פריי ווערן, ווייל ער איז פאַרנומען. זיי האָבן געוואַרט אַ היפּשע צייט און דערווייל האָבן זיי זיך גענומען אַרומקוקן אין אַלע ווינקלען פון קאָרידאָר און דאָ האָבן זיי באַמערקט עטלעכע פּאָר קאַלאָשן ווו אינעווייניק איז אָנגעשאָטן חזיר־האָר.

— ווי קומען עפּעס דאָ מענטשן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט חזיר־האָר? — פרעגט איינער דעם אַנדערן מיט פאַרוווּנדערונג, אָבער זייערע געדאַנקען רייסט איבער דאָס שטילע עפענען זיך פון דער טיר פונעם אינספּעקטאָרס צימער, פון וואַנען עס רוקן זיך פּאַמעלעך אַרויס די סוחרים שמואל בראַמבערג, מאיר שמחה, פייגע רחל, משהקע ווישניע, מאיר ציטרין, אברהם דער רויטער א״אַ.

די צוויי געשיקטע דעלעגאַטן ווערן טויט־בלאַס און די קני נעמען ביי זיי ציטערן, זיי קאָנען אַזש קיין וואָרט פון מויל נישט אַרויסרעדן.

— אָט — זאָגט משהקע ווישניע — קוקט זיי אָן! איר זעט פון וואַנען דאָס נעמט זיך? דאָס איז זייער אַרבעט! דאָס זענען זיי, די פאַרשאָלטענע „בונטאַווּשטשיקעס״, וואָס האָבן אונדז „פאַרמסרט״! פאַר אונדזער ברויט גיט איר אונדז אָפּ שטיינער, וואָרט! איר וועט אַהיימקומען וועלן מיר שוין זען, וואָס מיר האָבן צו טאָן מיט אייך! — און מיט כעס זענען זיי אַוועקגעגאַנגען פון אינספּעקטאָר.

אַ צייט זענען די דעלעגאַטן געשטאַנען ווי געליימטע, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, אָפּגעשמיסענע, און ווען נישט דער אַלטער גוי, וואָס האָט זיי מיטן פויסט אונטערגעשטויסן אַריינצוגיין אין צימער פון אינספּעקטאָר, איז ווער ווייסט, ווי לאַנג זיי וואָלטן אַזוי געשטאַנען. מיט געבויגענע קני האָבן זיי זיך גיכער אַריינגעשאַרט ווי אַריינגעגאַנגען אין אינספּעקטאָרס קאַבינעט, וווּ עס איז ביי אַ שרייבטיש געזעסן אַ גראָבער פּאַניע מיט אַ פּאָר פאַרדרייטע

וואָנסעס. אויף דער פראַגע וואָס זיי פאַרלאַנגען, האָבן זיי אים געפרעגט וואָט איז מיט דער ביטע פון די מעזריטשער בערשטער.

דער אינספעקטאָר האָט זיי דערציילט, אַז די סוחרים וועלכע זענען אָקערשט אַוועקגעגאַנגען, האָט ער טאַקע צוליב דעם אַרויסגערופן צו זיך, און אַז פון היינט אָן וועלן שוין די בערשטער אין מעזריטש אַרבעטן נאָר צוועלפטהאַלבן שעה, און אַז די אַרבעטער טוען גוט, וואָס זיי ווענדן זיך צו אים, ווייל נאָר ער איז זייער פאַרזאָרגער. די דעלעגאַטן האָבן אויסגעהערט מיט אַ זויערער מינע די רייד פון „פאַרזאָרגער", וועלכער האָט געהאַט די „השגה" אַראָפּצונעמען אַ גאַנצע האַלבע שעה פון דעם אַרבעטס־טאָג און מורמלענדיק עפּעס אונטער דער נאָז האָבן זיי אים געדאַנקט און פּאַמעלעך אַרויסגעגאַנגען.

די ערשטע צייט האָבן זיך די סוחרים שטאַרק געוואָרפן אויף די אַרבעטער און זיי געדראָט פאַר דער האַלבער שעה, וואָס דער אינספעקטאָר האָט זיי געגנויט אַראָפּצונעמען, אָבער מיט דער צייט איז שטיל געוואָרן און גאָר אין גיכן זענען טאַקע אין אַלע פאַבריקן אַראָפּגעקומען ביכלעך פון אינספעקטאָר פאַר אַלע אַרבעטער.

אין דער זעלבער צייט, אין יאָר 1897, איז קיין מעזריטש געקומען צו פאָרן שימקע וויטעבסקער און באַקומען אַרבעט ביי גאָלדע שטיין. געוואָר ווערנדיק פון דער מעשה מיטן אינספעקטאָר האָט ער זיך אויסגעלאַכט דערפון און אין דעם ערשטן שבת, ווען ס'איז, ווי שטענדיק, געווען אַ „סאָבראַניע", איז ער אַרויסגעטרעטן מיט אַ רעדע און האָט חוזק געמאַכט פון די נאַרישע אַרבעטער, וועלכע גייען זוכן יושר ביים אינספעקטאָר.

— אַליין — רעדט ער מיט היץ — דאַרפן מיר זיך די לאַגע אויסבעסערן. מיר דאַרפן פאָדערן מער געלט און ווייניקער שעהען אַרבעט! גענוג אַרבעט און שווייס גיבן מיר אָפּ די סוחרים, וועלכע נאָגן אונדז! און אויב מען וויל אונדז נישט נאָכגעבן, דאַרפן מיר קעמפן מיט דעם איינציקן געווער — מיט שטרייקן, דאָס הייסט: וואַרפן די אַרבעט, און דעמאָלט וועט דער סוחר אייך בעטן, ווייל ער דאַרף אייך גיכער, ווי איר אים! ווייל איר שאַפט אים דאָס גוטע לעבן!

אָט אַזאַ דרשה האָט אַוועקגעלייגט שימקע דער וויטעבסקער פאַר די מעזריטשער בערשטער, וועמען ס'איז אויסגעקומען דאָס ערשטע מאָל אַזעלכעס צו הערן. אין גיכן טאַקע האָט ער מיט אַ געוואַלטיקער ענערגיע גענומען זיך צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער גאָר אויף אַן אַנדער אופן: אין יעדער פאַבריק האָט ער איינגעפירט „דעסיאַטניקעס", וועלכע האָבן געדאַרפט האָבן דעם אויפזיכט איבער זיינע צען מענטשן, כדי זיי זאָלן זיך שטענדיק קאָנען צו־נויפרעדן אָדער זיי רופן, ווען מ'וועט זיי דאַרפן. יעדן שבת האָט ער מיט התלהבות געוועקט די פאַרשלאָפענע געפילן ביי די אַרבעטער און זיינע רייד האָבן געהאַט אַ פּעולה: די אַרבעטער זענען אין גאַנצן אַנדערש געוואָרן.

מ׳האָט אַנדערש גענומען רעדן צום סוחר און אַנדערש גענומען זיך צו אים באַציִען.

ווען די סוחרים זענען געוואָר געוואָרן, אַז דאָס איז דעם וויטעבסקערס אַרבעט, איז מען צוגעשטאַנען צו גאָלדע שטיין, אַז זי זאָל אים אַרויסוואַרפן. זי האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטן און אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט זי אים געהייסן גיין פון דער אַרבעט.

צוזאַמען אָבער מיט אים זענען מיטגעגאַנגען אַלע אַרבעטער פון פאַבריק און דאָס ערשטע מאָל האָט מען געשטרייקט. אין זעלבן אָוונט אָבער איז גאָלדעלע שטיין געקומען צו לויפן צו יעדן אַרבעטער באַזונדער, אַז ער זאָל זיך אומקערן צו דער אַרבעט, אָבער די אַרבעטער האָבן איר געענטפערט, אַז פריִער זאָל זי גיין צו שימקען און זי האָט נעבעך געמוזט אַזוי טאָן. שימקע האָט דעמאָלט געשטעלט אַ באַדינג, אַז ער און אַלע אַרבעטער וועלן צוריקגיין אין פאַבריק אַריין אויב זי וועט געבן אַרבעט אירע מענטשן ביז ערב סוכות. נישט האָבנדיק קיין אַנדער ברירה, איז זי איינגעגאַנגען אויף דעם באַדינג און אויף מאָרגן האָט מען זיך געשטעלט צו דער אַרבעט.

באַלד אין דער פרי אָבער איז די אַרבעטער פאַרדעכטיק געוועזן, וואָס י.ק. וועלכן מ׳האָט אין שטאָט געהאַלטן פאַר אַ „סליחהנער״, איז עפּעס געווען מיט אַן אויסרייד אין פאַבריק, מ׳האָט דעריבער שימקען געעצהט, אַז ער זאָל זיך אָפּטראָגן. די זעלביקע נאַכט טאַקע איז פּאָליציי געקומען צו שימקע וויטעבסקער אים זוכן, אָבער ער איז שוין נישט געווען און די בעל־הבתים האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט, וואָס זיי האָבן אים אַרויסגעפּטרט פון שטאָט.

## דאָס אַנטשטיין פון „בונד״ אין מעזריטש

אין יאָר 1897 זענען פון וואָלקאָווויסק געקומען צו פאָרן די מעזריטשער בערשטער, וואָס האָבן דאָרט אַ צייט געאַרבעט. געקומען זענען זיי באַלאָדן מיט סודות, און ווער ס׳האָט זיי עפּעס איבערגעפרעגט, האָבן זיי געזאָגט, אַז זיי האָבן אַ סך נייעס, נאָר דערווייל טאָרן זיי גאָרנישט רעדן, ווייל ס׳איז נאָך נישט די צייט. שטאַרק איז געווען די נייגעריקייט צווישן די מעזריטשער אַרבעטער. מ׳האָט זיך געפּרוווט לערנען טרעפן, פאַרשידענע השערות זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן, אָבער דעם אמת האָט זיך קיינער פאָרט נישט געקאָנט דערוויסן.

דערווייל האָבן די געקומענע בערשטער בסוד־סודות פאַררופן אין אַ שטוב די בערשטער־אַרבעטער: קיוועלע דעם קליינעם, יוילע הײמאַן, קיווען דעם גרויסן און שמואל־משהן קרול, און האָבן זיי איבערגעגעבן, אַז אין דער גרויסער וועלט עקזיסטירט שוין אַן אָרגאַניזאַציע פון ייִדישע אַרבעטער, וואָס הייסט „בונד״, און אַז וואָלקאָוויסקער בערשטער זענען שוין צו דער אָרגאַניזאַציע צוגעשטאַנען, קאַלוואַריער און נעוולער בערשטער אויך, אַז אומעטום אַרבעטן שוין די אָרגאַניזאַציעס. נאָר דאָ אין מעזריטש איז טויט...

צום מערסטן און צום הייסטן האָבן געַרעדט דערפון די געקומענע אַרבעטער גדליה דער גראָבער, שמואלקע מיכולקעס און יאַנקל זשעלאַזניק. דער שמועס פלעגט זיך פאַרציִען לאַנג נאָך האַלבער נאַכט און מ׳פלעגט זיך ברעכן די קעפּ, ווי אַזוי דורכצופירן די אָרגאַניזאַציע פון „בונד״ אויך דאָ אין מעזריטש. צום סוף איז, לויט דער עצה פון גדליה דעם גראָבן, וואָס האָט שוין געהאַט אַ ביסל פּראַקטיק, באַשלאָסן געוואָרן אין אַ וואָך אַרום צו רופן אַ מאַן צוואַנציק, וועלכע זאָלן בילדן דעם ערשטן „קרוזשאָק״ פון דער אָרגאַניזאַציע פון „בונד״. אויך האָט ער צוגעזאָגט צו שרייבן וווהין מ׳דאַרף, ס׳זאָל קומען „אַ פרעמדער״, וועלכער זאָל אויפקלערן די אַרבעטער און אויך העלפן זיך אָרגאַניזירן, אָבער די הויפּט־זאַך איז, אַז די ערשטע „סכאָדקע״ פון דעם „קרוזשאָק״ זאָל זיין אין אַ געהיים אָרט, אַז קיינער זאָל נישט וויסן, ווו דאָס קומט פאָר און קיין שום זייטיקער זאָל אַהין נישט האָבן קיין דריסת־הרגל. דאָס אויסקלויבן אַן אָרט ווו ס׳זאָל פאָרקומען די „סכאָדקע״, האָט מען איבערגעגעבן צוויי אַרבעטער. די רעשט האָבן געדאַרפט כרענגען מיט זיך די עלטערע און מער „באַוווסטזיניקע״ אַרבעטער.

אין אַ וואָך אַרום, איז טאַקע פאָרגעקומען ביי יצחק בעדער אין זיינע „באָד־אַפּאַרטאַמענטן״ די ערשטע „סכאָדקע״. געקומען זענען אַהין אַ מאַן עטלע־כע און צוואַנציק, ס׳איז אויך געקומען דער אַרויסגערופענער געהיימער שליח חיימקע דער דווינסקער. דער לעצטער האָט מיט טעמפּעראַמענט אויפגעוויזן די בויטיקייט פון אָרגאַניזאַציע, ווי אַזוי די אַרבעטער־באַוועגונג זעט אויס אין אַ סך שטעט און ווי אַזוי די אַרבעטער פאַרגרינגערן זיך אומעטום די לאַגע. ער האָט אויך אויפגעוויזן די סיבות, פאַר וואָס די אַרבעטער ליידן בכלל, וואָס דאָס איז די שולד פון צאַרישן רעזשים, און ביי דעם האָט ער גענומען רעדן פון עפּעס זאַכן, וואָס דעם מעזריטשער אַרבעטער איז עס געווען פרעמד. די פאַרזאַמלטע האָבן דעם דווינסקער אויסגעהערט מיט שפּאַנונג, כאָטש באמת האָבן זיי זיך ווייניק אָריענטירט, וואָס אַזעלכעס ער האָט זיי דערציילט, נאָר געקוקט אויף חיימקען האָט מען עפּעס ווי אויף אַ הייליקן און יעדעס וואָרט איז געווען צוקער־זיס. צום סוף האָט ער אויך געבעטן די אַרבעטער, אַז זיי זאָלן אים דערציילן, ווי די לאַגע זעט אויס ביי זיי אין מעזריטש. די אַרבעטער האָבן זיך אָפּגערעדט דאָס האַרץ, האָבן אים אויך דערציילט די מעשׂה מיטן אינספּעקטאָר, וועלכער האָט געפּועלט, אַז מ׳זאָל אַרבעטן נאָר צוועלפהאַלבן שעה און אַז די אַרבעט איז זייער אַ שווערע. חיימקע האָט זיי ווייטער אויפגעוויזן, אַז מ׳טאָר נישט דערלאָזן, אַז מ׳זאָל אַזוי שווער און אַזוי פיל שעה אַ טאָג אַרבעטן, העכסטנס קאָן מען אַרבעטן 10 שעה און אַז די אַרבעט דאַרף פאַרגרינגערט ווערן.

די פאַרזאַמלונג האָט זיך נאָך פאַרצויגן און אַוועקגעגאַנגען איז מען פון דאָרט מיט אַ פעסטן ווילן, אַז די אַרבעט מוז פאַרקלענערט ווערן ביז 10 שעה אַ טאָג און אַז דער „קרוזשאָק״ דאַרף צוציִען אַלע אַרבעטער צו דער אָרגאַני־זאַציע פון „בונד״.

דעם ערשטן שבת נאָך דער געשעעניש האָט מען אָנגעזאָגט אַלע אַרבעטער, אַז זיי זאָלן קומען אין בית־המדרש אַריין און ווען עס איז שוין דאָרט פול געווען, זענען מיט רעדעס אַרויסגעטרעטן קיווע דער גרויסער, קיווע דער קליינער און שמואל־משה, זיי האָבן אין גאָר שוואַרצע פאַרבן געשילדערט די לאַגע פון די בערשטער און דערביי האָבן זיי אויפגעמונטערט די אַרבעטער, אַז זיי זאָלן נישט אַזוי פיל אַרבעטן, אַז 10 שעה איז אויך גענוג. מען טאָר נישט אַרבעטן אַזוי פיל, ווייל אויך אין אַנדערע שטעט, ווו מען אַרבעט חזיר־האָר, אַרבעט מען שוין פון לאַנג נאָר 10 שעה.

פון די יינגערע אַרבעטער זענען אַלע כמעט מסכים געווען. מען האָט געהערט, ווי זיי האָבן צווישן זיך שטיל גערעדט, אַז מ׳דאַרף טאַקע ווייניקער אַרבעטן, אָבער די עלטערע האָבן אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט און האָבן זיך ביסלעכווייז אַרויסגעשאַרט פון בית־המדרש.

אַזוי האָט זיך דאָס געצויגן אַ גאַנצן חודש, און אין משך פון דער צייט האָט דער „קרושאָק״, וועלכער האָט זייער אָפט געהאַט געהיימע „סכאָדקעס״ אין פאַרשידענע ערטער, אַ מאָל אויפן שאָסיי, אַ מאָל אין אַ וועלדל אָדער אין אַ סאָד, זייער געשמאַק געאַרבעט. צו דער אָרגאַניזאַציע זענען צוגעצויגן געוואָרן אַ סך יוגנטלעכע בערשטער, וועלכע האָבן שטילערהייט אַגיטירט צו אַרבעטן 10 שעה אַ טאָג. און ווען ביי זיי איז שוין רייף געוואָרן דער געדאַנק, אַז מ׳דאַרף באַשטימען אַ טאָג, ווען מען זאָל אָנהייבן צו אַרבעטן נאָר 10 שעה, האָבן זיי ווייטער גערופן אַ פאַרזאַמלונג אין שול, ווו מ׳האָט פשוט באַפוילן די אַרבעטער מאָרגן צו וואַרפן נאָך 10 שעה די אַרבעט, און אויב די סוחרים וועלן נישט מסכים זיין, זאָל מען אַרויסגיין אין אַ שטרייק.

דאָ אָבער איז פלוצלונג געוואָרן אַ טומל פון די עלטערע בערשטער: — וואָס הייסט? שטרייקן הייסט איר אונדז? און ווער וועט געבן עסן אונדזערע ווייבער און קינדער? אפשר איר? גיט אונדז געלט פאַר אונדזערע פאַמיליעס אויסצו־האַלטן, וועלן מיר שטרייקן! די רעדנערס זענען געבליבן אין אַ פאַרלעגנהייט, מ׳האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. דעמאָלט האָט אויפן בעלעמער זיך אַרויפגע־רוקט קיווע דער גרויסער און האָט דעם רעדנער עפּעס איינגערוימט אויפן אויער. ביים רעדנער האָט תיכף אויפגעשיינט דאָס פנים און מיט אַ טאָן פול מיט נצחון האָט ער אַ געשריי געטאָן: — הייגט ביי נאַכט קריגן אַלע באַ־ווייבטע בערשטער אויסגעצאָלט צו עטלעכע רובל אויף דערוויל, און אויב מ׳וועט דאַרפן, זאָל מען שטרייקן, געלט וועט זיין וויפיל מ׳וועט דאַרפן!

אין בית־המדרש ווערט שטיל, מען בלייבט געפּלעפט און באַלד הערן זיך אויסגעשרייען: — גוט! מיר וואַרפן מאָרגן די אַרבעט נאָך 10 שעה.

אויף מאָרגן, ווען די אַרבעטער אין די גרעסערע פאַבריקן, ווו עס האָבן געאַרבעט יינגערע אַרבעטער, האָבן געזען, אַז עס ענדיקט זיך די 10טע שעה אַרבעט, האָבן זיי אַראָפּגעוואָרפן די פאַרטעכער און זענען אַהיימגעגאַנגען. די סוחרים זענען פאַרוווּנדערטע און דערשראָקענע געקומען צו לויפן, אָבער אין

פאַבריק איז שוין קיינער נישט געווען. אויפן צווייטן טאָג, ווען די סוחרים האָבן זיך גענומען בייזערן און שרייען, האָבן די אַרבעטער געענטפערט, אַז מע אַרבעט נישט מער ווי 10 שעה אין אַלע שטעט, און אַזוי וועט זיין אויך אין מעזריטש. די סוחרים האָבן אַפילו געדראָט, אַז זיי וועלן זיך נוקם זיין אין זיי, אָבער ביי דעם איז עס געבליבן.

אין די קלענערע וואַרשטאַטלעך, ווו עס האָבן בעיקר געאַרבעט עלטערע מענטשן, האָבן זיי קיין דרייסטקייט נישט געהאַט צו וואַרפן די אַרבעט, און ווי שטענדיק, האָבן זיי געאַרבעט זייערע צוועלפטהאַלבן שעה. נאָך די 10 שעה האָבן זיי פאַרמאַכט די לאָדן און די טירן, אַז קיינער זאָל חלילה נישט געוויער ווערן...

דער „קרושאָק" איז אָבער באַלד דערפון געוויר געוואָרן. מ'איז זיך צונויפגעקומען און גענומען באַקלערן, וואָס צו טאָן קעגן דעם, וואָס אַ טייל אַרבעטער אַרבעטן נאָך ווי פריער און שטערן דערמיט דעם נאָרמאַלן גאַנג פון דער אונטערגענומענער אַקציע, און מען האָט באַשלאָסן איבערצורעדן מיט די אַרבעטער מיט גוטנס. מען האָט אַ פּאָר טעג איינגערעדט די אַרבעטער, אַז זיי טאָרן דאָס נישט טאָן, ווייל זיי שטערן אויך די אַנדערע אַרבעטער, וואָס אַרבעטן בלויז 10 שעה. די עלטערע אַרבעטער האָבן צוגעזאָגט צו פאָלגן, אָבער אויף מאָרגן האָבן זיי ווייטער קיין מוט נישט געהאַט אַוועקצוגיין פאַרן ענדיקן די צוועלפטהאַלבן שעה.

דעמאָלט האָט מען באַשלאָסן אָנצונעמען טעראָר־מיטלען: מען האָט צונויפגערופן אַ ביסל יונגוואַרג, וועלכע זענען באַוואָפנט געוואָרן מיט שטעקנס און מיט שטיינער. צום ערשט זענען זיי אַוועקגעגאַנגען צו די וואַרשטאַטן פון יאַנקל מאַקסים און דוד ווידרע און זענענדיק דורך די שפּאַרעס פון די לאָדנס, אַז ס'איז ליכטיק, האָבן זיך גענומען שיטן שטיינער און מיט שטעקנס האָט מען געבראָכן די לאָדנס. מען איז אַריין דורך די פענצטער און איבער די קעפּ פון די אַרבעטער האָבן זיך גענומען אַראָפּלאָזן שטעקנס. די עלטערע אַרבעטער זענען זיך גיך צעלאָפן, איבערלאָזנדיק אַלץ אויף הפקר.

דאָס האָט געווירקט און אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען אין אַלע וואַרשטאַטן געאַרבעט בלויז 10 שעה, און דערצו האָבן די סוחרים געמוזט נאָך העכערן די „בעל־מלאכות" אַ רובל אַ וואָך און אַ געוויינלעכן אַרבעטער פון אַ פערטעלע ביז 5 גילדן אַ וואָך. דערפאַר אָבער האָבן די סוחרים נישט געגעבן די „בעל־מלאכות" דאָס גאַנצע געלט מיט אַ מאָל, מיטן תירוץ, אַז ער וועט מיט אַ מאָל אויסגעבן... אויף שבת האָט מען דעם „בעל־מלאכה" געגעבן 3 קערבלעך און זונטיק די איבעריקע 2 קערבלעך.

פון דעמאָלט אָן, נאָכן אויסקעמפן דעם 10־שעהעדיקן אַרבעט־טאָג, זענען כמעט אַלע בערשטער צוגעשטאַנען צו דער נייער אָרגאַניזאַציע פון די בער־שטער־אַרבעטער אונטערן נאָמען „בונד".

**דער ערשטער אַרעסט**

ביזן היינטיקן טאָג איז נאָך נישט באַוווּסט, ווער ס'האָט דעם אינספּעקטאָר איבערגעגעבן דעם גאַנצן גאַנג פון קאַמף פאַר אַ 10־שעהעדיקן אַרבעט־טאָג. געגוג איז, אַז אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז פּלוצלונג אַראָפּגעקומען דער אינ־ספּעקטאָר פון שעדלעץ, ער איז גלייך פאַרפאָרן אין מאַגיסטראַט און באַפוילן צונויפצורופן עטלעכע סוחרים פון חזיר־האָר, וועלכע האָבן אים איבערגעגעבן, אַז די אַרבעטער באַנוצן זיך מיט טעראָר און אַז מיט שטיינער און שטעקנס האָט מען געצוווּנגען די אַרבעטער צו פאַרלאָזן די וואַרשטאַטן. דער אינספּעקטאָר האָט די סוחרים רוּיק אויסגעהערט, געהייסן זיי אַהיימגיין און געשיקט נאָך עטלעכע עלטערע בערשטער.

ווי נאָר די בערשטער זענען אַריין אין מאַגיסטראַט צום אינספּעקטאָר, איז ער רויט געוואָרן ווי פייער, די אויגן האָבן זיך ביי אים אָנגעצונדן און ער האָט געקלאַפּט אין טיש:

— אָט מיט דעם דאַנקט איר מיר אָפּ פאַר מיין פאַרזאָרגן אייך? צוועלפט־האַלבן שעה האָב איך באַשטימט און אַזוי האָט געדאַרפט זיין, איז ווער וואַגט דאָס זיך אַנטקעגנצושטעלן זיך מיינע באַפעלן? מיט טעראָר ווערט איר זיך פאַר־נעמען? אַ בונט ווילט זיך אייך? פאַרפוילט ווערט איר ביי מיר ווערן אין טורמע, אויף סיביר וועל איך אייך פאַרשיקן!

די אַרבעטער, שטאַרק דערשראָקענע, זענען ביי דעם מבול פון געשרייען געשטאַנען און נישט געענטפערט מיט קיין וואָרט. נאָר ווען דער אינספּעקטאָר האָט זיך צוריק ברייטלעך אַוועקגעזעצט ביים טיש און האָט גענומען עפּעס נישטערן אין זיינע פּאַפּירן, האָט איין אַרבעטער זיך שטיל געווענדט צו אים:

— וואַשע בלאַגאָראָדיע! ביי אַזאַ אַרבעט איז נישט מעגלעך צו אַרבעטן צוועלפטהאַלבן שעה! כמעט אַלע אַרבעטער זענען ביי אונדז קראַנק אויף סו־כאָטע און אויב אייער בלאַגאָראָדיע וויל, וועלן מיר אייך אַהער ברענגען עטלעכע אַזעלכע אַרבעטער, וועט איר זיך איבערצייגן, אַז ס'איז אמת.

— אַנו! ברענגט מיר עטלעכע אַזעלכע סוכאָטניקעס! — ווענדט זיך דער אינספּעקטאָר צו זיי אַ ביסל ווייכער — לאָמיך זיי אַליין מיט די אייגענע אויגן אָנקוקן!

צוויי אַרבעטער זענען אַרויסגעלאָפן און אין אַ צען מינוט אַרום זענען שוין געשטאַנען פאַר אים 3 אייגגעהויקערטע אַרבעטער מיט געלע אָפּגעשטאָרבענע פּנימער, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין הוסטן, ווי פון אַ הוילער פאַס, אויסכראַקנדיק יעדע מינוט שטיקער לונג פון זיך.

— דאָוואָלנאָ! — זאָגט דער אינספּעקטאָר אַוועקמאַכנדיק מיט דער האַנט — הייסט די קראַנקע אַרבעטער אַהיימגיין צוריק. די רעשט אַרבעטער בעט ער וואַרטן.

ער שיקט ווייטער נאָך די סוחרים און אויפן אָרט גיט ער זיי איבער, אַז ער באַשטעטיקט דעם 10־שעהעדיקן אַרבעט־טאָג, אָבער אז אַ צווייט מאָל זאָל

אַזעלכעס מער נישט פֿאָרקומען, און אויב די אַרבעטער אָדער סוחרים וועלן האָבן צווישן זיך סכסוכים, זאָלן זיי זיך ווענדן צו אים.

די נייע אָרגאַניזאַציע פֿון „בונד" האָט זיך אָבער גאַנץ ווייניק גענומען צום האַרץ פֿון אינספּעקטאָרס באַזוך. איצט האָט דער „בונד" זיך גענומען נישט נאָר צו רעדן וועגן אָרטיקע סכסוכים צווישן די סוחרים מיט די אַרבעטער, נאָר אויך אָנגעהויבן אַ ברייטע פּאָליטישע אַרבעט. פֿון צייט צו צייט פֿלעגן זיך אין שטאָט אויך באַווייזן פֿרישע פּנימער, וועלכע קיינער האָט נישט געקענט און נישט געוווּסט ווער זיי זענען און מ'האָט אויך נישט געוווּסט ווען זיי זענען צוריק אַוועקגעפֿאָרן. געוווּסט האָט מען נאָר איינס, אַז ווי נאָר די געסט זענען אַוועקגעפֿאָרן, האָבן זיך גענומען באַווייזן אין אַ פֿאַבריק, אָדער ערגעץ אין אַ שטוב — וועו קיין זייטיקער איז נישט געווען — עפּעס צייטונגען: „וועקער", „אַרבעטער־שטימע" און פֿאַרשידענע בראָשורן, וועלכע מ'האָט געהאַלטן אין בוזעם, אָדער אין אַנדערע געהיימע ערטער. אין אַ פֿרייער מינוט פֿלעגן די אַרבעטער זיך אַרויפֿכאַפּן אויף אַ בוידעם אָדער אין אַ שטאַל און מען פֿלעגט לייענען. שפּעטער פֿלעגט מען אין פֿאַבריק דערציילן אַלץ, מיט וואָס מ'האָט זיך אָנגעלייענט. אַזעלכע צייטונגען, אָבער, האָבן געהאַט גאַנץ ווייניק אַרבעטער־לייענער, ווייל אַ טייל האָבן נישט געקענט לייענען און די, וועלכע האָבן שוין יאָ געקענט לייענען, האָבן אָבער נישט געוווּסט וואָס דאָס איז אַזעלכעס און גיין איבער־פֿרעגן האָבן זיי עפּעס קיין דרייסטקייט נישט געהאַט.

די אָרגאַניזאַציע „בונד" האָט פֿון דעם געוווּסט און זי האָט דעריבער באַשלאָסן איינצואָרדענען אַ געהיימע ביבליאָטעק און באַשטימט אַז אַלע שבת זאָלן פֿאָר־קומען „טשיטיעניעס" אין פֿאַרשידענע ערטער, כדי אַלע אַרבעטער זאָלן וויסן וואָס אין די בלעטער און ביכלעך איז געדרוקט. אַזאַ ביבליאָטעק איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין אַ האָלץ־שטעלעכל אויף אַ זייטיקער גאַס און שבת זענען די, וואָס האָבן אַ ביסל געקענט, מחויב געווען צו נעמען אַ ביכל אָדער אַ בלאַט און מיט אַ צענדליק אַרבעטער אַוועקגיין אין אַ סאַד, וועלדל, אָדער ערגעץ אַנדערש, ווו קיין זייטיקע מענטשן זענען נישטאָ, און פֿאַר זיי דאָס אַלץ פֿאָרלייענען.

אַזוי האָט זיך דאָס געצויגן אַ לענגערע צייט, די געהיימע „טשיטיעניעס" האָבן אַ ביסל געעפֿנט די אויגן די אַרבעטער, זיי פֿלעגן נעמען באַטראַכטן זייערע סוחרים מיט ביטול. די סוחרים האָבן געשטוינט און נישט פֿאַרשטאַנען וואָס פֿון די אַרבעטער איז פּלוצלונג געוואָרן: „אין גאַנצן אַנדערע מענטשן! מען דערקענט דאָך זיי גאָרנישט"! דער גרעסטער וווּנדער איז ביי זיי געווען, וואָס אויך די עלטערע בערשטער זענען נישט בעסער, וואָס אויך זיי האָבן די זעלביקע העזה ווי די יונגע. זיי האָבן געפּרוווט בעטן דעם רב, ער זאָל רופֿן די עלטערע בערשטער און זאָל זיי אויסמוסרן, אָבער זיי האָבן זיך אויך פֿון רב אויסגעלאַכט. דאָ האָבן די סוחרים ערשט געזען, אַז מ'טאָר זיך נישט שפּילן און מען טאָר נישט אַריינלאָזן די אַרבעטער אין דער העזה. דערפֿון האָט זיך דערוווּסט דער זשאַנדאַרמסקי־פּולקאָווניק אין שעדלעץ.

געווען איז דאָס אין אָקטאָבער 1898. אין אַ מיטוואָך האָבן זיך אין מעזריטש באַוויזן עטלעכע „בלויע זשאַנדאַרן", הויכע יונגען מיט לאַנגע „שאַשקעס" און קלינגענדיקע שפּאָרן, וועלכע האָבן אַנגעוואָרפן אַ מורא אויף דער מעזריטשער באַפעלקערונג. דעם זעלביקן אָוונט האָט מען אויך פאַרבעטן איינציקע אַרבעטער אין מאַגיסטראַט אויף אַ „דאָפּראָס" צום „זשאַנדאַר" און פרייטיק איז שוין אין שטאָט געוואָרן אַ „סומאַטאָכע", אַז 10 אַ זייגער אין דער פרי האָט מען אַרעס־טירט די דריי אַרבעטער שמואל־משה קרול, יאַנקל דעם טויטן און יאַנקל שמעגדע, וועלכע מ'האָט אין פאַרמאַכטע קאָטשן אַוועקגעפירט צום באַן.

אַ גאַנצן פרייטיקדיקן טאָג זענען די אַרבעטער און די פאַמיליעס פון די אַרעסטירטע אַרומגעלאָפן ווי משוגע. קיינער האָט נישט געוווּסט ווו מען האָט זיי געשיקט, אַלע זענען געווען דענערווירט און אומרויִק. אַזוי איז אַוועק דער גאַנצער טאָג. אויף מאָרגן איז אין שטאָט געווען חושך, מען איז געלאָפן צום רב, ער זאָל בעטן פאַר די אומגליקלעכע און מ'איז געלאָפן אויפן בית־עולם „איינרייסן". די פּאַניק, וואָס דער אַרעסט האָט אין שטאָט אַרויסגערופן, איז געווען שרעקלעך. דערצו איז נאָך אַרויס אַ קלאַנג, אַז די אַרעסטירטע זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין ציטאַדעל און דאָרט וועט מען זיי דערטרינקען. די אָרגאַניזאַציע „בונד" האָט געהיים אַוועקגעשיקט אַ מענטש קיין שעדלעץ און דאָרט איז מען געוויוער געוואָרן, אַז זיי זיצן טאַקע אין שעדלעצער טורמע, אָבער אין מעזריטש האָט מען דערוויייל גאָרנישט געוווּסט דערפון.

ווען מ'איז צוריקגעקומען פון בית־עולם, פאַרוויינטע, האָט שמואל־משהס מוטער נישט געוואָלט אַהיימגיין. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט הינטער יאַנקל מאַקסימס פענצטער און האָט זיך געקלאַפּט קאָפּ אין וואַנט און מיט שרעקלעכע יללות האָט זי געקלאָגט אויפן חורבן, וואָס איז איר און איר זון געשען. הינטערן פענצטער האָבן זיך געצומען קלויבן אַלץ גרעסערע רעדלעך מענטשן, ס'האָבן זיך שוין געהערט דראָונגען און פויסטן האָבן זיך צונויפגעדריקט קעגן די סוחרים.

יאַנקל מאַקסים האָט זיך פאַרבאַהאַלטן ערגעץ אין שטוב. די זעלביקע דראָונגען זענען אויך געווען געווענדט צו די אַנדערע סוחרים, און ווען זיי זענען דערפון געוויוער געוואָרן, האָבן זיי זיך פאַרשטעקט אין די לעכער און האָבן מורא געהאַט די נעזער אַרויסצוּווייזן אין גאַס.

באַרויִקט האָט זיך דער עולם ערשט אין אָוונט, ווען דער שליח איז צוריק־געקומען פון שעדלעץ און ס'איז באַוווּסט געוואָרן, אַז די אַרעסטירטע געפינען זיך אין שעדלעצער טורמע.

אויף מאָרגן איז מען געוויוער געוואָרן, אַז עטלעכע סוחרים זענען געפאָרן קיין שעדלעץ און אין שטאָט האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז זיי זענען געפאָרן זיך משתדל זיין, אַז מ'זאָל די אַרעסטירטע אַרויסלאָזן, אַז זיי ציִען צוריק די באַשולדיקונג. אין 14 טעג אַרום, פונקט פרייטיק, זענען מיטן „פּאָטש־טאָוון" צוג, אין אָוונט, צוריקגעקומען די אַרעסטירטע. אין שטאָט איז געוואָרן

ששון ושמחה. מ׳האָט זיי אַרומגערינגלט און זיי האָבן געמוזט דערציילן אַלץ, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט די עטלעכע טעג אין שעדלעצער טורמע. דער דרך־ארץ פאַר זיי איז געווען גרויס און ווען זיי האָבן זיך נאָר באַוויזן אין גאַס, האָבן אַלע אויף זיי געטייטלט מיט די פינגער, ווי אויף קדושים, וועלכע זענען געגאַנגען אויף קדוש־השם פאַרן כלל.

## די ערשטע 1־טער מאַי־פייערונג אין מעזריטש

נאָכן באַפרייען פון שעדלעצער טורמע די אַרעסטירטע עטלעכע אַרבעטער אין יאָר 1899, האָט זיך די באַוועגונג אָנגעהויבן פירן נאָך שטאַרקער און אינטענסיווער, די אָנפירער האָבן זיך דרייסטער גענומען צו אַגיטירן די אָפּגע־שטאַנענע אַרבעטער און דעם אַרעסט האָט מען בלויז באַטראַכט אַלס „סטראַשונעק״ פון די פאַבריקאַנטן, כדי אָפּצושרעקן די אַרבעטער, זייענדיק דערביי זיכער, אַז זיי וועלן שוין מער צו אַזעלכע מיטלען זיך נישט נעמען, צוליב מורא פאַרן צאָרן פון די איבעריקע אַרבעטער.

אַ שטיקל פעולה האָט אָבער דער אַרעסט פאָרט געהאַט, די עלטערע בער־שטער האָבן זיך איצט אָנגעהויבן צו שרעקן איינצורייסן מיטן פאַבריקאַנט און נאָך מער מורא געהאַט, ווען זיי האָבן דערזען, אַז מיט יעדן טאָג ווערט אַלץ מער און מער פאַרשפּרייט עפּעס אַ מין ליטעראַטור, וואָס זיי האָבן באַטראַכט אַלס טריף־פּסול. דערצו האָט מען אויך גענומען הערן אין פאַבריק וועגן אויסטערלישע זאַכן: וועגן אַראָפּוואַרפן דעם קיסר, וועגן אַרבעטן וואָס ווייניקער און נעמען וואָס מער געלט. די עלטערע אַרבעטער האָבן דאָס נישט געקאָנט צעקייען. ס׳איז געווען אויף זיי אַ פּשוטער רחמנות און ווי די פיש האָבן זיי געציטערט הערנדיק אַזעלכע רייד. זיי האָבן זיך פּשוט געבעטן ביי די יונגערע אַרבעטער, אַז זיי זאָלן אויפהערן אַזעלכעס צו רעדן, אַז זיי זאָלן נישט גלויבן, וואָס מען שרייבט דאָרט אַלץ אין די טריפהנע פּאַפּירלעך. זעענדיק אָבער, אַז זייערע רייד העלפן נישט, האָבן זיך די עלטערע בערשטער מיישב געווען, און אין אַ געוויסן אָוונט זענען עטלעכע בערשטער געגאַנגען צום רב פאַרקלאָגן און ביי אים בעטן אַן עצה וואָס צו טאָן. דער רב האָט געענוי אַלץ איבערגעפרעגט, האָט זיך אויף זיי נאָך אָנגעבייזערט פאַר וואָס זיי האָבן אים שוין לאַנג נישט דערציילט פון דעם אַלעמען און ער האָט זיי צוגעזאָגט צו העלפן אַרויסשלאָגן די קליפּה פון די ימח־שמוניקעס...

דער רב האָט געהאַלטן וואָרט, ער האָט צונויפגערופן ביי זיך אין שטוב אַן אַסיפה פון די פּרומסטע ייִדן אין שטאָט, ער האָט אויך געשיקט אַ שמש צו די עלטערע בערשטער און נאָך אַ לאַנגן ייִשוב־הדעת איז מען געקומען צו אַ הסכם, אַז מען זאָל גרינדן אַ חברה „שומרי־שבת״, וועלכע זאָלן נישט לאָזן גיין די יונגוואַרג אויף די שאָסייען און מ׳זאָל אויך גרינדן אַ חברה „מקרא״, ווו ס׳זאָל יעדן אָוונט געלערנט ווערן פאַר די עלטערע בערשטער, ד״ה מ׳וועט זיי פאַרטייטשן דאָס דאַוונען, דעם תהילים, חומש און תנך. דערביי דאַרפן די

עלטערע בערשטער זיך באַמיִען אָפּצוציען די יִינגערע און זיי איינצורעדן, אַז זיי זאָלן אויך קומען לערנען.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט טאַקע דער רב איבערגעגעבן ר׳ לייזער ביינישן ער זאָל אין שמולעוויזנער בית־המדרש אַלע אָוונט לערנען מיט די בערשטער. גרויס הנאה האָבן געהאַט די אַלטע בערשטער, און ווי נאָר זיי האָבן אין אָוונט געענדיקט די אַרבעט און מ׳האָט עפעס געכאַפּט אין מויל אַריין, איז מען געלאָפן אין בית־המדרשל, וואָס איז פון מינוט צו מינוט אַלץ פולער געוואָרן און דאָס לערנען איז אַוועק גאַנץ געשמאַק. חברה יונגוואַרג פון „בונד״ האָבן אויך נישט גערוט. זי האָט גערופן געהיים „סכאָדקעס״ אין פאַרשידענע הייזער, וווּ מ׳האָט אַגיטירט קעגן דעם לערנען, מיט וועלכן מ׳וויל אָפּשוואַכן דעם קאַמף פאַר אַ גרינגער לעבן. אויך די חברה „שומרי־שבת״ האָט דערפילט אירע פונקציעס, אירע מיטגלידער האָבן זיך יעדן שבת אַרויסגעלאָזט אויף די שאָסייען און מ׳האָט געפּרוווט אַהיימיאָגן דאָס יונגוואַרג. אַ טייל האָט זיך געפאָלגט, אַ סך אָבער האָבן זיך אויסגעלאַכט און נאָך אָפּגעשפּעט פון דער חברה „שומרי־שבת״. דער קאַמף איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער, דאָס יונגוואַרג האָט פעסט אַגיטירט און שטייענדיק ביי דער אַרבעט אין פאַבריק געפּרוווט איבערצייגן די אַלטע בערשטער, אָבער די לעצטע האָבן זיך נישט געלאָזט און זיי האָבן זיך געטאָן זייערס, קיין איין אָוונט האָבן זיי נישט פאַרפעלט צו לויפן לערנען אין שמולעוויזנער בית־המדרש.

גלייכצייטיק האָבן זיך פּלוצלונג גענומען באַווייזן מגידים, וועלכע האָבן גערעדט אין שול, געוואָרנט דעם עולם נישט צו גיין אין די פאַלשע דרכים פון די „בונטאָווטשיקעס״, וועלכע זענען מורדים־במלכות, וואָס דאָס איז זייער אַ גרויסע עבירה און מ׳שטעלט דערביי אין סכנה דעם אייגענעם נפש. די פאַרשטייער פון „בונד״: קיוועלע דער קליינער, קיוועלע דער גרויסער א״אַ, האָבן נישט דורכגעלאָזט קיין איין מגיד און זיי האָבן אים אָפּאָנירט, נישט איין מאָל פלעגן זיך די דיסקוסיעס אָפּצִיען לאַנגע שעהען און דער עולם בערשטער איז אַוועקגעגאַנגען, מורמלענדיק: „אַז מ׳ווייסט נישט וואָס צו טראַכטן״.

איין מאָל האָט זיך אויך פאַרגלוסט ר׳ שמעון בערן, דעם אַמאָליקן גביר און תקיף פון שטאָט, צו רופן אַן אַסיפה אין שול אַריין, ער אַליין האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויף דעם בעלעמער און האָט אָפּגעהאַלטן אַ דרשה, אַז די מעזריטשער בערשטער ברענגען אַן אומגליק אויף דער שטאָט, מיט דעם וואָס זיי שטעלן זיך קעגן דעם מלכות. דערביי האָט ער אויפגעוויזן מיט פאַרשידענע פּסוקים און מאמרים, אַז דאָס איז אַ זינד און מ׳טאָר עס נישט טאָן. די בונדיסטן האָבן אָבער אויך פאַר אים קיין דרך־ארץ נישט געהאַט און מ׳האָט אים אָפּגע־ענטפערט. דערביי האָט זיך אַוועקגעלאָזט אַ דיסקוסיע אויף אַ גאַנצע נאַכט און ווידער איז יעדער צד געבליבן גערעכט...

דער „בונד״ האָט אָבער מיט דעם אַליין זיך נישט באַגנוגנט, מ׳האָט איבער־געגעבן די „דעסיאַטניקעס״, אַז זיי זאָלן ברענגען זייער צענדליק אַרבעטער אין

אַן אַנגעוויזענער שטוב, און מ׳האָט זיי אַגיטירט. די עלטערע אַרבעטער האָבן אין די אַגיטאַציעס צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, צוגעזאָגט צו זיין גוט און פרום און פאָלגן זיך, אָבער באַלד אויף מאָרגן איז מען ווידער געלאָפן לערנען אין בית־המדרש. די סוחרים ווידער, זעענדיק, אַז די עלטערע בערשטער זענען געוואָרן אַנדערש, אַז זיי פאָלגן זיך נישט דאָס יונגוואַרג, וואָס פאַרנעמט זיך מיט אַזעלכע נאַרישקייטן, זענען געוואָרן אַלץ דרייסטער און זיי זענען שוין אַראָפּגעקומען אין די פאַבריקן. זיי פלעגן אָפּט מאָל חוזק מאַכן פון דעם יונג־וואַרג. אַפילו הערש־לייב ציטרין, וועלכער פלעגט זיך זעלטן באַווייזן ביי זיך אין פאַבריק, פלעגט אויך איצט אָפּט מאָל אַראָפּקומען און איין מאָל האָט ער, זייענדיק אין אַ גוטן הומאָר, מכלומרשט ערנסט אַ זאָג געטאָן: חברה! דאָס בלויע געפּעס איז אַנגעקומען! דאָס האָט געדאַרפט באַדייטן, אַז ס׳זענען אָנגע־קומען בלויע זשאַנדאַרן קיין מעזריטש. חיים־עובדיהס, וועלכער איז געווען דער „דעסיאַטניק״ אין פאַבריק, דערהערנדיק דאָס נייעס, האָט שנעל אַראָפּגעוואָרפן דעם פאַרטעך און איז אַנטלאָפן אַהיים, ווו ער איז געלעגן אויף אַ בוידעם 2 טעג באַהאַלטן. שפּעטער האָט הערש־לייב ציטרין דערציילט מיט געלעכטער די חכמה, וואָס ער האָט געמאַכט מיט זיינע מענטשן...

אַזוי האָט זיך געפירט דער קאַמף צווישן די יונגע בערשטער און די עלטערע, ביז עס האָבן זיך אָנגערוקט די ערשטע חדשים פון יאָר 1900 און מען האָט אין דער שטיל גענומען רעדן, אַז מען גרייט זיך דאָס יאָר איינצופירן אַ יום־טוב פאַר די אַרבעטער אין טאָג פון 1טן מאַי. וואָס נענטער ס׳איז געוואָרן צו דעם טאָג, האָט מען אַלץ שטאַרקער אַגיטירט, מ׳האָט גערופן אָפּטערע „סכאָדקעס״, און ווען ס׳איז שוין אָנגעקומען דער 1טער מאַי, האָט מען אין די וואַרשטאַטן געאַרבעט גאַנץ געשמאַק. אָבער פונקט 11 אַ זייגער פרי, לויט אַ צייכן, האָט דאָס יונגוואַרג אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די פאַרטעכער און פאַרלאָזט די אַרבעט. די עלטערע אַרבעטער אָבער זענען געבליבן ביי דער אַרבעט. דאָס יונגוואַרג בעט זיך ביי זיי, זיי זאָלן מיטגיין, אָבער זיי ווילן אַפילו נישט הערן.

— וואָס? נייע יום־טובים קלערט איר אויס? מיר האַלטן נישט און מיר וועלן קיין מאָל נישט האַלטן פון אַזעלכע ימים־טובים! פאַר קיין גוייִם וועלן מיר זיך נישט לאָזן מאַכן!

דאָס יונגוואַרג, זעענדיק, אַז מען קאָן מיט זיי גאָרנישט מאַכן, האָט זיי איבערגעלאָזט און איינציקווייז און גרופּנווייז זענען זיי אַוועק אויף דעם באַשטימטן אָרט, אין וואַלד אויפן ראַדזינער שאָסיי, ווו ביסלעכווייז זענען זיך צונויפגעקומען אַרבעטער אין אַ גרויסער צאָל. פון די ערשטע זענען געווען קיווע דער קליינער, קיווע דער גרויסער, יאָילע היימאַן. ווען דער עולם איז שוין גרויס, נעמען די פאָרשטייער רעדן וועגן דער באַדייטונג פון 1טן מאַי

פלוצלונג אָבער, מ׳זעט אַפילו נישט ווי אַזוי, גיט אַ פלאַטער איבער אַלע־מענס קעפּ אַ רויטע פאָן מיט אויפשריפטן: „זאָל לעבן דער 1טער מאַי!״, „קאַמף פאַרן 8־שעהעדיקן אַרבעט־טאָג!״

נאָך דעם האָט זיך יונגוואַרג אויסגעזעצט אויפן גראָז און באַלד האָבן זיך באַוויזן פלעשער ביר, בראָנפן, געבראָטענע גענדזלעך. דער עולם עסט און טרינקט און דערביי זינגט מען פאַרשידענע רעוואָלוציאָנערע לידער, אָבער זייער שטיל, אַז מ׳זאָל נישט דערהערן ערגעץ פון דער ווייטנס. ווען ס׳איז אַ ביסל טונקל געוואָרן אין דרויסן און מ׳האָט זיך געפילט אַ ביסל בגילופין, האָט מען זיך אויסגעשטעלט שורהווייז. פאָרנט האָט זיך געשטעלט איינער מיט דער רויטער פאָן אין האַנט, ביי די זייטן — 2 פאָרשטייער פון „בונד״. באַלד האָבן אין זייערע הענט זיך באַוויזן צוויי רעוואָלווערן און גלייך זענען אַלע דריי אַרומגערינגלט געוואָרן מיט אַ גרעסערער גרופע, וואָס הייסט באָיעוואָי־אָטריאַד. די דאָזיקע דעמאָנסטראַציע איז אַזוי געגאַנגען ביז די מילן. דאָרט האָט מען זיך אָפּגעשטעלט. מ׳האָט באַהאַלטן די פאָן, און איינציקווייז האָט מען זיך אַראָפּגעלאָזט צוריק אין שטאָט אַריין, פונקט ווי ס׳וואָלט גאָרנישט האָבן געווען. אין שטאָט האָט מען גאָרנישט געוווּסט ווי אַזוי ס׳איז געפייערט געוואָרן דאָס ערשטע מאָל אין מעזריטש דער 1טער מאַי.

## די סוחרים בונטעווען זיך...

נאָכן פייערן דאָס ערשטע מאָל דעם 1טן מאַי, וואָס איז אַזוי געלונגען דורכגעגאַנגען, האָבן די בערשטער־אַרבעטער באַקומען אַ סך מער מוט, ווי פריער און די אָרגאַניזאַציע פון „בונד״ האָט אויך גענומען פירן אַן אַגיטאַציע וועגן העכערן די לוינען. די אַגיטאַציע איז געלונגען און אין משך פון לאַנגע חדשים האָבן די סוחרים ביסלעכווייז זיך צוגעוווינט צו די נייע לוין־פאָדע־רונגען און נישט ווילנדיק האָבן די סוחרים דאָך נאָכגעגעבן, נישט דערלאַ־זנדיק קיין שטרייק. שפּעטער, דאָס איז געווען אין יאָר 1901, האָט די אָרגאַ־ניזאַציע פון „בונד״ שוין געפירט איר אַרבעט פאָרמעל און צו יעדן סוחר פלעגט מען אַריינשיקן אַ שריפטלעכע פאָדערונג וועגן אַ לוין־העכערונג.

מיט דער צייט אָבער, ווען דער פרייז פון אַ דורכשניטלעכן אַרבעטער האָט שוין באַטראָפן 6 רובל אַ וואָך, האָבן זיך די סוחרים שטאַרק דערשראָקן און ס׳האָט זיי פאַרדראָסן: „סטייטש ? אַזאַ פרייז פאַר אַ געוויינלעכן בערש־טער ? דאָס איז דאָך אַ הימל־געשריי !״ האָבן זיי טאַקע באַשלאָסן אָפּצוהאַלטן אַן אַסיפה, כדי זיך מיישב זיין, וואָס צו טאָן. אַזאַ אַסיפה איז אין גיכן ביי זיי פאָרגעקומען ביי איינעם אַ סוחר אין שטוב. נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת האָט מען צווישן זיך באַשלאָסן, אונטער אַ שבועה, זיך צו האַלטן איינס און אַז אַלע מוזן אויספירן דאָס, וואָס מ׳וועט היינט באַשטימען.

אַ גאַנצע נאַכט האָט געדויערט די דאָזיקע אסיפה, אַלע האָבן מיט איין קול מסכים געווען, אַז די גאַנצע צרה אויף זייערע קעפּ קומט פון די חברה „בונטאָוושטשיקעס״, וואָס פירן אָן מיטן „בונד״, און אַזוי ווי אַזעלכע זענען פאַראַן אין שטאָט ביי אַן אַכצן בערשטער, מוז מען פון זיי פּטור ווערן. ווען מען איז אָבער צוגעקומען צו דער פראַגע, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון זיי,

האָבן די פאַרשידענע פאַרשלאָגן נישט אויסגענומען, ווייל פאַרמסרן פאַר פּאָליציי איז עפּעס געווען נישט באַקוועם, און זיי האָבן נאָך געדענקט ווי דאָס ערשטע מאָל איז דאָס מיטל נישט אַזוי פריגלדיק אַרויסגעקומען. האָט מען דעריבער געזוכט אַן אַנדער, אַ בעסער מיטל, און סוף כל סוף איז מען געקומען צו דעם גאָר פּשוטן באַשלוס, דהיינו: מ׳דאַרף די אַכצן מאַן נישט אַריינלאָזן אין קיין שום פאַבריק אַרבעטן, און ווען זיי וועלן זיך גוט אויס־הונגערן, וועלן זיי ווערן בעסער. אויך דאַרף מען ביי די איבעריקע בערשטער אַראָפּנעמען פון די „וואָכעס" 10 פּראָצענט און ביי אַ בחור 15 פּראָצענט, און צום סוף אויך, אַז קיין שום סוחר טאָר נישט אַריינעמען קיין צווייטנס אַן אַרבעטער צו זיך אין פאַבריק.

אין דרויסן איז שוין געווען האַלב ליכטיק, ווען די סוחרים זענען זיך צעגאַנגען אַהיים, און אַוועק זענען די סוחרים פון דער אַסיפה שטאַרק צופרידן. עס האָט זיי געפרייט דער באַשלוס, הגם אַ ביסל פריקרע איז זיי געווען די שבועה, וואָס זיי האָבן געגעבן, נאָר פאַרפאַלן, מ׳וועט זיך מוזן האַלטן איינס, אויב מ׳האָט מיט אַן אמת געשוווירן.

דאָס איז געווען האַרט פאַר יום־טוב, ווען עס ענדיקט זיך דער סעזאָן, און די אַרבעטער האָבן פון דעם אַלעמען גאָרנישט געוווסט. אין עטלעכע טעג אַרום, ווען ס׳האָט זיך אָנגערוקט דער חול־המועד, ווען מ׳דאַרף זיך אָנדינגען צוריק אין דערזעלביקער פאַבריק, אָדער אין אַ צווייטער, דעמאָלט ערשט זענען די אַרבעטער פּלוצלונג געוויר געוואָרן פון דעם נייעס, אַז מיט די אַכצן מאַן וויל מען אין גאַנצן נישט רעדן, אַפילו ווען זיי וואָלטן געוואָלט אַריינגיין אומזיסט צו דער אַרבעט און די איבעריקע נעמט מען אויך אַראָפּ פון דעם לוין.

צווישן די אַרבעטער איז געוואָרן אַ צערודערונג, די פאָרשטייער האָבן באַפּוילן די איבעריקע אַרבעטער נישט נאָכצוגעבן און דווקא פאָדערן, אַז מען מוז די אַכצן בערשטער יאָ אַריינעמען. אָבער די אַרבעטער, איבערהויפּט די עלטערע, וועלכע האָבן זיך פאַר יום־טוב אויף דעם נישט גערעכט און אויסגעגעבן די לעצטע פאַר גראָשן אויף יום־טוב, האָבן קיין סך נישט אַריינגעקלערט און זענען אַריין צו דער אַרבעט אויף די באַדינגונגען, וואָס די סוחרים האָבן זיי דיקטירט. אויך די יינגערע זענען געצוווּנגען געווען נאָכצוטאָן די עלטערע און האָבן זיך געשטעלט אַרבעטן.

געבליבן אויף דער גאַס זענען נאָר די אַכצן מאַן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען: קיווע דער גרויסער, קיווע דער קליינער, יו׳לע היימאַן, שאול דישעל, משה טשעפּעלינסקי, בעריש טשעפּעלינסקי א״אַ. די סוחרים האָבן אַזוי אַרום אויסגעפּירט, וואָס זיי האָבן אָנגענומען אויף זייער אסיפה.

די אָרגאַניזאַציע פון „בונד" איז אָבער נישט געבליבן זיצן מיט פאַר־לייגטע הענט. אירע מיטגלידער האָבן זיך באַראָטן וואָס צו טאָן מיט די 18 מאַן, וועלכע זענען פּשוט אויסגעשטעלט אויסצוגיין פון הונגער, און זיי האָבן

געגומען אַגיטירן די אַרבעטער, אַז יעדער זאָל אַראָפּגעבן פון זיינע „וואָכעס״ אַ האַלבן רובל פאַר די 18 בערשטער. די אַרבעטער האָבן דערצו מסכים געווען און אַלע דאַנערשטיק אין אָוונט האָבן די בערשטער פריידוויליק געבראַנגט צו שאול דישעל דאָס געלט. וואָס איז טאַקע באַלד צעטיילט געוואָרן צווישן די 18 בערשטער.

אַזוי האָט זיך דאָס געצויגן ביז ניי־יאָר, ווען צוזאַמען מיטן אָנקומען פון נייעם חזיר־האָר, הייבט זיך אויך אָן דער סעזאָן. די אָרגאַניזאַציע פון „בונד״ האָט פאַרשטאַנען, אַז גראָד איצט, אָנהייב סעזאָן, דאַרף מען אויסנוצן די לאַגע און אויב מ׳וועט איצט פאַרשפּעטיקן, אָדער לאָזן עס ווייטער אַזוי גיין, וועט אַלץ זיין פאַרפאַלן. מען האָט דעריבער גערופן געהיימע פאַרזאַמלונגען און אויפגעוויזן די אַרבעטער, אַז איצט איז די פּאַסיקע צייט, ווען מ׳קאָן זיך אויסבעסערן די לאַגע און זיך אָפּנעמען פאַר דער „קזשיוודע״, וואָס די סוחרים האָבן זיי געטאָן. די אַרבעטער האָבן דאָס פאַרשטאַנען און באַשלאָסן, אַז אויב מען וועט נישט צוריקגעבן די אַראָפּגענומענע הוספה און מען וועט אויך נישט אַריינגעמען די 18 מאַן, זאָל מען אין די פאַבריקן וואַרפן די אַרבעט, חוץ דעם זאָל מען אויך צווינגען אברהם דעם רויטן, וועלכן מען איז חושד געווען, אַז ער איז עס געווען דער „מאַכער״ פון דער סוחרים־פאַראייניקונג, אַז ער מוז אַריינגעמען יאָילע היימאַן און קיוועלע דעם קליינעם, וועלכע האָבן ביי אים קיין מאָל נישט געאַרבעט.

וועגן דעם באַשלוס פון די אַרבעטער האָט מען טאַקע געמאָלדן די סוחרים, און די לעצטע, זעענדיק, אַז די אַרבעטער האָבן געטראָפן פונקט צו דער ריכטיקער צייט, ווייל אָט הייבט זיך אָן דער סעזאָן, האָבן זיי קיין ברירה נישט געהאַט און געמוזט נאָכגעבן נאָך מיט אַ הוספה, דערצו צוריק אויך אַריינגעמען צו זיך אין די פאַבריקן די 18 בערשטער. נאָר איידער מען האָט נאָכגעגעבן, איז מען געלאָפן צום רב, אַז ער זאָל מתיר־נדר זיין פון דער שבועה.

אייגנעשפּאַרט איז בלויז געווען אברהם דער רויטער, וועלכער האָט בשום אופן נישט געוואָלט אַריינגעמען יאָילע היימאַן: — סטייטש ? — האָט ער געשריגן — דאָס „גאַטעלע״ וועל איך אַריינלאָזן צו מיר אין פאַבריק ? ער וועט דאָך מיר „איבערפירן״ אַלע מיינע מענטשן ! — און ער האָט זיך איינגעשפּאַרט און נישט געוואָלט נאָכגעבן. די אַרבעטער ווידער, זעענדיק, אַז מיט גוטן קאָן מען מיט אים גאָרנישט מאַכן, האָבן אין זיין פאַבריק געוואָרפן די אַרבעט און האָבן דערקלערט אַ שטרייק.

אברהם דער רויטער איז אומגעלאָפן ווי משוגע, די אַרבעט ברענט, אומעטום אַרבעט מען נאָרמאַל, נאָר ביי אים איז די פאַבריק פאַרקלאַפּט, ער וואַרט און וואַרט, אפשר וועלן די אַרבעטער נאָכגיביקער ווערן. זעענדיק, אַז ס׳נעמט קיין סוף נישט, האָט ער זיך נאָך אַ מאָל געווענדעט צו די אַרבעטער און האָט פשוט מיט טרערן אין די אויגן זיך ביי זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן

אים נישט אַריינשטעלן יוילע היימאַן דעם „בונטאָוושטשיק". ווען ער האָט געזען, אַז עס העלפט אים פאָרט נישט, האָט ער זיי פאָרגעלייגט צו מאַכן אַ גורל, און אויף וועלכן פאַבריקאַנט ס'וועט אויספאַלן, צו דעם וועט מען אים אַריינשטעלן.

נאָך לאַנג בעטן זיך רחמים ביי די אַרבעטער, זענען זיי פאָרט איינגעגאַנגען אויף אַ גורל, און אויף שלימזל איז דער גורל פונקט אויסגעפאַלן אויף אים אַליין. ער האָט געקריצט מיט די ציין און געביילט די פויסטן, אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט העלפן און געמוזט נאָכגעבן. דער כעס האָט אין אים געברענט און האָט זיך נישט געקאָנט איינשטילן, און כדי זיך נוקם צו זיין אין יוילען, האָט ער אים ביי דער אַרבעט איזאָלירט, ווי עפּעס אַן אָנשטעקנדיקן קראַנקן. ער האָט איינעם אַליין אים אַריינגעשטעלט אין אַ באַזונדער צימער, אים מכבד געווען מיט דער ערגסטער אַרבעט, ווי שאָבן מאַך, קלערנדיק, אַז אפשר אַזוי אַרום וועט ער אים פאָרט פטרן און ער וועט אַליין אַוועקגיין.

די אַרבעט איז פון איצט אָן געגאַנגען נאָרמאַל, די אַרבעטער זענען געווען צופרידן, אָבער די סוחרים זענען אַ שטיק צייט אַרומגעגאַנגען שטאַרק פאַר־ביטערט, שעמענדיק זיך צו ווייזן די אויגן איינער פאַרן אַנדערן, צוליב זייער נישט איינגעגעבנעם בונט קעגן די בערשטער־אַרבעטער, וואָס האָט זיך פאַר זיי געענדיקט מיט אַזוי פיל חרפה און קרענקונג.

„מעזריטשער וואָכנבלאַט"
יולי, אויגוסט, סעפּטעמבער 1929

יעקב פּאַט

# אין מעזריטש

(פון בוך „אויף די וועגן פון באַגינען״)

אין מעזריטש איז געווען דאָס גרויסע געשלעג אין בית־מדרש. עס איז אויסגעבראָכן, ווען דער מגיד האָט „געזאָגט״. דאָס איז געשען דריי טעג נאָך דעם ווי מען האָט אהרן־יידלען אַרעסטירט לויט דער מסירה פון משהל חזירניק.

משהל חזירניק איז געווען אַ גביר, אַ פרומאַק און אַ חזיר. אַ פאַבריקאַנט פון חזיר־האָר. אהרן־יידל איז געווען אַ פּשוטער בערשטער ביי משהלען אין פאַבריק. מער נישט, אין יענעם שבת־צו־נאַכטס איז פאָרגעקומען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט געווירקט, ווי שוועבל אין אַ פאַס פולווער. מעזריטש האָט אויפגעריסן.

מחמת שבת איז דאָך שבת און מען טאָר נישט אַרבעטן, האָט מען אין די מעזריטשער פאַבריקן געווײַנלעך אַרײַנגעאַרבעט די שבת־צו־נאַכטסן ביז אַ זייגער צוועלף. די שעהען פון ווינטערדיקן שבת־צו־נאַכטס ציִען זיך אין פאַבריק ווי פון פעך אַרויס. דערצו נאָך מוז מען אַרבעטן אויף משהל חזירניקס זייגער, וואָס הענגט ביי אים אין דער סאַליע. אַ מאָדנער זייגער איז דאָס געווען אָט דער, וואָס ביים פאַבריקאַנט אין סאַליע. ער פלעגט רק אָפּטאָן קונצן: אָט איז ער האַלב צוועלף און באַלד צוריק — אַ פערטל צוועלף. אָט דוכט זיך, איז ער דריי פערטל אויף צוועלף, מען אַרבעט אָפּ אַ פערטל שעה מיט אַ הכרעה — זאָל ער דאָרט, משהל חזירניק, האָבן נאָך אַ צען מינוט פּראַצע, מען גיט אַ קוק אויפן זייגערל, ערשט עס פעלן נאָך צען מינוט.

— אַז עס ברענט אייך אונטער די פיס, אַז געלט ווילט איר נעמען בעגאַזלאַ־וואָיע — קרעכצט משהל חזירניק — דוכט זיך אייך אַלץ, אַז מען דאַרף שוין דאַווענען שחרית...

אהרן־יידל דער בערשטער איז אָט דעם שבת־צו־נאַכטס טאַקע געשטאַנען, ווי אויף שפּילקעס. זיין ווייב איז געלעגן דעם צווייטן טאָג מיטן ערשטלינג, האָט ער נישט געקאָנט איינשטיין אין פאַבריק. עס איז שוין האַלבע נאַכט, דאָס שפּירט מען דאָך לויט דער אַרבעט, און דער זייגער וויל נישט קריכן צו צוועלף:

— כאָטש גיב אים איין אַ גוטע קרענק...

רק ער מאַכט קונצן. ער גייט גאָר „עלינו לשבח״ — הינטער זיך, און שפּייט אויס אויף פּאַרנט.

עס מוז שוין זיין האַלב איינס. עס קאָן נישט זיין ווייניקער. אהרן־יידל וועט אויף טשעקוואָעס כאַפּן אַ קוק אין סאַליע. ער טוט שטיל אַן עפן די טיר און

---

**באַמערקונג:** די נעמען אין דער באַשרייבונג זענען נישט אויטענטיש.

**די רעד.**

בלייבט שטיין אַ פאַרגאַפטער. נישט זיינע אויגן זענען געבליבן הענגען פאַר־גאַפטע, נאָר ער אין גאַנצן צוזאַמען מיט זיינע פאַרקאַשערטע אַרבל אויף די פאַרשוואַרצטע הענט:

משהל חזירניק שטייט אין זיין שלאַפראָק אויף אַ שטול ביי דעם וואַנטזייגער און דרייט דעם ווייזער אויף צוריק. ער איז אַזוי פאַרטיפט אין דער מלאכה, אַז ער זעט גאָרנישט אהרן־יידלען.

— ר׳ משהל, גוט ג׳אָוונט, הלמאי שלאָפט איר נישט...

— אַ...? אַ?... איך וואָלט וועלן זען, וויפל ס׳איז דער זייגער... וויפל ס׳איז צו חצות... די ראיה איז מיר, פאַר קיין יידן געדאַכט, אין גאַנצן קאַליע געוואָרן, אָבער אין גאַנצן...

— דעריבער גייט עס דער זייגער הינטערווייִלעכטס... — האָט אַ חוזק געטאָן אהרן־יידל — אַ הינטישער זון קאָן — און מען האָט נישט געוווסט, צי ער מיינט דעם זייגער, צי משהל חזירניק — אויב ער האָט נישט קיין כוח אַליין צו גיין, וועל איך אים שוין אַ לערן טאָן גיין...

און ער האָט, פון כעס, אויפן שטעל אַרייַנגעהאַקט דעם בערשטער־אייזן אין סאַמע זייגער אַריין. אַ שטיקל גלאָז איז אָפּגעשפּרונגען און אַ ראַץ געטאָן משהל חזירניק אין שטערן.

— געוואַלד!... — האָט ער זיך צעשריִען — געוואַלד, אַ ראַזבאָיניק!... אַן אָשוסט!... געוואַלד!... ער שטעכט מיך מיט אַ מעסער!... ראַטעוועט!...

די בערשטער זענען אָנגעלאָפן. אַלע בערשטער־טישן זענען ליידיק געוואָרן. אַלע האָבן אַרייַנגעשאָטן אין סאַליע אַריין און נאָך באַוויזן צו זען ר׳ משהלען אין שלאַפראָק אויפן שטול. דערווייל האָט ער צוזאַמען מיט דער חרפה, אויך דערשפירט אַ רינעלע בלוט אויפן פנים, איז ער אַריין אין אַ גוואַלדיקער רציחה און געשריִען:

— אין סיביר וועל איך אים פאַרשיקן!... אין קייטן וועט ער ביי מיר גיין!... וואָס אַן אַרעסטאַנט קאָן!...

ער האָט מער נישט געוווסט וואָס צו טאָן, האָט ער געטאָן אַ פאַל צו צום פענצטער, אים אויפגעפראַלט און געשריִען אין געסל אַריין:

— פאָליציע!... ראַטעוועט!... ראַטויטשע!...

אהרן־יידל איז די נאַכט נישט אַוועק אַהיים, נאָר דער אוריאַדניק האָט אים אָפּגעפירט אין קאָזע.

איז שטאָט אַוועק כאָדאָראָם: סטייטש און סטייטש!... און ווו איז דאָס געהערט געוואָרן אַזוינס!... און ווי קאָן מען שווייגן — ווי רייסט מען אָפּ אַ טאַטן פון אַ קימפּעטאָרן מיט אַ דריי טאָגיק קינד!

אַלע בערשטער וועלן מאַכן יד־אחת. מ׳וועט שטרייקן!... מעזריטש וועט שוין אַ קוק טאָן! מען וועט זיך נעמען צו זיי, איינס ביי איינס: לאָזט אַרויס אהרן־יידלען פון קאָזע!...

דעם צווייטן שבת האָט ר׳ געצל דער מגיד „געזאָגט״ אין גרויסן בית־מדרש טאַקע וועגן דעם ענין. ער האָט געהייסן תשובה טאָן. גזלנים גייען דאָך אַרום איבער דער שטאָט, מען קוילעט דאָך שוין מענטשן מיט מעסערס. שיִער־שיִער — אַזאַ ייִדן, אַזאַ גביר. עס האָט דאָך געפעלט טאַקע אַ האָר. און גאָט, מיינט איר, וועט שווייגן? — און פּאָליציע איז גאָרנישט? — וואָרעם דער רוצח האָט דאָך געוואָלט מיטן מעסער אומברענגען אַ ייִדן אַ ירא־שמים!....

מער האָט דער מגיד נישט גערעדט. דער בית־מדרש האָט זיך געשטעלט „דיבאָם״:

— מגיד, עס איז אַ ליגן!...

— אַ בילבול!...

— שווייגט, לאָבוסעס!

— האַלט ס׳מויל, מוסרים, בלוט־זויגערס!...

לייזער דער גרויסער, מיטן שוואַרצן בערדל פּאָרויס, האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום באַלעמער, ער איז צוגעלאָפן צום באַלעמער און אַ געשריי געטאָן ביים אָרון־קודש אויפן גאַנצן עולם, אַז דער גאַנצער עולם האָט גוט געהערט:

— מגיד, איר זייט אַ טאָכעס־לעקער!...

— סטייטש!... וואָס האָט ער געזאָגט דער גראָבער יונג! — עס איז דאָך אַזאַ חלול־השם, וואָס עס איז נישט געהערט געוואָרן.

— לאָבוסעס!... דרך־ארץ!...

— לאָזט אַרויס פון טורמע אַ טאַטן פון אַ קליין קינד!...

— מ׳עט אייך אַלע פאַרשיקן!...

— פריִער אייך אין דר׳ערד אַריין!...

— יונגאַטשעס, האַלט ס׳מויל!... מירן אייך... .

— מירן אייך די הענט קירצער מאַכן...

עמעץ איז שוין עמעצן אַריינגעפאָרן אין באָרד אַריין. עס פליִען פּעטש, סטוסאַקעס. דער עולם וויגט זיך פון צייט צו צייט. אויפן סאַמע מיטן האָט זיך צונויפגעקליבן אַ קאַפּאַטעס־קנויל.

מען שפּרינגט אויף די בענק, עס פליט אַ שטענדער. נאָך איינער. ווייבער שרייען פון ווייבער־שול. דאָס געשלעג גייט און מען ווייסט נישט ווער־וועמען דערלאַנגט. די באַלעגאַלעס זענען אין סאַמע מיטן. די בערשטער האַקן מיט די דאַרע הענט. משהל חזירניק שרייט צו זיין באַלעגאָלע:

— בעריש, וואָס שטייסטו, בעריש!...

אין דער רגע איז עמעצער אַריינגעפאָרן סאַמע ר׳ משהלען אין די ציין אַריין. פון מויל האָט אַרויסגעזעצט בלוט. ער האָט געשריִען מיט אַ זייער הייזע־ריקער שטימע:

— ראַטעוועט!... געוואַלד!...

שוין. דער פּריסטאַוו איז שוין דאָ. אָבער דער בית־מדרש שלאָגט זיך נאָך. דער פּריסטאַוו איז אַרויף אויפן בימה און געטאָן אַ צי אַרויס די שווערד:

— אָסאַדי נאַזאַד!... שטיל זאָל זיין!...

און ער האָט זיך געלאָזט מיטן שווערד צווישן עולם. ער גייט גלייך צו די בערשטער. יהודה דער הויכער האָט געהאַט אַ צעבלוטיקטן פּנים. ער איז געווען העכער פון אַלע און זיין פּנים האָבן אַלע געזען. איז דעריבער פּלוצעם שטיל געוואָרן, אַזוי ווי עס וואָלט אַלץ אָפּגעשניטן געוואָרן מיט אַ מעסער.

— זעט נאָר, יהודה!...

— זע נאָר ס׳בלוט!...

אַז אין בית־מדרש איז שטיל געוואָרן, איז פון דעם נאָך גרעסער געוואָרן יהודהס בלוט־פּנים, עס האָט אויסגעזען, ווי פון די אויגן וואָלט זיך אים אויך געגאָסן בלוט.

צו אים גראָד האָט זיך אַ לאָז געטאָן דער פּריסטאַוו מיטן שווערד. די גבאים האָבן אָנגעוויזן:

— און לייזערן!...

— און קעלבאָסן...

האָט נאָך באַוויזן דער שוואַרצער מרדכי זיך אַרויפצוכאַפּן אויפן באַלעמער און אַ געשריי געטאָן:

— זאָל קיינער נישט גיין צו דער אַרבעט, שטרייקן!...

אין דעם שבת־צו־נאַכטס איז טאָקע נישט געגאַנגען קיין בערשטער צו דער אַרבעט. גאַנץ מעזריטש האָט געשטרייקט. עס האָט זיך אָנגעהויבן.

י. האַרן/בוענאָס איירעס

# דער „בונד" אין מעזריטש פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה

## (דאָס רעוואָלוציאָנערע מעזריטש)

מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק פלעגן די בערשטער־אַרבעטער אין מעזריטש זיין געצוווּנגען צו אַרבעטן 17 שעה אַ טאָג. דאָנערשטיק פלעגן די בערשטער אַרבעטן אַ גאַנצע נאַכט און פרייטיק — ביז ס'איז געוואָרן טונקל, און ווי' אונדזערע טאַטעס פלעגן דערציילן, האָבן זיי אויך „שאַבייסצונאַכטס" געמוזט גיין צו דער אַרבעט.

ווען זיי פלעגן שבת־בייַנאַכט צוריקקומען פון די וואַרשטאַטן, איז דאָס ווייב מיט די קינדער שוין לאַנג געשלאָפן. אויף דער קיך האָט אָבער נאָך געברענט אַ קליין נאַפטלעמפל, ביי וועלכן די טאַטעס פלעגן אָפּעסן די פאַרקילטע „שיטערע קאַשע מיט קאַרטאָפליעס".

פאַר דער דאָזיקער קאַטאָרזשנער אַרבעט, פלעגן די קוואַליפיצירטסטע אַרבעטער פאַרדינען 3—4 רובל אַ וואָך. אַ שווער פאַרמאַטערט לעבן האָבן די אַרבעטער געפירט און אין דער פרייער צייט קוים כוח געהאַט צו גיין אין בית־מדרש אַריין און הערן לערנען.

פון צייט צו צייט פלעגן אין די וואַרשטאַטן פאָרקומען קריגערייען, אינצידענטן, צווישן אַרבעטער און פאַבריקאַנטן. די עקאָנאָמישע נויט און פאַרשקלאַפונג האָט געזוכט אַ פלאַץ דורך וואַנען אויסצוברעכן, ביז פון זיך אַליין איז אויסגעשמידט געוואָרן אַ כוח צו פאַרלאַנגען גרעסערע לוינען, וויניקער אַרבעט־שעהען, און דער עיקר — נישט אַרבעטן מער אויפן פוד. צו ערשט האָט זיך דאָס רעוואָלוציאָנערע פייער באַוויזן אין איינצלנע פאַבריקן, שפּעטער האָט שוין געפלאַמט די גאַנצע שטאָט.

קרוב 12 הונדערט אַרבעטער זענען אַרויס אויף די מעזריטשער גאַסן און אָנגעהויבן אַ קאַמף, וואָס איז אַריבער די גרענעצן פון שטעטל און אַוועק איבער גאַנץ רוסלאַנד. די שטרייקן און קאַמפן פון די ייִדישע בערשטער־אַרבעטער האָבן אַרויסגערופן אויפמערקזאַמקייט אויך אין אויסלאַנד. די בערשטער־אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן לייגן דעם גרונטשטיין פאַר אַ פּראָפעסיאָנעלער קלאַסן־באַוועגונג אין ייִדישן לעבן אין רוסלאַנד, וואָס האָט געקעמפט נישט בלויז פאַר עקאָנאָמישע פאָדערונגען, נאָר האָט געאָטעמט מיט רעוואָלוציאָנערן פּאָליטישן קאַמף.

יאַנקל „שמעגדע" האָט דערציילט, ווי אַזוי ער און נאָך בערשטער זענען אין 1897 אַוועק אין שטאָטישן בית־מדרש און ביים אָפענעם אָרון־קודש געשוואוירן צו גרינדן „די אָרגאַניזאַציע". דאַן האָבן זיך די מעזריטשער בערשטער, פּונקט ווי די ייִדישע בערשטער־אָרגאַניזאַציעס אין ווילנע באַקערט צום

„אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד" און פון דעמאָלט אָן איז די באַוועגונג געוואַקסן.

אין די פאַבריקן איז אויפגעגאַנגען אַ מעכטיקער אַרבעטער־כוח. די פאַב־ריקאַנטן האָבן אָבער דעם כוח נישט געוואָלט אָנערקענען. פיל מאָל האָבן די פאַבריקאַנטן דערקלערט לאָקאַוטן די אַרבעטער; לאָקאַוטן, וואָס האָבן זיך געצויגן 17 און 24 וואָכן. די אַרבעטער מיט זייערע פאַמיליעס האָבן שרעקלעך געליטן, זייער קאַמף־גייסט איז אָבער נישט געבראָכן געוואָרן.

די בערשטער־אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן ליידן פון שאַרפע פּאָליטישע רעפּרעסיעס, און יעדער אַרבעטער איז געווען אַ קאַנדידאַט צו באַקומען „אַ וויסילקע", פאַרשיקט צו ווערן קיין טיף רוסלאַנד.

אין די ווינטערדיקע פאַרנאַכטן פלעגן די „בלויע" רוסישע זשאַנדאַרן, מיט די לאַנגע גרינע שינעלן, אַרומגיין אַרום די בערשטער־פאַבריקן און וואַרטן אויף אַ „גינסטיקן מאָמענט" אַדורכצופירן אַרעסטן. „מיקולקע", דער סטאַרשי פון שטאָט, האָט די „בלויע" זשאַנדאַרן אַ סך מאָל געוואָרנט:

— אין די וואַרשטאַטן ברענט אַ פייער, די אַרבעטער זענען באַוואָפנט — יעדער איבערפאַל שמעקט מיט טויט...

ווען די מעזריטשער בערשטער־אַרבעטער האָבן אין 1905 געוווּנען דעם אַכט־שעהדיקן אַרבעטסטאָג, האָט די באַפעלקערונג געטאַנצט אין די גאַסן פאַר פרייד און די אַרבעטער האָבן נישט אויפגעהערט צו זינגען וועגן אַ „נייעם משיח, וואָס קומט אָן".

ווען אַלע בעלי־מלאכות האָבן זיך ערשט רעכט גענומען צו דער אַרבעט, זענען שוין די בערשטער־אַרבעטער געווען אין דער היים. זומער 5 אַ זייגער פאַר נאַכט, די זון האָט נאָך גאָר העל געשיינט, זענען די בערשטער־פאַבריקן שוין געוואָרן אָפּגעשטעלט און אויף די טירן זענען שוין געלעגן די אייזערנע פּרענטן און שלעסער.

— נישט אַנדערש — פלעגט זאָגן דער חזיר־האָר־סוחר וואָווע פּאַקער — נאָר די פאַבריקן ווערן „זייערע".

— עס וועט אַוועקגיין נאָך אַ שטיקל צייט — האָט געטענהט מוישקע ווישניע מיט פאַרביטערונג — וועלן די אַרבעטער באַשליסן, צי מיר מעגן אַריינקומען אין אונדזערע פאַבריקן, אָדער נישט.

אין שטעטל האָט מען געוווּסט, אַז ביי גאָלדעלע שטיין אין וואַרשטאַט „שווערן" יעדן טאָג די בערשטער־אַרבעטער „צו קעמפן פאַר פרייהייט און רעכט" און אַראָפּצוואַרפן דעם קיסר, און ביי מאיר שמחהן אין פאַבריק, ביים לאַנגן טיש, ווו עס שטייען די „מישערס" צוזאַמען מיטן בעל־מלאכה, איז איין קאָם אַרומגענומען מיט אַ זיידענע רויטע שלייף און אין אַ ווינקל איז אויסגע־מאָלן דער רוסישער קיסר. און ווי נאָר דער זייגער קלינגט פינף, לויפט צו „בעריש קאָבעלע" מיטן אויסגעשריי „דאָלוי סאַמאָדערזשאַוויע" און שטעכט אַריין אַ מעסער אין קיסרס פנים אַריין.

דער פאַרמעסט קעגן רוסישן קיסר איז נישט בלויז געבליבן אין די וואַר־שטאַטן. יעדע שטוב איז פול געווען מיט „ברידער" — די גאַנצע שטאָט האָט געאָטעמט מיט רעוואָלוציע.

געהיימע פאַרזאַמלונגען אין די וועלדער איז געווען „אַ נאָרמאַלע" זאַך. די „ברידער" האָבן דורכגעפירט גרויסע דעמאָנסטראַציעס איבער די גאַסן אין מיטן העלן טאָג און אויך געטראָגן רויטע פענער און פאַר קיינעם קיין מורא נישט געהאַט.

פאָליציי האָט געשאָסן און פאַרוואונדעט, און קיינער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. אין זעלבן טאָג איז די „בירזשע" ביים בריקן־בית־מדרש פול געווען מיט מאַסן, און אַרבעטער, ווי אויך אַ פּאָר גבירישע זינדלעך, האָבן געהאַלטן רעדעס.

דער „בונד" האָט געהייסן פאַרמאַכן די געוועלבער, פּאָליציאַנטן האָבן געהייסן עפענען, און אויסגעפירט האָבן די „ברידער". פון צייט צו צייט איז אַראָפּגעקומען מיליטער, האָט באַלאַגערט די שטאָט און אַוועקגעפירט צענדלי־קער יונגע־לייט קיין שעדלעץ, עס האָט אָבער גאָרנישט אָפּגעשראָקן. די „אָרגאַניזאַציע" איז געווען אַ הייליקע זאַך, פאַר וועמען די „ברידער" זענען גרייט געווען צו ליידן און אפילו אומקומען.

— וואָס פאַר אַ ווערט האָט דען אַזאַ „אָרעמעס, רעכטלאָזעס, פינצטערעס לעבן" — האָט „בערישל לאַכטשעס" געטענהט צו די אַרבעטער, און חיים „קעצעלע" דער בערשטער, האָט אַוועקגעגעבן 9 רובל, זיין גאַנצע וואָך לוין, אַז מ'זאָל אים לאָזן אָנרירן די פאָן פון דער „אָרגאַניזאַציע".

וואָס פאַר אַ ווערט האָט דען געהאַט געלט, אַז די „ברידער" זענען גרייט געווען פאַר דער רעוואָלוציע אַוועקצוגעבן דאָס אייגענע לעבן.

אין שטאָט אַריין איז אַ מאָל געקומען צו גאַסט אַ פערדהענדלער פון וואַרשע מיטן נאָמען „איטשקע". אָט דער איטשקע איז געווען ביי דער „אָרגאַ־ניזאַציע" אין וואַרשע פאַרצייכנט אַלס אַ פּאָליציי־אַגענט. האָט די אָרגאַניזאַציע פון וואַרשע געזוכט אַ געלעגנהייט דעם איטשקען אומשעדלעך צו מאַכן, ווייל ער איז געווען פאַרוויקלט אין אַ גרויסן פּראָצעס, ווו צענדליקער האָבן באַצאָלט מיט זייער פרייהייט. דער „גורל" איז געפאַלן אויף מעזריטש.

די מעזריטשער „ברידער" האָבן די זאַך זיך אונטערגענומען און אַלץ אויסגעפירט ביזן סוף. ווען איטשע דער אַגענט איז געזעסן ביי משה קאָניוך אין שטוב און געגעסן נאַכטעסן, זענען אַריין צוויי יונגעלייט און געפרעגט צי ער איז „איטשקע". ער האָט געענטפערט, אַז יאָ. און אין מאָמענט ווען איטשקע האָט געוואָלט אַפּערגיין פון הינטערן טיש, האָבן אים די צוויי יונגע־לייט דער־שטאָכן. דער באַלעבאָס מיט זיין ווייב די „הויכע הינדע", זענען שיר נישט אויסגעגאַנגען פאַר שרעק און אָנגעהויבן שרייען, האָט זיך איינער פון די צוויי יונגע־לייט צוריקגעקערט און געזאָגט:

— ר' משה, איר האָט גאָרנישט געזען!

איין יונגערמאַן איז גלייך אַנטלאָפן פון שטאָט און דער צווייטער, צוזאַמען מיט הונדערטער מענטשן האָבן געזען, ווי פּאָליציי האָט „איטשקע שפּיאָן" אַרויסגעפירט אַ טויטן פון מעזריטש.

ווער פון די רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך געשראָקן ?

— וואָס איז זיך דאָ צו שרעקן — פלעגט זאָגן דער „הויכער קיווע" — אַז „פאַרלירן קאָן דער אַרבעטער די קייטן און געווינען קאָן ער די גאַנצע וועלט".

די אַרבעטער־יוגנט אין שטעטל האָט געחלומט פון נייע וועלטן און אַז די היימען וועלן זיין שענער, דאָס פאַמיליע־לעבן ריינער, די ליבע דערהויבענער. און דער עיקר: דער מענטש וועט ווערן געלייטערט. עס וועלן קומען נייע מענטשן, וואָס וועלן אויספלאַסטערן דעם וועג פאַר אַ נייער מענטשהייט.

אין דער צייט האָט דערווייל ר' לייזער בייניש געהאַלטן רעדעס אין די בתי־מדרשים וועגן ארץ־ישראל און דערביי דערציילט, וואָס ער האָט אַזוינס געהערט אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן. אין ר' סנדרס בית־המדרש האָט די „עס־עס" געפירט גרויסע דיסקוסיעס; און עקיבא ריינוויין, חיים שלמה גאַר־בערס זון, האָט גערופן די מעזריטשער בערשטער זיך איינצושליסן אין די עס־עסישע רייען, און אין גרויסן בית־מדרש איז ביים אָרון־קודש געשטאַנען אַ ייד מיט א שוואַרצער באָרד, דער באַרימטער מגיד שמחה כהנה, וואָס האָט געשמט אין רוסלאַנד מיט זיין שיין רעדן און געהאַלטן אַ דרשה.

די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט גערופן אין גרויסן בית־מדרש אַריין. איז דער בית־מדרש יענעם אָוונט פול געווען מיט יידן. שטייט אַזוי דער מגיד און זינגט זיך אויס זיין רעדע, און ער שילדערט יעקב אבינו ווי דעם סימבאָל פונעם יידישן פאָלק, פאַררופנדיק זיך אויף אַ מדרש: „יעקב אבינו לא מת".

פלוצעם דערהערט זיך אַ שטימע פונעם בעלעמער אַראָפּ:

— ניין, ר' מגיד, יעקב אבינו איז געשטאָרבן!

דער עולם ווערט ווי עלעקטריזירט, און באַלד האָט זיך באַוויזן אַ יונג, ערנסט פּנים, וואָס רעדט און אָפּאָנירט דעם מגיד.

גערעדט האָט דאַן דער בונדיסט ב. וולאַדעק וועגן סאָציאַליזם, מיט אַזאַ איבערצייגונג אַז דער מגיד האָט נישט געפונען קיין ווערטער אָפּצוענט־פערן. האָט ער זיך אויפגעריסן דאָס העמד און אַרויסגעשטעלט די נאַקעטע ברוסט זיינע, אַ געשריי טוענדיק: „נאַ, שיס מיך, איך וועל פון מיין גאָט נישט אָוועקגיין"!

דער עולם איז דערציטערט געוואָרן און געשטאַנען און אויסגעהערט וולאַדעקס רעדע וועגן סאָציאַליזם.

אין מעזריטש איז וולאַדעקס דיספּוט מיטן מגיד כהנה, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1905 אין גרויסן בית־המדרש, פאַרבליבן ווי אַן אָנדענק פון אַ גרויס גע־שעעניש.



אויב אין געוויסע צייטן האָבן מאַמעס זיך געשעמט, וואָס זייערע קינדער זענען פאַרמישט מיט די „ברידער" און זיי האָבן מורא געהאַט, אַז צו זייערע מיידלעך זאָלן נישט דערגיין די רייד פונעם „נייעם פאַמיליען־לעבן", האָבן זיי אין די יאָרן פון רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג זיך געפילט שטאָלץ, וואָס זייערע קינדער זענען אויך נישט אָבי ווער.

„קיוועלע דער קליינער", „קיווע דער הויכער", „דער קרול", „סאַנע מאָרעס", „יאַנקל שמעגדע", „חיה שאָלס", מאַליע ר' מאָטלס, באַשע לאה, „סרול־קעלע פלייטס" און נאָך און נאָך צענדליקער פאַר און נאָך זיי, זענען געוואָרן דער שטאָלץ, נישט בלויז פון דער אַרבעטערשאַפט, נאָר פון גאַנצן שטעטל.

די ווערטער פון די ביידע „קיוועס" זענען געווען הייליק. דער קליינער און גרויסער קיווע זענען נישט בלויז געווען אַנדערש אין זייער פיזישן געבוי, נאָר דאָס זענען אייגנטלעך געווען צוויי שיטות. אַלע דיסקוסיעס אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג וועגן ייִדישע פראַגן, לאַנד און וועלט־פּראָבלעמען, זענען פון די ביידע אַנדערש געשטעלט און פאַרענטפערט געוואָרן. אין דער געשיכטע פון דער מעזריטשער אַרבעטערשאַפט פאַרנעמען די ביידע „קיוועס" גאָר אַ גרויס אָרט; ביידע זענען אמתע „פרינצן פון קעלער".

זיי קומען פון אָרעמע אַרבעט־שטובן און ביידע האָבן זיך אַליין דערהויבן צו ווערן אָנפירער פון דער אָרגאַניזירטער פּראָפעסיאָנעלער און פּאָליטישער באַוועגונג אין שטאָט, אין משך פון יאָרן. זיי זענען ביידע אין די שווערע ביטערע רעאַקציע־יאָרן פון נאָך 1905 אַוועק קיין אַמעריקע. דער אָרעאָל אַרום זייערע נעמען איז אָבער געבליבן. וועגן דעם, ווי אַזוי די „קיוועס", סאַנע מאָרעס, און יאַנקל „שמעגדע" פלעגן אָנפירן שטרייקן, ווי אַזוי זיי פלעגן די שטרייקן אָנהייבן און זיי פאַרענדיקן, זענען ממש אַרומגעגאַנגען לעגענדעס.

אין די יאָרן פונעם רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג זענען צוגעקומען צו דער אַרבעטער־באַוועגונג פיל רייכע קינדער, זיי האָבן זיך אָבער לאַנג נישט איינגעהאַלטן. ביי די ערשטע שווערע מאָמענטן זענען זיי אַוועק און ווידער זענען אין דער פּאָליטישער באַוועגונג געבליבן נאָר אַרבעטער.

אין יאָרן אַרום, ווען „קיוועלע דער קליינער" איז שוין לאַנג געווען אין אַמעריקע, האָט מען „הינטערן קאַנאַל", דאָרט וווּ קיוועלע האָט געוווינט, געפונען באַגראָבן אין דר'ערד אַ קאַסטן, וווּ ס'איז געלעגן אַ ברייטער פירקאַנטיקער מעשענער סטעמפּל פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, קאַרל מאַרקס'ס „די עקאָנאָמישע לערע", פּראָטאָקאָלן פון ערשטע זיצונגען און אַ קליין ביכעלע וועגן שטרייקן.

אַ „לעצט וואָרט" פון „קיווע דעם הויכן" האָט געבראַכט פון אַמעריקע קיין מעזריטש, זיין „חברטע" באַשע לאה, וואָס איז געקומען נעמען חליצה. ווען באַשע לאה איז צוריקגעקומען פון ניו־יאָרק, האָט דאָס שטעטל אויף ס'ניי זיך דערמאָנט אין „קיווע דעם הויכן", וועמען מ'האָט אָפּגעהאַקט די לונגען אין די צאַרישע תפיסות, און דערפאַר איז ער יונגערהייט געשטאָרבן אין ניו־יאָרק.

**אָנפירער פון דער מעזריטשער אַרבעטער־באַוועגונג פון יאָר 1904 ביז 1910**



אויפן בילד צווישן אַנדערע: עקיבא עלענצווייג (קיווע דער קליינער), „קיווע דער גרויסער", באַשע־לאה קאַמעלמאַן, שמואל־משה מילשטיין („דער קרול"), בעריש פאָגאָזשעלעץ (לאַכטשעס), משה טשעפעלינסקי, באַרשטנבינדער (יוילטשעס זון)

אין די שפעטערדיקע יאָרן איז אויך געקומען צו גאַסט פון ניו־יאָרק „דער קרול״, איז ער אַרומגעגאַנגען און געזוכט די סימנים פון „יענע יאָרן״. גאַנצע טעג איז ער געווען אין דער „גראָסער־ביבליאָטעק״. ביי יעדן צוזאַמענקום פלעגט ער האַלטן רעדעס וועגן „פינפטן יאָר״, דערמאָנען נעמען, אָנרופן געשעענישן און זיך שיער נישט צעוויינען פאַר פרייד. די נייע צוגעקומענע יונגע בונדיסטן און קאָמוניסטן האָט ער געהאַלטן פאַר זיינע קינדער.

ביי יעדן אינטימען צוזאַמענקום פלעגט ער אָבער נישט פאַרגעסן צו דער־ציילן, אַז אויפן וועג קיין מעזריטש האָט ער אין פאַריז געטראָפן מאַליע ר׳ מאָטלס. ווען ער האָט איר דערזען, האָט ער זיך צעוויינט, ווי אַ קליין קינד.

— אַ סך, אַ סך מיידלעך זענען צו אונדז געקומען פון גבירישע הייזער, פון שטובן מיט געפּאַרבטע פאָדלאָגעס — פלעגט זאָגן „דער קרול״ — די וואָס איז געבליבן אין דער באַוועגונג און זי עלטערט זיך, ווי אַ מיטגליד אין דער סאָציאַליסטישער לאַנד־פּאַרטיי, דאָס איז מאַליע ר׳ מאָטלס.

פיל פון זיינע צייט־חברים האָט ער, „דער קרול״, נאָך געטראָפן אין שטעטל. די נאָענטסטע זענען געווען: „יאַנקל שמעגדע״ און „סאַנע מאָרעס״. דער ערשטער איז נאָך געווען אַ מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון בערשטער־אַרבעטער־פאַראיין און ביז גאָר אַקטיוו אין דער בונדישער באַוועגונג און „סאַנע מאָרעס״ איז געווען אין דער אָפּאָזיציע. „סאַנע מאָרעס״ איז נאָך געווען פול מיט שטורעם און קאָמפּסלוסט און זייער אָפט האָט אים די פּאָליציי אַרעס־טירט פאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט.

איין מאָל האָט אהרן דוד „קרול״ דערגרייכט צו זיצן מיט „יאַנקל שמעגדע״ און מיט „סאַנע מאָרעס״ ביי איין טיש און ווידער זינגען אויף אַ הויכן קול: „מיר ברעכן, מיר ברעכן די אייזערנע וואַנט״.



פאַראַן יחידים, וואָס בלייבן שטעקן אין זייער עפּאָכע און קענען אין קיין נייער צייט נישט אַריינקומען. זיי רעדן אַנדערש, זיי זינגען אַנדערש און דער עיקר: אַלץ הייבט זיך ביי זיי אָן פון יענעם באַרג, ווו זיי זענען געשטאַנען. אויב שטרייקן, אויב קאַמפן, אויב אידעאַליזם, רעוואָלוציאָנערער אימפּעט, איז עס געווען „דע־מאָלט״, ווען זיי האָבן געקעמפט מיט די „בלויע זשאַנדאַרן״ און מיט די אַלטע חזיר־האָר־סוחרים.

אהרן דוד „קרול״ האָט געהערט צו די, וואָס זענען געבליבן שטיין ביים „פינפטן יאָר״, ביי די פאַרזאַמלונגען אין וואַלד, ביים פאַרקעמען זיך מיט „אַ פּאָליטישן שרינט״ אין דער מיט. און אויב, חלילה, אַ לוויה פון אַן אייגענעם, מוז דער מת געפירט ווערן אין אַ „צעפּ״.

אַז אויך נאָך זיין אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע, האָט מעזריטש געקעמפט, געפירט שטרייקן, געהונגערט, דורכגעמאַכט לאָקאַוטן, געשאַפן אַ קראַנקן־קאַסע, איינגע־אָרדנט ביבליאָטעקן, אָרגאַניזירט די אַרבעטער פון אַלע פאַכן און באַנייט די

פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע — דאָס האָט „ער״ נישט געקאָנט באַנעמען. אמת, דאָס הערצישע „פינפטע יאָר״״ איז ביי אַלעמען געווען אין דער נשמה, אָבער לעבן בלויז מיט די אָנגעצונדענע פייערן פון יענעם אַמאָל האָט זיך נישט געלאָזט.

ווי פאַרשאָטן איז געלעגן די צייט, ווען די גרעסטע טייל פּאַרטייער זענען געוואָרן מיד און האָבן זיך „געמונטערט״ מיט אַרציבאַשעווס „סאַנין״ און דערביי געטראַכט נאָר וועגן זיך אַליין.

פון אַש פון דער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע איז אויפגעגאַנגען אַ ניי פייערל, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט גרויסע טיילן פון דער יידישער אַרבעטער־יוגנט, וואָס איז געשטאַנען אין די בערשטער־פאַבריקן און געזוכט אַ פאַרבינדונג מיט דער בונדישער באַוועגונג, כדי צו זיין דאָס יונגע פרישע בלוט אינעם רעוואָלוציאָנערן מעזריטש.

יונגע בערשטער־אַרבעטער האָבן זיך ווי צונויפגעשמידט און מאָטל „באַל־ניק״, מיכאָלקע פישערס דריי עלטערע זין: פייוועלע, שמואל איצל און משה נטע; בערקע, יאָסל דער הינער־פאַרקויפערנס, שוילע, „מאָטל חיה דעם געלנס״, מרדכי „שוויטשקע״, הערשל דער לאָשיצער און לעמל „יאָסל גרינעס״, האָבן דערעפנט אַ יידישע אַרבעטער־ביבליאָטעק, מיט נייע ביכער, וואָס יעדער פון אָט דער יוגנט־גרופּע האָט געקויפט, און פון אָט דער ביבליאָטעק האָט זיך דערהערט אַ ניי יידיש סאָציאַליסטיש וואָרט אין דעם אַרבעטנדיקן און רעוואָלוציאָנערן מעזריטש. און געווען איז עס ערב דער וועלט־מלחמה פון 1914.

מ. איידלבוים

# עפיזאָדן פון מעזריטש

## 1. די מחלוקת אַרום דעם פּאַרלעצטן רב

אין מיין בוך „די יידנשטאָט מעזריטש״ איז מיר מערערע מאָל אויסגעקומען צו דערציילן אינעם נאָמען פון מיין פאָטער הר׳ יחיאל שו״ב ז״ל וועגן ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו דער געשיכטע פון דער מעזריטשער קהילה.

איך האָב דאָרט אונטערגעשטראָכן, אַז דאָס דערציילטע איז נישט סתם אַ מעשה אָדער אַ שמועה, וואָס איז נישט באַזירט אויף ווירקלעכע פאַקטן און געשעענישן. דער פאָטער איז ענטוועדער געווען אַן עד־ראיה, אָדער מקבל געווען פון דעם זיידן, וועלכער איז געווען אַן עד־ראיה, אָדער געהערט פון אַנדערע באַגלויבטע עדות, וועלכע האָבן דערציילט וועגן זאַכן וואָס זיי האָבן געזען, געשעענישן וואָס זענען פאָרגעקומען אין זייער לעבן.

אויך וועגן דער מחלוקת, וואָס איז אויסגעבראָכן אין יאָר תרנ״ה — 1894, האָט דערציילט דער פאָטער ז״ל. נישט נאָר איז ער געווען אַן עד־ראיה, נאָר ער און זיין פאָטער הר׳ משה צבי זענען געווען שטאַרק אַנגאַזשירט אין יענער מחלוקת, וואָס איז געפירט געוואָרן מיט ווערטער און נישט, חלילה, מיט הענט, ווי ס׳האָט זיך leider געפירט אין פיל יידישע קהילות אין פוילן און רוסלאַנד, ביז דעם אונטערגאַנג פון דעם פוילישן יידנטום. אינעם צענטער פון דער מחלוקת איז געשטאַנען דער פאַרלעצטער מעזריטשער רב ר׳ דוד נחמן שפירא ז״ל, דער בן־יחיד פון דעם באַרימטן און אומעטום רעספּעקטירטן גאון הרב ישראל איסר שפירא, וואָס איז נפטר געוואָרן אין דעם יאָר תרנ״ה (זע: מ. עדלבוים „די יידנשטאָט מעזריטש״ ז. 331—329).

מעזריטש, כאָטש נישט צווישן די גאַנץ גרויסע שטעט, איז געווען באַרימט אין דעם דעמאָלטיקן מלכות רוסלאַנד. זי איז געווען אַ שטאָט פון תורה און גדולה, אַ גרויסע פרנסה־שטאָט מיט רייכע בעלי־בתים, גרויסע בני תורה און האַרציקע פיינע עמך־מענטשן — האַרעפּאַשניקעס. נישט ווייניקער באַקאַנט איז געווען דאָס מעזריטשער רבנות. די דאָרטיקע רבנים האָבן געשמט אַלס גדולי תורה און צדיקים. איז עס נישט קיין וווּנדער, וואָס הן די פּני־העיר האָבן געזוכט רבנים גרויסע לומדים און מפורסמים זיי זאָלן באַקליידן דאָס רבנות פון זייער שטאָט, און הן וואָס גרויסע רבנים האָבן געגלוסט צו ווערן מעזריטשער רב.

נאָך דער פטירה פון רב ר׳ ישראל איסר (ער איז געווען שטאָט־רב פון 1868 ביז 1894 ד״ה 26 יאָר), האָבן זיך אין מעזריטש געשאַפן צדדים. ר׳ ישראל איסר האָט טאַקע איבערגעלאָזט אַ ווירדיקן ממלא מקום, זיין בן יחיד ר׳ בערעלע. (ער איז שוין דעמאָלט געווען רב אין דעם נאָענטן שטעטל קאָנסטאַנטין, לעבן סעמיאַטיטש). ר׳ בערעלע איז געווען אַ גרויסער בקי, אַ זיידענער יונגער־מאַן — אַ טאַטנס אַ קינד. אָבער די קעגנער זיינע האָבן געוואָלט אַ רב מיט אַ נאָמען,

אַ רב, וועלכער איז בקי נישט נאָר אין ש״ס און פּוסקים — דאָס האָבן זיי דאָך געהאַט אין ר׳ ישראל איסרס יורש — נאָר אויך אין הוויות העולם. אַ רב, וואָס זאָל זיך אַריינפּאַסן אין אַזאַ שטאָט ווי מעזריטש, ווּ די מסחרים זענען געווען גרויסע און געלט־סכסוכים זענען אַוודאי געווען נישט קיין קליינע. נאָר איין חסרון האָבן זיי געפונען אין ר׳ בערעלען — ער איז געווען גאָר יונג מיט ווייניק דערפאַרונג פאַר אַ גרויסער שטאָט און אַ גאַנץ קנאַפּער ידען אין וועלטלעכע ענינים. האָבן זיי, די פּני, הייסט עס, געזוכט אַ רב מיט אַ וועלט־נאָמען, וואָס זאָל ווערן דער ממלא־מקום נאָך דעם פאַרשטאָרבענעם רב.

צו דער לוויה זענען זיך צונויפגעפאָרן רבנים פון נאָענט און ווייט, צווישן זיי דער בריסקער רב ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק, וואָס איז אויך געווען פון די הויפּט־מספּידים. ער גראָד האָט באַלד אָנגעשלאָגן אַ טאָן, וואָס האָט גלייך אַוועקגעשטעלט די פראַגע פון דעם ממלא־מקום און גערעצהט אויפצונעמען פאַר רב דעם נפטרס זון.

מיט אים האָבן געהאַלטן אַ טייל בעלי־בתים פון עמך, איבערהויפּט די חסידים אין שטאָט. הגם זיי זענען געווען אַ קליינע מינדערהייט, האָבן אָבער די חסידים געהאַט חשובע יידן אין זייער עדה, לומדים און אויך אַ צאָל פאַרמעגלעכע. די חסידים האָבן געהאַלטן, אַז ר׳ בערעלע איז ראוי צו פאַרנעמען דעם טאַטנס פּלאַץ מחמת פיל טעמים. ראשית, איז ר׳ בערעלע געווען, ווי שוין געזאָגט, אַ גרויסער בקי אין ש״ס און פּוסקים, השנית, איז ער געווען פרום און אַ ריכטיקער „בר אבהן״, אַ טאַטנס אַ קינד און פון אַ גרויסער רבנישער משפחה. חסידים האַלטן גראָד פון דער טראַדיציע און אַז אַ זון דאַרף זיך פירן ווי דער פאָטער ווי ס׳פירט זיך ביי צדיקים, ביי חסידישע רביס.

איינער פון די הויפּט־טוערס אין דעם צד איז געווען דער זיידע, דעם פאָטערס פאָטער הרב משה צבי הלוי שו״ב ז״ל. קודם כל איז ער געווען אַ שטאַרק נאָענטער פריינד פון ר׳ ישראל איסרן, געהאַלטן פון אים שטאַרק, אויך דער רב האָט שטאַרק געהאַלטן פון דעם זיידעס לומדות (דער זיידע האָט געהאַט אַ פאָטאָגראַ־פישן מוח. געגנוג געווען דורכצובלעטערן אַ ספר, אַז ער זאָל אים קענען פון אָנהייב ביזן סוף. ער האָט געהאַט אַ גוואַלטיקן שׂכל הישר). ר׳ ישראל איסר פלעגט זיך נוהג זיין ווייזן צו ערשט דעם זיידן די „תשובות״, וואָס ער פלעגט ענטפערן צו די רבנים אויף זייערע שאלות, איידער ער האָט די „תשובות״ אָפּ־געשיקט. טייל מאָל פלעגט ער בעטן דעם זיידן אַליין שרייבן צו איינעם, וואָס פלעגט זיך איינעקשנען און אָפּפרעגן דעם רבס תשובה. אין דער וואָך ווען דער זיידע איז געווען דער הויפּט־שוחט אין דער בוינע, און אַז ס׳איז געווען אַ שאלה אין הילכות שחיטה, האָט ר׳ ישראל איסר זיך אָפּגעזאָגט פון פּסקנען. ער האָט געהאַלטן, אַז דער זיידע דאַרף אַליין פּסקנען די שאלה. אַחוץ דעם, האָט דער זיידע פאַרטראָטן דעם אַמט פון רב אין קאָמאַראָווקע, ווען ער איז דאָרט געווען אַ שוחט.

דער זיידע האָט ר׳ ישראל איסרן מכבד געווען נישט נאָר צוליב זיין לומדות

— לומדים האָבן אין יענעם דור נישט געפעלט — נאָר נאָך מער צוליב זיין צדקות און ערלעכקייט אין אַלע ענינים. זייענדיק אַן אָפּטער אַריינגייער צום רב, האָט ער נאַטירלעך אויך געהאַט אַ געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט ר׳ בערעלען, מיט זיין לומדות און ערלעכקייט. דער זיידע האָט דערפאַר געהאַלטן, אַז ס׳וואָלט געווען קעגן דעם יושר צו זוכן אַ רב פון דער פרעמד בעת דער נפטר האָט איבערגעלאָזט אַ ווירדיקן ממלא מקום, וואָס איז אויך געווען דער ווונטש פון דעם פאַר־שטאָרבענעם רב. אַלע חסידים האָבן מסכים געווען מיטן זיידנס מיינונג.

ר׳ חיים בריסקער האָט אינעם זיידן געפונען דעם מענטש אויף וועמען ער קען זיך פאַרלאָזן. ער האָט אויך גענומען צו הילף מיין פאָטער ז״ל, דעמאָלט נאָך אַ יונגערמאַנטשיק — היינט הייסט דאָס טאַקע אַ יינגל — וועמען ער האָט שטאַרק מקרב געווען. ר׳ חיים האָט אָנגעזאָגט דעם טאַטן ז״ל צו שטיין מיט אים אין פאַרבינדונג און אינפאָרמירן אים וועגן דעם גאַנג פון דער רבנות־פראַגע אין שטאָט.

ווי געזאָגט, האָבן אַ סך רבנים זיך געשאַרפט די ציין אויפן מעזריטשער כסא־הרבנות, איבערהויפּט האָט זיך געריסן צום מעזריטשער רבנות איינער פון די גדולי־הדור, א חכם, אַ שיינרעדנער און אויך אַ בקי אין הוויות העולם און אַ ידען אין וועלטלעכער בילדונג.

דער דאָזיקער רב (מיר מיידן אויס צו דערמאָנען דעם נאָמען מחמת זיין כבוד און דעם כבוד פון דער באַרימטער משפחה זיינער) האָט געהאַט די זעלטנסטע קוואַליפיקאַציעס. ער האָט געהאַט אַ גרויסע רבנישע פּראַקטיק: ער איז שוין געווען רב אין אַ ריי גרויסע שטעט, צווישן זיי אויך מאָסקווע (נאָכן גירוש פון מאָסקווע, האָט ער זיך באַזעצט אין דער שכנותדיקער ביאַלע, ווו ער האָט חתונה געהאַט מיט דער רייכער אלמנה טילע, טאָכטער פון דעם ביאַלער חשובן תושב ר׳ יצחק שחור). דער רב האָט זיך געפילט פרעמד אין דעם חסידישן שטעטל, ווו ער איז געזעסן נאָכן גירוש־מאָסקווע און ער האָט געזוכט ברייטערע האָריזאָנטן, און באַזונדערס — אַ מתנגדישע שטאָט. דאָס מעזריטשער רבנות האָט אים אימפּאָנירט.

דער דאָזיקער קאַנדידאַט איז געקומען קיין מעזריטש, ווו מ׳האָט אים אויפ־גענומען מיט גרויס כבוד. זיין נאָמען איז געגאַנגען פאָרויס. אַלע זענען געקומען הערן זיינע דרשות און ער האָט שטאַרק אויסגענומען ביים עולם, ביי אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, באַזונדערס ביי לומדים, און דער עיקר ביי יענע, וואָס האָבן אים געקענט פון וואָלאָזשין און זענען געווען צוגעבונדן צום בית הרב, צו דער משפחה פון ר׳ חיים וואָלאָזשינער, וועמענס אַן אור־אייניקל ער איז געווען. אפשר האָבן זיי אַפילו געהערט זיינע שיעורים; ער איז אַ קורצע צייט געווען ראש ישיבה אין וואָלאָזשין. אויך די משׂכּילים זענען געווען פאַר אים, ווייל ער האָט זיך פאַרשטאַנען אין וועלטלעכע ענינים. דאָס זעלבע — דער פּשוטער עולם, ווייל ער איז געווען אַן אימפּאָזאַנטע פיגור און אַ שיינרעדנער. מיט איין וואָרט: ס׳האָט געהאַלטן, אַז ער זאָל ווערן רב.

דערציילט דער פאָטער ז״ל: ווען כ׳האָב געזען, אַז ס׳האַלט שמאַל, האָב איך גלייך מודיע געווען ר׳ חיימען. ר׳ חיים איז געקומען גלייך צו פאָרן קיין מעז־ריטש. גראָד איז דעמאָלט פאַררופן געוואָרן אַן אַסיפה פון די שיינע־יידן, לומדים און עשירים אין אַ פּריוואַט הויז. נאַטירלעך האָט מען ר׳ חיימען איינגעלאַדן צו דער אַסיפה. ר׳ חיים האָט זיך נוהג געווען צו טראָגן אַ געוויינטלעך יידיש היטל, אַנשטאָט דעם רבנישן קאַפּעלאַטש, און אַזוי איז ער אויך געקומען קיין מעזריטש. די פּני העיר האָבן פון אים פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל פאַרבייטן דאָס היטל אויף אַ רבנישן קאַפּעלוש, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט.

„מילא אין בריסק״, האָט ר׳ חיים אַ זאָג געטאָן צו מיין פאָטער, „מוז איך טראָגן אַ קאַפּעלוש, ווייל בריסק האַלט מיך אויס. אָבער ס׳אַרא תביעה האָט אויף מיר מעזריטש, וואָס ציילט נישט מער ווי 10 טויזנט אביונים, שוין איינגערעכנט די גבירים״. ר׳ חיימס זאָג איז אַוודאי נישט געווען קיין באַרעכטיקטער. ער איז משמעות געווען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף די מעזריטשער מנהיגים. ר׳ חיימס אויפטריט לטובת ר׳ בערלען און קעגן דעם קאַנדידאַט, וואָס איז געווען זיין אייגענער פעטער, האָט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק. ר׳ חיים, דער גאון פון זיין צייט, האָט געזען אַנדערש דאָס רבנות אין מעזריטש. ביי אים איז דאָס געווען אַ מאָראַלישע און אויך אַ געזעצלעכע פּראַגע. ער האָט געהאַלטן, אַז זיין פעטער האָט פעלערהאַפט געהאַנדלט. נאָר אַזאַ ווי ר׳ חיים האָט געקענט איבערוועגן דעם רצון פון די פירער פון דער קהילה און פון די פּני־העיר.

די מחלוקת האָט זיך פאַרענדיקט מיטן אויפנעמען ר׳ בערלען פאַר רב. די קעגנער האָבן שלום געמאַכט מיט דעם וואָל און מיט דעם נייעם רב. אַ טייל האָבן אָנגעהאַלטן אַ שטיק צייט די מחלוקת און אָנערקענט ר׳ בערלען נאָר אַלס ראב״ד, אָבער שפּעטער האָבן זיי אים אָנערקענט אויך ווי רב.

ר׳ בערעלע איז געזעסן אויפן מעזריטשער כסא הרבנות קנאַפּע 30 יאָר און גענאָסן פון גרויס דרך־ארץ און רבנישן פּרעסטיזש.

## 2. כלי־קודש און פרומע יידן לויפן אין קינאָ

היינט איז דאָס מער נישט קיין נייעס. היינט קענט איר זען יונגע לייט מיט יאַרמלקעס און פּרויען מיט פאַרדעקטע קעפּ, וועלכע זיצן אין קינאָ און גע־שפּאַנטע פאָלגן זיי נאָך אַלע ליבע־סצענעס, וואָס שפּילן זיך אָפּ פאַר זייערע אויגן אויפן לייוונט, זייערע פּנימער פלאַמען נישט פאַר חרפּה; זיי וועלן אייך דער־ציילן די אינטימסטע געשיכטעס פון אַלע פילם־שטערנס. אַוודאי, אויך היינט זענען פאַראַן פרומע יידן, וואָס וועלן נישט אַריבערטרעטן די שוועל פון אַ טעאַטער אָדער קינאָ, אָבער זיי זענען אַ קליינע מינדערהייט.

היינט איז עס טאַקע מער נישט קיין נייעס, אָבער אין יענע צייטן, וועגן וועלכע איך דערצייל דאָ, האָט איר נישט געקענט פועלן ביי אַ ייד, וואָס ער האָט געטראָגן אַ באָרד אָדער סתם אַ ייד, וואָס האָט געדאַוונט דריי מאָל אַ טאָג, אַז ער זאָל גיין אין אַ קינאָ זען עפּעס אַ בילד.

אגב, איז „קינאָ" גופא דעמאָלט נאָך געווען פרעמד, אַ פרעמד וואָרט, אַפילו פאַר דעם דורכשניטלעכן בירגער אין גרעסערע שטעט. יאַנקעלע רישעס (זילבער־בערג), איז געווען פון יענע מענטשן, וועלכע האָבן אונטערנעמונגס־גייסט. יאַנקעלע רישעס איז געווען אַ שאַכמאַטיסט פון גרויסן פאַרנעם, אַ גרויסער קאָרטן־שפּילער, וואָס האָט געקענט דאָס לעבן און אַ געשעפטסמאַן, האָט ער זיך דערטראַכט צום געדאַנק, אַז אַ קינאָ אין מעזריטש איז אַ גוט געשעפט.

זיין חשבון איז געווען אַזאַ: ראשית איז מעזריטש, פון צווישן אַלע שטעטלעך אין פּוילן, רייף פאַר אַן „אילוזיאָן" — אַזוי האָט מען עס דעמאָלט גערופן אַ קינאָ. והשנית, ווייסן מעזריטשער וואָס „אילוזיאָן" איז אַזעלכעס. זיי זענען וועלט־רייזנדע, פאָרן קיין וואַרשע און אַנדערע גרויסע שטעט, אין אויסלאַנד און אין רוסלאַנד, זיי גייען אַוודאי אין קינאָ, והא ראיה, ווען זיי קומען צוריק, דערציילן זיי וועגן „זשיוווע־אָבראַזי", ד״ה לעבעדיקע בילדער, וואָס זיי האָבן געזען. והשלי־שית, אין מעזריטש נישט פאַנאַטיש פרום, אַז מ׳וויל זאָגן, איז זי לא עלינו, גאָרנישט פרום; די אַרבעטער זענען שוין געווען רעוואָלוציאָנערן, און אַ גרויסע צאָל האָבן זיך דערלויבט גיין אין גאַס מיט אַנטבלויזטע קעפּ, פירן ליבעס אאַז״וו. היות ווי די שטאָט האָט געהאַט אַ סך פרנסה און געווען גרויסע ליבהאָבערס פון טעאַטער וואָס פלעגט אָפט קומען אויף גאַסטראָלן און בכלל ליב געהאַט גוט צו לעבן, זענען די אויסזיכטן אויף אַ דערפאָלג געווען גוטע.

אין 1913 האָט יאַנקעלע רישעס געעפנט דעם קינאָ אין משה מאָלערס מויער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען צו דער קאָשטשעלנע גאַס.

איך ווייס נישט, צי האָט ער טאַקע גוט געמאַכט, אָבער ווייסן ווייס איך, אַז איין פילם האָט אים געמוזט אַריינברענגען אַ סך פרנסה, וואָרעם קינד און קייט זענען ממש געלאָפן זען דעם פילם — און צווישן זיי אַלע פרומע ייִדן — אפשר מיטן אויסנאַם פון אַ טייל חסידים, און וויפל חסידים האָט מעזריטש געהאַט — אפשר עטלעכע הונדערט. זיי האָבן נישט געהאַט קיין גרויסן באַדייט און האָבן נישט געשפּילט קיין ראָלע אין יאַנקעלע רישעס חשבונות. וואָרעם זייערע מש־פּחות זענען יאָ געגאַנגען, אויף פרויען און קינדער זענען דאָך נישט חל געווען זייערע באַוואָרעניש.

איין מאָל האָבן זיך באַוויזן אַפישן אויף די ווענט, וואָס האָבן אָנגעזאָגט די גרויסע סענסאַציאָנעלע בשורה, אַז מ׳וועט אין קינאָ „דאָס לעבן פון די ייִדן אין ארץ־ישראל". אין שטאָט זענען געווען אַ סך ציוניסטן, און אַפילו די בונדיסטן, כאָטש זיי האָבן טאַקע נישט געהאַלטן פון „הרצלס מדינה", אָבער ארץ־ישראל איז דאָך פאָרט ארץ־ישראל; ס׳טוט אַ טיאָכקע אין האַרץ ווען מ׳דערמאַנט דאָס וואָרט: א ר ץ־י ש ר א ל. הייינט וואָסער ייִד, פריי צי פרום, וויל נישט זען דעם כותל מערבי, דעם קבר פון מאַמע רחל: די הייליקייטן און לאַנדשאַפטן פון דעם הייליקן לאַנד? יאַנקעלע רישעס, ווי שוין געזאָגט, איז געווען אַ גוטער געשעפטס־מאַן, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז כדי צו ברענגען די פרומע מאַסן מוז ער איינפירן ספּעציעלע סעאַנסן, וואָס זענען אַריינטריטלעך פאַר מענער באַזונדער און פאַר

פרויען באַזונדער, כדי די פרומע פוןביידע געשלעכטן זאָלן זיך נישט דאַרפן זשענירן. זיי זאָלן קומען, זיצן באַקוועם אין זיין קינאָ און זען ווי ייִדן לעבן אין ארץ־ישראל.

ער האָט טאַקע גוט אויסגערעכנט. ס׳האָבן זיך אַ לאָז געטאָן ייִדן פון אומע־סום; נישט סתם ייִדן, נאָר אויך די כלי־קודש... ר׳ ברוך מאיר ראָזענבלום — גרינדער פון יסוד־המעלה, האָט געשטראַלט פון שמחה — אַזאַ יום־טוב, מע וויזט ארץ־ישראל! און אַזוי אַלע, וועלכע זענען געגאַנגען אין קינאָ זען דאָס בילד. ביי זיי איז עס געווען כמעט אין דער בחינה פון אַ נסיעה קיין ארץ־ישראל.

כ׳געדענק, אַז דער פילם האָט געוויזן דאָס אַלטע און דאָס נייע ארץ־ישראל. אַלט ירושלים, דעם כותל המערבי, ווו ייִדן האָבן געדאַוונט. זייערע משונהדיקע טראַכטן און טורבאַנעס, קאַפּעלאַטשן מיט ברייטע ראַמען און געשטרייפטע כאַלאַטן און ווייס־לייוונטענע הויזן, כמעט אַלע רבנים. אַזוי האָבן זיי אויסגעזען אין מיינע יונגע אויגן. מען האָט געזען יפו און די קאָלאָניעס מיט זייערע קאָלאָניסטן, געוויינטלעכע ייִדן; ייִדן מיט בערד און פאות, וועלכע רייטן אויף אייזלען, מאָדערנע ייִדן און פרויען. די ערשטע העברעיִשע גימנאַזיע „הרצ־ליה״ אין דער נייער שטאָט תל־אביב, וואָס איז דעמאָלט געגרינדעט געוואָרן. היות ווי ר׳ שמואל יאַווערבוימס זון — יוסף — האָט דעמאָלט געלערנט אין „הרצליה״, האָבן פיל געשוואָרן ביי באָרד און פאות, אַז זיי האָבן אים געזען צווישן די הרצליה־גימנאַזיסטן בעת זיי האָבן געמאַכט ספּאָרט־איבונגען.

מיט איין וואָרט: די ארץ־ישראל־שכינה האָט דעמאָלט גערוט אויף די ייִדן, אויף דער גאַנצער שטאָט... עפּעס אַ קלייניקייט? כמעט ווי געווען אין ארץ־ישראל. אומעטום האָט מען גערעדט וועגן דעם לעבן פון די ייִדן אין ארץ־ישראל, וואָס האָט געשיינט צו זיין אַזוי אידיליש שיין, אַ לאַנד פון מילך און האָניק. וואָכן לאַנג האָט מען געוויזן דעם פילם. איך אַליין האָב אים געזען עטלעכע מאָל. די שטאָט איז געשטאַנען אונטער דעם רושם פון ארץ־ישראל. נישט איין פרוי האָט פאַרגאָסן טרערן פון פרייד.

בעת מ׳האָט געוויזן דעם פילם האָבן די קלעזמאָרים: מענדל, יאַנטשע א״אַ, געשפּילט אַ זיסע מעלאָדיע, וועלכע כ׳האָב ביז איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, נישט פאַרגעסן.

### 3. עמך ווילט אַ דאַזאָר...

דאָס, וואָס איך גיי דאָ פאַרצייכענען, האָט זיך אָפּגעשפּילט אין 1913, אַ יאָר ערב דער וועלט־מלחמה. כ׳בין דעמאָלט געווען אַ ייִנגל נאָך ווייט פאַר בר־מצווה, און האָב דעריבער נישט געוווּסט סאַרע קוואַליפיקאַציעס און מעלות איינער מוז באַזיצן, כדי צו זיין ראוי צו ווערן ראש־הקהל־דאָזאָר. אָבער כ׳האָב שוין גענוג געוווּסט, אַז מ׳דאַרף נישט זיין דער שענסטער ייִד אין שטעטל, נישט דער גרעס־טער למדן און אַפילו נישט דער גרעסטער עושר, והא ראיה, דוקא נישט גאַנץ

גרויסע עשירים זענען די דאָזאָרעס אין שטאָט און אַוודאי נישט — די גרעסטע לומדים.

אין יענעם יאָר האָט זיך פאַרוואַלט ר׳ אַברהם יאָסלען (שולמאַן) ווערן דאָזאָר. אברהם יאָסל איז געווען אַ ווױלער ייִד. ער האָט געהאַט אַ וויינהאַנדל: אַליין געמאַכט דעם ווײַן און אַליין פאַרקויפט. אַז עס איז געקומען פּרייטיק, האָבן ייִדן ביי אים געקויפט ווײַן אויף קידוש. אין שטאָט זענען געווען נאָך וויינמאַכערס. למשל משה (חוהס) טישל, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן ווײַנקעלער; נישט נאָר האָט ער געמאַכט ווײַן, נאָר אויך אימפּאָרטירט ווײַן פון בעסאַראַביע א״אַ מקומות. ער איז געווען אַ שיינער באַלעבאָס אין שטאָט, אוודאי אַ סך רייכער און אינטע־ליגענטער, אַפילו מער למדן, פאַר אַברהם יאָסלען און עס זענען געווען נאָך וויינמאַכערס, אויך רייכערע פון אברהם יאָסלען, אָבער ער איז געווען איינער פון די פּאָפּולערסטע פערזאָנען אין שטאָט.

קודם כל האָט ער געשטאַמט פון אַן אַלטער, בכבודיקער און לומדישער משפחה אין שטאָט. ער אַליין איז נישט געווען קיין לערנער, אָבער אויך נישט קיין פּראָסטער. ער האָט געהאַט אַ טאַלאַנט צו דרשנות. ער האָט געהאָלפן רעאָר־גאַניזירן די חברה לינת הצדק, וואָס פלעגט זיך אָפּגעבן העלפן אַ חולה, נעבעכיקן ביים קראַנקן ווען ס׳איז געווען נויטיק, געבן ערשטע הילף און שיקן אַן אָרעמען חולה אין שפּיטאָל אַריין. (מעזריטשער ייִדן, כידוע, האָבן געהאַט אַ זייער שיינעם שפּיטאָל. אָבער איידער דער שפּיטאָל איז געוואָרן מאָדערניזירט מיט יאָרן שפּע־טער און דאָס וואָרט „שפּיטאָל״ איז אַריין אין טעגלעכן ווערטער־אוצר פון די מעזריטשער ייִדן, פלעגט מען עס רופן „הקדש״). ער האָט עוסק געווען אין פעלדשעריי; אָפּגעסמט אַ צאָן שלא על מנת לקבל פּרס — ס׳הייסט אַן געצאָלט, און תמיד געווען גרייט צו העלפן אַ ייִד אין נויט, אַפילו ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט גיין אין נאַטשאַלסטווע, וועלכע האָט נאַטירלעך גענומען כאַבאַר. אָרעמע־לייט פלעגן אויך קריגן צו מאָל ווײַן אומזיסט. שבת פלעגן ייִדן קומען צו אים טרינקען אַ גלעזל וואַרעמס. בקיצור – אַ ייִד, וועלכער האָט זיך געלאָזט ליב האָבן, אַזאַ איז געווען ר׳ אברהם יאָסל.

נישט שטענדיק איז אים גוט געגאַנגען און דוקא אין יענע יאָרן האָט ער זיך געפילט פיל שטאַרקער אין פּרנסה, אפשר אויך געהאַט אַ ביסל געלט, ליב געהאַט צו קהלען זיך — איז פאַר וואָס זשע נישט ווערן דאָזאָר?

אברהם יאָסל האָט פאַרשטאַנען, אַז די יוסטע און בכבודיקע בעלי־בתים, די רייכע און די „פּני״ אין שטאָט וועלן אים נישט שטיצן. נישט געקוקט אויף זיין פּאָפּולאַריטעט, איז ער נישט געווען גענוג רעפּרעזענטאַטיוו פאַר זיי, האָט ער דערפאַר באַשלאָסן צו ווערן דער קאַנדידאַט פון עמך.

זיין ווײַנשענק איז געשטאַנען אויפן מאַרק. אין די וואָכן פאַר די וואַלן, האָט זיך דאָרט גערודערט ווי אויף אַ יאַריד. די טרעגערס, מאַרקזיצערס, דראָזשקאָזשעס און סתם ייִדן האָבן געמאַכט אַ כוסע ביי אַברהם יאָסלען. געקריגן אַ גלאָז טיי און בכלל געוואָרן אָפטע געסט ביי אים אין שענק. היות ווי מיר זענען געווען

שכנים און נאָענטע באַקאַנטע, פלעג איך אָפט אַריינקומען צו אים און בין ממש מיטגעריסן געוואָרן פון דעם וואַל־פיבער.

ענדלעך האָט זיך דערנענטערט דער גרויסער טאָג. דער פּאָוויאַטאָווער נאַ־טשאַלניק, אין וועמענס אָנוועזנהייט די עטאַט־צאָלערס האָבן געמוזט דורכפירן די וואַלן, איז געקומען קיין מעזריטש. ביי נאַכט האָבן געזאָלט פאָרקומען די וואַלן אין גרויסן בית המדרש.

אַ גאַנצן טאָג האָט אַברהם יאָסל געאַרבעט און געפיבערט. עמך איז געווען גוט צוגעגרייט צו שטימען פאַר זייער קאַנדידאַט. כ׳געדענק נישט, ווי אַזוי כ׳האָב זיך אַריינבאַקומען אין דעם עזרת־נשים. דוכט זיך, די מאַמע ע״ה האָט מיך מיט־גענומען, אַזוי שטאַרק בין איך געווען פערזענלעך פאַרקאָכט מיט די וואַלן. נאַטירלעך, בין איך געווען אַ גרויסער אָנהענגער פון אַברהם יאָסלען, וועלכער האָט מיך שטאַרק ליב געהאַט און, אגב, תמיד מיר געגעבן אַ גלעזעלע ווייַן צו טרינקען. היות ווי די מאַמע האָט געהאַט איר „שטאָט״ ביי איינעם פון די פאַרגראַ־טעוועטע פענצטער אין בית המדרש, האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט צו אָבסער־ווירן אַלץ וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען.

איך געדענק, ווי איצט זאָל עס געווען געשען: דער גרויסער בית המדרש איז געווען ליכטיק. אַלע בליצלאָמפּן האָבן געברענט. דער בית המדרש איז געווען פול מיט ייִדן (אין בית המדרש פלעגן זיך פאַרזאַמלען טויזנטער ייִדן בעת אַן אַסיפה). ביים אָרון־קודש זענען געזעסן די פּני און דער סאַמעראָדנער אָדון — דער נאַטשאַלניק פונעם פּאָוויאַט. אין מיין מוח האָט געשווינדלט — אפשר פון צו פיל טומל, אפשר מחמת דער שפּעטער שעה, וואָרעם כ׳פלעג נאָך דעמאָלט גיין שלאָפן פרי, צי מחמת אַנדערע סיבות. כ׳געדענק נישט די פּראָצעדור פון די וואַלן, אפשר דערפאַר וואָס כ׳האָב נאָך דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען דעם ענין, אָבער כ׳געדענק גאַנץ גענוי, אַז אַברהם יאָסל איז געוואָרן דאָזאָר.

ווער האָט זיך געקענט דעמאָלט גלייכן צו אים און צו זיין משפחה אין זייער פרייד? ער איז געווען דער העלד פונעם טאָג...

דערווייל איז באַקאַנט געוואָרן אין שטאָט, אַז דער נייער גובערנאַטאָר (ביז דעמאָלט איז מעזריטש געווען אַ טייל פון דער שעדלעצער גובערניע; ווען די גובערניע איז בטל געוואָרן, איז מעזריטש געוואָרן אַ טייל פון דער לובלינער גובערניע) קומט פון לובלין קיין מעזריטש, און אַברהם יאָסל, דער ניי געקליבענער דאָזאָר, האָט אָנגעהויבן אויף ס׳ניי צו טומלען.

ראשית, האָט מען געדאַרפט זען, אַז מען זאָל ווי געהעריק צוגרייטן דעם קבלת־פּנים. אמת, די שטאָטישע פאַרוואַלטונג און דער נאַטשאַלניק זיעמסקי, וועלכער האָט גראָד געוואָלט זיצן אין מעזריטש אַנשטאָט אין דעם קליינעם שטעטעלע ראַדזין, ווו ס׳האָט זיך געפונען דער פּאָוויאַט, האָבן אַכטונג געגעבן, אַז די רינשטאָקן זאָלן ווערן געקאַלעכט מיט וואַפּנע. די „ברוקן״ פאַר די הייזער ריין, די טויערן, דאָרט ווו זיי זענען געווען, געפאַרבט אד״גל. מעזריטש איז דאָך געווען אַ ייִדישע שטאָט מיט פיל טויזנטער אַרבעטער און האָרעפּאַשניקעס. מ׳האָט

געמוזט זאָרגן דערפאַר, אַז אין שול זאָל דער חזן זינגען די פּאַסיקע תפילות מיט אַ כאָר (אני הקטן בין געווען אין כאָר. מיר זענען געשטאַנען אויף דער גאַלעריע פאַר דעם אָרון־קודש או אַלע האָבן געטראָגן קליינע טליתימלעך. דאָס איז אַוודאי געווען אַ נייס אין מעזריטש. נישט אַנדערש, אַז דאָס איז געווען אַן איינפאַל פון די לייפּציקער סוחרים, וועלכע האָבן אַזוינס געזען אין די דייטשע סינאַגאָגעס). באַלעבאַטים זענען געוואָרן אַנגעזאָגט, אַז אין די פענצטער וועלכע גייען אַרויס אין גאַס אַריין, זאָלן שטיין לייכטער מיט אַנגעצונדענע ליכט. אַברהם יאָסל האָט געטאַרעראַמעוועט און געשמייעט. איין זאַך אָבער האָט אים פאַרשאַפט עגמת נפש: ער האָט נישט געהאַט קיין צילינדער־הוט; ס׳האָט זיך אים געוואָלט מקבל פנים זיין דעם גוּבערנאַטאָר דווקא אין אַ צילינדער און אין אַ פאַלערינע.

אמת, אין שטאָט זענען געווען צילינדערדיקע ייִדן: ר׳ נחום שיינמאַן פלעגט שבת טראָגן אַ צילינדער, דער אַלטער יאַקאָבזאָן, אַ גילזן־פאַבריקאַנט און אַ גרויסער למדן און זיין זון, דער דאָזאָר ר׳ יעקב (יאַנקעלע) פעשע רבקהס געלבערט א״אַ האָבן געטראָגן צילינדערס, אָבער ווער וועט אים אָפּטרעטן אַ צילינדער אין אַזאַ צייט? אָבער אַברהם יאָסל איז נישט אָפּגעשטאַנען. צום קבלת־פּנים איז ער דערשינען אין אַ צילינדער און אין אַ פאַלערינע. מיט זיין שטאַלטנער און אימפּאָזאַנטער פיגור איז ער אַן ספק געווען די אַטראַקציע אין דער ייִדישער דעלעגאַציע, וואָס האָט אויפגענומען דעם גובערנאַטאָר.

זיין כבוד האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. די מלחמה איז אויסגעבראָכן. נייע צייטן, נייע אומשטענדן. אַברהם יאָסל האָט אַפילו „געמאַכט״ געלט אונטער די דייטשן, אָבער ער איז געוואָרן אַ יורד אונטער די פּאָליאַקן. אין די צוואַנציקער יאָרן איז ער אַוועק קיין ניו־יאָרק און דאָרטן געוואָרן אַ רב אין אַ שילעכל אין ברוקלין.

ווען כ׳בין געקומען אין דער צייט פון צווייטן וועלטקריג קיין ניו־יאָרק האָב איך אים באַגעגנט בלויז איין מאָל. כ׳האָב אים צוגעזאָגט צו באַזוכן, אָבער אין צווישנצייט איז מיט אים געשען אַן אומגליק. ער איז אומגעוואָרפן געוואָרן פון אַן אויטאָמאָביל און מען האָט געמוזט אים אַמפּוטירן אַ פוס. זיין לעבעדיק־ריר־עוודיקער קערפּער, וואָס האָט געמוזט תמיד זיין טעטיק, האָט דאָס נישט געקאָנט אַריבער־טראָגן און ער איז אַוועק פון דער וועלט זיכער נישט קיין צופרידנגעשטעלטער — ס׳האָט אים געפעלט מעזריטש, ס׳האָבן אים געפעלט זיינע ייִדן. ער איז גע־שטאָרבן אַ פרעמדער צווישן פרעמדע.

י. האָרן

# אַברהם רייזענס באַזוך אין מעזריטש

אין די ערשטע יאָרן פון היינטיקן יאָרהונדערט איז באַשלאָסן געוואָרן אַראָפּצוברענגען קיין מעזריטש דעם באַרימטן יידישן דיכטער אַברהם רייזען.

אַ קליינינקייט צו זאָגן: אַראָפּברענגען, אָבער ווי אַזוי מאַכט מען דאָס? ווו נעמט מען די דערלויבעניש, אַז ער זאָל מעגן רעדן? די רוסישע מאַכט האָט אין יענע יאָרן געמאַכט גרויסע שוועריקייטן. דער סטאַרשי פון שטעטל, דער נידעריקער מיקולקע, האָט נישט געוואָלט הערן וועגן דעם. איז מען געפאַלן אויף אַ פּלאַן: אין שטעטל איז געווען אַ ביבליאָטעק, וואָס איר פּאָרזיצער איז געווען אַ יידישער דאָקטער, אַ געוויסער ראָזנבלום, און ער האָט געהאַט אַן אָפיצירן־ראַנג אין דער רוסישער אַרמיי. האָבן די אָנפירער פון דער ביבליאָטעק, וואָס האָבן אין יענער צייט סימפּאַטיזירט מיט דער אַרבעטערשאַפט, איינגעשטימט, אַז די ביבליאָטעק זאָל איינלאַדן אַברהם רייזענען קיין מעזריטש.

איך בין נישט אין שטאַנד איבערצוגעבן, וואָס אין שטעטל האָט זיך דאַן געטאָן. ווי נאָר ס'איז באַקאַנט געוואָרן, אַז דער דיכטער רייזען קומט, איז אין שטעטל געוואָרן אַ יום־טוב. מען האָט שטאַרקער אָנגעהויבן לייענען זיינע ביכער, די ביבליאָטעק־פירער האָבן אָנגעהויבן צוגרייטן די פאָרלעזונג, באַגריסונגען און אַ באַנקעט.

יונג און אַלט, אָרעם און רייך, אַלע זענען געלאָפן הערן רייזענען. און וואָס ער האָט געזאָגט, האָט מען אַפּלאָדירט. יונג איז דאַן רייזען געווען, און ער האָט געבליצט מיט געדאַנקען און שאַרפזין. צו אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן איז דערגאַנגען ווען ער האָט אַ זאָג געטאָן:

„אַ מאָל האָבן פרויען אָוועקגעגעבן זייער גאָלד און זילבער, אַז מען זאָל זיי באַשאַפן אַ גאָט — היינט גיבן זיי אַלץ אָוועק פאַר אַ ביסל גאָלד".

ביי נאַכט איז פאָרגעקומען אַ באַנקעט, אויף וועלכן רייזען האָט געשאָנקען זיינס אַ בוך דעם מיידל, וואָס איז געווען די ביבליאָטעקאַרין אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק. דאָס האָט אַלעמען איבערראַשט, בפרט, ווען מען האָט זיך דערוווּסט וואָס אויפן שער־בלאַט שטייט אָנגעשריבן: „דער סימפּאַטישער יידישער טאָכטער אַן אָנדענק — אַברהם רייזען"

און דאָ הייבט זיך אָן די אמתע געשיכטע.

אָבער איידער איך נעם ממשיך זיין די מעשה וועגן דעם געשענקטן בוך, מוז איך דערציילן, אַז אין אַלע בערשטער־פאַבריקן האָט מען אַ גאַנצן טאָג נישט אויפגעהערט צו זינגען רייזענס לידער. אין דער גרויסער פאַבריק ביי ווישניע האָט מען געזונגען „הוליעט, הוליעט".

— וואָס האָט איר זיך אַזוי צעזונגען היינטיקן טאָג? — האָט דער מייסטער

אַ דענערווירטער געשריגן — ווי ווערט אייך נישט מיאוס כסדר צו זינגען דאָס זעלבע?

— דער דיכטער, וואָס האָט דאָס ליד פאַרפאַסט, איז געקומען צו אונדז — האָט דער פאַבריקס־דעלעגאַט מיט שטאָלץ אָפּגעענטפערט און אויסטוענדיק די פאַרטעכער, האָבן אַלע בערשטער פון פאַבריק, ווי אַ הייליקע שבועה, אָפּגע־זונגען: „הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן, פריי באַהערשט די וועלט״.

און איצט צוריק צום אָנהייב: דאָס גאַנצע שטעטל האָט נאָך רייזענס אַוועקפאָרן נישט דורכגעלאָזן דעם פאַקט, וואָס רייזען האָט דער פריילין ר געשענקט אַ בוך מיט אַזאַ צושריפט.

ס׳זענען געווען אַ סך צווייפלער, און דערפאַר איז געוואַקסן ביי די יינגלעך און מיידלעך פון שטעטל דער נייגער צו זען רייזענס אונטערשריפט.

שפּעטער האָבן שוין אַלע געטענהט:

— זי איז טאַקע אַ שיין מיידל... אַ דיכטער איז אַ מבין, ער קאָן זיך אויף מענטשן. — און דאָס מיידל האָט זיך געפילט גליקלעך. ווער פון די פּשוטע בחורים אין שטעטל האָט שוין גאָר געקאָנט טראַכטן מיט איר אַ וואָרט אויס־צורעדן?

זי, דאָס מיידל, האָט זיך אָנגעהויבן פילן גאָר יחוסדיק. זי האָט זיך אַנדערש געקליידט און איז אַפילו אַנדערש געגאַנגען.

דאָס בוך האָט זי איינגעבונדן אין אַ שיינעם רויטן סאַמעט, און באַפּוצט מיט אַ גרויסן זיידענעם שלייף. דאָס איז געווען ביי איר דאָס שענסטע, דאָס הייליקסטע, וואָס זי האָט פאַרמאָגט.

אַלע אָוונט איז זי געגאַנגען אין ביבליאָטעק טוישן די לייענער די ביכער און שפּעטער האָבן איר שוין קיין בעלנים צו באַגלייטן אַהיים נישט געפעלט.

צווישן אַלע בילדער אין ביבליאָטעק איז צוגעקומען אַ גרויס רייזען־בילד, און אין ביכערשאַנק — אַלע זיינע ווערק.

די יאָרן האָבן געטאָן זייערס, זיי זענען געלאָפן, און זי, די ביבליאָטעקאַרין, איז עלטער געוואָרן. נאָר אַ מאָדנע זאַך: אַלע אירע חברטעס האָבן שוין געהאַט אייגענע היימען און זי איז נאָך אַלץ געווען פריי.

קיין בעלנים מיט איר חתונה צו האָבן האָט איר איינגטלעך נישט אויסגע־פעלט, אָבער נישט יעדערן האָט זי געוואָלט געבן איר האַנט. ברוך דעם לאַנגנס זון קאָן זי נישט נעמען, ער פאַרמאָגט נישט קיין איידעלע נשמה; בלומבערג איז ברוטאַל אין זיין אָפּשאַצונג פון אַ פרוי. אַזוי האָט זי איינעם נאָכן צווייטן אָפּגעזאָגט און ווייטער געלעבט אין איר איינזאַמקייט.

זי האָט שוין גרויע האָר געקריגן, די עלטער האָט זיך שוין אויך אונטער די אויגן גענומען באַזעצן, און זי האָט נאָך אַלץ געחלומט פון אַ מענטש מיט אַ פּאָעטישער נשמה. אין שטוב האָט מען אין דער שטיל געוויינט און אַלע ווייסטע אָנשיקענישן געשיקט אויף רייזענס קאָפּ, וואָס צוליב אים איז זי אַן אַנדער מענטש געוואָרן. אָבער זאָגן עס איר אָפן, האָט מען נישט געקאָנט.

מען האָט בפירוש געזען, ווי זי גייט אויס פון איינזאַמקייט. אין די שענסטע אָוונטן זיצט זי אין דער פינצטער און שטעקט אַרויס איר קאָפּ דורכן פענצטער, וואָס גייט אויפן גאַס אַרויס — דאָס איז איר פאַרברענגען.

מענער, וואָס האָבן שוין חתונה געהאַטע קינדער, פלעגן דערציילן צווישן אייגענע, ווי שיין זי איז אַ מאָל געווען.

— איר ווייסט, דער דיכטער רייזען האָט איר אָנגעשריבן אין אַ בוך!

מיט יאָרן צוריק פלעגט מען נאָך אין די פאַרנאַכטן, אַרום פינף־זעקס אַ זייגער, זען דאָס מיידל גיין אין דער ביבליאָטעק אַריין, אָבער אַז די גרויסע שטאָט־ביבליאָטעק האָט זיך פאַרמאַכט, איז זי געבליבן זיצן אין שטוב אַלט און עלנט.

איר ווילט וויסן דעם סוף?

זי האָט חתונה געהאַט מיט אַן אלמן, אַוועק פון שטעטל און געוואָרן אַ קרעמערקע אין דער פרעמד.

צווישן אירע אַלע זאַכן האָט זי אויך מיטגענומען דעם איינציקן פאַרמעג פון איר יוגנט — דאָס בוך, וואָס אַברהם רייזען האָט איר געשענקט מיט זיין צושריפט.

מנחם **ביר**/תל־אביב

# פון מעזריטש ביז יסוד־המעלה

אין יאָר 1879 האָבן די באַקאַנטע עסקנים: לייב רובין, ברוך מאיר ראָזענבלום און נחום שיינמאַן גערופן אַ פאַרזאַמלונג מיטן צוועק צו גרינדן אַ געזעלשאַפט, וואָס אירע מיטגלידער זאָלן זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל. דער נאָמען פון דער געזעלשאַפט איז געווען: „נחלת שדה וכרם" און האָט געציילט 24 מיטגלידער. יעדער פון זיי האָט איינגעצאָלט 100 רובל צום קויפן באָדן. עס זענען אויסגעוויילט געוואָרן צוויי חברים כדי צו פאָרן אין ארץ־ישראל קויפן אַ שטח באָדן צום גרינדן אַ קאָלאָניע. אין לאַנד האָט מען זיי פאַרגעלייגט פאַרשידענע פלעצער. צום בעסטן איז זיי געפעלן געוואָרן דער שטח אין דער געגנט פון ים החולה: אַ גלייכער, גוטער באָדן, די חולה איז פול מיט פאַרשידענע פיש און אַנדערע מעלות. זיי האָבן געקויפט 2500 דונאַם. אויפן אָרט האָט זיך געפונען אַן אַלטע געביידע, וואָס מען האָט אין אַראַביש גערופן בייקא. די געביידע האָט געדינט די ערשטע קאָלאָניסטן ווי אַ וווינאָרט פאַר זיך און פאַר זייערע בהמות.

ווען עס האָבן אָנגעהויבן קומען פון מעזריטש די צוקונפטיקע קאָלאָניסטן מיט זייערע משפחות איז די געביידע ענג געוואָרן און די וווינונגס־פראַגע איז געוואָרן גאָר שווער. קיין געלט צום בויען הייזער האָבן זיי נישט געהאַט און לויטן טער־קישן געזעץ האָט מען אויך נישט געטאָרט בויען אויף לאַנדווירטשאַפטלעכן באָדן. די פראַגע איז געוואָרן שאַרפער פון טאָג צו טאָג. די מענטשן האָבן אָבער געפונען אַן עצה. זיי האָבן געלערנט פון די שכנים בעדויִנער אויפצושטעלן סוכות פון דעם מאַטעריאַל, וואָס איז געוואַקסן אין די זומפּן פון דער חולה.

די בענקעניש נאָך ציון, וואָס האָט זיך דערוועקט אין יענע יאָרן צווישן ייִדן אין גלות — איבערהויפּט אין רוסלאַנד, פּוילן, רומעניע — האָט געפירט צו דער גרינדונג פון די קאָלאָניעס ראש־פּינה, זכרון יעקב, ראשון־לציון, עקרון און גדרה דורך „ביל"ו" (בית יעקב לכו ונלכה) און „חובבי־ציון". די לאַגע פון די ערשטע חלוצים איז געווען אַ פאַרצווייפלטע. ס'האָט זיי געדראָט זיך פונאַנדער־צופאַלן. אַזאַ איז אויך געווען דער מצב פון יסוד־המעלה. דאַן האָט זיך באַוויזן דער באַראָן עדמונד ראָטשילד. ער האָט גענומען אויף זיך צו שטיצן אַ טייל פון די קאָלאָניעס, און די פונקטן פתח־תקוה, גדרה און יסוד־המעלה האָט ער געלאָזט פאַר די „חובבי־ציון" אין חוץ־לארץ.

אין דער קאָלאָניע איז געווען פאַרשפּרייט די קעגנזייטיקע הילף. בעת דעם אויפשטעלן די סוכות האָבן צוויי קאָלאָניסטן, אַ זקן און אַ קראַנקער, נישט

געקענט אַליין אָנטיילנעמען אין דער אַרבעט, האָט מען פאַר זיי אויפגעשטעלט די סוכות. ווינטערצייט — ווען יעדער האָט פאַראַקערט זיין טייל פעלד, אַ טייל האָבן פאַרענדיקט פרי דעם אַרבעטסטאָג, זענען זיי אַוועק צו די שכנים, זיי געקומען צו הילף און זיך צוזאַמען אומגעקערט אַהיים. עס האָט עקזיסטירט אַ חברה „לינת הצדק", אַ „גמילות חסדים"־קאַסע. איז געקומען אַ גאַסט, האָט ער געגעסן פון עסן און נאַכטלעגער אומזיסט, טראָץ דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע.

אין פינפטן יאָר פון דער עקזיסטענץ פון יסוד־המעלה איז דער באַראָן גע־קומען אויף אַ באַזוך אין לאַנד. ער האָט געוויילט שבת אין ראש־פינה. זונטיק איז ער אַרויסגעפאָרן קיין דמשק. אויפן וועג האָט ער זיך אַרומגעקוקט אויף דער געגנט, וואָס איז אים זייער געפעלן. אַזוי קוקנדיק, האָט ער באַמערקט ביי דער חולה צוויי סאָרטן סוכות: איינער האָט געבלאַנקט מיט זיין ווייסקייט און דער צווייטער איז געווען אין טונקעלע פאַרבן. דער באַראָן האָט געפרעגט וועמענס זענען די ביידלעך. זיין באַגלייטער האָט אים דערקלערט, אַז די טונקעלע געהערן צו אַראַבער און די ווייסע צו יידן, וועלכע האָבן זיך נישט לאַנג באַזעצט. נישט האָבנדיק קיין הייזער, האָבן זיי געבויט די סוכות. דער באַראָן האָט עס פאַרצייכנט אין זיין טאָגבוך און געזאָגט צו זיין באַגלייטער: אַהיימפאָרנדיק זאָלסטו אָפּטרעטן ביי די יידן און ברענגען זיי די בשורה, אַז איך בין גרייט צו בויען פאַר זיי הייזער.

נאָך זעקס יאָר זיצן אין די ביידלעך זענען די קאָלאָניסטן אַריין אין געבויטע הייזער. זייט דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה פאַר יסוד־המעלה. די קאָ־לאָניע האָט אָנגעהויבן צו בליִען. מען האָט געפלאַנצט רויזן־בוימער פאַר פאַר־פומעריע־אינדוסטריע און ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ פאַבריק. עס איז גע־פלאַנצט געוואָרן אַ פּרדס און אַנדערעביימער. דאָס אָרט האָט געדינט אַלס פּרווו־סטאַציע צום האָדעווען פאַרשידענע ביימער פאַר אַנדערע קאָלאָניעס אין לאַנד. פלאַנצונגען אַלס שפּייז פאַר זיידווערעם. דער זייד איז צוגעשטעלט געוואָרן דער זיידפאַבריק אין ראש־פינה.

יסוד־המעלה האָט אַדורכגעמאַכט פאַרשידענע תקופות. נאָך דער שווערער ערשטער תקופה פון זיך קאָלאָניזירן און צוגעוויינען צו לאַנדווירטשאַפט, איז געקומען די תקופה פון באַראָן, וועלכע האָט געבראַכט פּראָספּעריטי. פון די 2500 דונאַם, וואָס די מעזריטשער האָבן געקויפט, האָט זיך די קאָלאָניע פאַרברייטערט ביז 13000 דונאַם. נאָך דעם ווי דער באַראָן האָט זי גענומען אונטער זיין שוץ. די עפּאָכע האָט געדויערט 15 יאָר. דאַן האָט דער באַראָן אָפּגעשטעלט זיין דינאַ־מישע טעטיקייט צוליב אַ ריי סיבות: 1. די טערקישע רעגירונג האָט זיך באַצויגן מיט חשד צו דער טעטיקייט פון באַראָן אין לאַנד און האָט געשטערט אויף יעדן טריט און שריט; 2. דעם באַראָנס באַאַמטע האָבן זיך נישט אויסגעצייכנט מיט איבעריקער חיבת־ציון, זיי האָבן בלויז געזוכט זייער אייגענעם נוצן; 3. די נאָענטקייט צו דער חולה־בלאָטע, וואָס האָט זיך געצויגן אויף 60 טויזנט דונאַם

און פאַרשפרייט דעם מאַלאַריע־גיפט אויף דער גאַנצער געגנט. די לייטונג פון דער קאָלאָניע איז איבערגעגאַנגען אין די הענט פון יק״א, מיט דער האָפענונג, אַז זי איז מער בקיא אין קאָלאָניזאַציע־ענינים. אָבער יק״א האָט ליקווידירט אַלע אונטערנעמונגען, זי האָט אָפּגעזאָגט אַלע באַאַמטע און זיי באַצאָלט אַנטשעדיקונג. אין דער קאָלאָניע זענען פאַרבליבן בלויז די, וואָס האָבן פאַרבונדן זייער גורל מיטן באָדן. יק״א איז גרייט געווען צו ליקווידירן די קאָלאָניע מיט דער טענה, אַז צוליב דער שלעכטער לופט קענען דאָרט קיין מענטשן נישט עקזיסטירן. בלויז אַ דאַנק דער עקשנות פון די קאָלאָניסטן און זייער פאַרבונדנקייט מיטן באָדן איז די קאָלאָניע געבליבן. דער לעבנס־סטאַנדאַרט איז ווידער געפאַלן. די מאַלאַריע האָט זיך פאַרשטאַרקט, אָבער די נייע פויערן האָבן זיך מיט די נעגל אָנגעהאַלטן אין דער ערד און קיין זאַך איז נישט געווען בכוח זיי צו רירן פון אָרט. מיט גבורה האָבן זיי און זייערע נאָכפאָלגער פאָרגעזעצט די אַרבעט, מיט האָפענונג און גלויבן, אַז אַלע צרות וועלן פאַרשווינדן און די צוקונפט וועט זיין אַ בעסערע. אַזוי האָבן זיי זוכה געווען צוזאַמען מיט אונדז אַלעמען צו מדינת ישראל און זענען שטאָלץ דערמיט, וואָס זייערע אורעלטערן זענען געווען צווישן די ערשטע צום אויפנעמען דעם רוף פון ציון.

היינט ציילט „יסוד־המעלה״ 135 משפחות. נאָך דער 6־טאָגיקער מלחמה איז די לאַנגע פיינטלעכע גרענעץ איבערגעטראָגן געוואָרן ווייטער אויף מזרח און דאָס דאָרף וואַקסט און בליט. די מענטשן שטרעבן צו פאַרברייטערן דעם ישוב, צו פאַרגרעסערן די צאָל איינוווינער, צו פאַרברייטערן דיווירטשאַפטלעכע באַזע און פאַרבינדן לאַנדווירטשאַפט מיט אינדוסטריע. אין דער קאָלאָניע עקזיסטירט אַ קרייז־שול מיט 240 תלמידים. עס ווערט געפירט אַ פאַרצווייגטע קולטור־טעטיקייט : קרייזן פאַר יוגנט און דערוואַקסענע, פאָרלעזונגען, קאָנצערטן, פאַר־שטעלונגען אאַז״וו.

די ערשטע מעזריטשער קאָלאָניסטן : דוד אייזענבערג, זאב דוב אייזענבערג, זאב בעקער, יוסף געדולטער, שמעון דוב געדולטער, אלתר געדולטער, יחזקאל זאַנד, שמואל טיליטיצקי, שבתי ליקערמאַן, פסחיה ליקערמאַן, יוסף ליקערמאַן, חיים מאַנזעווסקי, מרדכי סגל אַברהם פעלמאַן, מנדל פעלמאַן, ברוך מאיר ראָזענבלום.

זייערע נאָכפאָלגער :

אליעזר געדולטער, שלמה געדולטער, יצחק געדולטער, משה געדולטער, יעקב געדולטער, בנימין טיליטיצקי, דוד טיליטיצקי, שלמה ליקערמאַן, אהרן פעלמאַן, שמעון פעלמאַן, מנחם פעלמאַן.

יואל מאַסטבוים

# יסוד המעלה

## (פון אַ רייזע אין גליל העליון)

פון מיין יוגנט אָן געדענק איך נאָך דעם הויכן ייִד מיט דער הויכער דענקע־היטל מיטן ברייטן דאַשיק, פון אונטער וועלכן ס׳האָט אַרויסגעפינקלט אַ האַלב פאַרמאַכט אויג, וואָס פלעגט ציטערן מיט באַהאַלטענער חכמה. דאָס דאָזיקע אויג האָט גאָרנישט געזען — פון דעסטוועגן האָט עס אַלץ געזען — דאָס איז געווען ר׳ לייבל רובין, אָדער ווי מ׳פלעגט אים רופן אין מעזריטש — לייבל דער בלינדער.

אָט דער לעגענדאַרער ייִד, מיט זיין פּאַטריאַרכאַלן אויסזען, וועלכן כ׳קאָן קיין מאָל נישט פאַרגעסן, האָט אויף מיר געמאַכט דעם שטאַרקסטן איינדרוק. ער איז אַ סך מאָל געפאָרן קיין ארץ־ישראל און צוריקגעקומען. ר׳ לייבל רובין האָט געהערט צום טיפּ מטיפים, וועלכער האָט געזען דאָס לאַנד דורך שיר השירים־ברילן, ווען נאָר ער פלעגט רעדן וועגן הייליקן לאַנד, האָט ער דערמאָנט וועגן כנסת ישראל, וועלכע איז געגליכן צו אַ כלה און דעם רבש״ע צו אַ חתן, וועלכע וואַרטן איינער אויפן אַנדערן, און פונקט ווי ביים רעדן האָט ער געשוועבט אין די עולמות העליונים, אַזוי איז ער און זיינע מעשים געווען פּשוט און רעאַל. מיט דעם האָט ער אונטערגעהאַנדלט וועגן קויפן אַ שטיקל ערד, מיט אַ צווייטן וועגן בויען אַ הויז, ער האָט אויך אָרגאַניזירט גרופּן, וועלכע זאָלן פאָרן אַהין זיך באַזעצן דאָרט. ביי אים איז קיין נפקא מינה נישט געווען ווער ס׳זאָל זיין די פאָרערס. אַלץ איינס צי חסידים צי מתנגדים, צי יונג צי אַלט, אַבי קיין ארץ־ישראל.

אָט איז לייבל דער בלינדער אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל שוין צום וויפלטן מאָל און איז צוריקגעקומען נאָך ערגער בלינד ווי ער איז געווען. ער האָט דאָרט זיינע שוואַכע אויגן אויסגעווייינט ביים כותל המערבי און די קאַלטע שטיינער מיט זיינע הייסע טרערן נאַס געמאַכט, בעטנדיק רחמים פאַר די מעזריטשער אַלטע פאַרזעסענע מיידלעך זיי זאָלן זוכה זיין דאָס יאָר כלות צו ווערן און פאַר די עקרות זיי זאָלן נפקד ווערן. ער האָט פאַר זיי געברענגט פאַרשידענע מתנות. פאַר די אַלטע מיידלעך: זיידענע שטעקשיכלעך, וועלכע ער האָט אַרויסגעראַטעוועט פון דער „הדקה" ביי ר׳ שמעון בן יוחאיס קבר און פאַר די ווייבלעך עקרות האָט ער געבראַכט וואַסער פון באר של מרים, אויך מיין מאַמע האָט געהאַט די זכיה צו קריגן ביי אים אַ ביסל פון דעם דאָזיקן הייליקן וואַסער, ווייל דאָס איז אויך געווען אַ סגולה צו האָבן אַ סך קינדער. ביי אונדז אין שטוב האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ גאַנצע טראַגעדיע מיטן דאָזיקן וואַסער. דאָס ביסל וואַסער וואָס מיין מוטער האָט געקריגן ביי ר׳ לייבלען האָט זי געהאַלטן אין קעלער אין אַן ערדערן קריגל. ווען ס׳איז

אָנגעקומען דער ווינטער האָט דאָס קריגל געפּלאַצט פון פראָסט און דאָס וואַסער איז אַרויס. האָט מיין מאַמע געמאַכט חושך: סטייטש, דאָס הייליקע וואַסער פון מרימס ברונעם. אָבער נישט געזאָרגט, מיין מוטער האָט זיך ב״ה אַן עצה געגעבן... זי האָט נישט קשהדיק געקינדלט, געהאַט בנים און בני בנים אַן דעם הייליקן וואַסער אויך.

לייבל דער בלינדער האָט נישט גערוט. ער איז ווידער געפאָרן קיין ארץ־ישראל און האָט זיך דאָרט פאַרבונדן מיט דריי ברידער, פון וועלכע איינער איז געווען דער פראַנצויזישער קאָנסול אין צפת און האָט ביי זיי אָפּגעקויפט אַ שטיק ערד אויפן ברעג פון דער חולה־יעזשערע. דאָס אָרט איז געווען זייער אַ שיינס: פון איין זייט — די גולן־בערג, פון דער צווייטער זייט — די נפתלי־בערג, און אין דערמיט — די מי־מרום. מ׳דערציילט, אַז די בעדוויִנער וועלכע זענען דאָרט געזעסן האָבן דאָרט געפונען אַ כתב אויף קאָפּטיש, אין וועלכן ס׳איז געווען געשריבן: דאָ זאָלט איר זיך באַזעצן און איר וועט האָבן הצלחה.

היינט זיצט איינער פון די עלטסטע גרינדער פון יסוד המעלה און דערציילט די זכרונות פון דער גרינדונג פון דאָזיקן ישוב, ווי אַזוי זיי האָבן אויפגע־שטעלט דעם ערשטן צריף, אין וועלכן מענטשן און בהמות האָבן געוווינט צוזאַמען. עס זענען צוליב דעם אַרויסגעקומען טראַגי־קאָמישע זאַכן. אַזוי, למשל, האָט פּאַסירט, אַז מ׳האָט אָפּגעבאַקן פאַר זיך ברויט, האָבן עס די בהמות אויפ־געגעסן, אָדער זיי האָבן עס פאַראומרייניקט און מ׳האָט נישט געהאַט וואָס צו עסן. איין מאָל האָט געטראָפן, אַז מ׳האָט זיך צוליב די מאָסקיטן אויסגעטאָן נאַקעט, האָבן זיך די בהמות דערשראָקן און אַנטלאָפן און מ׳האָט זיך געמוזט עטלעכע טעג און נעכט יאָגן נאָך זיי, ביז מ׳האָט זיי געכאַפּט און צוריקגע־בראַכט. די ערשטע צייטן זענען טיפוס און מאַלאַריע געווען אָפטע געסט. דאָך, באַמערקט דער אַלטער מיט די פייערדיקע אויגן, איז מען תמיד געווען פריילעך, ס׳האָט גאָרנישט געפעלט, מ׳האָט גאָרנישט געדאַרפט.

דער אַלטער האָט דערציילט נאָך אַ סך, אַ סך זכרונות פון יענע התלהבות־טעג, פון ר׳ לייבל רובין און אַנדערע גרינדער פון יסוד המעלה.

(„דבר״, 1935)

**יידיש: צבי קשת**

א. מ. כאַריזמאַן/ישראל

# שטאַמען

(פונעם בוך „נחשוני החולה"

**דוד אייזענבערג**

געבוירן אין מעזריטש. פון די גרינדער פון יסוד־המעלה, שוואָגער פון ר׳ ברוך מאיר ראָזענבלום. אין מעזריטש האָט ער געהאַט געשעפטלעכע פאַרבינדונגען מיט גויִים פון די אַרומיקע דערפער, מיט וועלכע ער האָט אָנגעהאַלטן פריינדלעכע באַציִונגען, אַזוי אַז וואָס שייך אים אַליין, האָט ער פון דער שנאה צו ייִדן נישט געוווּסט און וואָלט אפשר קיין מאָל נישט געוווּסט, ווען נישט דער פאַל, וואָס האָט אים געעפנט די אויגן.


ר׳ דוד אייזענבערג

אין איינעם פון די דערפער — האָט ר׳ דוד דערציילט — האָט געוווינט אַ געלערנטער פּאָליאַק, וועלכער פלעגט פרעדיקן פאַר די פּויערים יעדן זונטיק און אין זייערע יום־טובים. איין מאָל האָט ער זיך אָפּגערופן צו ר׳ דודן: „דו דאַרפסט וויסן, אַז דיין גאַנץ פאַרמעגן קומט פון אונדזער פּראַצע און געהערט צו אונדז". נאָך דעם, ווי ער האָט באַמערקט אויף ר׳ דודס פּנים דעם איינדרוק פון זיינע גיפטיקע רייד, האָט ער צוגעגעבן, אונטערשטרייכנדיק יעדעס וואָרט: „אויך דיינע קינדער געהערן צו אונדז"... דאָס האָט ר׳ דודן דערשיטערט און פון דעם מאָמענט אָן איז דער געדאַנק וועגן ארץ־ישראל געוואָרן פאַר אים אַ לעבנס־עיקר.

וועגן די 24 מעזריטשער, וואָס האָבן געגרינדעט די חברה „נחלת שדה וכרם", מיטן צוועק צו קויפן באָדן אין ארץ־ישראל און אויפצושטעלן אַן אייגענע קאָלאָניע — האָט ר׳ דוד געזאָגט אין אַ שמועס מיט איינעם פון די יונגע אין יסוד־המעלה: „יאָ, עס איז געקומען פּלוצלינג נאָך דעם, ווי אינערלעך האָט יעדער געפילט, אַז ס׳איז אים ענג אין גלות, ענג און ביטער, כאָטש יעדער פון אונדז מעזריטשער איז געווען פאַרזיכערט מיט פּרנסה, און ווי מען איז געוווינט צו זאָגן — בכבוד. מיר האָבן אויך אַלע געהאַט דאָס געפיל, אַז ארץ־ישראל און דאָס ייִדישע פאָלק וועלן אָן ערדאַרבעט נישט זיין זיכער מיט זייער עקזיסטענץ".

ר׳ דוד אייזענבערג איז נישט געווען אין דער ערשטער גרופּע פון די זיבן

מעזריטשער, וואָס האָבן אין יאָר תרמ״ג זיך באַזעצט אויפן באָדן פון יסוד המעלה. אין יאָר תרמ״ו, ווען אליהו שייד איז געשיקט געוואָרן דורך דעם נדיב הידוע קיין יסוד המעלה איבערצונעמען די קאָלאָניע, האָט ער דאָס געטאָן מיט דעם באַדינג, אַז די חברים פון די קאָלאָניעס, וועלכע געפינען זיך נאָך לעת־עתה אין חוץ־לארץ, זאָלן פאַרקויפן זייערע חלקים, כדי צו פאַרברייטערן דעם באָדן פאַר די פויערים, וועלכע געפינען זיך אויפן אָרט. ר׳ דוד אייזענבערג איז געווען צווישן די, וועלכע האָבן בשום אופן נישט געוואָלט מוותר זיין אויף זייערע חלקים. דערביי האָט ער זיך פאַררופן אויף אַ בפירושן פסוק אין דער תורה: „ומכר מאחוזתו״ — און נישט די גאַנצע אַחוזה. אַזוי ווי דער שליח, וואָס איז געקומען פון מעזריטש, האָט דווקא געוואָלט אַלץ קויפן, האָט ער גאָרנישט באַקומען. להיפך, ר׳ דוד אייזנבערג האָט באַשלאָסן צו ליקווידירן זיינע אַלע געשעפטן, עולה זיין מיט זיין משפחה קיין ארץ־ישראל און זיך באַזעצן אין יסוד המעלה.

ר׳ דוד אייזענבערג האָט אָנגעהאַלטן פריינדלעכע באַציִונגען מיטן שרייבער י. ל. פּרץ. ווען פּרץ האָט זיך דערוווּסט וועגן זיין באַשלוס עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, האָט ער אים געפּרוּווט אָפּרעדן דערפון. דאָס לאַנד אין איצטיקן מצב, האָט ער געזאָגט, איז ווילד, דאָס לעבן איז דאָרט שווער און געפערלעך, און מען איז אויסגעשטעלט אויף הונגער, רויב אאַז״וו, אָבער ר׳ דוד האָט אים נישט געפאָלגט. ער האָט פאַרקויפט זיין גאַנץ פאַרמעגן, גענומען די משפחה און אין זעלבן יאָר תרמ״ו איז ער אַוועק קיין אָדעס, כדי פון דאָרט אָפּצופאָרן מיט אַ שיף קיין ארץ־ישראל.

זיין ווייב, חנטשע (פון נחום סאָקאָלאָווס משפחה) איז לכתחילה געווען קעגן דער עליה. איר טאַטע האָט געפאָדערט פון זיין איידעם איר צו געבן גט און פאַרזיכערן די עקזיסטענץ פון די קינדער, אָבער זי האָט נישט געוואָלט זיך גטן, איז באַשלאָסן געוואָרן זיך צו ווענדן צום מעזריטשער רב, ר׳ ישראל־איסר ז״ל, און וואָס ער וועט ראָטן, וועלן זיי ביידע אָננעמען. נאָך דעם ווי דער רב האָט אויסגעהערט זייערע טענות, האָט ער זיך צו זיי געווענדט און געזאָגט: „געבן אייך אַן עצה, וואָס זאָל זיין גוט פאַר ביידע אין אַזאַ הייליקער זאַך, ווי מצוות ישוב ארץ־ישראל, קאָן איך נישט, איך קאָן נאָר זאָגן, דיר דוד, אויב דו פאָרסט — פאָר געזונט און קום אַהין בשלום״.

די הכנות פון ר׳ דודן עולה צו זיין זענען אויסגעפאַלן פונקט אין דער צייט, ווען זיין שוואָגער, ר׳ ברוך־מאיר ראָזענבלום איז צוריקגעקומען פון לאַנד. חנטשע האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם פאַקט ווי אין אַ מאָטיוו צו ענדערן דעם באַשלוס פון איר מאַן. „זע, האָט זי צו אים געזאָגט, ברוך־מאיר איז פון דאָרט צוריק־געקומען, זיכער נישט פון נחת, און דו גייסט ליקווידירן דיינע געשעפטן, איבער־רייסן די פאַרבינדונגען מיט אַלע דיינע קרובים און אַוועק אַהין?״ אָבער אַזוי ווי ר׳ ברוך־מאיר ראָזענבלום גופא האָט זיך געהיט פון צו זאָגן עפּעס שלעכטס אויף ארץ־ישראל, האָבן אירע רייד נישט געווירקט.

ווען ר׳ דוד אייזענבערג מיט זיין פאַמיליע זענען געקומען קיין אָדעס, האָט


חנטשע אייזענבערג

ער, ווי איינער פון די ערשטע חובבי־ציון, געפונען פאַר נויטיק זיך צו טרעפן מיטן סעקרעטאַר פון דעם חובבי־ציון־קאָמיטעט, ר׳ משה־לייב ליליענבלום. ווען ער איז אַריין צו אים, האָט ליליענבלום אָנגענומען זיין האַנט און געזאָגט: „די האַנט דיינע וועט אַקערן?" „יאָ, זי וועט אַקערן", האָט ר׳ דוד געענטפערט מיט זיכערקייט.

אויף דער שיף האָט די פאַמיליע זיך באַקענט מיט אַ יונגנמאַן פון טבריה, וועלכער איז געפאָרן אַהיים פון חוץ־לארץ. ער האָט געמוטיקט און באַרויִקט אייזנבערגס פרוי: זי האָט די גאַנצע צייט געוויינט.

נאָך דעם, ווי זיי זענען אָנגעקומען אין יפוער פאָרט, זענען זיי דריי טעג געריטן אויף פערד און קעמלען פון יפו ביזן גליל. ר׳ דוד מיט איין יינגל זיינעם זענען געריטן אויף אַ פערד, די מאַמע מיט אַ פּיצל קינד אויפן שויס — אויף אַ צווייטן, און די אַנדערע צוויי שוועסטערלעך אַריינגעשטופּט אין קעסטלעך ווי צוויי צאַפּלענדיקע טויבן — אויף אַ דריטן פערד.

אויפן וועג, ווען ר׳ דוד איז געוואָרן שטאַרק מיד פון רייטן אויפן רוקן פון דער נעבעכדיקער בהמה, האָט ער געבעטן ביים אַראַבער, דעם פאָררייטער, ער זאָל אים דערלויבן צו גיין אַ ביסל צו פוס, אָבער ער איז נישט מסכים געווען. דער יונגערמאַן פון טבריה, וועלכער האָט אויך געהערט צו דער קאָמפּאַניע, האָט זיך נישט גערעכנט מיטן אַראַבער, דעם וועגווייזער, איז אַראָפּ פון זיין אייזל און האָט אָנגעהויבן גיין לעבן אים. דער וועגווייזער האָט זיך אויף אים געוואָרפן און אים געשלאָגן מכות־רצח. דערדריקט און דערשלאָגן פון דעם פאַל, זענען זיי געריטן ווייטער. נישט ווייט פון צפת זענען זיי באַפאַלן אַראַבער און געוואָלט באַרויבן זייער געלט, בלויז אַ דאַנק חנטשעס איינפאַל — זי האָט באַצייטנס צוגעבונדן זייער געלט צום העמדל פון צווייייאָריקן קינד — זענען זיי געראַטעוועט געוואָרן; נאָך דעם, ווי די אַראַבער האָבן זיי באַזוכט און גאָרנישט געפונען, זענען זיי אַוועק.

אין ראש פינה, נישט ווייט פון יסוד המעלה, זענען זיי אַלע אָפּגעשטיגן. ר׳ דוד האָט געהאַלטן פאַר נויטיק צו זיין פריִער ביי לאַסאָוויצקין, דעם באַאַמטן פון באַראָן, און אים איבערגעבן די דאָקומענטן, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך פון ד״ר פינסקער. דער באַאַמטער האָט געזאָגט, אַז ער דאַרף זיך אָנפרעגן וועגן עניין אין פּאַריז, און ביז וואַנען ס׳וועט קומען פון דאָרט אַן ענטפער, דערלויבט

ער אים נישט צו באַזעצן זיך אין יסוד־המעלה, אָבער ער האָט אים פּאַרגיטיקט, אים באַזאָרגט מיט אַרבעט אין ראש פּינה. ביי דער דאָזיקער אַרבעט איז ער געווען באַשעפטיקט עטלעכע חדשים. די משפּחה האָט ער איינגעאָרדנט אין צפת. זונטיק פלעגט ער אַרויסגיין צו דער אַרבעט אין ראש פּינה און זיך אומקערן צו זיין משפחה פרייטיק פאַר נאַכט.

סוף־כל־סוף איז אים דערלויבט געוואָרן צו באַזעצן זיך אין יסוד המעלה, דאַן האָבן אין יסוד המעלה שוין אַלע געהאַט ביידלעך און שטאַלן. ר׳ אַברהם פּעלמאַן האָט אים אָפּגעגעבן אַן אָרט אין זיין שטאַל. מ׳האָט די שטאַל אויסגע־רייניקט, אויסגעשפּרייט ראַגאָזשעס און ס׳איז געווען ווו צו שלאָפן, מ׳האָט אָבער נישט געקאָנט איינדרימלען, ווייל די זשאַבעס זענען געקראָכן אויף דר׳ערד און האָבן געשטערט.

איצט איז ר׳ דוד שוין געזעסן אויף אייגענעם באָדן און ווי אַ פויער באַאַרבעט זיין ערד. ס׳איז געקומען דער האַרבסט, די צייט פון אַקערן, און די רעגנס האָבן באַשוועט. כדי זיך צו שיצן פון די רעגנס, האָט ר׳ דוד געפונען אַן עצה: ער האָט צוגעבונדן צום אַקעראייזן אַ פּאַראַסאָל. זיין ייִנגל האָט ער מיטגענומען אין פעלד, און אַקערנדיק די ערד, האָט ער אויך „איינגעאַקערט״ מיטן זון די תורה פון אביי ורבא...

ר׳ דוד אייזענבערג איז געווען אַ גוטער פון דער נאַטור, און שנעל זיך באַפריינדט מיט מענטשן. מען דערציילט וועגן אים און זיין פריינד ראָזענפעלד פון ראש־פינה אָט וואָס: ס׳איז געווען דאָס יאָר פון שמיטה. ר׳ דוד האָט, ווי זיין פריינד ראָזענפעלד, געהאָדעוועט זייד־ווערעם. איין מאָל קומט ראָזענפעלד מיט פערד־און־וואָגן, וואָס דאָס האָט געהייסן, אַז דער ענין איז דרינגענדיק, ווייל אַזוינע קליינע מרחקים איז מען מערסטנס געגאַנגען צו פוס. ר׳ דוד האָט זיך מיט אים זייער דערפרייט און אים געפירט ווייזן די ווערעם. נאָך דעם, ווי זיי זענען אַריין אין שטוב און זיך געזעצט טרינקען טיי, האָט אים ר׳ דוד געפרעגט: „איצט וועסטו מיר אַוודאי זאָגן וואָס פאַראַ וויכטיקער ענין עס האָט דיך געבראַכט צו מיר?״ „אויך ביי מיר, האָט אים ראָזענפעלד געענטפערט, ווערן די ווערעם רייף, מען דאַרף זיי געבן אַ סך צו עסן און עס פעלן מיר בלעטער״. „גוט, האָט ר׳ דוד געענטפערט, לאָמיר ביידע אַרויסגיין באַקוקן דיביימער און אָפּשאַצן די צאָל פון זייערע בלעטער״. זיי זענען אַרויסגעגאַנגען, און נאָך עטלעכע מינוט שאַצן, ווענדט זיך ראָזענפעלד צו ר׳ דודן און זאָגט: „איך זע, אַז ס׳איז נישטאָ וואָס צו נעמען ביי דיר״. „אפשר האָסטו אַ טעות געהאַט אין דער אָפּשאַצונג״, פרעגט אים ר׳ דוד. „ניין, רייסט אים איבער ראָזענפעלד, כ׳האָב גוט געזען״. „עס האַנדלט זיך אָבער אין דעם — דערקלערט אים ר׳ דוד — אויף וויפל די ווערעם ליידן. ווי איך פאַרשטיי, איז דער מאַנגל אין בלעטער ביי דיר גרעסער, ווי ביי מיר, הייסט עס, אַז דיינע ווערעם וועלן ליידן מער פון מיינע. דעריבער וויל איך, אַז דו זאָלסט נעמען פון מיינע בלעטער, כדי דיינע ווערעם זאָלן לפחות נישט ליידן מער פון מיינע״.

די קינדער אין דער משפחה זיינען גרעסער געוואָרן, און די לאַגע איז נאָך אַלץ געווען אַ שווערע. ווען זיי האָבן זיך גענומען בויען אַן אייגענע שטוב, האָט ר׳ דודס ווייב, חנטשע, וואָס איז ביי אירע עלטערן אין הויז געווען אַן אָפּגעצי־טערטע, געפירט וואַסער פון מי־מרום — פיר בלעכן אין אַ וועגל, אַ האַלבן קילאָמעטער פון דאָרט ביז דער שטוב אין משך פון אַ שעה — און ר׳ דוד האָט געפירט די שטיינער.


זאב דב אייזענבערג

די גאַנצע משפחה איז געווען אַרבעטס־זאַם, נישט קיין איבערקלייבער, אַליין אַלץ געטאָן אין זייער ווירטשאַפט. ווען דער זון זאב־דוב איז אַלט געווען 14־15 יאָר, איז אויסגעבראָכן אַ סכסוך צווישן אַראַבישן פאַסטעך און די באַלעבאַטים פון דער סטאַדע. די קאָלאָניע האָט געוואָלט נעמען אַ פאַסטעך פון די אַראַבער אין איזבאַד (דאָס שכנישע דאָרף, צו וועמען דער באָדן פון יסוד המעלה האָט פריער געהערט). די שכנישע אַראַבער האָבן אָבער מורא געהאַט פאַר די מוגרבים, צו וועמען דער פאַסטעך האָט געהערט. זאב־דוב האָט זיך געשטעלט פאַרן קאָמיטעט פון דער קאָלאָניע און דערקלערט, אַז ער נעמט אויף זיך צו פאַשען די סטאַדע אומזיסט, און זאָל דער פאַסטעך וויסן, אַז מען טאָר נישט חוזק מאַכן פון דער קאָלאָניע. אין אַ צייט אַרום, ווען דער מוגרב האָט געזען, אַז נישט געקוקט אויף אַלץ פירט מען די סטאַדע אין פעלד, איז ער געקומען און האָט זיך געבעטן, אַז מען זאָל אים צוריקנעמען.

ר׳ דוד איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער קעגנער פון פרעמדער אַרבעט און געהאַלטן בלויז פון אייגענער אַרבעט.

ר׳ דוד איז געשטאָרבן ו׳ כסלו תרצ״ה.

## נחמן משה אייזענבערג

ר׳ דוד אייזענבערג זון נחמן־משה האָט באַקומען אַ לונגען־אָנצינדונג, אָבער די דאָקטאָרין, וואָס האָט אים אונטערזוכט האָט ביי אים פעסטגעשטעלט מאַלאַריע. זי האָט אים אָנגעקאָרמעט מיט כינין, וואָס איז סם־המות פאַר אַ לונגען־אָנצינדונג. מען דערציילט, אַז ווען ד״ר הלל יפה איז געקומען אים אונטערזוכן, האָט ער פון צער זיך געכאַפּט מיט ביידע הענט פאַרן קאָפּ און אויסגערופן: „דאָקטאָרין, דו האָסט דערהרגעט אַ געזונטן בחור! האָסט אים פאַרברענט מיט כינין״.

ער איז געשטאָרבן אין כ״ד טבת, תרע״ח, אין עלטער פון צוואַנציק יאָר.

**שרגא אייזענבערג**

דער צווייטער זון פון ר׳ דוד אייזענבערג, שרגא אייזענבערג, איז געשטאַנען בראש פון דער יוגנט, וואָס האָט געפאָדערט אָפּצושאַפן די פרעמדע שמירה אויף די פעלדער פון דער קאָלאָניע. אין תרע״ט, ווען גענעראַל אַלענבייס אַרמיי האָט דורכגעבראָכן דעם טערקישן פראָנט און אַריינמאַרשירט אין לאַנד, איז נאָך נישט קלאָר געווען צו וועלכער מאַכט עס וועט געהערן דער צפון פון גליל העליון — צו דער פראַנצויזישער אָדער צו דער ענגלישער. רויבער־באַנדעס האָבן אויסגענוצט די אומבאַשטימטקייט פאַר רויבצוועקן. מען איז דורך זיי באַפאַלן געוואָרן בעת דער אַרבעט אויפן פעלד און באַזונדערס גרויס איז געווען די סכנה אין דער שניטצייט, ביים פירןביי נאַכט די תבואה.

שרגא האָט זיך באַצויגן מיט ביטול צו די סכנות. ער פלעגט אַרויס, ווי ער איז געווען געוווינט, אין בלאָען באַגינען און פירן די תבואה, נישט מיטנעמענדיק מיט זיך קיין געווער. אין איינעם אַ באַגינען איז ער אַוועק צוזאַמען מיט זיין קוזין, אַהרן־לייב עפשטיין, ברענגען אַ וואָגן האָבער פון פעלד. לעבן בית הקברות, אַ פערטל שעה גאַנג פון דער קאָלאָניע, בעת זיי האָבן אָנגעפילט דעם וואָגן, האָבן זיי דערהערט אַ געררויש צווישן די דערנער. שרגא האָט געפרעגט: ווער איז דאָרט? און איידער ער און זיין 16־יאָריקער קוזין האָבן זיך באַוויזן אומצוקוקן, זענען זיי שוין געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן דורך אַ באַנדע רויבער.

נישט האָבנדיק קיין געווער, מיט וואָס זיך אַנטקעגנצושטעלן, זענען זיי געשלעפט געוואָרן מיט כוח דורך דער באַנדע צו די בערג. מען האָט זיי גענאָרעט אין דר׳ערד, געשלעפט ביי די פיס, געפליקט די האָר פון קאָפּ און אַכזריותדיק געשלאָגן: „ציוניסטן, האָבן זיי געשריגן, ציוניסטן, באַלד וועלן מיר טרינקען אייער בלוט!״ זיי האָבן זיך אַוועקגעשטעלט רעדן צווישן זיך און איינער פון דער באַנדע האָט אַרויסגעצויגן אַ שווערד און אָנגעהויבן פאָכען מיט איר איבער שרגאן. אין דעם מאָמענט האָט זיך, ווי עס איז, דאָס יינגל אהרן־לייב אַוועקגעדרייט און גענומען לויפן אין דער ריכטונג פון דער קאָלאָניע. אַ טייל פון די רויבער האָבן אים נאָכגעיאָגט, אָבער ער איז מיט איבערמענטשלעכע כוחות געלאָפן און ס׳איז די רוצחים נישט געלונגען אים צו כאַפּן.

כאָטש דאָס איז פאָרגעקומען נישט ווייט פון דער קאָלאָניע, האָט מען דאָרט גאָרנישט געהערט, ביז אהרן־לייב איז אָנגעלאָפן אַ דערשלאָגענער און אַ נאַקעטער, מיט אַרויסגעשטאַרטע אויגן ווי אַ מטורף. קוים מיט צרות האָט ער אַרויסגעבראַכט פון זיך דאָס איינע וואָרט: שרגא! די קאָלאָניסטן האָבן פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז פאָרגעקומען אַן אומגליק. זיי זענען אַוועק צום פעלד פון ר׳ דוד אייזענבערג, ווו זיי האָבן געפונען פערד־און־וואָגן אָן שרגאן. זיי האָבן אָנגעהויבן זוכן. דערווייל זענען אויך אָנגעלאָפן די עלטערן. אַזוי זוכנדיק האָבן זיי אים געפונען אַ געהרגעטן אויפן באָדן פון פרידמאַנען, אין ראש־פינה. אויף דריי דרענגלעך האָבן זיי אים אַוועקגעלייגט און אים געבראַכט צו טראָגן. אויך די פאַרחלשטע מוטער האָבן זיי

דעם גאַנצן וועג געטראָגן. נאָכן זון־אונטערגאַנג איז פאָרגעקומען די לוויה, זעענדיק דאָס רייסן קריעה פון די עלטערן נאָך זייער צווייטן קרבן, זייער געליבטן און טייערן זון, און הערנדיק זיי זאָגן „ברוך דיין אמת״, האָט די גאַנצע קאָלאָניע אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

אומגעקומען איז שרגא כ״ב סיון תר״פ.

## ר׳ מנחם־מענדל פעלמאַן

פון די ערשטע מעזריטשער אין יסוד המעלה. פון די צען מאָס צער, וואָס זענען אויסגעפאַלן אויף די חלוצים פון יסוד המעלה, זענען ניין מאָס אויסגעפאַלן אויף ר׳ מענדל פעלמאַן, און ווי גרויס עס איז געווען זיין צער, אַזוי גרויס איז געווען זיין יושר און עניוות.

סאַלימאַן אַבו־עלי, איינער פון די עלטסטע אין שכנישן דאָרף איזבאַד, פלעגט נאָכן דרעשן אין יסוד־המעלה, קומען און בעטן תבואה. קיינער האָט אים נישט אָפּגעזאָגט. איין מאָל קומט סאַלימאַן מיט זיין טאָכטער, ווי שטענדיק, מיט אַ זאַק. דער אַלטער סאַלימאַן האָט באַגריסט ר׳ מענדלען מיט אַ מזרחדיקן כפול־שמונהדיקן „שלום״. ר׳ מענדל האָט אים געענטפערט „שלום״, אָבער זייענדיק אַ פאַרטראַכ־טער, האָט ער דעם קאָפּ נישט אויפגעהויבן. דער אַלטער איז אַ ביסל געשטאַנען, געזאָגט „שלום״ און אַוועק מיט אַ ליידיקן זאַק. ר׳ מענדל האָט זיך תיכף געכאַפּט און ס׳האָט אים אויף זיך אַליין פאַרדראָסן: אַזאַ מין זאַך, לאָזן דעם אַלטן און חשובן מאַן אַוועקגיין אָן אַ מתנה פון דער גערעטעניש פון זיין פעלד! ר׳ מענדל האָט תיכף גענומען אַ זאַק, אָנגעפילט אים מיט ווייץ ביזן ברעג, פאַרבונדן, אַרויפ־געלייגט אויפן אָקסל און אַוועק מיט אים צו סאַלימאַנס געצעלט. אַריינקומענדיק האָט ער זיך געווענדט צום אַלטן מיט די ווערטער: „סאַלימאַן, איך שעם זיך דערמיט, וואָס אויף דער עלטער דאַרפסטו קומען צו אונדז בעטן אַ שטיקל ברויט. מיר האָבן נישט פאַרגעסן און וועלן נישט פאַרגעסן, אַז אין אונדזער שווערער לאַגע, פלעגסטו און דיינע ברידער אונדז געבן פון אייער ברויט. אונדזער הייליקע פליכט און דעריבער צו ברענגען אַ מתנה פון אונדזער גערעטעניש צו דיר אין הויז, דו זאָלסט זיך נישט דאַרפן מטריח זיין אין דיין עלטער״.

ר׳ מענדל פעלמאַן, וואָס האָט אין די שווערע ערשטע יאָרן אין יסוד המעלה באַגראָבן דאָרט זיבן קינדער, האָט צום סוף זוכה געווען צו דערציִען אַ זון ביזן עלטער פון 22 יאָר. ווען ער האָט געדאַרפט גיין אין מיליטער, האָט ר׳ מענדל זיך באַמיט מיט אַלע כוחות אים צו באַפרייען. נאָך דעם, ווי ס׳איז אים געלונגען, איז זיין פרייד געווען אַזוי גרויס, אַז אויפן וועג פון עכו דורך צפת, האָט ער די גאַנצע צייט געטיילט צדקה צו יעדן, וואָס האָט ביי אים געבעטן. ווען ס׳האָט אים אַ באַקאַנטער געפרעגט: „ר׳ מענדל, וואָס פאַר אַ זין האָט עס?״ האָט ער אים געענטפערט: „צי ווייסטו, מיין פריינד, וויפל מי כ׳האָב אַריינגעלייגט אויסצו־האָדעווען דעם איין־און־איינציקן זון מיינעם? איצט, אַז ס׳איז מיר געלונגען אים אַרויסצונעמען פון די טערקישע הענט, זאָל איך זיך רעכענען מיט געלט? זאָלן

אַנדערע אויך הנאה האָבן פון מיין שמחה. אין דריי חדשים אַרום איז דער בחור געוואָרן אַ חתן און אַלץ איז שוין געווען גרייט צו דער חופה, האָט אים געכאַפּט דאָס שוואַרצע קדחת און ער איז געשטאָרבן.

ער אַליין, מנחם מענדל, איז געשטאָרבן פון אַ לונגען־אָנצינדונג ב׳ חשון, תרפ״ב.

## מינדל־מרים טיליטיצקי

אַ טאָכטער פון ר׳ אַברהם כהן ז״ל, פון די ערשטע זיבן מעזריטשער, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין יסוד המעלה. זי האָט חתונה געהאַט מיט ר׳ שמואל טיליטיצקי. ער איז געווען אַ שמיד פון פאַך, אַ טיכטיקער אַרבעטסמאַן. ער האָט פאַרבונדן זיין מלאכה מיט לאַנדווירטשאַפט, דעריבער איז זיין לאַגע שטענדיק געווען אַ בעסערע. מינדל־מרים, זיין פרוי, איז שטענדיק געווען גרייט זיך מקריב צו זיין פאַרן צווייטן. ווי אַ מלאך הגואל פלעגט זי זיך באַווייזן בעת אַ קראַנקייט. אירע באַמיִונגען צו העלפן אַ קראַנקן זענען דערגאַנגען ביז מסירת־נפש.

מינדל־מרים האָט געהאַט אַ משפחה מיט קינדער, אַ ווירטשאַפט מיט קי און עופות. ר׳ שמואל איז אַ גאַנצן טאָג געווען באַשעפטיקט אין דער שמידעריי, אַזוי, אַז די גאַנצע אַרבעט אין דער ווירטשאַפט איז געפאַלן אויף איר. פון דעסטוועגן האָט זי אַלץ באַוויזן צו טאָן. אָט איז קראַנק געוואָרן אויף פלעקטיפוס דער זון פון איר שכן אַלפאַסי. ווער וועט זיך פאַרנעמען מיט אַזאַ אַנשטעקנדיקן קראַנקן, ווער וועט אים געבן צו עסן, צו טרינקען, אים איבערלייגן דאָס געלעגער? אַ מאַמע פון קינדער טאָר דאָך נישט קומען אין באַרירונג מיט אַזאַ קראַנקן. איז מינדל געקומען — און אויס מיט די דאגות! אַז זי איז געקומען, האָט מען גלייך געקריגן האָפענונג און מ׳איז געוואָרן זיכער, אַז דער קראַנקער וועט האָבן אַ רפואה־שלמה. דער טויט האָט איר אַוועקגעריסן אין בליִענדיקן עלטער. זי איז געשטאָרבן כ״ט טבת תרפ״ג.

## ר׳ שבתי הכהן ליקערמאַן

פון די ערשטע זיבן מעזריטשער, וואָס האָבן זיך באַזעצט אויפן באָדן פון יסוד המעלה.

אין יאָר תרמ״ג, אין זעלבן יאָר ווי ער איז געקומען, איז אים די פרוי געשטאָרבן. זי איז געווען דער ערשטער קרבן אין יסוד המעלה. ס׳איז נאָך דאָרט נישט געווען קיין בית־עולם, האָט מען זי אויף אַ קעמל אַוועקגעפירט צו קבורה אין צפת.

אין ז׳ סיון, תרנ״ז איז זיין זון פתחיה קראַנק געוואָרן אויפן שוואַרצן קדחת און נאָך עטלעכע שעה, אין עלטער פון 23 יאָר, געשטאָרבן.

אין ט״ו כסלו תרנ״ח, איז אויך דער צווייטער זון יוסף, אָנגעגריפן געוואָרן פון קדחת, און נאָך עטלעכע שעה, אין עלטער פון 26 יאָר, געשטאָרבן. ער האָט געלאָזט אַ שוואַנגערדיקע פרוי.

דער טויט פון דיביידע זין האָט אים לחלוטין דערשלאָגן. ווען זיין שנור, די אַלמנה, האָט געבוירן דאָס קינד, האָט ער עס געהייסן אָנרופן מיטן טאַטנס נאָמען, יוסף. ווען מען איז אַרויס פון שול, נאָכן ברית, האָט ר׳ שבתי געזאָגט: „נו, ברוך השם זוכה געווען צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון טאַטן, אָבער איך האָב שוין נישט קיין כוח צו לעבן״. י״ד שבט, תרנ״ח, זעקס מיט אַ האַלבן חודש נאָך פתחיהס טויט און זעקס וואָכן נאָך יוספס טויט, איז דער טאַטע אַליין אויך אַוועק פון דער וועלט.

## ר׳ יוסף־מאיר געדולטער

פון די ערשטע זיבן מעזריטשער אין יסוד המעלה. אין מעזריטש האָט ער זיך פאַרנומען מיט לערנען מיט דער יוגנט תלמוד. אין יאָר תרמ״ג איז ער געקומען אין לאַנד און זיך באַזעצט אויף זיין נחלה אין יסוד המעלה. דאָס ביסל געלט, וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט, האָט ער באַוויזן אויפצועסן אין די ערשטע ביטערע יאָרן פון יסוד המעלה, ביז ער איז געבליבן אָן איין פרוטה.

ווען ר׳ יוסף־מאיר איז געקומען אויף דער עלטער האָט ער זיך געווענדט צו זיין זון שמעון־דוב אין מעזריטש, ער זאָל קומען אין לאַנד. טראָץ זיין גוטן מאַטעריעלן מצב אין מעזריטש, האָט דער זון זיך נישט געקענט אַנטקעגנשטעלן רעם רצון פון טאַטן, וועלכער האָט, אַגב, צוליבן שטאַרקן ווילן צו זען דעם זון אין ארץ־ישראל, נישט ווייניק איבערטריבן אין זיינע בריוו בנוגע זיין פאַרמעגן אין יסוד המעלה. דער זון מיט זיין פרוי און צוויי קינדער זענען געקומען אין לאַנד, ער האָט איבערגענומען די נחלה און געאַרבעט צוזאַמען מיטן טאַטן.

ר׳ יוסף מאיר איז געשטאָרבן ער״ח טבת תרנ״ח, אין עלטער פון 72 יאָר.

## מרגלית, די פרוי פון שמעון־דוב געדולטער

טאָכטער פון הרה״ג שלמה איידלמאַן, געקומען אין יסוד המעלה צוזאַמען מיט איר מאַן און קינדער אין דער תקופה פון אויפשטעלן די צריפים. טאָג און נאַכט האָט זי געשלעפּט דעם עול פון דער אַרבעט און זיך געפּייניקט אַזוי ווי אַלע אַנדערע.

טראָץ די אָנגריפן פון קדחת, הונגער א״אַ האָט זי אָפּגעשפּאָרט דעם לעצטן גראָשן און געשיקט דעם זון אלתר לערנען אין תלמוד־תורה אין צפת. זי איז אין דער יוגנט געהאָדעוועט געוואָרן אין רייכטום, און אין די שלעכטע צייטן אין יסוד המעלה האָט זי געמוזט באַקן ברויט אויף צו פאַרקויפן, כדי צו שפּייזן איר משפחה און פאַרצוזעצן די דערציִונג פון זון אין צפת. איר מאַן האָט געאַרבעט אויף דער נחלה און ביי די באַאַמטע.ביידנס פאַרדינסטן האָבן נישט געקלעקט צו שפּייזן די פאַמיליע צו דער זעט.

דריי מאָל איז זי קראַנק געוואָרן אויף קדחת. דאָס צווייטע מאָל איז זי בלינד געוואָרן פון שלינגען צו פיל כינין. זי איז געשטאָרבן י׳ ניסן תרנ״ט, אין עלטער פון 36 יאָר.

## ר׳ שמעון־דוב געדולטער

געקומען אין לאַנד אין יאָר תרמ״ח. אין דער יוגנט האָט ער געלערנט אין ישיבה. נאָך דער חתונה האָט ער אָנגעהויבן האַנדלען. ער איז געקומען, ווי מיר האָבן שוין געשריבן, מיט זיין פרוי און צוויי קינדער. ביז היינט געפינט זיך נאָך אין דעם מאָדערנעם הויז פון זיין זון ר׳ אַלתר דאָס אַלטע שענקל, וואָס ר׳ שמעון דוב האָט געברענגט מיט זיך, פול מיטן ווילנער ש״ס. ער איז קראַנק געוואָרן אויף שוואַרצן קדחת און איז געשטאָרבן אין י״ט אייר תרס״ה.

## ר׳ אלתר געדולטער

דער זון פון ר׳ שמעון־דוב און מרגלית געדולטער. ער איז אַלט געווען פיר יאָר, ווען די עלטערן האָבן אים מיטגענומען מיט זיך. ווען ער איז אַלט געוואָרן 18 יאָר איז דער טאַטע געשטאָרבן. (די מאַמע איז געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר פריִער). געבליבן איז ער מיט פיר ברידער און צוויי שוועסטער. צוויי זין האָט מיט זיך מיטגענומען די שטיפמוטער און איז אַוועק מיט זיי קיין צפת, צוויי ברידער זענען אַוועק קיין אַמעריקע און די צוויי שוועסטער זענען געבליבן מיט אים.


אלתר געדולטער

אלתר האָט אָנגעהויבן באַארבעטן די ווירטשאַפט מיט די דעמאָלטדיקע פריי־מיטיווע מיטלען. אים איז געווען באַזונדער שווער, ווייל ער האָט נישט געוואָלט פון קיינעם קיין הילף. דער ערשטער שריט צו ראַטעווען די צעשטערטע ווירט־שאַפט פון טאַטן, איז געווען, צו קויפן אַ קו צום מעלקן, כדי צו געניסן פון דער מילך און גלייכצייטיק אויך צו אַקערן מיט איר דאָס פעלד.

אין יענער צייט האָט געהערשט די געשווילעכץ־קרענק צווישן בהמות. דער דאָזיקער גורל האָט אויך נישט אויסגעמיטן אלתרס טרייע שפּייזערין: זי איז געשוואָלן געוואָרן און אַוועק. דער יונגער פּויער איז געבליבן מיט גאָרנישט.

גראָד האָט זיך געמאַכט, אַז די באַאַמטע פון ראש־פינה האָבן געקויפט 30 וואָגנס פאַר דער קאָלאָניע מטולה און זיי האָבן געזוכט ווער ס׳זאָל זיי איבערפירן. צוליבן שלעכטן וועג האָט זיך נישט געפונען ווער ס׳זאָל עס טאָן. דער יונגער געדולטער האָט פאָרגעלייגט זיין דינסט. די באַאַמטע האָבן אים איבערגעגעבן די אַרבעט און אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג איז אים געלונגען צו ברענגען קיין מטולה די 30 וואָגנס. פאַר דער אַרבעט האָט ער געקריגן 180 פראַנק. פון דער

סומע האָט ער געגעבן האַנטגעלט ביים קויפן אָקסן און פערד, מעל פאַר דער שטוב און ווייץ צו זייען — אַלץ אויף אויסצאָלן. אַזוי איז אים געלונגען צוריק אויפצושטעלן זיין ווירטשאַפט.

ר׳ אלתר געדולטער איז 25 יאָר געווען דער מוכתר (סאָלטיס) פון דער קאָלאָניע, זיך אַלע מאָל געררעכנט מיט די שוואַכע און נויטליידנדיקע.

ווי דער מוכתר האָט ער געזאָרגט פאַר די פויערים פון דער קאָלאָניע און לטובת זיי געטאָן זאַכן, וואָס זענען געווען פאַרבונדן נישט בלויז מיט אומאָנגענעמלעכקייטן, נאָר אויך מיט סכנה פון אַרעסט דורך דער טערקישער פאָליציי.

ר׳ אלתר האָט געהאַט פינף זין, און ער אַליין, כאָטש ער איז שוין נישט געווען קיין יונגערמאַן, איז ער פון דעסטוועגן — מיט זיין פעיִקייט צו אַרבעט און זיין פלינקייט — נישט אָפּגעשטאַנען פון די זין. זיי, די זין, זענען געווען זיין שטאָלץ, קיינער פון זיי האָט נישט פאַרלאָזט די קאָלאָניע ווי אַנדערע. זיי זענען געווען צוגעבונדן צו דעם טאָטנס נחלה.

נישט בלויז ביי זיך אין שטוב, אויך אין דער קאָלאָניע איז ער געווען באַלעבאָס. זיין השפעה האָט זיך אויך געמערקט אַריבער דער גרענעץ פון זיין קאָלאָניע. פון זינט ער איז געקומען אין לאַנד, האָט ער נישט געביטן זיין וווינאָרט.

די מדבר־לייט פון דער צווייטער זייט ירדן האָבן נישט איין מאָל פּרובירט זייער מזל אין זיין הויף: צו שלעפּן פון שייַער, נאָכשפּירן די בהמות אין זיין שטאַל, אָבער אלתר פלעגט זיי אָנלערנען, זיי זאָלן האָבן צו געדענקען. ער פלעגט אויף זיי אָנשרייען מיט אַן אַראַביש אָדער פויליש וואָרט, וואָס ער האָט נאָך געדענקט פון מעזריטש. די קלעפּ, וואָס זיי האָבן דערביי אַריינגעכאַפּט, האָבן פאַר זיי פאַרטייטשט דעם פּירוש פון די ווערטער.

אלתר האָט נישט ליב געהאַט צו רעדן. ער האָט אויך נישט קיין צייט געהאַט צו דערציילן פון דער פאַרגאַנגענהייט. אַלץ וואָס די קינדער האָבן געוווּסט וועגן דעם, וואָס די עלטערן זענען אויסגעשטאַנען, האָבן זיי געהערט פון דער מאַמען אין די רעגן־טעג, בעתן שטריקן סוועדערס פאַר דער משפחה. פון איר האָבן זיי זיך דערוווּסט אַלץ, וואָס זיי האָבן דורכגעלעבט אין יסוד המעלה. זי האָט זיי דערציילט, וואָס זי האָט געטענהט צו זייער טאַטן: „דו ליידסט נישט די שטאָט, פלעגט זי זאָגן צו זייער טאַטן, עפּן אַ קראָם אין דער קאָלאָניע. אַ קראָם ברענגט אַריין, און אויפן פעלד מוז מען זייען און מען איז נאָך נישט זיכער, אַז ס׳וועט זיין וואָס אַראָפּצונעמען״.

גוט וואָס אלתר האָט איר נישט געפאָלגט. די ערד האָט זיי נישט אַנטוישט. מיט דער צייט האָבן זיי זיך צוגעבויט: אַ הויז, אַ שפּייכלער. זיי האָבן געהאַט בשפע פרוכטן, קי און שעפּסן.

אלתר האָט געהאַט צוטרוי צו די מדבר־לייט. נישט איין מאָל האָט אים דער יונגער זון געפרעגט: „ווער האָט חרוב געמאַכט דיין ערשט הויז און באַרויבט דיין פאַרמעגן?״ אָבער אלתר האָט געענטפערט: „אויב דו האָסט גוטע מידות, זאָלן

די שכנים אויך פון זיי געניסן, אויב נישט, וועלן זיי דיך באַשענקען מיט זייערע... די אַראַבער האָבן טאַקע חרוב געמאַכט מיין הויז, אָבער אונדזערע שכנים, אויך אַראַבער, האָבן מיר געבאָרגט זעק מיט ווייץ אונדז צו דערנערן".

איין מאָל, מיטאָגצייט האָבן די זין אָנגעהויבן אַרויסגיין מיט טענות צו אים. דער עלטסטער האָט געזאָגט: „זע, טאַטע, וואָס די קיבוצים טוען אויף, לאָז מיך גיין צו זיי אויף אַ יאָר לערנען די נייע שיטות". דער צווייטער האָט געזאָגט מיט פאַראיבל: „פאַר וואָס אַרבעטן מיר ביז פינצטער, און אין די שכנישע ווירטשאַפטן אַרבעט מען 8 שעה און דערנאָך זיצט מען אין „סינעמאַ?" אויך דער דריטער האָט פאַראיבל געהאַט און ווען דער פערטער האָט געעפנט דאָס מויל — האָט אלתר אויף אים אַ געשריי געטאָן: „גענוג אויף היינט!" — און אַרויס אַ בייזער פון צימער.

אין יענעם אָוונט האָט ער נישט געהאַט קיין רו. ער האָט אַריינגעטראַכט אין די טענות פון די זין און איז געקומען צום באַשלוס, אַז נישט מיט געשרייען דאַרף מען צו זיי רעדן. דער עלטסטער איז שוין אַלט 26 יאָר, דער יינגסטער — 16, און ער שטייגט אַלע איבער. ווען מען איז געגאַנגען שלאָפן, איז ער אַריין צו די קינדער אין שלאָפצימער, געשטאַנען ביי דער טיר און געזאָגט מיט אַ ווייך קול, צו וואָס זיי זענען נישט געוווינט געווען: „כ'פאַרמאָג 300 דונאַם באָדן. די ערד געהער צו אייך. מיט אייער אַרבעט האָט איר זי קונה געווען, טוט מיט איר ווי אייך געפעלט. די ערד איז גוט פאַר פאַרשידענע געוויקסן און פלאַנצונגען, ווען איר וועט האָבן די מעגלעכקייט — וועט איר פאַרגרעסערן די שטאַל און די סטאַדע שעפסן. די אַרבעט וועט איר פאַרטיילן צווישן זיך, יעדער וועט קריגן אַ טייל, אָדער צוזאַמען, אַזוי ווי אין קיבוץ. איינס זאָלט איר געדענקען: די דאָזיקע ערד האָט אייך אויפגעהאָדעוועט און איר טאָרט זי נישט פאַרלאָזן!"

ר' אלתר גענדולטער איז געשטאָרבן אין ט"ו ניסן תשט"ז.

**חיים מענזשעווסקי**

פון די ערשטע יסוד־לייט. געווען קליין און דאַר, אַ עניו, און זיך נישט געמישט אין געזעלשאַפטלעכע ענינים. ער איז געווען פון פאַך אַ שמיד, און דערפאַר האָט מען אים גערופן „חיים דער קאָוואַל", אָבער מער ווי צו דער שמידעריי איז ער געווען איבערגעגעבן זיין ווירטשאַפט. די מערסטע שעהען פון מעת־לעת פלעגט ער זיין אין פעלד. ווען די פויערים פלעגן פאַר נאַכט אַהיימגיין, פלעגט ער נאָך גיין נאָכן אַקער, אַזוי ווי נישט פאַר אים עקזיסטירן טאָג און נאַכט. ווען ס'איז געוואָרן נאַכט, פלעגט ער אָנצינדן דעם לאַמטערן, אים אויפהענגען אויפן אַקער און ממשיך זיין די אַרבעט.

געשטאָרבן י"ב אלול, תרפ"א, אין עלטער פון 87 יאָר.

פון העברעיש:
**מ. ביר**

ר״ר שושן־רוז

# מעזריטשער יידן, וואָס זענען פון די ערשטע געקומען בויען דאָס לאַנד

### (צו דער גרינדונג פון דאָרף „גן־רוז״ *)

די גרינדונג פון דאָרף „גן־רוז״ אין שרון האָט צוגעגעבן נאָך אַ רינג צו דער קייט פון די מעזריטשער יידן, וואָס זענען פון די ערשטע געקומען בויען דאָס לאַנד. דאָס דאָרף איז אויפגעשטעלט געוואָרן דורך דעם בשותפותדיקן פאָנד פון דער פאַמיליע ראָז אין אַמעריקע און דעם „אגף השיכון״ ביים אַרבעטס־אַמט. דער „חנוכת הכפר״, די פייערונג צום פאַרענדיקן אויפבויען דאָס דאָרף איז פאָרגע־קומען אין אָנהייב 1957, 90 יאָר צו דער מעזריטשער עליה, וואָס איז געווען געבענטשט מיט איניציאַטיוו און מיט פערזענלעכקייטן — טרוימערס און בויערס אין שטאָט און אין דאָרף.

## אַריבער די מויערן פון ירושלים

צוריק מיט 110 יאָר (צוואַנציק יאָר פאַר דער גרינדונג פון „יסוד המעלה״) זענען מתנגדישע יידן פון מעזריטש עולה געווען קיין ארץ־ישראל, זיי זענען געקומען בויען דאָס לאַנד, צוריק אויפשטעלן עס פון אירע חורבות.

צווישן די ערשטע חלוצים איז געווען דער רייכער מאַן און בר־אוריין ר׳ יעקב ראָז [1] ער האָט זיך באַזעצט אין ירושלים, זיך שנעל אַקלימאַטיזירט און גיך געוואָרן אויסגעקאָכט אין אַלע ענינים פון דער קהילה. דערביי איז ער געוואָרן זייער אויפגעטראָגן מיט ר׳ שמואל סאַלאַנט, דער דעמאָלטדיקער הויפּט־רב פון ירושלים. ר׳ שמואל סאַלאַנט האָט שטאַרק געהאַלטן פון זיין בקיאות אין אגדה און מדרשים.

ר׳ יעקב, דער נגיד פון מעזריטש און דער גרויסער למדן, איז נישט געווען צופרידן מיט די וווינונגען פון די „כולל־הייזער״, אָדער ווי מען האָט זיי דאַן גע־יפן, די „בתי גורל״, (די „לאָטעריע־הייזער״), וואָס זענען פאַרטיילט געוואָרן אומזיסט איין מאָל אין דריי יאָר. ר׳ יעקב האָט פאַר זיין אייגן געלט אָפּגעקויפט הייזער מיט די הייף אין אַראַבישן פערטל און צוזאַמען מיט נאָך עסקנים פון אַלט־ירושלים האָט ער אויך זיך גענומען אויסצולייזן דעם באָדן „מחוץ לחומות״ (אַריבער די מויערן פון ירושלים).

צוזאַמען מיט זיין שכן ר׳ יוסף ריבלין ז״ל, „דער בויער פון נייעם ירושלים״,

---

*) לעבן דאָרף בני ציון, אין דער געגנט פון רעננה.

1) יעקב ראָז איז געווען אַ פעטער פון ר׳ דוב דוד פעלמאַן, וואָס ער און זיין פרוי שרה־איטע, זענען פאַררעכנט פאַר די פיאָנערן פון דער יידישער אָראַנזשן־פלאַנטאַציע אין ארץ־ישראל.

האָט ער אונטערגענומען צו בויען דירות אויף צו פאַרדינגען פאַר יעדן איינעם אויף גאָר באַזונדערע לייכטע באַדינגונגען, לויט דעם באַוווּסטן ווערטל: „בנה ביתך בתחילה". צו דעם צוועק האָט ער זיך באַטייליקט אין גרינדן די ערשטע באַנק אין ירושלים, וואָס האָט פינאַנסירט דעם באַדן־קויף אויף צו גרינדן די שכונות „מאה שערים", „משכנות", „מזכרת" און „מגרש הרוסים".

זיין הויז האָט געדינט ווי אַן אכסניה פאַר אַלע מעזריטשער עולים. זיי האָבן זיך דורך אים אַרויסגעהאָלפן און זיך מיט אים געעצה'ט, ווי צו פאַרזיכערן זייער געלט ביז זייער פעסטן איינאָרדענען זיך אין ירושלים, יפו און יסוד המעלה.

אַן אינטערעסאַנטער קוריאָז פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אין יענע טעג — די תקופה פון דער מחלוקת לשם שמים צווישן די „פרושים" (ד"ה מתנגדים) און די חסידים ביי דער אַשכנזישער עדה אין ירושלים: די צעשפּאַלטונג צווישן זיי האָט אַרומגענומען אַלע געביטן פון לעבן און איז דערגאַנגען ביז צו באַזונדערע בתי־כנסת, ת"ת, ישיבות, בתי דין, שחיטה, קבורה, און אַפילו ביז אָפּהאַלטן זיך פון „געמישטע" חתונות. דאַן האָט ר' יעקב ראַז געבעטן ביי ר' שמואל סאַלאַנט, דעם רב דמתא און הייסער מתנגד, אַ היתר חתונה צו מאַכן זיין זון מיט אַ טאָכטער פון אַ ליובאַוויטשער חסיד, מיט דעם מאָטיוו, אַז חב"ד שטייט אין דער מיט, צווישן די חסידים און מתנגדים. ר' שמואל סאַלאַנט האָט געגעבן זיין היתר און דערביי אָנגעוווּנטשן: יהי רצון, אַז דער זיווג זאָל זיך איינגעבן. ער האָט אַוודאי געמיינט דעם זיווג צווישן די פּרושים און חסידים.

ר' יעקבס זון, הרב טוביה ראַז, געבוירן אין ירושלים, איז געווען אַ למדן־מופלג און דערצו אַ מענטש אויף צו האַלטן זיך מיט אים אַן עצה. ער איז ממשיך געווען דעם וועג פון זיין פאָטער בבחינת „מעשי אָבות ירשו בנים". ער איז געווען זייער אַקטיוו אין דער תקופה פון דזשעמאַל פּאַשאַס הערשאַפט. אין די הונגעריאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז הרב טוביה ראַז געווען דער גרינדער פון „בית לחם וטה" צו הילף די הונגעריקע.

ער איז געווען פאַרטראָטן אין פאַרשידענע הילפס־קאָמיטעטן, אויך אין דעם פאַראייניקטן קאָמיטעט צו פאַרטיילן שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס זענען דערהאַלטן געוואָרן פון די ייִדן אין אַמעריקע פאַר די איינוואוינער פון ירושלים. ער האָט אויך אַ סך געטאָן צו באַקעמפן די פּלאָג פון דעם היישעריק. ער איז אויך געווען פון די, וואָס האָבן אָרגאַניזירט איינהייטן פון „גיכע־הילף" צו ראַטעווען פון דער מגיפה, די כאָלערע, וואָס האָט געבושעוועט אין יענער צייט און גורם געווען צו אומצאָליקע קרבנות. ער האָט אויך געטאָן פאַר די ייִדישע זעלנער, וואָס האָבן געדינט מעבר לים אין די לעגיאָנען „ראשון ליהודה" און „מקלעי המלך", און בעת די געשעענישן מיט די אַראַבער אין 1920 — אָרגאַניזירט די הגנה אין די שכונות.

ווי זיין פאָטער ר' יעקב ז"ל, האָט אויך ער גענומען אויף זיך אויסצוברייטערן די גרענעצן פון ירושלים. ער ווערט פאַררעכנט צו די גרינדער פון די שכונות אין ירושלים: „קרית שמואל" און „בית וגן".

„הבקר" 31.5.57

מאיר איידלבוים

# אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע אין ערשטן וועלטקריג

דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דערשיטערט מעזריטש. דאָס אינדוסטריעלע מעזריטש, און איר האַנדל, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט איר אינדוסטריע, איז איבער נאַכט געוואָרן אָפּגעשניטן פון דעם וועלטמאַרק, פון וועלכן איר פּרנסה איז געווען אָפּהענגיק. מעזריטש איז געבליבן פּרנסהלאָז. דאָס קולטור־געזעלשאַפטלעכע לעבן ווי דאָס געוויינטלעכע טאָגטעגלעכע לעבן, איז ממש פאַראַליזירט געוואָרן.

אַ שווערער טרויער האָט איינגעהילט די שטאָט. פאַרצווייפלטע עלטערן, פרויען און קינדער, שוועסטער און ברידער, האָבן מיט געוויין און יללות באַגלייט זייערע נאָענטסטע, וועלכע האָבן זיך געמוזט מעלדן צום דינסט פאַר דעם צאַר און פאָטערלאַנד. זייערע יללות האָבן ממש מיטגעריסן קינד־און־קייט. אַלע, די גאַנצע שטאָט האָט מיטגעוויינט. נאָך איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, קען איך „הערן" דעם שוידערלעכן יאָמער פון אַ שטאָט, וואָס האָט געעפנט קברים, אויפגעפראַלט ארון־קודש און געוויינט אין די גאַסן. ווער איז נישט געווען אויף דער באַנ־סטאַציע צו באַגעגענען די עשאַלאָנען מיט די מאָביליזירטע סאָלדאַטן? אַ סך ייִדן זענען געווען צווישן זיי. מען האָט זיי געבראַכט געטראַנקען, ברויט און ציגאַרעטן.

באַלד נאָך דעם האָבן זיך באַוויזן די ערשטע „בעזשענצעס", אַרויסגעטריבענע ייִדן פון די גרענעץ־שטעטלעך. דער צאַרישער הויפּטקאָמאַנדיר ניקאָליי ניקאָ־לייעוויטש — אַ שונא ישׂראל, האָט ראשית כל פאַרטריבן די ייִדן, וועלכע האָבן געוווינט ביי די דייטשישע און עסטרייכישע גרענעצן. ער האָט פאַרדעכטיקט די ייִדן אין שפּיאָנאַזש לטובת דעם שונא.

די היימלאָזע האָבן אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף די מעזריטשער ייִדן, וואָס האָבן פון תמיד אָן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע גוטע מידות פון צדקה און הכנסת־אורחים. זיי האָבן זיך באַמיט צו לינדערן זייער נויט און געהאָלפן די פּליטים, וואָס האָבן געוואָלט זיך אָפּשטעלן אין מעזריטש און אויף ס'ניי בויען זיך אַ היים.

אַ גאַנץ יאָר האָט מעזריטש געלעבט אין פּחד און שרעק. דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט און עס זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז מ'וועט אַרויסטרייבן

די ייִדן. און ווען די קובאַנער קאָזאַקן מיט אוירינגלעך אין זייערע אויערן האָבן זיך באַוויזן אין שטאָט, האָט מען מורא געהאַט פאַר אַ פּאָגראָם. נישט נאָר פאַר זיי אַליין האָט מען זיך געשראָקן, מען האָט אויך מורא געהאַט פאַר די פּאָליאַקן און אוקראַיִנער, וועלכע האָבן געוווינט אין דער שטאָט־פּעריפעריע, פון תמיד שונאי ישראל, זיי זאָלן נישט אויסנוצן די געלעגנהייט און ברענגען חלילה אַן אומגליק אויף די שטאָטישע ייִדן דורך איבערשניידן דעם פעלד־טעלעפאָן, וואָס איז געווען צוגעטשעפּעט צו געוויסע הייזער (אויך צום הויז, ווו מיר האָבן גע־וווינט, איז געווען צוגעפּעסטיקט דער טעלעפאָן־שנור), און אויסטראַכטן אַ בלבול, אַז ייִדן האָבן דאָס געטאָן. כדי צו פאַרמיידן אַזאַ געפאַר, פלעגן ייִדישע וואָלונטערן באַוואַכן די גאַסן און אַכטונג געבן, אַז דער טעלעפאָן זאָל חלילה נישט איבער־געשניטן ווערן. זיי האָבן אויך שטאַרק נאָכגעפאָלגט יעדע באַוועגונג פון די סאָלדאַטן, וועלכע פלעגן ציִען דורך מעזריטש, וואָס ליגט אויף דער וואַרשעווער־מאָסקווער ליניע, אַז זיי זאָלן נישט פאַרטשעפּען זיך מיט ייִדן און זייערע פאַר־מעגנס. אין אַזאַ צושטאַנד איז אַלץ געווען הפקר פריי. די געוויינטלעכע השגחה, וואָס עלטערן גיבן אויף קינדער, האָט כמעט פולשטענדיק אָפּגעלאָזן.

דער קיבוץ — אַ ישיבה פאַר דערוואַקסענע, וועלכע לערנען אָן אַ ראש־ישיבה — אין מעזריטש האָט זיך אויפגעלייזט. ווי אַ מקום תורה, וואָס האָט צוגעצויגן לערנערס פון נאָענט און ווייט, האָט דער קיבוץ געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דער שטאָטישער יוגנט, וואָס האָט געהאַלטן ביים לערנען. איצט האָט דער בית־מדרש, ווו דער „קיבוץ" האָט געלערנט, געפּוסטעוועט. די בחורים זענען זיך צעפאָרן, אַלע האָבן געוואָלט זיין מיט זייערע נאָענטע אין די דאָזיקע שווערע טעג. אויך די חדרים און תלמוד־תורהס האָבן אויפגעהערט צו זיין טעטיק.

ווען די שטאָט איז סוף כל סוף, נאָך שווערע שלאַכטן, געוואָרן אָקופּירט, צו ערשט פון די עסטרייכער און דערנאָך פון די דייטשן, האָבן די עלטערן נישט געהאַט דאָס געמיט צו טראַכטן וועגן קולטורעלע הצטרכותן און דער יוגנט. ראשית, דער הונגער איז געוואָרן אַן אָפּטער גאַסט אין כמעט אַלע הייזער. די דייטשע אָקופּאַנטן זענען געווען אַכזריותדיק פאַר די איינוווינער. דער הונגער האָט אַרויסגערופן עפּידעמיעס: טיפוס, דיזענטעריע, א״אַ מגיפות, וואָס האָבן אַ תל געמאַכט פון דער באַפעלקערונג. ווער האָט דאַן געקאָנט טראַכטן וועגן גייסטיקע ענינים?

אָבער ביסלעכווייז האָט די באַפעלקערונג זיך צוגעוווינט צום לעבנסשטייגער, וואָס איז אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן אויף איר דורכן אָקופּאַנט. ס'איז איינגע־שטעלט געוואָרן אַ סדר און די שטאָט האָט זיך דערמאָנט אין דער נישט ווייטער פאַרגאַנגענהייט, ווען אין מעזריטש האָט געברויזט אַ געזעלשאַפטלעך לעבן מיט שולן, רעליגיעזע און מאָדערנע, און אָנגעהויבן זאָרגן וועגן קהלישע ענינים, וועגן חינוך און וועגן יענע, וואָס מע מוז העלפן. אַזעלכע זענען געווען זייער אַ סך. פאַר די אָרעמע האָט מען געעפנט אַ קיך, און ווען דער פּסח האָט זיך

דערנענטערט, האָט מען געבאַקן מצות פאַר די אָרעמע. די אַרבעטערס זענען געווען פּרייוויליקע און די פאַרנעמסטע פרויען האָבן געאַרבעט מיט פלייס. אויך האָט מען געשאַפן אַ ספּעציעלן קאָמיטעט וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט העלפן די קראַנקע, אַפילו די עפּידעמיעס האָבן זיי נישט אָפּגעשראָקן.

מעזריטש איז געלעגן אין דעם אזוי גערופענעם „עטאַפּן־געביט" (מלחמה־שטח). די דייטשע אָקופּאַנטן האָבן געהאַלטן מעזריטש אָפּגעשניטן פון דעם גאַנצן אַרום. אָן אַ ספּעציעלער דערלויב האָט קיינער נישט געטאָרט אַרויספאָרן פון שטאָט. דאָס האָט אָנגעהאַלטן כמעט די גאַנצע צייט ביזן צוזאַמענבראָך פון דייטשלאַנד. ווען די רעוואָלוציע האָט אומגעוואָרפן דאָס קייזערטום אין דייטש־לאַנד.

אין דעם צושטאַנד האָבן די מעזריטשער געוווּסט גאַנץ ווייניק וואָס ס'טוט זיך אינעם לאַנד, און נאָך ווייניקער וואָס עס טוט זיך אין אויסלאַנד. אמת, די פּרעסע פון וואַרשע פלעגט קומען קיין מעזריטש. אָבער זי איז געווען שטאַרק צענזורירט. אויך די דייטשע פּרעסע איז געווען צענזורירט. דאָך האָבן לייענער פון צייט צו צייט, ווי עס איז, געפונען אַ קליינע שפּאַרונקע צו דער גרויסער וועלט.

אויף אַלע געביטן האָט געהערשט אַ סטאַגנאַציע (אָן אויסנאַם איז געווען דאָס קולטור־לעבן, וועגן וואָס מיר שרייבן שפּעטער) אין דעם לעבן פון די ייִדן אין מעזריטש און באַזונדערס — אינעם פּאָליטישן לעבן.

פאַר דער מלחמה האָט מעזריטש געהאַט אַ שטאַרקע פּאָליטישע טעטיקייט. אמת, די דאָזיקע טעטיקייט איז עפנטלעך נישט געקומען צום אויסדרוק, מחמת דעם צאַרישן רעזשים; די רוסישע מאַכט האָט געהאַלטן מעזריטש שטאַרק אויפן אויג צוליב איר גרויסער אַרבעטערשאַפט, וואָס איז געווען זייער רעוואָלוציאָנער געשטימט. און נישט נאָר אויף דער אַרבעטערשאַפט — אויך אויף דער אַלגע־מיינער ייִדישער באַפעלקערונג האָט זי געהאַלטן אַ וואַכזאַם אויג. ראשית, זענען געווען אַ סך צווישן די נישט־אַרבעטנדיקע, וועלכע האָבן סימפּאַטיזירט מיטן „בונד", וואָס האָט כמעט פולקאָם באַהערשט דעם אַרבעטער־שיכט אין מעזריטש. שנית, איז אין צאַרישן רוסלאַנד געווען פאַרבאָטן אויך דער ציוניזם, און היות ווי די ציוניסטן זענען געווען שטאַרק פאַרטראָטן אין מעזריטש, פלעגט מען אָפּהאַלטן אין מעזריטש פון צייט צו צייט ציוניסטישע קרייז־קאָנפערענצן מיטן אָנטייל פון די ציוניסטישע גדולים, דערפאַר האָט די רוסישע מאַכט אויך אויף די דאָזיקע עלעמענטן געהאַלטן אַ וואַכזאַם אויג. אָבער די שטערונגען האָבן נישט אָפּגעהאַלטן נישט דעם „בונד" און נישט די ציוניסטן, אונטער פאַרשידענע אויס־ריידן, ווי למשל, דאָס איינאָרדנען אַ כלומרשטע שמחה אדג"ל, אָנצוגיין מיט זייערע טעטיקייטן.

ביים אָנהייב פון דער דייטשער אָקופּאַציע איז דאָס פּאָליטישע לעבן געוואָרן כמעט פאַראַליזירט. אָבער ביסלעכווייז האָט דאָס לעבן זיך אָנגעהויבן צו סטאַ־בילי זירן און די באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן ווערן טעטיק און חלומען וועגן

דעם מאָרגן, וואָס וועט קומען נאָך דעם קריג. וואָסער מאָרגן וועט דאָס זיין ? אין די בונדישע קרייזן האָט מען געהאָפט, אַז דער צאַרישער רעזשים וועט פאַלן אַ דאַנק אַ רעוואָלוציע אָדער לכל הפחות וועט ווערן דעמאָקראַטישער און מענטשלעכער. אין ציוניסטישע קרייזן האָט מען געהאָפט אויף ציוניסטישע ישועות. הגם מ׳האָט געגוי׳ נישט געוווסט וואָס די ציוניסטישע פירער טוען אין אויסלאַנד, האָט מען דאָך געהאָפט, אַז אין ענגלאַנד ווערט מן הסתם עפעס געטאָן.

די דייטשע אָקופּאַנטן האָבן נישט דערלאָזט צו עפנטלעכע ציוניסטישע אָדער סאָציאַליסטישע טעטיקייטן. ביידע זענען געווען פאַרבאָטן. די ציוניסטישע, ווייל ס׳האָט געהייסן, אַז ציוניסטן זענען סימפּאַטיקער פון די אַליִירטע, באַזונדערס פון ענגלאַנד; די סאָציאַליסטישע, ווייל דער יונקער־רעזשים איז געווען אַנטי־סאָציאַליסטיש. אָבער נישט געקוקט אויף דעם, האָט מען אונטער דער מאַסקע פון קולטור־טעטיקייט געקאָנט זיך פאַרזאַמלען, רעדן און דעבאַטירן.

נאָענט צום סוף פון דער מלחמה האָבן די ציוניסטן געעפנט אַ קלוב אויפן ערשטן שטאָק אין נאָטע באַרשטיינס הויז אין דער פלוימען־גאַס (ליובעלסקאַ) און דער „בונד" האָט געעפנט אַ קלוב אויפן נאָמען פון בר. גראָסער אין דעם הויז פון יאָסל סאָבעלמאַן (קאָניאַק). דוכט זיך, אַז אויך די פּועלי־ציוניסטן האָבן געהאַט אַ לאָקאַל אויף די בריקן אין דעם הויז פון מאיר רוזאַל.

אין יענע טעג פלעגט דער שרייבער פון די שורות קויפן צייטונגען אין דער מיליטערישער „קאַנטינע". די צייטונגען, וואָס איך האָב געלייענט זענען געווען: „דאָס בערלינער טאַגעבלאַט", „די פאָסישע צייטונג" און דער „לאָקאַל־אַנצייגער". איך האָב דאָרט געזוכט אַ רמז כאָטש פון ייִדישע נייעס. איין מאָל, אין יאָר 1917, האָב איך געקויפט דעם „לאָקאַל־אַנצייגער" און מיט אויפמערקזאַמקייט געלייענט די באַריכטן פון די קריגס־פראָנטן. אגב, אין דער דאָזיקער צייטונג זענען די באַריכטן פון דער מלחמה געווען באַזונדערס אויספירלעך. איך לייען און גלויב נישט מיינע אייגענע אויגן: „די טערקישע טרופּן האָבן אָפּגעשלאָגן די אַטאַקעס פון די אָנגרייפנדיקע טרופּן פון דעם ייִדישן לעגיאָן" (כ׳געדענק נישט איצט דעם גענויעם נוסח, אָבער, מער ווייניקער, דאָס איז געווען דער אינהאַלט פון דעם קאָמוניקאַט). דאָס איז געווען די ערשטע מיטטיילונג וועגן ייִדישע סאָלדאַטן, וואָס שלאָגן זיך, ווי ייִדן, מיט די טערקן אין ארץ־ישראל און פאַר ארץ־ישראל. כ׳האָב באַקומען פליגל. דוכט זיך, אַז אין סעקונדן בין איך געווען אין דער היים (די קאַנטינע איז געווען אויף די בריקן קעגן איבער דער „אוניאַטן"־צערקווע. פריִער איז זי געווען אין קאָליע־געסל. מיר האָבן געוווינט ביי ברוך זעלנער וואָס איז געווען גאַנץ ווייט פון דאָרט). פון דער היים בין איך אַוועק צו ר׳ גדליה שטיין. ער איז געווען אַן אָפּגעהיטענער ייִד, אַ משכיל, אַ גרויסער העברעער און ציוניסט. מיר האָבן זיך געחברט מיט זיינע ייִנגערע קינדער, באַזונדערס מיט זיין זון מרדכי שטיין הי״ד, וועלכער איז שפּעטער געווען איינער פון די הויפּט־טוער פון בית״ר אין פוילן. איך האָב אויסגעשפּרייט די צייטונג און געלייענט

און ווידער אַ מאָל געלייענט די נייעס. באַלד האָט די ידיעה בליצשנעל זיך צעטראָגן איבער אַלע ציוניסטישע קרייזן און כאָטש מען האָט נישט געוווּסט די פּרטים, האָבן אַלע פאַרשטאַנען, אַז עפּעס גרויס, עפּעס היסטאָרישס געשעט אין דער וועלט. מיר האָבן גערעדט מיט רמזים, שטיל, כדי נישט אַרויסצורופן די אויפמערקזאַמקייט פון דעם דייטשן אָקופּאַנט. איצט זענען דאָך ציוניסטן אַוודאי אונטערן חשד פון זיין סימפּאַטיקער פון ענגלאַנד. אויך די געפאַר איז געווען אַ רעאַלע. אין פּוילן האָבן דייטשע „ראַבינערס" אַנטי־ציוניסטן, געפירט אַן אַנטי־ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע און אין געוויסע ערטער זענען ציוניסטן געוואָרן אַרעסטירט. די דאָזיקע אָרטאָדאָקסישע אַנטי־ציוניסטן האָבן דעמאָלט געשאַפן די אָרגאַניזאַציע פון אַנטי־ציוניסטישע רעליגיעזע ייִדן די „אגודת האורטודוכסים", וואָס איז נאָכן קריג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער „אַגודת שלומי אמוני ישראל" אָדער „אַגודת ישראל".

אין האַרבסט, נאָוועמבער אָדער דעצעמבער, איז דערגאַנגען די איבעררא־שנדיקע נייעס, אַז ענגלאַנד האָט אַרויסגעגעבן אַ דעקלאַראַציע, וואָס זאָגט צו שאַפן אַ נאַציאָנאַלע היים פאַר ייִדן אין ארץ־ישראל. ווי אַזוי די ידיעה איז דער־גאַנגען קיין מעזריטש האָב איך דעמאָלט נישט געוווּסט. היינט ווייסן מיר, אַז אין קאָפּענהאַגען איז געווען אַ ביוראָ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, מאיר גראָסמאַן איז געווען דער הויפּטפירער אין דער דאָזיקער ביוראָ, און ער האָט אינפאָרמירט די ייִדישע וועלט וואָס ס'טוט זיך אין דער באַוועגונג און בכלל אין דער ייִדישער וועלט. דענעמאַרק איז געווען נייטראַל און געהאַט אַ פאַר־בינדונג מיט ביידע קעמפנדיקע צדדים.

ביז היינט קאָן איך נישט פאַרגעסן יענע בשורה פון ייִדישער נאַציאָנאַלער דערלייזונג, וועלכע איז אונדז געוואָרן איבערגעגעבן בסוד. די נייעס האָט אויף מיר געהאַט אַזאַ ווירקונג, אַז כ'בין אַזש געוואָרן אַפילו פּראָ־רוסיש. ביז דעמאָלט האָבן מיר געוואָלט די דייטשן זאָלן זיגן מחמת אונדזער שנאה צום צאַרישן רעזשים. איצט, אַז מיר זענען געוואָרן „שותפים" מיט די ענגלענדער, האָבן מיר סימפּאַטיזירט און מתפּלל געווען פאַר ענגלאַנדס נצחון, כדי צו דערנענטערן די גאולה, און דאָס האָט ממילא געווירקט אויף אונדזער שטעלונג צו רוסלאַנד, וואָס איז געווען אַן אַלייִרטע מיט ענגלאַנד און פראַנקרייך.

באַלד דערנאָך האָט אויפגעשטראַלט אַ נייע ידיעה, וואָס האָט אַרויסגערופן פרייד ביי אַלע אָן אויסנאַם, און באַזונדערס אין די אַרבעטער־קרייזן. איין מאָל אין אַ שבת האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער צאַר ניקאָלאַי האָט אַבדיקירט... ביים אַריינגאַנג צו דער קאַנטינע פלעגן די דייטשן אַרויסהענגען ספּעציעל־וויכטיקע ידיעות, וואָס זענען נאָך נישט געווען פּובליקירט אין די צייטונגען. אַזאַ נייעס, אויב ס'איז אמת, וועט דאָך אַוודאי פּובליקירט ווערן. געדענק איך, מיט נאָך חברים זענען מיר אַוועק צו דער קאַנטינע — עס שטימט: אַ קורצער קאָמוניקאַט — צאַר ניקאָלאַי האָט אַבדיקירט!

אין די הייזער האָט מען קאָמענטירט די גרויסע געשעעניש. וועט עס ווירקן

אויף דער מלחמה? וועלן די רוסן מאַכן שלום? מעזריטש איז געווען מיד פון דער מלחמה. טויזנטער ייִדן זענען אויסגעשטאָרבן פון הונגער און עפּידעמיעס. כמעט אַלע זענען געווען אַרבעטסלאָז און נישט געהאַט גענוג ברויט צו עסן, שוין אָפּגערעדט פון אַנדערע שפּייזן. אָבער די ידיעה האָט געמוטיקט און גע־שטאַרקט. די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, דאָס שטירצן פון דעם צאַרישן רעזשים, האָט געגעבן די האָפענונג, אַז דער שלום שטייט הינטער דער טיר, עס גייט אויף אַ ניי ליכט פון יושר און צדק, די גאולה קומט... סיי ציוניסטן און סיי סאָציאַליסטן האָבן געהערט די טריט פון דער נאָענטער גאולה.

## קולטור־און חינוך־טעטיקייט

יאָרן פאַר דעם אויסברוך פון דעם ערשטן וועלטקריג האָבן עקזיסטירט אין מעזריטש זייט ביי זייט מיט אינסטיטוציעס פון רעליגיעזן חינוך: חדרים, תלמוד־תורהס, ישיבות — אויך מאָדערנע דערציִונג־אַנשטאַלטן. די ייִדישע אינטעליגענץ, וועלכע האָט נוטה געווען צום „בונד" אָדער אַנדערע סאָציאַליסטישע באַוועגונגען, האָט געשאַפן אָוונט־קורסן, כדי צו דערמעגלעכן די אַרבעטער און סתם אָרעמע, וועלכע האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו באַקומען אַ גענוגנדיקן חינוך, צו באַקענען זיך מיט דער ייִדישער שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע. זיי פלעגן פאַרבעטן באַקאַנטע שרייבערס אויף פאָרלעזונגען, צווישן זיי שלום־עליכם, פּרץ, און אַנדערע גדולים. ייִדיש טעאַטער איז געווען שטאַרק פּאָפּולער אין מעזריטש. די בעסטע טרופּעס מיט קאָמפּאַניִיעצס טרופּע בראש פלעגן אָפּט באַזוכן אונדזער שטאָט און געשפּילט טעאַטער מיט גרויס דערפאָלג.

וואָלף גרינבערג האָט אָנגעפירט מיט דער ערשטער שול, וואָס איז געווען כולה־העברעיִש. די שול איז געווען אַ קאָעדוקאַציע־שול, ייִנגלעך און מיידלעך האָבן געלערנט צוזאַמען, וואָס אַפילו פאַר דעם אַזוי גערופענעם „חדר מתוקן" איז דאָס געווען אַ רעוואָלוציאָנערער שריט. אויך יוסף פישער האָט אָנגעפירט מיט אַ העברעיִשער שול פאַר ייִנגלעך. הערש חיים גרינבערג (פאָטער פון דעם אויבנדערמאָנטן) און ברוך גלוזשניידער זענען געווען די אייגנטימער פון די צוויי שולן פאַר מיידלעך, ווו מ'האָט געלערנט ייִדיש, העברעיִש, אַריטמעטיק, רוסיש אדג"ל. אַנושקע אַדלער האָט געעפנט די ערשטע רוסיש־העברעיִשע פּראָ־גימנאַזיע פאַר מיידלעך. מעזריטש האָט געהאַט אַ גרעסערע צאָל פּריוואַט־לערערס, ייִדן און נישט־ייִדן וואָס פלעגן געבן פּריוואַטע לעקציעס אָדער ביי זיך פאַר גרע־סערע גרופּעס, אָדער גיין אין פּריוואַטע הייזער. אָט דאָס אַלץ איז חרוב געוואָרן זינט דעם אויסברוך פון דעם קריג. נאָך עטלעכע יאָר מלחמה, ווען מען האָט זיך צוגעוווינט צום שווערן אָקופּאַציע־לעבן, האָבן די שטאָטפירערס, קהילה־פירערס און סתם אינטעליגענטן אָנגעהויבן ערנסט זיך צו פאַרטראַכטן וועגן צוריק אויפ־לעבן די קולטור־אינסטיטוציעס.

אין יענער צייט האָבן די צוויי באַקאַנטע העברעיִשע לערערס, משה ראובן סלאָדקי און יוסף פישער (ביידע געשטאָרבן אין ישראל), זיך פאַראייניקט און



העברעישע שול אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע



**העברעישע פּריוואַטשול פון סלאָדקי־פישער**

אויפן בילד: די לערער סלאָדקי און פישער, און די תלמידים: ראובן ארזי, יצחק סלאָדקי, יצחק און נתן פינקלשטיין, שמחה בירשטיין א״אַ

געעפנט אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע (שעורי ערב לגדולים), קורסן פאַר אָנפאַנגער, מיטעלע און אַוואַנסירטע אין דער העברעיִשער שפּראַך. און וווּנדער איבער וווּנדער! דוכט זיך, אַז די גאַנצע שטאָט־יוגנט (אַזוי האָט עס אויסגעזען אין מיינע אויגן — כ׳בין קוים געווען בר מצווה) האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו פאַרשרייבן זיך אויף די קורסן. מעזריטשער יוגנט האָט מיט אַ באַזונדערן פלייס גענומען לערנען העברעיִש. די קורסן פלעגן אָפּגעהאַלטן ווערן אין ר׳ משה מאַלערס מויער, דאָרט ווי עס האָט זיך געפונען ביז דער מלחמה דער „אילוזיאָן" (אַזוי פלעגט מען דעמאָלט רופן דעם קינאָ) פון יאַנקעלע רישעס (יעקב גרינ־בערג).

די דאָזיקע אָוונט־קורסן האָבן שטאַרק מצליח געווען, זיי האָבן אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן, וואָרעם אין צווישנצייט האָבן די דאָזיקע צוויי לערערס פאַרטראַכט אַ נייעם פּלאַן: זיי האָבן געעפנט אַ העברעיִשע טאָגשול פאַר יִינגלעך און האָבן מער נישט געקאָנט אָפּגעבן זיך מיט די קורסן. די שול האָט זיך געפונען אין דעם מויער פון חיים רויטענבערג (בעקער), און האָט באַלד מצליח געווען. ווי גוטע פּעדאַגאָגן און אויסגעצייכנטע לערערס, האָבן זיי געגעבן זייערע שילער אַ ברייטע ייִדישע און וועלטלעכע דערציִונג. די שול האָט אָנגעהאַלטן ביז נאָך דער מלחמה, ווען זי האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דער העברעיִש־פּוילישער גימנאַזיע.

ס׳איז כדאַי צו באַמערקן, אַז דער דראַנג צו לערנען העברעיִש איז נישט געווען באַגרענעצט בלויז צו באַלעבאַטישע אָדער ציוניסטיש־געשטימטע עלע־מענטן. אַפילו געוויסע בונדיסטן האָבן געלערנט און געקענט גוט העברעיִש און זיי פלעגן אָנטיילנעמען אין די דעבאַטעס, וואָס זענען געפירט געוואָרן אַלע וואָך אין דעם קלוב פון די חובבי שפת עבר (ליבהאָבערס פון דער העברעיִשער שפּראַך), וועלכער איז נאָך דער מלחמה געגרינדעט געוואָרן אין מעזריטש. (איך האָב געהאַט דעם כבוד צו זיין איינער פון די מיטגרינדער צוזאַמען מיט שמואל ווישניע, משה זובערמאַן, אומגעקומען אין דער שואה און צו לאַנגע יאָרן — ראובן צעדערבוים, חווה צוקערמאַן, עקיבא אַש). דער קלוב פלעגט זיך טרעפן אַ געוויסע צייט אין דער האַלטער־פאַבריק פון די שוואָגערס ר׳ מרדכי בערמאַן און ר׳ יהושע מאַנפּערל ע״ה, אויף אַרקעס פּלאַץ. אָבער דאָס געהערט שוין צו די באַלדיקע נאָך־מלחמה־יאָרן. און נישט נאָר העברעיִש האָט מען געלערנט, דער „בונד" און פועלי־ציון האָבן אָרגאַניזירט קורסן אין ייִדיש און האָבן געלייגט דעם יסוד פאַר דער ייִדישער פאָלקס־שול, וואָס איז שפּעטער געעפנט געוואָרן פון אַנושקע אַדלער, פיינבערג א״אַ.

אין דער דאָזיקער צייט האָבן זיך געשטאַרקט די האָפענונגען. געהיימע ידיעות זענען דערהאַלטן געוואָרן פון אויסלאַנד באַשר ענגלאַנד האָט צוגעזאָגט די ייִדן ארץ־ישראל. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין פּוילן האָט שטילערהייט זיך אָנגעהויבן צו רעאָרגאַניזירן און ווערן טעטיק, קודם כל אויפן חינוך־געביט, דאָס איז געווען דערלויבט. און צווישן די ווענט פון דער שול האָט מען דאָך געקענט

רעדן אויך וועגן ציוניזם. האָבן ציוניסטישע פירער אין שטאָט, מיט דער נאָענטער מיטהילף פון דער ציוניסטישער יוגנט, געשאַפן אין יאָר 1917 אַ העברעיִשע טאָג־שול — תרבות. אויך זי איז געווען אַ קאָעדוקאַציע־שול פאַר יִנגלעך און מיידלעך און געווען פאָפולער און צוגענגלעך פאַר פאַרמעגלעכע ווי אומפאַרמעגלעכע.

אַ באַזונדער קאַפּיטל האָט פאַרצייכנט דער רעליגיעזער חינוך אין יענע יאָרן. דער רעליגיעזער חינוך פאַר דער מלחמה איז באַשטאַנען פון דער תלמוד־תורה, וואָס האָט נישט געהאַט דעם כוח צוצוציִען באַלעבאַטישע קינדער; בלויז די העכסטע צוויי קלאַסן (אין מיינע יאָרן זענען די מלמדים געווען ר׳ מאיר פורמאַן און ר׳ ראובעלע גראַמאַן), פלעגן אויך צוציִען אַ טייל באַלעבאַטישע קינדער, ווייל די צוויי קלאַסן זענען אייגנטלעך געווען אַ מין ישיבה קטנה. די תלמוד־תורה, אויך דער שוין דערמאָנטער קיבוץ, און פריוואַטע חדרים — דאָס איז געווען דער שטייגער חינוך, וואָס מ׳האָט געגעבן די יִדישע קינדער, אייגנטלעך אומעטום.

אונטער דעם איינפלוס פון די געשעענישן, פון די גייסטיקע ענדערונגען, וואָס זענען געקומען אַ דאַנק דער מלחמה, איז אויך דער תלמוד־תורה־חינוך גרינטלעך געענדערט געוואָרן. רעליגיעזע באַלעבאַטים האָבן זיך אַרומגעזען, אַז זייערע קינדער גייען אַרום ליידיק. חדרים האָבן כמעט אויפגעהערט עקזיסטירן, דער וועג צו די ישיבות איז געווען אָפּגעשלאָסן, די תלמוד־תורה האָט צוליב די יאָרן פון שלעכטער פירערשאַפט, וואָס האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס חינוך איז, נישט געקאָנט דערפילן איר אויפגאַבע. די תלמוד־תורה איז געוואָרן אַ פּלאַץ פאַר דעם אָרעמקייט, אַ מין אָרט, ווו די אָרעמע מאַמעס פלעגן איבערלאָזן זייערע קינדער, כדי זיי זאָלן זיך נישט אַרומדרייען הפקר אין די גאַסן. זיי האָבן זיך נישט געקימערט וועגן דעם עיקר — לערנען, דערציִען.

האָבן באַלעבאַטים אָנגעהויבן פאַראינטערעסירן זיך מיט דער תלמוד־תורה. טאַטעס האָבן צו ערשט געשיקט זייערע עלטערע קינדער, וועלכע האָבן שוין געהאַלטן ביי אַ בלאַט גמרא און תוספות, לערנען אין די צוויי העכערע קלאַסן, ספּעציעל אין דער העכסטער קלאַס, ווו ר׳ ראובן איז געווען מלמד. ר׳ ראובן איז געווען אַ גוטער פּעדאַגאָג, אַ שטילער מענטש, וואָס האָט אַרויסגערופן דרך־ארץ, דערצו אַ גוטער בעל מסביר און תלמידים האָבן אים גערן געהאַט. דער באַנייטער אינטערעס פון די עלטערן מיט דער אָפּגעלאָזענער תלמוד־תורה האָט געווירקט אויף אַנדערע פּאָזיטיווע עלעמענטן אין שטאָט. צו דעם מזל פון דער תלמוד־תורה און אירע תלמידים, איז אין שטאָט געווען דער רב און גאון ר׳ יעקב וואַכטפויגל. ר׳ יעקב אָדער ר׳ יאַנקל (ווי מ׳האָט אים גערופן), האָט געוווינט אין ירושלים. ערב דער וועלט־מלחמה איז ער געקומען באַזוכן זיינע עלטערן. די מלחמה האָט אים פאַרכאַפּט אין מעזריטש און ער האָט נישט באַוויזן צוריקצופאָרן אַהיים. אגב, אַפילו ווען ער וואָלט צוריקגעפאָרן, וואָלט ער אַוודאי געמוזט פאַרלאָזן דאָס לאַנד ווי אַ רוסישער אונטערטאַן — ווען טערקיי איז אַריין אין קריג.

ר׳ יאַנקל איז געווען אַן עילוי, פון די וויכטיקסטע תלמידים אין סלאָבאָדקע. ער איז געווען פון די 10 אויסגעצייכנטע תלמידים, וועלכע זענען געפאָרן מיט ר׳ אליעזר גאָרדאָן עפענען די באַרימט־געוואָרענע ישיבה אין טעלז. אין יענע טעג איז דער באַוווסטער ר׳ זרח בראַווערמאַן, גרינדער פון דער ישיבה „מאה שערים" אין דעם ירושלימער מאה־שערים־קוואַרטאַל, געפאָרן קיין אייראָפּע אין פאַרשידענע ענינים. ער איז געקומען קיין טעלז און דאָרט האָט ער זיך באַ־קענט מיט דעם מעזריטשער עילוי, וועמענס לומדות איז געווען באַקאַנט אין דער יידישער וועלט. ר׳ יאַנקל איז געוואָרן זיין איידעם און זיך באַזעצט אין ירושלים, ווו ער איז געוואָרן מפורסם הן מיט זיין לומדות און הן מיט זיין באַזאָכטער באַנעמונג און מיט זיין מעסיקער שטעלונג. ער איז געוואָרן דיין אין ירושלים.

ר׳ יאַנקל האָט אָנגענומען די בקשה און אָנגעהויבן אינטערעסירן זיך מיט דער תלמוד־תורה. קודם האָט ער אַריינגעפירט די שיטה, וואָס איז געווען אָנגע־נומען אין די ליטווישע ישיבות: אַנטוויקלען די מעטאָדע פון לערנען אַזוי, אַז דער תלמיד זאָל קאָנען זיין מסוגל אַליין דענקען און אַנאַליזירן אַ הלכהשן פראָבלעם. ער האָט זיך ספּעציעל געווידמעט די תלמידים פון דער העכסטער קלאַס. ר׳ יהושע, ר׳ ישראל ברוכס איידעם — אַ גרויסער למדן — האָט זיך אָפּ־געגעבן מיט ר׳ מאיר פורמאַנס תלמידים. דער צווייטער אויפטו — אייגנטלעך אַ פּשוטער — לייגן אַכט, אַז די תלמידים פון אַלע קלאַסן, אָנהייבנדיק פון דעם א״ב, זאָלן וויסן, אַז זיי זענען געקומען לערנען און נישט אַרומגיין ליידיק. די מלמדים זענען דעם ערשטן מאָל געשטאַנען אונטער אַ שטרענגער השגחה און זיי זענען געמאַכט געוואָרן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם פאָרשריט פון זייערע תלמידים.

ר׳ יאַנקל האָט מיט דער פולער שטיצע פון די באַלעבאַטים און נאָענטע מיטאַרבעטער, ווי ר׳ ברוך מאיר ראָזנבלום, ר׳ וואָווע פערלמאַן — שפּעטער רב אין מאָטעלע און איוויע — אָוועקגעשטעלט אַ לערן־אַנשטאַלט אַנשטאָט אַ פּלאַץ, ווו מאַמעס לאָזן איבער קינדער און מען דערציט זיי נישט. די תלמוד־תורה האָט אויפגעלעבט, אַפילו אינעם זין פון סדר און ריינקייט אין די קלאַסן. תלמידים און די עלטערן האָבן נישט בלויז ליב געהאַט ר׳ יאַנקלען, נאָר זיך באַמיט, אַז ער זאָל זיין צופרידן מיט זיי. צום באַדויערן האָבן אַ טייל פון די פריִערדיקע משגיחים געזען ר׳ יאַנקלס מעטאָדן ווי מאָדערניזם.

דאָס איז געווען בלויז אַן אָנהייב, אָבער דער ווייטערדיקער גאַנג איז געווען אַ לאָגישער רעזולטאַט פון ר׳ יאַנקלס מעטאָדע און נאַציאָנאַל רעליגיעזער פילאָ־זאָפיע, וועלכע האָט געהאַט אין מעזריטש איר פירער אין דער ווונדערבאַרער פערזענלעכקייט פון ר׳ ברוך מאיר — אין קורצן, די פילאָזאָפיע פון „מזרחי". ר׳ יעקב און זיינע מיטאַרבעטער זענען געווען מזרחיסטן בלב ונפש און זיי האָבן פאָרגעשלאָגן, אַז די תלמוד־תורה זאָל איינפירן עברית בעברית, נאַטירלעך נישט גמרא אד״גל. די אַלטע פירערס זענען געוואָרן באַזייטיקט פון דער תלמוד־תורה. די קעגנערס האָבן אויפגעהויבן אַ ויצעקו — דאָס ערשטע מאָל אין מעזריטש

איז מען געגאַנגען צו וואַלן צו באַשטימען וועלכער צד זאָל שטיין אין שפּיץ פון דער תלמוד תורה. דער שרייבער פון די שורות — אַ תלמיד פון ר׳ יאַנקלען ז״ל, שוין דעמאָלט אַ דערוואַקסענער בחור פון 17 יאָר, מיט זיינע חברים, תלמידים פון ר׳ יאַנקלען — האָבן זיך געשטעלט צום קאַמף. אַ דאַנק דעם וואָס מעזריטש איז נישט געווען באַהערשט פון בלינדן פאַנאַטיזם, נאָר באַהויכט פון די איינפלוסן פון וועלט יידנטום, ספּעציעל דעם דייטשישן, ווו אַלגעמיינער און רעליגיעזער חינוך זענען געגאַנגען האַנט אין האַנט, איז דער זיג געווען כמעט אַ פולשטענ־דיקער. נישט נאָר די משׂכילישע און ציוניסטישע קרייזן, נאָר אַפילו די חסידים אין שטאָט האָבן געשטיצט דעם פּלאַן. די תלמוד תורה איז געוואָרן — אפשר די ערשטע אין פּוילן — ווו מען האָט איינגעפירט עברית בעברית, מיטן אויסנאַם פון די גמרא־קלאַסן, און אויך אַלגעמיינע עלעמענטאַרע לימודים. שפּעטער, אונטער די פּאָליאַקן, ווען עס איז איינגעפירט געוואָרן צוואַנגשול, איז די תלמוד־תורה געוואָרן אָנערקענט פאַר אַן עלעמענטאַרע שול. אינטערעסאַנט, אַז די תל־מידים זענען געווען פון די אויסגעצייכנטע אומעטום וווהין זיי זענען שפּעטער געפאָרן לערנען, צי דאָס איז געווען אין באַרימטן רבנים־סעמינאַר „תחכמוני״ אין וואַרשע, צי אין די ישיבות — מעזריטשער תלמידים האָבן געהאַט אַ שם. דאָס איז געווען דער אויפטו פון ר׳ יאַנקל וואַכטפויגל ז״ל, אַ מתנה, וועלכע ער האָט געגעבן זיין היימשטאָט פאַר זיין צוריקקער צו זיין משפּחה אין ירושלים, ווו ער

מעזריטשער בחורים — תלמידים פון „תחכמוני״ אין וואַרשע



ערשטע ריי, שטייען (פון רעכטס) נתן אַש, עקיבא אַש, משה איידלבוים.
צווייטע ריי, זיצן: משה זוברמאַן, מאיר איידלבוים, דוד גאָלדשטיין

איז גלייך געוואָרן רב אין „נוה יעקב", שפּעטער פון „מאה שערים" און הויפּט פון דער ישיבה „מאה שערים". דאָס איז נישט געווען דער איינציקער אויפטו, אָבער וועגן דעם אויף אַן אַנדער פּלאַץ.

ווען די עלטערע תלמידים זענען אַרויס פון ר' ראובנס קלאַס, האָבן כמעט אַלע געקענט פיין לערנען. זיי האָבן שפּעטער געשאַפן, מיט דער הילף פון די באַקאַנטע לומדים, ווי ר' וואָווע פּערלמאַן, ר' שלמה, ר' ירחמיאל צוקערמאַנס איידעם, ר' אברהם לייב, צערטלס איידעם, אַ קיבוץ אין שטאָט. די אויבנדערמאָנטע האָבן געזאָגט שיעורים. דער קיבוץ האָט געלערנט אין ר' איטשע לייבס בית המדרש. ער האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע יאָר, ביז די תלמידים זענען געפאָרן לערנען אין אַנדערע ערטער, איבערהויפּט אין דעם אויבנדערמאָנטן רבנים־סעמינאַר „תחכמוני", וווּ די מעזריטשער האָבן פאַרנומען אַן אויבנאַן.

מיר האָבן דורכגעלאָזט די יידישע פאָלקסשול, וואָס איז אויך געשאַפן געוואָרן אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע. מיר האָבן עס געטאָן צוליב צוויי סיבות: ערשטנס, זענען מיר נישט געווען געבנוג באַקאַנט מיט דער דאָזיקער שול. צווייטנס, שרייבן אין בוך וועגן דער שול אירע געוועזענע תלמידים. זיי זענען בעסער קאָמפּעטענט און באַהאַוונט און שרייבן מיט וואַרעמקייט און ליבע וועגן דער דאָזיקער שול.

## אַנדערע קולטור-טעטיקייטן

מעזריטש, ווי מיר האָבן שוין באַמערקט, האָט געהאַט אַ ספּעציעלע שוואַכקייט צו טעאַטער און צו מוזיק. שוין פאַר דער מלחמה האָט מעזריטש זיך געגרויסט מיט דעם אָרקעסטער פון די פייערלעשערס. דער אָרקעסטער איז געווען דער „ילד שעשועים" פון ר' מענדל „קלעזמער" (פאַמיליע־נאָמען שפּילמאַן), אַ גרויסער קענער פון מוזיק און ערשטקלאַסיקער דיריגענט.

מעזריטש האָט אויך ליב געהאַט חזנות און האָט אויסגעהאַלטן אַ יאָר־חזן און אַ כאָר. דער לעצטער חזן באַגאַמאַלני איז אַוועק פון מעזריטש אַ קורצע צייט נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אָבער מעזריטש האָט נישט אויפגעגעבן איר ליבע צו מוזיק און געזאַנג. אַרום 1916/7, האָט זיך אָרגאַניזירט — אָדער רעאָרגאַניזירט — דער „הזמיר", וועלכער איז באַשטאַנען פון צוויי אָפּטיילן: אַ מוזיקאַלישער — מוזיק און געזאַנג — און אַ דראַמאַטישער.

אין דער מוזיקאַלישער סעקציע האָט מען נאַטירלעך אַריינגענומען נאָר מענטשן, וואָס האָבן געקאָנט ביישטייערן מיט זייערע פעיִקייטן. דער כאָר איז באַשטאַנען פון די כאָריסטן, וואָס האָבן געזונגען ביים לעצטן חזן. דער כאָר איז באַשטאַנען פון יצחק ראָזענצווייג (דער שאָסטאָק) — טענאָר, שמחה בערזאָן (שפּעטער חזן אין סוויסלאָוויטש) — באַריטאָן, משה אָבערשטערן ע"ה (געשטאָרבן אין ארץ־ישראל) — סאָפּראַן, שלמהלע גאָלדמאַן (חיים שיע בעקערס זון) און דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות אַלטן און ריוועשע גראָסבערג מעצאָ־סאָפּראַן. דער כאָר האָט געזונגען באַגלייט פון אַן אָרקעסטער. דער דיריגענט פוןביידע

איז געווען יאַנטשע קלעזמער, אַ פּעיִקער פידל־שפּילער, וואָס האָט אויך געשפּילט ערשטע פידל, הירש פּיינאַבעריע — פידלער, נח פּאָדאָליאַק — קלאַרנעט און פלייט א״אַ, וועמענס נעמען מיר געדענקען נישט ליידער. עטלעכע מאָל אין וואָך פלעגן מיר איינשטודירן. דער כאָר און אָרקעסטער זענען געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה. אָפט פלעגן קומען געסט בייוווינען די רעפּעטיציעס. דער דירי־געגט פון דעם דייטשישן־מיליטערישן אָרקעסטער האָט אונדז געמאַכט גרויסע קאָמפּלימענטן ווען מיר האָבן רעפּעטירט ערב דעם ערשטן עפנטלעכן אויפטריט פאַר אַ וואוילטעטיקן צוועק.

די דראַמאַטישע סעקציע איז געוואָרן אָנגעפירט פון גבריאל שאַפּיראָ. עס האָבן געשפּילט יוסף רייגוויין, הערשל לעדערמאַן, באַשקע הימלשיין א״אַ. דער „הזמיר״ האָט געהאַט זיין הויפּט־קוואַרטיר אין משה מאַלערס מויער אין דעם זאַל פון דעם געוועזענעם „אילוזיאָן״.

דער ערשטער טורן־פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. דער פאַראיין האָט זיך געפונען אויפן וואַרשעווער שאָסיי, דוכט זיך — אין ראָגאַזשיקס מויער.

אַ גרויסן שטויס צו דער אַנטוויקלונג פון ספּאָרט אין מעזריטש האָט געגעבן אַנושקע אַדלער ע״ה, ווען זי האָט געעפנט די אַזוי־גערופענע „פּלאָשטשאַדקע״ פאַר די יתומים און שול־קינדער. אָבער דער פּלאַץ איז געוואָרן פאַרוואַנדלט איז אַ פּאָלקספּלאַץ פאַר ספּאָרטשפּילן.

שמחה בירשטיין/טאָראָנטאָ

# דער בלוטיקער שבת

אין נאָוועמבער 1918 האָבן ביי אונדז אין שטאָט אָנגעהויבן אַרומצוטראָגן זיך קלאַנגען וועגן אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, וועגן וואָפנשטילשטאַנד אאַז״וו. קיינער האָט נישט געוווּסט אויף זיכער, צי דאָס איז אמת, צי נישט. עפּעס האָט מען אָפּגעשפּירט אין דער לופט. דייטשישע סאָלדאַטן האָבן פאַרלאָזט מעזריטש אין בהלה, געלאָפן צום וואָקזאַל און אָנגעפילט די באַנען אין אַ קורצער צייט.

נאָך פיר יאָר פון דער דייטשישער אָקופּאַציע זענען די פּאָליאַקן געווען אָנגעזאָפּט מיט האַס קעגן די דייטשן. זיי האָבן פאַרבאָטן צו לערנען זייערע קינדער די פּוילישע שפּראַך און קולטור, זיי האָבן באַרויבט דאָס לאַנד, צוגענומען אַלץ וואָס ס׳לאָזט זיך און טראַנספּאָרטירט קיין דייטשלאַנד. אין דעם אַגראַר־פוילן איז נישט געווען וואָס צו עסן; די באַפעלקערונג אין פוילן האָט ממש געהונגערט.

ווען די דייטשישע זעלנער און ציווילע דייטשן האָבן אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, האָבן יונגע פּאָליאַקן, פול מיט שנאה צו זייערע אונטערדריקער, דערזען אַ מעגלעכקייט פון רעוואַנזש. זיי האָבן שנעל צונויפגעזאַמלט וואָס פאַר אַ כלי־זין מ׳האָט נאָר געפונען: אַן אַלטע ביקס, אַ פאַרזשאַווערטע שווערד אדג״ל, און אין אָפּגעבלאַקעוועטע מונדירן האָט מען אָרגאַניזירט די ערשטע פּוילישע אָפּטיילונגען. זיי זענען אַרויס אין די גאַסן, אָנגעפאַלן אויף די נאָך געבליבענע דייטשישע סאָלדאַטן, צוגענומען זייערע פערד, ביקסן און אַמוניציע און אַראָפּגע־צויגן פון זיי די אוניפאָרמען.

די דייטשן האָבן דאַן אַרויסגעשיקט אַ רייטער צום נאָענטן שטעטל ביאַלע, וווּ עס האָט זיך געפונען אַ דיוויזיע פון „טויטן־קעפּ". די „טויטן־קעפּ" האָבן באַשלאָסן נוקם צו זיין זיך אין די מעזריטשער פּאָליאַקן פאַר זייער דעגראַדירן דעם כבוד פון דייטשישן סאָלדאַט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט די דיוויזיע פון די „טויטן־קעפּ" אַריינמאַרשירט קיין מעזריטש. דער קאַפּיטאַן האָט אין אַ קורצער רעדע דערקלערט די זעלנער, אַז זייער געשענדטער נאַציאָנאַלער כבוד קען ווערן רעוואַנזשירט בלויז מיט בלוט און טויט. די דייטשישע סאָלדאַטן האָבן באַקומען פרייע הענט.

דער דאָזיקער פינצטערער טאָג, וואָס איז אויסגעפאַלן אין שבת, ווערט באַצייכנט אין דער געשיכטע פון באַפרייטן פוילן, ווי דער בלוטיקער שבת אין מעזריטש.

אָנגעהויבן האָט זיך עס אין דער פרי. אַ טויטע שטילקייט האָט באַהערשט די גאַסן און געסלעך פון שטאָט. די הויזטירן אין די הייזער זענען געווען פאַרשלאָסן, די לאָדן — פאַרקלאַפּט. מ׳האָט מורא געהאַט דעם קאָפּ אַרויסצושטעקן.

פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט אַ קנאַל פון אַ ביקס, באַגלייט מיט אַ שאַרפן שוויפּעש פון אַ קויל, וואָס האָט זיך דורכגעריסן אין דער לופט. איך בין דאַן געווען ביי אַ חבר, וואָס האָט געוווינט נישט ווייט פון אונדז, אין מאַרק. דורך די פענצטער האָבן מיר געזען, וואָס עס קומט פאָר אין גאַס און אין די געסלעך דערלעבן. דייטשישע סאָלדאַטן זענען געווען אומעטום, זיי האָבן יעדן פאַרבייגייער אָפּגעשטעלט, געשטעלט אים פראַגן, און באַלד ווי זיי זענען געוווּיר געוואָרן, אַז ער איז אַ פּאָליאַק, האָט מען אים דערשאָסן אויפן אָרט.

דורך דער גלעזערנער טיר האָבן מיר קלאָר געקענט זען ווי די מתים ליגן אויסגעצויגן איז קאַלוזשעס פון בלוט נישט ווייט האט א גרוי־קעפּיקער פּאָליאַק געאיילט אהיים עס האט אים אפּגעשטעלט א דייטשישער זעלנער מיט א ביקס איז האַנט: ווו גייסטו? דער אלטער גוי איז פאר אים געפאלן אויף די קני, זיך געבעטן רחמים — איך בין אן אלטער מאן און גיי באַזוכן א קראַנק איינִיקל. וואס פּרוּווט זיך אויפן זיידן ער האט געקישט דעם זעלנערס גלאנ־צנדיקע שטיוול. „גיי וווהין דו דאַרפסט” — האט געזאגט צו אים דער זעלנער. דער אלטער האט זיך אויפגעהויבן, אים פאַרדעכטיק געקוקט אין פּנים, און אנגעהויבן גיין. דער זעלנער האט אויסגעצויגן זיין ביקס, א קוועטש געטאָן דאָס צינגל, אַ קנאַל — און א פרישער קרבן איז געלעגן אויסגעצויגן אויף דער גאַס.

אויפן דאַך פון א געסל האט א זעלנער אָפּגעשטעלט א רייכן פּוילישן סוחר. דער פּאָליאַק, דערשנאַפּנדיק מיט וואס דאָס שמעקט, האָט אַרויסגעצויגן פון קעשענע אַ פּעקל מיט באַנקנאָטן, אַראָפּגעצויגן פון זיין פינגער דעם גאָל־דענעם סיגנעט און פאַר א צולאַג אים געגעבן זיין גאָלדענעם זייגער, און זיך ביי אים געבעטן: שענק מיר דאָס לעבן, דערלויב מיר אַהיימצוגיין צו מיין פרוי און קינדער. ווי אַן ענטפער אויף דעם, האָט דער סאָלדאַט אַ שפּיי געטאָן אויפן געלט, גענומען זיין באַיאָנעט און מיט רוגזה אים אַריינגעשטאָכן דעם פּאָליאַק אין האַרצן. ער האָט דערנאָך אַ קאָפּע געטאָן דעם קרבן מיט די שטיוול, און אַוועק.

ביי צוויי הונדערט ציווילע מענטשן זענען געוואָרן אומגעבראַכט. פון די ייִדן איז געפאַלן בלויז הערצקע רופאַ׳ס זון. אַ בלאָנדזשענדיקע קויל איז אַריין דורך דער הילצערנער וואַנט און אַדורכגעלעכערט זיין האַרץ. שפּעטער האָבן די דייטשן זיך אַנטשולדיקט פאַר דער פאַמיליע, באַצאָלט פאַר דער לוויה און דערקלערט זיין ווייניקדיקער מאַמע, אַז דאָס איז געשען אומגערן. אַ ייִדישע פרוי איז פאַרוווּנדעט געוואָרן, האָבן די דייטשן זי געפירט אין שפּיטאָל צו ראַטעווען איר לעבן. זיי האָבן געהאַט אַ באַפעל צו הרגענען פּאָליאַקן און נישט קיין ייִדן.

דאָס איז נאָך נישט געווען דער סוף פון די מערדערייען. די דייטשן האָבן געזוכט אין יעדן הויז, געכאַפּט די לעגיאָנערן און זיי געפירט אין פרעכטיקן

פּאַלאַץ פון גראַף פּאָטאָצקי. זיי האָבן פאַרזאַמלט די צענדליקער יונגע לעגיאָ־נערן אין גרויסן גאַסט־זאַל, אונטערגעצונדן דעם פּאַלאַץ און פאַרברענט די לעגיאָנערן לעבעדיקערהייט.



מאָנומענט פאַר די געפאַלענע לעגיאָנערן

י. האָרן

# אַכט טעג מיט די באָלשעוויקעס

ווען די פוילישע אַרמיי איז אין יאָר 1920 אַנטלאָפן פון שטעטל, זענען הונדערטער ייִדן געווען אויף די שטאָטישע פעלדער. די נויט אין שטאָט איז געווען גרויס, איז יונג און אַלט געלאָפן אויף די פעלדער, וואָס זענען שוין געווען נאָכן שניט, און דאָרט געזוכט אַ ביסל איבערגעבליבענע זאַנגען מיט קאָרן, אָדער ווייץ. יעדער האָט געטראָגן מיט זיך אַ זאַק פאַר די פולע זאַנגען... און אַז מ'האָט געטראָפן אַ ביסל צייטיקע „רויטע קאַרטאָפל", האָט מען זיי אויך נישט איבערגעלאָזט. קיינער האָט זיך אָבער נישט פאָרגעשטעלט, אַז די פּאָליאַקן וועלן פאַרלאָזן דאָס שטעטל אַזוי רויִק.

ווען מיר האָבן זיך אין איינעם אַ פאַרנאַכט צוריקגעקערט פון פעלד, זענען אין סאַמע מיטן מאַרק, אויפן באַלקאָן ביי משה חוהס, געשטאַנען צוויי רוסישע עלטסטע מיט אַ ווייסער פאָן אין אַ האַנט און זיי האָבן גערעדט צום עולם, אַז זיי קומען אין נאָמען פון אַ שלום־דעלעגאַציע, וואָס דאַרף זיך באַגעגענען אין שטעטל. פון ווייטנס זענען נאָך געגאַנגען די לעצטע טיילן פון דער פוילישער אַרמיי, ווי עס וואָלט גאָרנישט פּאַסירט. דער סוף איז געווען, אַז קיין שלום־דעלעגאַציע מצד די פּאָליאַקן איז נישט געקומען און אין געציילטע שעהען אַרום איז אַריינגעקומען די רויטע אַרמיי.

ייִדן זענען באַלד אַרויס אין די גאַסן און אויפגענומען מיט פרייד די רויטע אַרמיי. די זעלנער וואָס האָבן דורכמאַרשירט די שטאָט, זענען געווען מיד און אָפּגעריסן און האָבן אויסגעזען, ווי י. י. זינגער שילדערט זיי אין זיין דערציילונג „ליוק".

זינגענדיק היימישע רעוואָלוציאָנערע לידער האָט אַלע מאָל אַן אַנדער זעלנער געפרעגט:

— נאָך ווייט קיין וואַרשע?

אין שטעטל האָט מען דאַן דערציילט, אַז קאַרל ראַדעק, ווי איינער, וואָס איז געבוירן און דערצויגן אין פוילן, וואַרט אין שעדלעץ אויפן פאַלן פון וואַרשע און אַז ער איז באַשטימט פאַר דעם ראש פון דער באָלשעוויסטישער אָנפירונג אין פוילן.

סך־הכל זענען די באָלשעוויקעס געווען אין שטעטל אַכט טעג, די אַכט טעג זענען אָבער אַ וויכטיק בלעטל אין דער געשיכטע פון מעזריטש.

דער „רעווקאָם", וואָס האָט זיך באַלד געשאַפן אין שטאָט, האָט פאַרנומען אַן אָרט אין דער „גרויסער באַנק", וואָס איז געווען נעבן מאַרק־סעדל, און פון דאָרט זענען אַלע פאַר שעה געקומען באַפעלן. די אָנפירנדיקע מיליטער־לייט, צוזאַמען מיט יונגע לייט און איין פרוי פון שטעטל, האָבן אָנגעהויבן זוכן מענטשן וועמען איבערצוגעבן פאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן. ערשטנס, האָט מען געזוכט

אַזעלכע, וואָס האָבן געקענט רוסיש און צווייטנס, נאָענט שטייענדיקע צו די אַרבעטער. קיין סך קאָמוניסטן זענען נאָך דאַן אין שטעטל נישט געווען, באַזונ־דער האָבן געפעלט די אַרבעטער־טוער און אָנפירער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס די פּאָליאַקן האָבן מיט אַ צייט צוריק געהאַט פאַרשיקט אין דאָמביער לאַגער, לעבן קראָקע. דאָך איז באַלד אויף צו מאָרגנס, ווי די רויטע אַרמיי איז אַריין אין שטאָט, פאָרגעקומען אין גראָסער־קלוב אַ פאַרזאַמלונג פון בערשטער־אַרבעטער.

ווען די „שוואַרצע ליובע", אין מיליטערישע מלבושים, האָט גערעדט צו די בערשטער און גערופן די פּעיקע פון זיי איבערצונעמען פאַרשידענע אַמטן, איז אויפן טיש געלעגן אַ רעוואָלווער. די פאַרזאַמלונג האָט זיך געצויגן אַ פּאָר שעה און נאָך דעם האָבן אַ רייע אַרבעטער זיך צוגעשטעלט אין אויספיר־ביוראָ.

אַלע פּאָר שעה זענען פאָרגעקומען מאַסן־מיטינגען אונטערן פרייען הימל און די רעדנער האָבן גערעדט מיט אַ סך ברען. נאָך יעדן רעדנער האָט דער ייִדישער אָרקעסטער פון די שטאָטישע פייערלעשער געשפּילט דעם אינטער־נאַציאָנאַל אָדער די מאַרסעליעזע.

אויפן דריטן טאָג האָבן שוין אויך גערעדט יונגע לייט פון שטעטל: חיים „גיטעלעס" — אַ „פּריקאַזטשיק", אַן אָנגעשטעלטער אין אַ מאַנופאַקטור געשעפט. אַ יונגער מאַן מיט אַ שאַרף צינגל, וואָס האָט זייט די באָלשעוויקעס זענען אַריין אין שטאָט, אַראָפּגעלאָזט די ראַנדן פון אַלטן גרויען הוט און געהאַלטן רעדעס.

אויך משהלע „זוואָדנער", אַ קליין דאַר מענטשעלע, אַן אידעיִשער קאָמו־ניסט, האָט אין מאַרק געהאַלטן אַ רעדע און געזאָגט בלויז דאָס: „איך קען אייך זאָגן, איך וויל אייך זאָגן און מוז אייך זאָגן, אַז טראָצקי איז אַ פיינער מאַן. מוזיק, שפּילט אויף!"

די דאָזיקע פּאָר ווערטער האָבן משהלע „זוואָדנער" שיִער נישט געקאָסט דאָס לעבן זיינס, ווייל ווען די באָלשעוויקעס זענען אַוועק, האָבן די פּאָליאַקן אים געכאַפּט און פאַרפירט קעגן אים אַ פּראָצעס.

— ס'האָט אַוודאי געלוינט — האָט זיך דאָס שטעטל געוויצלט.

אין די אַכט טעג אונטער די באָלשעוויקעס, האָט מעזריטש אויך געהאַט אַן אייגענעם געהילף־קאָמיסאַר. דאָס איז געווען שיִע חסידס זון, וואָס האָט זיך אַ נאָמען געגעבן: זאַווילאָוו.

— ווער זאָל עס געווען וויסן — האָט דער פּוילישער קאָמיסאַר פון שטאָט זיך געהאַלטן אין איין וווּנדערן, אַז שיִע קאָמאַשן־שטעפּערס זון וועט זיין קאָמיסאַר פון שטאָט. ייִדן צווישן זיך האָבן געצויגן מיט די פּלייצעס אויף דער גאַנצער מעשה זאַווילאָוו. פאַר ווען, פאַר וואָס קומט עס אים? אין די שטובן האָט מען אָבער דערציילט, אַז „זאַווילאָוו" איז געקומען פון רוסלאַנד מיט אַ פּאַרטיי־בילעט איינגענייט אין די שיך און דערפאַר איז ער ביי די באָלשעוויקעס געווען דער פאַרטרוילעכסטער מענטש. איי, ער האָט נישט געקענט אַזוי גוט רוסיש, דערויף איז דאָך געווען מאַניע דעם פעלדשערס. אָט די מאַניע, וואָס איז

יאָרן לאַנג אַרומגעגאַנגען מיט הילצערנע שיך און מיט אַ היטעלע מיט רויטע לאַמפּאַסן, אַ צייכן פון איר שטודיום. איז געווען די בעסטע רוסיש־קענערין און אַלע באַפעלן האָט זי איבערגעשריבן.

ווען די רויטע אַרמיי איז אַנטלאָפן, איז דער „וואַרשעווער פעלדשער" צוזאַמען מיט זיין ווייב אַרומגעגאַנגען און פון אַלע באַפעלן פון „רעווקאָם", וואָס זענען געווען צעהאָנגען אויף די ווענט, האָט ער אָפּגעקראַצט זיין טאָכטערס נאָמען...

ווען דער באָלשעוויסטישער אָנגריף אויפן פראָנט איז פלוצעם געבראָכן געוואָרן און די אַרמיי איז מיט געוואַלדיקער שנעלקייט געלאָפן צוריק קיין בריסק, אויפן וועג קיין רוסלאַנד, איז אַ גרויסע טייל פון דער שטעטלדיקער יוגנט מיטגעלאָפן מיט די באָלשעוויקעס קיין רוסלאַנד.

צו ערשט איז געלאָפן דער יאָרגאַנג 1902, אַכצן־יאָריקע יינגלעך, וואָס האָבן געדאַרפט גיין צום מיליטער, און נאָך זיי זענען געלאָפן אַרבעטער און סתם־יידן. די יידישע באַפעלקערונג אין שטאָט האָט זיך זייער געשראָקן פאַרן צוריק אָנקומען פון דער פּוילישער אַרמיי. און ווירקלעך איז געווען פאַר וואָס זיך צו שרעקן.

אין די ערשטע טעג ווען די פּאָליאַקן האָבן צוריק פאַרנומען דאָס שטעטל, זענען זיי פּשוט דערגאַנגען די יאָרן. זיי האָבן אַלע יידן באַשולדיקט אין באָל־שעוויזם און יעדן ייד באַזונדער האָבן זיי גערופן טראָצקי. די יונגע לייט, וואָס האָבן פאַרנומען דעם מינדסטן אַמט ביי די באָלשעוויקעס, האָבן מוראדיק געצי־טערט. און געשלאָגן האָבן די פּאָליאַקן, וואָס פאַר אַ ייד זיי האָבן נאָר געטראָפן. דעם פייערלעשער־אָרקעסטער, פון וועלכן ס'איז קוים געבליבן אַ באַס, אַ קלאַרנעט און אַ פּויק, האָבן די פּאָליאַקן געצווונגען צו שפּילן גאַנצע נעכט אויפן שטעטלדיקן מאַרק „יעשטשע פּאָלסקאַ ניע זגינעלאַ".

די צוריקגעקומענע פּוילישע פּאָליציאַנטן מיטן קאָמיסאַר בראש האָבן זיך גאָרנישט געקאָנט באַרויקן און איינשטילן. אומעטום האָט פּאָליציי, צוזאַמען מיט שפּיאָנען, אַריינגעשטעקט די נעז. די שטאָט איז אַרומגענומען געוואָרן מיט פּאָליציייִשע קייטן.

פאַר די אַכט טעג, וואָס די באָלשעוויקעס זענען געווען אין שטאָט, האָט די באַפעלקערונג באַצאָלט מיט אַ סך בלוט און פיל, פיל אַרעסטירטע. אַלע צוזאַמען האָבן זיי באַקומען הונדערטער יאָרן שטראָף און שווערע תפיסה.

(פון „מיין חרובע היים")

ח. מ. זאַלצשטיין/ניו־יאָרק

# גלות־רוסלאַנד און מיינע באַגעגענישן מיט מעזריטשער

אין זומער פון 1920 האָט די רויטע אַרמיי, איבערגייענדיק צו אַן אָפענסיווע, גענומען טרייבן די פוילישע אַרמיי צוריק. די פוילישע אַרמיי איז שוין געווען אַריינגעדרונגען טיף אין אוקראַינע און האָט אויך געהאַט פאַרנומען גרויסע שטרעקעס אין ווייסרוסלאַנד. דער צוריקמאַרש פון די פּאָליאַקן אונטער די שווערע קלעפּ פון דער רויטער אַרמיי איז פאַרגעקומען אין גרויס איילעניש און מיט שווערע פאַרלוסטן. די רויטע זענען אין זייער פאָראויסמאַרש דערגאַנגען ביז פּראַגע, די פאָרשטאָט פון וואַרשע, גרייטנדיק זיך צו שטורעמען די פּוילישע הויפּטשטאָט. אָבער דאָן איז געשען דאָס, וואָס מען האָט אין יענער צייט באַצייכנט ווי דער „נס ביי דער ווייסל": צו הילף דער געשלאָגענער פּוילישער אַרמיי איז געקומען דער פראַנצויזישער גענעראַל־שטאַב, וועלכער האָט דורך אַ גלענצנדיקן מאַנעווער נישט נאָר פאַרהאַלטן דעם פאָרויסמאַרש פון דער רויטער אַרמיי, נאָר אויך געצווונגען זי צוריקצוטרעטן מיט נאָך אַ גרעסערער שנעלקייט ווי זיי זענען אַריינגעדרונגען קיין פּוילן.

סוף זומער 1920 האָבן די באָלשעוויקעס, אין פּאַנישער שנעלקייט, פאַרלאָזט מעזריטש, ווו זיי האָבן געהערשט 8 טעג. גרויסע גרופּעס יוגנטלעכע און עלטערע יידן, שרעקנדיק זיך פאַר דער פּוילישער נקמה, זענען מיטגעלאָפן מיט דער רויטער אַרמיי. עד היום קאָן איך זיך נישט דערקלערן די סיבה וואָס האָט מיך געצווונגען מיטצולויפן מיט די רויטע. זייענדיק אַ קעגנער פון קאָמוניזם, האָב איך גיכער געדאַרפט מורא האָבן פאַר די רויטע ווי פאַר די פּאָליאַקן. אָבער ווייזט אויס, אַז איך בין געוואָרן באַהערשט פונעם מאַסן־פּסיכאָז. אַלע לויפן, פאַר וואָס זאָל איך בלייבן? מיר האָבן געגלויבט, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועלן די רויטע צוריקטרייבן די פּאָליאַקן און מיר וועלן זיך אומקערן אַהיים. אַזוי האָבן אונדז פאַרזיכערט די רויטע קאָמיסאַרן אין מעזריטש.

קיין צייט צו טראַכטן איז נישט געווען. איך האָב שנעל זיך געזעגנט מיט מיינע עלטערן און מיין שוועסטער. מיין יינגערער ברודער איז שוין דאַן געווען אין דער פּוילישער אַרמיי. זומערדיק אָנגעטאָן, נישט מיטנעמענדיק מיט זיך קיין זאַך — ווייל צו וואָס מיטשלעפּן מיט זיך זאַכן, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועלן מיר זיין צוריק אין דער היים — בין איך שנעל געלאָפן צום ביאַלער שאָסיי, וואָס איז שוין פול געווען מיט אַנטלויפנדיקע רויטאַרמייער און ציווילע מעז־ריטשער, מערסטנס יוגנטלעכע.

דעם „שפּאַציר" פון עטלעכע און צוואנציק וויאָרסט האָבן מיר דורכגעמאַכט זייער לייכט און פאַר זון־אונטערגאַנג זענען מיר אָנגעקומען קיין ביאַלע. איך

בין אַריין צו מיינע באַקאַנטע, וועלכע האָבן געהאַט אַ גאַסטהויז אין מאַרק, און זיי האָבן מיר געגעבן אַ צימער איבערצונעכטיקן.

באַגינען, ווען איך בין אַרויס אין גאַס, איז שוין געווען אַ געוואַלדיקער טומל: טויזנטער מיליטער־לייט און ציווילע האָבן זיך געיאָגט און געשטויסן צווישן וועגענער, האַרמאַטן, פעלדקיכן, אויטאָמאָבילן. אַלע האָבן זיך געצויגן צום טייך בוג אויפן וועג קיין יאַנאָווע. מיר האָבן געגלויבט, אַז דאָרט וועלן די רויטע פאַרהאַלטן דעם פוילישן אָנגריף. אָבער די איינציקע בריק איבערן טייך איז געווען באַלאַגערט פון מאַסן מיליטער און וועגענער. מען האָט דורכגעלאָזט קודם דאָס מיליטער מיט דער מיליטערישער אויסשטאַטונג. דאָס געדראַנג איז געווען שרעקלעך.

דער טאָג איז געווען אַ הייסער. וואָלקנס פון שטויב האָבן פאַרשטעלט די זון. די מענטשן־מאַסע, אויסגעווייקט פון שטויב און שמוץ, האָט זיך געריסן אַריבערצוגיין דעם טייך. אַ סך מענטשן האָבן אַראָפּגעוואָרפן די מלבושים און זיך געלאָזט אַריבערשווימען דעם טייך. איך האָב זיך געדראַפּעט אויף די אַרויס־שטאַרצנדיקע ברעטער פון דער צווייטער זייט פאַרענטשע פון דער בריק, אין סכנה אַראָפּצופאַלן אין טייך. אַן אויסגעווייקטער אין שווייס, האָב איך מיט די לעצטע כוחות ענדלעך דערגרייכט דעם אַנדערן ברעג.

די נאַכט איז צוגעפאַלן און קיין פּלאַץ ווו צו שלאָפן איז נישט געווען. אין די טויזנטער זענען מיר געבליבן אויף די פעלדער, וואַרטנדיק אויפן זונאויפגאַנג. מיר האָבן זיך געלאָזט אין ווייטערדיקן וועג ווערנדיק באַגלייט פון דעם דונערן פון האַרמאַטן פון דעם נאָכיאָגנדיקן פוילישן מיליטער. פון דער הויך האָבן עראָפּלאַנען אונדז באַשאָסן מיט מאַשין־ביקסן. איין מעזריטשער יונגטלעכער איז געטראָפן געוואָרן פון אַ קויל און געבליבן אַ פאַרוווּנדעטער ליגן אויפן פעלד. קיינער האָט אויף אים זיך נישט אומגעקוקט, נאָר ווייטער געלאָפן, זוכנדיק שוץ אונטער די ביימער ביי די זייטן פון וועג.

אַ גרופּע פון אַ 40 מעזריטשער זענען מיר געגאַנגען אויפן וועג קיין וויסאָקע־ליטאָווסק. אייניקע האָבן געזאָגט, אַז ווי נאָר זיי וועלן דערגרייכן אַ שטאָט, וועלן זיי ווייטער נישט גיין, און זאָל זיין וואָס ס'וועט זיין. צווישן די, וועלכע האָבן באַשלאָסן צו בלייבן, איז געווען נח פּאָדאָליאַק, גרשון טאַנדייטער, ווײַנמאַן, שאַפּירא און אַנדערע. נאָכן דורכגיין גרויסע שטרעקעס ביי טאָג און ביי נאַכט, זענען מיר אָנגעקומען קיין פּרוזשענע. מיר זענען אַוועק אין גרויסן בית־מדרש. דאָרט האָבן מיר זיך געקענט אָפּרוען און זיך גרייטן צום ווייטערדיקן וועג. עטלעכע פון אונדזער מעזריטשער גרופּע האָבן באַשלאָסן דאָרט צו בלייבן. אונדזער ציל איז געווען צו דערגרייכן סלאָנים, דאָרט איבערוואַרטן דעם שטורעם און זיך אומקערן אַהיים.

אויפן שאָסיי האָבן מיר געזען פאָרן אין אַ בריטשקע דעם קאָמענדאַנט פון מעזריטש מיט זיין יידישן קאָמיסאַר און געהילף־קאָמענדאַנט — שלום, ש׳ע קאָמאַנשטעפערס זון. זיי זענען עס געווען די בעלי־בתים פון מעזריטש אין

פאַרלויף פון דער קורצער צייט, וואָס די „רויטע" האָבן געבאַלעבאַטעוועט אין מעזריטש. דעם אמת געזאָגט, האָב איך זיך געשראָקן נישט פאַרן רוסישן קאָמענ־דאַנט, נאָר פאַר אים, מיט וועמען איך האָב געלערנט אין איין חדר. אַלע האָבן געוווּסט, אַז איך בין אַ פּועלי־ציוניסט און קיין צו שטאַרקע רעקאָמענדאַציע איז דאָס נישט געווען אין יענע טעג. האָב איך זיך געמיט צו באַהאַלטן זיך הינטער די פּלייצעס פון גרויסוווּקסיקע מיטגייער, אָבער צו מיין שטוינונג און איבער־ראַשונג האָט ער אָפּגעשטעלט די בריטשקע, און ווענדנדיק זיך גראָד צו מיר, האָט ער געזאָגט: „איך זע, ווי איר מאַטערט זיך, אָבער גלויבט מיר, מיר איז ערגער פאַר אייך. איר זענט פרייע מענטשן, איך בין מאָביליזירט. איך ווייס נישט, וואָס דער מאָרגן קאָן מיר ברענגען. אַזוי שנעל, ווי מיר וועלן גרייכן סלאָנים, וועל איך זען, איר זאָלט קריגן שפּייז און אַנדערע נייטיקע זאַכן". איך וויל צוגעבן, אַז ער האָט געהאַלטן וואָרט — פאָרט אַ ייִד.

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין סלאָנים, זענען מיר אַלע אַרעסטירט געוואָרן. דעם אמת געזאָגט, זענן מיר פאָרלויפיק געווען צופרידן. אמת, ס'איז געווען נישט גאָר קיין באַקוועמער האָטעל, אָבער אויף דער האַרטער פאָדלאָגע פון דער גרויסער קאַזאַרמע האָבן מיר געהאַט ווו די ערשטע נאַכט איבערצושלאָפן.

צו מאָרגנס האָט מען אונדז אויסגעשטעלט אין רייען און אַ פּרוי אין אַ קאָמיסאַרישן מונדיר, מיט אַ רעוואָלווער ביי דער זייט, האָט אונדז מכבד געווען מיט דער ערשטער פאָרציע „גייסטיקער שפּייז": „די סאָוויעטן־מאַכט האָט איצט פיל וויכטיקערע פּראָבלעמען ווי אויפנעמען היימלאָזע; מיר פירן אַ שווערן און ביטערן קאַמף מיט די אויסערלעכע און אינערלעכע שׂונאים פונעם סאָוויעטישן פאָטערלאַנד. איר וואָלט בעסער געקאָנט דינען אונדזער קאַמף ווען איר בלייבט אויף די ערטער און קעמפט קעגן דעם בורזשואַזן שונא, אָבער מיר גלויבן, אַז איר זענט אונדזערע פריינד, און נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איר זענט געקומען נישט געבעטענערהייט, וועלן מיר אייך דערלויבן דאָ בלייבן, און מיר, צוזאַמען מיט אייך, וועלן קעמפן און דערשטיקן די אימפּעריאַליסטישע שלאַנג. ווער פון אייך וויל זיך פרייוויליק מעלדן צו דינען אין דער רויטער אַרמיי? איר מוזט נישט באַשליסן דאָ באַלד. איר קענט גיין. ווענדעט זיך צום שטאָטישן אויספיר־קאָמיטעט, דאָרט וועט איר באַקומען ווייטערדיקע אינסטרוקציעס פאַר אייער עוואַקואַציע."

מיר האָבן זיך געווענדט צום שטאָטישן אויספיר־קאָמיטעט. דאָרט האָבן מיר געטראָפן אונדזער בן־עיר ש״ע קאַמאַשנמאַכערס זון, שלום, וועלכער האָט אונדז געהאָלפן קריגן שפּייז־קאַרטן און טאַלאָנען אין אַ רעסטאָראַן. מען האָט אונדז דאַן רעגיסטרירט און איינקוואַרטירט אין אַ קאַזאַרמע.

מיר האָבן געגלויבט, אַז מיר וועלן אין סלאָנים איבערוואַרטן די מלחמה, אָבער אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אונדז באַפוילן צו לאָזן זיך אין וועג אַריין קיין באַראַנאָוויטש. ווידער אַ מאָל האָבן מיר דורכגעמאַכט אַ שווערן וועג צופוס.

אין באַראַנאָוויטש האָבן מיר אויסגעפונען, אַז אויך דאָס איז נאָך נישט אונדזער לעצטע סטאַנציע: פון באַראַנאָוויטש איז דער גרעסטער טייל פון אונדזער גרופּע עוואַקויִרט געוואָרן אין פּראַכטוואַגאָנעס קיין האָמעל.

אין האָמעל האָט מען אונדז געזאָגט, אַז יעדער זאָל זיך מעלדן צו זיין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. אַזוי ווי איך האָב זיך רעגיסטרירט פאַר אַ פעל־אַרבעטער, האָב איך זיך געמאָלדן צום פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון לעדער־אַרבעטער. דאָרט האָט מען זיך מיט מיר דערפרייט. אין האָמעל איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ פאַבריק פון פעל־אויסאַרבעטונג פאַר דער אַרמיי און זיי האָבן זיך געניטיקט אין אַרבעטער. גראָד האָט אין ביוראָ פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין זיך געפונען דער פאַרוואַלטער פון דער פאַבריק, ער האָט מיך שוין נישט אָפּגעלאָזט און תיכף מיך מיטגענומען אין דער פאַבריק, וואָס האָט זיך געפונען אויסער דער שטאָט.

ווען איך האָב דעם פאַרוואַלטער געפרעגט וועגן אַ וווינונג פאַר מיר, האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף אַ שטיבל, ווו מען האָט געהאַלטן פאַרטיקע און האַלב־פאַרטיקע אויסגעאַרבעטע פעל: „אָט דאָס קענען מיר דיר געבן! מיר אַלע לעבן אין שלעכטע וווינונג־באַדינגונגען. ס'איז מלחמה, בירגערקריג. אונדזערע אַלע אָנשטרענגונגען גייען פאַר דער רויטער אַרמיי. מיר גלייבן, אַז ס'וועט בעסער ווערן, דערווייל מוז מען ליידן".

„און וואָס איז מכוח עסן, אָדער געלט אויף עסן", האָב איך ווייטער געפרעגט.

דער פאַרוואַלטער האָט סאַרקאַסטיש געשמייכלט: „פריִער מוז מען אַרבעטן, כדי צו פאַרדינען. דו וועסט קריגן נישט ווייניקער ווי אַלע קריגן, אָבער דו וועסט מוזן וואַרטן ביזן 1טן פון חודש, ווען מיר קריגן אונזער „פּאַיאָק" (שפּייז־נאָרמע) אין געהאַלט".

דאָס געלט, וואָס איך האָב מיט זיך געהאַט, האָב איך אין מיין וואַנדערוועג פאַרנוצט. ס'איז געווען סוף סעפּטעמבער, ווען דאָס וועטער אין רוסלאַנד איז שוין קאַלט, רעגנדיק און שנייִיק, קיין וואַרעמע מלבושים האָב איך נישט געהאַט, ווייל איך האָב גאָרנישט מיטגענומען, ווען איך האָב פאַרלאָזט מעזריטש. מיינע שיך, וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם לאַנגן וועג צופוס פון מעזריטש ביז באַראַ־נאָוויטש, האָבן אויפגעעפנט זייערע מיילער. איך בין געווען פאַרצווייפלט: ווי אַזוי וועל איך קאָנען איבערהאַלטן ביז איך וועל קריגן מיין ערשטן געהאַלט אין דער שפּייז־נאָרמע? ס'איז מיך נישט געווען מיט וואָס מקנא צו זיין. איך האָב געליטן הונגער און נויט. דאָס איינציקע, וואָס האָט מיר געהאָלפן איבער־קומען די ביטערע צייט, איז געווען דאָס, וואָס איך פלעג באַקומען אין שטאָטישן רעסטאָראַן (סטאָלאָווע) אַ מיטאָג פאַר 10 רובל. דאָס מיטאָג איז באַשטאַנען פון אַ טעלער שיטערע זופּ, אַ שטיקל ברויט און אַ קליין שטיקל פלייש. דאָס איז געווען גענוג אויף נישט צו שטאַרבן פון הונגער, אָבער ווייט נישט גענוג כדי צו קאָנען לעבן.

ענדלעך האָב איך זיך דערוואַרט אויף מיין ערשטן געהאַלט אין דער שפּייז־

נאָרמע. איך בין אַוועק אויפן מאַרק (טאָלטשאָק) און איינגעהאַנדלט פאַר זיך אַ פּאָר אַלטע שטיוול און אַ קורטקע. פאַר די זאַכן האָב איך באַצאָלט דעם גאַנצן חודשלעכן געהאַלט. אין פאַרלויף פון קומענדיקן חודש האָב איך געלעבט מיט טרוקן ברויט און מיט די מיטאָגן, וואָס איך האָב געגעסן אין דעם שטאָטישן רעסטאָראַן. אין סוף נאָוועמבער, ווען איך בין אין איינעם פון די טעג צוריק־געקומען פון שטאָט פון מיטאָג עסן, האָבן אויף מיר געוואַרט צוויי טשעקיסטן, און ווי נאָר איך בין אַריין אין הויף פון פאַבריק זענען זיי צו מיר צוגעקומען און מיר דערלאַנגט אַ באַפעל מיך צו אַרעסטירן. אויף מיינע פראַגן האָבן זיי נישט געענטפערט. איך בין געגאַנגען אין מיטן פון די צוויי באַוואָפנטע טשע־קיסטן און געטראַכט: וואָס איז מיין פאַרברעכן, וואָס האָט גורם געווען דעם אַרעסט? אָבער איך האָב צו גאָר נישט זיך געקענט דערטראַכטן, ווייל איך האָב זיך אין גאָר נישט געפילט שולדיק, אויסער, מעגלעך, אין מיין אַמאָ־ליקער אָנגעהעריקייט צו די „צעירי ציון".

דערווייל זענען מיר אָנגעקומען צו אַ גרויסער געביידע, ווו אַ רויטאַרמייער מיט אַ ביקס אויפן אַקסל האָט באַוואַכט דעם אַריינגאַנג. איינער פון די טשעקיסטן האָט באַוויזן דעם אַרעסט־באַפעל און מיר זענען אַריין אינעווייניק, זיי האָבן מיך צוגעפירט צום דיזשורירנדיקן באַאַמטן און געזאָגט בלויז איין וואָרט: „אַרעס־טירטער". דער באַאַמטער האָט זיך אויפגעשטעלט, און מיר געהייסן אים נאָכגיין. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ האַלב־טונקעלן צימער, ווו פון ביידע זייטן זענען דאָרט געווען נאַרעס, און ער האָט פאַרמאַכט די טיר הינטער מיר.

איך בין געבליבן שטיין, פון מיין לינקער זייט האָב איך באַמערקט אַ גרופּע מענער, וועלכע האָבן זיך דערציילט מעשהלעך און פריילעך געלאַכט. די רעכטע זייט פון צימער איז געווען ליידיק. איך בין צוגעגאַנגען צו דער נאַרע און זיך אַוועקגעזעצט. איינער פון די מענער, וועלכער האָט פאַרענדיקט זיין מעשהלע, האָט אויסגעשריגן: סטעלאַ, שטעל אויף דעם סאַמאָוואַר! אַ נייער גאַסט איז געקומען"! אַלע האָבן זיך הילכיק צעלאַכט.

איך בין געזעסן אַ שווייגנדיקער, אָבער לאַנג איז מיר נישט אויסגעקומען צו וואַרטן. אין טיר האָט זיך באַוויזן דער באַאַמטער, וועלכער האָט מיך אַריינגעפירט אין דעם צימער און מיך גערופן צו גיין מיט אים. ער האָט מיר איבערגעגעבן צו אַ העכערן טשעקיסט אין אַ מונדיר.

דער אָפיציר האָט מיר אַריינגעפירט אין אַ צימער. אין מיטן איז געשטאַנען אַ שרייבטיש מיט אייניקע שטולן. „זעצט זיך", האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף אַ שטול. „אַ דאַנק", האָב איך שטיל געזאָגט. מיט אַ שטאַרקערן און העכערן טאָן האָט ער איבערגעחזרט דאָס וואָרט „זעצט זיך", ווי אונטערצושטרייכן, אַז דאָס איז נישט קיין איינלאַדונג, נאָר אַ באַפעל. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט. ער האָט פּאַמעלעך, ווי שפּילנדיק זיך, אַרויסגעצויגן דעם רעוואָלווער, וועלכער איז געווען פאַרשטעקט אין זיין פּאַסיק, און אים אַוועקגעלייגט אויפן טיש. דאַן האָט ער אָנגעשטעלט דעם עלעקטרישן טישלאָמפּ אויף מיין פּנים, זיך אַוועקגעזעצט קעגן

איבער מיר, און אַ ווײַלע מיך באַטראַכט. „אײער נאָמען, בירגער?״ איך האָב געענטפערט. אײניקע פראַגן האָט ער איבערגעפרעגט עטלעכע מאָל, כדי מיך צו צעמישן, אָדער כאַפּן בײַ עפּעס אַ ליגן. אַ פּאָר מינוט איז ער געזעסן און געשוויגן, וואַרשײַנלעך טראַכטנדיק וועגן דער ווײַטערדיקער סטראַטעגיע פון דער אויספאָרשונג. מיט אַ מאָל האָט ער זיך אויפגעשטעלט, זיך אַריבערגעבויגן איבערן שרײַבטיש און מיט אימפּעט אויסגערופן: „צי האָט איר געזאָגט, אַז ס׳גרייט זיך אַ קאָנטררעוואָלוציאָנערע דעמאָנסטראַציע צום יאָרטאָג פון דער רעוואָ־לוציע?״ „ניין״! האָב איך קאַטעגאָריש געענטפערט. אָבער גלײַכצײַטיק האָב איך געפילט אַ פּראָסטיקע קעלט אין אַלע מײַנע גלידער. איך האָב געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונג צו בלײַבן רויק. „אָבער איר האָט דאָס דאָך יאָ געזאָגט. מיר האָבן עדות און באַווײַזן קעגן אײַך״. „דאָס איז נישט אמת. איך האָב אפשר געהערט רעדן וועגן דעם, איך בין אָבער נישט דער יעניקער, וואָס האָב דאָס געזאָגט״. „ווו האָט איר דאָס געהערט? ווער זענען די מענטשן, וואָס האָבן דאָס געזאָגט?״ „איך קען ווייניק מענטשן״, האָב איך געענטפערט, „איך בין אַ קורצע צײַט דאָ אין לאַנד, און פון דעם ערשטן טאָג, וואָס איך בין דאָ געקומען, אַרבעט איך און האָב נישט קײַן באַקאַנטע אויסער די מענטשן, מיט וועמען איך אַרבעט. אײן מאָל אין טאָג גײ איך אין שטאָט עסן און קער זיך אום צוריק אין דער פאַבריק״. „זענט איר מודה, אַז איר האָט יאָ געהערט רעדן וועגן דעם, טאָ פאַר וואָס האָט איר וועגן דעם נישט דערציילט צו די מאַכטאָרגאַנען?״ „איך האָב נישט צוגעגעבן קײַן באַדײַטונג צו דעם. איך האָב עס באַטראַכט פאַר פּוסטע קלאַנגען, וועלכע האָבן נישט קײַן גרונט״. „אַזוי, פּוסטע קלאַנגען. דאָס איז די סטראַטעגיע פון דער קאָנטררעוואָלוציע. אַלע, וועלכע הערן זיך צו צו די קלאַנגען און רעדן וועגן דעם, העלפן דער קאָנטררעוואָלוציע״!

די פראַגן און ענטפערס האָבן מיך אויסגעמאַטערט. איך בין געבליבן זיצן אַ דערשעפּטער און נישט געקאָנט מער ענטפערן אויף דעם מבול פון פראַגן. מײַן אויספאָרשער האָט זיך אויפגעשטעלט, מיך אַ ווײַלע שטום אָנגעקוקט, דאַן איז ער צוגעגאַנגען צו דער טיר און עפּעס מיט וועמען גערעדט. באַלד איז אַרײַנ־געקומען אַ מאַן און געטראָגן אויף אַ טאַץ צווײ גלעזער טײ מיט צובײַסן, אַוועקגעשטעלט די טאַץ אויפן שרײַבטיש, און נישט רעדנדיק קײַן וואָרט, אַרויס פון צימער. „טרינקט די טײ״, האָט מײַן אויספאָרשער מיט אַ פרײַנדלעכן שמייכל זיך צו מיר געווענדט, „אַ פּאַפּיראָס?״ „ניין, איך רויכער נישט״. ער האָט זיך צוריקגעזעצט און לאַנגזאַם געטרונקען זײַן טײ. „טרינקט״, האָט ער מיך געמונטערט. ער האָט אויסגעטרונקען זײַן טײ, זיך אויפגעשטעלט און האַסטיק גענומען שפּאַנען איבערן צימער. אָפּשטעלנדיק זיך, האָט ער צו מיר געזאָגט: „איך דערקען אין דיר, אַז דו ביסט נישט קײַן קאָנטררעוואָלוציאָנער, איך וועל דיך איצט לאָזן גײן מיטן באַדינג, אַז אין פאַרלויף פון 10 טעג וועסטו צוריק־קומען און מיר מעלדן ווער עס זענען די מענטשן, פון וועמען דו האָסט געהערט

די שענדלעכע און שעדלעכע קלאַנגען וועגן אַ קאָנטררעוואָלוציאָנערער דעמאָנסטראַציע". „אַ דאַנק אייך פאַרן צוטרוי", האָב איך אַרויסגעשטאַמלט. „איר קאָנט גיין". ער האָט מיר אַנגעוויזן מיט דער האַנט אויף דער טיר.

ווען איך בין אַרויסגעקומען אויף דער גאַס איז געווען נאַכט. די פּראָסטיקע לופט האָט מיך אַרומגענומען. איך האָב דערפילט אַ ציטערניש אין אַלע מיינע גלידער. אַרומקוקנדיק זיך אין אַלע זייטן האָב איך האַסטיק אָנגעהויבן שפּאַנען צו דער פאַבריק.

ווען איך בין אַריינגעקומען צו דער ייִדישער פאַמיליע, וועלכע האָט דאָרט געוווינט, האָבן זיי אויפגעריסן די אויגן און נישט געגלויבט, אַז איך בין ווירקלעך צוריקגעקומען, פון וואַנען מען קומט נישט צוריק.

פון דער איבערלעבונג בין איך קראַנק געוואָרן און אַ פּאָר טעג געהאַט היץ. קיין דאָקטער און מעדיצין איז נישט געווען, און נאָר אַ דאַנק מיינע פיזישע יונגע כוחות בין איך געקומען צו זיך. די פראַגע פאַר מיר איז איצט געווען: זאָל איך זיך מעלדן צו דער טשעקאַ, אָדער נישט? איך האָב באַשלאָסן זיך מאַכן נישט ווויסנדיק.

די אַרבעט אין דער פאַבריק איז אָנגעגאַנגען נאָרמאַל. איך בין געווען דער איינציקער ייִד צווישן די אַרבעטער, שפּעטער זענען אָנגעקומען נאָך 3 עלטערע ייִדן פון האָמעל און אין עטלעכע וואָכן אַרום איז געקומען אַ גאַנצער אַרטעל ייִדישע אַרבעטער פון נאָוואָסיפקאָוו, אַ שטעטל לעבן האָמעל. דאָס איז געווען אַ חלוצישע גרופּע, וועלכע האָט, כדי צו קריגן אַ לעגאַלן סטאַטוס, זיך אָרגאַניזירט אין אַן אַרטעל. איך האָב שנעל מיט זיי זיך באַפריינדט.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מיר איינער פון דער גרופּע פאַרטרויט אַ סוד, אַז היינט אָוונט וועט פאָרקומען אַ געהיימע פאַרזאַמלונג. אַ דעלעגאַט פון ציוניסטישן קאָנגרעס וועט אָפּגעבן אַ באַריכט. איך האָב זיך ביי זיי געבעטן, זיי זאָלן מיך מיטנעמען. איינער פון זיי האָט מיר געזאָגט, אַז מען מוז האָבן דערויף די דערלויבעניש פון יושב־ראש פון דער אָרגאַניזאַציע. איך וועל דאַרפן וואַרטן אויף אַ באַשטימטן פּלאַץ, און אַז אַ מענטש מיטן פּאַראָל „טוב" וועט פאַרבייגיין זאָל איך אים נאָכפאָלגן. מיט גרויס שפּאַנונג בין איך געשטאַנען און געוואַרט.

אַ יונגער בחור איז מיך פאַרבייגעגאַנגען, מיך שאַרף אָנגעקוקט און מיט שנעלע טריט אַוועקגעגאַנגען. אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז אַ צווייטער בחור צוגעקומען און שטיל געזאָגט „טוב". איך בין אים נאָכגעגאַנגען דורך פאַרשידענע גאַסן און געסלעך. ער איז אַ ווײלע געבליבן שטיין און מיט דער האַנט אָנגעוויזן אויף אַ הויז, וואָס איז געשטאַנען אָפּגעזונדערט. „גייט און קוקט זיך נישט אום. ביים אַריינגאַנג זאָלט איר זאָגן „ארץ", וועט מען אייך אַריינלאָזן". איך האָב געפאָלגט די אינסטרוקציעס. דער יונגער מאַן ביים טיר האָט צו מיר אַ שמייכל געטאָן און מיך דורכגעלאָזט.

דאָס הויז פון 4 צימערן איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן. ס'האָט געהערשט אַ שטילשווייגן. דער יושב־ראש פון דער פאַרזאַמלונג האָט זיך אויפגעשטעלט

און געזאָגט: „חברים, די באַריכט־פאַרזאַמלונג וועט צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות זיין קורץ. דער רעדנער, וועמען איר וועט נישט קאָנען זען, מוז אין פאַרלויף פון 30 מינוט אַוועק פון דאַנען. ס'וואַרטן אויף אים אַנדערע וויכטיקע אויפגאַבעס. נאָך דעם, ווי דער רעדנער וועט פאַרענדיקן זיין באַריכט, פאַרלאָזט דעם פלאַץ נישט מיט אַ מאָל, נאָר איינציקווייז. איך האָף אויף אייער פולשטענ־דיקער קאָנספּיראַציע. אַ דאַנק". דורך אַן עפענונג, וואָס איז געווען פאַרהאָנגען מיט אַ ווייסן ליילעך, האָט דער מיסטעריעזער רעדנער אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון דעם נישט לאַנג אָפּגעהאַלטענעם ציוניסטישן קאָנגרעס.

„חברים, אונדזער באַוועגונג איז זיך צעוואַקסן. דורך פאַרשידענע וועגן שטראָמען אונדזערע חברים קיין ארץ־ישראל... אויך איר דאַרפט זיך גרייטן עולה צו זיין. דאָס לאַנד, אונדזערע חברים, רופן אייך... טויזנטער זענען לעצטנס אַריינגעקומען אין לאַנד פון אונדזערע האָפענונגען. טראָץ די שטערונגען פון דער ענגלישער רעגירונג און דעם טעראָר פון די אַראַבער, גרייטן זיך צענדליקער טויזנטער און וואַרטן עולה צו זיין. אונדז איז באַקאַנט, און מיר ווייסן, וועגן אייערע שוועריקייטן און פּראָבלעמען. אָבער דאָס איז דער איינציקער וועג צו פאַרווירקלעכן דעם גרויסן חלום פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייונג פון אונדזער פיל געליטן פאָלק... איך באַדויער, וואָס מיין באַריכט מוז זיין קורץ צוליב מאַנגל אין צייט און צוליב פאַרזיכטיקייט. איך פאַרלאָז אייך מיט דער האָפענונג און גלויבן זיך צו טרעפן אין אַ זעלבשטענדיקער באַפרייטער ארץ־ישראל"...

איינציקווייז האָבן מיר פאַרלאָזט דאָס הויז. לעבן מיר איז פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן דער חבר, וואָס האָט מיר געוויזן דעם וועג צו דער פאַר־זאַמלונג. דריקנדיק מיין האַנט האָט ער מיך געהייסן אים נאָכגיין: „קיין וואָרט וועגן דעם, וווּ דו ביסט געווען און וואָס דו האָסט געהערט. אַ גוטע נאַכט", האָט ער געזאָגט און איז פאַרשוווּנדן.

מיין מאַטעריעלע לאַגע האָט זיך פאַרבעסערט. איך האָב אַנטדעקט דעם סוד ווי אַזוי צוצופּאַסן זיך צו דער רוסישער ווירקלעכקייט. 3 חדשים נאָך מיין ביטע־רער דערפאַרונג אין דער טשעקאַ, איז אין דער פאַבריק, ווו איך האָב געאַרבעט, פאָרגעקומען וואַלן צום פאַבריק־קאָמיטעט. ביי דער געלעגנהייט האָט מען גע־שיקט אַ קאָמיסאַר, וועלכער האָט אונדז אַגיטירט צו אַרבעטן מער פלייסיק, צו פּראָדוצירן מער און בעסער, כדי שנעלער צו דערגרייכן דעם ענדציל פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט.

צום סוף האָט ער געבעטן מען זאָל אים שטעלן פראַגן וועגן אַלץ וואָס מיר ווילן, און ער איז גרייט צו ענטפערן. אַרבעטער האָבן געפרעגט: ווי אַזוי קאָן מען אַרבעטן מער און בעסער, ווען די פאַרדינסטן זענען אַזוי שלעכט? פון די 10,000 רובל אַ חודש, וואָס אַן ערשטקלאַסיקער אַרבעטער באַקומט — אויסער די קאַרגע שפּייז־נאָרמע — קאָן מען קויפן בלויז 3 פונט שוואַרץ ברויט. דאָס וואָס אַן אַרבעטער באַקומט פאַר אַ חודש אַרבעט, איז גענוג בלויז פאַר 1 וואָך,

איז וואָס זאָל מען טאָן אין די איבעריקע 3 וואָכן? ווו זאָל מען נעמען געלט אויף אַ פּאָר שיך, אַ מלבוש אאַז״וו? אויף די אַלע פראַגעס איז געווען זיין ענטפער, אַז אַלץ ווענדט זיך אין דער פּראָדוקטיוויקייט פונעם אַרבעטער; וואָס מער און בעסער מען וועט אַרבעטן, אַלץ לייכטער וועט אונדז ווערן.

מיר האָט זיך פאַרגלוסט צו שטעלן אַ פראַגע, וואָס האָט דעם קאָמוניסטישן קאָמיסאַר אַרויסגעפירט פון גלייכגעוויכט. אין יענער צייט האָבן אין ווייסרוסלאַנד און אין אוקראַינע געבושעוועט פאַרשידענע באַנדעס, וועלכע האָבן געמאַכט פּאָגראָמען אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין די שטעט און שטעטלעך. ווען איין באַנדיטן־באַנדע איז אַרויס, איז אַריין אַ צווייטע. די סאָוויעטן־מאַכט האָט געפירט אַ קאַמף מיט די באַנדעס און געשיקט אַרמיי־אָפּטיילונגען זיי צו פאַר־טרייבן. האָט אָבער נישט איין מאָל געטראָפן, ווען אַ רויטע אַרמיי־אָפּטיילונג איז אַריין אין אַ שטאָט צו באַקעמפן און פאַרטרייבן די ווייסע באַנדעס, איז זי אַליין אַריבער צו די באַנדיטן. איך האָב געפרעגט דעם קאָמוניסטישן קאָמיסאַר צי וואָלט געווען כדאי צו אָרגאַניזירן אַ יידישע זעלבשוץ, וואָס וואָלט מיט מער דערפאָלג באַקעמפט און פאַרטריבן די באַנדיטן. דער קאָמיסאַר, וועלכער איז געווען נישט אין גאַנצן ניכטער, איז אַריין אין אַ געפערלעכער פאַנישער רציחה און אָנרופנדיק מיך „ווייסגוואַרדייער" און „קאָנטעררעוואָלוציאָנער", האָט ער פאַרענדיקט זיין ווילדן אויסברוך מיט די ווערטער: „מיך וווּנדערט וואָס דו געפינסט זיך נישט דאָרט, אויף יענער זייט באַריקאַדע". דעם קאָמיסאַר איז אָבער באַשערט געווען צו ליידן אַ מפלה. איך בין געווײלט געוואָרן פאַר סעקרעטאַר פונעם פאַבריק־קאָמיטעט. ער האָט געטאָן אַלץ, וואָס איז געווען מעגלעך, נישט צו דערלאָזן מיך אויסוויילן, ער איז אָבער דורכגעפאַלן. ער האָט מיר שפּעטער געזאָגט, אַז מיין פאַרשלאַג איז נישט קיין שלעכטער, אָבער די סאָוויעטן־רעגירונג קאָן נישט דערלאָזן עס זאָל זיך שאַפן דער איינדרוק, אַז זי איז נישט אין שטאַנד צו באַקעמפן די באַנדעס.

אָנהייב ווינטער 1922 האָב איך באַקומען די טרויעריקע נייעס, אַז מיין פאָטער איז געשטאָרבן. ביז יענער צייט האָב איך נישט געטראַכט צו פאַרלאָזן רוסלאַנד. די אויסזיכטן לעגאַל אַרויסצופאָרן פון רוסלאַנד זענען געווען נישטיקע. אַנטלויפן אומלעגאַל, האָב איך נישט געוואָלט איינשטעלן. אָבער נאָכן באַקומען די נייעס וועגן מיין פאָטערס טויט, האָב איך נישט געקאָנט רוען און איך האָב באַשלאָסן, אַז מיין פּלאַץ איז איצט ביי מיין פאַריתומטער משפּחה.

איך האָב זיך דערוווּסט, אַז אין מינסק געפינט זיך דער הויפּט־צענטער פאַר עוואַקואַציע און אויב איך וויל עפּעס דערגרייכן, דאַרף איך פאָרן קיין מינסק, דאָרט וועל איך דאַרפן זיך ווענדן צו אַ „מאַכער", וועלכער וועט פאַר מיר דער־ליידיקן מיין ענין. איך האָב גענומען אורלויב אויף 3 טעג און געפאָרן קיין מינסק.

ס'איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן אין יענע טעג צו קריגן אַ דערלויִ־בעניש צו פאָרן מיט דער באַן קיין מינסק. איך האָב מיט זיך געהאַט אַ קליינע

וואַליזע מיט אייניקע נויטיקע זאַכן. איך האָב די וואַליזע נישט אַרויסגעלאָזט פון האַנט, אָבער וואָרשיינלעך האָב איך איינגעדרעמלט, און ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז פון מיין וואַליזע נישט געווען קיין זכר. איך האָב גלייך געמאָלדן וועגן דעם. דער גנב מיט דער וואַליזע איז נאָך געווען אין צוג, אָבער ס׳איז געווען פאַרפאַלן.

פאַר אַ גרעסערע סומע סאָוויעטישע רובלס האָב איך זיך רעגיסטרירט אין דער רשימה פון די פויערים, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט צו זייערע היימען, וואָס זיי האָבן פאַרלאָזט אין דער צייט פון דער סאָוויעטיש־פוילישער מלחמה. דער רעגיסטראַטאָר האָט מיר געזאָגט, אַז איך וועל דאַרפן וואַרטן אַ שטיקל צייט ביז דער עשאַלאָן וועט אָפּפאָרן, און אַז זיי וועלן מיר מעלדן וועגן דעם מיט אַ בריוו.

ס׳איז געווען אָנהייב פרילינג פון 1922 ווען איך האָב דערהאַלטן דעם בריוו מיט די נויטיקע דאָקומענטן פאַר מיין רעפּאַטריאַציע. איך האָב נישט געבעטן קיין דערלויבעניש אַרויסצופאָרן פון סאָוויעט־רוסלאַנד. דאָס וואָלט געווען אומזיסט. די אַרבעט, ביי וועלכער איך האָב געאַרבעט, איז געווען אַ וויכטיקע. די פּראָדוקציע איז געגאַנגען פאַר דער אַרמיי. איך האָב זיך געשראָקן, אַז אין לעצטן מאָמענט זאָל עפּעס קאַליע ווערן. איך האָב זיך געמאָלדן צו דער פאַבריק־פאַרוואַלטונג, אַז איך פיל זיך נישט גוט און געבעטן מיך באַפרייען אויף אַ וואָך פון דער אַרבעט.

אָנקומענדיק קיין מינסק האָב איך געהאַט גענוג פרייע צייט צו מאַכן מיינע לעצטע צוגרייטונגען צו פאַרלאָזן דעם סאָוויעטישן גן־עדן. נאָכן איבערנעכטיקן די ערשטע נאַכט בין איך אַרויס אין גאַס און געוואַנדערט איבער די מינסקער גאַסן. אויף איינער פון די צענטראַלע גאַסן בין איך פאַרבייגעגאַנגען אַ געשעפט פון אַ זייגערמאַכער. כמעט אַלע פּריוואַטע געשעפטן און פאַבריקן זענען שוין אין יענער צייט געווען נאַציאָנאַליזירט פון דער סאָוויעט־רעגירונג. די מאַכט האָט אָבער פאַרמאַכט די אויגן אויף יענע קליינע געשעפטן, אין וועלכע די באַפעל־קערונג האָט זיך גענויטיקט. אַריינקוקנדיק אין דעם זייגערמאַכער־געשעפט האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך זע אַ באַקאַנט פּנים, איך בין אָבער נישט געווען זיכער ווער עס איז, בין איך געגאַנגען ווייטער. צוריקגייענדיק האָב איך אין דעם זייגערמאַכער דערקענט מיינעם אַ קוזין, מנחם ניישטיין. מיר האָבן זיך דערפרייט איינער מיטן צווייטן. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער איז שוין אַ לענגערע צייט אין רוסלאַנד. ער האָט אַ פרוי און קינדער. פאָרלויפיק לאָזט מען אים עקזיסטירן, אָבער ווי לאַנג דאָס וועט דויערן, ווייס ער נישט.

ער האָט מיר דערציילט, אַז אין מינסק געפינען זיך אַ צאָל מעזריטשער און איך קאָן זיי טרעפן אויף דער הויפּטגאַס פון מינסק. איך האָב דאָרט באַגעגנט שמעון לעוו, וועמענס שוועסטער עס זענען געווען די ביבליאָטעקאַרינס פון דער שטאָטישער ביבליאָטעק. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט אַ גוטן רעגירונג־פּאָסטן און אַז ער איז פאַרהעלטנישמעסיק, אונטער די סאָוויעטישע באַדינגונגען,

אַ פּריווילעגירטער מענטש. ער האָט מיר אויך דערציילט, אַז שמעון מינץ, משה מינצס זון, איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד מיט עטלעכע וואָכן צוריק. ער איז געווען אַ וויכטיקער באַאַמטער אין אַ גרויסער רעגירונג־אונטערנעמונג, אָבער ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין האַזאַרד־שפּיל, און ווען מען האָט אויפגעדעקט, אַז ס'פעלט אַ גרויסע סומע געלט פון דער אונטערנעמונג, איז פאַר אים נישט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג.

איך האָב אויך באַגעגנט אין מינסק פייוול ערדפאַרב, אַ פירער פון „בונד" אין מעזריטש. אין רוסלאַנד האָט ער אויסגעביטן דאָס רענדל און געוואָרן אַ פייער־דיקער קאָמוניסט. ער האָט שטודירט אויף דעם מינסקער אוניווערסיטעט. ער האָט פאַרויסגעזען פאַר זיך אַ גלענצנדיקע צוקונפט.

פאַרביי מיר האָט דורכשפּאַצירט אַן אָפיציר און מיך שאַרף אָנגעקוקט. דאָס האָט געדויערט בלויז עטלעכע סעקונדעס. איך בין געגאַנגען ווייטער, און ווען איך האָב אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף צוריק האָב איך געזען, אַז אויך ער, דער אָפיציר, האָט זיך אויסגעדרייט. איך האָב פאַרלאַנגזאַמט מיינע טריט, דער אָפי־ציר איז מיר נאָך אַ מאָל פאַרבייגעגאַנגען און אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיין אַקסל. איך האָב זיך אַ טרייסל געטאָן פון שרעק, אָבער מיין שרעק איז געווען אַן אומזיסטע. „חיים מרדכי, וואָס טוסטו דאָ?" „משה!" האָב איך אויס־געשריגן, „דו האָסט מיך איבערגעשראָקן". „ביי אונדז אין סאָוויעט־רוסלאַנד דאַרפן זיך שרעקן בלויז ספּעקולאַנטן און קאָנטררעוואָלוציאָנערן, דו ביסט דאָך נישט איינער פון זיי". (דאָס איז געווען משה עקערמאַן, משה גדליהס וויינשענקערס אַ שטיפזון). „ווי איך זע, האָסטו פיל דערגרייכט, דו טראָגסט דעם מונדיר פון אַ פּאָלקאָווניק". „יאָ, אָבער איך האָב באַצאָלט אַ גאַנץ גוטן פּרייז פאַר דער דערגרייכונג. איך בין צוויי מאָל פאַרוווּנדעט געוואָרן, אָבער איך בין צופרידן. ביי די פּוילישע אַנטיסעמיטן וואָלט איך צו דעם נישט דערגרייכט". איך האָב מיט אים פאַרבראַכט אַ שטיקל צייט און מיט אים זיך חבריש געזעגנט.

ווו זענט איר היינט, מיינע טייערע ליבע מעזריטשער יוגנטלעכע? אין וואָסער ט.רמע און עקזעקוציע־פּלאַץ האָט איר פאַרענדיקט אייערע יונגע יאָרן, וואָס איר האָט מיט אַזוי פיל ליבע און געטריישאַפט אַנטקעגנגעטראָגן דעם קאָמו־ניסטישן אָפּגאָט?

מיין פאַרלאָזן רוסלאַנד איז דורכגעגאַנגען בשלום, איך האָב נישט געהאַט קיין שוועריקייטן, און ערב פּסח בין איך געקומען אַהיים. די באַגעגעניש מיט מיין מוטער, שוועסטער און ברודער איז געווען אַ געמיש פון פרייד און טרויער. ס'איז נאָך נישט געהאַט אַריבער דאָס יאָר פון טרויער נאָך מיין פאָטערס טויט.

איך וויל פאַרענדיקן דאָס קאַפּיטל „רוסלאַנד" מיט דעם, אַז איידער איך האָב פאַרלאָזט דעם סאָוויעטן־פאַרבאַנד, האָב איך אויסגעפונען, וואָס ס'האָט גורם געווען מיין אַרעסט דורך דער טשעקאַ. אין האָמעל האָבן זיך געפונען אַ סך מעזריטשער, די מערסטע פון זיי זענען געווען בערשטער. איינער פון די מעזרי־טשער, משה פעלדרייז, איז געווען אַ שניידער. די טשעקאַ האָט געהאַט אייגענע

וואַרשטאַטן, וועלכע האָבן באַדינט די טשעקיסטן. משה פעלדרייז איז געקומען אַרבעטן אין אַ שניידער־וואַרשטאַט פון דער טשעקאַ. אין יענער צייט, אין 1920, איז פאָרגעקומען אַ ביטערער גראַנגל פון דער סאָוויעטן־מאַכט מיט די פאַרשידענע ווייסגוואַרדייזשע באַנדעס. פאַרשידענע קלאַנגען, פאַלשע און אמתע, האָבן צירקולירט אין שטאָט. די וואַכזאַמע טשעקיסטן האָבן אויפגעכאַפּט די דאָזיקע פאַרשידענע קלאַנגען. זיי האָבן געפאָרשט און געזוכט אַ שפּור. איך באַשולדיק נישט משה פעלדרייז אין מסירה, נאָר ווי עס שיינט, האָט ער, נישט מיינענדיק מיר שלעכטס צו טאָן, דערמאָנט מיין נאָמען — דאָס האָט געפירט צו מיין אַרעסט.

איך האָב אויך זיך דערוווסט, אַז מיין אויספאָרשער אין דער טשעקאַ איז געווען אַ ייִד. ווען נישט דאָס, וואָלט איך אפשר פאַרשיקט געוואָרן צו די ווייסע בערן און קיינער וואָלט נישט געוווסט ווו מיין געביין איז אַהינגעקומען.

ל. פרידמאַן/מעלבורן

# בערשטעריי און בערשטער אין מעזריטש

## 1

מעזריטש איז געווען אַן אייגנאַרטיקע ייִדישע שטאָט. לויט דער גרויס פון דער באַפעלקערונג (18.000 איינוווינער, פון דעם 14.000—15.000 ייִדן) און פאַרנעם פון שטח, איז זי געווען ענלעך צו צענדליקער אַנדערע ייִדישע שטעטלעך אין פוילן. אָבער לויט דער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער סטרוקטור איז זי געווען אַ יחיד במינו — אַ צווייטע אַזאַ שטאָט איז נישט געווען בנמצא אין גאַנץ פוילן, ווייל זי האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ קאָמבינאַציע פון אַ קליינער ייִדישער שטאָט מיט גרויסשטאָטישע שטריכן. דאָס האָט איר געגעבן אַ שם נישט נאָר אין פוילן, נאָר ווייט איבער אירע גרענעצן.

די גרויסשטאָטישע שטריכן האָט מעזריטש געהאַט אַ דאַנק איר חזיר־האָר־אינדוסטריע, גאַרבעריי און פוטערוואַרג־האַנדל. פון וואַנען איז געקומען קיין מעזריטש אַזאַ אייגנאַרטיקע אינדוסטריע ווי חזיר־האָר־אויסאַרבעטונג — אַ פּראָדוקט וואָס איז לגמרי נישט ייִדיש — האָט געפעלפט אַלע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פאָרשער, וואָס האָבן געוואָלט דערגיין דעם מקור פון דער אינדוסטריע אין אַ שטאָט, וואָס, אין פלוג גענומען, האָט גאָרנישט געהאַט קיין ספּעציפישס, וואָס זאָל גורם זיין צו דער אַנטשטייונג פון אָט דער אינדוסטריע.

מיט אַ 40 יאָר צוריק האָט אויך דער מחבר פון דעם אַרטיקל זיך געמוחט איבער דעם סודותדיקן אָנהייב פון דער אינדוסטריע בעת ער האָט געשריבן אַ דיפּלאָם־אַרבעט אויף דער האַנדלס־אַקאַדעמיע אין וואַרשע. נאָך לאַנגע און מיזאַמע פאָרשונגען איז ער געקומען צו דער מסקנה, אַז דער אָנהייב פון דער אינדוסטריע איז גאָרנישט אַזוי אַלט ווי מ׳האָט געגלויבט. וואָרשיינלעך איז די אינדוסטריע אַנטשטאַנען ביים אָנהייב פון 19טן יאָרהונדערט ווען אין מערב האָט זיך אָנגעהויבן די מעכאַנישע מאַסן־פּראָדוקציע אַנשטאָט האַנטווערקעריי אַ דאַנק דער רעוואָלוציע אין דער טעכניק און דעם אויפקום פון דעם בירגערלעכן קלאַס אויף די חורבות פון דעם פעאָדאַלן סיסטעם. די מאַסן־פּראָדוקציע האָט זיך גענויטיקט אין פאַרשידענע באַרשטן, פאַר וועלכע די חזיר־האָר איז געווען דער פּאַסיקער פּראָדוקט.

אויף די מערק אין מערב איז אין יענער צייט אויך אַנטשטאַנען אַ גרעסערע נאָכפראַגע אויף פוטערוואַרג, אויף וואָס דער אויפגעקומענער בירגערלעכער שיכט האָט זיך געקאָנט פאַרגינען. די ייִדישע פוטערוואַרג־סוחרים פון פוילן, וועלכע פלעגן קומען זינט יאָרן אויף די מערק אין לייפּציג און אין אַנדערע גרויסע מערב־שטעט, האָבן באַמערקט די גרעסערע נאָכפראַגע אויף אויסגעאַרבעטע חזיר־האָר און זיי האָבן אָנגעהויבן ברענגען מיט זיך צו ביסלעך דעם פּראָדוקט אויף די מערק.

דאָס גיט אונדז אָן ענטפער אויף דער פראַגע ווען די מאַסן־אויסאַרבעטונג פון חזיר־האָר איז אַנטשטאַנען און צוליב וואָס, אָבער עס בלייבט נאָך אַלץ אָפן די קשיא — פאַר וואָס דווקא אין מעזריטש ?

דעם ענטפער דערויף באַקומען מיר ווען מיר שטודירן גענוי די מאַפּע פון פוילן אין יענער צייט. ווי באַקאַנט, האָבן אין יאָר 1795 פּרייסן, עסטרייך און רוסלאַנד צעטיילט ענדגילטיק פוילן צווישן זיך. נאָך דעם ווי נאַפּאָלעאָן האָט פאַרנומען דעם שטח פון אַמאָליקן פוילן, באַקעמפנדיק די דריי פריִער דערמאָנטע גרויסמאַכטן, האָט ער געשאַפן אין 1807 דאָס וואַרשעווער פירשטנטום, וואָס איז שפּעטער, נאָך נאַפּאָלעאָנס פאַלן, אין 1815 פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּויליש קיניגרייך, וואָס איז פאַקטיש געווען אַ טייל פון דער רוסישער אימפּעריע, מיט געוויסע אויטאָנאָמע רעכט. עס האָט אָבער עקזיסטירט אַ צאָלגרענעץ צווישן דעם פּוילישן קיניגרייך און רוסלאַנד, און אָט די גרענעץ איז דורכגעגאַנגען האַרט לעבן מעזריטש.

די חזיר־האָר, וואָס זענען געקומען הויפּטזאַכלעך פון רוסלאַנד, זענען אַריינ־געשמוגלט געוואָרן אין פּוילישן קיניגרייך דורך מעזריטש. היות דאָ איז געווען די ערשטע סטאַציע וווּהין די סחורה איז אַריינגעקומען, פלעגט עס ווערן דאָ איבערגעקויפט, סאָרטירט און שפּעטער אויך באַאַרבעט. די פוטערוואַרג־סוחרים, וואָס פלעגן דאָ קויפן די אַריינגעשמוגלטע פעלעכלעך, האָבן מיט דער צייט זיך אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אויך מיט אויסאַרבעטן חזיר־האָר. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט דער זיידע פון דעם שרייבער פון די שורות, משה מיכל בראָמבערג און זיין פרוי, אויפגעשטעלט אַחוץ אַ גרויס וואַרנהויז פון פעלצוואַרג, אויך אַ גרויסע פאַבריק פון חזיר־האָר און פלעגן שיקן סיי דאָס פעלצוואַרג, סיי די אויסגעאַרבעטע חזיר־האָר קיין לייפּציג אויף די ירידים.

די אויסאַרבעטונג פון חזיר־האָר איז אָנגעגאַנגען אויך אין אַנדערע ייִדישע שטעט און שטעטלעך לענג־אויס דער צאָל־גרענעץ. חזיר־האָר פלעגט אויסגע־אַרבעט ווערן אין טרעסטענע, ביאַליסטאָק, טיקאָצין, קנישין, ווי אויך אין ווילנע. אַ וויכטיקער פונקט פאַר אויסאַרבעטן חזיר־האָר איז אויך געווען די שטאָט בראָדי און די אומגעגנט, וואָס איז געלעגן אויף דער עסטרייכישער זייט, האַרט ביי דער גרענעץ פון רוסלאַנד און איז געווען דאָס ערשטע אָרט וווּהין די אַריינ־געשמוגלטע חזיר־האָר פלעגן אַריינגעבראַכט ווערן.

פון די אַלע צענטערס איז מעזריטש געווען דער וויכטיקסטער. אין די דריי־סיקער יאָרן, פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, פלעגט מעזריטש עקספּאָרטירן 80 ביז 90 פּראָצענט פון דער גאַנצער אויסגעאַרבעטער חזיר־האָר אין פּוילן, וואָס איז געגאַנגען אויף עקספּאָרט.

מעזריטש האָט עקספּאָרטירט חזיר־האָר אין עטלעכע און צוואַנציק לענדער. דער עקספּאָרט איז געגאַנגען הויפּטזאַכלעך קיין דייטשלאַנד, וואָס איז געווען דער טראַדיציאָנעלער אָפּנעמער פון דער סחורה זינטן אָנהייב פון 19טן יאָרהונ־

דערט. זינט 1934 איז דער עקספּאָרט קיין דייטשלאַנד באַדייטנדיק פאַרקלענערט געוואָרן און זיין אָרט האָט פאַרנומען ענגלאַנד און אַמעריקע.

אין די דרייסיקער יאָרן האָבן אין מעזריטש עקזיסטירט אַרום 200 רעגיסט־רירטע וואַרשטאַטן, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט חזיר־האָר. די מערהייט פון זיי האָט באַשעפטיקט בלויז אַ קליינע צאָל אַרבעטער, אייניקע האָבן באַשעפטיקט צו טעלעכע צענדליק אַרבעטער.

מעזריטשער בערשטער ביי דער אַרבעט



פון רעכטס: אריה כ"ץ, סאַנע עפּשטיין, יעקב מושינסקי, אלתר סקוואַרנע, דוד ציטריניאַק, אשר ווישניע

חוץ די רעגיסטרירטע וואַרשטאַטן, האָבן אין מעזריטש עקזיסטירט אַ היפּשע צאָל אומלעגאַלע וואַרשטאַטן, וואָס זענען נישט געווען בכוח צו צאָלן שטייערן און פלעגן אַרבעטן „אומלעגאַל". עס ווערט אָנגענומען, אַז צווישן די צוויי וועלט־מלחמות זענען געווען באַשעפטיקט אין מעזריטש ביים אויסאַרבעטן און ביים מסחר פון חזיר־האָר אַרום צוויי טויזנט מענטשן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט געלייגט אַ חותם אויף דער גאַנצער שטאָט און באַשטימט איר עקאָנאָמישן און סאָציאַלן כאַראַקטער.

די פּראָדוקציע פון חזיר־האָר אין מעזריטש איז נישט געווען מעכאַניזירט. די עטלעכע פּרוּוון פון אייניקע מעזריטשער פאַבריקאַנטן צו מעכאַניזירן טיילווייז די באַאַרבעטונג פון חזיר־האָר האָבן זיך נישט איינגעגעבן.

אייניקע פאַבריקאַנטן און סוחרים פון חזיר־האָר האָבן געמאַכט גרויסע פאַרמעגנס. אַלץ איז געווען געווענדט פון דער נאָכפראַגע אויף די אויסלענדישע מערק. די פאַבריקאַנטן און סוחרים, וואָס האָבן געקאָנט אויסנוצן די גוטע קאָנ־יונקטור אין אויסלאַנד, זענען שנעל רייך געוואָרן.

די מערהייט פון די אייגנטימער פון די חזיר־האָר־וואַרשטאַטן האָבן געלעבט אַ באַשיידן לעבן. זיי פלעגן פאַרקויפן מערסטנטייל זייערע אויסאַרבעטונגען צו סוחרים־עקספּאָרטערן, וועלכע האָבן גאַנץ אָפט אויסגענוצט די שווערע לאַגע פון די וואַרשטאַט־אייגנטימער, צאָלן זיי נידעריקע פרייזן פאַר דער אויסגעאַרבעטער סחורה און עקספּאָרטירן זי קיין אויסלאַנד בעת די קאָניונקטור איז געווען אַ גינסטיקע. גאָר אַן אָרעם לעבן האָבן געהאַט די קליינע אומלעגאַלע וואַרשטאַטן־אייגנטימער, וואָס פלעגן אַרבעטן הויפּטזאַכלעך מיט די משפחה־מיטגלידער, גאַנץ אָפט אין זייערע פּריוואַטע וווינונגען. זיי זענען געווען מערסטנטייל כאַלופּ־ניקעס, וואָס פלעגן אַרויסנעמען סחורה ביי יענעם צו באַאַרבעטן.

די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן געמאַכט פּילצאָליקע פּרוּוון אַרויסנעמען די פּראָדוקציע פון חזיר־האָר פון יידישע הענט. אַזוי איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו איינצושטעלן אין 1930 אין זאַמאָשטש אַ גרויסע מעכאַניזירטע פאַבריק פון רייניקן און אויסאַרבעטן חזיר־האָר. די מאַשינען זענען געבראַכט געוואָרן פון אויסלאַנד. אָבער אין 1932 האָט די געזעלשאַפט באַנקראָטירט און די פאַבריק איז געשלאָסן געוואָרן. אין משך פון די צוויי יאָר, וואָס די פאַבריק האָט עקזיסטירט, האָט זי אויך נישט געאַרבעט סיסטעמאַטיש און איז געווען געצוווּנגען צו זיין פאַרמאַכט אין משך פון מערערע מאָנאַטן. זי האָט נישט געקאָנט קאָנקורירן מיט די מעזריטשער פּראָדוצענטן.

די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן אויך געפּרוווט איינצופירן איין פאַרקויף־שטעלע, דורך וועלכער די גאַנצע עקספּאָרטירטע חזיר־האָר זאָל דורכגיין. אָפיציעל האָט עס געהייסן, אַז די שטעלע האָט געדאַרפט העלפן די פאַבריקאַנטן און סוחרים פון חזיר־האָר מיט קרעדיטן און מיט באַקומען בעסערע פּרייזן פאַר דער עקספּאָרטירטער סחורה. די יידישע חזיר־האָר־פּראָדוצענטן האָבן זיך באַ־צויגן צו דעם פּראָיעקט מיט חשד ווי אַ פּרווו אַרויסצונעמען די אינדוסטריע פון די יידישע הענט און האָבן זיך אָפּגעזאָגט מיטצואַרבעטן מיט איר. אין רעזולטאַט איז די פאַרקויף־שטעלע נישט צושטאַנדגעקומען.

אין די דרייסיקער יאָרן איז געלונגען די מאַכט־אָרגאַנען איינצופירן אַ רעגלאַמענטאַציע פון חזיר־האָר־עקספּאָרט. זיי האָבן אַרויפגעלייגט אַן אָפּצאָל אויף אַרויסגעפירטע נישט־באַאַרבעטע חזיר־האָר. בלויז באַאַרבעטע חזיר־האָר לויט אַ באַשטימטן סטאַנדאַרט איז געווען פריי פון אָפּצאָל. אַזוי אַרום האָט יעדע פּאַס מיט באַאַרבעטער חזיר־האָר, פאַרן פאַרלאָזן דאָס לאַנד, געמוזט האָבן אַ באַשטעטיקונג דורך אַ קאָנטראָלער פון האַנדלס־קאַמער, אַז עס אַנטשפּרעכט די באַדינגונגען פון דער רעגלאַמענטאַציע און איז פריי פון אַרויספיר־אָפּצאָל.

אַ שווערן קאַמף האָבן די מעזריטשער חזיר־האָר־פּראָדוצענטן געדאַרפט

פירן מיט דער פיסקאַלער מאַכט, וואָס פלעגט אַרויפלייגן אויף זיי גרויסע שטייערן. דאָס האָט דערפירט צום סוף צו דער אַנטשטייונג פון אַ ריי פראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון, און הגם די קאָאָפּעראַטיוון זענען געווען פּאַקטיש פיקטיווע און דער שטייער־אַמט האָט וועגן דעם געוווּסט, האָט ער אָבער ניש געהאַט געענוג באַווייזן צו מאַכן זיי בטל און באַשטייערן די מיטגלידער ווי פּריוואַטע אייגנטימער.

אַזוי האָבן די מעזריטשער חזיר־האָר־פאַבריקאַנטן און סוחרים געפירט אַ כסדרדיקן קאַמף מיט די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען, כדי אויפצוהאַלטן זייערע פּרנסה־קוואַלן און זיי האָבן דעם קאַמף געוווּנען.

מיר האָבן פאַרבייגייענדיק דערמאָנט, אַז מעזריטש איז געווען אויך אַ צענטער פון רויכוואַרג־מסחר, וואָס האָט וואָרשיינלעך עקזיסטירט איידער מ'האָט דאָרט אָנגעהויבן צו באַאַרבעטן חזיר־האָר. רויכוואַרג איז געווען אַ פּראָדוקט, אויף וועלכן די נאָכפראַגע אויף די אויסלענדישע מערק איז געווען זינט יאָר־הונדערטער, הגם נישט אין דער זעלבער מאָס ווי אין 19טן און 20סטן יאָר־הונדערט.

ביי דעם רויכוואַרג־מסחר זענען געווען באַשעפטיקט צווישן די צוויי וועלט־מלחמות עטלעכע הונדערט פּערזאָן. פיל פון זיי פלעגן פאָרן איבער די מזרח־געביטן פון פּוילן איינצוקויפן די פעלעכלעך און שפּעטער זיי פאַרקויפט צו די סוחרים, וואָס פלעגן זיי עקספּאָרטירן קיין אויסלאַנד.

די דריטע בראַנזשע, וואָס איז אין אַ געוויסער מאָס געווען פאַרבונדן מיט דער חזיר־האָר־אויסאַרבעטונג און מיט דעם פעלצוואַרג־האַנדל, איז געווען גאַר־בערייַ, וואָס האָט וואָרשיינלעך זיך אויך אַנטוויקלט אין 19טן יאָרהונדערט און האָט ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה באַשעפטיקט עטלעכע הונדערט מענטשן. די גאַרבעריי־פאַבריקאַנטן פלעגן אויסאַרבעטן ווייכע לעדער און פעלצן, אָבער די אָפּזאַץ־מערק פאַר זיי זענען נישט געווען אין מערב, נאָר אין טיף רוסלאַנד. דאָס האָט געחתמעט דעם גורל פון דער אינדוסטריע, ווייל נאָך דעם ווי עס איז אַנטשטאַנען אַן אומאָפּהענגיק פּוילן און די גרענעץ מיט רוסלאַנד איז געוואָרן הערמעטיש פאַרמאַכט, האָבן די גאַרבעריי־אייגנטימער פאַרלוירן זייערע מערק און די אינדוסטריע איז שטאַרק איינגעשרומפּן געוואָרן.

2

די אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער חזיר־האָר־אויסאַר־בעטונג אין מעזריטש, האָט אַ רייכע און לאַנגע געשיכטע, וואָס ציט זיך פון די 90ער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט. אין 1898 איז געשאַפן געוואָרן דער „בערשטער־בונד" אין לאַנד־מאַסשטאַב, וועלכער האָט אויסגעקעמפט בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען און לוינען פאַר די בערשטער־אַרבעטער. אין דעם יאָר 1906 ווערט אויסגעקעמפט דער 8־שעהדיקער אַרבעטסטאָג אין דער בערשטער־אינדוסטריע.

דאָך האָבן די בערשטער נישט געלעבט אין גאָר גוטע באַדינגונגען אַפילו אין דער צייט צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. אַן אויספאָרשונג, וואָס דער מחבר פון די שורות האָט דורכגעפירט ביי די מעזריטשער בערשטער־אַרבעטער אין די 30ער יאָרן, האָט געוויזן, אַז זייער לעבנס־סטאַנדאַרט איז נישט קיין געהויבענער. זייערע לוינען זענען געווען פון 10 זלאָטעס אַ וואָך פאַר יונגטלעכע און ווייניק קוואַליפיצירטע אַרבעטער ביז 45 זלאָטעס פאַר הויך־קוואַליפיצירטע פאַכלייט. דורכשניטלעך פלעגט אַ בערשטער־אַרבעטער פאַרדינען 20 זלאָטעס אַ וואָך. די אַרבעטסוואָך פלעגט דויערן 45 שעה. דערצו האָבן די בערשטער־אַרבעטער געאַרבעט בלויז אין סעזאָן, וואָס איז געווען געווענדט פון דער קאָניונקטור אויף די אויסלענדישע מערק, אין בעסטן פאַל 10 מאָנאַטן אין יאָר. דעריבער האָבן די בערשטער געדאַרפט שפּאָרן פון זייערע געהאַלטן עס זאָל זיי סטייען פאַרן גאַנצן יאָר. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די בערשטער האָבן זעלטן געגעסן פלייש אין מיטן דער וואָך. מערסטן טייל פלעגן זיי עסן פלייש בלויז אין די שבתים בעת אין די אַנדערע טעג פלעגן זיי זיך באַנוגענען מיט „פאָסטנע" עסנס. די סיבה פון דעם דאַרף מען וואַרשיינלעך זוכן אין דעם אַלגעמיינעם נידעריקן לעבנס־ניוואָ אין פאַרמלחמהדיקן פוילן.

די בערשטער האָבן אָפט געליטן פון לונגען און האַרץ־קראַנקייטן, אַסטמע אאַז"וו, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט זייערע אַרבעטס־באַדינגונגען, לעבנס־סטאַנדאַרט און שלעכטע וווינונגען.

3

די גרויסע צאָל בערשטער־אַרבעטער, וואָס מעזריטש האָט פאַרמאָגט, זייער לאַנגע געשיכטע פון פּראָפעסיאָנעלן און רעוואָלוציאָנערן קאַמף, האָבן געלייגט אַ חותם אויף דעם סאָציאַלן, פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן פון דער גאַנצער שטאָט צווישן די צוויי וועלט־מלחמות.

עס איז דאָן געווען די צייט פון שטורעם־און דראַנג־פּעריאָד אין יידישן לעבן אין פוילן, און דאָס האָט באַקומען אַ שטאַרקערן אָפּקלאַנג אין מעזריטש ווי אין אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך, וועלכע האָבן נישט געהאַט אַזאַ גרויסע אַרבעטערשאַפט ווי מעזריטש. אין דער הינזיכט האָט מעזריטש זיך געקאָנט פאַרגלייכן מיט די גרויסע יידישע שטעט אין פוילן, ווו דאָס באַנייטע יידישע לעבן האָט פּולסירט מיט אַ שטאַרקן טעמפּאָ און פאַרמאָגט אַ וווּנדערבאַרע פיל־פאַרביקייט.

די בערשטער־אַרבעטער און די אַרבעטער פון אַנדערע פאַכן זענען געווען אָרגאַניזירט אין פאַרשידענע פאַראייניגען און האָבן געהערט צו פאַרשידענע קלובן און פאַרטייען. זיי האָבן אַלע געפירט אַן אינטענסיווע פּאָליטישע און קולטור־טעטיקייט און קאָנקורירט צווישן זיך. יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס אָדער שבת פלעגן פאָרקומען אין פאַרשידענע לאָקאַלן לעקציעס, קעסטל־אָוונטן, זעלבסט־בילדונגס־קרייזן אאַז"וו. יעדע באַוועגונג האָט זיך באַמיט צו ברענגען די בעסטע לעקטאָרן.

יעדע באַוועגונג האָט געהאַט איר אייגענע ביבליאָטעק. יידישע טעאַטער־אונטער־נעמונגען, צי פון פּראָפעסיאָנעלע אַרטיסטן, וואָס פלעגן קומען אָפט קיין מעזריטש, צי פון אייגענע אַמאַטאָרן־גרופּעס, האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג, אויב זיי זענען געשטאַנען אויף אַ געהעריקער הייך.

מעזריטש האָט געאָטעמט מיט אַ פולבלוטיק יידיש לעבן, וואָס האָט אַרומגענומען הן די רעליגיעזע יידן, הן די וועלטלעכע. דאָס פּאָליטישע לעבן האָט זיך גרופּירט אַרום די פאַרשידענע ציוניסטישע ריכטונגען, „בונד" און קאָמוניסטן. יעדע באַוועגונג האָט געטאָן אַן אַרבעט אויף איר געביט, נישט זעלטן מיט קעגנזייטיקע באַשולדיקונגען און שטרייטן.

צוליב די ספּעציעלע באַדינגונגען, אין וועלכע די יידן האָבן זיך געפונען אין האַלב־פאַשיסטישן פאַרמלחמהדיקן פּוילן, איז די ראַדיקאַליזירונג פון די יידישע מאַסן געווען אַ נאַטירלעכע דערשיינונג. אַפילו יוגנטלעכע פון בירגערלעכע היימען האָבן אָפט געהערט צו לינקע קלובן און פּאַרטייען, צווישן זיי אַ היפּש ביסל פון דער אינטעליגענץ. זיי זענען אַפילו געווען אָפט די פירער פון אָט די קלובן און פּאַרטייען. אַזוי איז אויך געווען אין מעזריטש, ווו אייניקע סטודענטן און גראַדויִרטע פון די אוניווערסיטעטן זענען געקומען אין די קלובן און געלערנט מיט די אַרבעטער די מאַרקסיסטישע תורה.

דאָס דאָזיקע פולבלוטיקע און פילפאַרביקע יידיש לעבן אין אונדזער שטאָט איז געבליבן לעבן בלויז אין אונדזער זכרון און וועט איבערגיין צו די ווייטערדיקע יידישע דורות ווי אַ הערלעך בלאַט אין אונדזער אַלטער געשיכטע.

אברהם בלושטיין/רמת־גן

# פראָפעסיאָנעלע פאַראייִנען אין מעזריטש און דער קאַמף פאַר פאַרטיישער העגעמאָניע

מיר קענען מיט רעכט, ווי אויך מיט שטאָלץ, זאָגן, אַז מעזריטש איז געווען איינע פון די ערשטע, ווי אויך פון די איינצלנע, פּראָווינץ־שטעט, וואָס האָט פאַרמאָגט אַן אָרגאַניזירטע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג שוין אין לעצטן פערטל פונעם 19טן יאָרהונדערט. אין דער ליטעראַטור וועגן די קאַמפן פון די אַרבעטער פאַר פאַרבעסערן זייערע אַרבעטס־באַדינגונגען, פאַרנעמט מעזריטש אַ בכבודיקן פּלאַץ.

דער כאַראַקטער פון די קאַמפן איז געווען מער אַן עקאָנאָמישער, באַזונ־דערס אין דער ערשטער תקופה, כאָטש די צאַרישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן געזען אין יעדער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־אַקציע אַ פּאָליטישן טאַט.

לכתחילה איז דער קאַמף געפירט געוואָרן פאַר אָפּשאַפן דעם אַקאָרד־סיסטעם און קעגן די אַזוי גערופענע פאַרמיטלער. די פאַרמיטלער האָבן אָנגע־נומען די אַרבעט ביים פאַבריקאַנט אויפן פּוד און זיי האָבן באַצאָלט דעם לוין די אַרבעטער. דער אַרבעטס־טאָג האָט איבערהויפּט נישט געהאַט קיין גרענעץ; אויך שבת־צו־נאַכטס האָט מען אָנגעהויבן אַרבעטן באַלד נאָך הבדלה. דאָס אויסקעמפן דעם 12־שעהדיקן אַרבעטסטאָג איז דאַן שוין געווען אַ גרויסע דערגרייכונג.

אין יענער תקופה איז די בערשטערײַ־אינדוסטריע געווען פאַרשפּרייט אין אַ סך שטעט פונעם צאַרישן רוסלאַנד, באַזונדערס אין קאָוונע, ווילנע, וואָלקאָוויסק, מינסק, מעזריטש. די דערמאָנטע שטעט האָבן שוין דאַן געשאַפן אַ פאַך־צענטראַלע, וועלכע האָט זיך געטראָפן עטלעכע מאָל אין יאָר, כדי צו באַהאַנדלען געמיינזאַמע ענינים און טראַכטן, ווי אַזוי צו דערגרייכן בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען.

דער צענטער איז געווען אין ווילנע. די ערשטע קאָנפערענץ איז דאָרט פאָרגעקומען אין יאָר 1895. אין אַ קורצער צייט שפּעטער הייבט אָן דערשיינען דער אַרבעטער־אָרגאַן אין יידיש „דער וועקער", אַרויסגעגעבן דורך דער בערשטער־און גאַרבער־צענטראַלע. די איינציקע פאַכן אין יענער תקופה, וואָס זענען געווען אָרגאַניזירט אין אַ צענטראַלן מאַסשטאַב, זענען געווען די בערשטער און גאַרבער. אַלע אַנדערע פאַכן האָבן געהאַט בלויז לאָקאַלע פאַראייִנען.

מיטן פּראָקלאַמירן דורכן צאַר דעם באַרימטן מאַניפעסט, אין 1905, האָבן די פאַראייִנען אָנגעהויבן פירן אַ האַלב־לעגאַלע פּאָליטישע טעטיקייט. בראש פון דער אַרבעט איז געשטאַנען אויף דער יידישער גאַס דער „בונד". אויך

אַ געוויסער טייל פון דער שטודירנדיקער יוגנט האָט אַרויסגעוויזן סימפּאַטיע און אַפילו גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַרבעט. זיי האָבן געפירט אַן אויפקלערונג־אַרבעט צווישן די אַרבעטער־מאַסן.

אין מעזריטש, ווי אין אַ סך אַנדערע שטעט, האָט דער רעליגיעזער מאָמענט צוזאַמענגעשטויסן זיך מיטן קאַמף פון די אַרבעטער פאַר בעסערע באַדינגונגען. אַ סך רעליגיעזע ייִדן זענען געווען באַשעפטיקט ווי פאַבריק־אַרבעטער, און די רעליגיעזע מנהיגים האָבן זיך קעגנגעשטעלט יעדן פּרווו פון קאַמף, אַפילו אַ ריין עקאָנאָמישן. אַזוי ווערט דערציילט, אַז דער רב שאַפּיראָ האָט פונאַנדער־געהאַנגען מעלדונגען אין די שולן, אַז מען זאָל זיך קעגנשטעלן די „בונטאָווש־טשיקעס".

אין דער דאָזיקער קורצער אַרבעט ווילן מיר בעיקר דערציילן וועגן דעם קאַמף פאַר פּאַרטייִישער העגעמאָניע אין די פּראָפ. פאַראיינען אין מעזריטש צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

דער צווישן־פּאַרטייִשער געראַנגל צו באַהערשן פּאָליטיש די פּראָפ. פאַר־איינען אין מעזריטש האָט זיך צעפּלאַקערט צוזאַמען מיטן אַנטשטיין פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, ווען פּוילן האָט באַקומען זעלבשטענדיקייט.

נאָך דער מלחמה, באַלד ווי עס איז אַנטשטאַנען די פּוילישע זעלבּ־שטענדיקע רעפּובליק, האָבן זיך אויסגעפאָרמירט אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס 2 פּאָליטישע כּחות: דער „בונד" און די קאָמוניסטן. אַלע אַנדערע פּאָליטישע גרופּירונגען, וואָס זענען געווען טעטיק ביז דער מלחמה, זענען פאַרשוווּנדן.

דער געראַנגל פאַר העגעמאָניע האָט אָנגענומען אַ שאַרפן כאַראַקטער. דער „בונד" האָט פאַר יעדן פּרייז געוואָלט דערהאַלטן די פּאָזיציעס, דאַקעגן די קאָמוניסטן, שעפּנדיק זייער כּוח פון דער רוסישער רעוואָלוציע, האָבן פאַר יעדן פּרייז געוואָלט ברעכן די בונדישע פעסטונג.

ביידע פּאַרטייען זענען מיטן פולן ברען צוגעטראָטן אָרגאַניזירן די פּראָפ. פאַראיינען, וועלכע זענען געווען פולשטענדיק פּאַראַליזירט אין די לאַנגע מלחמה־יאָרן.

די אָרגאַניזאַטאָרן פונעם בערשטער־פאַראיין זענען געווען באַוווּסטע קעמפער נאָך פון דער פאַר מלחמה־עפּאָכע, ווי: סאַנע שערשניידער, יאַנקל באָקסענבוים, יאַנקל טוגענדער, שלום פרידמאַן (בראַקער), שוילע איידעלשטיין, לייזער גרינבוים, מאָטל אייזענשטיין א"אַ.

יאַנקל טוגענדער איז געווען דער ערשטער סעקרעטאַר. דער פאַראיין־לאָקאַל האָט זיך געפונען ביי מרדכי ווישניע (לעפּ) אויף דער לובלינער גאַס, די תּקופה איז געווען די שענסטע אינעם לעבן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

ביים פאַראיין האָט זיך אויך אָרגאַניזירט אַ יוגנט־סעקציע, וועלכע האָט געהאַט איר אייגענע פאַרוואַלטונג. צו דער פאַרוואַלטונג האָבן געהערט: מיכל

עפעלזאַפּט, שלמה אָקסענהאָרן, יאַנקל בערעזאָווסקי, שלמה רויטשטיין, יאַנקל קאַווע, מרדכי העקאָוס א״אַ.

אין יעדער זיצונג האָט זיך באַטייליקט אַ פאָרשטייער פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג.

עס זענען אויך געווען פּרווון און באַמיִונגען פון די פּועלי ציון צו שאַפן אַ פראַקציע. אין די שפּעטע 30ער, שוין נאָענט פאַר דער מלחמה, האָט זיך אָרגאַניזירט אַ גרופּע בערשטער־אַרבעטער אין אַ קאָלעקטיוו מיטן ציל עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל און דאָרט שאַפן אַ קאָאָפּעראַטיוו. צוליבן אויסברוך פון דער מלחמה איז דער פּלאַן נישט צו שטאַנד געקומען.

אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון די מעזריטשער בערש־טער־פאַראיינען, איז דאָס אַנטשטיין פון די 2 קאָאָפּעראַטיוון.

אין מיטן די 20ער יאָרן האָט די בונדישע צענטראַלע אָרגאַניזירט אין מעזריטש אַ בערשטער־קאָאָפּעראַטיוו, אין וועלכן עטלעכע צענדליק פאַכלייט זענען געווען באַשעפטיקט. כמעט אין דער זעלבער תקופה האָבן אויך די קאָמוניסטן אָרגאַניזירט אַ קאָאָפּעראַטיוו.

ליידער האָט דאָס לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. צו קאָמפּליצירט איז געווען דאָס פאַך פון דער געשעפטלעכער זייט. מיט גרויסע שוועריקייטן האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן ביים איינקויפן דעם רוימאַטעריאַל, און מיט נאָך גרעסערע — ביים פאַרקויפן די פאַרטיקע פּראָדוקציע. די עקספּאָרטערן האָבן דיקטירט דעם פּרייז, מען איז פּשוט געווען אָפּהענגיק פון זייער חסד.

אויך די קרעדיט־שוועריקייטן האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל. מען האָט געדאַרפט האָבן מיטלען דורכצוהאַלטן. דאַקעגן האָבן נישט געפעלט קיין אינערלעכע רייסערייען און קעגנזייטיקע באַשולדיקונגען. דאָס קאָן געזאָגט ווערן אויףביידע דערמאָנטע קאָאָפּעראַטיוון.

בראש פונעם קאָמוניסטישן קאָאָפּעראַטיוו איז געשטאַנען אַ פעִיקער מענטש, אָבער נישט קיין פאַכמאַן. דאָס איז געווען קאָמיעניעצקי, מאָטל פּייערמאַנס אַ שוואָגער, דער פאַך־און האַנדלס־פירער איז געווען איטשע דישעל.

אין דער אָנפירונג פון בונדישן קאָאָפּעראַטיוו זענען אויסער די בונדישע פירער שוילע איידעלשטיין, מאָטל אייזנשטיין, בערל ווערניצקי, אויך געווען די אומפּאַרטייִשע חברים אייזיק העכטמאַן און משה מיכל חייט. אָט די צוויי חברים זענען אויך געשיקט געוואָרן אין אַ דעלעגאַציע קיין אַמעריקע צו די מעזריטשער. דער ציל פון זייער שליחות איז געווען צו באַקומען הילף אויפצוהאַלטן דעם קאָאָפּעראַטיוו. די הילף האָט זיך געדאַרפט אויסדריקן אין צונויפזאַמלען די אָפּפאַלן אין די אַמעריקאַנער בערשטער־פאַבריקן און דאָס איבערשיקן קיין מעזריטש איבערצואַרבעטן.

עס איז אגב ווערט צו באַמערקן, אַז אויף דעם וועג זענען געגאַנגען די עטלעכע צענדליק לעבן־געבליבענע מעזריטשער בערשטער, וואָס האָבן, קור־

מענדיק קיין ישראל אין 1948/9, אָרגאַניזירט אַ קאָאָפּעראַטיוו אונטערן נאָמען „זיפים".

ווי געזאָגט, איז מעזריטש געווען איינער פון די צענטערס פון בערשטעריי־אינדוסטריע ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָך דער מלחמה איז מעזריטש געוואָרן כמעט דער איינציקער צענטער אין פוילן. אין 1923 איז אין מעזריטש פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די בערשטער־פאַראיינען פון 11 שטעט (ביאַליסטאָק, ווילנע, טרעסטינע א"אַ). דער מצב פון געמיינזאַמער צוזאַמענאַרבעט האָט אָנגעהאַלטן ביז 1930. ווען מעזריטש איז כמעט געבליבן אַליין, האָט דער בערשטער־פאַראיין זיך אָנגעשלאָסן אין דער וואַרשעווער לעדער־צענטראַלע.

אין דער דערמאָנטער תקופה איז מאָטל אייזענשטיין געווען פאָרזיצער און בערל ווערניצקי סעקרעטאַר פונעם בערשטער־פאַראיין אין מעזריטש.

די נאָך־מלחמה־תקופה איז געווען איינע פון די שענסטע און פּראָספּערי־רנדיקסטע אין דער בראַנזשע. עס האָבן זיך אין דעם פאַך באַשעפטיקט 2/3 פון דער אַרבעטס־פעיִקער באַפעלקערונג. איבער 500 פערזאָן זענען געווען אָרגאַ־ניזירט אין די פאַראיינען. עס זענען אַנטשטאַנען פיל פאַבריקן און פאַבריקלעך. די גרעסערע פאַבריקן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פאַרטיייִשע פעסטונגען.

מיר דאַרפן דאָ דערמאָנען, אַז אַ פאַבריק מיט איבער 10 סטאַבילע אַרבעטער, ווי עס זענען געווען למשל אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה די פאַבריקן פון ווייסגלאַס, ציטרין, שטיין, פאָגאָזשעלעץ א"אַ, האָבן זיך גערעכנט פאַר ערנסטע אונטערנעמונגען, זיי האָבן אויך באַשעפטיקט פיל נישט סטאַבילע אַרבעטער, ספּעציעל פרויען, צום וואַשן און קלויבן די האָר. זייער צאָל האָט טייל מאָל איבערגעשטיגן די צאָל סטאַבילע באַשעפטיקטע.

אַנדערש האָט זיך די לאַגע פאָרגעשטעלט אין די צענדליקער קליינע פאַב־ריקלעך, ווו דער בעל־הבית האָט געאַרבעט מיט דער הילף פון זיין פרוי און קינדער און פון צייט צו צייט האָבן זיי באַשעפטיקט בלויז איינצלנע נישט סטאַ־בילע אַרבעטער.

דער גערעַנגל פאַר באַהערשן די דערמאָנטע גרעסערע אונטערנעמונגען איז געווען אַ שווערער פאַר די „לינקע". די גרעסערע פאַבריקן זענען געווען באַזעצט מיטן עלטערן דור. זיי האָבן געהאַט אַ טיפן סענטימענט פאַרן „בונד". דאַקעגן די קלענערע אַרבעטס־פּלעצער זענען באַאיינפלוסט געוואָרן פון די „לינקע" די באַדינגונגען אין די קליינע פאַבריקלעך זענען געווען אומפאַרגלייכלעך ערגערע, ווי אין די גרעסערע. דער לוין איז געווען אַ נידעריקער, די סאַניטאַרע אומגעבונג איז געווען אומדערטרעגלעך, און דער עיקר האָט די אַרבעטער געמאַטערט די צייטוויייליקייט. אָט די קליינע פאַבריקלעך פלעגן אויסאַרבעטן אַ פאַרטיקע סחורה, און ביז זיי האָבן דאָס נישט פאַרקויפט, האָבן זיי איבערגעריסן די אַרבעט, טייל מאָל — אויף לאַנגע וואָכן.

דאָס אַריינבאַקומען זיך אין איינער פון די גרעסערע פאַבריקן איז געווען

פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן, אַן אויסנאַם איז געווען, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַ ספּעציאַליסט, אָדער ווען מען האָט זיך געניי טיקט אין אַרבעטס־הענט אַרויסצוענדיקן אַ דרינגנדיקע באַשטעלונג.

דער מצב פון סטאַבילע און נישט סטאַבילע האָט נאָך מער פאַרשאַרפט דעם אַנטאַגאָניזם צווישן די אַרבעטער. דער מצב האָט כמעט אָפּגעשפּיגלט די פּאָליטישע כוחות־פאַרהעלטענישן, דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין די יאָרן, ווען דער בערשטער־פאַראיין איז געווען פאַראייניקט. די אַדמיניסטראַציע איז געווען אַ ריין בונדישע, די קאָמוניסטן זענען תמיד געווען אין דער אָפּאָזיציע ווי אַ מינדערהייט.

די געצאָלטע פונקציאָנאַרן זענען געווען יענקל טוגענדער, קראַמאַזש פון שעדלעץ, בערל ווערניצקי, כאַסקל שטיין, שעפּסל עקערמאַן און חיים מילער פון ווענגראָוו.

אין די יאָרן ווען עס האָט עקזיסטירט איין פאַראיין האָט זיך געפירט אַ געמיינזאַמע אַרבעט, הגם אויך באַגלייט מיט שאַרפע רייסערייען, אָבער יעדער שטרייק, און אַזעלכע זענען געווען זייער אָפט, איז געפירט געוואָרן דורך איין אָנפירונג. אַנדערש האָט דאָס אויסגעזען אין די יאָרן פון דער שפּאַלטונג, פון די 2 פאַראיינען.

דאָס פירן די טעטיקייט דורך די קאָמוניסטן אין לאָקאַל פון די לעדער־אַר־בעטער האָט געהאַט פיל שוואַכע זייטן אין פאַרגלייך מיטן עקזיסטירנדיקן לעגאַלן פאַראיין, וואָס איז געווען אָנגעשלאָסן אין דער צענטראַלע. די טעטיקייט פונעם קאָמוניסטישן פאַראיין איז געפירט געוואָרן האַלב־לעגאַל, די מאַכט־אָרגאַנען האָבן נאָכגעפאָלגט יעדן שריט. די פונקציאָנאַרן שלמה יאַווערבוים און שפּעטער מישקע מינץ האָבן אַוועקגעגעבן אַ סך ענערגיע ביים זוכן אַרבעטס־פּלעצער פאַר די נישט סטאַבילע אַרבעטער, און די אַרבעטס־פּלעצער האָט מען געקענט באַקומען נאָר אין די דערמאָנטע קליינע פאַבריקלעך. עס דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז נישט איין מאָל האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן די פונקציאָנאַרן פוןביידע פאַראיינען און עס איז דערגאַנגען צו ערנסטע צוזאַמענשטויסן, שווערע געשלעגן, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט אַרבעטער פון ביידע פאַראיינען. אַזאַ צוזאַמענשטויס האָט זיך אַ מאָל פאַרענדיקט מיט פאַרווונדעטע און אַרעסטירטע.

אין די אויבן־דערמאָנטע יאָרן האָט יעדער פאַראיין פּראָקלאַמירט סעפּעראַטע שטרייקן. פאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ שטרייק איז פון פאָרויס געווען פאַראורטיילט אויף אַ דורכפאַל. ער האָט זיך תמיד פאַרענדיקט מיט קעגנזייטיקע באַשמוצונגען און באַשולדיקונגען. די לעצטע יאָרן, פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז ווידער געקומען צו אַ פאַרייניקונג און צוזאַמענאַרבעט. די כוחות־פאַרהעלטענישן האָבן זיך נישט געענדערט: דער „בונד״ איז געבליבן אַ מערהייט און די לינקע אין דער אָפּאָזיציע.

דער דאָמינירנדיקער אַרבעטס־כוח אין מעזריטש זענען אָן ספק געווען די בערשטער. אַלע אַנדערע פאַכן צוזאַמען, פון די נאָדל־אַרבעטער ביז די לעדער־אַרבעטער, זענען נישט געווען בכוח צו ענדערן די כוחות־פאַרהעלטענישן. אין

די דערמאָנטע פֿאַראיינען זענען די קאַמפּן פֿאַר פּאָליטישער העגעמאָניע אָנגעגאַנגען מיט דער זעלבער שאַרפֿקייט, דער כוח איז בלויז געווען אַ קלענערער.

דער נאָדל־פֿאַראיין האָט געציילט עטלעכע צענדליק חברים און געהאַט אַ פֿאַרוואַלטונג, אין וועלכער עס זענען געווען פֿאַרטרעטן ביידע פּאַרטייען מיט זייער שטאַרקע אַקטיווע כוחות, ווי יאָסל האָרן, מיכאל נוסבוים א״אַ — פֿון „בונד״, רחל מאָראוויעץ, רחל און ליובע רויזן א״אַ — פֿון די „לינקע״. די כוחות־פֿאַרהעלטענישן זענען געווען די זעלבע, וואָס ביי די בערשטער.

אַנדערש האָט אויסגעזען די לאַגע אין לעדער־פֿאַראיין, צו וועלכן עס האָבן געהערט די שוסטערס, שטעפּערס און גאַרבער־אַרבעטער. די ערשטע תקופה נאָך דער מלחמה האָבן אין דעם לעדער־פֿאַראיין דאָמינירט די גאַרבער־אַרבעטער, וועלכע זענען אין זייער מערהייט געווען בונדיסטן, אין דער אָנפֿירונג פֿונעם פֿאַראיין זענען געווען די חברים איידעלשטיין, רויזן א״אַ.

מיטן פֿאַרשטאַרקן זיך פֿון דער לינקער השפעה האָט די גאַרבער־פֿראַקציע זיך אָפּגעשפּאָלטן. אַזוי אַרום איז דער פֿאַראיין באַהערשט געוואָרן פֿולשטענדיק פֿון די „לינקע״ און אַרום אים האָבן זיך קאָנצענטרירט זייערע בעסטע כוחות, ווי אַברהם אייכנבוים, נח בראָנשטיין (פּיש), לייבל וואַלד, אַהרון פּאַקערמאַן, קאַסקעלע ראָטענבערג א״אַ. דער לעצטער איז אויך געווען עטלעכע יאָר סעקרעטאַר.

דער פֿאַראיין האָט זיך געפֿונען אין אַ לאָקאַל ביי לאהלע אפּעס אויף דער צעבראָכענער גאַס. אין דעם לאָקאַל האָט פּאַקטיש זיך קאָנצענטרירט די גאַנצע פּאָליטישע טעטיקייט פֿון די קאָמוניסטן. בלויז אינעם האָלץ־פֿאַראיין האָט עקזיסטירט אַ פּועלי־ציון־פֿראַקציע אונטער דער אָנפֿירונג פֿון ישראל מאַנעס גורפֿינקל, וועלכער איז אגב שפּעטער געוואָרן אַן אַקטיווער קאָמוניסט.

אויך דער לינקער אָפּגעשפּאָלטענער בערשטער־פֿאַראיין האָט אַ צייט לאַנג געפֿירט זיין טעטיקייט אין זעלבן לאָקאַל.

יוסף האָרן

# דער „בונד" אין מעזריטש צווישן ביידע וועלט־מלחמות

### אַריינפיר־שורות

נישט קיין געשיכטע און אויך נישט קיין אַפּאָלאָגעטיק איז דער מחבר פון די שורות אויסן. ווי אַן אינעוויינקסטער פון דער בונדישער באַוועגונג — פון זיין יוגנט אָן — אין זיין געבוירן־שטאָט מעזריטש, וויל ער פאַרצייכענען מאָמענטן וועגן דער יידישער אַרבעטערשאַפט, פּראָצעסן פון דערהויבונג פון יידישן מאַסן־לעבן, וואָס האָבן אויך אים, צוזאַמען מיט אַ טייל פון זיינע צייט־חברים פאָרמירט, ווי אַקטיווע מיטבאַטייליקטע צו העלפן שטאַרקן דאָס יידישע לעבן אין מעזריטש און דאָס לעבן פון אונדזער פאָלק בכלל.

וועגן מעזריטש זענען שוין דערשינען אַ ריי ביכער. וועגן בערשטער־בונד, שטרייקן פון יידישע בערשטער־אַרבעטער אין מעזריטש, פאַרצייכנט ברייט און דאָקומענטאַל סאָפיא דובנאָוו־ערליך אין איר בוך: „די געשיכטע פון בערשטער־בונד", דערשינען אין וואַרשע, אין יאָר 1937. חוץ איר האָבן נאָך אַ צאָל שרייבער — אין לויף פון צענדליקער יאָרן — געשריבן וועגן דער בונדישער באַוועגונג אין מעזריטש. דער מחבר פון די שורות, אַ מעזריטשער זינט דור־דורות, וויל זיך דעריבער טיילן, מיט דעם, וואָס ער געדענקט, האָט מיט־געלעבט, מיטגעקעמפט, גערעדט און געשריבן אין שטאָט, אין מרחקים וועגן „בונד" אין מעזריטש צווישן ביידע וועלט־מלחמות און דערמאָנען בונדישע טוערס, וואָס דאַרפן נישט פאַרגעסן ווערן.

### ביים אָנהויב פון דער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1914

ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן, בין איך געווען אַ יינגל פון 8 יאָר און געלערנט דעמאָלט אין חדר ביי „הערשל ברוקירער" (דימענט־שטיין, אַ ביאַלער חסיד). ביי אונדז אין געסל האָבן זיך נאָך געהערט אָפּקלאַנגען פון באַרימטן בייליס־פּראָצעס און יידישע יינגלעך פלעגן אויף די געשרייען פון פוילישע יינגלעך: בייליס, בייליס, ענטפערן מיט אַ ניגון אָט די ווערטער: „בייליס זשיע, מאַצאָך גניע", מענדל בייליס לעבט און דער גלח מאַצאָך פוילט אין תפיסה.

נאָך דעם, ווי יאַקובטשיק פון מאַגיסטראַט האָט מיט אַ גראַגער, אין מאַרק, געלאָזט וויסן, אַז די מיליטער־פליכטיקע, צוזאַמען מיט די „ראַטניקעס" ביז 40 יאָר, דאַרפן זיך צושטעלן צו די זעלנער, האָט זיך געטאָן חושך אין אַלע גאַסן. ליבע־רויזע די בעקערין פון נעבן דער תלמוד־תורה האָט געליאַרעמט, אַז זי וועט איינלייגן וועלטן, אַז איר ברודער (דער דראַזשקאַזש לאָזער פּאָטש) זאָל באַפרייט ווערן און די פיר „שוואַלבן" זיינע זאָלן נישט בלייבן קיין יתומים.

דער חזן פון דער גרויסער שול באַגאָמאָלני, האָט אויפן וואָגן אַזאַ זיפץ געטאָן, אַז פיל האָבן געוויינט פאַר צער.

אין געסל, ווו מיר האָבן דעמאָלט געוווינט, אויף לובלינער גאַס — נישט ווייט פון דער „בריק" — איז מיט אַ מאָל געוואָרן טרויעריק. ר' הערשל דער זשעלעכאָווער, וואָס האָט געאַרבעט ביים שניידער דאָמב אין אַ גאַרבאַרניע, אַ ייד אַן אביון, נאָר אַ למדן, וואָס פלעגט זיך האַלטן פאַר אַ שטיקל „העלזעער", פלעגט אין די מלחמה־טעג דערציילן וואָס ער זעט אַלץ אין די נעכט און דערביי צוגעבן, אַז ער האָט סימנים וואָס ווייזן באַשיינפערלעך, אַז די מלחמה וועט לאַנג נישט אָנהאַלטן.

שכנים פון געסל פלעגן זיך צונויפקלויבן ביי שייע משה בלעכער (ראַבי־נאָוויטש) אין גערטל, אַרום באַרנבוים און רעדן וועגן דער מלחמה. עס איז געוועזן אַ שטיקל צייט נאָך דעם, ווי אַ טייל יידישע פאַמיליעס זענען אַוועק־געפאָרן קיין רוסלאַנד. פנחס דעם בלעכערס איז געפאָרן קיין אַמעריקע און וואָווע פערלמאַן איז אַוועק קיין אַרגענטינע. יוגנט איז געוואַקסן, טייל זענען געוואָרן אַרבעטער און צוויי זענען געפאָרן לערנען אין ראַדונער ישיבה. וואָווע פערלמאַן (שרה די אלמנהס זון) איז שפּעטער געוואָרן אַן אָנגעזעענער רב און יוזעף פערלמאַן (חיים ראובנס פון די הערינג זון) איז נאָכן צוריקקומען פון ראַדון געוואָרן אַ סוחר.

### אונטער דייטשער אָקופּאַציע

דאָס גאַנצע לעבן אין שטאָט האָט זיך געענדערט צום ערגערן. די בערשטער־פאַבריקן זענען געווען פאַרמאַכט און אַן חזיר־האָר איז דער רוב געווען אָן אַרבעט. אין די פרייטיקצונאַכטסן האָט מען געזען גיין איבער די שטובן נייע „הייזער־גייערינס", וועמענס מענער עס זענען אַוועק אין דער מלחמה און פרוי און קינדער הונגערן; גייט מען צונויפנעמען „שניט", בולקעס, גאַנצע און האַלבע חלות און מ'שפּייזט זיך אַ גאַנצע וואָך.

פיל זענען געגאַנגען אין די שכנותדיקע וועלדער קלויבן שוואַרצע יאַגדעס, גאַנסקעס־שוואָמען, אַנדערע זענען געגאַנגען אין די וועלדער צונויפקלייבן צווייגן, כדי צו האָבן אָפּצוקאָכן אַ ביסל גריץ. איין מאָל אַ פרייטיק צו נאַכטס ביי קבלת שבת אין בריקן־בית־מדרש, ווו מיין טאַטע פישל פאַרבער האָט געדאַוונט, האָבן מיר ייִנגלעך דערזען אַ זעלנער, וואָס האָט געהאַט אַ פאַרבונ־דענע האַנט, דורכגעשאָסן פון אַ קויל אויפן פראָנט. דער זעלנער איז געווען העשל זובערמאַן, וואָס האָט דעמאָלט געזאָגט קדיש נאָך זיין טאַטן. אין בריקן־בית־מדרש האָט דעמאָלט אויף דער מזרח־וואַנט געדאַוונט בנימין שוסטערס זון, וואָס איז געקומען צו גאַסט פון ארץ־ישראל און נישט געקאָנט צוריקפאָרן: הרב ר' יאַנקל וואַכטפויגל ז"ל (פון מאה שערים, ירושלים).

אין יענער צייט איז מיר — אין געסל ווו מיר האָבן געוווינט — דאָס ערשטע־מאָל אויסגעקומען צו הערן, אַז אַ קאָמיטעט פון „בונד" באַמיט זיך

צו לינדערן די נויט פון די הונגער־ליידנדיקע פאַמיליעס און אַז עס איז געשאַפן געוואָרן אַ ייִדישע אַרבעטער־ביבליאָטעק.

עס איז נישט אַריבער קיין יאָר, ווי די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן און מעזריטש איז אַריין אין רשות פון דער דייטשער אַרמיי. דער לויטנאַנט קוואָפּ, אַן אכזר, פלעגט פייניקן די באַפעלקערונג און פאַר אַן איבעריקן טראָט פלעגן די דייטשע פאַטרולן אַריינלאָזן אַ קויל. אַזאַ הורג איז געווען דער יונגער בחור אייזיק צוקערמאַן (זיינע אַ שוועסטער חוה רייכטאַלער־צוקערמאַן וווינט אין ישראל).

די דייטשע אָקופּאַציע האָט אָנגעהאַלטן יאָרן און די דייטשע מאַכט האָט שטאַרק געפּייניקט. ווען מ׳פלעגט דורכגיין דאָס פּלאַץ פון די ייִדישע פייער־לעשער פלעגט מען זען די געליטענע רוסישע געפאַנגענע, וואָס האָבן געבעטן אַ שטיקל ברויט. די דייטשן האָבן רעקווירירט דירות און זיך נישט געזאָרגט, וואָס די באַפעלקערונג ליידט. מיט אַ מאָל איז באַקאַנט געוואָרן, אַז דער „בונד" האָט אַרויסגעגעבן און פונאַנדערגעקלעפּט אַן אויפרוף קעגן דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט, קעגן זייער „לייבשטראָף".

אין „מעזריטשער פאָלקס־צייטונג", 1טער אָקטאָבער 1926, ווערט געבראַכט, אַז „דער רושם און טומל, וואָס דער אויפרוף האָט געמאַכט איז געווען גוואַלטיק און סודותדיק האָט מען צווישן זיך געשמועסט: ווידער דער „בונד". ווייטער ווערט אין דער איינמאָליקער אויסגאַבע „מעזריטשער פאָלקס־צייטונג (רעדאַק־טירט פון י. האָרן און י. שטיין) געבראַכט, אַז „מיטן אויסברוך פון דער דייטשער רעוואָלוציע, ווען עס קומען אָן די שטורמישע יאָרן, נעמען איבער די פּאַר־שטייער פון „בונד" אין געשטאַלט פון געשאַפענעם אַרבעטער־ראָט די גאַנצע מאַכט אין שטאָט, וועלכער נעמט אונטער אַן אַקציע צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די אַרבעטער".

יוגנט און דערוואַקסענע נעמען ביכער אין דער אַרבעטער־ביבליאָטעק, אין דער שטאָט־ביבליאָטעק און מ׳פירט דיסקוסיעס וועגן ייִדיש און העברעיִש, אַנדערע דיסקוטירן וועגן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל און מ׳לייענט גרופּעסווייז ביכער פון ייִדישע שרייבער און אויך איבערזעצונגען און צווישן זיי ביכער פון אויגוסט בעבעל, קאַרל קאַוטסקי א״אַ.

## די רוסישע רעוואָלוציע און די ווייטערדיקע יאָרן

אין אָוונט פלעגן מיטן צוג פון וואַרשע קומען צייטונגען. אַ סך אָוונטן זענען יונגע לייט פון געסל געזעסן צוזאַמען ביי אונדז אין שטוב און געלייענט דעם „מאָמענט" אויף אַ קול און דיסקוטירט. גרויסע קעפּ, מיט אותיות ווי פויסטן, האָבן אַראָפּגעשריגן פון דער פראָנט זייט, אַז דער רוסישער צאַר האָט אַבדיקירט. אַ צווייט מאָל, אַז קערענסקי קומט צו דער מאַכט און אַנדערע ידיעות. אין אַ צייט אַרום זענען די דיסקוסיעס געווען וועגן קראָנשטאַטער אויפשטאַנד און טייל האָבן גערעדט וועגן לייבעלע בראָנשטיין (לעוו טראָצקי).

דאָס יונגוואַרג אין געסל האָט זיך צעטיילט אין מיינונגען און מ׳האָט דיס־קוטירט וועגן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַר־טייען און וואָס עס מיינט אַזוינס סאָוויעט־רוסלאַנד. מיין עלטערער ברודער חיים, וואָס האָט שוין אַ צוויי יאָר געאַרבעט אַלס קאָמאַשנשטעפּער, האָט אָנגעהויבן ברענגען אין שטוב אַריין זשורנאַלן, ביכער און אָפּט גיין אויף צוזאַמענטרעפן. ער איז געגאַנגען אין בונדישן קלוב, אין דער טיי האַלע און אָנגעהויבן געהערן צו אַ קרייז, וואָס האָט זיך שפּעטער גערופן „יוגנט־בונד־צוקונפט״.

אַ גרופּע חברים פון יוגנט־בונד „צוקונפט״



אויפן בילד: מיכל נוסבוים, בערל ווערניצקי, יחזקאל שטיין, גאָלדע צוקערמאַן, פריידע טענענבוים, חנטשע צוקערמאַן, פייגע־צירל גרינבוים, משה טשענקי, י. האָרן, לאהטשע געליבטער און לאה גאַס.

אין אַ צייט אַרום איז געקומען צו דער יוגנט שלום הערץ פון וואַרשע (פּובליציסט און מחבר פון אַ ריי היסטאָרישע ביכער) און מ׳האָט געשאַפן די בונדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע. די יונגע זענען דעמאָלט געווען: יאָסל קאַצמאַן, לייבל מאַנדלבלאַט, אברהם און הערשל אייכנבוים, טביה טשאַרנעבראָדע, בלומע עלנצוויג, דוד וויינבערג, חיים און יאָסל האָרן, פייגע גאָלדפאַרב, חיה ערד־פאַרב א״אַ.

אין אַ שטיקל צייט אַרום איז אויסגעפאַלן דער ערשטער מאַי און יידישע אַרבעטער האָבן דעמאָנסטרירט אין די גאַסן און אויף „אַרקעס" פלאַץ. נעבן הויף פון גראַף פאָטאָצקי, איז הינטערן פרייען הימל אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ מיטינג און דאָס וואָרט פון „יוגנט־בונד־צוקונפט" האָט געהאַלטן אברהמלע אייכנבוים, וואָס האָט אַרויסגערופן גרויס אָפּקלאַנג אין שטאָט (אין אַ צייט אַרום איז ער אַוועק צו די „לינקע"). די יוגנט האָט געלעבט אַ פּאָליטיש לעבן און דערצו פול מיט דערוואַרטונג, אַז די אַלטע רעזשימען וועלן איינפאַלן און אַז עס וועלן קומען בעסערע צייטן פאַר אַלץ און אַלעמען.

בונדיסטן, סימפּאַטיזירער פון בונד און אַרבעטס מענטשן בכלל, האָבן זיך גייסטיק און פּאָליטיש דערהויבן און עס האָבן זיך אויך געמערט אינדיווידועלע שטרעבונגען. מעזריטשער בערשטער פלעגן זיך פיין קליידן, געניסן פון עולם־הזה — ווען זיי האָבן געאַרבעט — דאָס לעבן זאָל ווערט זיין צו לעבן. דעם ווילן האָט מען מיטגענומען מיט זיך אומעטום. עס פלעגן פאָרקומען רעפעראַטן, לעקציעס, מ'האָט געשפּילט טעאַטער און די באַרימטסטע בונדישע פּערזענלעכקייטן האָבן באַזוכט מעזריטש.

אין יאָר 1905 האָט ברוך וולאַדעק גערעדט אין גרויסן בית־מדרש. נאָכן יאָר 1920, איז געקומען וולאַדימיר מעדעם, וואָס האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט אין בערמאַנס זאַל (פון דער פען־הענטל־פאַבריק). רעפערירט האָט מעדעם אויף דער טעמע: „די יידישע אַרבעטער און די יידישע אינטעליגענץ" און אויף צו מאָרגנס איז פאָרגעקומען „אַ ליאַמע" אין „גראָסער־קלוב".

אין אַ צייט אַרום איז געקומען בייניש מיכאַלעוויטש און גערעדט אין גרויסן בית־מדרש און אין טעאַטער־זאַלן. עס זענען געקומען צו גאַסט: ה. ערליך, וויקטאָר אַלטער, יוסף לעשטשינסקי־כמורנער, יעקב פּאַט, ברוך שעפנער, דוד ניימאַרק (אריה), וויקטאָר שולמאַן, שלמה גילינסקי, גרשון זיבערט, אַרטור זיגלבוים, הערשל הימלפאַרב, ד"ר איגנאַסיאַ אַלעקסאַנדעראָוויטש א"אַ.

אין בערשטער־פאַריין אין באַקלייד־פאַריין, האָבן זיך באַוויזן „לינקע" גרופּעס און אין לעדער־פאַריין האָבן די „לינקע" געהאַט אַ גרויסע השפּעה. געווען איז עס נאָך דעם, ווי עס איז געשאַפן געוואָרן דער „קאָמבונד", וואָס האָט אין אַ צייט אַרום זיך אויפגעלייזט. עס דערמאָנט זיך אַ פאַרזאַמלונג פון בונדיסטן אין לאָקאַל פון בערשטער־פאַראיין, מיטן אָנטייל פון הערשל הימלפאַרב און הערשל „מעטאַלאָוויעץ" (בעקערקונץ, ער לעבט אין קאַנאַדע) און מ'האָט דיסקוטירט וועגן קאָמינטערן און מכוח די 21 איינטריט־באַדינגונגען. די מערהייט איז געווען מיט די רעכטע בונדיסטן, וואָס עס האָט פאַרטראָטן הערשל הימלפאַרב און געציילטע „לינקע" האָבן געשטימט מיט הערשל בעקערקונץ, צווישן זיי סאַנע מאָרס (שערשניידער), וואָס איז אומגעקומען אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן קריגערייען אויף דער אַרבעטער־גאַס, אין די פאַראיינען, און טייל מאָל איז דערגאַנגען צו קלעפּ. „בונד" האָט אין רוב

געהאַט אַ מערהייט אין בערשטער־פאַריין, אין באַקלייד־פאַריין (מיט די קושנירס), עס זענען אָבער געוואַקסן די לינקע פראַקציעס און צו דעם האָבן זיך געשאַפן גרופּעס אומפּארטייִשע. אין בערשטער־פאַראיין, בראש מיט משה מיכל חייט, אברהם ברענזילבער (דער טרילער), אייזיק העכטמאַן (געשטאָרבן אין באָליוויע) און לייזער פעלדמאַן (מרים די סטעלמאַכקעס זון) געשטאָרבן אין בוענאָס־איירעס; אין באַקלייד־פאַריין האָבן זיך געהאַלטן אַלס אומפּאַר־טייִשע: יאַנקל קאָמיען (געשטאָרבן אין ניו־יאָרק) און איטשע דזשיק (אברה־מעלע ברעזערס איידעם).

אין די פאַראיינען און אין צענטראַלראַט האָט „בונד" געהאַט אַ מערהייט און די אַרבעט איז געפירט געוואָרן אין „נוסח־בונד".

**טוער אין יוגנט־בונד**



ערשטע רייע (פון רעכטס) שטייען: ר. פייערמאַן, ש. רויטשטיין, י. שטיין, פ. גרינבוים.
צווייטע רייע זיצן: י. קאַווע, אַ. גערמאַנטל, י. קאַגוט.

מ'האָט געאַרבעט אין דער ייִדישער פאָלקסשול, עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אָוונט־שול פאַר יוגנט, מ'האָט געגרינדעט אַן אָפּטייל פון „צישאָ", אָנגעפירט מיט די פאַראיינען, ספּאָרט־קלוב „מאָרגנשטערן", ביבליאָטעק, סאָציאַליסטישן קינדער־פאַרבאַנד און געזאָרגט פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון „פאָלקס־צייטונג", „יוגנט־וועקער", ביכער און ליטעראַרישע זשורנאַלן פון „קולטור־ליגע".

אין שטילע צייטן, ווען מ'האָט געזען, ווי עס קומען צו יונגע כוחות, פלעגן דערמאָנט ווערן עלטערע חברים, וואָס זענען אַוועקגעפאָרן אין מרחקים, דערביי

פלעגט מען אויך דערמאָנען פאַרמעגלעכע זין און טעכטער, וואָס האָבן אין שווערע צייטן מיטגעאַרבעט מיטן „בונד״ און צווישן זיי: מאַליע ר׳ מאָטל פרידמאַנס טאָכטער, אברהם ביאַלאָסטאָצקיס עלטערער זון, זעליק לעוו (ר׳ גדליהס זון) און דעם ביאַלער רבינס אַ זון, וואָס איז געווען גאָר נאָענט מיטן „בונד״.

בונדישע מאַי־מיטינגען פלעגן פון צייט צו צייט דורכגעפירט ווערן אין דער גרויסער שול און רעדן פלעגן: יאָסל פורמאַן, שוילע עדלשטיין, פייוול ערדפאַרב, בערקע ווערניצקי. בונדישע אינסטיטוציעס זענען געווען שולן פאַר אויסשמידן פּאָליטישן באַוווסטזיין, אָרגאַניזאַציאָנעלע רייפקייט און צוגעגרייט־קייט פאַר פּראַקטישער אַרבעט.

וואָס נוגע פּאָליטישע רייפקייט זאָל פאַרצייכנט ווערן אָט דער כאַראַקטע־ריסטישער פאַקט: ווען מיט אַריבער פערציק יאָר צוריק איז פאַרן „בונד״ געשטאַנען די פראַגע: יאָ, אָדער נישט זיך אָנשליסן אין סאָציאַליסטישן אינ־טערנאַציאָנאַל, זענען געווען צווייַ הויפּט פראַקציעס: „איינסער״, מיט ערליך און אַלטער בראש — פאַר אָנשליסן זיך און די „צווייער״ בראש מיט י. כמורנער און חיים וואַסער — פאַר אָפּהאַלטן זיך. עס איז אויך געווען אַ קליינע מינדערהייט, מיט איסר גאָלדבערג בראש, וואָס האָבן נאָך געהאַט לינקיסטישע מיחושן. אין מעזריטשער „בונד״ זענען פאָרגעקומען הייסע וויכוחים. איין מאָל זענען געקו־מען ערליך און אַלטער און אַ צווייט מאָל כמורנער און וואַסער און קיינער האָט נישט געקאָנט ענדערן דעם איינשטעל פון די מיטגלידער. פון די 120 מיט־גלידער אין דער פּאַרטיי האָבן 62 געשטימט פאַר די „צווייער״ און דער דע־מאָלט יינגסטער מיטגליד אין מעזריטשער בונדישן קאָמיטעט, יאָסל האָרן, איז געפאָרן צום באַרימטן צוזאַמענפאָר פון „בונד״, וואָס איז פאָרגעקומען אין לאָדזש.

## בונדישע קלובן און אַנדערע אינסטיטוציעס

די אַרבעטער אין מעזריטש פלעגן בויען אינסטיטוציעס מיט פאַר־נעם און קולטור־ניוואָ. ווער עס דערמאָנט זיך די בונדישע קלובן אין מעזריטש, זעט ווי שטאַרק די באַוועגונג האָט געווירקט צום גוטן. דער „גראָסער־קלוב״, טייַ־האַלע און ביבליאָטעק אין בנין פון חיים ראָטנבערג (די גרעסטע יידישע בעקערייַ אין שטאָט) זענען געוואָרן באַרימט און מ׳פלעגט קומען זיך טרעפן, דיסקוטירן, טוישן ביכער, פאַרווייַלן זיך און מ׳איז געוואָרן היימיש צווישן זיך. וואָס האָט זיך עס אַמאָל אָפּגעטאָן, ווען פון אַ ציוניסטישן באַלקאָן פון דעם הויז, האָבן גערעדט ד״ר אסתר מאַנגעל וועגן דער באַלפור־דעקלאַ־ראַציע. נאָך איר רעדע האָבן איר אָפּאָנירט שמואל איצל ערדפאַרב און סרולקע ערדפאַרב (מיכאלקע פישערס זין), און דערנאָך האָט ד״ר אסתר מאַנגעל גע־ענטפערט און עס האָבן זיך געהערט צווישנרופן. יענער מיטינג אונטערן פרייען הימל האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן איינדרוק.

שפעטער איז דער „גראָסער־קלוב" געווען אויף פּישטשאנקע, אין בנין ווו עס איז אַמאָל געווען דאָס פּוילישע געריכט. דער קלוב איז געוואָרן אַ גרויסער קולטור־צענטער און קומען אַהין איז געווען אַ פרייד. אין אַ צייט אַרום האָט דער „גראָסער־קלוב" געדונגען דאָס הויז, אויף די „בריקן" ביי מרדכי ווישניע (מרדכי לעפּ). אין הויף איז אויך געווען אַ גאָרטן, אַ בופעט. דער ביבליאָטעק־זאַל איז געווען באַקוועם, פול מיט ביכער. דער דעמאָלטיקער ביבליאָטעקאַר לעמל זילבערגלייד, איז געזעסן יום־טובדיק, און חיה־רחלע זאווילעווסקי (שיע קאַמאַשנשטעפּערס טאָכטער), לעמל זילבערגליידס חברטע און שפּעטער זיין פרוי — פלעגט דערלאַנגען די ביכער. אין דעם הויז איז פאָרגעקומען די „ליאַמע" מיט וול. מעדעם, אין יענע זאַלן זענען פאָרגעקומען רעפעראַטן, ליטעראַרישע אָוונטן, יוגנט האָט געזונגען, דעקלאַמירט און עס זענען איינגעשטעלט געוואָרן אַ ריי שטודיר־קרייזן פאַר פּאָליטישער עקאָנאָמיע און יידישער ליטעראַטור.

אין יאָרן אַרום איז דער קלוב איבערגעטראָגן געוואָרן אויף דער „צעבראָ־כענער גאַס", ווו עס זענען געווען אַ ריי גרעסערע בערשטער־פאַבריקן. דאָרט, ביי שמיליע פייערמאַן אין גרויסן הויף זענען פאָרגעקומען מיטינגען, ווו חוץ די לאָקאַלע רעדנער זענען אַרויסגעטראָטן בונדישע פערזענלעכקייטן, ווי ח. ש. קאזדאַן, שלמה מענדלסאָן א"אַ. אין יענע לאָקאַלן — מיט העכער פערציק יאָר צוריק — איז מיר אויסגעקומען בייצווזיין געזעגענונג־אָוונטן פאַר בונ־דיסטן, וואָס זענען אַוועקגעפאָרן פון מעזריטש: שוילע עדלשטיין איז געפאָרן קיין אַרגענטינע, משה גרינשטיין איז געפאָרן קיין מעקסיקע, שלמה ציטרין קיין אַרגענטינע און ישראל און סימע אייזנשטיין (שמודיקס זון) קיין ווינדזאָר, קאַנאַדע.

אין יענע יאָרן האָט דער „בונד" אונטערגענומען אַן אַקציע צו בויען אַן אייגן הויז, ווייל די באַוועגונג איז געוואַקסן. אין צייט פון אַרבעטלאָזיקייט ביי די בערשטער, האָט דער „בונד" אין מעזריטש, צוזאַמען מיט דער בונדישער קרעדיט־צענטראַלע אין וואַרשע, געשאַפן אַ פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוו „באָרס־טער", ווו עס האָבן געאַרבעט לערך הונדערט אַרבעטער. ביים „בונד" האָט צענדליקער יאָרן עקזיסטירט אַן אייגענער ספּאָרטקלוב „מאָרגנשטערן", אָנגע־פירט פון ספּאָרטסמאַן אברהם פּיטערמאַן (שמואל דעם ווייסנס זון). דער „בונד" האָט יאָרן לאַנג געהאַט אַן אייגענעם בלאָז־אָרקעסטער, אָנגעפירט פון סטודענט מיטוש ווידרע (וועווע קאָזענעס אַן אייניקל). עס האָט אַ פּאָר צענדליק יאָר עקזיסטירט אַ קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו אויף לובלינער־גאַס (נעבן פריידע מאליעס באַקאַליי־געוועלב), ווו די הויפּט־פאַרקויפערין איז פיל יאָרן געווען „ח'טע רבקה" (צוקערמאַן).

בונדישע השפעה איז געוואַקסן, עלטערע און יינגערע האָבן זיך דערנענטערט צו דער באַוועגונג. הויפּט־כוחות זענען געווען: נפתלי־וועלוול יאַנקל פעשע רבקהס געלבערג (געשטאָרבן אין ניו־יאָרק) און אינזשעניר איטשע בירסקי (נאסיבירסקי, אַ זון פון אייגנטימער פון דערביינער־פאַבריק אויפן וואַרשעווער

שאָסיי). עס האָבן זיך מיט דער צייט אַרויסגעהויבן אַ ריי יוגנטלעכע, און צווישן זיי: יחזקאל שטיין. די באַוועגונג איז געוואַקסן און האָט זיך געניייטיקט אין אַן אייגן געשריבן וואָרט. האָט מען באַשטימט: יאָסל האָרן, יחזקאל שטיין און הערשל באַראָווסקי צו רעדאַקטירן די בונדישע אויסגאַבעס.

אין יאָר 1926 איז דערשינען אַן איינמאָליקע אויסגאַבע „מעזריטשער פאָלקס־צייטונג". נאָך דעם האָט אָנגעהויבן יעדע צוויי וואָכן דערשיינען אַן אויסגאַבע, אין 4 זייטן — „אַרבעטער־אינפאָרמאַטאָר", געדרוקט אין דער דרוקעריי ביי משה פעלדמאַן. און שפּעטער האָט אָנגעהויבן דערשיינען „מעזרי־טשער אַרבעטער־שטימע", אין ר' שייע יוסף ראָגאָזשיקס דרוקעריי, ווו עס האָט חוץ דעם זון יאַנקל (געפינט זיך היינט אין אַמעריקע) נאָך געאַרבעט דער יונגער נחום זיטאָ (וווינט אין תל־אביב).

**די קלאַסן־פאַראיינען**

אין אַ ריי ערטער איז מיר אויסגעקומען צו לייענען, אַז מעזריטש האָט געציילט מער ווי 12 הונדערט בערשטער־אַרבעטער. די צאָל איז אפשר נישט איבערטריבן, נישט אַלע זענען אָבער געווען פאַראיינס־מיטגלידער. די וואָס האָבן געאַרבעט אין די גרויסע פאַבריקן און וואַרשטאַטן, ווי ביי הערש לייב ציטרין, שמעון און גדליה ווישניע, מאיר שמחה פייערמאַן, מרדכילע שטיין, לייבל צוקערמאַן, משה צוקערמאַן, שייע לייזער פּאָגאָזשעליעץ, שמחה און מלך וויסגלאַס מאַנעס און אליה פּערלמאַן, ביומטשע ציטרין, זיסקינד „קאָזשושקע", בערל „פּאָלקאָווניק" (ראָזנבערג) און אַנדערע, זענען אַלע געווען מיטגלידער אין פאַראיין פון די בערשטער־אַרבעטער, זייער צאָל איז אָבער קוים דערגאַנגען צו אַ 900. אָנפירן מיטן פאַראיין איז אָבער קיין מאָל נישט געווען לייכט.

פאַרשטייט זיך, אַז אין די גרעסערע פאַבריקן און מיטעלע וואַרשטאַטן איז געווען באַקוועמער צו אַרבעטן, אויך בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען. ביי די „קליינע יידלעך", ווי מ'פלעגט זיי רופן, איז געווען פיל ערגער, מחמת פיל סיבות. אַרבעטער אין פאַבריקן האָבן פּראָבלעמען און אויך צווישן זיך פעלן נישט קיין אַמפּערנישן. אַ פאָרזיצער פון בערשטער־פאַראיין האָט געמוזט האָבן אַ סך געדולד, געדאַרפט קאָנען אַ סך אויסשטיין. מאָטל איינשטיין, למשל, איז געווען צווישןביידע וועלט־מלחמות איינער פון די פּאָפּולערסטע אָנפירער פון פאַראיין. טריי, גוט אָריענטירט, קלוג און צו דעם — אַן אַרבעטער פון ערשטער קאַטעגאָריע, וועמען אַלע האָבן געוואָלט האָבן ביי זיך.

די פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון אַ מערהייט בונדיסטן, נאָר אויסקומען מיט די „לינקע" און צו דעם אַ פּאָר אומפּאַרטייאישע, איז נישט געווען גרינג, בפרט, אויף אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, ערב, אָדער בעת אַ שטרייק. פאַר־האַנדלען מיט די חזיר־האָר־פאַבריקאַנטן, האָט מען געדאַרפט זיך אונטער־גאַרטלען; טייל מאָל האָט דער פאַראיין געשלאָסן קאָלעקטיווע אָפּמאַכן און טייל מאָל מיט יעדן פאַבריקאַנט באַזונדער; און אַז מ'האָט שוין נאָכגעגעבן

די „מישערס" האָט מען זיך טייל מאָל איינגעעקשנט לגבי די „ציפּלעך־שאָבערס" אָדער גאָר וועשינס און „קלויבערינס". פאַרזיצערס מיט פאַרנעם זענען אין לויף פון יאָרן געווען בערקע ווערניצקי און שוילע עדלשטיין.

אַ וויכטיקע ראָל האָט געשפּילט אין בערשטער־פאַראיין דער סעקרעטאַר־באַאַמטער, וואָס פלעגט זיין פאַרנומען גאַנצע טעג. איינציקע יאָר איז געווען סעקרעטאַר שעפּסל עקערמאַן (ר' משה גדליה וויינשענקערס זון). לאַנגע יאָרן האָט געאַרבעט אַלס סעקרעטאַר בנימין קראַמאַזש פון שעדלעץ און געהילף־סעקרעטאַר איז געווען יעקב בלאַנק (אליה ארקעס אייניקל), היינט אַן אָנגעזעענער יידישער לערער און קולטור־טוער, אין ניו־יאָרק. האַרט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז געווען סעקרעטאַר חיים מיליער פון ווענגראָוו, היינט אַ חשובער טוער אין אַמעריקע.

דער בערשטער־פאַראיין, וואָס האָט געהאַט אַ טראַדיציע פון גוטער אָרגאַניזאַציע און קאַמף, האָט געשמט אין פיל ערטער. געווען אויך חדשים פון לאָקאַוט, שטרייקן, ווען פיל אַרבעטער־פאַמיליעס האָבן ממש געהונגערט. דער שרייבער י. י. זינגער איז אַ מאָל געקומען און באַשריבן די בערשטער און דער שרייבער אַלטער קאַציזנע האָט אַראָפּגענומען בילדער פון בערשטער־פאַמיליעס אין צייט פון שטרייק, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „פאָרווערטס" און דערנאָך אינעם זאַמלבוך: „אַ פאַרשווונדענע וועלט", צונויפגעשטעלט פון ר. אַבראַמאָוויטש. שילדערונגען וועגן מעזריטשער בערשטער און בערשטעריי, זענען צעוואָרפן אין אַ רייע יידישע צייטונגען, זשורנאַלן און ביכער. יידישע דיכטער האָבן פאַרעפנטלעכט לידער וועגן די מעזריטשער בערשטער.

אַז בערשטער אין מעזריטש האָבן געאַרבעט, האָט די שטאָט געלעבט. עס זענען אָבער אויך געווען אַנדערע פרנסות. דער באַקלייד־פאַראיין אין מעזריטש האָט געציילט אַ הונדערט מיטגלידער: מענער־שניידער, דאַמען־שניידער, נייטאָרינס, קליידער־שניידערינס, היטלמאַכערס א"אַ. צום באַקלייד־פאַראיין האָבן אויך געהערט אַ פערציק קושניר־אַרבעטער (פעלצן). דער לאַנגיאָריקער סעקרעטאַר איז געווען מיכאל נוסבוים. ביי די קושניר־אַרבעטער איז געווען אַקטיוו מ. מיני.

אָרגאַניזירט זענען אויך געווען די קרוב 90 אַרבעטערינס אין דער שוועבעלעך־פאַבריק ביי די ראָטנבערגס (נאָכן אַלטן בית־עלמין, אויפן ביאַלער שאָסיי).

די צווייטע בראַנזשע נאָך בערשטעריי, ווו די אַרבעטער האָבן פאַרדינט צו מאַכן אַ פיינעם לעבן, זענען געווען גאַרבערס, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט דוקאַטן, ווייכלעדער אין די גאַרבערייען ביי פיניע פיטערמאַן, חיים גורמאַן, יעקב יודל גורמאַן, יאַנקל גאָלדמאַן א"אַ. ווען די אויסלענדישע מערק פאַר ווייכלעדער זענען אָפּגעפאַלן, איז געקומען אַ קריזיס, האָבן טייל אַרבעטער זיך גענומען צו אַנדערער אַרבעט און טייל האָבן עמיגרירט. אליה טאַמע, דעם איינבינדערס זון, האָט זיך גענומען צו איינבינדעריי און משה עזרא עדלשטיין, אברהם מלאך,

מיכאל קאַמיען און נאָך גאַרבער־אַרבעטער האָבן געהאָפּט אויף בעסערע צייטן. די גאַרבער־אַרבעטער אין מעזריטש, זענען געווען אַ קליינע, אָבער ענגע משפּחה.

## אין שטאָטראַט און אין דער קהילה

ווען פּוילן איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געוואָרן זעלבשטענדיק, האָט די ייִדישע באַפעלקערונג פאַרלאַנגט וואַלן צו די שטאָטראַטן. מעזריטש האָט געציילט אַ מערהייט ייִדן און אין יאָר 1927, ווען עס זענען פאָרגעקומען וואַלן, זענען פון די 24 ראַטמענער געוויילט געוואָרן 17 ייִדן און 7 פּאָליאַקן.

אויף דער ייִדישער גאַס זענען געגאַנגען צו די וואַלן: ציוניסטן, דער „בונד", רעכטע פּועלי־ציון, פאָלקיסטן, די „רויטע", דער קליינהענדלער־פאַראיין און הויז־בעלי־בתים. אויף דער מאַגיסטראַט האָט געהאַט אַ ייִדישע מערהייט. צוויי ייִדישע לאַווניקעס: בערל ווערניצקי פון „בונד", בעגצע שיינמעל פון די פאָלקיסטן און שלמה קאַמיען, וויצע־בורמיסטזש. פון „בונד" זענען אַריין אין שטאָטראַט: איטשע בירסקי, בערקע ווערניצקי, שוילע עדל־שטיין און אַלטער שטאָקמאַן. באַלד אויף דער ערשטער זיצונג האָט איטשע בירסקי געלייענט די בונדישע דעקלאַראַציע און ביים פּונקט רעכט אויף ייִדיש אָנגעהויבן לייענען אין ייִדיש, וואָס די פּוילישע ראַטמענער האָבן נישט גע־קאָנט פאַרטראָגן און זיי האָבן געשריגן און געפייפט. איטשע בירסקי האָט אָבער נישט אויפגעהערט, הגם עס איז געווען אָנוועזנדיק דער סטאַראָסטע.

דעם שרייבער פון די שורות איז אויסגעקומען צו זיין כמעט ביי אַלע זיצונגען פון שטאָטראַט און ער האָט געזען, ווי די גאַנצע ייִדישע „גאַלעריע" האָט מיטגעלעבט, ווען איטשע בירסקי פלעגט אין זיין וואָרט אָנגרייפן די אַנטיסע־מיטן. בירסקי האָט געקעמפט צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די אָרעמע, שאַפן אַרבעט פאַר די אַרבעטסלאָזע, פאַר שטיצן ייִדישע אינסטיטוציעס, ברוקירן די אָרעמע געגנטן, פאַרלייגן עלעקטריע אאַז"וו.

אין שטאָטראַט פלעגן אַרויסטרעטן ד"ר יוסף קאַפּלאַן פון די ציוניסטן, מאָטל גאָלדבערג פון די פּועלי־ציון, נטע הורזמאַן פון די ציוניסטן, אליה קאָזעס פון די הויז־בעלי־בתים. אַלע האָבן אָבער געוואַרט, וואָס וועט זאָגן איטשע בירסקי. וואָס צו פאָדערן האָט נישט געפעלט: די לאַגע פון ייִדן אין פּוילן איז אַלע מאָל געוואָרן שווערער און פינצטערער.



אין יאָר 1924, זענען פאָרגעקומען די ערשטע קהילה־וואַלן. פרויען האָבן לגמרי נישט געהאַט קיין וואַלרעכט און מענער — פון 25 יאָר אָן. צו די ערשטע וואַלן זענען געגאַנגען: ציוניסטן, „בונד", פאָלקיסטן און פרומע ייִדן. אין די ווייטערע יאָרן האָבן זיך אויך פרעזענטירט די רעכטע פּועלי־ציון.

עס פלעגן געווײלט ווערן 12 פּרנסים. די כוחות־פּאַרהעלטעניש צווישן ציוניסטן, בונדיסטן, פאָלקיסטן, זענען אַ ריי יאָרן געווען כמעט גלײַכע. פון „בונד" זענען געווײלט געוואָרן: איטשע בירסקי, מאָטל אײַזנשטיין און הערש לייב בּאַראָווסקי. די זיצונגען פון קהילה־ראַט זענען געווען אָפענע און מ׳האָט געשריבן באַריכטן פאַר די מעזריטשער יידישע וואָכנבלעטער. יידישע אינסטי־טוציעס האָבן פאַרלאַנגט גרעסערע סובסידיעס און מאָטל אײַזנשטיין פלעגט האַלטן אײַנדרוקספולע רעדעס.

די „פאָדליאַשער צײַטונג" פון 27סטן נאָוועמבער 1936, דערצײלט וועגן אַ גרויסן קאַמף אויפן אַמט פון קהילה־פּאָרזיצער. די ציוניסטישע פראַקציע האָט באַקומען 5 שטימען און 5 שטימען — דער בונדישער קאַנדידאַט. אין הסכם מיטן וואַל־רעגולאַמין ווערט דורכגעפירט אַ גורל און עס ווערן דער־ווײלט פון „בונד" יחזקאל שטיין אַלס פאָרזיצער און ח. בּאַראָווסקי אַלס וויצע.

מעזריטש איז נישט אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער פוילישער לאַנדקאַרטע, אָבער יידיש מעזריטש — אויף דער ליניע וואַרשע־בריסק — איז מער נישטאָ, און פון אַלעם, וואָס איז געווען יידיש איז געוואָרן אַ באַרג אַש. נאָך מער: אײניקע יאָר נאָך דעם, ווי די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט און מעזריטש איז געבליבן אָן יידן (אויסער פיר זקנים נעבן בית־עלמין), איז אויך די קהילה אין מעזריטש אָפיציעל אויפגעלייזט געוואָרן.

## שטריכן פון בונדישע טוערס, וואָס זענען געבליבן אין זכרון

איטשע בירסקי / עס זענען געווען יאָרן, ווען אינזשיניער איטשע בירסקי איז געווען צווישן די סאַמע באַליבטסטע און פּאָפּולערסטע יידן אין מעזריטש. יונג און אַלט האָבן אים געקענט, אים באַגריסט און געהאַט צו אים גרויס באַציִונג. זײַן פאַמיליע־נאָמען איז געווען נאַסיבירסקי, איטשע האָט זיך אָבער אָנגעהויבן רופן בירסקי. אָן קיין שום לוין פלעגט ער טאָן לטובת דעם יחיד, פאַר דעם כלל און פאַר דער פּאַרטיי אַלץ, וואָס ער האָט געקאָנט און מיט וואָס צו דינען האָט ער געהאַט אַ סך.

אַלע, וואָס האָבן פון אים עפּעס פאַרלאַנגט, פלעגן אים טרעפן אין בונדישן קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו. ווען מ׳האָט געדאַרפט, איז ער געווען אַ לערער, שפּע־טער פּרנס אין דער קהילה, און דערנאָך מיטגליד אין שטאָטראַט, וווּ ער האָט געשפּילט אַ הויפּטראָל. אַ גוטער, ליבער מענטש און חבר. מיט אונדז, אַ יוגנט־קרײַז, האָט ער געלערנט יסודות פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע און אויך יידישע ליטעראַטור. יעדער האָט געהאַט פאַר אים גרויס דרך־ארץ.

נפתלי וועלוול געלבערג / פון זינט כ׳האָב אים געקענט האָב איך געוווּסט, אַז ער האָט זיך גערופן: „אַנאַטאָל". אַ צײַט האָט ער געאַרבעט ווי אַ לערער אין דער יידישער פאָלקס־שול, אונטער דער אָנפירונג פון מאַדאַם אַדלער (דעם צאָן־דאָקטאָרס שעפּקעס פרוי). אין דער ערשטער שריפט פון מעזריטש

„בליהונג", דערשינען פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט נפתלי וועלוול געלבערג פאַרעפנטלעכט אַ „פסיכאָלאָגישן עטיוד".ביים „בונד" איז ער געווען גאָר אַקטיוו: גערעדט, געשריבן, דורכגעפירט אימפּאָזאַנטע אונטערנעמונגען.

מיר ווייזט אויס, אַז נפתלי־וועלוול געלבערג, איז געווען דער, וואָס האָט אין מעזריטשער בונדישער באַוועגונג אַריינגעבראַכט פאַרנעם און שווונג. שפּעטער האָט ער געוווינט אין וואַרשע, געאַרבעט אַלס באַאַמטער אין „דזשאָינט", געווען אויך אַ צייט סעקרעטאַר־באַאַמטער אין יידישן שרייבער־פאַראיין אין וואַרשע, דערנאָך האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין קאַנאַדע, פון וואַנען ער איז געקומען אין ניו־יאָרק. ער האָט געאַרבעט ווי אַ לערער, געשריבן פון צייט



**מיט וולאַדימיר מעדעם**

פון רעכטס, שטייען: ח. בוראָווסקי, י. בירסקי, ש. ערדפּאַרב, ס. ראָזנבלום, מ. ביאַליסטאָצקי, י. פירמאַן, מ. מושינסקי.
זיצן: י. טוגענדער, ב. ווערניצקי, ש. איידלשטיין, וולאַדימיר מעדעם, ב. אַשכנזי, נ. געלבערג

צו צייט אין „פאָרווערטס", מיטגעאַרבעט אין זשורנאַלן, באַזוכט אין שליחות פון „ציקאָ" אַ ריי לענדער. ביי מיינע ערשטע באַזוכן אין ניו־יאָרק האָב איך באַגעגנט נפתלי־וועלוול געלבערג, געווען אין זיין הויז, ער איז שוין אָבער געווען אָן ברען און פאַרעלטערט. מיט יאָרן צוריק איז ער געשטאָרבן אין ניו־יאָרק.

שמואל העלפנביין / דערקענט האָב איך אים, ווי ברוך דעם „געלן היטל־מאַכערס" בן־יחיד, וואָס האָט פּאַר פּסח צוגעהאָלפן דעם טאַטן, שפּעטער, אַלס טוער אין „בונד". עלטערע חברים פלעגן זיך גאָרנישט קאָנען אָפּלויבן פון שמואל העלפנביין און זיינע פעיִקייטן. ער האָט געשריבן אויפרופן אין יידיש, דייטש, פּויליש און געווען אַ ריי יאָרן סעקרעטאַר פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. ער האָט געליטן פון טובערקולאָז און איז יונג געשטאָרבן.

יאָסל פורמאַן / ער האָט געהאַט צוויי מלאכות: בערשטעריי און גאַרבעריי און מיט דער צייט האָט ער זיך אין דער באַוועגונג אַרויסגעהויבן אַלס טוער און רעדנער. אויף מיטינגען אין דער גרויסער שול האָט יאָסל פורמאַן געזאָגט זיין וואָרט. אין יאָרן אַרום האָט ער עמיגרירט קיין אַמעריקע, וווּ ער האָט געאַרבעט אין אַ קליידער־שאַפּ און אין אָוונט געלערנט. אין יאָר 1959 האָב איך ביי אַ מיטינג פון מעזריטשער אין ניו־יאָרק באַגעגנט יאָסל פורמאַן. וועגן מעזריטשער אָנדענק בוך, דערשינען אין בוענאָס־איירעס 1952, האָט ער געשריבן אַ באַגייסטערטן אַרטיקל אין ניו־יאָרקער „פרייע אַרבעטער שטימע" (4טער דעצעמבער 1953). מיט אייניקע יאָרן צוריק איז יאָסל פורמאַן געקומען אין מדינת ישראל, אויף אַ צונויפמענפאָר פון מעזריטשער. יאָסל פורמאַן איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק.

בעו־קע ווערניצקי / יאָרן לאַנג איז ער געווען אַ הויפּטפיגור אין מעזרי־טשער „בונד", אין בערשטער־פאַראיין, אין צענטראַל־ראַט, אויף אַ ריי צונויפ־מענפאָרן און שפּעטער ראַטמאַן און לאַווניק אין שטאָט־ראַט. „חבר בערקע" — ווי מ'האָט אים היימיש גערופן — האָט געהאַט גרויסע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעי־קייטן און במשך יאָרן פאַרנומען הויפּטאַמטן. אין בערשטער־פאַראיין און אין צווישנפּאַרטייִשע קאָמיטעטן, נאָך דעם, ווי ער האָט געאַרבעט און געווען אַקטיוו אין ווילנע.

געשטאָרבן איז בערקע ווערניצקי אין אַמעריקע, וווּ ער האָט געלעבט זיינע לעצטע יאָרן אַלט און קראַנק. אונדזער לאַנדסמאַן אין ניו־יאָרק, יעקב בלאַנק, פלעגט מיר שרייבן, אַז ער פאָרט זען בערקע ווערניצקין און מיט אים שמועסן וועגן מעזריטש און מעזריטשער.

שוילע עדלשטיין / פיר ברידער זענען זיי געווען, דריי בונדיסטן: משה־עזרא, שוילע, דוד. חיים־לייב איז געווען אַ רעליגיעזער. שוילע איז געווען זייער באַליבט און אָנערקענט אין שטאָט אַלס פּראָפעסיאָנעלער טוער, בונדישער אַקטיוויסט און רעדנער. עטלעכע מאָל געווען פאָרזיצער פון בערשטער־פאַראיין, אָנגעפירט מיט אַרבעטן, געווען פאָרזיצער פון מאַסן־מיטינגען, פאַרזאַמלונגען, פייערונגען און געווען ראַטמאַן אין דעם ערשטן געוויילטן שטאָטראַט. שוילע איז געווען פון די אָנפירער אינעם ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען און אויך אַ מיטגליד אין בונדישן פּאַרטיי־ראַט אין לאַנד. זיין אַוועקפאָר אין יאָר 1928 קיין אַרגענטינע האָט געלאָזט אַ ליידיקן פּלאַץ.


שוילע עדלשטיין

אין אַרגענטינע האָט שוילע מיט זיין ווייב און קינדער געוווינט אין אווּעזשאנעדא, אַ שטאָט נעבן בוענאָס איירעס, ווו ער צו־זאַמען מיט פסח עדלשטיין, האָבן געהאַט אַ וואַרשטאַט פון האָר פאַר פענדזלס. שוילע איז אָבער שטאַרק קראַנק געוואָרן און צו 46 יאָר געשטאָרבן. די פרוי זיינע, פעסע טענענבוים (אהרן מוליערס אַן איניקל), און איין זון זייערער לעבן אין מדינת יש־ראל. אַ צווייטער זון לעבט אין בוענאָס איירעס.

שוילע עדלשטיין איז געווען אַקטיוו אין דער יידישער שול אין אווּעזשאנעדא, אין דער דאָרטיקער קהילה און ביים „בונד" אין בוענאָס איירעס. שוילע עדלשטיין איז אָבער געווען, ווי יענע פלאַנצן, וואָס וואַקסן מער נישט, אַז מ׳זעצט זיי איבער. מעזריטש איז געווען זיין וועלט און זיין לעבן.

מאָטל אייזנשטיין / גערופן האָט מען אים מאָטל „באָלניק". דער „בונד" און דער בערשטער־פאַראיין זענען געווען זיין וועלט. ער איז געווען טיכטיק אין פּראָפעסיאָנעלער און פּאָליטישער אַרבעט. געווען פיל מאָל פאָרזיצער פון בערשטער־פאַראיין, אין דער אָנפירונג פון „בונד" און פרנס אין דער קהילה. מאָטל אייזנשטיינס פּאָלעמיקעס מיט בערשטער־פאַבריקאַנטן האָבן געהאַט אַ שם, זיינע „קלינג־ווערטער" אין דיסקוסיעס פלעגן איבערדערציילט ווערן און זיין טרייקייט צו דער באַוועגונג איז געווען פון אַ הויכער מדרגה. מאָטל אייזנ־שטיין, זיין פרוי און קינדער, זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

הערשל באָראָווסקי / געשטאַמט האָט ער פון לאָשיץ, ווו כמעט ביז דער חתונה זיינער האָט ער געלערנט אין בית מדרש, דערנאָך איז ער געוואָרן „אַ געגריוועטער שוסטער". אין דער בונדישער באַוועגונג אין מעזריטש איז ער כמעט תמיד געווען סעקרעטאַר און אויספירער פון וויכטיקע אַרבעטן. געווען אָנפירער פון בונדישן קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו, אַ ריי יאָרן דער קאָרעספּאָנדענט פון דער בונדישער טאָגצייטונג אין וואַרשע און דער פאַרוואַלטער פון פאַרקויף אין מעזריטש. אין אַ ספּעציעלן פרעסע־טאָג פלעגן אונטער הערשל באָראָווס־קיס אָנפירונג פאַרקויפט ווערן לערך טויזנט עקזעמפּלאַרן פון דער „פאָלקס־צייטונג". די „מעדעם־ביבליאָטעק". דער קלוב, איז געווען זיין צווייטע היים.

ה. באַראָווסקי איז יאָרן געווען בונדישער פּרנס אין דער קהילה. אומגעקומען איז ער אין די יאָרן פון חורבן. ווי עס ווערט געבראַכט אינעם בוך „אין די יאָרן פון יידישן חורבן", דערשינען אין ניו־יאָרק 1948, פאַרלאַג „אונדזער צייט", האָבן ה. באַראָווסקי, גאָלדע זדאַנאָוויטש, אברהם זדאַנאָוויטש, אַלטער שטאָקמאַן, משה־עזרא עדלשטיין, משהלע גרינבוים, געהערט צום בונדישן קאָמיטעט און צו די ספּעציעלע קוריערן.

יחזקאל שטיין / ער האָט געהערט צו די יינגערע בונדיסטן, שוין פאָרמירט אין „יוגנט־בונד־צוקונפט". געשטאַמט פון אַ בעל־מלאכישער היים (ווערסטעלע־שניידער האָט מען גערופן זיין טאַטן). יחזקאל שטיין האָט געצויגן צום לערנען, ער האָט זיך אויסגעצייכנט אין דער פאָלקסשול און איז אויך געווען פון די בעסטע, וואָס האָבן געקענט די לאַנד־שפּראַך. אין „בונד" איז ער שנעל געוואַקסן. לאַנגע יאָרן איז ער געווען סעקרעטאַר אין בערשטער־פאַראיין, מיטגעאַרבעט אין די בונדישע אויסגאַבעס אין מעזריטש, געווען פאַרטרעטער פון „בונד" אין קראַנקן־קאַסע, געשיקט געוואָרן אין קהילה־פאַרוואַלטונג און געוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער.

זיין פרוי, פייגע צירל גרינבוים, מיט זייער קינד, זענען אומגעבראַכט געוואָרן. ער איז על־פּי־נס געבליבן לעבן. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געווען אין מעזריטש, פאַריז און זיך דערשלאָגן קיין מעלבורן, אויס־טראַליע, ווו ער איז יונגערהייט געשטאָרבן און איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט אַ זון.

סאַלאַ ראָזנבלום און בעלאַ אשכנזי / דאָס זענען געווען יידישע לערערינס פון וואַרשע. דער דעמאָלטיקער דירעקטאָר ווינקלער, פון דער העברעיש־פּוילישער גימנאַזיע האָט זיי אַראָפּגעבראַכט קיין מעזריטש. עס האָט נישט געדויערט לאַנג און זיי זענען געוואָרן אַקטיוו אין „בונד". זיי האָבן צוגעגרייט די קאַנדידאַטן צום שטאַטראַט, אַז זיי זאָלן אויסהאַלטן עקזאַמען, געפירט קרייזן אין „יוגנט־בונד־צוקונפט", צוזאַמען מיט מאַניע פרידלענדער (דעם וואַרשעווער פעלדשערס טאָכטער), אָנגעפירט אַ כאָר און אויך געהאַלטן רעפעראַטן אין שטאָטישע זאַלן.

די צוויי יאָר וואָס סאַלאַ ראָזנבלום און בעלאַ אשכנזי זענען געווען אין מעזריטש, זענען זיי אַלע מאָל דערמאָנט געוואָרן צום גוטן. ביידע זענען שפּעטער געוואָרן לערערינס אין יידישע שולן אין וואַרשע און בעלאַ אשכנזי האָט חתונה געהאַט מיטן לערער אַנשל שאַפּירא, וואָס איז געווען גאָר נאָענט צום „בונד".



בעת עס ווערן פאַרצייכנט נעמען פון בונדישע טוערס אין מעזריטש, וואָס האָבן געשפּילט אַ ראָל, געהאַט פּאָזיציעס, זיך אַרויסגעהויבן, געווען אָנגעזען — יעדער אויף זיין אופן — דאַרפן אויך דערמאָנט ווערן די, וועלכע זענען נישט געווען אין סאַמע פראָנט. פון יונגן דור: טביה טשאַרנעבראָדע (ר׳ משה מאהלערס, מצבה־קריצערס אייניקל), שפּעטער, צוזאַמען מיט זיין פרוי פייגע גאָלדפאַרב זיך באַזעצט אין קאַנאַדע, ווו ער איז יונג געשטאָרבן. דער טרייער בונדיסט משה גרינשטיין, וווינט אין מעקסיקע, ווו ער איז אַקטיוו אין בונדישער אַרבעט. שלמה ציטרין האָט אין מעזריטש אין דער בונדישער באַוועגונג זיך אַרויסגעהויבן אַלס טוער און רעדנער, אָבער אויך אין בוענאָס איירעס, ווו ער האָט זיך באַזעצט אין יאָר 1928, האָט ער זיך נישט פאַרלאָרן. ער איז אַ צייט געווען פאָרזיצער פון דער י. ל. פּרץ־שול און דאָזאָר פון „בונד" אין דער בוענאָס איירעסער קהילה. ער און זיין פרוי פריידל באַקאַלאַזש, זענען יונג געשטאָרבן. אויף זייערע נעמען איז אָנגערופן אַ זאַל אין דער י. ל. פּרץ־שול אין צענטער. שלמה רויטשטיין, וואָס איז אויפגעוואַקסן אין „יוגנט־בונד־צוקונפט" ווי אַ טוער און רעדנער, איז נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה געקומען אין לאטיין־אַמעריקע, געוווינט אין באָליוויע און דערנאָך זיך באַזעצט אין בוענאָס איירעס.

הונדערטער יוגנטלעכע האָבן יעדער — לפּי זיינע כוחות — צוגעטראָגן זיין טייל פאַר דער בונדישער באַוועגונג. שמואל איצל ערדפאַרב, שלמה נטע ערדפאַרב (אַוועק קיין רוסלאַנד), משה ערדפאַרב, רחל עלענצווייג, רבקה עלענצווייג, מרדכי מושינסקי, שרה זילבערגלייד, יאַנקל מושינסקי, חיה מושינסקי, אַריה זאַקאַמסקי, משה טשענקי, יוסף פּערקלוואַלד, שרה העלמאַן, מרדכי עקהויז, שלמה אָקסנהאָרן (אין ישראל), העניע פייערמאַן (מעקסיקע), אדמאַן (קאנאדע), מרדכי פישער (פּרייקלאַט), משהלע קרינבערג, קיווע גרינבלאַט (אין בראַזיל), סימע פּערקלוואַלד, ישראל אייזנשטיין און זיין פרוי די „שוואַרצע סימע", שיע זדאַנאָוויטש, אברהם זדאַנאָוויטש, גאָלדע צוקערמאַן, כאַנטשע צוקערמאַן, הערשל צוקערמאַן, רבקה צוקערמאַן און איר מאַן אייזשע פּאָמעראַנץ, איצעלע גורמאַנטל, ישראל קאָווע, איצקע און משה אלטביר, רחל פייערמאַן, בערעלע האָכמאַן, חנה מלאך, פייגע טייבלום, נחמה ראָזנבוים, זעלדע רוזשע, מאָטל סאָבעלמאַן (וווינט אין ניו־יאָרק), יצחק קאָגוט און זיין פרוי עלקע (לעבן אין נתניה), ישראל פּסח עדלשטיין און פאַמיליע (בוענאָס איירעס), זיין עלטערער זון און פאַמיליע (לעבן אין אַ קיבוץ אין ישראל), משהלע גרינבוים (געשטאָרבן אין ניו־יאָרק), די באַברויסקער: סאַנע און גיטל עפּשטיין (גיטל איז געשטאָרבן אין ישראל), שלמה שניידערמאַן (געוווינט יאָרן אין אַרגענטינע, זיך באַזעצט דערנאָך אין אַמעריקע), העניך נוסבוים, רייזל שוואָם א״אַ.

אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען געווען אַקטיוו אין דער מעזריטשער בונדישער אָרגאַניזאַציע: שמעון ביר, יאַנקל ביר, אהרן דוד דימענט א״אַ. די אָנהייבער און טוערס ביז 1914, ווערן דערמאָנט אינעם קאַפּיטל: „דאָס רעוואָלוציאָנערע מעזריטש".

עס וואָלט זיך זייער געוואָלט פאַרצייכענען נאָך נעמען, נאָר מער געדענק איך לעת־עתה נישט. איז ביי די טויטע, וואָס האָבן געדאַרפט דערמאָנט ווערן און כ׳האָב נישט געדענקט, בעט איך מחילה און ביי די לעבעדיקע, ווען איך האָב נישט געדענקט, אַז זיי זאָלן עס, חלילה, נישט נעמען פאַר שלעכט. אָט, האָב איך וועגן זיך אַליין, אויך נישט געשריבן.

**יעקב בלאַנק** / ניו־יאָרק

# אַן ערשטער מאַי אין מעזריטש

צו דער פייערונג פון ערשטן מאַי, האָט מען זיך אין לאָקאַל פון „בונד" געגרייט שוין זינט אַ לאַנגער צייט. די אָנפירנדיקע חברים זענען אינעם לאָקאַל אַרומגעגאַנגען עפּעס ערנסטער ווי אַלע מאָל, זיי זענען אַריין און אַרויס אין אַ ספּעציעלן צימער און פאַרשלאָסן הינטער זיך די טיר. געוווּסט האָט מען אָבער, אַז הינטער דער פאַרשלאָסענער טיר זיצט מען און מען פּאַרטיקט אויס גענוי און פּינקטלעך די פּלענער צו דער מאָרגנדיקער ערשטער מאַי־דעמאָנס־טראַציע. די אויסגעאַרבעטע פּלענער און אינסטרוקציעס וועט מען שפּעטער איבערגעבן יעדן אָנפירער פון זיין סעקציע.

אין דעם גרעסערן זאַל, ווו ס'פלעגן פאָרקומען אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען און ספּעציעלע פייערונגען, האָט מען אַרומגעפּוצט מיט רויטע סטענגעס די פּאָרטרעטן פון קאַרל מאַרקס, וולאַדימיר מעדעם און פערדינאַנד לאַסאַל. דאָס ביסל מיטגלידער, וואָס איז געווען פאַרזאַמלט אין לאָקאַל, איז אויך געווען אין אַ ערנסטער שטימונג, מ'האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקן אויפהענגען אויף די ווענט די ערשטע מאַי־לאָזונגען און צופּוצן דעם לאָקאַל, ס'איז געוואָרן יום־טובדיק און ליכטיק אין אַלע ווינקלען. די ערנסטקייט האָט זיך פון קיינעם נישט אָפּגעטאָן, ווייל וועך ווייסט וואָס די מאַכט און שטאָטישע פּאָליציי האָבן אין געהיים עפּעס צוגעגרייט.

יעדע סעקציע האָט נאָך פריער באַקומען איר ספּעציעלע אויפגאַבע. די ספּאָרט־סעקציע האָט זיך געגרייט מיט ספּעציעלע גימנאַסטישע דעפילאַדעס און פּיראַמידעס. די מאַנדאָלין־סעקציע האָט רעפּעטירט אַ גאַנצע ריי אַרבעטער־לידער פון נויט און קאַמף. די דראַמאַטישע סעקציע האָט געמאַכט די לעצטע הכנות פאַר דער אויפפירונג פון דעם איינאַקטער „ס'ברענט" פון י. ל. פּרץ, וואָס זיי וועלן דאַרפן אויספירן צו דער ערשטער מאַי־אַקאַדעמיע. די אָנווע־זנדיקע חברים און חברטעס האָבן מיט זיך געהאַט ערשטער מאַי־אויפרופן, וואָס זיי וועלן דאַרפן אויסטיילן צו די מאַרשירערס און די מענטשן וואָס וועלן שטיין אויף די טראָטואַרן צו זען די דעמאָנסטראַציע.

שפּעט ביי נאַכט איז מען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אַהיים מיט דער האָפע־נונג, אַז מאָרגן וועט זיין אַ שיינער טאָג, און אַז אַלצדינג וועט אַדורך בשלום ווי מ'האָט אויסגעפּלאַנירט.

אויף דער גאַס און אין דער לופטן האָט זיך שוין געפילט דער פרילינג מיט זיינע ריחות פון אַלערליי אויפשפּראָצונגען. אַ וואַרעמער פרילינגווינט האָט אַ ביסעלע געבלאָזן. דער טייך קשנאַ, וואָס איז אַ גאַנצן לאַנגן ווינטער געלעגן אַ פאַרקאָוועטער, האָט שוין פון לאַנג געהאַט נאָכגעלאָזן, שוין נישט געווען קיין סימן פון דעם אייז, איצט האָבן שוין זיינע וואַסערן געצויגן אין

דעם גרויסן בוג אַריין. די לבנה האָט אויך איצט אַראָפּגעשיינט אויפן שטעטל מיט די פאַרשלאָפענע הייזקעס, זי האָט געוואָלט אַצינד געבן מערער ליכט ווי אַ פאַרגיטיקונג פאַרן שווערן ווינטער. אין דער לופט האָבן זיך שוין אַרומגעטראָגן די פאַרשידענע ריחות פון צעבליטע ביימלעך, בעז און אַקאַציעס, ס'איז ממש אַ שאָד געווען צו גיין אַהיים שלאָפן. דער גרויסער שטאָטישער מאַרק האָט אויך באַקומען אַן אַנדער אויסזען. ער איז געווען אָפּגעוואַשן פון דעם שנייִיקן ווינטער און פון דער בלאָטע און אויסגעזען האָט ער איצט ברייטער און לענגער, די ביימער אַרום אים האָבן שוין געבליט. שטיל, אָן טומל, האָט מען באַקלעפּט די עטלעכע טעלעגראַף־סלופּעס מיט ערשטער מאַי־לאָזונגען און אויפרופן, מ'האָט זיך געזעגנט, און יעדער איז אַוועק צו זיך אַהיים.

באַזונדער און זייער שטאַרק האָבן זיך געגרייט צום ערשטן מאַי די „רויטע". מיט וואָכן פריִער האָבן זיי גענומען אינטענסיוו פאַרשפּרייטן זייערע פּראָקלאַמאַציעס, אָפטער אין די נעכט פאַרוואָרפן רויטע פענדלעך אויף די דראָטן און פאַרשאַפט אַ סך זאָרג דער פּאָליציי.

אויך די פּוע"צ האָט זיך צום ערשטן מאַי געגרייט. חברים און חברטעס פון דער פּוע"צ־יוגנט, „פרייהייט", זענען אין טאָג פון פאַרן ערשטן מאַי שטאַרק געווען פאַרטאָן אין דעקאָרירן דעם לאָקאַל. דאָס באַראָכאָוו־בילד אויף דער מזרח־וואַנט אַרומגענומען מיט אַ רויט־זיידענער סטענגע און באַהאָנגען די וואַנט און דעם סופיט מיט קייטן אויסגעפּלאָכטענע פון רויט פּאַפּיר. יאַטן מיט טאַלאַנט צו שרייבן געדרוקטע אותיות, האָבן זיך פאַרנומען מיט צוגרייטן טראַנספּאַרענטן. עס האָט זיך געפילט אין די הכנות דער ערב יום־טוב, ווי אין ייִדישע שטיבן ערב פּסח.

צו מאָרגנס באַגינען האָט די זון זיך אַרויסגעקייקלט איבערן הימל און מיט אירע וואַרעמע שטראַלן געגלעט איטלעכנס פענצטער, אויפגעריסן די אויגן ביי די שלאָפנדיקע און זיי גערופן אַרויסצוגיין אין די גאַסן: ס'איז דאָך היינט דער ערשטער מאַי!

שוין פון פרימאָרגן האָבן די מעזריטשער אַרבעטער אָנגעהויבן שפּאַצירן איבער די גאַסן אָנגעטאָן יום־טובדיק מיט רויטע שלייפעלעך אין די לאַצן און מיידלעך מיט רויטע לענטעס איבער די בלוזעס. טייל מענטשן זענען געגאַנגען צו דער „קאָזע", ווו עס זענען שוין געווען אַרעסטירט עטלעכע אָנפירנדיקע חברים, וועמען די פּאָליציי האָט אין מיטן נאַכט געהאַט אַרויסגעשלעפּט פון זייערע געלעגערס און זיי אָפּגעפירט אין דער שטאָטישער תפיסה.

די יוגנטלעכע פון „בונד" און פּוע"צ האָבן זיך שוין געפונען אין די לאָקאַלן פון זייערע פאַרטייען, גרייט צו שטעלן זיך אין די רייען און זיך אָנשליסן מיט די איבעריקע אין דער אַלגעמיינער דעמאָנסטראַציע.

דאָס ענלעכע איז פאָרגעקומען אין די לאָקאַלן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, און מער ווי אומעטום, אין דעם פאַראיין פון די בערשטער. גע־

דאַרפט האָבן אַלע, מיט זייערע פענער און באַזונדערע טראַנספּאַרענטן, זיך באַגעגענען אויף דער וואַרשעווער גאַס, זיך איינשטעלן לויטן אָפּגערעדטן סדר — וואָס נענטער צו דער „קאַזע", ווו ס'וועט זיך עפענען די דעמאָנסטראַציע. פונקט 10 אַ זייגער איז אָנגעקומען די פירערשאַפט פון „בונד". שוילע, בערקע, באָראָווסקי, מושינסקי, בראש מיטן וועטעראַן פון די מעזריטשער בערשטער־אַרבעטער, חבר מאָטל. ער האָט זיך געשטעלט אין שפּיץ פון דער גרויסער מאַסע, האָט אויפגעהויבן די הענט זיינע און אויסגערופן:

— חברים, זאָל לעבן דער פּראָלעטאַרישער יום־טוב, דער ערשטער מאַי! נידער מיטן קאַפּיטאַליזם! לאַנג לעבן זאָל דער אַרבעטער־קלאַס! לאָמיר אָנ־הייבן אונדזער מאַרש!

אַ הילכיקער הוראַ האָט אָפּגעהילכט אין דער לופטן. די הוראַ־געשרייען זענען געקומען פון דער גאַנצער מאַסע ווי פון איין מעכטיק קול אַרויס.

אין די קליינע תפיסה־פענצטערלעך האָבן זיך באַוויזן די פנימער פון די אַרעסטירטע חברים. זיי האָבן געפאָכעט מיט זייערע שטיקלעך פון די רויטע סטענגעס. אַלע דעמאָנסטראַנטן האָבן צו זיי צוריקגעשריגן: זאָלן לעבן די אַרבעטער־פירער! זאָל לעבן דער ערשטער מאַי!

חבר מאָטל האָט געגעבן אַ צייכן, אַז מען זאָל אָנהייבן דעם מאַרש צום מעזריטשער מאַרק. די מאַסע האָט זיך אָנגעהויבן רירן אין אַ מושטרירטער אָרדנונג. די לאָזונגען אויפן הויכן קול פון די אָרדענער פוןביידע זייטן און פון די דעמאָנסטראַנטן, האָבן זיך אָנגעטראָגן איינע נאָך די אַנדערע. אין דער זעלבער צייט האָט זיך אין איין עק פון צוג געהערט דער הימן פון בונד: „ברידער און שוועסטער פון אַרבעט און נויט". און פון דער ווייַטנס, פון אַנדערן עק — די שבועה פון פּוע"צ: „מיר שווערן, מיר שווערן אַ שבועה פון בלוט און פון טרערן".

די דעמאָנסטראַנטן האָבן זיך פאַרבייגעטראָגן איבער דער לובלינער גאַס און זיך אויסגעשטעלט אין אַ גרויסן קרייז אויפן מעזריטשער מאַרק. אויפן טראָטואַר קעגן איבער און אין די געסלעך אַרום, זענען געשטאַנען אָן אַ שיעור מענטשן און מיט גרויס סימפּאַטיע נאָכגעפאָלגט די דעמאָנסטראַנטן.

געווען איז דער הימל אָן איין וואָלקנדל, ווי ס'וואָלט דער הימל לכבוד דער ערשטן מאַי זיך אויסגעטאָן פון זיינע גרויע לאַכעס און זיך אָנגעטאָן אין זוּיבערן.

די זון אין מיטן הימל האָט איצט באַזונדער וואָרעם־ליב געשיינט...

**ערשטער מאַי־דעמאָנסטראַציע אין יאָר 1935**



פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען (אַ טייל פון די באַטייליקטע)




פוע״צ, השוה״צ, א״אַ (אַ טייל פון די באַטייליקטע)

**פייוול פיטערמאַן**

# די „פאָלקס־פּאַרטיי"

נישט מיט גרויס חשק בין איך צוגעטרעטן שרייבן וועגן דער „פאָלקס־פּאַרטיי" אין מעזריטש. עס וואָלט אוודאי אַוודאי וועגן דעם אַנדערש געשריבן אַ פאָלקיסט, אָדער אַפילו אַ געוועזענער פאָלקיסט. ליידער האָט זיך אַזאַ נישט אויסגעפונען, עס וואָלט אָבער געווען אַ היסטאָרישער אומרעכט, ווען נאָכן דערשיינען פון דריי ביכער וועגן מעזריטש, וואָלטן מיר אויך אין פערטן בוך זיך באַגנוגנט בלויז מיט קליינע אָנצוגעהערענישן וועגן קיום פון אַ פּאַרטיי, וואָס האָט פאַרנומען אַזוי פיל אָרט אין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן פון אונדזער שטאָט מעזריטש. דאָ וויל איך אויך באַמערקן, אַז שרייבן נאָר וועגן די פאָלקיסטן אין אונדזער שטאָט און נישט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער „פאָלקס־פּאַרטיי" בכלל, איז כמעט ווי אוממעגלעך, ווי מיר וועלן דאָס שפּעטער זען. מיר הייבן דעריבער אָן מיט דער אַנטשטייונג פון דער „פאָלקס־פּאַרטיי" אין אַלגעמיין.

די „פאָלקס־פּאַרטיי" אין פּוילן איז אויפגעקומען נאָך אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע אין 1916 און האָט אין די ערשטע יאָרן פון דער אויפגעשטאַנענער זעלבשטענדיקער פּוילישער מלוכה געשפּילט אַ גאָר באַדייטנדיקע ראָלע אין פּאָליטישן לעבן פון די ייִדן אין קאָנגרעס־פּוילן. דער „פאָלקס־פּאַרטיי" איז געלונגען אין אַ קורצער צייט אויפצושטעלן שטאַרקע אָרגאַניזאַציעס אין וואַרשע, לאָדזש, לובלין און גאָר באַזונדער — אין אונדזער מעזריטש.

נח פּרילוצקי, דער גרינדער פון דער פּאַרטיי און איר אָנערקענטער מנהיג, איז אין סיים, אין יענע ערשטע יאָרן, שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן אַנטיסעמיטיזם. אידעיִש באַווירקט פון דובנאָווס „אויטאָנאָמיזם", האָט פּרילוצקי זיך אַרויסגעשטעלט קעגן דער רעגירונג, וואָס אָנערקענט ייִדן נאָר ווי אַ רעליגיעזע גרופּע און ענערגיש געקעמפט פאַר די נאַציאָנאַלע רעכט פון די ייִדן אין פּוילן. זיינע אָפּאָזיציאָנעלע אויפטריטן אין סיים אין יענער צייט האָבן זיך געלאָזט פאַרגלייכן מיט די מוטיקע אויפטריטן פונעם פירער פון פּוילישן ייִדנטום — יצחק גרינבוים.

מיט זיין קאַמף פאַרן ייִדישן שולוועזן און פאַר דער גלייכבאַרעכטיקונג פון ייִדישן בירגער, האָט פּרילוצקי געצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער ייִדישער עפנטלעכקייט און געהאַט אויף זיין זייט די סימפּאַטיע פון אַ טייל פון די ייִדישע שרייבער, ווי נאָמבערג (נאָמבערג איז אַפילו געווען איין צייט סיים־דעפּוטאַט), הלל צייטלין א"אַ.

צוליב אינערלעכע סבות און גאָר באַזונדער צוליבן קאַמף קעגן ציוניזם, וואָס איז ביי פּרילוצקין אין משך פון דער צייט געוואָרן אַן עיקר, האָבן אים

אַ טייל פון זיינע חברים פאַרלאָזן. פון די אָרגאַניזאַציעס אין די קליינע שטעט־לעך זענען די חברים זיך צעלאָפן. אין די צענטערס וואַרשע, לאָדזש, לובלין, זענען פון די אַלע פאָלקיסטן געבליבן ווייניק, בלויז אין מעזריטש האָט די פּאַרטיי אָנגעהאַלטן, ווי פריִער. אין קיין אַנדער שטאָט האָבן די פאָלקיסטן, אין די בעסטע צייטן זייערע, נישט דורכגעפירט אַזוי פיל פאָרשטייער אין די שטאָטראַטן און קהילה־פאַרוואַלטונגען, ווי אין מעזריטש. דאָ האָבן די פאָל־קיסטן באַקומען די מערסטע צאָל שטימען און זענען געווען די גרעסטע פראַקציע אין שטאָטראַט און אויך אין דער קהילה, ווי עס באַווייזט אונדז פאָלגנדיקע טאַבעלע:

## אין שטאָטראַט אין יאָר 1927

פאָלקיסטן — 5, ציוניסטן — 3, בונדיסטן — 4, התאחדות — 1, פּועל־צ — 1, קאָמוניסטן — 1, קליינהענדלער — 1, הויז־באַלעבאַטים — 1.

אין מאַגיסטראַט האָבן די פאָלקיסטן געהאַט איין לאַווניק און איין פאָר־שטייער זייערן (שלמה קאַמיען) אַלס וויצע־בורמיסטזש. אויך דער „בונד" האָט געהאַט אַ לאַווניק. די איבעריקע פראַקציעס האָבן אין מאַגיסטראַט קיינעם נישט געהאַט.

## פרנסים אין קהילה

פאָלקיסטן — 4, ציוניסטן — 3, בונדיסטן — 3, אָרטאָדאָקסן — 2.

עס איז דעריבער קיין וווּנדער נישט פאַר וואָס פּרילוצקי האָט געהאַלטן מעזריטש פאַר זיין פעסטונג. צום צענטראַל־קאָמיטעט האָבן געהערט 3 חברים פון מעזריטש. צווישן זיי — וועלוול טוואַרדעדזשעוואַ, דער אַקטיוווסטער טוער ביי די פאָלקיסטן אין אונדזער שטאָט.

פאַר וואָס איז דווקא אין מעזריטש געווען אַזוי אָנגענומען דער פאָלקיזם? דאָס לאָזט זיך דערקלערן דערמיט, וואָס אין מעזריטש — דאָס וויגעלע פון „בונד" — האָבן זיך געפונען הונדערטער יונגע לייט, געוועזענע בונדיסטן, וואָס האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט און שוין פאַרלוירן זייער פריִערדיקן קלאַסן־אינטערעס. אָט פאַר די אַלע, וואָס האָבן זיך דערצויגן אויף די אידעען פון „בונד" און דאָ פאַרגעשטעלט דעם רוב פון דעם קליינבירגערלעכן שיכט, איז די דאָזיקע פּאַרטיי, מיט איר אַנטי־ציוניזם און קאַמף פאַר יִדיש, געווען ווי אָנגעמאָסטן. דערצו איז אונדזער שטאָט, וואָס איז פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אַ צענטער פון ציוניסטישער טעטיקייט, שוין מער נישט געווען דאָס וואָס אַ מאָל. ווייניק פון די ערשטע ציוניסטישע מנהיגים האָט אין שטעטל נאָך געווירקט. בכלל האָט דער ציוניזם פון נאָך דער מלחמה זיך בעיקר געשטיצט אויף דעם חלוצישן כוח, אייגנטלעך, די יוגנט. און וויפל פון די אַלע האָבן געהאַט שטים־רעכט? פּועל־צ, התאחדות, אַלגעמיינע ציוניסטן, מזרחי — אַלע צוזאַמען האָבן נישט געקאָנט מבטל מאַכן די השפּעה פון די פאָלקיסטן.

עס איז זיי דעריבער גאָרנישט שווער אָנגעקומען צו באַקומען אַ גרויסע פאָרשטייערשאַפט אין שטאָטראַט און אין דער קהילה.

מיטן כוח פון די פּאָזיציעס, וואָס זיי האָבן אין יענער צייט דערוואָרבן, האָבן זיי זיך באַמיט צו העלפן דער עיקר זייערע ווײלער, ווי עס זאָגט שפּעטער עדות וועגן דעם אַ פּאָלקיסט אין אַן אַרטיקל אין „מעזריטשער וואָכנבלאַט" פון 4טן אַפּריל 1930. דאָס געזאָגטע איז אויך גילטיק פאַר די יאָרן פריִער. עס רעדט זיך וועגן אַ פאָרשלאָג פון די פּאָלקיסטן אויף אַ זיצונג פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג אין צוזאַמענהאַנג מיטן בודזשעט פאַרן יאָר 1930—31. איך ציטיר: „אַריינטראָגנדיק דעם פאָרשלאָג, זענען אונדזערע פאָרשטייער אויסן געווען נאָר די אינטערעסן פון אונדזערע ווײלער. אונדזערע ווײלער וועלן זיך אין אונדז קיין מאָל נישט נאַרן און אַ דאַנק דעם האָבן מיר נצחונות און וועלן אויך ווייטער האָבן". און אַזוי איז עס באמת געווען. איז איינער געווען פון זייערע ווײלער, האָט ער געהאַט אויסזיכטן מען זאָל אים שטעלן אַ קלענערן עטאַט און אויך עפּעס אויספּועלן פאַר זיך אין מאַגיסטראַט.

כדאי צו דערמאָנען, אַז די דאָזיקע פּאָליטישע פּאַרטיי האָט קיין יוגנט־אָרגאַניזאַציע, ווי אַנדערע פּאַרטייען, נישט געהאַט, זי האָט זיך מיט קיין דערציִונג־אַרבעט נישט אָפּגעגעבן, די פּאַרטיי איז בעיקר באַשטאַנען פון די „טוערס", וואָס זענען געווען אין אַ קליינער צאָל. זייער השפּעה אויף די האַנטווערקער און קליינהענדלער (ביי אונדז אין שטאָט איז דער דאָזיקער שיכט, אין גרויסן טייל, באַשטאַנען פון סוחרימלעך פון חזיר־האָר, געוועזענע בערשטער ביי יענעם) האָט דאָ זיך אויסגעווירקט נישט בלויז אויפן יסוד פון דער אַנטי־ציוניסטישער פּאָרגאַנגענהייט פון דעם דאָזיקן עלעמענט. זייער קאָנטאַקט מיט דער מאַסע האָט זיך געשטיצט אויף דעם פּערזענלעכן, נישט ווייניקער ווי אויף דעם אידעיִשן. די פּאָלקיסטישע כלל־טוערס זענען אַלע, אָדער כמעט אַלע, אַרויסגעוואַקסן פון דער מאַסע און געבליבן אַ טייל פון זיי. „עמך" האָט אין זיי געזען די פאַרקערפּערונג פון זיך אַליין און זיי געשענקט זייער צוטרוי.

## די יידישע פאָלקסשול אין מעזריטש

איינע פון די גרונט־אידעען, אויב נישט די הויפּט־אידעע פון פּאָלקיסטישן געדאַנק, איז געווען דער קאַמף פאַרן יידישן שולוועזן, וואָס זאָל דערציִען דעם יונגן דור אין גייסט פון דער מאָדערנער יידישער קולטור. האָבן טאַקע די פּאָלקיסטן זיך אָפּגעגעבן דער יידישער פאָלקסשול אין מעזריטש. זייער ווילן איז אָבער געווען, אַז די פאָלקסשול זאָל זיך געפינען אויסשליסלעך אין זייערע הענט. וועגן דעם האָבן זיי געפירט זייער קריג מיטן „בונד" אין מעזריטש. די דאָזיקע שול, וואָס איז פריִער, אונטער דער לייטונג פון איר גרינדערין, אַנושקע אַדלער, געווען אַזוי באַליבט און פּאָפּולער ביי דער מעזריטשער יידישער באַפעלקערונג, איז נאָך איר פאַרלאָזן שטאַרק אַרונטער פון

איר פריִערדיקן פעדאַגאָגישן ניוואָ. די אַרומרייסענישן פון די פאָלקיסטן מיט זייערע שותפים פון „בונד“, האָבן געבראַכט דערצו, אַז דער „בונד“ האָט אַ לענגערע צייט זיך אָפּגעזאָגט מיטצואַרבעטן לטובת דער שול. אין היפּוך צו דער „תרבות“־שול, וואָס איז פון יאָר צו יאָר געוואַקסן מיט איר צאָל שילערס, איז די יִדישע פאָלקסשול געבליבן קליין און נישט אַנטוויקלט. די חברים גופא, מיט אַן אויסנאַם פון אַ קליינער צאָל, האָבן זייערע קינדער — אין סתירה צו זיך אַליין, צו זייערע אייגענע רייד — געשיקט אין דער „תרבות“־שול, פון וואַנען די קינדער זענען אַרויסגעקומען גוטע ציוניסטן. דער פועל־יוצא דערפון איז געווען, אַז די יִדישע פאָלקסשול מיט אירע עטלעכע צענדליק קינדער, האָט זיך געמאַטערט און קיין מאָל נישט געהאַט צו באַצאָלן די לערערס, לרוב בונדיסטן און נישט קיין פאָלקיסטן — לערערס, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מאָדערנע יִדישע קולטור איז אַ נויטווענדיקייט פאַר די יִדיש־רעדנדיקע מאַסן, אידעאַליסטן, וואָס האָבן געגלויבט אין דער שליחות פון יִדישן לערער און זיך אָפּגעגעבן דער דערציִונג מיט לייב און לעבן.

## די אידעישע באַגרינדונג פון אַנטי־ציוניזם

די חברים פון דער „פאָלקס־פאַרטיי“ אין מעזריטש, די הייסע אָנהענגער פון פרילוצקין, האָבן נאָכגערעדט די רייד פון זייער מנהיג, אַז „די ציוניסטן ווענדן אָפּ די יִדישע מאַסן פון זייער קאַמף פאַר „דאָ“, דורך דעם, וואָס זיי פאַרפירן דאָס יִדישע פאָלק מיט פאַלשע אילוזיעס וועגן אַ יִדישער היים אין פאַלעסטינע“...

היינט, נאָכן אויפקומען פון דער יִדישער מדינה, נאָכן אומקום פון זעקס מיליאָן יִדן, און אין מרחק פון צייט, זעען מיר דאָס אַלע אַנדערש. אָבער דער אַנטי־ציוניזם האָט אין יענער צייט, ביי יענערווירקלעכקייט, גאָר אַנדערש אויסגעזען. אין תוך גענומען איז די אידעיִשע באַגרינדונג פון אַנטי־ציוניזם, סיי פון די פאָלקיסטן און סיי פון „בונד“ און די עקסטרעם־לינקע — אויסער די אַסימילאַטאָרן, וואָס זענען ביי אונדז אין שטאָט כמעט נישט געווען בנמצא — אַרויסגעדרונגען פון זייער טיפן גלויבן, אַז ביי אַן אַנדער אָרדענונג, ביי אַ בירגערלעך־דעמאָקראַטישער, ווי ס׳האָבן געהאַלטן די פאָלקיסטן, אָדער ביי אַ סאָציאַליסטישער, ווי ס׳האָבן געטענהט די אַנדערע — וועלן זיך שאַפן באַדינגונגען פאַר אַ פרייער אַנטוויקלונג פון אַלע פעלקער, און אונדזער פאָלק בתוכם.

דער דאָזיקער געדאַנק האָט נישט ווייניקער באַגייסטערט, ווי דער ציוניזם. די אַנטי־ציוניסטן האָבן געקעמפט פאַר זייערע אידעאַלן מיט נישט ווייניקער מסירות־נפש, ווי מיר, די ציוניסטן.

## דאָס באַזונדערע אין דער מחלוקת צווישן די פאָלקיסטן און ציוניסטן

די קריגערייען צווישן פאָלקיסטן און די ציוניסטישע פּאַרטייען זענען נישט אַזוי אַרויסגעדרונגען פון די אידעיִשע אונטערשיידן, ווי פון דעם, וואָס זי, די „פאָלקס־פּאַרטיי", האָט מיט איר פּראָגראַם פּרעטענדירט צו פאַרטרעטן די אינטערעסן פון די האַנטווערקער און קליינהענדלער. די „פאָלקס־פּאַרטיי" האָט דערביי זיך אָנגעטראָפן אויף דער שאַרפער קאָנקורענץ פון די ציוניסטישע פּאַרטייען, וואָס האָבן, ווי זיי, פאַרטראָטן, אָדער געזאָלט פאַרטרעטן, דעם זעלביקן עלעמענט.

פאַר וואַלן, צום סיים, ווי צום שטאָטראַט און קהילה־פאַרוואַלטונג, האָבן ביידע זיך באַמיט אָפּצוציִען שטימען איינע פון די אַנדערע. אויף מיטינגען, וואָס די ציוניסטישע פּאַרטייען האָבן איינגעאָרדנט, האָבן די פאָלקיסטן זיך אַריינגעריסן און געשטערט. ס'איז דערגאַנגען ביז געשלעגן, שוין אָפּגערעדט פון קעגנזייטיקע זידלערייען. אין די אַלע פאַלן האָבן זיך באַטייליקט אויך יוגנטלעכע, וואָס האָבן נאָך מסתמא דאַן קיין שטימרעכט נישט געהאַט.

ד"ר חיים שאָשקעס דערציילט אין זאַמלבוך „מעזריטש" (אַרויסגעגעבן אין אַרגענטינע, ז' 144) וועגן זיינס אַ באַזוך אין מעזריטש ערב די וואַלן צום סיים אין 1928. ער איז דעמאָלט אַרויסגעטראָטן אויף אַ מיטינג אין מאַרק קעגן פרילוצקין און לטובת האַרטגלאַסן, דעם ציוניסטישן קאַנדידאַט. „דער גרויסער מאַרק — שרייבט ער — איז אין יענעם טאָג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָכעדיקן דיסקוסיע־קלוב, מיט געשרייען און קלעפּ. שטעקנס האָבן געפּאָכעט אין דער לופט. גוטע־ברידער האָבן זיך נישט דערקענט, אויב נאָר זיי האָבן געהאַלטן פון די קאָנקורירנדיקע קאַנדידאַטן, ווי אין פסוק שטייט: „ויאמר לאחיו לא הכיר ואת בניו לא ידע"... (און ער זאָגט צום ברודער, ער קען אים נישט און פון זיינע זין וויל ער נישט וויסן...) אין אָוונט, בעת דעם מיטינג, איז דאָס געשלעג אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין רויטציגלדיקן פייער־לעשער־הויז. פון דער טריבונע אויבן האָב איך געזען אַ מאַסן־סצענע מיט קעגנזייטיקע פלאַסטישע באַוועגונגען, וועלכע וואָלטן אָנגעטאָן אַ כבוד מאָריס שוואַרצס קונסט־טעאַטער, אויב נאָר עס וואָלט זיך אים איינגעגעבן צו באַקומען אַזעלכע טעמפּעראַמענטפולע סטאַטיסטן, ווי די מעזריטשער יוגנט ביי די וואַלן..."

קעגן דער השפעה פון די פאָלקיסטן האָבן די ציוניסטן געהאַט צו פירן אַ שווערן פאַרביטערטן קאַמף. די פאָלקיסטן ווידער האָבן אַלץ געטאָן, כדי צו דערהאַלטן זייער השפעה, צוליב דעם האָבן זיי דאָס ערשטע געוואָלט באַהערשן דעם האַנטווערקער־פאַראיין, זיי האָבן געוואָלט האָבן די העגעמאָניע אין די צעכן, און כדי נאָך מער צו פאַרשטאַרקן זייער כח האָבן זיי זיך אויך געריסן צו זיין די דעה־זאָגערס אין שפּיטאָל און אַפילו אויך ביי דער גבאות אין שול און ביים ווײלן אַ רב.

## די נייע ווענדונג אין נח פרילוצקיס פּאָליטיק: סאָלידאַריטעט מיט דער פּילסודסקי־רעגירונג אַנשטאָט אָפּאָזיציאָנערן קאַמף

די געענדערטע פּאָליטיק פון נח פרילוצקי האָט זיך קלאָר געזען בעת די וואַלן צום דריטן סיים אין 1928. די פאָלקיסטן פון קאָנגרעס־פּוילן האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער ליסטע פון דער „אגודה״, וואָס האָט אַלע מאָל געשטיצט די סאַנאַציע. צוזאַמען האָבן זיי אויך אַרויסגעשטעלט זייערע קאַנדידאַטן אויף דער מלוכה־ליסטע. דאָס איז נישט געווען נאָר אַ פּועל־יוצא פון אַ טעכנישן אָפּמאַך, דאָס איז איצט געווען די אָנערקענטע ליניע פון דער „פאָלקס־פּאַרטיי״ פון נח פרילוצקי.

די ווילנער פאָלקיסטן האָבן צו דעם נישט מסכים געווען. געטריי דעם אמתן פאָלקיזם, האָבן זיי, פונקט ווי גרינבוים, זיך נישט אָפּגעזאָגט פון זייער אָפּאָזיציאָנערן קאַמף קעגן דער רעגירונג. גרינבוים, דער מנהיג פון די ציוניסטן אין קאָנגרעס־פּוילן, האָט, ווי באַוווסט, פון שטענדיק אָן געפירט אַ קריג מיט די ציוניסטישע מנהיגים פון גאַליציע פאַר זייער נאָכגיביקייט. זיי, די פאַרשטייער פון גאַליציאַנער ייִדנטום, זענען אין היפּוך צו גרינבוימען, נישט געגאַנגען אויף דעם וועג פון אָפּאָזיציאָנעלן קאַמף. די ווילנער פאָלקיסטן, די פאָלקס־דעמאָקראַטן, האָבן דעריבער געזען אין גרינבוימען אַ פּאַסיקן פּאַרטנער צו די וואַלן און זיך אָנגעשלאָסן אין זיין ליסטע. די דאָזיקע ליסטע איז אַרויס־געטראָטן קעגן דער שתדלנות־פּאָליטיק און צוגעזאָגט פאַרצוזעצן דעם קאַמף פאַר פולע ייִדיש־נאַציאָנאַלע רעכט.

אַנשטאָט אַרויסטרעטן קעגן דער רעגירונג, וואָס באַשרענקט די נאַציאָנאַלע רעכט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, האָבן איצט די פאָלקיסטן פון נח פרילוצקיס שיטה גאָר געקעמפט קעגן די ציוניסטן. קיין סיים־דעפּוטאַט האָבן זיי שוין אָבער מער נישט דורכגעפירט.

דעם 10טן אָקטאָבער 1929 איז אין לובלין פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די געצייליטע פאָלקיסטן פון נח פרילוצקיס חדר צוזאַמען מיט די, וואָס גרופּירן זיך אַרום די ווילנער פאָלקיסטן, מיטן ציל צו פאַראייניקן דיביידע טיילן. די דאָזיקע קאָנפערענץ, וואָס האָט געוויזן ווי שוואַך און קליין ביידע זענען, האָט צו קיין שום רעזולטאַטן נישט געבראַכט.

אין אַן אַרטיקל, געדרוקט אין „מעזריטשער טריבונע״ פון 8טן נאָוועמבער 1929, ווערט צווישן אַנדערע דערציילט, אַז אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ האָט דער באַקאַנטער פּובליציסט פון „מאָמענט״ און איינער פון די זיילן פון דער „פאָלקס־פּאַרטיי״, ש. י. סטופּניצקי, פאָרגעשלאָגן אַריינצוטרעטן אין דער ציוניסטישער אַגענץ, אָפּשטעלן דעם קאַמף קעגן ציוניזם און נישט אָפּרייסן די קינדער פון דער העברעיִשער קולטור. פרילוצקי האָט זיך אָבער געהאַלטן ביי זיינס, אַז דער קאַמף דאַרף זיין געווענדט קעגן ציוניזם און נישט קעגן דער רעגירונג. ווי אַזוי די דאָזיקע שטעלונג איז קאָמענטירט געוואָרן דורך די תלמידים זיינע אין מעזריטש, דערוויסן מיר זיך פון אַן אַרטיקל פון איינעם פון

די פּאַלקיסטישע מפרשים אין „מעזריטשער וואָכנבלאַט" פון 2טן אויגוסט 1929:
„דאָס שאַפן די אילוזיע וועגן ייִדנשטאַט האָט פאַרערגערט די לאַגע פון די ייִדן אין זייער וווינאָרט, אָפּשוואַכנדיק דעם קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטיקונג אויפן אָרט, אָדער דערפירנדיק אים ביז נול, ווייל אַ דאַנק דעם ייִדנשטאַט באַפ־רידיקן נישט די מאַסנגעבנדיקע פאַקטאָרן די גערעכטע ייִדישע פאָדערונגען, אָנווייזנדיק זיי אויף זייער פאַטערלאַנד אין אַזיע"... (אונטערגעשטראָכן דורך מיר — פּ. פּ.)

היינט איז איבעריק צו פירן אַ פּאָלעמיק איבער דעם. איך האָב אָבער געבראַכט דעם דאָזיקן אויסצוג, כדי צו אילוסטרירן די באַגרינדונג פאַר זייער פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, וואָס האָט זיך געפירט אין דער ריכטונג פון קאַמף קעגן ציוניזם און סאָלידאַריטעט מיט די „מאַכט־אָרגאַנען". אין שטאָט־ראַט, למשל, אויף די פאָרשלאָגן פון די ציוניסטישע און בונדישע פאָרשטייער, האָבן אַלע מאָל די פּוילישע ראַטמענער זיך אָנגעצונדן קעגן דער ייִדישער חוצפּה. די, מיט וועמען זיי האָבן זיך געקענט צוזאַמענרעדן, זענען געווען די פּאָלקיסטישע פאָרשטייער. אמת, אין קאַמף קעגן ציוניזם זענען ביידע, דער „בונד" און די פּאָלקיסטן, געווען פאַראייניקט, מען מוז אָבער זאָגן, אַז אין שטאָטראַט האָבן די בונדיסטן נישט מורא געהאַט צו זאָגן די פּוילישע פאָרשטייער דעם ריינעם אמת. די פּאָלקיסטן אָבער האָבן די אַלע עוולות פון די אַנטיסעמיטישע קריסטלעכע ראַטמענער זייער אָפּט פאַרשוויגן. פאַרשידענע פאַקטן, וואָס זענען איבערגעגעבן געוואָרן אין די צייטונגען פון מעזריטש אין יענע יאָרן, גיבן אונדז איבער אַ קלאָר בילד פון דער פּאָלקיסטישער טעטיקייט ביי אונדז אין שטאָט. אויף די שפּאַלטן פון דער ציוניסטישער „מעזריטשער טריבונע" ווערן די פּאָלקיסטן אָנגעגריפן אָן אויפהער. איך וויל זיך דאָ אויף דעם אַלעמען נישט פאַררופן, איך וויל נאָר ברענגען איין ציטאַט פון אַן אַרטיקל אין „גלאָס מיענדזיזשעצקי", איבערגעדרוקט אין „מעזריטשער טריבונע" פון 27סטן יוני 1930. „פאַר וואָס עפּעס — שרייבט דער „גלאָס מיענדזיזשעצקי" — אַטאַקירן די ציוניסטן דווקא די ייִדישע גרופּע, וועלכע איז צום מיינסטן גענויגט צו דער מלוכה און מלוכה־שעפערישקייט? דער אָנגריף אויף די פּאָלקיסטן ברענגט אַרויף יעדן דענקנדיקן מענטש אויף פיל רעפלעקסן אין באַצוג צו דער גענוג „רעטזעלהאַפטער" קאַמפּאַניע פון די ציוניסטן".

דער דאָזיקער ציטאַט אַליין באַשטעטיקט די פּאָליטישע ריכטליניע פון אונ־דזערע פּאָלקיסטן. איך וויל פון דעסטוועגן דערמיט נישט זאָגן, אַז די פּאָלקיסטן האָבן דערביי געהאַט שלעכטע כוונות. די „פּאָלקס־פּאַרטיי" פון נח פּרילוצקי, צו וועמען זיי האָבן געהערט, איז, ווי מיר ווייסן, נישט געווען די איינציקע, וואָס האָט געהאַלטן, אַז דורך אַ פאַרשטענדיקונג מיט דער רעגירונג וועלן מיר דער־גרייכן מער ווי דורך אָפּאָזיציאָנעלן קאַמף. די פּאָלקיסטן אין מעזריטש האָבן, אויף זייער אופן, זיך צוגעפּאַסט צו דער דאָזיקער הלכה.

שפעטער, אין די דרייסיקער יאָרן, האָבן די פּאַלקיסטן, און נישט זיי אַליין, באַטראַכט די היטלער־עפּידעמיע, ווי אַ פאַרבייגייענדיקן עפּיזאָד. אויך דעמאָלט, ווען דער חלף איז שוין געלעגן אויפן האַלדז, האָבן די פאַלקיסטן נאָך אַלץ נישט פאַרלוירן די אמונה אין דער צוקונפט פון די ייִדן אין פוילן. ווי די לאַגע פון די ייִדן אין פוילן האָט דעמאָלט אויסגעזען, ווייסן מיר אַלע. אין מעזריטש איז, אמת, נישט פאָרגעקומען דאָס, וואָס אין פשיטיק, קעלץ אָדער בריסק, אין גאַנצן אַן אויסנאַם איז אָבער אויך מעזריטש נישט געווען. אין 1937 פאַרברענען פּוילישע כוליגאַנעס די הילצערנע געביידע פון דער ייִדישער פאָלקסשול. ייִדן אין מעזריטש, פאָלקיסטן און נישט־פאָלקיסטן, האָבן באַגריפן דעם זינען פון דעם דאָזיקן פאַרברעכערישן אַקט. מיטן גלויבן „שבכל דור ודור קמים עלינו" — האָבן מעזריטשער ייִדן נישט פאַרלוירן דעם בטחון און געהאָלפן די פאַלקיסטן בויען פאַר דער ייִדישער פאָלקסשול אַ נייעם בנין, נאָך אַ גרעסערן, אַ שענערן.

וועגן די פאָלקיסטישע כלל־טוער, אין אַלגעמיין, וויל איך זאָגן: אַלע זענען זיי געווען גוטע, ערלעכע, פאָלקסמענטשן. אין זייער עסקנות זענען זיי נישט אויסן געווען זייער אייגננוצן, זיי האָבן נישט אויסגענוצט זייער מעמד כדי רייך צו ווערן. אָט זענען די גאָר וויכטיקסטע פון זיי:

וועלוול טוואַרדעדזשעוואַ — אַ היימישער ייִד, נישט קיין גביר, אַליין מיט צען פינגער אויסגעאַרבעט דאָס ביסל חזיר־האָר און דערפון געלעבט.

משה צוקערמאַן — אַ גאַרבער. אין יענע יאָרן נישט קיין גביר.

שלמה קאַמיען — דער געוועזענער וויצע־בורמיסטזש — אַ פריינדלעכער, האַרציקער ייִד.

בענצי שיינמעל — מיטאייגנטימער פון דער גרויסער אייזן־פאַבריק. ווען ער וואָלט קיין לאַווניק נישט געווען, וואָלט ער אויך געהאַט פון וואַנען צו לעבן.

חיים קראָנהאַרץ — אַ פאָטאָגראַפיסט, גוט באַקאַנט אין שטאָט מיט זיין אַטעליע. אַ שטילער, באַשיידענער מענטש.

ד"ר סעמיאַטיצקי — דער „אַנאַליזן־דאָקטער", ווי די מעזריטשער האָבן אים גערופן, בטבע אַ גרויסער וויצלער. מען דערציילט: אַ מאָל איז עמעצער אַריינגעקומען צו אים און אים געבעטן מאַכן אַן אַנאַליז, האָט דער דאָקטער סעמיאַטיצקי געפרעגט: „מיט מיין מאַטעריאַל, צי מיט אייער מאַטעריאַל?"... מיט די ייִדישע פאַציענטן האָט ער קיין פויליש נישט געוואָלט רעדן, האָבן טאַקע מעזריטשער ייִדן געטענהט: „אַ דאָקטער וואָס רעדט ייִדיש, וואָס איז ער פאַר אַ דאָקטער?"... אַזאַ איז געווען דער דאָקטער סעמיאַטיצקי, דער פאָלקיסט, דער שרייבער פון די „מעדיצינישע שמועסן" אין „מעזריטשער וואָכנבלאַט".

אַלע, אַלע זענען זיי געווען פשוטע, היימישע ייִדן, מיט וועמען „עמך" האָט זיך געקענט צוזאַמענרעדן אויף זייער פשוטן, אָרעמען לשון.

צום סוף — עטלעכע ווערטער וועגן דעם אָרגאַן פון די פאָלקיסטן „מעזריטשער וואָכנבלאַט". די צייטונג איז פּובליציסטיש נישט געשטאַנען העכער אָדער נידעריקער פון דער „מעזריטשער טריבונע" אָדער „פּאָדליאַשער צייטונג". דאָס

אַריינזאָגן זיך איינער דעם צווייטן, אָפט אין אַ טאָן פון פּערזענלעכער באַליידי־
קונג, האָט זיי אַלע קיין איבעריקן כבוד נישט צוגעגעבן. אָבער ליטעראַריש
איז מיטן „מעזריטשער וואָכנבלאַט" נישט געווען זיך וואָס צו שעמען. אַגב, פאַרן
גוטן יידיש אירן, האָט די צייטונג געהאַט אַ סך צו פאַרדאַנקען דעם לערער
לייב לעוו, וואָס האָט אין די ערשטע יאָרן פון איר דערשיינען געלייגט אויף איר
זיין חותם. נישט אומזיסט האָט מען אין די וואַרשעווער ליטעראַרישע קרייזן
געזאָגט, אַז אין ים פון די פּראָווינצער צייטונגלעך איז דאָס „מעזריטשער
וואכנבלאַט" אַ גאָלדן פישעלע — גם זו לטובה.

**גרשון פרידמאַן** / לאָס אַנדזשעלעס

# די יידישע פאָלקסשול אין מעזריטש

אין די שפּעטערע יאָרן פון לעבן הייבן אָן אויפקומען אין אונדזער זכרון עפּיזאָדן פון די קינדער־יאָרן מיט שאַרפער בילדערישער קלאָרקייט. אַזאַ בולטער און ליכטיקער שווימט איצט אַרויס דער פריִער פּעריאָד פון מיין לעבן: די ייִדישע פאָלקסשול אין מעזריטש.

איר פונדאַמענט האָבן געלייגט אַ גרופּע פון דער ייִדישער אינטעליגענץ מיט מאַדאַם אַנאַ אַדלער אין דער שפּיץ, נאָך אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. זיי האָבן אָרגאַניזירט די „פּלאַש־טשאַדקע", אַ פּלאַץ, ווו זיי האָבן צונויפגענומען קליינע קינדער, פאַרוואָרלאָזטע יתומים און מיט זיי זיך פאַרנומען דעם גאַנצן טאָג: געשפּילט זיך מיט זיי און אַריינגעבראַכט אַ ביסל פרייד אין זייערע קינדערישע הערצעלעך.

אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר האָט די „פּלאַשטשאַדקע" זיך פאַרוואַנדלט אין אַ רעגולערן קינדער־גאָרטן, און מיט דער צייט — אין אַ רעגולערער עלע־מענטאַרער שול, אין וועלכער ס'איז יעדעס יאָר צוגעקומען אַ פרישער קלאַס.

אין אָט דער צייט בין איך נאָך געווען אַ קליין ייִנגעלע און געלערנט אין תלמוד־תורה. מיינע אָבסערוואַציעס זענען געווען בלויז דרויסנדיקע. ערשט שפּעטער, ווען פּוילן איז געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע מדינה און איך האָב אָנגעהויבן גיין אין דער שול, איז די פאָלקסשול געוואָרן דער ליכטיקסטער, וואַרעמסטער פּונקט אין מיינע קינדעריאָרן. די מלחמה האָט זיך נאָר וואָס געענדיקט. פּוילן איז געלעגן אין חורבות. מעזריטשער ייִדן האָבן געלעבט אין אָרעמקייט — האָבן ד'י קינדער פון די פינצטערע, קאַלטע און הונגעריקע שטובן געפונען אַ גן־עדן אין די ליכטיקע, וואַרעמע קלאַסן פון דער פאָלקסשול, אין דער ליבשאַפט־פולער אויפזיכט פון זייערע לערער. קיין מעזריטש האָט שוין דערגרייכט די הילף פון אַמעריקאַנער דזשוינט און ביי דער שול איז געווען אַ קיך, ווו די קינדער פלעגן באַקומען אַן אומזיסטן מאָלצייט יעדן טאָג, פון די פּראָדוקטן פון דזשוינט.

דער פּלוצלינגער איבערגאַנג פונעם חדר־ייִנגל, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן לערנען אַ בלאַט גמרא, צו אַ וועלטלעכער פאָלקסשול, האָט פאַר אים געעפנט אַ נייע וועלט פון שפּיל, געזאַנג און קאָלירן, וואָס האָבן באַגליקט און צערודערט דאָס סענסיטיווע ייִנגל. אויף די שפּאַצירן און אויספלוגן הינטערן שטאָט האָבן די לערער אויפגעדעקט פאַר די קינדער די שיינקייטן פון דער נאַטור. מיר האָבן איינגעזאַפּט אין זיך מיט גיריקער נייגעריקייט די קאָלירן און ריחות פון בלומען און פלאַנצן, דאָס געזאַנג און דעם פלאַטער פון פייגל, אינזעקטן און שמע־טערלינגען.

אַן אומגעהויערע דאַנקבאַרקייט און ליבשאַפט איז געוואַקסן און געקוואָלן אין האַרץ פון דעם ייִנגל צו זיינע לערער און דערציִער און ער איז גרייט געווען צו גיין פאַר זיי אין פייער און אין וואַסער.

**שילער מיט זייערע לערער אין דער יידישער פאָלקסשול**



לעצטע ריי, ליגנדיק (מיטן שטעקעלע אין האַנט): גרשון פרידמאַן

פאַר מיינע אויגן שטייען ווי לעבעדיק מיינע לערער און דערציִער. מאַדאַם אַנאַ אַדלער, „אַנישקע" האָט מען זי גערופן אין שטאָט — דאָס ווייב פון שטאָטישן דענטיסט שעפּקע אַדלער, קאָמענדאַנט פון דער ייִדישער פרייוויליקער פייער־לעשער־קאָמאַנדע, זי האָט געקענט יעדעס קינד, געוווּסט דעם צושטאַנד פון דעם קינדס פאַמיליע און האָט טייל מאָל, ממש מאַטעריעל, געהאָלפן פאַרגרינגערן דעם גורל פון דעם אָרעמען קינד. אָפט פלעגט זי נאָך די קלאַסן־שעהען מיט־נעמען קינדער צו זיך אַהיים. ביי זיך אין דער רייכער דירה האָט זי געשמועסט מיט אונדז, געשפּילט פאַר אונדז אויף דער פּיאַנאָ און דערלויבט אונדז מיט די קליינע הענטלעך אויסצוכישופן מעלאָדיעס פון די קלאַווישן. זי פלעגט אונדז מכבד זיין מיט פרוכטן און זיסקייטן, האָט אונדז אָנגערעגט צו לייענען, מאָלן און זינגען און אָנטיילגענומען אין אונדזערע שפּילערייען ווי אַ גלייכע מיט אונדז.

3 לערער זענען געווען פון איין משפחה לעוו: רבקה לעוו, געלערנט מיט קינדער פון 2טן און 3טן קלאַס, טויבע לעוו, לערערין אין 4טן קלאַס, וווּ איך

האָב אָנגעהויבן, חיים לעוו — לערער פון געזאַנג און פירער פון מאַנדאָלין־אָרקעסטער ביי דער שול, וועלכער האָט מיך אָנגעהויבן לערנען שפּילן אויף דעם אינסטרומענט און אַריינגעפירט מיך אין דער צויבערוועלט פון מוזיק, געעפנט מיינע אויערן צו די קלאַנגען און זייערע האַרמאָנישע צוזאַמענהאַנגען.

די משפחה לעוו האָט אין יענער צייט אַ סך בייגעשטייערט צו דער קולטור און דערציִונג אין מעזריטש. אַגב, איז רבקה לעוו אויך געווען ביבליאָטעקאַרין אין דער ייִדישער שטאָט־ביבליאָטעק, וועלכע איז סובסידירט געוואָרן דורך דער קהילה. דער פאָטער פון די לעווס, ר׳ גדליהו לעוו (ר׳ זלמן טשיפּעס איידעם), אַ ייִד, אַ גרויסער למדן, איז יום ולילה געזעסן און געלערנט אין בריקן־בית־מדרש געווען אַ זייער אָפּגעהיטענער, פרומער ייִד און אַ האַרציקער מענטש.

די לערערין צינה פּאַלעווסקי, אַ סובטעלע און אינטעליגענטע פרוי, האָט מיט אונדז געלערנט אַריטמעטיק, נאַטור־וויסנשאַפט, געאָגראַפיע, באָטאַניק, זאָאָלאָגיע און אַנאַטאָמיע, ווי אויך העברעיִש. זי האָט אונדז אָנגערעגט צו לערנען און דערגיין די סודות פון דער נאַטור, וועלכע זענען געווען פאַר אונדז פאַרהוילן. מיט יעדער נייער דערקענטניש האָט זיך פאַרשטאַרקט דער ווילן מערער צו וויסן און דערגיין.

דער לערער איטשע בירסקי האָט פון 5טן קלאַס און העכער מיט אונדז געלערנט ייִדישע ליטעראַטור. עס קלינגען נאָך אין מיינע אויערן לערער בירסקיס אינטערפּרעטאַציע און קריטישער אַנאַליז פון די ווערק פון אונדזערע גרויסע שרייבערס: מענדעלע, פּרץ, שלום־עליכם, אַש, ביאַליק, רייזען, מאָריס ראָזענפעלד און פיל אַנדערע. ער האָט געהאַט אַ זייער שיינעם מעטאָד פון לערנען, צוליב וועלכן די שילער האָבן מיט שפּאַנונג און ליבשאַפט צו אים זיך צוגעהערט. די מוחות האָבן זיך געעפנט און איינגעזאַפּט אַלץ מיט קלאָרקייט און פאַרשטענדעניש. וועגן אים האָט מען דערציילט, אַז ער איז נאָך ביים צאַר געווען אַ בונדיסט און געזעסן אין תפיסות פאַר זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. אין דער צייט פון מיינע שוליאָרן איז ער אויך געווען אַ פירער אין דער מעזריטשער בונדישער פּאַרטיי. ער איז געווען געוויילט צום שטאָטראַט דורך דעם „בונד״. ער האָט אויך אומבאַצאָלט אָנגעפירט מיט קורסן פאַר דערוואַקסענע אַרבעטער אין די אָוונטן. דער לערער בירסקי איז געווען אַ מענטש פון הויכן מאָראַלישן קאַליבער און איידלקייט, אַ טיפּ פון פאָלקס־אינטעליגענט, וואָס איז היינט נישט בנמצא. ער פלעגט רעדן מיט אַ שטיל קול און יעדן אירצן, אַפילו זיינע אייגענע שילער, די צען־יאָריקע.

אונדזער פּויליש־לערערין איז געווען יאַדוויגאַ גערעכטער (פון וואַרשע) זי איז געווען טעטיק אין דער „השומר הצעיר״־באַוועגונג אין מעזריטש. די לערערין אין ערשטן קלאַס איז געווען פייגלע ראָגאָזשיק (ישעיהו־יוסף מוכר ספרימס טאָכטער). שרה ניישטיין האָט געלערנט די מיידלעך, אין די העכערע קלאַסן, נייען און העפטן.

דער 5טער, 6טער און 7טער קלאַס האָט אויך איינגעאָרדנט אַ נאָכמיטאָג־קלוב פאַר די שילער, ווו אין די פרייע אָוונטן האָבן די שילער זיך געטראָפן און געווען טעטיק אין די קאָמיסיעס פון פאַרשידענעם קולטור־ליטעראַרישן כאַראַקטער. יעדע קאָמיסיע איז געוואָרן אָנגעפירט דורך אַ לערער. דאָס איז געווען אַ ריכטיקע קינדער־רעפובליק; אַ קאָמיסיע פאַר ליטעראַטור, ווו די קינדער האָבן געשריבן פראָזע און פּאָעזיע אין אַ העקטאָגראַפירטן מאָנאַטלעכן זשורנאַל; שאַפונגען פון אונדזערע פעיקערע תלמידים זענען פון צייט צו צייט געווען געדרוקט אין וואַרשעווער קינדער־זשורנאַל „גרינינקע ביימעלעך"; אַ דראַמאַטישע קאָמיסיע, וועלכע האָט צוגעגרייט טעאַטער־אויפטריטן עטלעכע מאָל אַ יאָר פאַרן ברייטן פובליקום אין אַ שטאָטישן טעאַטער. אין די פאָרשטעלונגען האָט זיך אויך באַטייליקט דער מאַנדאָלין־אָרקעסטער; אַ קאָמיסיע פאַר קונסט, ווו די קינדער האָבן געזוכט צו אַנטוויקלען זייערע טאַלאַנטן און מאָלן, צייכענען און אויסהעפטן אויף פאַרשידענע מאַטעריאַלן, און אויך אַ קורס פון צוגרייטונג צו דאַמען־שניידעריי.

ביי מיין אַריינטרעטן אין 5טן קלאַס איז אונדזערע מעזריטשער פאָלקסשול אָנגעשלאָסן געוואָרן אין דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע ציש"אָ. אָפט פלעגן קומען געסט פון וואַרשע אונדז באַזוכן: שרייבערס, דערציערס און בכלל מענטשן, וועלכע האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין יידישן לעבן אין פוילן.

יאָרן שפּעטער האָט די שול געמוזט זיך ליקווידירן צוליבן מאַנגל אין אַ לייטישן לאָקאַל און אויך צוליב דער קאָנקורענץ פון דער תרבות־שול און פון די פוילישע מלוכישע עלעמענטאַרע שולן, וואָס זענען געווען אומגעצאָלט.

די פּאָלקיסטישע פּאַרטיי האָט יאָרן שפּעטער גענומען די איניציאַטיוו און אויפגעבויט אַ בנין אויפן בריסקער שאָסיי און דאָרט איינגעאָרדנט אַ יידישע פאָלקסשול, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביז צום אויסברוך פון צווייטן וועלטקריג און איז אונטערגעגאַנגען צוזאַמען מיט אַלע יידן אין דער יידנשטאָט מעזריטש.

וואָס איז געוואָרן מיט מיינע באַליבטע לערער? זיי האָבן געטיילט דעם יידישן גורל און אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס. איין לערערין, יאַדוויגאַ גערעכטער, היינט פראַגער, לעבט אין מעץ (פראַנקרייך). צי נאָך עמעצער האָט זיך אָפּגעראַטעוועט — איז מיר אומבאַוווסט. פון די תלמידים האָט אַ קליינע גרופּע אויסגעמיטן דעם אומקום. דאָס זענען געווען די קינדער פון דער יתומים־הויז, וואָס האָבן פאַר דער מלחמה אויסגעוואַנדערט קיין קאַנאַדע. עטלעכע שול־חברים האָבן עמיגרירט קיין אַרגענטינע און אויסטראַליע. די, וואָס זענען געבליבן אין מעזריטש, זענען, מיט אַ פּאָר אויסנאַמען, אַלע אומגעקומען.

זאָלן אָט די דערינערונגען מיינע פון דער פאָלקסשול זיין אַ מצבה פאַר די שאַפערס, לערער און תלמידים פון דער יידישער פאָלקסשול, וואָס זענען אומגעקומען אין איינעם מיט דער גאַנצער קהילה קדושה מעזריטש.

**לאה דימענט**/רמת־אפעל

# די יידישע פאָלקסשול אין מעזריטש

די יידישע פאָלקסשול אין מעזריטש איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1915. זי איז געווען די ערשטע יידיש־וועלטלעכע שול אין פוילן.

ביי אונדז זענען געווען אין יענעם יאָר אַ סך פליטים פון בריסק. אין דער צייט פון דער מלחמה האָבן זיי פאַרלאָזן זייער היימשטאָט און זיך באַזעצט אין מעזריטש. צווישן זיי זענען געווען לערער, וועלכע האָבן באַהערשט די רוסישע שפראַך, זיי זענען אָבער נישט געווען צוגעגרייט צו געבן די לימודים אין יידיש. אין זייערע באַגרענעצטע מאַטעריעלע באַדינגונגען האָבן די לערער בראש מיט מאַדאַם אַנאַ אַדלער, אָדער ווי מ'האָט זי גערופן: אַנישקע, און אונטער איר ווירקונג, זיך גענומען ענערגיש דערלערנען די יידישע שפראַך. ממש ביי ליכטלעך האָבן די לערער אין די אָוונטן געגרייט זיך צו די לעקציעס, געמאַכט איבערזעצונגען פון רוסיש אין יידיש: געאָגראַפיע, נאַטור־וויסנשאַפט און אַנדערע לימודים. אַ דאַנק דער מאַדאַם אַדלער האָט די שול זיך דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה פון פעדאַגאָגיק. אונטער איר לייטונג איז די קליינע יידישע שול אויסגעוואַקסן צו צוויי שולן: ערשטע יידישע שול פאַר קינדער פון פאַרמעגלעכע עלטערן מיט אַ געוויסן אָפּצאָל; צווייטע יידישע שול פאַר קינדער פון דער אָרעמקייט — פריי פון אָפּצאָל.

מאַדאַם אַדלער האָט פאַר די יידישע קינדער, יתומים פון ענגע, קליינע, האַלב צעבראָכענע חורבות, אַוועקגעגעבן איר האַרץ און נשמה, איר וויסן און אינטעליגענץ. זי האָט געאַרבעט אומדערמידלעך, כדי די שולן זאָלן זיך אַנט־וויקלען און כדי צו שאַפן ביי די פאָלקסמענטשן — טאַטעס און מאַמעס פון אירע קינדער — די אומגעבונג פון קולטור. צו דעם האָבן איר אויך געהאָלפן אירע אָרגאַניזאַטאָרישע פעיקייטן. לויטן פרינציפּ פון דער מאָדערנער פעדאַגאָ־גיק, האָט זי פאַרבונדן שול און היים.

די יידישע היימען אויף שמולעוויזנע־גאַס און די אַרומיקע געסלעך, זענען געווען גרוי, האָבן קיין מאָל נישט געזען קיין גרעזל, קיין ביימל, נישט געפילט די שיינקייט פון אַ שמעקנדיק בלימל. דערפאַר די שול האָט אויסגעזען ווי אַ גאָרטן מיט די פאַרשידנפאַרביקע בלומען און געוויקסן. מאַדאַם אַדלער האָט אונדז, קינדער, געלערנט אָפּהיטן דאָס אַלץ מיט דער פולער צאַרטקייט. זי האָט ליב געהאַט די נאַטור מיט אַ טיפער פילבאַרקייט, און אויך אונדז צוגעבונדן מיט דער פולסטער ליבע צו דער נאַטור. דאָס פריידיקע, אָפּפרישנדיקע האָבן מיר אויך אַריינגעבראַכט אין שטוב.

איינע פון די וויכטיקע אויפגאַבעס איז געווען צוגעוווינען די קינדער צום געפיל פון עסטעטיק. אַנאַ אַדלער האָט דערפירט די שול צו אַזאַ ריינקייט, אַז די ציכטיקייט האָט געשלאָגן פון יעדן ווינקעלע. זי האָט געשטרעבט מיט אַלע

אירע כוחות, אַז אויך די היימען פון די קינדער, די גאַסן, זאָלן זיין ריין און ציכטיק.

אַנאַ אַדלער האָט אָרגאַניזירט אַ סאַניטאַרע קאָמיסיע, וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאבע צו היטן און רופן עס זאָל זיין ריין אין יעדער שטוב, אין יעדער גאַס. ווי נאָר דער פרילינג איז געקומען, האָט די קאָמיסיע, בראש מיט אַנישקען, אָנגעהויבן איר אינטענסיווע אַרבעט. מיט טרומייטערס אין די גאַסן האָבן זיי גערופן אויפשטיין אין דער פרי און אַרויסטראָגן דאָס בעט־געוואַנד, וואַשן די פענצטער און די פּאָדלאָגעס, קאַלכן די רינשטאָקן, קערן, ראַמען יעדעס ווינקעלע אין גאַס. אַנישקע איז געקומען אויף אַ קאָנטראָל. די ווייבער זענען געלאָפן, אָנגעזאָגט איינע די צווייטע: אַנישקע גייט! אַנישקע גייט! איז מען געלאָפן פאַרענדיקן שייערן, פוצן, ווישן די רעשטלעך שטויב.

שילער מיט זייערע לערער אין דער יידישער פאָלקסשול



די דריטע אין דער דריטער שורה אונטן (פון רעכטס): לאה דימענט

אַנישקען האָב איך שטענדיק געזען מיט אַ שמייכל ביי איר שווערער פאַר־אַנטוואָרטלעכער אַרבעט, אָבער דאָ, ביי דער קאָנטראָל, איז זי געווען שטרענג און געפאָדערט אַלץ פינקטלעך אויסצופירן. אַנישקע האָט דערגרייכט, אַז מען האָט זיך צוגעוווינט צו אַ מוסטערהאַפטער ריינקייט. באַזונדערס זענען אירע שמועסן מיט די עלטערן געווען זייער באַלערנדיק. זיי האָבן אָנגעהויבן פאַר־שטיין, אַז אומריינקייט, שמוץ באַדראָט דאָס געזונט.

די לייטערין האָט מיט אירע יום־טובים, קינדער־פאַרוויילונגען, שפּאַצירן אָנגעפילט אונדזערע הערצער מיט פרייד און גליק. זי האָט אויך איינגעפּלאַנצט אין אונדז אינערלעכע דיסציפּלין. מיר פלעגן אויספירן אַלע געבאָטן פון דער שול און אַלע פליכטן מיט גרויס ליבע און איבערגעגעבנקייט. איך דערמאָן זיך, אַז די דיזשורן פון יעדן קלאַס זענען געקומען ווינטער 5 פרי, ווען ס'איז נאָך פינצטער געווען — מיט ליכטלעך אין די הענט, כדי צו באַלייכטן דעם וועג. מיר זענען געקומען איינהייצן די אויוונס אין שול. די שול איז געוואָרן אונדזער היים. אויב אין שטוב האָט געהערשט די זאָרג פון פאַרהאָרעוועטע טאַטע־מאַמע, דאגת פרנסה, האָט די שול אונדז אַרויסגעריסן פון אומעט, געגעבן לערע, וואַרעמקייט און פרייד.

אַנאַ אַדלער, וואָס איז אויך געווען די גרינדערין פון דער יידישער גימנאַזיע אין מעזריטש און איז פון דאָרט אַוועק צוליב די שטרייטן וועגן דעם פּאָליטישן כאַראַקטער פון דער גימנאַזיע, האָט צוליבן זעלבן טעם פאַרלאָזן אויך די יידישע פאָלקסשול. זי איז געווען קעגן פּאָליטיזירן דאָס שולוועזן. פּעדאַגאָגיק — האָט אַנאַ אַדלער דערקלערט — איז ריין פון פּאָליטיק. אין שול איז נויטיק פלאַנצן וויסן, קולטור ביי די שילער — נישט קיין פּאָליטיק.

## די יידישע שול אין מעזריטש אין אַנדערע הענט

איך אַליין, אַ שילערין פון אַנאַ אַדלער, האָב דערנאָך געאַרבעט 5 יאָר אין דער יידישער שול אין מעזריטש, וואָס איז געווען אָנגעשלאָסן אין דער „צישאָ". די אָנפירונג איבער דער יידישער שול האָבן איבערגענומען די פּאָלקיסטן און דער „בונד". אין דער פאַרוואַלטונג זענען געווען פון „בונד": בערל ווערניצקי, סאָבעלמאַן, י. האָרן א"אַ. פון דער פאָלקס־פּאַרטיי: משה צוקערמאַן, וועלוול טוואַרדעדזשעוואָ, חיים קראָנהאַרץ, פינקעלשטיין א"אַ.

דער עלטערן־קאָמיטעט, צוזאַמען מיט פריינד פון דער יידישער שול, זענען געשטאַנען ווי אַ שוצמויער פאַר איר קיום. אויסגעהאַלטן האָט זיך די שול פון די זאַמלונגען דורך אַ בלימל־פאַרקויף און פון קליינעם שכר־לימוד פון די קינדער.

דאָס ביטערע לעבן, די מאַטעריעלע נויט, פלעגט פאַר דער צייט אַרויסרייסן דאָס קינד צו מלאכה, צו פראַצע. מיטן אַנטשטיין פון דער יידישער שול אין מעזריטש האָבן די קינדער געפונען אַ וואַרעמע היים אונטער דער השגחה פון זייערע לערער. איך געדענק צווישן אַנדערע די לערער קרעמיען, לייב אַליצקי, זיין ברודער ברוך אַליצקי, קאָן און זיין פרוי ראַבינאָוויטש, אַטלאַס, פייגע ראָגאָזשיק. מיט אַ צייט שפּעטער איז געקומען פייגל פּאַווין. די יידישע שול איז געווען אַן עלעמענטאַרע שול. זי האָט זיך געענדיקט מיטן 7טן קלאַס.

אין משך פון אַ קורצער צייט האָבן די לערער, דורך דער יידישער ליטעראַ־טור, אַריינגעגעבן אין די קינדער אַן אינטערעס צום יידישן נאַציאָנאַלן און גייס־טיקן לעבן. די לערער האָבן ביי זיי געשאַפן די צוגעבונדנקייט און ליבע צו יידישע דענקער, שרייבער און קינסטלער, און מיט דעם זיי אַרויסגעריסן פון דער

ענגער, אָרעמער סביבה. די אַסימילאַציע האָט נישט געהאַט קיין צוטריט צו דער יידישער יוגנט, ביי וועמען די קערנער פון יידישקייט זענען טיף פאַרזייט געווען אין דער נשמה פון קינד.

די מעטאָדיק איז געווען — זעלבשטענדיקע אַרבעט. אונדזערע קינדער האָבן געשאַפן זעלבסטפאַרוואַלטונגען און קאָמיסיעס, אויסצובריייטערן די קולטור־אַרבעט אין שול: אויספלוגן, טאַנץ־גרופן, אַ מאַנדאָלין־אָרקעסטער, צוגרייטונגען צו קינדער־פאָרשטעלונגען, אויסשטעלונגען פון קינדערשע אַרבעטן, אַ ביבליאָטעק־קאָמיסיע. פון אונדזער שול זענען אויסגעוואַקסן אָרגאַניזאַטאָרן פון שפּעטערישער געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע אַרבעט.

נאָך יאָרן זעלבשטענדיקער אַרבעט האָבן די קינדער אַרויסגעבראַכט די רעזולטאַטן אויף וווּנדערלעכע פאָרשטעלונגען, וואָס האָבן געשאַפן אַ יום־טובדיקע שטימונג ביי טאַטע־מאַמע און מעזריטשער יידן.

עס שטייען מיר פאַר די אויגן די ווונדערלעכע קינדער־אַרבעטן און צייכענונגען. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פון די לערער־פּעדאַגאָגן.

די שול אין מעזריטש האָט אין יענער צייט קיין אייגענעם לאָקאַל נישט געהאַט, מען האָט געדאַרפט צאָלן דירה־געלט. די שול אויף בריסקער גאַס, ווו איך האָב געאַרבעט, איז באַשטאַנען פון 1 צימער — 2 קלאַסן. (די שול איז געווען צעטיילט אין 2 לאָקאַלן. אויף דער צעבראַכענער גאַס — 3 קלאַסן). ווינטער זענען די קינדער געקומען פאַרפרוירענע פון שטוב און מען האָט געדאַרפט אַרויסשאַרן דעם שניי פון דעם צימער־קלאַס. דירה־געלט פאַר דעם לאָקאַל איז קיין מאָל נישט געווען צו צאָלן צו דער צייט.

אין אַ קאַלטן, פראָסטיקן פרימאָרגן קום איך איין מאָל אין שול און טרעף די בענקלעך אויף דער גאַס, דער צימער — געשלאָסן. אויף די בענקלעך, פאַרפרוירענע, פולע מיט שניי, האָבן די קינדער זיך אַוועקגעזעצט מיט זייערע רענצלעך. נישט קוקנדיק אויף דער בייסיקער קעלט זענען די קינדער געבליבן און געוואַרט. דער עלטערן־קאָמיטעט איז אַלאַרמירט געוואָרן דורך דורכגייער, וועלכע האָבן געזען דאָס טראַגישע בילד. דער סעקוועסטראַטאָר, געשיקט פון בעל־הבית, האָט אַרויסגעוואָרפן די בענקלעך און געשלאָסן דעם קלאַס, ווו ס׳האָבן געלערנט די יינגסטע קינדער. די טאַטעס האָבן פאַרלאָזט די אַרבעט און צוזאַמען מיטן עלטערן־קאָמיטעט געלאָפן אינטערווענירן ביי דער פּאָליציי צוריק צו עפענען דעם קלאַס. די קינדער זענען נישט אָפּגעטראָטן ביז מ׳האָט געעפנט זייער שול.

די לערער פון דער יידישער שול אין מעזריטש האָבן קיין מאָל זייער פולן געהאַלט נישט באַקומען, און דאָס — אויך נישט צו דער צייט. אָבער דאָס האָט נישט אָפּגעהאַלטן אַוועקצוגעבן דאָס גאַנצע לעבן פאַר דער שול.

די אוממענטשלעכע האַנדלונג פון לאָזן שטיין קינדער אויפן גאַס אין דער קעלט, די בייזווילליקע אינספּעקציעס און וויזיטאַציעס — דאָס אַלץ האָבן מיר געדאַרפט אויסהאַלטן און פירן אַ קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ פון אונדזער שול.

איינע פון די מוטיקסטע לערערינס אין דער יִדישער שול איז געווען פייגל פּאַווין. די אינספּעקטאָרן האָבן זי געמוזט רעספּעקטירן פאַר איר מוט און איבער־געגעבנקייט צו דער שול.

חוץ די אויסערלעכע פאַקטאָרן, מיט וועלכע מיר זענען געשטאַנען אין קאַמף, האָבן מיר אויך אין שול געמוזט אויסטראָגן פאַרשידענע אומאָנגענעמלעכקייטן צוליב פּאַרטייִשע אַרומרייסענישן, וואָס האָבן געהערשט אין דער שול־פּאַרוואַל־טונג.

אברהם בלושטיין

# יידישע ספאָרט־טעטיקייט אין מעזריטש

אַ באַדייטנדיקן און פּאָזיטיוון בײַשטייער צום ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין מעזריטש, באַזונדערס צווישן דער יוגנט, האָט געגעבן די ספּאָרט־טעטיקייט און אירע פאַרשידענע אָפּצווייגן.

די ייִדישע ספּאָרט־טעטיקייט אין מעזריטש האָט זיך אָנגעהויבן באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, צוזאַמען מיט דער ווידער־אויפוואַכונג פון ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

די ייִדישע ספּאָרט־טעטיקייט אין אַן אָרגאַניזירטער פאָרעם איז אַנטשטאַנען אין דער ייִדישער גימנאַזיע. די איניציאַטאָרן און אָרגאַניזירער זענען געווען: די ברידער איזאַק און נתן פינקעלשטיין, מישאַ פרידמאַן, רייכמאַן און אַנדערע. צווישן אַנדערע האָבן זיי אָרגאַניזירט אַ פוטבאָל־מאַנשאַפט מיטן קלינגענדיקן נאָמען „שמשון". זייער טעטיקייט האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף דער אַרבעטנדיקער יוגנט. לויט זייער בײַשפּיל האָבן אָנגעהויבן שפּילן פוטבאָל פאַרשידענע יוגנט־גרופּן פון די באַזונדערע קוואַרטאַלן. באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט די מאַנשאַפט „ווענוס", פון וועלכער עס זענען אַרויסגעקומען גוטע שפּילער אין די שפּעטער־אָרגאַניזירטע קלובן.

די טעטיקייט פון דער גימנאַזיע־מאַנשאַפט האָט אַרײַנגעבראַכט אין יענער תקופה ענטוזיאַזם צווישן דער יוגנט. די פוטבאָל־שפּיל אין אַן אָרגאַניזירטער פאָרעם, מיט דער ספּעציעלער ספּאָרט־קליידונג און שיך האָט געמאַכט אַ רושם. איינער פון די שענסטע אויפטוען איז געווען דאָס אויפשטעלן אויפן וואַרשעווער שאָסיי אַ פוטבאָל־פּלאַץ מיט אַן אַרומגעצוימטן פּלויט.

די פאַרמעסטונגען האָבן צוגעצויגן אַ סך באַזוכער, באַזונדערס בעת די ייִדישע פוטבאָל־מאַנשאַפט, וואָס איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון וואַרשע דורך „שמשון" האָט געשפּילט אין מעזריטש די גאַנצע חדשים פון זייער וואַקאַציע. זייער שפּילן איז געשטאַנען אויף אַ הויכער טעכנישער מדרגה. פון זיי האָבן די מעזריטשער פוטבאָליסטן אַ סך געלערנט.

די טעטיקייט פון „שמשון" האָט זיך אָפּגעשטעלט מיטן פאַרלאָזן פון דער ערשטער גרופּע אַבסאָלווענטן. דאַן איז אויך ליקווידירט געוואָרן דער פוטבאָל־פּלאַץ.

אין „שמשון" האָבן אַ געוויסע צייט געשפּילט, נישט אָפיציעל, אויסגעצייכנטע שפּילער, וועלכע זענען נישט געווען קיין שילערס אין דער גימנאַזיע, ווי צום בײַשפּיל, וועלוול העכט, נחום זשיטאָ, אברהם משה ראָגאָזשיק, משה הערש איידלבוים, מרדכי טרויעלי א״אַ.

דער דראַנג פון דער ייִדישער יוגנט צו קולטור, ספּאָרט און וועלטלעכקייט



פוטבאָל־גרופע „ווענוס"



פוטבאָל־גרופע „דזשאס"

איז אין יענער נאָך־מלחמה־תקופה געווען זייער שטאַרק. עס זענען אַנטשטאַנען פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, אויף איינער פון זיי וויל איך זיך איצט אָפּשטעלן.

י.ס.ק. (יידישער ספּאָרטקלוב) איז אַנטשטאַנען ווי אַן אומפּאַרטייאישער קולטור־צענטער, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט חברים פון אַלע ריכטונגען. די איניציאַטאָרן און אָרגאַניזירער זענען געווען די ברידער פּאָדאָליאַק, די ברידער ליכטענשטיין, די ברידער מאַנפּערל, סאָפּאָזשניקאָוו, אברהם פּיטערמאַן, מרדכי און גבריאל שאַפּירא, מאיר איידלבוים און פיל אַנדערע.

**ערשטע פאַרוואַלטונג פונעם יידישן ספּאָרטקלוב**



אויפן בילד (פון רעכטס), ערשטע ריי, שטייען: בערל מאַנפּערל, משה זובערמאַן, יוסף מאַנפּערל, מ. ספּיוואַק, מאיר איידלבוים, ב. ליכטנשטיין.
צווייטע ריי: מרדכי שטיין, עקיבא ליכטנשטיין, מרדכי זאַלצשטיין, מ. שיינמעל, יוסף יאַווערבוים.
דריטע ריי: אברהם פּיטערמאַן, ב. ראָזנפעלד.

די טעטיקייט פון דעם קלוב איז געפירט געוואָרן פּאַראַלעל אין צוויי ריכ־טונגען: קולטור און ספּאָרט. די קולטור־טעטיקייט איז געפירט געוואָרן אין אַ דירה, וואָס מען האָט געדונגען ביי משה רייכמאַן, דעם סטאָלער אויף לובלינער גאַס. מען האָט דאָרט געשפּילט שאַך, דאַמקע, דאָמינע, געלייענט פּרעסע, דיסקו־טירט וועלט־פּראָבלעמען. דאָרט איז אויך זיך צוזאַמענגעקומען דער אַזוי פּאָפּו־לערער און באַליבטער אַמאַטאָרן־קרייז אין מעזריטש.

דודטשע ווידרע האָט אין יענער תקופה געאַרבעט אין ווילנע אויף אַ פּאָסטן. ער פלעגט מיטשפּילן ווי אַן אַמאַטאָר אין דער באַרימטער „ווילנער טרופּע".

ווען ער איז געקומען אַהיים פסח 1924 האָט ער רעזשיסירט מיטן דראַמקרייז די פיעסע „דער וואָס קריגט די פעטש" פון לעאָניד אַנדרייעוו. עס האָבן זיך אין איר באַטייליקט גבריאל שאַפּירא, בערל מאַנפּערל, ווידרע, סאָניע פעלדמאַן, סאָלסקי און פיל אַנדערע. די הויפּטראָל האָט געשפּילט גבריאל שאַפּירא. דער גאַנצער רעקוויזיט מיטן גרים איז געבראַכט געוואָרן פון דער „ווילנער טרופּע".

די ספּאָרט־טעטיקייט איז געפירט געוואָרן ביי מרדכי בערמאַן אויפן ראַדזינער וועג, אין אַ לאָקאַל ווו עס איז פריִער געווען אַ פאַבריק און אויך אויפן הויף.

יעדן אָוונט זענען זיך צוזאַמענגעקומען יוגנטלעכע, האָבן געמאַכט גימנאַס־טיק אויף פאַרשידענע מכשירים ווי אויך געפירט ספּאָרט־שפּילערייען. דער הויפּט־אינסטרוקטאָר איז געווען משה זובערמאַן. ער איז דאַן צוריקגעקומען פון וואַרשע, ווו ער האָט מיטגעטורנט מיטן דאָרטיקן „מכבי".

די באַטייליקונג איז געווען אַ קליינע. די פוטבאָל־שפּילן זענען, מיטן ליק־ווידירן דעם שפּילפּלאַץ אויפן וואַרשעווער שאָסיי, זייער אָפּגעשוואַכט געוואָרן. אויך דער קולטור־צענטער ביי משה רייכמאַן האָט צוליב פּאַרטייִשע רייבונגען זיך ליקווידירט. די פוטבאָל־גרופּן האָבן געשפּילט ווו עס האָט זיך געלאָזט — אויף די זאַמדן אויפן ראַדזינער וועג, אויף סטאָלפּנע, ווו מען איז תמיד באַוואָרפן געוואָרן מיט שטיינער דורך די דאָרטיקע כוליגאַנעס.

אַ ווענדפּונקט און אַן אויפלעבונג אין יידישן ספּאָרטקלוב איז געקומען אין יאָר 1928. אַ סך אַקטיווע יוגנטלעכע פאַרלאָזן דעם „השומר־הצעיר" און שליסן זיך אָן צו די קאָמוניסטן. אינעם ספּאָרטקלוב האָבן זיי געזען אַ מעגלעכקייט צו פירן צוזאַמען מיט דער ספּאָרט־טעטיקייט אויך אַ קולטור־פּאָליטישע אויפקלע־רונגס־אַרבעט.

עס איז געגעבן געוואָרן אַ דיסקרעטע אָנווייזונג צו די לינק־געשטימטע יוגנטלעכע, זיי זאָלן זיך איינשרייבן אין ספּאָרטקלוב. ווען די פּאַרוואַלטונג האָט זיך געכאַפּט, איז שוין דער קלוב געווען באַהערשט פון די קאָמוניסטן.

די תקופה פון 1928 — 1933 איז געווען די אַקטיווסטע. עס זענען צוגעטרעטן נייע כוחות, ווי פייוול ניישטיין, נחום זשיטאָ, וועלוול העכט, איסער איידעלמאַן, שמעון פּיטערמאַן, יאָסעלע מיגדאַל, פּיניע טוגענדער, פּסח באָקסענבוים, דער שרייבער פון די שורות און פיל אַנדערע.

דער קלוב האָט געציילט ביי 300 חברים. אַלע זענען געווען אַקטיוו באַטיי־ליקט אין די פאַרשידענע ספּאָרט־צווייגן. גימנאַסטיק איז געווען אָבליגאַטאָריש. פוטבאָל איז געווען איינגעטיילט אין גרופּן, אַזוי אויך קוישבאָל און שאַטקע. פיל האָבן זיך באַטייליקט אין די צווייגן פון לייכט־אַטלעטיק, ווי לויפן, שפּרינגען און וואַרפן. צווישן זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט יצחק לויפער, אברהם שעדלאָש, שלמה זשעלאָנקע א״אַ.

אָפטע פאַרמעסטן זענען פאָרגעקומען אין ראָווער־געיעגן און אין שווימען. אין יענער תקופה האָט מיטגעהאָלפן צו אַנטוויקלען די ספּאָרט־טעטיקייט דער גימנאַסטיק־לערער פון דער פּוילישער גימנאַזיע. ער איז געווען אַ ליידנשאַפט־



אַ גרופּע טורנער פון י.ס.ק. מיט איר אינסטרוקטאָר א. בלושטיין

לעכער ספּאָרטסמאַן און ער האָט נישט געמאַכט קיין אונטערשיד צוליב נאַציאָ־נאַלער אָדער פּאָליטישער אָנגעהעריקייט. ער האָט איניציִירט פאַרשידענע פאַר־מעסטונגען צווישן דער פּוילישער גימנאַזיע און דעם יידישן ספּאָרטקלוב. איינער פון זיי איז פאָרגעקומען אין זומער 1930 אויפן הויף פון דער פּוילישער גימנאַזיע. אין 100 מעטער לויף האָט פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט אייזיקל פּאָגאָזשעלעץ, אין שפּרינגען מיט אַ טיטשקע — דער שרייבער פון די שורות.

מיט זייער באַשרענקטע מיטלען האָט דער ספּאָרטקלוב אין אַ פאַרהעלטניש־קורצער צייט אַנטוויקלט און אויפגעשטעלט אַ קאַדער פון אַקטיוויסטן און אינ־סטרוקטאָרן, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט די ספּאָרטגרופּן, און צווישן זיי — יאָסל לעווין, וועלכער איז ממש דערגאַנגען צו זייער אַ הויכער שטופע, פּיניע טוגענדער, בערל ערדפאַרב, פּיטערמאַן א״אַ.

אין די זומער־חדשים האָט מען מערסטנס זיך באַשעפטיקט מיט ספּאָרט שפּילערייען, לייכט־אַטלעטיק און אויספלוגן אין די נאָענטסטע וועלדער. אין די ווינטער־חדשים האָט מען געטורנט אין לאָקאַל. דאַן האָט מען צוגעגרייט די אַזוי באַרימטע טורנפעסטן, וואָס זענען געוואָרן זייער פּאָפּולער אין מעזריטש.

די טורנפעסטן פלעגן פאָרקומען אין די פּסח־טעג, אין פייערלעשער־זאַל „אָלימפּיאַ", ווו עס זענען אויפגעטראָטן מענער־און פרויען־גרופּן, מיט מכשירים און לייטערס. ביים ערשטן טורנפעסט איז אויך פאָרגעקומען אַ פּינג־פּאָנג־פאַר־מעסט צווישן די בעסטע 2 שפּילערס שלמה זשעלאָנקע און יאָסעלע מיגדאַל (פּיטערמאַן).

באַזונדערס איינדרוקספול איז געווען דער לעצטער טורנפעסט, אין וועלכן עס האָבן זיך אויסגעצייכנט די מיידל־גרופּע „ראָזאַ" אין אַ ריטמישן טאַנץ אונטער דער באַגלייטונג פון אָרקעסטער מיט יאַנטשע וויינאַפּל אין דער שפּיץ

אין קלוב איז כמעט יעדן שבת פאָרגעקומען אַ טאַנץ־אָוונט אָדער אַ פאָר־לעזונג מיט דיסקוסיעס.



אַ מיידל־גרופּע פונעם ספּאָרטקלוב „מאָרגנשטערן" מיט איר אינסטרוקטאָר א. פּיטערמאַן (שמואל דעם וויסנס זון)

אַ באַזונדערס וויכטיק קאַפּיטל אין ספּאָרט־לעבן אין מעזריטש איז געווען דאָס אָרגאַניזירן דעם פוטבאָלפּלאַץ אויף דער 3ער מאַי־גאַס אין 1931/2.

די ספּאָרט־טוערס האָבן עטלעכע מאָל זיך געווענדט צום בורמיסטוש מיט אַ ביטע, אַז די שטאָט־פאַרוואַלטונג זאָל שטעלן צו דיספּאָזיציע פון די קלובן אַ פּלאַץ פאַר פוטבאָל־שפּיל. דער בורמיסטוש האָט אָפּגעוואָרפן די ביטע. דערביי האָט ער זיך אַליין געבראַכט פאַר אַ ביישפּיל: ער איז שוין איבער 70 יאָר אַלט און האָט קיין מאָל מיט ספּאָרט זיך נישט פאַרנומען.

נאָך דעם ווי די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט ענדגילטיק אָפּגעזאָגט, האָבן די אַקטיוויסטן פון יידישן ספּאָרטקלוב באַשלאָסן מיט אייגענע כוחות צוצוטרעטן צו אַן אַקציע איינצואָרדענען אַ פּלאַץ. אַ קאָמיסיע האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן. די הויפּט־שוועריקייט איז געווען שאַפן געלטמיטלען.

מיט גרויס דערפאָלג זענען פאַרשפּרייט געוואָרן אַבאָנאַמענט־קאַרטן אויף אַלע ספּאָרט־אונטערנעמונגען. די אַקציע האָט אַריינגעבראַכט אַ באַדייטנדיקע

סומע. עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן ספּעציעלע טאַנץ־אָוונטן מיט פאַרשידענע לאָטעריעס.

אַ לענגערע צייט האָט די קאָמיסיע אַרומגעזוכט אַ פּאַסיקן פּלאַץ, וואָס זאָל אויך זיין נאָענט פון שטאָט. וועגן קויפן איז קיין רייד נישט געווען. מיט די באַשרענקטע געלטמיטלען האָט מען געדונגען ביי אַ פּויער אַ פּלאַץ אויף 5 יאָר, מיט דער אָפּציע צו פאַרלענגערן.

אין די שבועות־טעג האָבן די חברים מיט אייגענע כוחות אויפגעשטעלט דעם פּלויט, אויסגעגלייכט דעם באָדן, געמאַכט עטלעכע רייען בענק אַרום דעם פּלאַץ, איינגעאָרדנט בודקעס אויף קאַסעס און איבערצוטאָן די קליידער.

צו דער פייערלעכער דערעפענונג איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון ביאַלע־פּאָדלאַסקי די פוטבאָל־מאַנשאַפט מיטן אָרקעסטער פונעם 34סטן פּיעכאָטע־פּולק. אין דער שמחה האָט זיך באַטייליקט כמעט די גאַנצע שטאָט.

איך וויל ביי דער געלעגנהייט קלאָר מאַכן, אַז די גאַנצע ספּאָרט־טעטיקייט פון י.ס.ק. איז געפירט געוואָרן מיט אייגענע אינסטרוקטאָרן און טרענירער. דער קלוב האָט נישט אָנגעהערט צו קיין שום צענטראַלע.

דער קלוב איז געווען אונטער דער אָבסערוואַציע פון דער פּאָליטישער פּאָליציי. מיטן פאַרשטאַרקן די טעטיקייט אין צוזאַמענהאַנג מיטן ספּאָרטפּלאַץ איז אויך די אָבסערוואַציע פאַרשטאַרקט געוואָרן.

אַלע פוטבאָל־גרופּן פון אַנדערע קלובן האָבן געמוזט דינגען דעם פּלאַץ ביים י.ס.ק. און אויסנוצן דעם פרייען טאָג, ווען י.ס.ק. האָט נישט געשפּילט. די פּוילישע פוטבאָל־גרופּע „סטזשעלעץ" איז שטאַרק געטראָפן געוואָרן דערפון, וואָס זיי דאַרפן בעטן דעם פּלאַץ ביי אַ יידישער אָרגאַניזאַציע, און נאָך דערצו אַ לינקע. צוגעגעבן דערצו האָט אויך דער פאַרשטאַרקטער אַנטיסעמיטיזם אין יענער תקופה. מען האָט פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז דער קלוב באַקומט געלט פון מאָסקווע.

פון טאָג צו טאָג האָט מען געפילט, אַז דער באָדן ברענט אונטער די פיס. עס איז געווען אַ שאָד, עס זאָל צעשטערט ווערן אַזאַ שיינע וויכטיקע יוגנט־אָרגאַניזאַציע. די פאַראַנטוואָרטלעכע פירער האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיט סימפּאַטיקער, וועלכע זענען דער פּאָליציי נישט געווען באַוווסט, ווי צ"ב לאה דימענט, מאיר פּאָדאָליאַק, ליאָווע פרידמאַן. זיי האָבן זיך געווענדט אין פּאָוויאַט וועגן אַ דערלויבעניש פאַר אַן אומפּאַרטייאישן קלוב אונטערן נאָמען „יידישע ספּאָרט־און סקויטן־אָרגאַניזאַציע". ווען די מאַכט האָט פאַרווערט די טעטיקייט פון י.ס.ק., זענען אַלע חברים אויטאָמאַטיש איבערגעגאַנגען אין נייעם קלוב, וועלכער איז שוין געווען צוגעגרייט ביי זובערמאַנען אין סאָד.

די ספּאָרט־און קולטור־טעטיקייט האָט זיך אויפן נייעם פּלאַץ נאָך מער פאַרשטאַרקט. צו דער קולטור־טעטיקייט זענען צוגעצויגן געוואָרן נייע כוחות, ווי די לערערין פייגל פּאַווין, מישאַ און ליאָווע פרידמאַן, לאה דימענט. אויך

אויפן געביט פון ספּאָרט זענען די מעגלעכקייטן געוואָרן בעסערע, מיט מער צוגעפּאַסטע פּלעצער פאַר קוישבאָל און שאַטקוווקע.

איינער פון די שענסטע אויפטוען איז געווען דאָס איינאָרדענען די סאַזשלקע אין סאָד צום גליטשן זיך מיט ליזשעס אין די ווינטער־חדשים. דער פּלאַץ איז באַלויכטן געוואָרן מיט עלעקטריש ליכט, ווי אויך מיט מוזיק־באַגלייטונג. די אַרבעטנדיקע יוגנט האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו גליטשן זיך אין די אָוונטן.

אין יאָר 1935 האָט די פּאָליציי ליקווידירט אויך דעם זש.ק.ס.ס. אַ טייל פון די חברים זענען אַריין אין „מאָרגנשטערן".

ווען צוליב די פּאָליטישע שטרייטן און רייסערייען איז זיך פונאַנדערגעפאַלן דער אומפּאַרטייאישער ייִדישער ספּאָרט־קלוב, האָט יעדע פּאָליטישע באַוועגונג געמאַכט שבת פאַר זיך. עס זענען דאַן אַנטשטאַנען דער „מאָרגענשטערן" ביים „בונד", „הפועל" ביי די „פּועלי־ציון", „ביתר" ביי די רעוויזיאָניסטן.

די יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון „בונד", „צוקונפט", האָט די ערשטע צייט זיך פאַרנומען מיט גימנאַסטיק אין לאָקאַל פון בערשטער־קאָאָפּעראַטיוו אויפן הויף פון ווייסגלאָס. די אַקטיוויסטן און אינסטרוקטאָרן זענען געווען: שמילקע ווישניע, יאַנקעלע מושינסקי, חיים בויגמאַן, ישראלקע קאַווע, יהושע זדאַנאָוויטש, גאָלדע צוקערמאַן, יצחק קאָגוט א״אַ. אין דער פוטבאָל־גרופּע האָבן געשפּילט די ברידער אָקסענהאָרן, אַרקע עפּשטיין, די ברידער לעדערמאַן, גרינבערג א״אַ.

מיטן אָנשליסן זיך אין צענטראַלן „מאָרגנשטערן" אין וואַרשע איז אַריינגע־טראָטן אַן אויפלעבונג, וואָס האָט געהאָלפן אַנטוויקלען און אויסברייטערן די טעטיקייט אין פאַרשידענע צווייגן, ווי קויש־און נעץ־באָל. די צענטראַלע האָט פון צייט צו צייט איינגעאָרדנט אינסטרוקטאָרן־קורסן, אין וועלכע עס האָבן זיך אויך באַטייליקט די אינסטרוקטאָרן אברהם פּיטערמאַן און אַרקע עפּשטיין. אויף די קורסן האָבן זיי אַ סך דערגרייכט אויפן געביט פון קאָמבינירטע גימנאַס־טישע איבונגען מיט פאַרשידענע מכשירים און עפּעקטן, וועלכע זיי האָבן מיט גרויס דערפאָלג אויסגענוצט אויף די יערלעכע טורנפעסטן אין מעזריטש.

אויך אַנדערע פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן, ווי דערמאָנט, איינגעפירט ספּאָרט־טעטיקייט ביי זייער יוגנט. „הפועל" — ביי דער פּועלי ציון־פּאַרטיי האָט געהאַט אַ פוטבאָל־גרופּע, גימנאַסטיק־גרופּן און אַנדערע. זייער טעטיקייט האָבן זיי געפירט אין לאָקאַל פון דער פּאַרטיי. די גרינדער און אַקטיוויסטן זענען געווען: אליעזר פערקעלוואַלד, טורקעלטויב, וועלוול איידעלשטיין, אלתר ראָזענבוים, וועלוול זעגעלבוים, איצקע ווישניע, רפאל גאָלדשטיין, שלמה ווערניק, וועלוול וויינבערג און מאַרקל טאַבאַקמאַן. די לעצטע צוויי האָבן זיך אויך באַטייליקט אין אַ קורס פאַר אינסטרוקטאָרן אין וואַרשעווער „הפועל".

„ביתר" האָט געפירט זיין טעטיקייט אין פּאַרטיי־לאָקאַל ביי ראָגאָזשיקן. אין זייער פוטבאָל־גרופּע זענען געווען עטלעכע אויסגעצייכנטע שפּילער.

בכלל איז די טעטיקייט פון ייִדישן ספּאָרט אין מעזריטש געוואָרן אָפּגע־שוואַכט מיטן ליקווידירן דעם ייִדישן ספּאָרטקלוב און דעם פוטבאָל־פּלאַץ, און

**ערשטע פאַרוואַלטונג פון „הפועל" אין מעזריטש**



אויפן בילד: יודל זילבערמאַן, מארקל טאַבאַקמאַ֫ן, לייזער פערקלוואלד,
חיים טורקלטויב א״אַ

**דאָס האָט שוין אַזוי אָנגעהאַלטן ביזן אויסברוך פון דער מלחמה, אין וועלכער עס זענען פאַרשניטן געוואָרן אויך אַזוי פיל יונגע, געזונטע ספּאָרטלער, ווי וועלוול העכט, שמעון פיטערמאַן, אברהם פיטערמאַן, יהושע לעדערמאַן, חיים גרינבוים, משה רויזמאַן (עפּעלע), יאָסל לעווין, פּיניע טוגענדער, משה סקורע און פיל, פיל אַנדערע.**

**ה. בויגמאַן**

# פרייוויליקע פייערלעשער־געזעלשאַפט

די גרויסע צאָל שרפות, וואָס זענען פאָרגעקומען ביי אונדז אין שטאָט אין די יאָרן 1900 — 1904, און האָבן דעמאָלט אומברחמנותדיק צעשטערט און אומגעברענגט פיל צענדליקער הייזער און זייערע איינוווינער אַרויסגעטריבן אויף דער גאַס, האָבן געצווונגען עטלעכע היגע בירגער, די ה"ה: וואָלף קאָזעס, י. טוגענדער און מאַגיסטראַט־קאַסיר ה' ווישניעווסקי, צו נעמען זיך די איניצי־יאַטיוו, צו גרינדן אַ פרייוויליקע פייערלעשער־געזעלשאַפט, וועלכע זאָל האָבן די אויפגאַבע, אינעם פאַל פון אַ שרפה, צו ראַטעווען און נישט לאָזן פאַרניכטן דאָס האָב־און־גוטס פון אַלע איינוווינער פון שטאָט אָן אונטערשייד.

דעם 3טן מאַי 1904 איז פאָרגעקומען די גרינדונג־פאַרזאַמלונג פון די ערשטע מיטגלידער. אויף דער פאַרזאַמלונג איז אַלס פרעזעס פון דער געזעלשאַפט אויס־געקליבן געוואָרן דער פרידנס־ריכטער אין יענער צייט ה' וואַליצקי און אַלס נאַטשאַלניק ה' ווישניעווסקי.

די ערשטע אָרגאַניזיר־פאַרזאַמלונג פון די אַקטיווע מיטגלידער איז פאָרגע־קומען דעם 21סטן מאַי 1904.

צום ערשטן מאָל האָט די ניי־געגרינדעטע פייערלעשער־געזעלשאַפט אינטער־וועניירט ביי אַ שרפה, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 19טן יוני, דאָס זעלביקע יאָר, אויף „סטאָלפּנע".

דעם 10טן יולי 1904, האָבן די פייערלעשער איבערגענומען פונעם מאַגיס־טראַט די שטאָטישע שרפה־מכשירים, וועלכע זענען באַשטאַנען פון 2 לעש־מאַשינען (שיקאַווקעס) און 10 אַלטע צוויי־רעדערדיקע פעסלעך אויף וואַסער.

ווי ס'איז צו זען פונעם באַריכט, האָט די פייערלעשער־געזעלשאַפט, אינעם פאַרלויף פון ערשטן יאָר, ווערבירט ביז 200 אַקטיווע און 50 פּאַסיווע מיטגלידער, האָט אינטערוועניירט ביי 16 שרפות און דער בודזשעט האָט באַטראָפן 350 רובל.

אויפן אַנדערן יאָר 1905, איז מיט דער איניציאַטיוו פון ה' מ. בראָט, געקויפט געוואָרן קאַסקעס מיט מונדירן פאַר די אַקטיווע פייערלעשער־מיטגלידער און ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַן אייגענער אָרקעסטער, וועלכער האָט אַ סך מיט־געהאָלפן צו פּאָפּולאַריזירן די טעטיקייט פון דער געזעלשאַפט.

אינעם יאָר 1907 האָט דעם אַמט פון פרעזעס איבערגענומען דער פאַרשטאָר־בענער ד"ר ט. ראָזנבלום, וועלכער איז טעטיק געווען ביזן יאָר 1915 און אַלס נאַטשאַלניק נעמט איבער דעם אַמט דער ה' גראָדניצקי, וועלכער שטייט בראש פון דער געזעלשאַפט פונעם יאָר 1907 ביזן יאָר 1921.

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, איז די געזעלשאַפט געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון מאַגיסטראַט, וועלכער האָט געדעקט איר בודזשעט און צוליב דעם זענען דעמאָלט קיין פּאַסיווע מיטגלידער אין גאַנצן נישט געווען.



**אָרקעסטער פון די פייערלעשער אין מעזריטש** אויפן בילד, אין צענטער — שעפקע אַדלער

אינעם יאָר 1922 ווערט געקליבן אַלס נאַטשאַלניק אינזש. ראַדזשעוואָנאָווסקי און פון דעם זעלביקן יאָר אָן ביזן יאָר 1926, האָט דעם אַמט פון נאַטשאַלניק פאַרטרעטן און געאַרבעט מיט גרויס מסירת־נפש דער פאַרשטאָרבענער ד״ר אַדלער.



דער קבר פון שעפקע אַדלער

פונעם יאָר 1919 פאַרנעמט דעם אַמט פון פרעזעס פון דער געזעלשאַפט דער פרידנס־ריכטער ה׳ קרינסקי און פון יאָר 1921 איז איר פרעזעס ה׳ גראָדניצקי. נאָכן טויט פון ה׳ אַדלער, איז אויפן אַמט פון נאַטשאַלניק אויסגעקליבן געוואָרן ה׳ א. קאָזעס.

ווי ס׳איז צו זען, עקזיסטירט שוין די געזעלשאַפט עטלעכע און צוואַנציק יאָר, און אין פאַרלויף פון דער צייט, האָט די זייער נוצלעכע געזעלשאַפט זייער פיל אויפגעטאָן, זי איז תמיד געשטאַנען אויף דער וואַך צו פאַרהיטן דאָס פאַרמעגן פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג און פון דער אומגעגנט. זי האָט אויך מיט דער הילף פון פאַרשידענע זאַמלונגען, פרייוויליקע באַשטייערונגען און פאַראַנשטאַל־טונגען, געשאַפן באַדייטנדיקע סומעס אויף איינקויפן פייערלעשער־מאַשינען, אויך עטלעכע פערד, וועלכע שטייען גרייט אין פאַל פון אַ שרפה.

מיט דער איניציאַטיוו פונם ד״ר אַדלער ע״ה, פרעזעס ה׳ גראָדניצקי און איצטיקן נאַטשאַלניק ה׳ קאָזעס א״אַ, איז די געזעלשאַפט אין יאָר 1926, צוגע־טרעטן איבערבויען די רעמיזע, אויפצושטעלן אויפן זעלביקן אָרט אַ דריישטאָקיקן בנין, ווו ס׳וועט איינגעאָרדנט ווערן אַ טעאַטער־זאַל, קינאָ א״אַ, וועלכער וועט

דינען פאַר אַ מקור פון הכנסה פאַר דער געזעלשאַפט און נישט קוקנדיק אויף די מכשולים, וואָס די געזעלשאַפט האָט געהאַט פון פאַרשידענע זייטן ביים קריגן דעם פלאַץ און אויך צוליב מאַנגל אין געלט ביים בויען, איז דאָך אַ דאַנק דער אָנגעשטרענגטער אַרבעט פון דער פאַרוואַלטונג, געלונגען דעם בנין אויפצושטעלן און אַרויפציִען דעם דאַך. דערביי מוז אָבער אויך באַמערקט ווערן, אַז דער שטאָטראַט מיטן בורמיסטזש ה' קאָרסאַק קומען ווי געהעריק אַנטקעגן דער געזעלשאַפט מיט באַדייטנדיקע סובסידיעס.

„מעזריטשער וואָכנבלאַט" 25סטן מערץ 1927.

גרשון פרידמאַן

# מעזריטשער פאָלקסכאָר „לירע"

אין די ביכער און דאָקומענטאַציע־אויסגאַבעס, געווידמעט דעם אָנדענק פון אונדזער היימשטאָט מעזריטש, וועלכע זענען דערשינען נאָך דעם היטלער־חורבן, ווערט אַרויסגעבראַכט און באַלויכטן דאָס געשטאַלט פון דער זעלטענער ייִדנ־שטאָט: איר לאַנגיאָריקע געשיכטע און איר ספּעציפיש ייִדישע אייגנאַרטיקייט, וואָס האָט זיך געשאַפן דורך דעם מעזריטשער ייִד, פונעם פאָלקס־מענטש ביז צו אירע גרויסע מנהיגים אין פאַרלויף פון דורות.

וועגן איר געזעלשאַפטלעך־סאָציאַלן צונאַמענשטעל און וועגן אירע קולטור־דערציִערישע אינסטיטוציעס איז שוין אַ סך געשריבן געוואָרן. איך וויל דאָ אויספילן אַ חוב און דערמאָנען אַ קולטור־אינסטיטוציע, וועלכע איז נאָך ביז איצט נישט דערמאָנט געוואָרן: דער מעזריטשער פאָלקסכאָר „לירע" — אַ קולטור־אינסטיטוציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין אָנהייב פון די 30ער יאָרן און האָט אין איר העכער 3־יאָריקער עקזיסטענץ אַריינגעבראַכט פרייד און גייסטיקע דער־הויבנקייט אין די הערצער און געמיטער פון די מעזריטשער ייִדן.

מעזריטשער ייִדן זענען געווען גרויסע מוזיק־און געזאַנג־ליבהאָבער. מעזריטש האָט שטענדיק געהאַט באַרימטע חזנים אין דער פּרעכטיקער שול. עלטערע ייִדן האָבן מיט נאָסטאַלגיע דערמאָנט די באַרימטע חזנים: באַגאַמאָלניק, יאַנקל ראָוו־נער, דער ביאַליסטאָקער חזן, וואָלפּאָווסקי און דעם לעצטן חזן — ראַבינאָוויטש. די שטאָט פלעגט אויך פון צייט צו צייט אַראָפּברענגען אויף איינמאַליקע גאַסט־ראָלן אַזעלכע באַרימטע חזנים, ווי סיראָטא און קוסעוויצקי. מיט דערוואַרטונג און ענטוזיאַזם פלעגט דער עולם זיך גרייטן צו די גרויסע געסט. מיט וואָכן פריִער זענען די בילעטן געוואָרן אויספאַרקויפט. אָרעמע ייִדן האָבן אָפּגעצערט פון שבת־טיש, אָפּגעשפּאָרט עטלעכע זלאָטעס, כדי צו קענען קויפן אַ בילעט און האָבן דעם נחת־רוח פון הערן און זען אַזעלכע גדולים. די שול איז דאַן געווען געפּאַקט. און אין דרויסן, פאַר דער שול, זענען געשטאַנען ייִדן קאָפּ אויף קאָפּ און אויפגעכאַפּט דאָס זיסע געזאַנג פון דעם אָדער יענעם וועלט־באַרימטן חזן.

ווי גרויס די ליבשאַפט צו נגינה איז געווען ביי אַלע שיכטן פון דער באַפעל־קערונג, זאָגט עדות דער פאַקט, אַז ביים אויפנעמען אַ שטאָט־חזן האָט דער האַרעפּאַשנער עולם — טרעגערס, באַלעגאָלעס און זייערס גלייכן, געהאַט וואָס צו זאָגן און זיי האָבן, נישט ווייניקער פון די לומדים און מוזיק־קענער, באַשטימט און דעצידירט דעם אויסוואַל פונעם קאַנדידאַט.

דער בלאַז־אָרקעסטער פון די ייִדישע פרייוויליקע פייערלעשער האָט עקזיס־טירט נאָך אונטערן צאַרס הערשאַפט. אַ סך מעזריטשער מוזיקאַנטן האָבן געשפּילט אין אים און דאָרט באַקומען זייער מוזיקאַלישע אויסבילדונג. דער אָרקעסטער האָט אין אַלע צייטן געהאַט קאָמפּעטענטע קאַפּעלמייסטערס. ער האָט

זיך נישט באַגנוגנט מיט שפילן מאַרשן אויף פּאַראַדן בעת פּייערלעשער־פּרובעס און איבונגען, נאָר ער האָט אין זיין רעפּערטואַר געהאַט שאַפּונגען פון באַרימטע קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס זענען אויפגעפירט אויף קאָנצערטן אין פּרעכטיקן טעאַטער־זאַל, וועלכן מעזריטשער ייִדן האָבן אויפגעבויט אין אָנהייב 20ער יאָרן און איז געווען אַ שם־דבר אין דער גאַנצער פּאָדלאַשער געגנט. אין זיין אויסשטאַטונג האָבן זיך באַטייליקט דער באַרימטער מאָלער משה אַפּעלבוים און אונדזער בן עיר, דער טאַלענטירטער מאָלער הערש־ליבער פּאָדאָלאַק. דער אָרקעסטער האָט אויך גאַסטראָלירט מיט קאָנצערטן אין דער לובלינער וואָיעוואָדסטווע, אין פאַרשידענע שטעט און אויף די יערלעכע קאָנקורסן פון די פייערלעשער־אָרקעסטערס פון דער וואָיעוואָדסטווע און אַלע מאָל האָט ער באַקומען דאָס ערשטע אָרט, נישט געקוקט אויף דער דיסקרימינאַציע לגבי ייִדן און ייִדישע אינסטיטוציעס.

די ייִדישע פּאָלקסשול האָט אין אָנהייב 20ער יאָרן געהאַט אַ מאַנדאָלין־אָרקעסטער אונטער דער פירערשאַפט פון חיים לעוו, וועלכער איז געווען אינ־סטרוקטאָר און לערער. דער אָרקעסטער האָט עקזיסטירט אַ סך יאָרן. דער שרייבער פון די שורות, וועלכער איז געווען אַ שילער אין דער פאָלקסשול דעמאָלט, אונטער דער דירעקציע פון דער באַקאַנטער קולטור־טוערין און דערציִערין מאַדאַם אַדלער (אַנושקאַ) דערמאָנט מיט ליבשאַפט און נאָסטאַלגיע דעם מוזיק־לערער חיים לעוו — דער ערשטער מענטש, וואָס האָט פאַר אים געעפנט די טיר צו דער וועלט פון מוזיק.

די מעזריטשער יתומים־היים, וואָס איז געשאַפן געוואָרן באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה מיט דער הילף פון מעזריטשער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, האָט אויך געהאַט אַ סטרונע־אָרקעסטער. דער אויבנדערמאָנטער חיים לעוו איז געווען זיין ערשטער אינסטרוקטאָר. שפּעטער האָט מיט אים אָנגעפירט אַהרן דוד לעווענגאַרטען. זיין לעצטער מוזיק־לערער איז געווען פסח פּאָדאָליאַק, וועלכער האָט אַנטוויקלט דעם אָרקעסטער צו אַ הויכן ניוואָ. דער אָרקעסטער האָט געציילט איבער הונדערט קינדער.

אין יאָר 1926 האָט די יתומים־היים, צוזאַמען מיטן דערציִער יוסף דאַנילאַק און לערער פּאָדאָליאַק, אַ דאַנק דער אומדערמידלעכער אַרבעט פון די מעזריטשער אין אַמעריקע, עמיגרירט קיין קאַנאַדע, ווו זיי זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין אַ קאָלעקטיווער פאַרם, און דאָרט האָט דער אָרקעסטער אונטער דער אָנפירונג פונעם זעלבן פּאָדאָליאַק עקזיסטירט ביז די קינדער זענען אונטערגעוואַקסן און זיך צעפאָרן און באַזעצט אין פאַרשידענע שטעט אין שכנות מיט דער פאַרם און אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

דער פאַרמעסט פון אַזאַ קאָלאָסאַלער פינאַנסיעלער אָנשטרענגונג פון די מעזריטשער קאָמיטעטן אין אַמעריקע, האָט מסתמא געטראָגן מיט זיך דעם באַוווסטזיין און די אָנונג פון דעם אָנקומענדיקן חורבן, וועלכער האָט מיט 15 יאָר שפּעטער זיך אַראָפּגעלאָזט איבער די פּוילישע ייִדן. דאָס אַריבערפירן דאָס יתומים־הויז קיין קאַנאַדע אין די 20ער יאָרן האָט אָפּגעראַטעוועט אַ גרויסן

צווייג פון דעם מעזריטשער יידישן בוים, איז איבערגעפלאַנצט אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, און ער האָט שוין אַרויסגעגעבן פון זיך 2 דורות, וועלכע זענען שטאָלץ, וואָס זייערע עלטערן און זיידעס זענען מעזריטשער.

אין אָנהייב פון די 30ער יאָרן האָט מעזריטש זיך געפונען אין אַ שווערן עקאָנאָמישן קריזיס, באַזונדערס שווער איז געטראָפן געוואָרן די בערשטערי אינדוסטריע, וואָס איז געווען דער הויפּט־קוואַל פון פּרנסה, עס איז אָבער אויך געוואָרן אַ שטילשטאַנד אין אַנדערע בראַנזשעס. די אַרבעטסלאָזיקייט האָט דערגרייכט אַ הויכפּונקט; האַנטווערקער און קליינהענדלער זענען געוואָרן רויִנירט; דער שטייערדרוק האָט אויסגעפּרעסט דאָס לעצטע ביסל חיונה פון די מעזריטשער יידן. די אונטערוואַקסנדיקע יוגנט, אָן אויסזיכטן אויף עקזיסטענץ, האָט גענומען זוכן וועגן צו עמיגרירן קיין אויסלאַנד. אַ גרויסער טייל פון דער קולטור־אַקטיווער און שעפערישער יוגנט האָט פאַרלאָזט מעזריטש; זיי זענען צעשפּרייט געוואָרן איבער אַלע קאָנטינענטן. אין רעזולטאַט פון דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע האָבן זיך אויפגעלייזט די געזאַנג־גרופּן פון די פאַרשידענע פּאַרטייִשע אָרגאַניזאַציעס.

די גרויסע שול האָט שטענדיק געהאַט אַ כאָר, וועלכער איז אין די לעצטע יאָרן דיריגירט געוואָרן דורך אַ באַגאַבטן דיריגענט אַברהמעלע גאַרבאַזש, וועלכער האָט אַ צייט פריִער אָנגעפירט מיטן שעדלעצער פאָלקסכאָר „הזמיר". ער האָט אויסגעשולט און דערפירט דעם כאָר ביי דער שול צו אַ הויכער מדרגה. צו יענער צייט האָט די קהילה, ביים שניידן איר בודזשעט, אויך אויסגעשטראָכן די פּאָזיציע פון אַ פּענסיע פאַרן כאָר־דיריגענט און אַרויפגעלייגט די פונקציע פון אָנפירן מיטן כאָר אויפן חזן ראַבינאָוויטש גופא. דער חזן האָט קיין ברירה נישט געהאַט און געמוזט איינגיין אויף דעם.

דער דיריגענט גאַרבאַזש, פאַרלירנדיק זיין פּאָסטן, האָט זיך געגרייט אַהיימצופאָרן קיין שעדלעץ. דאָן איז ביי אַ גרופּע מענטשן, ליבהאָבער פון מוזיק און געזאַנג, אויפגעקומען דער געדאַנק צו שאַפן אין מעזריטש אַ יידישן פאָלקסכאָר וואָס זאָל נישט זיין אונטערגעוואָרפן קיין פּאַרטייִשער אָרגאַניזאַציע. דער דיריגענט גאַרבאַזש האָט מסכים געווען צו אַרבעטן אין אַזאַ כאָר פאַר אַ מינימאַלן לוין.

זינגער מיט גוטע שטימען האָבן אין מעזריטש נישט געפעלט, און קיין צייט האָט אויך נישט געפעלט; דער גרעסטער טייל פון עולם איז געווען אומבאַשעפטיקט און ס'האָט זיך געוואָלט אויסזינגען און פאַרגעסן אַ ביסל די טאָג־טעגלעכע זאָרגן און צרות.

עס האָט זיך געשאַפן אַ קאָמיטעט, וואָס האָט גענומען דורכפירן דעם פּראָיעקט. דער ערשטער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון שלמה קאַמיען (געוועזענער וויצע־בירגערמייסטער) מרדכי שאַפּיראָ, ברידער משה און מנשה לייבמאַן, ברידער משה און בערל אָבערשטערן, אברהם צוקער, גאָלדע באַראַב, שייע פייערמאַן, פּיניע שיינמעל און דער שרייבער פון די שורות. דער קאָמיטעט האָט

אָפּגעדרוקט אַ מעלדונג אין דער מעזריטשער וואָכנשריפט „פּאָדלאַשער צייטונג" וועגן ווערבירן מיטגלדער פאַרן כאָר, וואָס האַלט זיך אין שאַפן. דער קאָמיטעט האָט אויך גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו שאַפן עטלעכע הונדערט מיטגלידער אין דער כאָר־געזעלשאַפט, ווו יעדער איינער זאָל זיך באַשטייערן מיט אַ מיני־מאַלן אָפּצאָל פון אַ האַלבער זלאָטע אַ חודש. דאָס האָט געדאַרפט ווערן דער פינאַנסיעלער באַזיס אויסצוהאַלטן דעם דיריגענט. דער האַנטווערקער־פאַראיין האָט געגעבן זיין לאָקאַל, פריי פון אָפּצאָל, 2 מאָל אַ וואָך אין די אָוונטן פאַר רעפּעטיציעס און פאַרזאַמלונגען.

ווי פאַר אַן אָנהייב איז דער אָפּרוף געווען אַ גאַנץ גינסטיקער. עס האָבן זיך געמאָלדן אַרום 70 מענטשן גרייט צו זינגען אין כאָר און אַרום 100 מיטגלידער, נישט זינגענדיקע — אין דער געזעלשאַפט ביים כאָר.

פון די אַפּליקאַנטן צו זינגען האָט דער דיריגענט אָפּגעקליבן אַרום 50 פּערזאָן, וועמענס שטימען האָבן זיך קוואַליפיצירט פאַר דעם כאָר. דער דיריגענט האָט געהאַט אַ רייכן רעפּערטואַר פון כאָראַלער מוזיק: פאָלקסלידער אין יידיש, העברעיש און פּויליש, טעקסטן און מוזיק פון יידישע פּאָעטן און קאָמפּאָזיטאָרן ווי: ביאַליק, פּרץ, שניאור, טשערניכאָווסקי, סעגאַלאָוויטש, קולבאַק און אַנדערע. מוזיק פון ליאָוו, מיכאל געלבאַרט און פיל אַנדערע יידישע קאָמפּאָזיטאָרן, און אויך וועלטלעכע סעקולערע שאַפונגען פון מאָצאַרט, באַך, הענדעל, מאָניושקאָ און אַנדערע. דאָס אויסשולן פון כאָר איז אַנגעגאַנגען רעגולער; די זינגער און דער דיריגענט האָבן ווי געשאַפן אַן ענגע, נאָענטע משפחה. צום ערשטן יאָר פון זיין גרינדונג איז דער כאָר, וועמען מען האָט אַ נאָמען געגעבן מעזריטשער יידי־שער פאָלקסכאָר „לירע", אויפגעטראָטן מיט זיין ערשטן קאָנצערט אין גרויסן קאָנצערטזאַל פון די פייערלעשער. דער אויפטריט האָט געהאַט אַ גרויסן קינסט־לערישן, מאָראַלישן און פינאַנסיעלן דערפאָלג; אויפן פאַרלאַנג פון די צוהערער האָט מען דעם זעלבן קאָנצערט איבערגעחזרט אַ וואָך שפּעטער מיט זייער אַ גרויסן דערפאָלג.

דער אָפּרוף אין דער אָרטיקער יידישער און פּוילישער פּרעסע איז געווען אַן ענטוזיאַסטישער. די רעצענזיעס זענען געווען פול מיט לויב און באַוווּנדערונג פאַר דעם כאָר, זיינע גרינדער און דעם דיריגענט. מען האָט גערימט די קאָאָרדי־נאַציע, האַרמאָניע און פאַרבן־רייכקייט פון די שטימען, ווי אויך דאָס דיריגירן און די פאַרשידנאַרטיקייט פונעם רעפּערטואַר.

דער פּרעסטיזש פונעם כאָר איז געוואַקסן נאָך די 2 קאָנצערטן. די לידער זענען געזונגען געוואָרן אין די וואַרשטאַטן ביי דער אַרבעט און אויף שפּאַצירן. די אַרבעט פון כאָר האָט געווירקט אויף דער אַטמאָספער פון שטאָט און פאַר־טריבן די עצבות.

נאָך אַ צייטאָפּשניט פון עטלעכע און פערציק יאָר איז אוממעגלעך צו גע־דענקען אַלע אָנטיילנעמער פון דעם כאָר „לירע". די צייט און די וואַנדערונגען האָבן פאַרווישט פנימער און אָפּגעמעקט נעמען; בעט איך די פאַרגעסענע מיר

מוחל זיין, אויב איך וועל דערמאָנען בלויז די נעמען, וואָס האָבן זיך איינגע־קאַרבט אין מיין זכרון:

## נעמען פון די באַטייליקטע אין כאָר

סאָפּראַנאָס: סאָניע פעלדמאַן (סאָליסטין), גאָלדע באַראַב, בערטע דישעל, חנהלע ריבאַק (לעבט, אויסטראַליע), רחל לאַמשטיין, חיהלע פּריזאַנט, הענטשע עלזאָן, חינקע פּריזענט, סאָניע גורמאַן, דינהטשע כאַיעט.

אַלטאָס: אָלגאַ דישעל (סאָליסטין), פריידקע לייבמאַן, פּערעלע ווישניע (לעבט, ישראל), זיסעלע ווייסגלוז, בינטשע נודעלבערג, יהודית גורמאַן, אסתר סניעזשאַק.

טענאָרן: משה אָבערשטערן (סאָליסט), בערעלע אָבערשטערן (לעבט, ישראל), פּיניע שיינמעל, יאָסל שיינמעל, אָשר באַראַב, הערשל באַראַב, יאָסקע קאָגוט (לעבט, ל. אַנדזשעלעס), לייבטשע קאָגוט, אַברהם צוקער, איטשע ראָזענ־צווייג, אהרן ריינווין (לאָס אַנדזשעלעס), אַבע בוראַטשיק, ווילי דישעל, סאַמי דישעל, לאָלעק פרידלענדער (לעבט, אויסטראַליע), יאַנקל באַרג (לעבט, אַמעריקע), הערשל טוואַרדעדזשעוואָ, גרשון פרידמאַן.



**פּאַרוואַלטונג פונעם מעזריטשער יידישן פאָלקסכאָר 'לירע'**

ערשטע ריי (פון רעכטס) שטייען: משה אבערשטערן, גרשון פרידמאַן, גאָלדע באַראַב, אברהם צוקער, איטשע ראָזענצווייג.

צווייטע ריי, זיצן: מנשה לייבמאַן, דיריגענט אברהם גאַרבאַזש, פּיניע שיינמעל.

באַריטאָן־באַס: **משה לייבמאַן** (לעבט, ניו־יאָרק, סאָליסט), הערשל שי־קער, מנשה לייבמאַן, משה כאַיעט, אַברהם מאַנדעלבלאַט, ברוך סאָלסקי, מרדכי שאַפּיראָ, פייוול סניעזשאַק, בערקע קנאָפּמאַכער.

אין זיין צווייטן יאָר עקזיסטענץ האָט דער כאָר זיך אויסגעצייכנט מיט נאָך גרעסערע דערפאָלגן: עס זענען צוגעקומען נייע זינגער און אונטערשטי־צונג־מיטגלידער, דער רעפּערטואַר איז באַרייכערט געוואָרן מיט שאַפונגען פון קלאַסישע קאָמפּאָזיטאָרן, וועלכע זענען איצט, נאָך אַ יאָר פון אויסשולונג און איבונגען, מעגלעך געוואָרן אויסצופירן און רעאַליזירן.

די רעפּוטאַציע פונעם כאָר האָט זיך פאַרשפּרייט אין די שכנותדיקע שטעט, וועלכע האָבן פאַרבעטן דעם כאָר אויפצוטרעטן דאָרט. 2 קאָנצערטן זענען געגעבן געוואָרן אין ביאַלע־פּאָדלאַסקע ביי פול געפּאַקטע זאַלן און זיי האָבן באַקומען לויב־רעצענזיעס אין דער יידישער און פוילישער אָרטיקער פּרעסע. איין דערפאָלגרייכער קאָנצערט איז געגעבן געוואָרן אין ראַדזין און 2 קאָנצערטן אין מעזריטש גופא.

ביים אַריינטרעטן אינעם דריטן יאָר פון זיין אַנטשטיין האָט די „לירע" זיך באַרייכערט מיט אַ דראַמקרייז, וועלכער איז געשאַפן געוואָרן מיט דער איניציאַטיוו, און אונטער דער רעזשי פון אונדזער בן־עיר מרדכי שאַפּיראָ — אַ קולטור־מענטש פון הויכער מדרגה, אַ ליבהאָבער און קענער פון דער בינע־קונסט, איינער פון די געציילטע געבליבענע אין מעזריטש פון יענער דראַ־מאַטישער גרופּע, וועלכע האָט עקזיסטירט אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אַ צענדליק יאָרן און אויפגעפירט אויף דער מעזריטשער בינע ווערק פון דעמאָלטדיקן טעאַטער־רעפּערטואַר.

מרדכי שאַפּיראָ האָט צונויפגעזאַמלט די ווינציק־געבליבענע פון יענער גרופּע און זיי דערגאַנצט מיט יינגערע טאַלאַנטן פונעם כאָר „לירע", געשאַפן אַ סטודיאָ פון קליינקונסט־טעאַטער ביים כאָר און געזאַמלט דעם מאַטעריאַל, פאַרוואַנדלט לידער אין מוזיקאַלישע דיאַלאָגן און סקעטשן, טראַנספאָרמירט שטאָט־געשעענישן אין פּאַראָדיעס, אויסגעשפּילטע אויף דער בינע, ווו אונ־דזערע שטאָטטאַטעס און קהילה־פּאַרזאָרגער האָבן זיך דערזען אין זייער נאַקעטקייט.

שאַפּיראָ האָט איינגעקנעלט מיט אונדז די בינע־חכמה מיט געדולד און ליבשאַפט. נאָך אומדערמידלעכע רעפּעטיציעס איז געלונגען אויפצופירן אַ רעווי־פאָרשטעלונג, אָנגעפּיקעוועט מיטן בעסטן פון דעמאָלטדיקן קליינקונסט־טעאַטער אין פּוילן: איינאַקטערס פון שלום־עליכם, דער טונקעלער, בראָדער־זאָן א"אַ, ווי אויך סצענעס פון שטאָטישע אַקטואַליטעטן, סאָלאָ־לידער ביים פּולן אָנטייל פונעם גאַנצן כאָר.

דער אויפטריט, קאָמבינירט פון דראַמאַטישן קרייז צוזאַמען מיטן כאָר, קאָאָרדינירט און צונויפגעשטעלט פון שאַפּיראָ און גאַרבאַזש, איז געווען אַ קונסט־פעסטיוואַל פון שטאָטישע טאַלאַנטן.

די דעקאָראַציעס פאַר די פאָרשטעלונגען זענען געמאָלן געוואָרן דורך דעם יונגן באַגאַבטן מאָלער אַהרן ריינוויין (אַרגענטינע).

אין דעם דראַמקרייז פון „לירע" האָבן זיך באַטייליקט: מרדכי שאַפּיראָ (רעזשיסאָר), מנשה לייבמאַן, מאַניע פעלדמאַן, פּערעלע ווישניע, גאָלדע באַראַב, לייבטשע קאָגוט, פּיניע שיינמעל, יאָסל שיינמעל, אַברהם צוקער, ברוך סאָלסקי, רחל לאַמשטיין, חיהלע פריזאַנט, לאָלעק פרידלענדער, גרשון פרידמאַן, און מעגלעך נאָך אָנטיילנעמער, וועלכע זענען פאַרשוואונדן פון מיין זכרון.

די מיטגלידער פונעם כאָר „לירע", סיי די זינגער, סיי די פּאַסיווע, זענען באַשטאַנען פון אַלע קלאַסן אין דער יידישער באַפעלקערונג, סיי פאַרמעגלעכע, סיי אָרעמע, זיי האָבן געהערט צו פאַרשידענע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען און אומפאַרטייאישע — אַלעמען האָט צונויפגעבראַכט די ליבשאַפט צו מוזיק און געזאַנג.

אויפן דריטן יאָר פון דער עקזיסטענץ פונעם כאָר האָבן זיך אָנגעהויבן שטרייטן און רייבונגען. צום ערשט וועגן רעפּערטואַר. די יידישיסטן האָבן געוואָלט, אַז יידישע לידער זאָלן דאָמינירן. די העברעיסטן האָבן געוואָלט, אַז העברעישע און נאַציאָנאַלע לידער זאָלן האָבן די אויבער־האַנט. די פּאָליטישע פּאַרטייען אין שטאָט, פון עקסטרעם רעכט ביז עקסטרעם לינק, האָבן געוואָלט באַקומען אַ מערהייט אין כאָר און פאַרוואַנדלען אים אין אַ פּאָזיציע פאַר זייערע פּאָליטישע טעטיקייטן.

די פאַרוואַלטונג פונעם כאָר, וויסנדיק פון דערפאַרונג, אַז צוליב אידעאָלאָגישע רייסענישן זענען פיל לאַנגיאָריקע יידישע אינסטיטוציעס אונטער־געגאַנגען, האָט זיך באַמיט מיט אַלע כוחות, אַז פּאַרטייאישקייט זאָל נישט שטערן דעם כאָר, אַז ער זאָל זיין געווידמעט בלויז פאַר דעם צוועק, פאַר וועלכן ער איז געשאַפן געוואָרן. מען האָט אַפּעלירט צו די מיטגלידער, גע־וואָרנט פאַר די קאָנסעקווענצן וואָס די פּאַרטייאישע קריגערייען וועלן אַרויסרופן. מיטגלידער־אונטערשטיצער האָבן גענומען אַרויסטרעטן, און אויך זינגער. דער מיטגליד־אָפּצאָל — דער פינאַנסיעלער יסוד צו באַצאָלן דעם דיריגענט זיין געהאַלט — האָט גענומען איינשרומפן. אונדזערע ווענדונגען צו דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און קהילה האָבן אָנגעטראָפן אויף פאַרמאַכטע אויערן. נאָכן אויס־שעפּן אַלע מיטלען און וועגן, ווי אויסצובעסערן דעם פינאַנסיעלן און אויך מאָראַלישן מצב פון כאָר, איז די פאַרוואַלטונג געצוווּנגען געוואָרן אָפּצוזאָגן דעם דיריגענט, וועלכער האָט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט, אַרבעט און נשמה אויפגעבויט און אויסגעשטאַלטיקט אַ קולטור־אינסטיטוציע פון הויכער קינסט־לערישער מדרגה. מיט האַרצווייטיק האָט ער פאַרלאָזט מעזריטש.

אונדזער בן־עיר, מיטוש ווידרע, האָט זיך פרייוויליק אָנגעבאָטן אָנצופירן מיטן כאָר. ער אַליין איז געווען אַ גוטער מוזיקער, אַ גוטער אינסטרומענטאַ־ליסט. ער האָט קיין געהאַלט נישט באַקומען.

אַ קורצע צייט נאָך זיין איבערנעמען די פירערשאַפט האָט ער באַקומען אַן אָנבאָט צו שפּילן אין וואַרשע אין דעם באַרימטן נאַכטלאָקאַל „אַאַזאַ” ווי דער סאַקסאָפאָניסט אין דאָרטיקן אָרקעסטער — און האָט פאַרלאָזט מעזריטש.

בלייבנדיק אָן אַ דיריגענט, און ביי די שוועריקייטן, מיט וועלכע עס איז אויסגעקומען זיך צו ראַנגלען, האָט די פאַרוואַלטונג באַשלאָסן אויפצולייזן דעם כאָר. אַזוי איז „לירע”, נאָך 3 יאָר טעטיקייט, אונטערגעגאַנגען.

די כאָר־זינגער האָבן נאָך פון צייט צו צייט זיך געטראָפן אין פּריוואַטע הייזער, אויף אויספלוגן הינטערן שטאָט, און געזונגען די לידער, באַמיט זיך נישט צו פאַרגעסן און אויפהאַלטן אין זייער געמיט דעם אוצר, וואָס איז מיט אַזוי פיל מי און פלייס איבערגעלאָזט געוואָרן אויף הפקר.

ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז נאָך אין דער מעזריטשער לופט געהאָנגען דער עכאָ פון די כאָר־לידער, געזונגען ביי צוזאַמענקונפטן פון גרופן געוועזענע כאָריסטן — ביז די נאַצישע אינוואַזיע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער די שטעט און שטעטלעך פון פוילן און דאָס מעזריטשער יידיש ליד איז פאַרשטומט געוואָרן, צוזאַמען מיטן לעצטן אָטעם פון זיינע זינגער.

מאָטל סאָבעלמאַן/ניו־יאָרק

# צוויי געזעלשאַפטן

## „חברת לחם־לעניים" און „חברת הכנסת־כלה"

צום אָנדענק פון מיין פאָטער זלמן חיל און מיין ברודער אַברהם סאָבעלמאַן, וועלכע זענען אומגעקומען צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן קדושים אין דער שואה.

אין מעזריטש זענען געווען טעטיק פאַרשידענע חברהס, אָבער נאָר וועגן צוויי וועל איך דאָ שרייבן. דאָס זענען געווען הילפס־אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכע מיין פאָטער און ברודער זענען געווען טעטיק און איך, ווי אַ קינד, בין ממש אויסגע־וואַקסן אין זיי.

די צוויי חברהס, „לחם־לעניים" און „הכנסת־כלה", זענען פאַקטיש געווען ווי שוועסטער־אָרגאַניזאַציעס. די מענטשן, וועלכע זענען געווען טעטיק אין איינער פון זיי, זענען אויטאָמאַטיש געווען מיטגלידער און מיטאַרבעטער אין דער צוויי־טער חברה.

דער צחאַמענשטעל פון די מיטגלידער איז באַשטאַנען פון פשוטע בעלי־מלאכות: שוסטערס, בערשטערס, שניידערס, בעלי־עגלות, קצבים, סטעלמאַכערס, קאָוואַלעס, סטאָלאַרעס, קירזשנערס, קרעמערס, סוחרים און הענדלער — ליבע פאָלקס־מענטשן, פאַרהאָרעוועטע, פאַריאָגטע מיט זייערע אייגענע דאגות־פרנסה און אַנדערע פאַמיליע־פּראָבלעמען, האָבן זיי זייער גאַנצע פרייע צייט געווידמעט צו העלפן אָרעמע פאַמיליעס אין זייער נויט.

מעזריטש איז געווען אַן אינדוסטריעלע שטאָט, אַן אַרבעטס־שטאָט, פון צענדליקער טויזנטער אַרבעטער אין פאַרשידענע פאַכן, און ס'האָבן קיין מאָל נישט געפעלט קיין פּראָבלעמען. פון צייט צו צייט פלעגן אויסברעכן פאַרביטערטע שטרייקן אָדער לאָקאַוטן, וואָס פלעגן דויערן חדשים־לאַנג.

ס'האָט אויך געטראָפן אַז דער מסחר אין דער חזיר־האָר־בראַנזשע איז גע־וואָרן שלעכט, און די סוחרים האָבן נישט געקאָנט פאַרקויפן זייערע אויסגע־אַרבעטע סחורות. איז געוואָרן אַן אַרבעטסלאָזיקייט אין בערשטער־פאַך, און דאָס האָט זיך באַלד אָפּגערופן אויף אַלע אַנדערע פאַכן און ס'איז געקומען צו אַ טאָטאַלער אַרבעטסלאָזיקייט און די נויט איז געוואַקסן. קיין גרויסע גבירים זענען די מעזריטשער אַרבעטער קיין מאָל נישט געווען; קיין אָפּשפּאָרונגען האָבן זיי קיין מאָל נישט געהאַט, ווייל ס'איז נישט געווען פון וואָס צו שפּאָרן. אַז זיי האָבן געאַרבעט, האָבן זיי קוים פאַרדינט זייער אויסקומעניש, אָבער אַז ס'פלעגט אויספעלן אַרבעט, האָט מען געהונגערט און געליטן.

די „לחם־עניים" פלעגט יעדן שבת־אינדערפרי, באַלד נאָכן דאַווענען, אַרויס־שיקן פּאָרלעך מיט צוויי זעקלעך אין יעדער גאַס און געסל, צו זאַמלען ברויט, חלה און אַנדערע געבעקסן. זיי פלעגן גיין פון טיר צו טיר, ביז די זעקלעך זענען פול געוואָרן. מיין פאָטערס שותף איז אַלע מאָל געווען בענצע ווישניע, אָדער ווי מ'האָט אים גערופן — בענצע דער דאָרפישער. אַ ליבער מענטש, וועלכער פלעגט לויפן און טאָן די שווערסטע אַרבעט, צו העלפן די, וועלכע האָבן זיך געניטיקט. מיין ברודערס פאַרטנער צום זעקל איז געווען דעם שטומער באַרש־טערס עלטסטער זון, הערש לייב באַרנע (אָדער בערנאַרד), אַ יונגער מענטש פול מיט ענערגיע. די זעקלעך מיט ברויט פלעגן זיי ברענגען אין הויז פון הערשל דעם שטומענס. אַזוי האָט מען אים גערופן. זיין נאָמען איז געווען הערשל וואָדניצקי.

דער דאָזיקער ייִד איז געווען ממש אַ לעגענדאַרע פיגור. געלעבט האָט ער פון שוסטעריי, געוווינט האָט ער אויף דער צעבראָכענער גאַס אין אַ קליין נידעריק שטיבעלע מיט אַ שטרויענעם דאַך, זיין הויז אָבער איז אַלע מאָל געווען לעבעדיק, ליכטיק און פול מיט מענטשן. אַ גאַנצע וואָך האָט ער דאָרט געפירט זיין שוסטער־וואַרשטאַט. שבת איז זיין קליין שטיבעלע ווי עפּעס גרעסער גע־וואָרן, ריין און ציכטיק, און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מקום קדוש ווו די חברה־לייט פלעגן דאַווענען בציבור. מען פלעגט דאַווענען פרי, כדי צו געבן די חברה־לייט אַ מעגלעכקייט צו באַזוכן אַלע שטובן אין שטאָט און ברענגען דאָס גאַנצע געזאַמלטע ברויט צו הערשלען אין הויז. דאָרט פלעגט דאָס ברויט פאַנאַנדערגעטיילט ווערן אין פּאָרציעס: צו אַ גרעסערער פאַמיליע אַ גרעסערע פּאָרציע, צו אַ קלענערער — אַ קלענערע. שבת נאָך מיטאָג פלעגט דאָס ברויט צעטיילט און פאַנאַנדערגעשיקט ווערן אַזוי בשתיקה, אַז קיינער זאָל זיך נישט דערוויסן, ווער ס'קריגט דאָס ברויט, כדי נישט צו באַליידיקן די אָרעמע פאַמיליעס.

איך געדענק, אַז ווען איך בין געווען אַ ייִנגל פון 8־7 יאָר, פלעגט מען מיר געבן יעדן שבת אָוונט אַ פּאָרציע ברויט, אַז כ'זאָל דאָס ברענגען צו אַ משפּחה, וואָס פלעגט וואַרטן אויף דעם. מ'האָט מיר אָנגעזאָגט, כ'זאָל ג'י'ן מיט הינטערגעסלעך און נישט אָפּשטעלן זיך רעדן מיט קיינעם אויפן וועג, קיינער זאָל נישט וויסן וואָס כ'טראָג און ווו איך גיי.

אויף פּסח פלעגט די „לחם־לעניים" אויסטיילן די נויטבאַדערפטיקע געלט אויף מצות און אויך אַנדערע פּראָדוקטן פאַר יום־טוב.

געלט האָט די „לחיים־לעניים" געזאַמלט אויף אַזאַ אופן: מ'האָט געשיקט אויף יעדער חתונה אין שטאָט צוויי פאַרשטעלטע מענטשן אין גענעראַלסקע אוני־פאָרמען מיט שווערדן ביי דער זייט און אין מאַסקעס מיט הויכע קאָלירטע היטלען. זייער אויסזען איז געווען עלעגאַנט, ווי סאָלדאַטן פון אַחשוורושס אַרמיי. ערב יום כיפּור פלעגט מען שיקן צו צוויי מענטשן, מנחה־צייט, אין יעדער שול, בית־

מדרש און יעדעס שטיבל ווו מ׳האָט געדאַוונט. יעדער דאַוונער פלעגט אַריינ־וואַרפן עטלעכע גראָשן אין דער קערה. דאָס זענען געווען די מיטלען, מיט וועלכע זיי פלעגן פירן זייער טעטיקייט. די חברה־לייט האָבן געטאָן זייער אַרבעט שטיל און באַשיידן, זייער טעטיקייט זאָל זיך נישט וואַרפן צו פיל אין די אויגן, אָבער הונדערטער פאַמילעס זענען דורך זיי געשטיצט געוואָרן.

**פאַרוואַלטונג פון „בית לחם" אין יאָר 1939**



ערשטע ריי (פון רעכטס), שטייען: יצחק פייערמאַן, שמעון שיקער, בערל שטיינקריצער, ליפא בלומענגאָלד, יוסף פייערמאַן, שלמה לאַנדסבערג, יהושע רויזן, מאָטל מאַנדלבוים, משה טאַבאַקמאַן, שיע בערעזאָווסקי.

צווייטע ריי, זיצן: פישל טאַנדייטער, אַלטער נוסבאַנד, משה טוגענדער, בערל ראָזענבערג, הערשל פייערמאַ׳, אייזיק העכטמאַן, יודל לעדערמאַן, קלמן פינקלשטיין, מיכל קאמיען.

אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן האָבן זיי צוגעצויגן ר׳ הערשל פייערמאַן, משה נאַרעווקער דעם שוחטס איידעם, ער זאָל ווערן גבאי ראשון און ר׳ הערשל האָט זיי אַריינגענומען אין זיין פאָטערס הויף, ווו מ׳האָט זיי געגעבן אַ לאָקאַל פאַר זייערע טעטיקייטן.

די חברה „הכנסת־כלה" האָט זיך געפונען אין הויז פון אַברהמקע זינגער (אַברהמקע שוסטער). ער האָט געוווינט אין געסל הינטערן בעל־עגלהשן בית־המדרש. אויך די חברה איז געווען זייער נוצלעך און וויכטיק. זי האָט דערמעג־לעכט, אַז אָרעמע מיידלעך זאָלן קאָנען חתונה האָבן בכבוד און נישט, חלילה, בלייבן פאַרזעסן. אויך דער אַברהמקע שוסטער איז געווען אַ ליבער, טייערער ייִד מיט האַרץ און נשמה. מיט זיין טויט אָבער איז די חברה אויפגעלייזט געוואָרן.

Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem
„MEZRYCZER TRYBUNE"
פרייז 20 גראשן
צווייטער יאָרגאנג (72) No 49

מעזריטשער טריבונע

אַבאָנאַמענט-פּרייז:
אין לאנד:
האַלביערלעך —,6 גילדן
פערטל־יערלעך —,3
אין אויסלאַנד:
האַלביערלעך 1.50 דאָלאַר
ניט אָנגענומענע מאַנוסקריפּטן ווערן ניט צוריקגעשיקט

וואָכנשריפט
אַדרעס פון רעדאַקציע און אדמיניסטראַציע
Red. „Mezryczer Trybune" Międzyrzec - Podlaski. Lubelska 51.
Skrzynka pocztowa 7. אַדרעס פאַר בריוו:
P. K. O. 66.108 אַדרעס פאַר געלט:

אַנאָנס-פּרייז:
פאַר א שורה אין טעקסט 40 גראשן
" " פאָרן טעקסט 30 "
" " נאָכן טעקסט 15 "
אין עמוד האַלט 6 שפּאַלטן
פאַרן פאַרנהאַלט פון בריוו אין רעדאַקציע און אַנאָנסן, איז די רעדאַקציע ניט פאַראַנטוואָרטלעך

מעזריטש, פרייטיק, יח׳ כסלו, תר״ץ. 20 דעצעמבער 1929 Międzyrzec Piątek 20 grudnia

# צו דער דערעפענונג פונם נייעם שפּיטאָל

דער בנין פונם מעזריטשער יידישן שפּיטאָל

מאָנטיק, דעם 16טן ה. ה. איז נאָך אַן ערך זיבן-חדשימדיקער אַרבעט, אויפגעעפנט געוואָרן דער היגער יידישער שפּיטאָל.

דער בנין סיי פון אויסנווייניק, און סיי פון אינעווייניק, שטעלט מיט זיך פאָר, אַ פולשטענדיק פאַרענדיקטע זאַך, וואָס פאַראייניקט אין זיך דאָס פּראַקטישע און ניצלעכע צוזאַמען, אַזוי, אַז מעזריטש איז ביי היינטיקן טאָג, איינע פון די שטעט אין קאָנגרעס פוילן, וועלכע פאַרמאָגט אַזאַ פּראַכטפולן שפּיטאָל.

די דאָזיקע זייער נוצלעכע אינסטיטוציע, איז אויפגעבויט געוואָרן אַ דאַנק דער אומדערמידלעכער, איבערמענטשלעכער אַרבעט פון הער און פרוי סאַיעטע מיט דער מיטהילף פון די הערן נ. זאַמדפערל און י. גאָלדשטיין, ווי אויך מצד דעם היגן שפּיטאָל-קאָמיטעט.

דער שפּיטאָל, ווי געזאָגט, איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט דער פולער האנט און סבלייבט בלויז צו ווינטשן: אַז עס זאָל מצד די, וועלכע וועלן זיך ווידמען דער הומאַניטאַרער אַרבעט — פון אָנפירן מיט די טאָג-טעגלעכע הצטרכותן, וואָס פאָדערט זיך לטובת די קראַנקע, וועמען סוועט דאָרט צוגעשטעלט ווערן די נייטיקע הילף — אַרויסגעוויזן ווערן אויך אויף להבא די זעלביקע מסירת-נפשדיקייט ווי דאָס האָבן אַרויסגעוויזן די וועלכע זענען ביז איצט געשטאַנען ביים אויפבוי פונם שפּיטאָל.

* * *

| | |
|---|---|
| געזאַמלט אין שטאָט מעזריטש במזומן 14,720.66 זל. חובות 1,270.92 . | 15.991.58 |
| פון מעזריטשער מאַגיסטראַט . | 3.000.— |
| פון מעזריטשער יידישער גמינע . | 19.468.51 |
| געזאַמלט אין וואַרשע במזומן 5.959.76 חובות 2,738.80 . . . | 8.698.56 |
| באָניפיקאַציע פון סחורה . . | 132.— |
| אַלטע איוונס, שמעלץ און א שטיק רער | 126.— |
| געזאַמלט אין אמעריקע במזומן 10.300 דאָל. חובות 1,700 דאָל. ס"ה 12,000 דאָל. | 106.560.— |
| אויסגעלייגט דורך ה' סאַיעטע . | 8.017.57 |
| ס"ה חובות 1.700 דאָל. 4.009.72 זל. | |
| בילאַנס | 161.994.22 |

צוזאַמען אויסגעליגט דורך מ. ג. סאַיעטע:

| | | |
|---|---|---|
| פאַר אַמעריקע | | 1.700.— דאָל. |
| „ מעזריטש | 1.270.92 זל. | |
| „ וואַרשע | „ 2.738.80 | |
| חוב פון שפיטאָל | „ 8.017.57 | |
| ס"ה | 12.027.29 זל. | 1.700.— דאָל. |
| ס"ה | 3.054.43 דאָלאַר | |

| | |
|---|---|
| בוי-געהילך . . . . | 5.627.20 |
| עלעקטריע . . . . | 4.300.96 |
| אויפזייער פאָדאָליאַק און באָרנשטיין | 470.— |
| זאַמד און זשוויר . . . | 2.039.20 |
| מולאַרקע . . . . | 14.384.20 |
| פראָסטע אַרבעט . . | 4.329.50 |
| סטאָלאַרקע . . . | 6.991.50 |
| צעמענט און וואַפנע . . | 3 |
| ציגל . . . . | 3.041.95 |
| שלאָסעריי און קאָוואַלסקע אַרבעט | 4.243.95 |
| מאַלעריי . . . . | 7.279.50 |
| קיך-געשיר . . . | 1.023.36 |
| וועש און בעט-צייג . . | 6.855.57 |
| שויבן אַריינשטעלן . . | 248.20 |
| פעדערן . . . . | 976.— |
| צוזאַמען און נייען דאָס וועש . | 553.60 |
| מאַרמאָר . . . . | 530.40 |
| קאַכלעס צו די אויוונס . . | 2.490.50 |
| טעשלעריי . . . | 353.— |
| בלעך און בלעכער . . | 1.618.— |
| פאַרשידענע פורמאַנקעס . | 896.10 |
| אייזנוואַרג . . . | 4.940.41 |
| פאַרשידענע אויסגאַבן . . | 4.328.18 |
| בעטן . . . . . | 4.639.76 |
| מאַטראַצן . . . . | 3.280.— |
| אָנדענק-טאָוולען . . . | 3.156.30 |
| מאַלאַרסקע מאַטעריאַל . . | 3.380.35 |
| מאָנטער . . . . | 46.769.— |
| כירורגישע אינסטרומענטן . | 13.475.— |
| האַנטגעלט אויף א דירה פאַרן דאָקטאָר | 444.— |
| קינדער-בעטלעך . . . | 350.— |
| בילאַנס | 161.994.22 |

בילאַנס צום פאַרענדיקן דעם דריטן שטאָק פון שפיטאָל.

„מעזריטשער טריבונע",
20סטן דעצעמבער 1929

**מענדל אריה** חיפה

# געזעלשאַפט „פריינד פון יידישן שפּיטאָל"

סוף יאָר 1930 האָט אין מעזריטש זיך געשאַפן די געזעלשאַפט „פריינד פון יידישן שפּיטאָל". איר פּרעזעס איז געווען נטע הויזמאַן ע"ה; ער איז אַ צייט געווען דער וויצע־בורמיסטזש פון מאַגיסטראַט. וויצע־פּרעזעס איז געווען יאַנקל בוקסבוים, קאַסירער — יואלע היטלמאַכער. אין דער געזעלשאַפט זענען געווען פאַרטראָטן אַלע שיכטן פון דער מעזריטשער באַפעלקערונג, פון אַן אַרבעטער ביז אַ סוחר.

דער מעזריטשער שפּיטאָל האָט זיך געפונען אין זייער אַ שלעכטער לאַגע און זיך געהאַלטן ביים פאַרמאַכן. פון מאַגיסטראַט האָט מען קיין הילף נישט געקריגן, ווייל כוח אין שטאָטראַט האָבן געהאַט די קריסטן, און זיי האָבן בלויז אויסגעקוקט אַז דער שפּיטאָל זאָל זיך פאַרמאַכן און זיי זאָלן קענען אויס־מעקן די יידישע אויפשריפט, די שיינע אותיות איבער דעם איינגאַנג אין פראָנט פון יידישן שפּיטאָל. אָבער די געזעלשאַפט „פריינד פון יידישן שפּיטאָל" האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו דערהאַלטן דעם שפּיטאָל אין יידישע הענט, ער זאָל ווייטער דינען דעם אָרעמען יידישן קראַנקן, וואָס האָט נישט געהאַט די מעגלעכ־קייט איינצוצאָלן פאַר 10 טעג פאַרויס, און דעם פולן פּרייז, 100 זלאָטעס — 10 זלאָטעס אַ טאָג. פאַר דעם אָרעמען ייד איז דאָס געווען אַ סך געלט. דער שפּיטאָל האָט געמוזט האָבן אַ הכנסה צו דעקן זיינע הוצאות, און אַז ער האָט נישט באַקומען פון ערגעץ אַנדערש, האָט ער געמוזט פאַרלאַנגען פון די קראַנקע. איז אַן אָרעמאַן קראַנק געוואָרן, איז ער געלעגן אין דער היים, און דער, וואָס האָט אים באַדינט, האָט נישט געקענט גיין פאַרדינען אויף פּרנסה. דאָס זעלבע אויך מיט די קינפּעטאָרינס.

דער שפּיטאָל האָט באַדינט נישט נאָר די יידישע באַפעלקערונג, נאָר אויך די קריסטן. די געזעלשאַפט „פריינד פון יידישן שפּיטאָל" האָט געהאַט אַן אָפּמאַך מיט דער פאַרוואַלטונג פון יידישן שפּיטאָל צו צאָלן 5 זלאָטעס פאַר יעדן טאָג, וואָס דער קראַנקער ליגט אין שפּיטאָל. ווען איינער האָט געוואָלט אָנקומען אין שפּיטאָל דורך דער געזעלשאַפט, האָט די געזעלשאַפט לויט איר איינזען באַשטימט, וויפל מען דאַרף ביי אים נעמען. ביי איינעם האָט מען גענומען 20 זלאָטעס פאַר צען טעג, ביי אַן אַנדערן — 30 זל.. דאָס איבעריקע האָט צוגעלייגט די געזעלשאַפט. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס מען האָט ביי זיי אין גאַנצן קיין געלט נישט גענומען, די געזעלשאַפט האָט אַלץ באַצאָלט.

די שפּיטאָל־דאָקטוירים זענען געווען: ד"ר קאָזעס, ד"ר קאַפּלאַן, אַ ביסל שפּעטער אויך ד"ר ליכטענבערג. איבער דער כירורגישער אָפּטיילונג איז געווען באַשטימט דער כירורג ד"ר גליבערמאַן, דערנאָך ווען ער איז אַרויסגעפאָרן קיין וואַרשע, האָט זיין אָרט פאַרנומען אַ כירורג פון בריסק, ד"ר סנאַקאָר, וואָס

פלעגט קומען צוויי מאָל אין וואָך, מאָנטיק און פרייטיק. דיווירטשאַפט אין שפּיטאָל האָט געפירט אַברהמלע מרגלית (שאַפּיראָ) מיט זיין פרוי קלאַרע, אַ קראַנקן־שוועסטער. ווען מען האָט געדאַרפט דעם כירורג דרינגענדיק, האָט מען טעלעפאָנירט און ער איז גלייך געקומען. ס'איז געווען אַ פאַל, אַז פישעלע דראָזשקאַזשס אַ טאָכטער איז שווער געגאַנגען צו קינד און מען האָט געמוזט האָבן דעם כירורג, האָט די געזעלשאַפט „פריינד פון יידישן שפּיטאָל" צו אים טעלעפאָנירט, דער דאָקטער האָט געענטפערט: איך קום מיט דער ערשטער באַן, דערווייל דאַרפט איר קאָכן די כלים און צוגרייטן צו דער אָפּעראַציע. ביי דער סטאַציע זאָל זיין צוגעגרייט אַ דראָזשקע. דער דאָקטער איז געקומען און דורכגעפירט די אָפּעראַציע. ס'איז געבוירן געוואָרן אַ יינגעלע. אויפן ברית איז אויך געווען דער דאָקטער און מיר האָבן געטרונקען לחיים פאַר דעם ניי־געבוי־רענעם קינד און זיין מאַמע, וואָס איז געראַטעוועט געוואָרן פון טויט.

מיר האָבן אויך געהאָלפן די שווער־קראַנקע אָנקומען אין די שפּיטעלער אין וואַרשע. אונדזערע אַקטיווע חברים זענען געווען געטרייע זעלנער. אַ קראַנקער, וואָס איז אַריין דורך אונדז אין שפּיטאָל, אַז ער איז געזונט געוואָרן, האָבן די חברים זיך געווונטשן מזל־טוב. מיר האָבן געהאַט פאַרבינדונגען מיט די דאָק־טוירים, צו שיקן די דאָקטוירים צום קראַנקן אַהיים. דורך אונדזער געזעלשאַפט האָט דער דאָקטער גענומען פאַר אַ וויזיט 2 זל. אַנשטאָט 5 זל. ביי נאַכט האָט דער דאָקטער גענומען אַנשטאָט 10 זל. נאָר 5 זל., און ס'איז נישט געווען קיין פאַל, אַז אַ דאָקטער זאָל תיכף נישט קומען.

אין יעדער גאַס איז געווען אונדזערס אַ חבר, וואָס האָט געהאַט דאָס רעכט צו שיקן צום דאָקטער. ביי נאַכט, אַז מען האָט געדאַרפט אַ קראַנקן נעמען אין שפּיטאָל, זענען אונדזערע חברים באַלד געווען אויף די פיס. די חברים אַקטי־וויסטן האָבן געהאַט לעגיטימאַציעס אויף אַריינצוגיין אין שפּיטאָל צו יעדער צייט.

ווו האָבן מיר גענומען געלט אויף דאָס אַלץ? ערשטנס האָט יעדער איינער, וואָס איז געקומען בעטן הילף, געמוזט ווערן אַ מיטגליד און צאָלן מיטגלידס־אָפּצאָל — פון צוואָנציק גר. אַ מאָנאַט און העכער. צווייטנס, זענען מיר געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און ווערבירט נייע מיטגלידער. מיר האָבן אויך געהאַט מיט־גלידער קריסטן, וועמען עס איז געפעלן געוואָרן אונדזער שיינע הילפסאַרבעט און זיי האָבן געצאָלט מיטגליד־אָפּצאָל. דריטנס, פלעגן מיר איינאָרדענען פון צייט צו צייט אַ בלימלטאָג און זאַמלען געלט אויפן גאַס, אַ חוץ דעם זענען מיר אויך געגאַנגען זאַמלען געלט אויף חתונות, באַנקעטן אאַז"וו.

ערב יום־כפור זענען מיר געזעסן אין די שולן. איך בין געזעסן אין דער גרויסער שול, ווו ס'איז געזעסן ר' חיים שאַפּיראָ ז"ל. ער — מיט אַ טאַץ פאַר קרן־קימת, און איך — מיט אַ טאַץ פאַר די „פריינד פון יידישן שפּיטאָל". ער האָט מיר געווונטשן, ווען מיר זענען געזעסן ערב יום־כפור אין שול, אַז מיר זאָלן זיך זען אין ארץ־ישראל; ער איז עולה געווען אַ שטיקל צייט פאַר מיר.

אַז איך בין געקומען, האָב איך אים שוין ליידער נישט געטראָפן; ר׳ חיים שאַפּיראָ איז געשטאָרבן אין ישראל פאַר מיין קומען.

אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמט די הילף פאַרן שפּיטאל פון די מעזריטשער יידן אין אַמעריקע. ווען שלמה קאַמינען, דער געוועזענער וויצע־בורמיסטזש פון מעזריטשער מאַגיסטראַט האָט באַזוכט מעזריטש, האָבן מיר אים פאַרבעטן און פאָרגעשטעלט אונדזער אַרבעט. נאָך זיין צוריקפאָרן קיין אַמעריקע, האָבן מיר אָפּט באַקומען הילף פון דאָרט. ווען עס זענען געקומען מעזריטשער געסט פון אַמעריקע, פלעגן זיי איבערלאָזן אַ שיינע נדבה.

נאָך דער מלחמה, אין 1946, בין איך געווען מיט אַ באַזוך אין מעזריטש. איך האָב מיין געבוירן־שטאָט נישט דערקענט. אַלץ איז חרוב געוואָרן, קיין יידן זענען נישט געווען, בלויז דער שפּיטאָל איז געבליבן שטיין. די גויים האָבן דערלעבט: די שיינע, יידישע אותיות האָט מען אויסגעמעקט; אויף זייער אָרט האָט מען אויפגעשריבן אין פויליש: „שפּיטאַל מיעיסקי״.



דער יידישער שפּיטאַל אין גויישע הענט

# געזעלשאַפט „טאָז" אין מעזריטש אין יאָר 1929

שוין עטלעכע יאָר, ווי די געזעלשאַפט „טאָז" אַנטוויקלט ביי אונדז אין שטאָט אַן אינטענסיווע טעטיקייט. „טאָז" ווייזט אַרויס אַ סך פאַרשטענדעניש פאַר די באַדערפענישן פון דער היגער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע לעבט אין זייער שווערע סאַניטאַרע באַדינגונגען. פון יאָר צו יאָר אַנטוויקלט די אינס־טיטוציע פאַרשידענע צווייגן פון איר טעטיקייט־געביט. אַזוי איז היינטיקן ווינטער געעפנט געוואָרן אַ דיספּאַנסער, פון וועלכן ס'האָבן גענאָסן די לעצטע עטלעכע חדשים 57 פּערזאָן. ס'זענען געמאַכט געוואָרן 1036 באַשטראַלונג־סעאַנסן. די באַזוכער, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין מאַטעריעלע מעגלעכקייטן צו באַצאָלן פאַר אַ באַשטראַלונג גרעסערע סומעס, האָבן אויף אַזאַ אופן פאַר אַ מינימאַלן אָפּצאָל פון 1 זל. (קינדער 50 גר.) פאַרבעסערט זייער געזונט־צושטאַנד. אין דער באַראַטונג־שטעל פאַר לונגען־קראַנקע האָבן זיך געמאָלדן 165 פּערזאָן. פון זיי זענען גאַנץ אומזיסט קורירט געוואָרן 12 עלטערע און 39 קינדער, טובערקולאָז־אָנגעשטעקטע. אונטער אָבסערוואַציע זענען געווען 14 עלטערע און 18 קינדער.

זייער וויכטיק זענען אויך געווען די 210 הויז־באַזוכן מיטן צוועק אָנצווייזן היגיענישע אויסבעסערונגען.

אַ סך איז אויך אויפגעטאָן געוואָרן אויפן געביט פון שול־היגיענע. אין 3 שולן זענען ביז 1000 קינדער אונטערגעזוכט געוואָרן. פון זיי זענען אין משך פון לעצטן יאָר אָפּגעשיקט געוואָרן אין דער שול־אַמבולאַטאָריע 360 קינדער.

ווי אַלע מאָל, איז אויך דעם זומער געעפנט געוואָרן אַ שפּילפּלאַץ, וועלכן עס באַזוכן 120 קינדער. דער שפּילפּלאַץ איז באַזאָרגט מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן און אויך מיט שפּילצייג פאַר די קינדער. די קינדער ווערט פאַרטיילט אַלע טאָג מילך גאַנץ אומזיסט.

איצט שטייט דער „טאָז" פאַר אַ פרישער וויכטיקער אויפגאַבע — דאָס זענען די זומער־קאָלאָניעס. חודש יולי זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן אומזיסט קיין דאַמאַטשעווע 7 קינדער און קיין אָטוואָצק — 3, דאָס איז אָבער ווייט צו ווייניק, פאַרהעלטנישמעסיק צו דער גרויסער צאָל קראַנקע קינדער, וועלכע מוזן אומבאַ־דינגט אַרויסגעשיקט ווערן אויף קוראַציע.

די אויבנדערמאָנטע ציפערן ווייזן, ווי גרויס עס זענען די פאַרדינסטן פון דעם היגן „טאָז".

(„מעזריטשער טריבונע", 19טן יולי 1929)

# מעזריטשער יתומים־הויז

אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען שטעט און שטעטלעך געוואָרן איבערפולט מיט עלנטע יתומים־קינדער. קיילעכדיקע און האַלבע יתומים האָבן ממש זיך געוואַלגערט אין די גאַסן און הינטער־געסלעך פון מעזריטש. פאַרהונגערטע און פאַרקוויטיקטע פלעגן זיי אַרומבלאָנדזשען, אָן דער מינדסטער השגחה און אָן די קלענסטע אויסזיכטן אויף אַ וועלכער ס׳איז ענדערונג אין זייער לעבן.

די פייערלעכע דערעפענונג פון יתומים־הויז



אויפן בילד: די אויפגעזאַמלטע יתומים. אין קהל, צווישן אַנדערע — מאַדאַם אַדלער

האָט זיך צו יענער צייט אָנגעהויבן אין גאַנץ פוילן די אַקציע פון דזשוינט, וועלכע האָט אין זיך איינגעשלאָסן דאָס אויפבויען יתומים־היימען, ווו ס׳זאָל מעגלעך זיין אַריינצונעמען די אומגליקלעכע קינדער. דאַן איז אויף דער איניציאַטיוו פון מאַדאַם אַנאַ אַדלער און אַנדערע אויך אין מעזריטש געשאַפן געוואָרן אַזאַ הויז.

דער „דזשוינט", וואָס האָט די גאַנצע צייט געשטיצט די יתומים־הייזער אין פוילן, האָט לסוף אָנגעהויבן רעדוצירן זיינע סובווענצן און לסוף כמעט אין גאַנצן אָפּגעשטעלט די שטיצע. די יידישע געזעלשאַפט אין פוילן האָט געמוזט נעמען די דאָזיקע יתומים אונטער איר השגחה. דאָס זעלבע איז געשען אין מעזריטש.

נישט געקוקט אויף דער דעמאָלטיקער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע האָט

דער קאָמיטעט פון יתומים־הויז נישט בלויז גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו באַזאָרגן די קינדער מיט שפּייז און מלבושים, נאָר אויך געזאָרגט פאַר זייער פיזישער און גייסטיקער אַנטוויקלונג, ווי אויך פאַר אויסלערנען זיי אַ מלאָכה. זייער אַ סך געהאָלפן האָבן אונדזערע מעזריטשער לאַנדסלייט אין אַמעריקע.

אָנהייב 1927 איז געלונגען אויף דער איניציאַטיוו פון אונדזערע חשובע לאַנדסלייט אין אַמעריקע א. גרינבלאַט, משה גדלי׳ סאַיעטע א״אַ אַריבערצושיקן קיין קאַנאַדע 42 יתומים־קינדער צוזאַמען מיט זייער באַגאַבטן מוזיק־לערער, פּסח פּאָדאָליאַק, און ביז גאָר איבערגעגעבענעם דערציִער, יוסף דאַנילאַק.

18 קינדער זענען צוליב פאַרשידענע סיבות נאָך נישט אַריבערגענומען געוואָרן. היינט־צו טאָג געפינען זיך אין יתומים־הויז 20 יתומים־קינדער.

(„מעזריטשער טריבונע״, 21סטן דעצעמבער 1928)



די קינדער פון בית־יתומים אין מעזריטש אין 1928

**י. האָרן**

# גאַסן און געסלעך

אין מאַגיסטראַט און אין דער פּאָסט האָט דאָס שטעטל געהאַט פיר און פופציק גאַסן. ווען אַ ייִד פלעגט אָבער דערהערן, אַז מעזריטש האָט אַזוי פיל גאַסן, האָט ער אַליין נישט געוואָלט גלייבן. די „פּאָלאָווע", די פעלד־גאַס, למשל, האָט מער נישט געהאַט ווי איין שטיבל, וואָס ס'האָט געהערט צום דאָקטאָר שעפּקע אַדלער: אַ שילדל, ווי אַזוי די „גאַס" הייסט איז פּאָרט געווען אָנגעקלאַפּט. פון דעסטוועגן האָבן די ייִדן אין שטעטל מיט אַזעלכע גאַסן זיך קנאַפּ וואָס גערעכנט. און איבערהויפּט פלעגן ייִדן, אַלט און יונג, זיך נישט נעמען אין זינען אַריין, ווי אַזוי די גאַסן הייסן אין מאַגיסטראַט־רעגיסטער. די נעמען פון די גאַסן האָבן געמעגט געביטן ווערן, ווי אַזוי דער מאַגיסטראַט האָט געוואָלט — דער נייער נאָמען איז געבליבן בלויז פאַרן מאַגיסטראַט, געריכט, היפּאָטעק און בריוטרעגער.

ייִדן האָבן געוווסט פון „די בריקן", לובלינער גאַס, וואַרשעווער גאַס, בריסקער גאַס, צעבראָכענע גאַס, שיל־גאַס, קאָליע־גאַס (באַן־גאַס), שוויניאַטשער געסל (חזיר־געסל), **דאָס נייע וועגל.**

פון אָט די אַלע גאַסן האָבן זיך געצויגן וועגן צו די שאָסייען, וואָס האָבן אַרויסגעפירט פון שטעטל אין דער פרעמד אַריין. אַ טריט נאָך די „וויאַטראַקן" (די ווינטמילן) האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער וועג קיין ראַדזין.

איז מען אויפן וואַרשעווער שאָסיי אַריבערגעגאַנגען די „קאָשטשאַרנע", די ביינער־פאַבריק, איז מען שוין געווען אויסערן שטעטל. און אַז מ'איז אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר טריט פונעם נייעם בית־עולם און מ'איז צוגעקומען צו דער „שויעבעלעך פאַבריק", האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער וועג קיין ביאַלע. און אַ פּאָר טריט פון שטאָטישן וואָקזאַל, איז מען שוין געווען אין „די בערג", וואָס האָבן געפירט אין זאַהייקער וואַלד אַריין.

די הויפּטגאַס אין שטעטל איז געווען די „לובלינער גאַס", וואָס האָט געהאַט אַריבער צוויי הונדערט הויפן. זי איז עס געווען דער „שפּיגל" פון שטאָט. דאָרטן זענען געשטאַנען די שענסטע און מאָדערנסטע הייזער ביז דריי און פיר שטאָק די הויך. צו לובלינער גאַס, פון ביידע זייטן „בריק", האָט זיך געצויגן די גאַנצע שטאָטישע באַפעלקערונג. דאָרטן איז געווען דער שטאָטישער שפּאַציר, די שיינע באַלקאָנען מיט די בלומען — די רייכע געגנט פון שטעטל.

די „לובלינער" איז געווען אַ ברייטע לאַנגע גאַס, אויסברוקירט מיט קליינע שטיינדלעך. און אין די זייטן: טראָטואַרן צו דריי שטיינער די ברייט און אין דער גאַנצער לענג פון דער גאַס, שיין צעבליטע ביימער. די פאַנטאַזיאָרן פון שטעטל האָבן נישט איין מאָל געחלומט, אַז „לובלינער גאַס" וועט נאָך אַ מאָל אויך האָבן אַ טראַמוויי. איבער דער לובלינער גאַס זענען די דראָזשקעס צוויי מאָל אין טאָג געפאָרן צו דער באַן, אויף לובלינער גאַס האָבן זיך געצויגן אַלע



אַ טייל פון דער בריקן־גאַס

אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס. אויף לובלינער גאַס האָבן יעדן זונטיק־פאַרנאַכט מאַרשירט די ייִדישע פייערלעשער פון שטעטל צוזאַמען מיט זייער אייגענעם אָרקעסטער און הונדערטער קינדער פון אַלע עקן שטאָט זענען זיי נאָכגעלאָפן מיט געזאַנג. לובלינער גאַס איז געווען דאָס האַרץ פון שטעטל.

דאָרטן זענען געווען די גרעסטע און שענסטע קראָמען; די בענק, די בערזע, די אַפּטייקן, די שטאָטישע פאָטאָגראַפיסטן, די גימנאַזיע, די שענקען און די סאָדע־וואַסער־געוועלבן. און וואָס נישט? אין אַ ווינקל לעבן אַ שענק זענען אויף אַ טרעפּל געזעסן די ייִדישע פּלייצע־טרעגער און געוואַרט אויף אַ פאַרדינסטל. אין די הייסע פאַרנאַכטן פלעגן די עלטערע בערשטער־אַרבעטער זיצן אויף די טרעפּלעך פון די געוועלבן און זיך אויסרוען.

אין סאַמע מיט פון לובלינער גאַס, איז געווען דער שטאָטישער טייך. פון איין זייט בריק זענען געווען די שטאָטישע ביידלעך, די מקווה, די באָד, די גאַרבאַרניעס און דאָס אָרט פון וואַנען די וואַסער־פירער פלעגן שעפּן וואַסער פאַר די רייכע הייזער. און פון דער צווייטער זייט האָבן זיך געזען לאָנקעס, וואַלד און קליינע ווייס־געקאַלכטע שטיבלעך פון שכנותדיקן דאָרף.

דורכגייענדיק די בריק, פלעגט פלוצעם אַ יאָג טאָן מיט אַ ביסל „פאָעטישע וויי" און אַ מאָל האָט גאָר די זון „געהאַלטן אין סאַמע מיט דערטרינקען ווערן אין וואַסער"...

זומער פלעגן ייִדישע ווייבער וואַשן וועש און כלים ביים ברעג פון טייך, ייִנגלעך פלעגן שווימען און אַראָפּטאַנצן פון די ביידלעך אין וואַסער אַריין.

אַנדערע פלעגן שטיין מיט װענטקעס און כאַפּן פיש, אָדער גאָר געמאַכט קונצן אין װאַסער. דער טייך איז געװען מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, פלעגן קינדער אַרומגיין האַלב באַקעטע אין טייך און דערװייל האָט זיך דאָס שטעטל אויס־געלערנט שװימען.

װינטער, װען דער טייך איז „געשטאַנען", האָבן זיך יינגלעך פון שטעטל געגליטשט. שפּעטער האָבן אויך גבירישע מיידלעך, גימנאַזיסטקעס, צוזאַמען מיט זייערע לערער און לערערינס, געמאַכט פאַרשידענע קונצן. שבת ביי טאָג איז די בריק פול געװען מיט ייִדן, װאָס האָבן געזען, װי אַזוי עס גליטשט זיך דער „ספּאָרטקלוב".

צװישן דעם עולם אויף דער בריק איז תמיד געװען מאָטקע פישער. ער פלעגט מיט זיין שװערן גוף און שפּיציקן בערדל ליגן אָנגעשפּאַרט אויפן פּאָרענטש און קוקן אויף די אַלע, װאָס יאָגן זיך אַרום אויף „זיין" טייך.

מאָטקעס ברידער און ברידערס קינדער זענען אַלע געװען פישערס און געלעבט פון טייך. װינטער פלעגן זיי גיין מיט גרויסע העק, האַקן פּאָלאָנקעס און כאַפּן לעבעדיקע פיש פאַר די ייִדישע גבירים אויף שבת און אין פרילינגצייט, װען דער טייך האָט שוין געלאָזן און צוזאַמען מיט די שטורמישע װאַסערן פלעגן אָנקומען גרויסע „יאָזשן", האָבן די ייִדישע פישערס פאַרשטעלט די פיש אַלע װעגן און געשפּרייט װייסע בלעכן אויפן גרונט פון טייך, האָרט לעבן דער בריק, און װי נאָר די „יאָזשן" פלעגן „אַרויפגיין" אויף די װייסע בלעכן, אַזוי פלעגט מאָטקע פישער אַ הייב טאָן די „פּאָרעװוקע" און די פיש זענען געװען געפאַנגען.

אין די װינטערנעכט פלעגן די פישער אויך צוגיין מיט פייער צו די „פּאָ־לאָנקעס", כדי די פיש זאָלן צוקומען זיך אָנװאַרעמען.

אַרום שטעטלדיקן טייך פלעגן אויך אַרומפלי'ען דעם גלחס טויבן און צװישן זיי איינע אַ „פּאָטשטאָװע", װאָס פלעגט פאַרנאַרן און מיטנעמען אַ פּאָר פון טוביהלע רימאַרזשס טויבן.



אויב ס'איז װער אין שטעטל געגאַנגען שפּאַצירן, אָדער געװאָר װערן עפּעס נייעס, איז עס געװען אויף לובלינער גאַס. פון מאַרק, פון מאַרק־סעדל, פון אַלע עקן שטאָט, האָט זיך דער עולם אַהין געצויגן. אין די פאַרנאַכטן און איבערהויפּט שבת און יום־טוב, איז אויפן טראָטואַר פון לובלינער גאַס געװען מוראַדיק ענג.

פון די לאַנגע שמאָלע געסלעך, זענען געגאַנגען גאַנצע מחנות בחורים און מיידלעך, יונגע „פּאָרפעלקער", און אַלע זענען טראָט נאָך טראָט, װי אַ געשלאָ־סענער קאָלעקטיװ, געגאַנגען אויפן שפּאַציר.

לויפן, יאָגן, איילן זיך, איז נישט געװען צו װאָס. קיינער האָט נישט געשטעלט קיין גיכערן טראָט. אַלע האָבן זיך באַװעגט אין זעלבן טעמפּאָ: אַהין און צוריק. איינער דעם אַנדערן האָט גוט געקענט, די זייטיקע, װאָס זענען געשטאַנען ביי



ביי דער בריק אויף
דער בריק־גאַס



**אין דער היים אויף אורלויב.**
אויפן בילד:
אַברהם באַרנשטיין,
הערשל סאַיעטע,
וועלוול נודלבערג,
אליה קלימענסבערג,
לערנער.



מיט דער לודקע אויפן טייך

די טויערן, צי גאָר אַרויסגעקוקט פון די פענצטער, פלעגן אַפּילו אָפּציילן וויפל מאָל יעדער גייט אַהין און צוריק.

פּערטשע די אַלמנה, וואָס זינט דער מאַן איז איר געשטאָרבן, איז זי נישט געגאַנגען שפּאַצירן, פלעגט שבת אַ גאַנצן טאָג אַרויסקוקן דורכן פענצטער און אויף צו מאָרגנס מאַכן אַ חשבון: ווער מיט וועמען ס׳איז „דעם״ שבת־פאַרנאַכט געגאַנגען געאָרעמט. חנה־יענטע די שדכנטע פלעגט שטיין ביים טויער פון געסל, ווו זי האָט געוווינט און ווי נאָר דאָס שפּאַצירן האָט זיך אָנגעהויבן, האָט זי אָפּגעקוקט די „פּאָרלעך״, כדי זי זאָל זיך ביי די תנאים קאָנען אַריינמישן און אויך „כאַפּן״ אַ פּאָר זלאָטעס.

פון די „הויכע פענצטער״ אויף לובלינער גאַס, פלעגט זיך אין די זומער־אָוונטן אָפט הערן אַ שפּילן אויף פּיאַנאָ, און פון איין שטוב אַרויס האָט אַ מאַמע צוזאַמען מיט אירע טעכטער געשפּילט ווערק פון שאָפּען און מאָניושקאָ.

צווישן די נייע און מאָדערנע הייזער, זענען אין דער מיט געווען פיל, פיל אַלטע, איינגעבויגענע שטיבלעך, וואָס זענען איבערגעגאַנגען בירושה, און פון זיי האָט די אָרעמקייט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ.

פרייטיק פאַר נאַכט פלעגן פון דאָרטן אַרויסשיינען די ליכט אין מעשענע לייכטער, הגם פיל פענצטער זענען געווען פאַרהאָנגען מיט קליינע לייוונטענע פאָרהענגלעך.

אין די הויפן און געסלעך פון לובלינער גאַס האָבן געוווינט יידישע בעלי־מלאכות, מענטשן אָרעמע, וואָס האָבן שווער און ביטער געהאָרעוועט פאַר זייער ביסן ברויט. וואָס אַ יאָר ווייטער, איז דעם אָרעמען שיכט געוואָרן אַלץ ענגער און ענגער צו וווינען אין די גבירישע הויפן און געסלעך און די בעלי־מלאכות און אַרבעטער זענען אַנטלאָפן נענטער צו דער „מלוכה פון נויט״, „שמולעוויזנע״.

פאַר דער וועלט־מלחמה פון 1914 האָט אין מעזריטש געוויילט דער שריפט־שטעלער א. ליטווין און אָט ווי אַזוי ער האָט געשילדערט שמולעוויזנע:

„שמולעוויזנע איז דער גאַנצער יידישער תחום אין מיניאַטור מיט אַלע זיינע פּיטשעווקעס, מיט אַלע זיינע קענטיקסטע סימנים. דער וואָס וויל האָבן אויף איין אָרט דעם תמצית, די קווינט־עסענץ אי פון מינסקער בלאָטע, אי פון ווילנער יאַטקעווער געסל, אי פון וואַרשעווער סמאָטשע גאַס, אי פון ביאַליסטאָקער כאַנאַיקעס, אי פון לאָדזשער באַלוט — קאָן פולקאָם יוצא זיין מיט שמולעוויזנע.

שמולעוויזנע, דאָס איז אַ הויפן אַלטע, איינגעפאַלענע שטיבלעך, וואָס ליגט איינס אויף דאָס אַנדערע און שטעקט אין גאַנצן אין אַ זומפּ.

דער זעלבער זומפּ דינט די גאַרבער פאַר אַ ברונעם צו ווייקן זייערע פעל און שמולעוויזנער באַלעבאַטים — פאַר אַ מיסטקאַסטן, ווייל אין שמולעוויזנע איז אַזוי ענג, אַז פאַר אַ מיסטקאַסטן און אָפּטריט איז קיין פּלאַץ נישטאָ. ס׳איז אַ גליק, וואָס אַנטקעגן, איבערן מאַרק, שטייט די אַלטע שול מיט איר קהלישן אָפּטריט, לויפט מחילה גאַנץ שמולעוויזנע אַהין...

אין שמולעוויזנע איז נישטאָ קיין הויפן, קיין טויערן. ס׳איז קוים געווען

פלאַץ פאַר די שטיבלעך. אַז מ׳זאָל אויסשטרעקן פון איין שטיבל די האַנט, קאָן מען אַריינפאַלן מיט איר אין דאָס אַנטקעגנדיקע איבערן געסל.

ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אַז מיט אַ שפרייז קאָן מען פון איין גאַניק זיין אויף דעם אַנדערן. איבעריקנס, איז דער גאַניק אויף שמולעוויזנע אַ פשוט טרעפל, וואָס פירט גלייך אין קיך אַריין. און די קיך גופא איז צו דער זעלבער צייט אַן עסצימער, אי די פאַבריק, אי ביי נאַכט אַ שלאָפצימער. דעם בערשטערס ווייב, אָדער טאָכטער קאָן קראַצנדיק די חזיר־האָר, אַ בייג טאָן זיך און אַכטונג געבן, ווי׳ עס קאָכט זיך דער וואַרעמעס, און צוזאַמען מיט אים, און דערביי טאַקע, דער קעסל מיט די נישט־גערייניקטע חזיר־האָר.

אין שמולעוויזנע, אַזוי ווי אין גאַנץ מעזריטש, איז אַזאַ דאַרעניש און הויל־קייט, אַז איר זעט דאָ כמעט אין ערגעץ נישט קיין שפור פון אַ בוים, פון אַ גראָז, נאָר איז איין געסל, אין אַ ווינקל, שטייען באַהאַלטן, — ווי מורא האָבנדיק פאַרן שיין, פאַר אַן „עין־הרע" — אַ פאָר ביימלעך. פון וואַנען און ווי אַזוי זיי קומען אַהער, ווייסט מען נישט. שמולעוויזנע איז אָבער אַזוי נתפעל פון די דאָזיקע פאָר ביימלעך, אַז זי האָט מיט גאווה אַ נאָמען געגעבן דאָס געסל „סאַדאָווע" — גאָרטן־גאָס הייסט עס.

ווען איך זאָג אין מעזריטש איז נישטאָ קיין שפור פון אַ בוים און אַ גרעזל, מיין איך אין ענגן קרומען שטח פון שטעטל גופא. אָבער וואַרפט נאָר אַ קוק אַריבער דעם תחום פון שטעטל, רעכטס און לינקס, זעט איר פוןביידע זייטן ברייטע לאָנקעס ציִען זיך אָן אַ סוף".



שמולעוויזנע האָט זיך אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן קנאַפּ וואָס געענדערט. צו די זומפּן אַרום האָט קיין מאָל קיין סוף נישט גענומען. די קאַנאַלן האָבן תמיד פול געמאַכט מיט בלאָטעס די געבויגענע שטיבלעך. די נעץ פלעגט אין יענע שטיבלעך גאָר גיך אויפעסן די פאָלן, אַזוי אַז קליינע קינדער פלעגן זיך ס׳רוב האָדעווען אין הענגוויגלעך.

לויטן מאַגיסטראַט, איז שמולעוויזנע געווען בלויז אַ פּירקאַנטיקע ברייטע קורצע גאַס. די פאָר צענדליק שמאָלע און לאַנגע געסלעך אַרום האָבן אָבער זיך נישט געלאָזט אָפּטיילן פון שמולעוויזנע.

די גאַנצע געגנט איז געווען פעסט פאַרבונדן און האָט געהאַט דעם זעלבן אויסזען. ס׳רוב זענען דאָרט געווען ענגע, הילצערנע קליינע שטיבלעך, דירות וואָס זענען איבערגעגאַנגען בירושה, אָדער וואָס טיילן פון זיי זענען געגעבן געוואָרן די טעכטער אַלס נדנען.

שמולעוויזנע מיט אירע געסלעך איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט ייִדן. די שכנים האָבן זיך דאָרט געפילט היימיש, ווי נאָענטע משפחה. זומער זענען די טירן פון איין שטוב אין דער אַנדערער געווען אָפן. באַלעבאָסטעס האָבן געבאָרגט איינע ביי

די אַנדערע אַ ביסל זאַלץ, אַ פּאָר ציבעלקעס, קאַרטאָפעלעס און אַ מאָל אַפּילו אַ קיגעלע פאַר דער „פּערל־קאַשע" אויך.

האָבן טאַטע־מאַמע עפּעס געהאַט צו שטראָפן זייערס אַ קינד, האָבן אַלע געהערט און געוווּסט. האָט אַ חתן אַנגעהויבן אַריינקומען אין שטוב אַריין, האָט דאָס גאַנצע געסל באַלד געוווּסט און טשעקאַווע יידענעס פלעגן אַריינגיין באָרגן אַ גלאָז, אָדער אַ טעפּל, כדי צו זען דעם חתן. האָט אַ ייִד פרייטיק־צו־נאַכטס געמאַכט קידוש, האָט מען עס געהערט אין גאַנצן געסל. מ'האָט אַפּילו געשמעקט פונעם ריח, וואָס האָט זיך געטראָגן פון יענעמס געקאָכטע און געפּרעגלטע עסנס. און פלעגט קומען צו אַ חתונה, איז שמולעוויזנע געגאַנגען כאַדאַראָם. דאָס גאַנצע געסל, אַלע שכנים זענען געווען מחותנים. און היות די וווינונג ביי דער כלהס עלטערן איז געווען צו קליין, האָט מען די געסט אויפגענומען אין די שטיבלעך פון גאַנצן געסל. און אויב ייִדן אין געסל האָבן אַ פּאָר נעכט זיך געדאַרפט צומאַטערן מיט זוכן אַן אָרט ווו צו שלאָפן, האָט עס אויך נישט געשטערט. דער עיקר: די פרייד איז געווען אַ גאַנצע, אַ געזונטע.

די טאַטעס אין היטעלעך, לאַנגע קאַפּאָטעס און שטיוול, האָבן געטאַנצט פאַר פרייד. די מאַמעס פון געסל, אויסגעפּוצט אין האַלב־זיידענע קליידער און מיט קאַרבירטע שייטלעך אויף די קעפּ, האָבן זיך שטאַרק משמח געווען. פאַר־טיילן אַ גאַסט אַ שטיקל לעקעך, אָדער אַ גלעזעלע בראָנפן איז געווען אַ גרויס אומגליק.

פריִער האָבן מענדל קלעזמער און שפּעטער יאַנטשע מיט „משה צאַריצינער" אָפּגעשפּילט די שטיק און נאָך דעם האָט מען געפירט די טענץ. פּסח סאָקאָלאָווער און „מאַצעלע" פלעגן אויספירן אַ „שער" דורך גאַסן און געסלעך און לעמל, אָדער דער סאַרווער „משה קלאַפּ", פלעגט פון „זילבערנע" טאַצן טיילן כיבוד די געסט.

פון הכנסת־כלה פלעגן קומען „פּאַרשטעלטע" און אויף שטום־לשון זאַמלען געלט אויף יעדער חתונה. די מאַסקעס אויף זייערע פּנימער פלעגן אָבער אָניאָגן אַ שרעק אויף די קליינע קינדער.



שמולעוויזנע מיט די אַלע צענדליקער אַרומיקע גאַסן און געסלעך, איז געווען איין קנויל.

אין טעג פון סיים־וואַלן, אָדער וואַלן צום שטאָטראַט און קהילה, ווען פּראָ־לעטאַרישע פּאַרטייען האָבן אויף שמולעוויזנע דורכגעפירט מיטינגען אונטערן פרייען הימל, האָבן די רעדנער געמוזט אַרויפקריכן אויף אַ „וואָזשעוואָדע", (ברייטער וואָגן), ווייל גאַנץ שמולעוויזנע, האָט קיין איין באַלקאָן נישט געהאַט. און ווען אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ישׂראל חיים דער בעדנער געמאַכט אַ הילצערנעם באַלקאָן צו זיין נייער שטוב, האָט דאָס שטעטל גערעדט און געשמייכלט.

אויף די „וואָזשעוואָדעס" האָבן מאַמעס אויך פאַרשפילט זייערע קינדער און פּאָר דער טיר פלעגן ייִדענעס זיצן און שטריקן זאָקן, קלויבן שטריקלעך און אויך אַריינכאַפּן אַ ביסל וואַרעמס.

די געסלעך זענען פול געווען מיט יוגנט און פון אַלע שטובן פלעגט זיך טראָגן אַ געזאַנג. ליבעלידער, רעוואָלוציאָנערע לידער, פאָלקסלידער. פון אַט די שטובן זענען אַרויסגעקומען איבערגעגעבענע פּראָלעטאַרישע קעמפער, און ווען אין שטעטל פלעגן פאָרקומען פּאָליטישע קאַמפן, האָט די גאַנצע באַפעל־קערונג פון יענער געגנט, וואָס איז באַשטאַנען פון בלויז ייִדן, זיך שטאַרק פאַרמאָסטן.

שמולעוויזנע איז געווען ענג און געדיכט אָנגעפּראָפּט מיט קינדער.

— גיי אַ ביסל אַרויס פון שטוב — האָבן זיך אַ סך מאַמעס געבעטן ביי זייערע קינדער. און געהייסן האָט מען די קינדער אַוועקגיין, ווייל אין שטוב איז נישט געווען ווו זיך אַ ריר צו טאָן. אויף שמולעוויזנע איז אייגנטלעך נישט געווען קיין ליידיקע שטוב, און ליידיקע „סאַלעס" זענען איבערהויפּט דאָרט נישט געווען. און אויב אייניקע האָבן יאָ געהאַט „סאַלעס", איז דאָרט פון צייט צו צייט געשטאַנען אַ פּאָר קעסטלעך פאַרטיקע חזיר־האָר.

ס'רוב פלעגט מען דאָרט וווינען אין איין שטוב מיט אַ קליינער קיך. בלויז יחידים האָבן אויך געהאַט אַן „אַלקער", ווו די בעטן פון טאַטע־מאַמע פלעגן שטיין אין דער לענג. ביי נאַכט פלעגט מען פּאַר די גרעסערע קינדער אויפשטעלן איי־זערנע בעטלעך, „סאָפּקעס" צי גאָר אויסבעטן אַ כלה־מיידל אויף שטולן.

שמולעוויזנע איז אָבער פול געווען מיט הומאָר און מיט זייער פיל גלייכ־ווערטלעך אין „פריידן און אין ליידן". מער, ווי ייִדיש האָט מען דאָרט נישט גערעדט, און אַז עס פלעגט אַ מאָל קומען אַ מאַגיסטראַט־באַאַמטער, אָדער אַ פּאָליציי־מאַן, האָבן פיל פון עלטערן דור, געבוירענע און דערצויגענע אין שטעטל, לגמרי נישט געוווּסט, וואָס מ'רעדט צו זיי. דערפאַר האָבן אָבער די קינדער שוין געקענט רעדן און שרייבן פּויליש, ווייל שיקן די קינדער אין אַ שול אַריין איז געוואָרן אַ מוז.

שמולעוויזנע איז פון אַלע זייטן געווען דורכגענומען מיט אַרבעט. די הונ־דערטער מיידלעך, די קלויבערינס פון חזיר־האָר, האָבן געזונגען פון אַרבעט:

איך ליב די אַרבעט אָן אַ שיעור,
איך בין אַ פריינט צו איר
און שטענדיק מונטער,
און שטענדיק מונטער,
די אַרבעט מאַכט מיין גייסט געזונטער.

יעדע אַרבעטערין האָט אָבער געפירט איר אייגן לעבן און געחלומט אירע אייגענע חלומות.

אַ פאַרזעסענע וועש־נייטערקע פלעגט נייען די ציכן פאַר כלות פון שטעטל און זינגען: „ליובטשו, דו ליגסט מיר אין זינען". צינע „באק", וואָס האָט גע־דאַרפט אויסהאַלטן אַ קראַנקע מוטער, פלעגט שטעפּן די מאַנטלען און נישט מיד ווערן צו זינגען:

און מיין לעבן איז געגליכן,
צו אַ לאָמפּ מיט ווייניק נאַפט:
ווערן ווערט ער נישט פאַרלאָשן
ברענען האָט ער נישט קיין קראַפט!...

ביי די טישן פון די קלויבערינס פלעגן אויסגעזונגען ווערן הונדערטער ייִדישע לידער און פאָלקס־לידער.

ביי די טישן פלעגט אויך גערעדט ווערן וועגן פּאָליטיק, פון פאַראיין, וואָס ס'הערט זיך אין שטעטל, ווער מיט וועמען ס'האָט חתונה און וואָס פאַר אַ „פּראָ־לעטאַריש ייִנגל" עס גייט אין די רייכע הייזער אַריין. כדי צו וויסן דעם סוף פון אַ ראָמאַן, וואָס האָט זיך געדרוקט אין אַ וואַרשעווער צייטונג, איז נעכע דעם בעקערס גרייט געווען צו באַצאָלן מיט אַ האַלבע וואָך אַרבעטסלוין.

טויזנטער און טויזנטער ייִדן האָבן מיט ווייב און קינדער געלעבט און גע־אַרבעט אויף שמולעוויזנע, אָבער אין די פרייע שעהען, אין די שבתים און יום־טובים, האָבן אַלע געצויגן צו די „בריקן", אויף לובלינער גאַס.

כמעט אין אַלע שטובן זענען איבער די טירן געהאָנגען שענקלעך מיט ספרים. שפּעטער זענען אין אַלע שטובן צוגעקומען ייִדישע ביכער, בראָשורן און צייטונגען, לעגאַלע, ווי אומלעגאַלע. און ווען עס האָט זיך געשאַפן די „גראָסער־ביבליאָטעק" האָט שמולעוויזנע צושטייער געגעבן די גרעסטע צאָל ייִדישע ביכער. געווען אַפילו אַן אָרעמער בערשטעראַרבעטער, משה פעכנע, וואָס ווען מאָריס ראָזנפעלד איז געשטאָרבן, האָט ער זיך געריסן קריעה און אַ פּאָר צענדליק ייִדישע ביכער האָט ער אַוועקגעגעבן אין דער אַרבעטער־ביבליאָטעק אויף מאָריס ראָזנפעלדס נאָמען.

היינט זענען די גאַסן אין שטעטל וויסט און פּוסט און די אַרבעטזאַמע לע־בנסלוסטיקע ייִדן — אויסגעמאָרדעט.

אברהם בלושטיין

# די בריסקער גאַס

די בריסקער גאַס, ווי אַלע אַנדערע גאַסן אין מעזריטש, האָט געהאַט אירע באַזונדערע סימני־דרך. אַז מען האָט געוואָלט עמעצן אויסמשלען געגנוי ווו דאָס איז, אָדער ווו עס געפינט זיך די געזוכטע פערזאָן, האָט מען נישט אָנגעגעבן קיין נומער, נאָר מען האָט אָנגעוויזן אויף די סימני־דרך.



די בריסקער גאַס

מען האָט אָנגעהויבן ביי גדליה בייטש דעם פריזירער, וואָס האָט יאָרן לאַנג געוווינט ביי אברהמלע פיניעכעס (ליקערמאַן). אויב דאָס איז נישט געוועזן גענוג, האָט מען צוגעגעבן: חיים מענאַשקעס קאָמעניצע, אָדער גאָר: „לאַזאַרעט". עד היום ווייס איך נישט, פאַר וואָס מען האָט דעם הויף, ווו די לאָדזשערקע האָט געהאַט דאָס שפּייזגעוועלבל גערופן „לאַזאַרעט".

לעבן „לאַזאַרעט" איז געווען אַ הויז, וואָס האָט אָנגעהערט צו דער משפחה ליכטענבערג, אין מיין זכרון האָט זיך דאָס פאַרצייכנט, ווי אַ הויז פון אַן אָפּגעקומענער משפחה. בלויז אין די 3 זין, די ברידער ליכטענבערג, זענען נאָך פאַרבליבן סימנים, אַז זיי זענען פון אַ מיוחסדיקער פאַמיליע. איינער פון די דערמאָנטע ברידער האָט געענדיקט מעדיצין און האָט פּראַקטיצירט אין מעזריטש ביז דעם אומקום און חורבן.

אין המשך פון די ליכטענבערגס האָט געוווינט די משפּחה פון משה שוחט (טאַנדעטער). דאָס איז אויך געווען פון די סימני־דרך אין דער בריסקער גאַס — אַ הויז פון קולטור און יראת הכבוד, אָנגעזאַפּט מיט אינהאַלט פון אַלטן ייִדישן אוצר און אויך פון נייעם, באַזונדערס פון דער שיבת־ציון־באַוועגונג.

אין קעגנזאַץ צו דער רויִקייט און מאַיעסטעטישקייט דאָ, האָט זיך אַנטקעגן געהערט אַ קלאַפּעריי און רעש פון די בעל־מלאכהס, די שותּפים גרשון לייב סקורע און מרדכילע סטעלמאַך. תּמיד זענען דאָרט געשטאַנען פּויערים מיט זייערע וועגענער, ווער צו ריכטן אַ ראָד, אָדער גאָר קויפן אַ נייעם וואָגן. פאַר די קינדער פון דער סביבה איז דאָס תּמיד געווען דער מיטל־און טרעף־פּונקט, קינדער האָבן זיך נייגעריק צוגעקוקט, ווי עס ווערט געמאַכט אַ ראָד; אויך דערוואַקסענע זענען געווען נייגעריק צו זען ווי עס גייט צו דער מסחר ביים פאַרקויפן אַ וואָגן.

אין דער גאַנצער בריסקער גאַס זענען געווען עטלעכע געמויערטע הייזער. 2־שטאָקיקע זענען געווען נאָר 3, צווישן זיי דאָס הויז פון די „אַפּטשיקס" (יאַווערבוימס). דאָס הויז איז געווען דאָס איינציקע, וואָס האָט געהאַט אַ טויער. וועלכן מען האָט געקענט פאַרשליסן, כדי מען זאָל נישט קענען אַריינקומען. נאָך איצט קלינגט מיר אין די אויערן דאָס קלאַפּן פון די אָפּטרעטנדיקע רוסישע סאָלדאַטן אין 1915 און דאָס שרייען „אַטוויערי" שפּעטער אויך פון די פּוילישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געראַבעוועט און צעשלאָגן פיל ייִדן.

די בריסקער גאַס האָט פאַרמאָגט פּראָפּאָרציאָנעל מער בעל־מלאכהס און אויך סקלאַדעס פאַר בוי־צוועקן פאַר די פּויערים, ווי אַלע אַנדערע גאַסן אין שטאָט.

פייוול קאָוואַל איז געווען באַקאַנט, אַלע האָבן אים געקענט ווי אַ געזונטן מענטש, מיט אַ גרויסער באָרד, תּמיד מיט דעם שווערן האַמער אין האַנט האָט ער געקלאַפּט דאָס צעגליטע אייזן. זעלטן ווען האָט ער אויסגערעדט אַ וואָרט, דערפאַר האָט ער אָבער געהאַט אַ שוועסטער — גיטשע די בראַקערקע — האָט זי שוין פאַר אים אויך גערעדט, נישט בלויז גערעדט, נאָר אויך געשריגן און געשאָלטן.

אַנטקעגן, אויף אַ גרויסן פּלאַץ זענען געווען פונאַנדערגעשפּרייט פאַרשידענע קלעצער און ברעטער. אַרבעטער האָבן צעשניטן די דיקע קלעצער אויף ברעטער. אין די יאָרן ווען אונדזער פאַמיליע האָט געוווינט ביי יענקל קאַדישעס האָב איך דורכן פענצטער געזען, ווי אַן אַרבעטער שטייט אין דער הויך אויף אַ קלאָץ מיט אַ זעג אין האַנט און ציט אַרויף און אַראָפּ אָן אויפהער. דער האָלץ־סקלאַד האָט געהערט צו דער משפּחה ניישטיין. דעם בעל־הבית האָט מען גערופן „יאָסל פון די ברעטער".

דער נאָענטסטער שכן איז געווען חילקעלע אָלאַרניק. אַזוי האָט מען אים גערופן צוליב זיין באַשעפטיקונג. פון דער אָלעאַרניע האָט ער געצויגן פּרנסה. אין הויף זענען געשטאַנען די פּויערים מיט זייערע וועגענער, וואָס האָבן געבראַנגט לעז. זיי האָבן געוואַרט אין דער ריי אויסצוקוועטשן אייל פון דעם לעז.

די אַלעאַרניע איז אין יענע יאָרן שוין געווען אַ מעכאַנישע. אַ מאָטאָר האָט מיט אַ מאָנאָטאָנעם קלאַנג געקלאַפּט טאָג און נאַכט, געליטן פון דער קלאַפּעריי האָבן די געציילטע שכנים, וואָס האָבן געוווינט אַנטקעגן; די אַלעאַרניע האָט פון איין זייט זיך געגרענעצט מיטן סקלאַד פון די ברעטער און פון דער צווייטער זייט מיטן אַלטן בית־עולם. סיי די ברעטער, סיי די טויטע האָט די קלאַפּעריי נישט געשטערט.

חילקעלע אַלעאַרניק איז אויך געווען באַוווּסט צוליב זיין טיפן ברונעם, פון וועלכן אַלע שכנים האָבן געשעפּט קאַלט געשמאַק וואַסער.

אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן די ברידער פינקעלשטיין (די באַרקערס) באַקומען פון דער אָקו־פּאַציע־מאַכט אַ קאָנצעסיע אויפצושטעלן אין מעזריטש אַן עלעקטראָווניע. זיי האָבן אויסגעוויילט די בריסקער גאַס פאַר דעם צוועק. אַנטקעגן דעם אַלטן בית־עולם האָבן זיי געפונען אַ פּאַסיקן פּלאַץ. אין זייער אַן אינטענסיוון טעמפּאָ איז די עלעקטראָווניע אויסגעפּאַרטיקט געוואָרן און געגעבן דער שטאָט ליכט. זי האָט אויך באַרייכערט די גאַס מיט אַ פרישער קלאַפּעריי. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז אויך אָנגעקגעשטעלט געוואָרן ביי דער עלעקטראָווניע אַ מעכאַנישע זעג, וואָס האָט געשניטן ברעטער און האָט פאַרשניטן די פרנסה פון די ביישטיינס און פון דער משפחה אַלטענבערג, וועמענס הויז האָט זיך, אגב, געגרענעצט מיט דער עלעקטראָווניע.

אַ פאַרצווייגטע משפחה איז געווען ציטריניאַק. זיי האָבן צווישן אַנדערע געשעפטן געהאָט אַ אַלעאַרניע אין המשך פון דער בריסקער גאַס נאָענט צו דער קריסטלעכער געגנט, די גאַנצע פריִער דערמאָנטע טייל פון דער גאַס איז געווען באַוווינט אויסשליסלעך פון יידן.

סאַפּירס מילעכל האָט זיך געפונען נאָענט צום נייעם בית־עולם. אויפן אַלטן בית־הקברות האָט מען שוין לאַנגע יאָרן נישט קובר געווען קיין מתים, די מצבות זענען שוין געווען באַוואַקסן מיט הויכע ווילדע גראָזן, אַפילו אויף קבר־אבות פלעגט מען אַהין נישט גיין מער — אַלץ סימנים פון אַלטקייט. דערפאַר פלעגן די יינגלעך פון דער בריסקער גאַס מיט די יינגלעך פון פּישטשאַנקע פירן אַ פער־מאַנענטע מלחמה אויף צו באַהערשן דעם שטח.

אַ גרויסער נידעריקער, זומפּיקער שטח, וואָס האָט אין די זומער־חדשים פאַרשפּרייט שלעכטע ריחות פון די שכנותדיקע גאַרבערייען פון די פאַמיליעס גאָלדמאַן און וויעלקאַפּאָלע, האָט אָפּגעטיילט דעם אַלטן בית־עולם פון די הייזער, בעסער געזאָגט פון די חורבות פון די ראַפּאַפּאָרטס און גוטערמאַן, וועלכע זענען באַוווינט געווען פון גרויסע אָרעמע משפחות.

ווען די שטאָט־פאַרוואַלטונג מיט דער יידישער גמינע האָבן געפּלאַנט און אויפגעבויט דאָס שטאָטישע שעכטהויז, איז דאָס דאַן זיכער געווען ווייט פון אַ וווינונג־צענטער, אָבער פון זינט איך געדענק, זענען שוין אַרום דעם שעכטהויז געווען אַ סך הייזער מיט איינוווינער.

מיטן אַנטוויקלען זיך פון דער שטאָט, באַזונדערס אין די 20ער יאָרן, ווען אין צענטער שטאָט זענען שוין נישט געווען קיין פּלעצער צום בויען, האָט מען אָנגעהויבן בויען מחוץ דער שטאָט. די פּיאָנערן זענען דווקא געווען אונדזער פאַמיליע, וועלכע האָט, צוזאַמען מיט דער פאַמיליע פון מרדכי ציטרינבלום (שטערן), אויפגעבויט אַ בשותּפותדיק הויז לעבן קריסטלעכן „צמענטאַזש״. דאָס איז געווען דאָס לעצטע הויז אין דער זייט פון שטאָט.

די צווייטע זייט פון דער שטאָט האָט זיך פאַרענדיקט מיט דער שוועבל־פאַבריק. ווי דער עלטערער דור האָט דערציילט, איז דאָס געווען אַן ערנסטע אונטערנעמונג אין יענע באַדינגונגען. די פאַבריק האָט באַשעפטיקט פיל צענד־ליקער אַרבעטער, מערסטנס פרויען. די פאַבריק האָט געהערט צו דער פאַמיליע ראָטענבערג.

פיל יאָרן איז די פאַבריק געווען דער לעצטער באַוווינטער פונקט, אין די 30ער יאָרן האָבן עטלעכע ייִדישע פאַמיליעס פשוט געקויפט לאַנדווירטשאַפטלעכן באָדן און אָנגעהויבן בויען שוין נאָך דער פאַבריק.

אַ באַזונדער אָרט אין דער בריסקער גאַס האָט פאַרנומען יאַנקל קאַדישעס (זילבערשטיין) הויף, ספּעציעל אין סוף 19טן און אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט. דער הויף האָט זיך אָנגעהויבן אין פראָנט פון דער בריסקער גאַס, געצויגן זיך ביז אַראָפּ צו דער לאָנקע און איז באַוווינט געווען פון איבער 30 פאַמיליעס. ווי די עלטערע מענטשן האָבן דערציילט, זענען דאָס געווען מיליטערישע קאַזאַרמעס פון דער רוסישער אַרמיי. ווען זיי האָבן ליקווידירט דעם מיליטערישן פונקט אין מעזריטש און איבערגעפירט אים קיין ביאַלע, האָט ר׳ יאַנקל קאַדישעס אָפּגעקויפט די אַלע הייזער און פאַרוואַנדלט זיי אין וווינונגען.

אין פראָנט איז געשטאַנען אַ הויז, וואָס האָט געהאַט 4 דירות, וואָרשיינלעך איז דאָס אַ מאָל געווען דער שטאַב פון מיליטערישן פונקט. ווייטער אַראָפּ זענען געשטאַנען 2 לאַנגע בלאָקן, וואָס האָבן מיט זייער אויסזען באמת אויסגעזען ווי קאַזאַרמעס. דער גאַנצער הויף איז באַוווינט געווען פון ייִדן חוץ פון סטרוזש. ער האָט פאַרנומען אַ קליינע הייזקע אין ענדע פון הויף.

עס איז זיך נישט שווער פאָרצושטעלן, ווי עס האָט אויסגעזען דאָס לעבן פון איבער 200 מענטשן אין איין הויף, איינער האָט געוווּסט וואָס עס קאָכט זיך ביים צווייטן אין טעפּל, די אינטימסטע געשעענישן האָט מען נישט געקענט אויסבאַהאַלטן.

דער הויף האָט פאַרמאָגט צענדליקער וואַרשטאַטן, אייגנטלעך האָבן זיי זיך געפונען אין די וווינונגען. געווען אויך צוויי שטיבלעך צום דאַווענען.

אונדזער פאַמיליע האָט באַוווינט איינע פון די 4 דירות אין פראָנט, אין וועלכער מען האָט אויך, ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, געפירט אַ בערשטער־פאַבריק. אונדזער נאָענטסטער שכן, די משפחה פון פישל טאַנדעטער, איז מיר טיף געבליבן איינגעקריצט אין זכרון. אַ סך פון מיין פרייער צייט האָב איך ביי זיי פאַרבראַכט.

פישל טאַנדעטער האָט זיך פאַרנומען מיט אויפקויפן פעל, ער מיטן שותף נוסבאנד האָבן געהאַט אַ סקלאַד אין די קעלערן פון גרויסן בית־המדרש.

יעדע פרייע צייט האָט פישל טאַנדעטער אויסגענוצט אויף צו לערנען אַ בלאַט גמרא, זיין פרוי חנה האָט טראָץ איר פרומקייט געלייענט ביכער פון דער מאָ־דערנער ליטעראַטור. אין דעם גייסט זענען אויך זייערע 3 טעכטער דערצויגן געוואָרן. די רויִקייט ביי זיי איז פון צייט צו צייט צעשטערט געוואָרן פון די שכנים איבער דער וואַנט, פון דער פאַמיליע פרייס. זייער אָפט האָט זיך געהערט געשרייען און קריגערייען.

אין זעלבן הויז האָט אויך געוווינט אַ פרוי מיט 5 קליינע קינדער. דער פאָטער איז ערב דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געפאָרן קיין אַמעריקע און זיי זענען געבליבן צעשיידט אין די שווערע מלחמה־יאָרן, די משפחה האָט געהונגערט און געפרירט. עס קלינגט מיר עד היום אין מיינע אויערן דאָס געוויין פון די קינדער, באַזונדערס פון יינגסטן, אַהרעלע. די פאַמיליע האָט מען גערופן מיט דעם צונאָמען „פלעטניקס".

צווישן דעם דערמאָנטן הויז און ערשטן לאַנגן בלאָק איז געווען אַ קליינע הייזקע, ווו פון איין זייט זענען געווען שטאַלן פאַר פערד און די צווייטע העלפט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין וווינונגען. דאָרט האָט געוווינט און געאַרבעט דער געלער קעמל־מאַכער מיט זיין פאַמיליע. תמיד האָט זיך פון דאָרט געטראָגן אַ ריח פון פאַרברענטע הערנער.

דער שכן זייערער איז געווען דער שטרייכער (קאַנדעל) מיט זיינע זין. זיי זענען געווען מוליאַרעס, ספעציאַליסטן צו מויערן קאַכלאָווע אויוונס.

ווי עס פאַסט פאַר אַ בעל־הבית פון 30 קאַמעניצעס, האָבן ר׳ יאַנקל קאַדישעס און זיין זון ר׳ נחום זילבערשטיין פאַרנומען די שענסטע 2 דירות אין ערשטן בלאָק. זייער פאַבריק פון זייף האָט זיך געפונען אין צווייטן בלאָק, און פון דאָרט האָט זיך געטראָגן דער שלעכטער ריח פון געקאָכטן חלב, פון וועלכן מען האָט געגאָסן זייף.

אין דעם ערשטן בלאָק האָבן געוווינט די פאַמיליעס פון מיכעלע און חנא דראַזשקאַזש, בענצע ווישניע (דער דאָרפישער), דער טלית־מאַכער, דער פידעלע־מאַכער, קלמן דער שמש פון שמולעוויזנער בית־מדרש, דער הויכער מעקלער און דער בראַקירער (בארנער).

די פאַמיליע, וואָס מען האָט זיי גערופן פידעלע־מאַכערס, האָבן אין זייער וווינונג געפירט אַ פאַבריקאַציע פון קאַרטאָן־פידעלעך, אין דער זעלבער וווינונג האָט מען אין די שבתים געדאַוונט.

די ערשטע איינוווינער פון 2טן בלאָק זענען געווען די פאַמיליע קאַמיען, מען האָט זיי גערופן „די יאַנעווער". וואָרשיינלעך האָבן זיי פון דאָרט געשטאַמט. כמעט די גאַנצע פאַמיליע האָט זיך פאַרנומען מיט פונאַנדערטראָגן מילך אין די הייזער. גאַנץ פרי פאַר טאָג פלעגן זיי אַוועקלאָזן זיך אין די נאָענטסטע דערפער, אויפקויפן ביי די פויערן די פרישע מילך. אין זעלבן

אַריינגאַנג האָט אויך געוווינט מיינער אַ פעטער, משה העכטמאַן, ער איז געווען
אַן איידעם פון די יאַנעווערס.

אין זעלבן בלאָק האָט יאָסל גרינעס (זילבערגלייד) מיט זיין זון משה
געפירט אַ פאַבריק פון געגריוועטער שוסטעריי. ביזן אויסברוך פון דער ערשטער
וועלט־מלחמה האָבן זיי זייער פּראָדוקציע פונאַנדערגעשיקט איבער גאַנץ
רוסלאַנד.

די קינדער פון דעם הויף זענען געווען נייגעריק צו זען, ווי די בעלי־
מלאכות קלאַפּן די טשוועקלעך, וואָס זיי נעמען אַרויס פון מויל.

דער זשעליכאָווער (פינקעלשטיין) האָט דאָ געהאַט אַ שטריק־דרייעריי.
ער האָט אויסער זיינע קינדער אויך באַשעפטיקט פרעמדע אַרבעטער. אויפן
ליידיקן פּלאַץ, נאָך דעם 2טן בלאָק, אַנטקעגן דער רייע שטאַלן און אוביקאַציעס,
וואָס האָט געדינט דעם גאַנצן הויף איינוווינער, האָבן זיי געדרייט און געקאָכט
האָר־שטריק פאַר מאַטראַצן. אין זייער וווינונג איז געווען דאָס חסידים־שטיבל,
אין וועלכן מען האָט געדאַוונט יעדן טאָג.

אין זעלבן אַריינגאַנג האָט אויך געוווינט אונדזער פעטער אייזיק העכטמאַן,
צוזאַמען מיט נאָך אַ פאַמיליע, וואָס האָבן פאַרלאָזט מעזריטש גלייך נאָך דער
ערשטער וועלט־מלחמה.

אין אַפּריל 1967 האָב איך בעת מיין באַזוך אין מעזריטש, געפונען די
גאַס, יאַנקל קאַדישעס הויף, נאָר, ליידער, קיין איינער פון די דערמאָנטע
משפחות. די גרעסטע טייל פון זיי האָט געטיילט דעם גורל פון אַלע ייִדן פון
דער שטאָט מעזריטש.

**יוסף טשעפּעלינסקי** / בוענאָס־איירעס

# יידן אין מעזריטש, וואָס האָבן געוווינט אין קריסטלעכע גאַסן

מעזריטש איז געווען אַ ייִדישע שטאָט, באַזונדערס האָט מען דאָס געשפּירט, ווען מ׳איז פון מעזריטש אַרויסגעפאָרן אין אַ צווייטער שטאָט, ווו די נישט ייִדישע באַפעלקערונג האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן.

מען האָט זיך געפילט שטאָלץ מיטן באַוווּסטזיין, אַז אונדזער שטאָט מעז־ריטש איז אַזוי הונדערט פּראָצענטיק ייִדיש, און אַנדערש האָט מען נישט געקאָנט טראַכטן, זעענדיק דאָס שפּרודלדיקע ייִדישע לעבן אויף אַלע געביטן. מען איז געווען מער־ווייניקער פריי פון דער שרעק פאַרן אַנטיסעמיטיזם און אַנדערע גוייִשע אַנשיקענישן.

אָבער דאָס איז געווען אין צענטער, וואָרעם אויף דער פּעריפעריע, אין די געגנטן אויף די גרענעצן פון דער שטאָט, איז די לאַגע געווען אַן אַנדערע; דאָרט האָבן געוווינט קריסטן און די ייִדן זענען געווען אַ מינדערהייט.

אויף דער פּילסודסקי־גאַס (פּישטשאַנקע) האָט זיך אָנגעהויבן די קריסט־לעכע געגנט פון מעזריטש. מיט די גאַסן זאַוואַדקי, זאַרוויע א״אַ. דאָרט האָבן געוווינט כמעט בלויז קריסטן און געציילטע ייִדישע פאַמיליעס.

טאַקע וועגן אָט דעם לעבן פון די דאָזיקע ייִדן, וואָס האָבן געוווינט אין די קריסטלעכע גאַסן, וויל איך איצט, ווי ווייט איך געדענק, פּרווון פאַרצייכענען ווייניקע פאַקטן און געשעענישן פון ערשטן יאָרצענדליק פון נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה. אויב די ייִדן אין צענטער פון מעזריטש האָבן געלעבט, ווי פריִער געזאָגט, מער ווייניקער פריי פון אַלע גוייִשע קאַפּריזן, קאָן מען דאָס ליידער נישט זאָגן וועגן די ייִדן, וואָס האָבן געוווינט אין די קריסטלעכע גאַסן. דאָרט האָבן פּאָליאַקן גלייך אַרויסגעוויזן זייער אמתן פּרצוף. דאָרט איז די סיטואַציע פון די ייִדישע איינוווינער געווען נישט צו פאַרגלייכן, אַן ערגערע, ווי פון די ייִדן, וואָס האָבן געוווינט אין שטאָט גופא. ס׳האָט צייטנווייז געמאַכט דעם איינדרוק, אַז מען וווינט נישט אין מעזריטש, נאָר ערגעץ אין אַ דאָרף, צווישן גויִים, טייל מאָל בייזע גויִים. ס׳האָט אָפט מאָל פּאַסירט, אַז ווען אַ שגץ האָט שלעכט אָפּגעשניטן אין שטאָט, ווען ס׳האָט אים זיך געוואָלט אַ טשעפּע טאָן מיט דער ייִדישער יוגנט און געקריגן אָנגעבראָכן די ביינער, האָט ער אויס־געלאָזט זיין כעס צו די עטלעכע ייִדן, וועלכע האָבן געוווינט אין דער קריסט־לעכער געגנט. בפרט איז נישט געווען וואָס מקנא צו זיין די ייִדישע פאַמיליע, וואָס האָט געוווינט ביי אים אין הויז. איינער אַזאַ כוליגאַן איז געוואָרן אַן אַנטיסעמיטישער אַגיטאַטאָר און פאַרשאַפט יענע ייִדן אַ סך צרות. ייִדן האָבן געהאַנדלט און געוואַנדלט. געבייט פאַר זיי קליידער און געמאַכט פאַר זיי שטיוול,

אָבער זיי זענען נישט געווען קיין פריינד די ייִדן, וועלכע האָבן געוווינט מיט זיי אַ טיר ביי אַ טיר שוין הונדערטער יאָרן. וואָס דער ייִד זאָל נישט האָבן געטאָן, איז זיי נישט געפעלן. איך וועל דאָס אילוסטרירן מיט עטלעכע עפּיזאָדן, וואָס זענען מיר געבליבן אין זכרון.

איין מאָל אין אַ זומערדיקן נאָכמיטאָג, די היץ איז געווען גרויס, האָבן פּלוצלונג אָנגעיאָגט וואָלקנס און ס'האָט גענומען רעגענען, בליצן און דונערן. אַ בליץ האָט געטראָפן אין אַ קריסטלעכן שײַער מיט דעם שוין אַראָפּגענומענעם שניט, דער שײַער מיטן שטרויענעם דאַך, אויסגעטריקנט פון דער היץ, צינדט זיך אָן און ווערט שנעל פאַרוואַנדלט אין אַ באַרג אַש. די ייִדישע פייערלעשער קומען שנעל, אָבער באַוויזן שוין נישט אָפּצוראַטעווען עפּעס פון דער שריפה; זיי געלינגט בלויז צו פאַרהיטן די דערלעבן שטייענדיקע געביידעס, אַז זיי זאָלן נישט אַראָפּ מיטן פייער. דער געליטענער פויער זאָגט, אַז די ייִדישע פייער־לעשער זענען שולדיק, ווייל זיי זענען געקומען שפּעט. איז דאָס נאָך נישט גענוג, מעלדן זיך גלייך שקצים מיט שיקסעס, וועלכע זאָגן, אַז זיי אַליין האָבן געזען ווי די ייִדישע פייערלעשער האָבן שפּאַצירט מיט זייערע געליבטע און זיך נישט געאײַלט צו קומען ראַטעווען קריסטלעך פאַרמעגן. אין אַ קורצער צייט אַרום ברעכט אויס אַ צווייטע שריפה און ס'ווערט יאָ אָפּגעראַטעוועט אַ הויז, אין וועלכן ס'וווינען ייִדן — טויג דאָס ווידער נישט; די קריסטן האַלטן, אַז דאָס מאָל זענען די ייִדישע פייערלעשער געווען שנעל אויפן אָרט פון דער שריפה, ווייל ס'האָט זיך געהאַנדלט אין ייִדיש פאַרמעגן. די קריסטן האָבן דאָס נישט געקענט אַריבערטראָגן און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ העצע קעגן דער פרייוויליקער ייִדישער פייערלעשער־געזעלשאַפט. און גראָד איז פאָרגעקומען נאָך אַ שריפה אין הויף פון גראַף פּאָטאָצקי, און דאָס איז געווען אין אַ שבת־בייטאָג, אַ צייט גאָרנישט קיין גינסטיקע פאַר אַ שנעלער מאָביליזאַציע און צו קאָנען שנעל אָנקומען צום אָרט פון דער שריפה. אין רעזולטאַט איז אויך דער גראַף געבליבן נישט צופרידן מיט די ייִדישע פייערלעשער און אַרויסגעוויזן זיינע אַנטיסעמיטישע געפילן.

אין מעזריטש איז געווען אַ דינער שיכט פון פּוילישער אינטעליגענץ, וואָס איז געווען אַנטיסעמיטיש. ווען די אַנטי־ייִדישע העצע האָט זיך פאַרשטאַרקט, האָט די פּוילישע אינטעליגענץ גענומען די איניציאַטיוו צו גרינדן אַן אייגענע פּוילישע פייערלעשער־געזעלשאַפט. זי, הייסט עס, וועט באַשיצן די קריסטן פון די ייִדישע פייערלעשער, אויף וועלכע זיי, די קריסטן, קאָנען זיך נישט פאַרלאָזן.

נאָך אַן עפּיזאָד: אין אַ קריסטלעך הויז האָט געוווינט אַ ייִדישע פאַמיליע און די ייִדישע פרוי האָט געבוירן אַ צווילינג. אַלץ איז גוט און פיין, נאָר פּלוצלונג רייסט זיך אויף די טיר פון שטיבל, און ס'לויפט אַריין די קריסטין מיט אַ געשריי און אַ געוויין צו דער ייִדישער פרוי: „דיר האָט גאָט געגעבן צוויי, און ביי מיר האָט גאָט צוגענומען צוויי!" און די קריסטין וואַרפט זיך אַ מטורפע און

וויל צונעמען די קינדער. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פּונקט דאַן, ווען די פרוי האָט געבוירן די קינדער, האָט אַ בליץ געטויט דער קריסטינס מאַן און זון, וועלכע האָבן געאַרבעט אין פעלד...

נאָך אַ טרויעריקער פאַקט, וועגן אַ צווייטער ייִדישער פאַמיליע, וואָס האָט געוווינט צוזאַמען מיט אַ קריסטלעכער פאַמיליע. די קריסטלעכע מוטער איז אַוועק אין פעלד און איבערגעלאָזט איר קינד, אַ מיידעלע פון דריי יאָר, אונטער דער אויפזיכט פון דער ייִדישער פרוי, און ס׳איז געשען, אַז דאָס קינד האָט פון ערגעץ אַרויסבאַקומען אַ פליסיקייט און דאָס גענומען אין מויל. ווען די ייִדישע פרוי האָט זיך געכאַפּט, איז דאָס קינד שוין נישט געווען ביים באַוווסטזיין. ס׳איז לייכט זיך פאָרצושטעלן די לאַגע פון דער ייִדישער פרוי. זי איז געווען איינע אַליין אין הויז, דאָך האָט די ייִדישע פרוי זיך נישט פאַרלוירן, נאָר מיט אייגענע מיטלען גענומען ראַטעווען דאָס קינד און גלייכצייטיק גערופן הילף; ס׳זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן עטלעכע מענטשן און דאָס קינד איז אַרויס פון געפאַר. מען האָט גערופן די עלטערן און מען האָט גענומען דאָס קינד צו אַ דאָקטאָר, אַ קריסט און באַקאַנטער אַנטיסעמיט. זאָגט דער דאָקטאָר דער אַנטיסעמיט צו די עלטערן פון קינד נישט מער און נישט ווייניקער, נאָר אַז דאָס האָבן די ייִדן געוואָלט אומברענגען זייער קינד... און נאָך זאָגט דער דאָקטאָר, אַז ער זעט אין דעם פאַל אַ פאַרזעצונג פון דעם, וואָס מען האָט מיט אַ צייט פריִער צעשלאָגן זיין זון. דאָס איז אַ פּלאַן פון די ייִדן אומצוברענגען די פּאָליאַקן.

די מעשה מיטן דאָקטאָרס זון איז געווען אַזוי: איין מאָל, אין אַ שבת־פאַרנאַכט, איז ער געפאָרן מיט זיין ראָווער אויפן וואַרשעווער שאָסיי און דוקא געוואָלט אַרויפפאָרן אויף די ייִדישע שפּאַצירנדיקע, געשריגן, אַז די ייִדן מאַכן אים ענג און זיי לאָזן שוין קיין פּאָליאַקן די גאַס נישט דורכפאָרן. אָט די דאָזיקע חוצפּהדיקע אויפפירונג פון דעם אַנטיסעמיטישן זונדל פון דאָקטאָר האָט אויפ־געבראַכט אַ ייִדישן יונגערמאַן און ער האָט דעם שגץ אָנגעבראָכן די ביינער.

אגב, האָט דער זעלבער דאָקטאָר אָנגעטאָן די ייִדישע רעקרוטן צרות, ווייל ער איז געזעסן אין דער מעדיצינישער רעקרוטירונג־קאָמיסיע פון ראַדזינער פּאָוויאַט, צו וועלכן ס׳האָט געהערט מעזריטש. ס׳האָט זיך דעמאָלט גענוג גע־טומלט, און די ייִדן אין די קריסטלעכע גאַסן האָבן געמוזט אַלץ אויסהערן, וואָס מען האָט גערעדט אויף זייער חשבון.

עטלעכע ווערטער וועגן דער גאָלדענער פּוילישער יוגנט. זיי האָבן געוואָלט אין גאַנצן פאַרטרייבן די ייִדן, אויב נישט פון מעזריטש — צו דעם זענען זייערע הענט געווען צו קורץ, איז לכל הפחות פון די קריסטלעכע גאַסן. צו דעם צוועק האָט מען געפירט העצעס קעגן די ייִדן, און גלייכצייטיק פּראָפּאַגאַנדע צווישן די קריסטן, אַז זיי זאָלן ווערן שניידערס, שוסטערס, היטלמאַכערס; עס זאָלן זיך שאַפן קריסטלעכע סאַדאָווניקעס אאַז״וו. די דאָזיקע קאַמפּאַניע פון דער אַנטיסעמיטישער יוגנט איז דורכגעפאַלן. אמת, ס׳האָבן זיך יאָ געמאָלדן עטלעכע קריסטלעכע שניידערס, שוסטערס און סאַדאָווניקעס, אָבער זיי האָבן גאַנץ שנעל

אויפגעגעבן זייערע נייע מלאכות און באַשעפטיקונגען, בפרט נאָך, ווען איינער אַ קריסטלעכער סאַדאָווניק, וועמען די יוגנט האָט אימפּאָרטירט אַזש פון דער פרעמד, האָט גענומען אָפּטאָן גאָרנישט קיין שיינע זאַכן. די אַנטעסימיטן האָבן איינגעזען, אַז דער קאַמף מיט די ייִדן איז נישט קיין לייכטער, אָבער צוריקגע־צויגן האָבן זיי זיך נישט פון זייערע מעשים, די העצע קעגן ייִדן איז אָנגע־גאַנגען ווי פריִער.

אויך דער קאַמף, וואָס די גאָלדענע פוילישע יוגנט האָט אונטערגענומען קעגן דעם דאָקטאָר יוסף קאַפּלאַן פאַרדינט דערמאָנט צו ווערן. ד"ר קאַפּלאַן האָט גענאָסן פון אַ ספּעציעלער פּאָפּולאַריטעט אויך צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג צוליב זיין אָרנטלעכקייט און זיין מעדיצינישער קענטעניש, און דאָס האָט נישט געשמעקט דער יוגנט. האָט מען ביי יעדן באַזוך פון דעם ייִדישן דאָקטאָר געהעצט קעגן אים און אַז עס פלעגט זיך מאַכן אַ מאָל, און דער פּאַציענט איז געשטאָרבן, האָט שוין די אַנטיסעמיטישע יוגנט געהאַט אַ דאַנקבאַרע אַרבעט צו שיטן פעך און שוועבל אויף די ייִדן בכלל, וואָס שטופּן זיך אין די פוילישע אוניווערסיטעטן, בכדי שפּעטער צו פאַרסמען די פּאָליאַקן.

און דאָס אַלץ האָבן די ייִדן פון די קריסטלעכע גאַסן געמוזט אויסהערן. די ייִדן האָבן זיך געווערט, פּראָטעסטירט, אויסגעלאַכט, געבערענגט קעגן־אַרגו־מענטן, מען האָט געפירט אַן אָפּווער־קאַמף, אָבער לייכטער איז פון דעם נישט געוואָרן.

אַזאַ איז געווען, מער ווייניקער, די לאַגע פון די ייִדן אין מעזריטש, וועמען דער גורל האָט באַשערט צו וווינען צווישן קריסטן. זיכער זענען געווען אויך אויסנאַמען, אָבער זייער ווייניק, און אַז דאָס איז אַזוי געווען, באַווייזט דער טרויעריקער פאַקט, אַז קיינער פון די דאָזיקע ייִדן האָט נישט באַוויזן זיך צו ראַטעווען ביי זייערע קריסטלעכע מיטבירגער בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע, נאָר אַלע זענען אומגעקומען, צווישן זיי — מיין מוטער, מיין שוועסטער און מיין ברודער.

אברהם געלמאַן

# דער סיום

## (אַ בלעטל „אַלט מעזריטש")

ווען איך בין געוווּיער געוואָרן פון ר' אַברהם־יעקב דעם משגיחס מויל, אַז אויפן זומערדיקן זמן גיי איך אַריבער צו ר' מרדכין אין חדר אַריין, איז מיין שׂמחה געווען אָן אַ ברעג, עפּעס אַ קלייניקייט — לערנען ביי ר' מרדכין.

ר' מרדכי מלמד איז געווען אַ יונגער מאַן פון אַ יאָר זעקס און דרייסיק, אַ ציכטיק געקליידעטער, קיין מינדסט פלעקעלע האָט זיך אויף זיין מאַנטל נישט געטראָפן געפינען; אַ גוטע נאַטור, שטענדיק מיטן שמייכעלע אויף די ליפּן. ער פלעגט קיין מאָל נישט אָנוואַרפן קיין מורא אויף זיינע תלמידים. דערפאַר האָבן די קינדער אים ליב געהאַט און שטאַרק צוגעבונדן געווען צו אים.

ר' מרדכי איז שטאַרק באַליבט געווען צווישן אַלע תלמוד־תורה־קינדער, געשמט פאַר אַ ווילן רבין, ביי וועמען סאיז אַ מחיה צו לערנען. און אַז קליינוואַרג זאָגט — איז נישטאָ וואָס איבערצושפּאַרן: זייער קינדערשער חוש נאַרט זיי נישט.

צווישן די תלמידים פון די קלענערע חדרים פלעגט מען אָפט קאָנען הערן אַזאַ מין לשון:

— הער נאַר, דו! וואָס פאַר אַ מחותן ביסטו מיט מיר? וואַרט! נאָך אַ פאָר חדשים — וועל איך שוין לערנען ביי ר' מרדכין...

אַריינפאַלנדיק אין שניידער־שטיבל, ווו ר' מרדכיס חדר איז געווען, בין איך די ערשטע צייט געווען שטאַרק אָפּהענטיק מיט מיין ביסל קענטעניש, וואָס איך האָב מיט זיך מיטגעבראַכט פון ר' חיים־מאָטלס חדר, נאָר איך האָב זיך גיך איינגעלעבט אין דער נייער סביבה. די נייע חברים זענען צו מיר זייער גוט געווען, איטלעכער האָט געזוכט מיין חברשאַפט. אַגב, איז דאָ אַלץ געווען שענער און אינטערעסאַנטער, סיי דאָס שפּילן צווישן זיך איידער דער רבי קומט, סיי דאָס לערנען גופא: עפּעס אַ מין זיסן אומעט האָט ר' מרדכיס תנ"ך־לערנען אַרויפגעבראַכט אויף דער נשמה; פון זיין חומש מיט רש"י בין איך אַ גאַנצער אַרכיטעקטאָר געוואָרן און איך וואָלט זיך דעמאָלט אונטערגענומען אַליין אויפצושטעלן אַ משכן מיט סלופּעס, שוועלן און שטריק און אַלע פּיטשעווקעס; באַזונדערס האָט מיך באַצויבערט די גמרא „גיטין" מיט די ווונדערלעכע מעשׂיות וועגן שלמה המלך מיטן אויערהאָן, וועגן אשמדאי מיט די הינערשע פיסלעך.

ס׳א׳ז אַריבער דער זומער און ס׳איז אָנגעקומען דער ווינטערדיקער זמן מיט די לאַנגע אָוונטן, וועלכע מיר האָבן פאַרבראַכט לערנענדיק די לעצטע פרקים פון „גיטין". ענדלעך זענען מיר צוגעקומען צום פרק „המגרש", אפילו אַ שווערער פאַר אונדזערע שוואַכע מוחעלעך, נאָר דערפאַר שוין דער לעצטער פרק פון דער מסכת, און מיר, ייִנגלעך, האָבן באַצייטנס אָנגעהויבן שמועסן וועגן אַ „סיום". נאָך הייסע וויכּוחים, ווי דער שטייגער פון חדר־ייִנגלעך, האָבן מיר באַשלאָסן פה אחד צו בעטן אונדזער רבין, ער זאָל אונדז דערלויבן צו מאַכן דעם סיום ביי אים אין שטוב, כדי אויך דער רבי מיט זיינע בני־בית זאָלן אָנטייל נעמען אין אונדזער שמחה.

דער רבי האָט רויִק אויסגעהערט אונדזער איינפאַל, געלאָסן געצויגן דעם שמעקעדיקן פּאַפּיראָס און אַריינגעשמייכלט צו זיך אין שוואַרצן בערדל אַריין, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ, אַ סימן, אַז אונדזער המצאה געפעלט אים.

מיטן גרעסטן אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט אויפן טאָג, אין וועלכן ס׳איז באַשטימט געוואָרן צו פייערן דעם סיום. מיר האָבן געציילט, פריִער חדשים, דערנאָך — וואָכן, און גאָר צום סוף — די טעג, וואָס זענען נאָך געבליבן צו אונדזער גליקלעכן טאָג.

אָפט מאָל פלעגט דער רבי אָנשרייען אויף אונדז, פאַר וואָס מיר זענען אין גאַנצן אַריינגעטאָן אין סיום און מיר פאַרנאַכלעסיקן דעם „עיקר" — דאָס לערנען גופא! — אָבער דאָס ליבע שמייכעלע, וואָס האָט שטענדיק געשוועבט איבער דעם רבינס ליפּן, האָט אונדז פון דאָרטן צוגעוווּנקען:

— נישקשה, נישקשה, האַרציקע קונדסים! טוט, וואָס איר ווילט; אייער רבי איז אַ גוטער און וועט אייך געוויס מוחל זיין אויף אַזעלכע „חטאים"...

עס זענען אויסגעקליבן געוואָרן צוויי כוואַטסקע ייִנגלעך, אויפצומאָנען דאָס געלט אויף דער סעודה. יעדערער פון אונדז איז באַשטייערט געוואָרן מיט גאַנצע פופציק גראָשן; אַ טייל האָבן פרייוויליק געגעבן מערער.

און דער לאַנג אויסגעהאָפטער טאָג איז, ענדלעך, אָנגעקומען.

פון פרימאָרגן אָן האָבן מיר זיך שוין אַרומגעפּאַרעט מיט די הכנות צום גרויסן סיום און פאַר נאַכט זענען מיר אַלע געווען פאַרקליבן ביים רבין אין שטוב.

די קליינע צימערלעך פון אונדזער רבינס שטוב זענען געווען שטאַרק באַלויכטן: דער שבתדיקער הענגלייכטער מיט די זיבן רערן, וואָס איז אין מיטן שטוב אַראָפּגעהאָנגען פון סופיט, האָט געשימערירט און צוגעגעבן דער גאַנצער שטוב אַ יום־טובדיקן אויסזען; ביי דער לענג פון די ווענט זענען געהאָנגען גרויסע בליצלאָמפּן, צווישן זיי איינער מיט אַ פּאַפּירענער שיין, אין וועלכער עס זענען געווען אויסגעשניטן אַרום און אַרום פּאַרשידענע פּסוקים, אין מיטן מיט גרויסע געבלומטע אותיות „ס י ו ם  מ ס כ ת  ג י ט י ן" און אונטן — דער טאָג, חודש און יאָר. די אַלע אויסשניצונגען זענען געווען באַקלעפּט מיט דורכזיכטיק פּאַפּיר פון אַלערליי קאָלירן: רויט, ברוין, ווייס, בלוי אד״גל.

דאָס איז געווען די אַרבעט פון אַ „היימישן קינסטלער" טאַקע פון אונדזער חדר גופא.

צום בעסטן האָט באַשיינט דעם אָוונט אַ גרויסער, געשניצטער טאָוול, וואָס איז געשטאַנען אין פענצטער, אויף וועלכן מ'האָט אין דרויסן געזען: אין דער הייך אַ גרויסע גילדערנע קרוין, אין איין זייט אַ לויפנדיקן הירש מיט פאַרצווייגטע הערנער, אין דער צווייטער זייט אַ מוראדיקן לייב מיט אַן אויפגעשטעלטער גריווע און מיט אַן אַרויסגעשטרעקטער רויט־פייערדיקער צונג; אין מיטן — אַ ניין־רעריקע מנורה — דער סימבאָל פון דער ניין־פרקימדיקער מסכת גיטין — אויף יעדער רער דער נאָמען פון אַ פרק, און אונטן, אויפן פוס פון דער מנורה, מיט גאָלדערנע אותיות — „מ ס כ ת ג י ט י ן" און דערביי — אַ שיינער לפ"ק...

דאָס דאָזיקע פענצטער איז שטאַרק באַלאַגערט געווען פון גרויס און קליין. אַלע האָבן זיך געשטויסן, געטומלט און יעדער האָט אויף זיין שטייגער אויס־געדריקט זיין אַנטציקונג פון דער זעלטן־שיינער אַרבעט, וואָס תלמוד־תורה־יינגלעך האָבן געמאַכט...

אין מיטן עסצימער זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן צוויי טישן. איינער, פון בית־המדרש געבראַכט, אַ לאַנגער פאַר אונדז, קליינוואַרג, דער צווייטער — אַ געוויינלעכער פאַרן רבין מיטן משגיח און אייניקע אָנגעזעענע מלמדים פון תלמוד־תורה, ווען מיר האָבן פאַרבעטן אויף אונדזער סיום.

אָפּגעדאַוונט מעריב מיט גרויס כוונה, האָט דער רבי אונדז אויסגעזעצט ביים לאַנגן טיש און געהייסן שווייגן. ער איז צוגעגאַנגען צום גלעזערנעם עלמערל, ווו עס איז געשטאַנען אַ ווילנער ש"ס אין לעדערנעם בונד מיט שיין באַליישטע רוקנס, אַרויסגענומען אַ גמרא „גיטין" און אָפּגעלערנט פאַר אונדז דעם סוף פון דער מסכת און, ווען ער האָט מסיים געווען, האָבן מיר אַלע שטיל נאָכ־געזאָגט נאָך אים דעם „הדרן", וואָרט ביי וואָרט.

דערנאָך האָט דער רבי אַ ווונק געטאָן און מיר זענען אַלע געלאָפן אין קיך אַריין, זיך וואַשן.

די רביצין האָט אונדז דערלאַנגט צום טיש בולקעלעך, פיש, פלייש, געפרייעטע רייז און אַפילו פלוימען־קאָמפּאָט אויך... דאָס אַלץ איז צוגעגרייט געוואָרן פאַר אונדזערע צונויפגעלייגטע צען רובל. אין מיטן עסן האָבן מיר זיך פריילעך געמאַכט: דער רבי האָט אונדז אַלע ווײַלע דערציילט אַ שיין מעשהלע פון מדרש, אָדער אַ וויץ, אַדורכגעשלייפט מיט פסוקים און גמרא־ווערטלעך. מיר, קליינוואַרג, האָבן אויך געוויזן, וואָס מיר קענען: געזונגען פאַרשידענע לידלעך און חזנישע שטיקלעך, וועלכע מיר האָבן אויסגעשטעלט אין משך פון וואָכן. דאָס זענען אַלץ געווען שטיקלעך פון דאַוונען, אָדער לידער וועגן דער גרויסקייט פון גאָט, פון דער תורה און אירע לערנער.

נאָך דער סעודה האָט דער רבי גענומען דעם כוס של ברכה אין דער רעכטער האַנט און געבענטשט צוזאַמען מיט אונדז הויך, אויפן קול. נאָכן

בענטשן איז ווידער איינגעאָרדנט געוואָרן אַ כאָר און מיר האָבן אָפּגעקנאַקט אַזאַ לידל:

— לח——יים, לח——יים. אַ גוטן ברודער משה־חיים, זאָל לעבן!

— לח—יים ולשלום!

— לש—שון ולשמחה!

— לישו—עה ולנחמה!

— ונאמר, ונאמר, ונא—מר א—א—אמן!!!

און אַזוי האָבן מיר אָפּגעזונגען לכבוד יעדערן פון אונדז, אַפילו דער רביצין גופא מיט אַלע אירע קינדערלעך האָבן מיר אויך נישט אויסגעלאָזן...

אָבער די אמתע חדווה איז איצט געוואָרן, ווען דער רבי האָט געהייסן אַוועקרוקן די טישן צו דער וואַנט. מיר האָבן זיך אַלע אויסגעשטעלט אין מיטן שטוב אין אַ ראָד און דער רבי אין דער מיט. עס איז געוואָרן שאַ, שטיל! און דער רבי האָט אָנגעהויבן מיט אַ באַהאַרצטן ניגון: „אני רץ והם רצים״... באַלד דערויף האָבן מיר אַלע מיט אַ מאָל זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און גענומען יאָגן זיך אין אַ ראָד אַרום רבין, זינגענדיק אויפן קול: „אני רץ והם רצים״, וואָס אַ מאָל גיכער און גיכער, צוטופנדיק מיט די פיסלעך, טאַנצנדיק און פייפנדיק, אַזש ביז צום טויב ווערן...

אין יענע מינוטן האָבן מיר אין האַרצן מבטל געווען כעפרא דארעא די גאַנצע וועלט מיט יענע אָ שוסטערלעך און שניידערלעך, וועלכע האָבן באַלאַ־גערט די פענצטער: וואָס פאַר אַ טעם האָט עס, אימשטיינס געזאָגט, זייער לעבן? — האָבן מיר געטראַכט — צי האָבן זיי דען אין זייערע גרויע טעג אויך אַ מאָל אַזעלכע העלע, גליקלעכע מינוטן, ווי מיר?!

— אני עמל והם עמלים! — דונערט אונדזער כאָר, אַ צעהיצטער — אני עמל ומקבל שכר והם עמלים ואינם מקבלים שכר... יאָ, יאָ! האָבן מיר האָפער־דיק געפּינקלט מיט די אייגעלעך — זיי, די אַלע, וועלכע ווייסן נישט דעם טעם פון לערנען, אַרבעטן און אַרבעטן, ווי די אייזלען, און באַקומען נישט קיין רעכטן לוין; אָבער מיר — אדרבה, זאָל מען זוכן אפילו אין קעניגלעכע הויפן, — וועט מען דען אויסגעפינען אַזאַ תענוג, וואָס אַ יידיש יינגל פילט בשעת אַ סיום פון אַ ניין־פּרקימדיקער מסכת? פאַרמאָגן דען אַלע מלכים פון מזרח און מערב, צו באַצאָלן אַזאַ לוין, ווי אונדזער איצטיקע שמחה?! — ניין, ניין! שרייט־זשע, יידישע קינדער, הויך, לעבעדיק: „אני עמל ומקבל שכר והם עמלים ואינם מקבלים שכר״ — — — — — — — — —

...און אַזוי האָבן מיר אַריינגעזונגען און אַריינגעטאַנצט אין ווייסן טאָג אַריין...

ס. פאַלמע

# איך בענק

כ׳בענק נאָך מיין שטעטעלע,
קליינינקע שטיבעלע,
דאָרט ווו מיין וויגעלע שטייט:
הויך אויף דעם בוידעמל,
אונטער די בעלקעלעך,
דאָרטן מיין וויגעלע שטייט.

כ׳בענק נאָך דעם געסעלע,
שמאָלינקע געסעלע,
יאָגן די טייבעלעך הויך.
וואַרפן די שטיינדעלעך,
ברעכן די שייבעלעך,
יאָגן די טייבעלעך הויך.

עס ציט צו דעם שולעכל,
קליינינקן שמשל
הויך אויף דעם באַלעמערל דאָרט:
ס׳וואַרטן חברימלעך,
בערעלע, שלמהלע,
אויף דעם באַלעמערל דאָרט.

כ׳בענק נאָך דעם טייכעלע,
הילצערנעם בריקעלע,
באָדן זיך, לאָזן זיך טיף:
שפרינגען פון בריקעלע,
טיף אין דעם טייכעלע,
טונקען זיך, טונקען זיך טיף.

ס׳ווילט זיך אין וועלדעלע,
שבת אין וועלדעלע,
קילן זיך אין שאָטנדל דאָרט:
מיט די חברימלעך,
בערעלע, שלמהלע,
אונטער די ביימעלעך דאָרט.

כ׳בענק נאָך מיין חברטע,
קליינינקע רייזעלע,
בראָדזשען אויף לאָנקעס מיט איר:
רייסן די בלימעלעך,
פלעכטן די קרענצעלעך,
שענקען די קרענצעלעך איר...

# געוועז זענען טעג

געוועז זענען טעג,
זיי זענען נישטאָ מער,
דאָך לעבן זיי אויף
מיט פריידיקער טרער:

אַ שטיבעלע קליין
מיט בעטעלעך צוויי,
ווּ טאַטע און מאַמע,
דאָרט וווינען אין זיי.

און חלומען נעכט
און „קריגן" זיך טעג;
מאַמעלע טאָר נישט
און טאַטעלע מעג...

קומט טאַטע פון גאַס
אַ הינדעלע טראָגט;
אויף שבת נישט קאַרג
מיט אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט...

און מאַמינקע שרייט:
— קיין צייט נישט פאַראַן,
דער פרייטיק איז קליין
און פיש נאָך אין פאַן...

שרייט טאַטע — די שיך!
ווייזט מאַמע: אָט דאָרט!
גרילצט טאַטע — די שיך
דאַרפן זיין אויף אַן אָרט!

לויפט מאַמע אַהין,
לויפט טאַטע אַהער.
שרייט טאַטע — ס'איז שפּעט,
לאָזט מאַמע אַ טרער...

— — — — — — — —

אַ שעה נאָך אַ שעה
ס'קומט שבת מיט מי.
— גוט שבת — זאָגט ער,
— גוט שבת — זאָגט זי...

— — — — — — — —

געוועז זענען טעג
נישטאָ זיי מער היינט, —
ס'וואַכט אויף אין זכרון
אַ שטערן וואָס שיינט...

**לייב לעוו**

# די תקיעות

אין אַלטן בית־מדרש האָט זיך שטאַרק געלאָזט דערקענען דער חודש אלול; דאָס שטענדיקע שטילע פאַרשלאָפנקייט און אומעטיקע רויִקייט איז פאַרשוווּנדן געוואָרן און אַ באַוועגונג מיט אַ גערודער איז אַנטשטאַנען. די בית־מדרש־בחורים און די קעסט־איידעמס האָבן אָנגעהויבן לערנען זיך שופר־בלאָזן. יעדער איינער פון זיי האָט זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז ער קאָן ציִען לאַנג אַ „תקיעה גדולה", וואָס טרויעריקער מאַכן דעם „שברים" און וואָס מערער קרייזלען די „תרועה". איינער פלעגט אַרויסכאַפּן דעם שופר פון צווייטנס האַנט, נישט האָבנדיק קיין געדולד אויסצוהערן יענעמס בלאָזן, און באַווייזן, אַז נאָר ער קאָן צום בעסטן.

די שכנים אַרום אַלטן בית־מדרש פלעגן זיך קלאָגן אויף די משונהדיקע קולות, וואָס גרילצן זיי אין די אויערן און לאָזן זיי נישט צו רו אַ גאַנצן טאָג. זיי זענען אָבער געבליבן ביים רעדן, ווייל די בית־מדרשניקעס האָבן גוט געוווּסט, וואָס עס שטייט: „לכל זמן" — אַ מאָל דאַרף מען לערנען און אַ מאָל — בלאָזן שופר. די איידעלערע יונגע לייט פלעגן זיך פאַרענטפערן, אַז ס'איז נאָר א י י ן מאָל אין יאָר, און אויב מ'וועט זיך איצט נישט אויסלערנען — ווען דען?

מערער פון אַלע האָט געבלאָזן „בנימין דער בלאָסער", וועמען די יונגע לייט האָבן אַזוי גערופן צוליב זיינע רויטע באַקן, וואָס האָבן זיך נאָך מער גערויטיקט ביים שופר־בלאָזן. ער איז טאַקע געווען אַ זעלטענער בעל־תקיעה. קיינער האָט נישט געקאָנט נאָכמאַכן זיין אַראָפּ־און־אַרויפדיקע „תרועה" און זיין ברייטן שאַל פון דער „תקיעה". די אויבנאָנדיקע באַלעבאַטים פון דער מזרח־וואַנט האָבן געלייגט אויף אים גרויסע האָפענונגען: „ווען ער וועט עלטער ווערן און זוכה זיין צו בלאָזן שופר אין אַלטן בית־מדרש, וועט טאַקע פאַלן אַ פּחד אויף אַלע מענטשן און מ'וועט תשובה טאָן מיטן גאַנצן האַרצן".

נישט געפעלן בנימינס שופר בלאָזן איז נאָר איינעם — ר' בעריש דעם שמש פון בית־המדרש, אַן עלטערער, אַ הויכער ייִד און אַ בייזער, וואָס האָט אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט דעם יונגן דור. ער איז געווען דער שטענדיקער בעל־תקיעה אין אַלטן בית־מדרש, שוין אַ צוואַנציק יאָר, זינט מ'האָט אים אויפגענומען פאַר אַ שמש, און ער פלעגט זיך שטענדיק באַרימען, אַז פאַר הונדערט מייל אַרום איז נישטאָ זיין גלייכן אין שופר בלאָזן. איצט האָט ער דערזען, ווי בנימין נעמט קאָנקורירן מיט אים, און ווער ווייסט, וואָס עס קאָן נאָך דערפון אַרויסקומען? ס'קאָן נאָך אַ מאָל, חס־ושלום, איינפאַלן די באַלע־באַטים פון אַלטן בית־מדרש, אים אָפּצוזאָגן און צונעמען אָט דעם בנימינען!... ווער ווייסט? דער שטן־מקטרג קוקט דאָך מער נישט אויס, ווי נאָר, אַז די ייִדישע

תקיעות זאָלן נישט דערגרייכן פאַרן כסא־הכבוד, קאָן ער זיי נאָך איינרעדן, אַז בנימין זאָל בלאָזן שופר אום ראש־השנה און דעמאָלט — וועלן זיי נעבעך האָבן מי יודע וואָס פאַר אַ יאָר...



ערב־ראש־השנה אין דער פרי, נאָכן דאַוונען און „התרת־נדרים", איז בנימין נישט אַהיימגעגאַנגען עסן, ווייל מ'דאַרף דאָך פאַסטן ביזן האַלבן טאָג, מ'האַלט דאָך עפּעס פאַר אַזאַ הייליקן טאָג, פון וועלכן ס'איז אָפּהענגיק יעדערנס לעבן... ער האָט גענומען דעם שופר און איז אַריינגעגאַנגען מיט אים אין דער ווייבער־שול, צו בלאָזן אַ ביסל. זייער שיין האָט ער געבלאָזן. די איבערגעבליבענע מענטשן אין בית־מדרש האָבן אים באַוווּנדערט און געלויבט אין זיבעטן הימל אַריין.

ר' בעריש דער שמש איז אויפגעקאָכט געוואָרן, אַריינגעלאָפן אין דער ווייבער־שול, שנעל אַרויסגעריסן דעם שופר פון בנימינס האַנט, דערלאַנגט אים אַ שטאַרקן פּאַטש און אויסגעשריגן:

— עם הארץ, ערב־ראש־השנה מעג מען בלאָזן ? !

בנימין איז זייער צעמישט געוואָרן; ער האָט זיך אָבער געשטאַרקט און גאָרנישט אָפּגעענטפערט, ווייל די גמרא זאָגט: „ווען מ'פאַרשווייגט יענעם אַן עוולה, שענקט דער אויבערשטער די עבירות" און מ'דאַרף דאָך אַזוי נייטיק, אַז די עבירות זאָלן געשענקט ווערן !...



דער אַלטער בית־מדרש איז געווען פול געפּאַקט פון יונג און אַלט, די ווייבער־שול מיט ווייבער. אַלע וואַרטן אויפן שופר־בלאָזן. אויפן בעלעמער איז געשטאַנען ר' בעריש, אָנגעטאָן אין ווייסן, איבערגעבויגן איבערן טיש, געזאָגט שטיל דעם „יהי רצון" פאַרן שופר־בלאָזן און פון צייט צו צייט טיף אָפּגעזיפצט. לעבן אים איז געשטאַנען דער אַלטער רב מיטן טלית איבערן קאָפּ, דעם מחזור אין האַנט — גרייט פאָרצוזאָגן די תקיעות.

דער אונטער־שמש האָט דערלאַנגט אַ שטאַרקן קלאַפּ איבערן טיש, ס'איז געוואָרן שטיל, אַלע האָבן זייערע בליקן געווענדט צו ר' בערישן, וועלכער האָט נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט זיך צו שאָקלען, ווי ראַנגלענדיק זיך מיטן „מקטרג". צו לעצט האָט ער זיך געטאָן אַ שטעל, אָנגעהויבן זאָגן די ברכות, שאַרף אַרויסרעדנדיק יעדעס וואָרט. דער עולם האָט פרום געענטפערט „אָמן" און ר' בעריש האָט צוגעלייגט דעם שופר צום מויל. ער נעמט בלאָזן — ס'גייט נישט! ער בלאָזט אים אויס פון דער צווייטער זייט, נעמט אים זייטיק — מ'הערט גאָרנישט! ער נעמט זיך שטאַרקער, זיין פנים ווערט רויט — דער

שופר גיט אַרויס משונהדיקע קולות, אָבער נישט קיין „קול שופר". ער דערפילט אַ שטאַרק געפאַלנקייט, די פיס — אונטערגעהאַקט און זיין האַרץ — אוי, זיין האַרץ !..

דער עולם איז צערודערט געוואָרן. די עלטערע באַלעבאַטים האָבן אַראָפּ־געלאָזט זייערע ווייסע קעפּ, געשאָקלט מיט די ווייסע בערד, ווי זאָגנדיק: וויי, וויי, ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ יאָר מיר וועלן היינט האָבן ?! שלעכט! דער שטן האָט גובר געווען. וואָס וועט זיין, וואָס וועט זיין ?! ווער ווייסט, וויפל מענטשן און קינדער וועלן דאָס יאָר נעבעך פון דער וועלט אַוועק ? מ׳קאָן דעם מקטרג נישט מבלבל זיין !

פון דער ווייבער־שול הערן זיך גרוילעכע זיפצן, וואָס וואַרפן אָן אַ מורא אויף די יידן אין בית־מדרש. איין באַלעבאָס פון דער מזרח־וואַנט רופט אויס:

— נו, אָ, ע! בנימין, ע, אָ!

דערהערנדיק דאָס, האָט דער אַלטער רב גענומען הייבן מיט די פּלייצעס, באַוועגן הין־און־הער מיט די הענט, ווי זאָגנדיק: די צייט איז ערנסט, מ׳טאָר נישט וואַרטן, עפּעס איז דאָ געשען און מ׳מוז באַשטיין אויף אַן אַנדער בעל־תוקע... בנימין איז אַרויף אויפן בעלעמער, צוגעלייגט דעם שופר צום מויל — און קלינגענדיקע קולות האָבן זיך צעשאָטן איבערן בית־מדרש און געטרייסט און באַרויקט די פאַרזאָרגטע הערצער, אַריינגעגעבן אין זיי מונטערקייט און גוטע האָפענונגען צום נייעם יאָר...

ר׳ בעריש האָט זיך דערמאָנט אָן זיין נעכטיקע עוולה קעגן בנימינען, און ער האָט איצט חרטה געהאַט מיטן גאַנצן האַרצן אויף זיין פאַרשעמען אַ בית־מדרש־בחור, אַ בן־תורה, און ביי מוסף האָט ער זיך ביטערלעך צעוויינט — — —

**מאיר איידלבוים**

# דעם זיידנס פטירה

## דערציילונג

דער זיידע איז געוואָרן אַ חולה מסוכן. דער רופא האָט פאַרשריבן רעצעפּטן און געשעפּטשעט שטיל: „בלויז דער רבונו של עולם קאָן אים שיקן אַ רפואה". דער חולה, ווי די בני־בית און די מקורבים, האָבן געוווּסט, אַז דער סוף דערנענטערט זיך. דער טויט האָט דעם חולה נישט געשראָקן — וואָס איז טויט? מען פאַרמאַכט איין טיר און מען גייט אַריין אין אַן אַנדער טיר, אין אַ שיינער און ליכטיקער וועלט פון לויטער אמת. דאָרט שיינט די שכינה און צדיקים שעפּן עמערס פון דעם אור אין סוף. און הגם ער האָט נישט געדינט השם יתברך פאַר געצאָלט, ווייסט דער זיידע, אַז ער גייט אַרויס פונעם „פּרוזדור" מיט תורה און מצוות און מעשים טובים. ער האָט זיך נישט געשראָקן, און דאָך איז אים דאָס האַרץ שווער געוועז: „וויי־וויי, ער וועט זיך מוזן שיידן פון זיין רבין! ווי אַזוי?"...

שוין חדשים ווי דער זיידע איז קראַנק און זיין האַרץ גייט אויס פון בענקעניש צום רבין. ער ווייסט: ווען מען פירט אים צום רבין, וואָלט ער באַלד געהיילט געוואָרן, אָבער גיי טענה. דער דאָקטאָר זאָגט: „חס וחלילה... ער וועט נישט דערפאָרן". די איינציקע טרייסט וואָס מענדל קומט צו אים גלייך פונעם רבין און זאָגט איבער די תורה וואָרט ביי וואָרט.

די שׂמחה אין שטיבל איז געוואָרן אָפּגענומען. יעדן פרימאָרגן נאָכן דאַווענען זאָגט מען תהלים, מאָנטיק און דאָנערשטיק און שבת מאַכט מען אַ „מי שברך" דעם חולה משה צבי בן רחל. אויפן עמוד, אונטער דעם „שוויתי", הענגט אַ פּאַפּיר מיט גרויסע געכתיבעטע אותיות: „משה צבי בן רחל לרפואה שלמה". דער בעל תפילה איז דאָס מכוון ביי דער תפילה „רפאנו". כדי נישט צו שטערן דעם חולה, האָט מען אין דער גאַס אויסגעשפּרייט שטרוי קעגן רעש פון אַן אָנפאָרנדיקן וואָגן. חסידים אינעם שטיבל פרעגן, „נו, וואָס הערט זיך?" און שרעקן זיך פאַר דעם ענטפער.

מענדל איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ שאָטן. שוין יאָרן ווי מענדל פאָרט אַלע ערב שבת און ערב יום־טוב צום רבין אינעם דערבייאיקן שטעטל, אויפן חשבון פונעם זיידן, קומט צוריק מוצאי־שבת צו דער מלווה־מלכה, וואָס ווערט געפּראַוועט אין שטיבל און זאָגט איבער די תורה וואָס ער האָט געהערט פונעם רבין, וואָרט ביי וואָרט, לאָזט נישט דורך אַ קרעכץ, אַ הוסט. אין אַלץ איז דאָך פאַראַן כוונה, סודות. מענדל זאָגט עס איבער און וואַרט אויפן זיידנס הסבר. די תורה וואָס איז פריִער געווען, דוכט זיך, בלאָס, שיינט אויף מיט דעם אור אין סוף, דעקט אויף סודות אין יעדן וואָרט.

אין די ערשטע וואָכן פון זיין קראַנקייט פלעגן די מקורבים אַריינגיין צום

זיידן, ער זאָל זיי מבאר זיין די תורה, וואָס מענדל ברענגט צוריק יעדן שבת־צו־נאַכטס פונעם רבין. ווען די מחלה איז געוואָרן שטאַרקער, האָט דער רופא שטרענג אָנגעזאָגט נישט אַריינצולאָזן מענטשן צום חולה, אויסער די סאַמע נאָענטסטע.

„מענדל", האָט ר׳ איצעלע געזאָגט, „צוליב וואָס פאָרן אויף יעדן שבת. אם ירצה השם, ווען משה הערשן וועט ווערן בעסער, וועסטו ווידער פאָרן ווי אַ מאָל".

דער זיידע האָט זיך פון דעם דערוווּסט, האָט ער אָנגעשריגן אויף די מקורבים:

„דעם רבינס תורה אָן מיין הסבר איז אויך תורה. זאָל ער פאָרן. זאָלן חסידים האָרעווען צו פאַרשטיין דעם רבין."

דאָקטאָר ראָזענבלום, הויך און לייביק, איז געזעסן ביים זיידן אַ צייט, געזוכט, געפאָרשט, צוגעלייגט דאָס אויער צום האַרץ, צו דער ברוסט, אויסגעטאַפּט יעדעס ביינדל און אָנגעזאָגט איבערחזרן דעם רעצעפּט.

„נו, נו, דאָקטאָר?" האָבן די מקורבים געפרעגט ווען ער איז אַרויס פונעם חולה.

„וואָס ווילט איר זאָל איך זאָגן? איר זענט נאָענט צום הימל. זעט וואָס איר קענט טאָן!" חסידים האָבן עס געהערט און געזאָגט מער תהלים, צוגעזעצט דעם חולה נאָך אַ נאָמען.

די מלווה־מלכהס זענען געוואָרן עצבותדיק. עס האָבן נישט געהאָלפן זמירות; דאָס מויל האָט זיך נישט געעפנט צום זינגען און די פיס האָבן זיך נישט געהויבן צום טאַנצן.

חנא־יאָסל, פון די חשובים ביים רבין, האָט אַ פרעג געטאָן: „מענדל, און דער רבי, פאַר וואָס שווייגט ער?"

האָבן די חסידים געעפנט די אויגן און געקוקט אויף מענדלען:

„פאַר וואָס שווייגט ער? פאַר וואָס?... מענדל, זאָג", האָבן חסידים זיך געבעטן.

מענדל האָט פאַמעלעך אַ לעק געטאָן פונעם קעלישעקל בראָנפן, גלייך ווי ער וואָלט וועלן אָננעמען כוח און נאָך אַ ווייל האָט ער געזאָגט:

„דעם שבת, נאָכן דאַווענען, זענען אַריינגעגאַנגען צום רבין עטלעכע רבנים און ר׳ פישעלע. איך בין מיטגעגאַנגען. ר׳ פישעלע האָט מזכיר געווען דעם חולה משה צבי בן רחל לרפואה שלמה".

„נו?", האָט משה מאָרדער געפרעגט, נישט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן נאָך אַ רגע. מענדל האָט ווידער געטראַכט און געזאָגט: „דאָס פּנים פונעם רבין איז געוואָרן פאַרצויגן פון אַ וואָלקן און דאָס שבת־ליכט אויף אים איז געוואָרן אויסגעלאָשן. ער האָט געטראַכט און לסוף געזאָגט: די תורה זאָגט עדות אויף משה רבנו: לא כן עבדי משה בכל ביתי נאמן הוא — נישט אַזוינער איז מיין קנעכט משה, ער איז דער באַגלייבטסטער אין מיין גאַנץ הויז. פרעגט זיך אַ קשיה, וואָס אַזוינס האָט דער רבונו של עולם אין זיין הויז אויפן הימל? גאָלד און בריליאַנטן, פּערל און טייערע שטיינער וואָס משה רבנו האָט געקאָנט, חלילה,

אַוועקנעמען? נאָר דער תירוץ איז: אינעם רבונו של עולמס אוצרות געפינען זיך כל־ערליי שליסלען, אַ שליסל צו העלפן עקרות געווינען קינדער, אַ שליסל צו עשירות, צו געזונט און פרנסה. אַז משה איז אַרויף אין הימל, האָט ער גע־ ווסט, אַז דער דאַרף קינדער און יענער אַ רפואה־שלימה. אַלע אוצרות זענען געשטאַנען אָפן פאַר משהן און ער האָט זיך געקאָנט מיט זיי באַנוצן. דערציילט די תורה, אַז משה רבנו האָט זיך מיט זיי נישט באַנוצט אָן דעם רשות פון השם יתברך. דער רבי, האָט מער נישט געזאָגט. האָבן מיר אַלע פאַרשטאַנען, אַז אָן רשות פון השם יתברך קאָן ער גאָרנישט טאָן... נאָך הבדלה האָט דער רבי מיך גערופן און געזאָגט בזה הלשון: כ׳האָב עפעס צו טאָן אין וואַרשע. אם ירצה השם אויפן וועג צוריק וועל איך אָפּטרעטן מבקר חולה זיין ביי משה הערשן. מענדל, אַזוי זאָלסטו אים זאָגן — און ער האָט מיך געזעגנט״.

די חסידים זענען געזעסן און געפּרוווט אויסטייטשן דעם רבינס ווערטער. חנא־יאָסל האָט זיך געחידושט:

„דער רבי האָט געהייסן איבערזאָגן משה הערשן אַז ער פאָרט קיין וואַרשע. נאָך אַ חידוש: פאַר וואָס קאָן ער נישט אָפּטרעטן ביי משה הערשן אויפן וועג קיין וואַרשע? משמעות, דער רבי פאָרט מתפלל זיין אויפן קבר פונעם אָסטראָ־ווער. ער, דער אָסטראָווער, האָט שטאַרק געהאַלטן פון משה הערשן און ער פלעגט אים מיטנעמען ווען ער איז געפאָרן צו די גדולי צדיקים. לאָמיר מתפלל זיין, דער רבי זאָל פועלן אַ רפואה שלימה פאַר משה הערש בן רחל״.

נטע שמש האָט געשטעלט אַ פלעשל ניינציקער און אָנגעגאָסן אַ קעלישעקל: „לחיים יידן. אַ רפואה שלמה פאַר משה צבי בן רחל״. „אמן״, האָבן אַלע געזאָגט. חסידים האָבן גענומען צו ביסלעך און יעדער האָט געוווּנטשן אַ רפואה שלמה פאַר משה צבי בן רחל. מענדל האָט פאַרמאַכט די אויגן און אָנגעהויבן איבערזאָגן די תורה וואָס ער האָט געהערט פונעם רבין און נישט דערזאָגט. טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין האַלדז. מענדל האָט זיך דערמאָנט וואָס דער חולה האָט אים געזאָגט ווען ער איז געקומען צו אים איבערזאָגן דעם רבינס ווערטער. מענדל האָט באַמערקט די ענדערונג אינעם חולה. זיין פּנים, וואָס איז געווען שטאַרק אָפּגעצערט און געל ווי וואַקס, האָט פּלוצעם ווי אויפגעלויכטן און אָנגענומען קאָליר. מענדל האָט פאַר אים איבערגעזאָגט די תורה. „מענדל, מענדל, די תורה האָט דער רבי געהערט פון אליהו הנביא אַליין״, האָט דער זיידע געזאָגט. „משה הערש״, האָט מענדל געזאָגט, „דו ביסט זייער גרויס און ווי גרויס איז שוין דער רבי?״ משה הערש האָט שוואַך באַוויגן מיט דער האַנט און געשעפּטשעט: „מענדל. עפר אני, אַ כלי ריק. אַ יאַנדעס צו ווען פאַרשטיין דעם רבין?״. מענדל איז געוואָרן אויפגעציטערט. איצט האָט ער זיך דערמאָנט אין דעם און פון גרויס התרגשות געלאָזט אַ טרער.

מאָנטיק איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פון וואַרשע: „דער רבי וועט אָנ־ קומען דינסטיק צוויי נאָך מיטאָג״. געחתמעט — יצחק לייב.

דער חולה האָט זיך גענומען גרייטן מקבל פּנים זיין דעם רבין. מיט אייגענע

כוחות איז ער אַראָפּ פונעם קראַנקן־בעט. זיך געריייניקט און געוואַשן, געביטן די אונטער־וועש, אָנגעטאָן אַ ריין העמד און דעם שלאַפראָק און געזעסן אינעם בעט, געוואַרט אויפן געהויבענעם גאַסט. פונקט האַלב דריי איז דער רבי אַריינ־געקומען. די פיל חסידים וואָס זענען געגאַנגען באַגעגענען דעם רבין זענען געבליבן שטיין אין גאַס. דער רבי און דער זיידע האָבן זיך פאַרמאַכט אינעם צימער. בלויז פּאַר זיין געזעגענען זיך, האָט ער אַ ביסל געעפנט די טיר. חסידים האָבן געהערט דעם רבין זיך געזעגענען, „משה הערש", האָט ער געזאָגט, „קווי ד' יחליפו כוח", מיט די ווערטער איז דער רבי אַרויס פונעם חולה און צוריק־געפאָרן צו דער באַנסטאַציע.

די משפּחה און מקורבים האָבן זיך געפרייט. דער רבי האָט אים געזעגנט מיט די ווערטער „קווי ד' יחליפו כוח", איז דאָך דער טייטש: די וואָס האָפן צו ג—ט, דערפרישן זייער כוח...

אַוועקגעגאַנגען אַ קורצע צייט, האָט דער זיידע געזאָגט: „רופט אַריין אהרן מלמד". אהרן און דער זיידע פלעגן צוזאַמען פאָרן קיין אָסטראָווע. ביידע זענען זיי געווען פון די שאַרפע יונגע לייט.

„אהרן, כ'גרייט זיך אין וועג אַריין. נעכטן האָב איך געזען דעם אָסטראָווער אין חלום. ער איז אַריינגעקומען, זיין ליכטיק פּנים האָט געשיינט ווי די זון אין מיטן טאָג. ער האָט אויסגעשפּרייט זיינע הענט צו מיר, ווי ער פלעגט עס טאָן אַזוי פיל מאָל און ער איז געבליבן שטיין... פאַרשטייסט? איצט זאָג מיט מיר ווידוי".

אהרן מלמד האָט זיך באַהערשט און מיט אַ שמייכל גענומען דעם „מעבר יבוק", וואָס איז געלעגן אויף אַ בענקל ביים בעט. „ווידוי זאָגן איז אַ סגולה אויף אַריכות ימים", האָט ער געזאָגט.

„אהרן, האָב נישט קיין תרעומות, וואָס איך שאַף זיך מיט דיר. הייס מיין יחיאלן אַריינקומען". אהרן איז אַריינגעקומען אין עסצימער: „יחיאל, דער טאַטע דאַרף דיך". אהרן האָט זיך צעוויינט. די מקורבים זענען געוואָרן דערשראָקן. „אהרן, וואָס איז געשען?" אהרן האָט נישט געענטפערט. באַלד איז יחיאל אַריינ־געקומען אַ בלאַסער. יחיאל איז געווען דעם זיידנס ליבלינג און זיין ממלא מקום. „דער זיידע האָט געהייסן אַריינרופן דער מאַמען און די קינדער". די יינגסטע, מאַשעלע, האָט אַוועקגעחלשט. ווען מען האָט זי אָפּגעמונטערט, איז זי אַריינ־געגאַנגען צום טאַטן און געוויינט. דער זיידע, גלייך ווי ער וואָלט געווען ביי די כוחות ווי תמיד, האָט גענומען אָנזאָגן די קינדער. ער האָט געבעטן מחילה פון דער באָבען. „יחיאל, רוף אַריין מיינע ידידים". ער האָט זיך מיט אַלע געזעגנט. מענדל האָט אַ געשריי געגעבן: „משה הערש, דער רבי האָט געזאָגט, קווי ה' יחליפו כוח". „אוי מענדל, אַזוי לאַנג און פאַרשטייסט נישט דעם רבין. דער רבי, זאָל געזונט זיין, טייטשט דעם פּסוק אַזוי: קווי ה' יחליפו כוח. זיי בייטן זיך מיט די כוחות. איך גיב אים מיין גשמיותדיקן כוח און השם יתברך גיט מיר זיין רוחנ־יותדיקן כוח".

הערשעלע כהן האָט זיך אַריינגעשטופּט אינעם חולהס צימער.

„הערשעלע, ביסט אַ כהן. דו האָסט דאָ גאָרנישט וואָס צו טאָן". די משפּחה־מענטשן האָבן שטיל געוויינט. „משה הערש", האָט מענדל געשריגן, „דעם רבינס תורה. ווער וועט זי מבאר זיין? משה הערש!"

דער זיידע האָט אים שוין נישט געהערט. זיינע ליפּן האָבן זיך באַוועגן. די אויגן האָט ער געהאַלטן צוגעמאַכט. מיט עטלעכע מינוט שפּעטער האָט ער געעפנט די אויגן און געזאָגט: „יחיאל, וואַש מיינע הענט".

יחיאל האָט אַריינגעבראַכט אַ שיסל און אַ קוואָרט וואַסער און אָפּגעגאָסן די הענט פונעם גוסס. דער זיידע האָט מיט אַ שמייכל געקוקט אויף דער באָבען מיט די קינדער און זיינע פריינד. באַלד האָט ער זיך אַוועקגעלייגט מיטן פּנים צום עולם, פאַרמאַכט די אויגן און ווידער האָבן זיינע ליפּן זיך אָנגעהויבן באַ־וועגן. מענדל האָט געהערט ווי ער זאָגט „בידך אפקיד רוחי". דער זיידע האָט גענומען זיין גרויסן טלית־קטן און איינגעדעקט דאָס פּנים. ער האָט געטאָן אַ לייכטן ציטער און ער איז מער נישט געווען...

ווען דער רבי איז אָנגעקומען קיין ביאַלע האָט אויף אים געוואַרט אַ טע־לעגראַמע. ער האָט געריסן קריעה און געזאָגט: „איך האָב נישט מער צוליב וואָס צו לעבן". מיט פינף חדשים שפּעטער איז דער רבי נסתלק געוואָרן. זיי האָבן זיך נישט געשיידט.

לייזער קלאָץ

# צו אַ שווינדזיכטיק מיידל

וועסט שטאַרבן.
דער טויט לאָקערט שוין איצט פון אונטער דיין בריעם
דיין אויג האַלב פאַרנעפּלט, האַלב גליט עס נאָך ווי אַן
אויסגייענדיקע קויל
אָדער ווי אַן עלנט פייערל ביי נאַכט אויף אַ פינצטערן פּאַן ; —
אַ צווייפלדיקע רויטקייט פלאַטערט אַצינד אויף דיינע באַקן —
— און איך ליב דיך אַצינד, ווי איך האָב דיך קיין מאָל
נישט געליבט !

וועסט שטאַרבן !
און זאָל ווי געפּערלעך דיין אָטעם נישט זיין —
קוש מיך !
און זאַל וואָסער סם אין דיינע אָרעמס נישט רוען —
דאָך נעם מיך אַרום !
דו האָסט עס ביים לעבן קיין מאָל נישט געהאַט,
אַצינד האָט עס דער טויט דיר געשאָנקען —
— וואָס קאָן דען זיין פילנדער ווי שווינדזיכטיק האַרץ ?...
איצט פּילסטו מיך !
דעריבער האָב איך דיך קיין מאָל נישט געליבט נאָך, ווי איצט !
— קוש מיך,
ווי ס׳קושט די אונטערגייענדיקע זון דער ערד ביים פאַרגיין,
קוש מיך, דיין פאַרנאַכט איז געקומען !...
קוש מיך !
דו ווייסט דאָך ווי ליב כ׳האָב פאַרנאַכטן —
פאַרנאַכטן, ווען אַלץ איז אויסגעמישט ספקותדיק, ווי די
פאַרבן אויפן הימל —
און קאָנסטו אָנצייכענען דאַן דעם גרענעץ פון רויט און
פון שוואַרץ?...
אַזוי אויך דעם מאָמענט ווען דער טאָג איז געשטאָרבן און
די נאַכט ווערט געבוירן ? —

אומאַרם מיך !
דיין פאַרנאַכט איז געקומען !
איך וויל זיין געאָרעמט פון שטאַרבנדיקן און פון דעם, וואָס
לעבט אויף איצט — צוזאַמען !...

מעזריטש — 1919.

**מאיר סעגאַל**/ניו־יאָרק

# איבער שטיינערנע גאַסן

1

טרויעריק־שיין דערברענט די שקיעהדיקע זון
אויף די אָוונטיקעביימער.
פייגל באַוועגן זיך שווער־נאָענט צו דער ערד
אין טונקעלן צווישן מנחה־מערב.

זעלנער דורך דער שטאָט איילן דורך
מיט וועגענער און צוגעבונדענע אָקסן, —
פון קאָכיקע קעסלען ציט דעמפיקע פּאַרע
פון געקעכצן און פאַרברענטע קאַוועס.
אויף וועגענער ציטערן מעסערס,
פיקעס בלאַנקען שאַרף, טרויעריק אין דער שקיעהדיקער זון.

יידן געבויגענע גייען צו מנחה, גייען צו מערב.
פון וועגענער שפּרינגען זעלנער. —
בייטשן שווישטשען, מעסערס בלוטיקן אין הענט,
מעסערס מיט זון שניידן בערד, צעבלוטיקן בלאַסע געזיכטער.
יידן ביי שטאָטישע הייזער פאַלן טונקל
צווישן מנחה־מערב — הייליק צו גאָט...

2

איבער שטיינערנע גאַסן ליגן אָקסן געבונדענע,
שאַרפע העק פאַלן בלוטיק איבער העלדזער.
אָקסן רעווען און יאָגן אָפּ מיט שטראָמען בלוט.
זעלנער מיט פאַרבלוטיקטע הענט
וואַרפן שטיקער פלייש אין זודיקע קעסלען,
די נאַכט טראָגט זיך ווינטיק, טיף
אין חיהש געשריי מיט ריחות פון בלוט.

רייטער האָבן די פערד צעשפּאַנט,
אָנגעבונדן זיי ביי שטאָטישע פלומפּן און קלעצער,
פאַרוואָרפן אויף פערדישע רוקנס שטיקער בלויע געוואַנטן.
פערד האָבן מיט פאָדקאָוועס געקאָפּעט די שטיינער
און זיי צעצונדן אין פייערן.

3

זעלנער איבער שטאָטישע סעדער גייען אום ווילד:
זייערע אויגן גרין הינטער גלאַנציקע דאַשקעס,
פלינקע הענט פּאַכען מיט שאַרפע שווערדן אין דער לופטן, —
שניידן קאָרעס פון יונג־צעגרינטעביימער,
עפל פאַלן נישט־דערגרייפטע צו דער ערד.

דער טאָג שפאַרט מיט ליכט
דורך געדיכטע ביימער צו דער ערד.
זעלנערישע שטיוול פייכטן מיט גראָזיקער ראָסע.
מיט פלינקע פיס קלעטערן זיי אויף ביימער,
און לערנען זיך שיסן אויף אַ מענטש,
וואָס גייט איבער אַ ווייטער לאָנקע
אָנגעלאָדן מיט אויבסן צו אַ ווייטן שטאָטישן מאַרק.

פאַר נאַכט,
ווען בלעטער פון ביימער ווערן דיקער, גרינער, —
צעלויפן זיי זיך צו הינטערשטאָטישע באַנען,
און טראָגן זיך מיט זעלנערישע געזאַנגען
איבער פרעמדע, ווייטע שטעט אַוועק...

---

דאָס ליד שילדערט דאָס שטעטל בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

די רעד.

**פייוול פיטערמאַן**

# אונדזער טייך

1

אַריינגעשפּאַרט האָט אונדזער טייך זיך
צווישן הייזער אין דער מיטן;
ס'האָט דער טייך דאָס שטעטל מיינס
אַרומגערינגלט און צעשניטן.

נישט געווען איז ווי דער בוג, צי די ווייסל,
ווי דער נאַרעוו, צי דער ניעמען:
צווישן טייכן — בלויז אַ טייכל,
נאָר נישט געווען זיך וואָס צו שעמען.

די פישערס האָבן פון דעם טייך געלעבט,
פאַרלייגט זיי האָבן דאָרטן זייערע סיטצן.
די וואַסערפירערס אים האָבן געשעפּט
סיי אין די פרעסט, סיי אין די היצן.

2

און כאָטש געוואַשן האָט אין אים דאָס שטעטל מיינס די חזיר־האָר,
און פון די גאַרבאַרניעס דאָרט געשווענקט די פעל,
איז אַלץ געבליבן נאָך דאָס וואַסער זיינס באַטעמט און קלאָר
און ווי קרישטאָל נאָך אַלץ — דורכזיכטיק העל.

אָנהייב זומער האָט ער, ווי אַ גאָרטן זיך באַנייט,
זיך צעגרינט האָט און מיט קווייטן ווייסע זיך צעבליט.
פאַרשמעקט דאַן האָט דער טייך די גאָרע ווייט
ווי פריער פון די גערטענער דער צוויט.

דער טייך געלאַשטשעט זיך האָט דאַן צום ברעג,
און מיט אַ וועל געלעקט האָט ער דעם ראַנד,
פונקט ווי אַ לעמעלע, וואָס מיטן צינגל לעקט
אַ פאַסטעכס וואַרעמע און גוטע האַנט.

אין זומער האָט מען זיך אין טייך געבאָדן;
גוטע שווימערס זענען צו דער בריק געשווומען.
אויף לאַנקעס אים דערלעבן, זענען בערגלעך אָנטאָן
געלעגן, ווי די פאַרביק־בונטע בינטלעך בלומען...

און אַז אָנגעהויבן האָט דער הימל זיך פאַרכמאַרען,
געגרינצלט איז דעם טייך די הויט געוואָרן,
גרוי שוין דאָס געמיט זיינס, פול מיט צערן:
פאַרגעסן האָט, וואָס גאָט האָט נאָכן מבול צוגעשוואָרן...

און האָט דערנאָך דער הימל זיך גענומען קלאָרן
און זיך באַוויזן האָט אַ רעגנבויגן,
איז אויך דעם טייך שוין אַנדערש דאָס געמיט געוואָרן —
אַ בייזער חלום — אַ שוואַרצער פויגל איז פאַרבייגעפלויגן...

אין זומער, ווען די נעכט צעפינקלען זיך מיט שטערן,
האָט אויך זיך אונדזער טייך צעפינקלט און צעשטערנט.
און אָסיען, אַז די ווינטן נעמען וועלטן איבערקערן,
האָט אויך דער טייך אַ בייזער זיך צעצערנט

און ווינטער איז דער טייך געלעגן אין זיין בעט,
אין בעטגעוואַנד, דעם ווייסן, איינגעדעקט;
ווינטער איז דער טייך געשלאָפן, ווי אין הינערפלעט,
און דורך חדשים זיך נישט אויפגעוועקט.

נאָר קוים האָט זיך דער טייך געטאָן אַ וועק —
האָט ער זיך ווילד און בייז געטאָן אַ הייב,
האָט טאַקע ס׳שטעטל מיינס דערמאָנט מיט שרעק:
ס׳לייגט זיך טייך אַ לעמעלע און שטייט אויף ווי אַ לייב...

# שמילעוויזנע

שמילעוויזנע מיט שטיבלעך, וואָס זינקען אין געסעלעך שמאָלע.
שמילעוויזנע, ווו אייביק געבליט האָט די נויט
און געלויערט דאָרט האָט פון שווינדזיכט די קללה...

שמילעוויזנע,
ווו שטויב פון די קאַמען — דאָס טעגלעכע ברויט ;
ווו יונג זענען טאַטעס געשטאָרבן
און יונג האָבן מאַמעס פאַרגרויט.

שמילעוויזנע —
דאָרט, איבער דעכער פון חורבות,
געשייַנט האָט לבנה — אַ ווייצענער ברויט :

אַרויף צו דעם ווייצענעם ברויט,
זיך געצויגן עס האָבן
די הענטעלעך קליינע פון קינדער,
ווי צו דער שענסטער מתנה.

אויף שמילעוויזנע
האָבן זשעדנע די קינדער געקייַט די לבנה...

**אַברהם מאיר גאַנץ** / האָמעל *

# דאָס געזאַנג וועגן שטעטל

זאָג נישט קיין מאָל, אַז דו
גייסט דעם לעצטן וועג...
**הירש גליק**

אויף די ערדן צווישן בוג און ווייסל
ליגט אַ שטעטל פון מיין יונגער צייט.
פעלד און וואַלד, און וווּנדער־בלאָטיק טייכל
צוימען ברעגן פון דער לינקער זייט.

נאָר די רעכטע איז מיט מאָך פאַרצויגן,
אָט די רעכטע שלאָפט סיי טאָג, סיי נאַכט.
אַ זונשטראַל דורך דעם הימלבלוי געצויגן
האָט מיר אַ גרוס פון יענער זייט געבראַכט:

— ס'איז דאָס שטעטל היינט שוין מער קיין שטעטל —
אַלטע הייזער בענקען שווער און שטום
נאָך די לעבנס ווילד און וויסט צעטרעטן,
נאָך דער יוגנט, וואָס איז שוין מער נישטאָ.

אַלטע הייזער, געסעלעך און גאַסן
שווייגן אייביק אין דער גרויסער נאַכט.
די לבנה שפּרייזט דאָרט אום אַ בלאַסע
ס'זענען הימלען טרויעריק פאַרטראַכט.

---

* א. מ. גאַנץ איז געבוירן אין מעזריטש. אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן, אין עלטער פון זיבעצן־אַכצן יאָר, אַוועק אין ראַטן־פאַרבאַנד, זיך באַזעצט אין מינסק און דאָרט געענדיקט דעם לערער־סעמינאַר. צו יענער צייט זיך דערנענטערט צום אָרטיקן יידישן שרייבערקרייז און זיך געדרוקט פון מאָל צו מאָל. ווי אַן אויסגעצייכנטער מאַטעמאַטיקער ווערט ער שפּעטער אָנגענומען אויפן פאַקולטעט פאַר מאַטעמאַטיק אין מאָסקווער אוניווערסיטעט. נאָכן פאַרענדיקן דעם אוניווערסיטעט, ווען ער איז מחויב געווען צו אַרבעטן אין איינעם פון די ווייטע מקומות אין ראַטן־פאַרבאַנד — ווײלט ער אויס בירא־בידזשאַן פאַר זיין אַרבעטס־פּלאַץ. נאָך די צוויי יאָר פאַרלאָזט ער בירא־בידזשאַן און באַזעצט זיך אין האָמעל, ווו ער איז לעקטאָר אויפן דאָרטיקן אוניווער־סיטעט.

א. מ. גאַנץ איז געשטאָרבן אין האָמעל מיט עטלעכע יאָר צוריק.

**די רעד.**

און אין לענדער, וואָס אויף ערד צעשאָטן,
בענקען פּליטים אין דער לעצטער שעה
נאָך די הייזער, געסלעך און שאָטנס,
נאָך דעם שטעטל, וואָס איז שוין מער נישטאָ.

און אויף לענגען ערדישע, און ברייטן,
זענען קברים אָן אַ צאָל צעזייט:
פון סיבירער טייגעס די צעשפּרייטע
און ביז מערבס „זינדיקע" די שטעט...

נאָר ביים ים דעם בלויען, צווישן ברעגן,
האָבן קינדער לעצטנס זיך פאַרטייט.
וועגן שטעטל ווילן זיי נישט פרעגן, —
גאַסן ברייטע האָבן זיי באַנייט!

צו דעם שטעטל פירן נישט די גאַסן,
צו די הימלען קערעווען זיי זיך אויס;
צו דער לבנה, וואָס שפּרייזט אַרום אַ בלאַסע,
און צו די שטערן הייבט זיך אויף אַ פויסט

פון דעם פאָלק וואָס קאָן זיי נישט פאַרגעסן,
פון דעם לאַנד, וואָס היט סיי טאָג סיי נאַכט,
אַז עס זאָלן חרובדיקע געסלעך
מער נישט שטוינען — איינזאַם און פאַרטראַכט.

ס'איז די פויסט אַ שטאַרקערע ווי נעכטן,
מאָרגן וועט זי שטאַרקער זיין, מיין פריינד!
קומען וועט די שעה — פייערלעך־גערעכטע —
דער נעכטן וועט זיך טרעפן מיטן היינט.

און ס'וועט מיין שטעטל יוגנטלעך דערוואַכן,
קרומע געסלעך שטייגן וועלן הויך
פון די פעלדער, טייכלעך און פלאַכן
צו די ברעגן ווו עס וואַקסט אַ כוח

פון דעם פאָלק, וואָס אייביק מוז געדענקען
שטעטלעך וויסטע פון דער לינקער זייט ;
פון דעם פאָלק, וואָס קיין מאָל וועט נישט שענקען
גאַנג פון דורות אין דער לעצטער צייט.



צו מיין פּנים ס׳בייגט זיך אָן אַ וועלטאַל
און ווינטן פרישע בלאָזן פון דער ווייטסטער ווייט.
אַ לייכטער פאָדעם ציט זיך ווי אַ זונשטראַל,
פאַרבינדט מיין האַרץ מיט דער רעכטער זייט,

ווו עס פליסט דאָס בלוט פון קינדער בלויע,
פון זקנים גרויע ריזלט עס און רינט.
וועק נישט מער דעם נאַיענדיקן טרויער,
כאַפּ אים אויף און טראָג אים אָפּ געשווינד

אַהין, ווו ס׳קלאַפּן הערצער פון די טרייסטע ברידער,
וואָס ס׳שטעטל האָבן זיי אין זיך פאַרקריצט ;
אַהין, ווו ס׳גייט אויף און עס שטייגט שוין ווידער
דער שטערן העלער, פון דאָס ניי באַשפּריצט

מיט בלוטן צאַפּלענדיקע פון מיין פאָלק אין גבורה,
מיט בליקן פייערנדיקע פון זיין וועג באַנייטן.
עס קומט, עס גייט, עס רוקט זיך אָן דער שטורעם
פון יונגן לאַנד — אויף שטענדיק שוין באַפרייטן !

1967, נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה.

בינם העלער

# דענקמאָל

שמעון בר גיורא אויף דעם געטאָ־מויער,
טויזנט יאָר, און טויזנט — און ער דויערט !

איבער אַלע צייטן, איבער אַלע גרוילן,
בלייבן וועט נאָך אים אַ דענקמאָל — פוילן.

אויף די גראָע פעלדער, אויף די ווייטע וועגן,
עמעצער אויף אים וועט זיך דערפרעגן.

טייכן וועלן לויפן, ווינטן וועלן רוישן —
אים בלויז וועט דאָרט קיינער נישט פאַרטוישן.

נייע דורות וועלן וויסטע שטעט באַזעצן,
אים בלויז וועט דאָרט קיינער נישט פאַרגעסן. — —

אונדזער לייב־און־לעבן, אין דער ערד פאַראַקערט,
אונדזער בלוט, וואָס האָט אין שלאַכט געפלאַקערט.

אונדזער גאַנג פון מזרח, איבער אָוונטלענדער
און דער פאַנאַטיזם — נישט געענדערט !

שמעון בר גיורא אויף דעם געטאָ־מויער,
טויזנט יאָר, און טויזנט — און ער דויערט !

אָן געווער, ווי דעמאָלט, צאָרנדיק־באַליידיקט —
ווערט דורך אים די געטאָ־וואַנט פאַרטיידיקט !

אַלע שיינע לידער, אַלע אים געהערן —
קיינער וועט זיין אָנדענק נישט צעשטערן.

1944

**א. ריינוויין**/טאָראָנטאָ

# אין מיין געבוירן־שטעטל *

פיר שעה באַן־רייזע פון וואַרשע ליגט מיין געבוירן־שטעטל מעזריטש, אַ שטעטל מיט אַן 18־טויזנטיקער באַפעלקערונג פון וועלכע פינף זעקסטל זענען ייִדן. אַ מאָל, פאַר דער וועלט־מלחמה, איז עס געווען אַ גרויסער אינדוסטריע־צענטער מיט אַ וויכטיקער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָרטן איז אַנטשטאַנען דער בערשטער־בונד, וועלכער האָט שפּעטער געדינט ווי דאָס קערנדל פאַר „בונד". דאָס שטעטל איז אויך געווען אַ פעסטונג פון השכלה. פאַרמעגלעכע ייִדן האָבן דערצויגן די קינדער אין פרום־ייִדישן גייסט און דערביי זיי אויך געגעבן וועלט־לעכע בילדונג. איז אַ ייִדישע אינטעליגענץ אויסגעוואַקסן און פיל פון זיי האָבן זיך שפּעטער אין דינסט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג געשטעלט. זענען געקומען די רעוואָלוציאָנערע יאָרן 1904—5, האָבן זיך מאַסן־אַרעסטן אָנגעהויבן, איז ווער אין סיביר געשיקט געוואָרן און ווער עס האָט זיך קיין אויסלאַנד געראַטעוועט.

אויף מיין גורל איז דעמאָלט אויסגעפאַלן ביי אונדז אין שטעטל צו זיין דער גרינדער פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע (ס. ס.), און אַז די אַרעסטן האָבן זיך אָנגעהויבן, האָבן טאַטע־מאַמע געוויינט, צוגעשטימט נישט ווילנדיק און מיט טרערן אין די אויגן צו מיין אויסלענדישער רייזע, און דעמאָלט האָבן זיך מיינע עמיגראַציע־יאָרן אָנגעהויבן. געגלויבט זיך צו זען מיט מיין פאָטער, ווען איך האָב נאָר איין מאָל אין מיין לעבן געזען וויינען — פאַר מיין אָפּפאָר, אָבער דער גורל האָט אַנדערש געוואָלט. געקומען איז די רוסיש־פוילישע מלחמה, פון וועלכער מיין פאָטער איז אַ קרבן געפאַלן, און איצט בין איך גאָר אויף קבר־אבות געפאָרן, און מיינע הענט טאַפּן דעם פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט, מיט וועלכן איך וויל כאָטש דעם קבר פאָטאָגראַפירן.

לויפט דער צוג, און מיין נערוועזיטעט האַלט אין איין וואַקסן. איך געפין זיך נישט קיין אָרט, איך קאָן נישט איינזיצן, שטיי די גאַנצע צייט צוגעשמידט צום פענצטער און קוק אַרויס. נייע נעמען אויף די וואָקזאַלן, צוגעקומענע באַן־סטאַ־ציעס, אָבער די סביבה — די זעלבע, די זעלבע פאַרטרויערטע פוילישע פּאַנאָראַמע מיט וועלכער איך האָב זיך אַ מאָל געזעגנט, און ענדלעך דערזע איך פון דער ווייטנס דעם אויפשריפט „מיענדזירזשעץ".

איך האָב אַ טאָג פריִער טעלעגראַפירט פון וואַרשע, אַז איך קום אין אַ באַ־שטימטער צייט, און דערוואַרט האָב איך צו טרעפן ביים וואָקזאַל עטלעכע פון מיינע גאָר נאָענטע קרובים, אָבער געטראָפן האָב איך אַ סך מער: כמעט אַלע חברים, כמעט אַלע קרובים, און סתם נייגעריקע.

וואָס איז מיין ערשטער איינדרוק געווען?

---

* פון אַ באַזוך אין מעזריטש אין יאָר 1927. די רעד.

אויב עס איז פאַראַן אַזאַ אויגן־קראַנקייט, וועלכע מאַכט דעם מענטש צו זען אַלץ אין אַ פאַרקלענערטער פאָרם, האָב איך פון דעם געליטן די ערשטע דריי טעג צייט פונעם באַזוך אין מיין שטעטל, וואָס האָט מיך מיט אַזוי פיל וואַרעמקייט אויפגענומען.

אַלץ האָט מיר אויסגעוויזן אַזוי קליין, איינגעשרומפן, איינגעקאָרטשעט, פיל קלענער ווי עס איז אין דערווירקלעכקייט. איך האָב געהאַלטן אין איין טענהן, אַז די גאַסן זענען קלענער געוואָרן, און אויך די מענטשן זענען קלענער געוואָרן. דריי טעג שפּעטער, ווען מיין אויג האָט זיך צו ביסלעך צוגעוווינט, האָב איך איינגעזען, אַז מיין אויג האָט מיך עטוואָס גענאַרט, עטוואָס, אָבער נישט אין גאַנצן, ווייל די מענטשן און הייזער, אויב זיי זענען נישט קלענער געוואָרן, זענען זיי אָבער איינגעבויגענער געוואָרן. אין קיין אָרט האָב איך נישט געזען אַזוי פיל איינגעבויגענע און פריצייטיק פאַרעלטערטע, ווי אין מיין שטעטל.

און שווער איז דאָרטן די לעבנסלאַסט, אַזוי שווער, אַז מען טראָגט עס קוים מיט ניסים, ווייל נישט געוווינט איז מעזריטש צו אַ מנחם־מענדל־לעבן, פּרנסות פון ווינט און רויך. פּוילן איז אָפּגעשניטן פון רוסלאַנד, און די לעצטע דערלויבט נישט אַריינצושיקן קיין פּוילן חזיר־האָר אָדער פעל, זענען די צוויי הויפּט־אינ־דוסטריעס אונטערגעגאַנגען, די אַנדערע פאַבריקן האָבן זיך צוליב דעם קריזיס אויך געשלאָסן, און שטאָט מוז לעבן פון צוויי זאַכן: פון ווינטגעשעפטן און פון דעם וואָס מען שיקט פון אַמעריקע.

איך בין געגאַנגען איבער די גאַסן. קיין מאָל פריִער געדענק איך נישט, זאָלן זיך האָבן אַזוי פיל מענטשן אַרומגעדרייט איבער די גאַסן מיט שטעקעלעך אין די הענט, ווי איך האָב עס איצט געזען. אַז עס איז נישטאָ וואָס צו טאָן, גייט מען כאַטש אַ ביסל אין גאַס אַריין, ווו מען הערט די נייעס פון טאָג, מען זעט זיך מיט מענטשן און אַ מאָל געלינגט אויך צו פאַרדינען עטלעכע זלאָטעס.

שפּאַצירן יונג און אַלט איבער די גאַסן און טרוימען. יונגוואַרג — וועגן דעם, ווי אַזוי מען פאָרט קיין אַמעריקע אָדער קאַנאַדע, און עלטערע מענטשן וועגן דעם, ווי אַזוי מען מאַכט חתונה די טעכטער.

באַקלאָגט זיך פאַר מיר מיינער אַן אַלטער חבר: אַזוי איז אים גאַנץ גוט, ער לעבט זיך דורך, אָבער וואָס טוט מען מיט דער טאָכטער? ער דאַרף האָבן פאַר איר אַ טויזנט דאָלאַר. ביי רייכע און אַרבעטער איז עס קיין פראַגע נישט. דער רייכער האָט געווינג געלט צו באַצאָלן פאַר אַ חתן, און ביי אַרבעטער האָט מען חתונה אָן געלט. ביים מיטלקלאַס אָבער מוז מען קויפן אַ חתן, ממש קויפן אַ חתן פאַר דער טאָכטער. און די פּרייזן זענען פאַרשידענע — פון פינף הונדערט דאָלאַר און העכער. קיין מיטלקלאַס־בחור וועט אָן געלט נישט חתונה האָבן, ווייל ערשטנס פאַרמאָגט ער אַליין גאָרנישט, חוץ אַ שטעקעלע, און מיט דער כלהס געלט האָפט ער צו קאָנען מאַכן אַ ווינט־געשעפט, דאַן קומט אויך די פראַגע פון וווינונג, מעבל, און פאַר אַלץ מוז מען האָבן געלט.



ווי אַ מאָל, דאַרף היינט אויך נישט מיין שטעטל קיין דראָטלאָזן טעלעפאָן אָדער ראַדיאָ אויף איבערצוגעבן נייעס. מען דערוויסט זיך זאַכן אָפּט מאָל שנעלער ווי זיי פּאַסירן. און אַזוי שנעל ווי איך בין נאָר געקומען, האָט דאָס שטעטל שוין אָנגעגעבן פאַרשידענע דערקלערונגען וועגן צוועק פון מיין רייזע. און באַזוכן האָב איך אָנגעהויבן צו באַקומען וועגן גרוסן פון אַלע עקן פון אַמעריקע. האָט ווער אַ זון אין סאַן־פראַנציסקאָ, קען איך אים דאָך זיכער, איך בין דאָך אַ מענטש וואָס רייזט אַרום איבער דער גאַנצער וועלט, איז ווי קען איך נישט זיין זון אָדער טאָכטער? און צעשפּרייט זענען געוואָרן די מעזריטשער קינדער איבער אַלע עקן פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, און גרוסדורשטיקע פאָטערס און מוטערס האָבן נישט אויפגעהערט צו קומען צו מיר נאָך גרוסן פון זייערע פאַר־וואָגלטע און איך האָב זיי מיט געדולד אויסגעהערט, פאַר וועמען אַ טרייסטוואָרט געפונען און פאַר וועמען עטוואָס אַנדערש — וויפל טראַגעדיעס האָב איך קענען געלערנט פון די אַלע וועלכע זענען צו מיר נאָך גרוסן געקומען!

און נאָך אַ סאָרט באַזוכער האָב איך געהאַט: דאָס זענען געווען מענטשן, וועלכע קלויבן זיך צו פאָרן קיין קאַנאַדע. ווער עס האָט שוין אַ „פּערמיט" און ווער עס׳ האָפט נאָך אַזעלכעס צו באַקומען, און אַלע האָבן זיי געוואָלט וויסן וועגן דעם לאַנד, ווי אַזוי עס לעבט זיך דאָרטן.

שטאַרק ווייגעטאָן האָט, ווען איך האָב געמוזט אַנטוישן, דערקלערנדיק זיי, אַז די קאַנאַדער רעגירונג קוקט אַנדערש אויף דער אימיגראַציע־פראַגע און אַז די אַלע נאָך אַרבעט־דורשטיקע מענטשן זענען נישט אַזוי חשוב ביי איר, אויב זיי זענען נאָר נישט קיין „נאָרדיקס".

און געקומען זענען די דאָזיקע מענטשן נישט נאָר פון מיין שטעטל, נאָר אויך פון דער אַרומיקער סביבה. מענטשן זענען אַ גאַנצע נאַכט מיט דער באַן געפאָרן, כדי צו קומען זען זיך מיט מיר. איינער פון הרוביעשאָוו, וועלכער האָט זיך דורך די צייטונגען דערוווּסט, אַז אַ קאַנאַדער רעדאַקטאָר איז פאַראַן אין פוילן, האָט מיט טרערן מיך געבעטן אים צו העלפן אָפּזוכן זיין איידעם, וועלכער וווינט אין האַמילטאָן און האָט שוין ביי צוויי יאָר נישט געשריבן אַהיים. אַליין אַ פאָטער מיט קינדער, מוז ער נאָך אויך האַלטן די טאָכטער מיט אַ קינד.

טראַגעדיע נאָך טראַגעדיע — איך האָב זיך מיט זיי געגוג אָנגעזען און אָנ־געהערט אין די דריי וואָכן צייט וואָס איך האָב זיך געפונען אין פוילן בכלל און מעזריטש — בפרט.

ש. פריילאַך (ליטמאַן געלטמאַן)/בוענאָס איירעס

# אין דער אַלטער היים *

## 1. צו גאַסט ביי טאַטע־מאַמע

מעזריטש. דער צוג בלייבט שטיין. אַ קליינע סטאַציע, וואָס איז איינגעהילט אין פינצטערטיש. איך קריך אַראָפּ מיט מיין ביסל באַגאַזש, קוק זיך אַרום אויף אַלע זייטן און פרעג זיך אַליין:

— דאָס איז אונדזער וואָקזאַל ?

מיר דוכט זיך, אַז קיין מאָל איז אויף אונדזער וואָקזאַל נישט געווען אַזוי פינצטער און אַזוי אומעטיק ווי היינט...

אויף דער סטאַציע געפינען זיך זייער ווייניק מענטשן. דאָ און דאָרט דרייען זיך אַרום עטלעכע שאָטנס, וואָס קוקן אַריין יעדן אין די אויגן.

עפּעס אַ פּאַרשוין דערנענטערט זיך צו מיר, קוקט מיר אָן און פרעגט:

— אויף וועמען וואַרט דער פּאַן ?

— נישטאָ אויף דער סטאַציע קיין טרעגער ?

דער פּאַרשוין טוט זיך אַ לאָז מיט אימפּעט איבער דער פּלאַטפאָרמע און הייבט אָן שרייען:

— וולאַדעק !... וולאַדעק !..

אין אַ מינוט שפּעטער לויפן שוין אַרום אַ האַלבע טוץ מענטשן און אַלע שרייען:

— וולאַדעק !... פּשיאַקרעוו !... וולאַדעק...

וולאַדעק ווייזט זיך נישט. איך ווער אומגעדולדיק און הייב אַליין אָן שלעפּן מיינע פּעקלעך. באַלד רוקט זיך אונטער אַן אויסגעדאַרטער פּאָליאַק מיט לאַנגע וואָנסעס, וואָס טוט אַ כאַפּ מיינע טשעמאָדאַנעס און לאָזט זיך מיט זיי צום וואָקזאַל.

אויף יענער זייט וואָקזאַל לויפן מיר שוין אַנטקעגן דראָזשקאַזשעס, וואָס הייבן מיך אָן שלעפּן פון אַלע זייטן.

— פּאַניע מיסטער !...

— אַמעריקאַניעץ !...

— העלאָו באָי !...

אַ יונגער דראָזשקאַזש טוט אַ כאַפּ מיינע פּעקלעך ביים פּאָליאַק און וואַרפט זיי אויף דער קעלניע.

— זעצט זיך אַריין, מיסטער — זאָגט ער און כאַפּט די בייטש.

אין דראָזשקע זיצן שוין צוויי ייִדן, וואָס הייבן אָן פּראָטעסטירן.

— העי, זאַוול, וואָס איז דאָס ?

---

* פון דעם באַזוך אין מעזריטש אין יאָר 1937. — די רעד.

— טוט מיר אַ טובה און גייט אַראָפּ! — בעט זיך ביי זיי דער דראָזשקאַזש.
— וואָסי, מיר פאָרן אומזיסט?
— גייט אַראָפּ, זאָג איך אייך...
— זאָוול!...
— כ׳על אייך אויף נאמנות אַראָפּוואָרפן!...
ווען דער דראָזשקאַזש שפרינגט אַרויף אויף דער קעלניע, לויפט אָן דער טרעגער וולאָדעק, וואָס כאַפּט זיך אַרויף אויפן טרעפּל.
— זאָל מיך דער טייוול נעמען! — זאָגט ער — אַ גאַנץ יאָר היט מען די סטאַציע ווי אַ הונט און אַז ס׳קומט שוין אַ מאָל אָן אַמעריקאַניעץ, בין איך נישטאָ...
איך גיב אים אַ פּאָר גראָשן און ער גייט אַוועק אַ צופרידענער, אָבער דער דראָזשקאַזש איז בייז.
— אַ גוטע קרענק וואָלט איך אים געגעבן! אַ שונא ישראל, קאָן נישט אָנקוקן קיין ייד...
דאָס פערדל לאָזט זיך אַוועק געלאַסן אין דער פינצטערניש און דער דראָזש־קאַזש פּאָכעט מיט דער בייטש:
— וויאָ, אַ פּאָהיבל אויף דיר.
די דראָזשקע שלעפּט זיך אויפן היימישן באַנוועג. אָט איז דער הויפּישער סאָד, אָט איז די בריק, די פּאַשע, די מיל, דאָס קאָליע־געסל...
אין קאָפּ שווימען אויף כלערליי דערינערונגען: דאָ איז געווען די באָראָכאָוו־היים, דאָרט איז געווען די גרעסטע ביבליאָטעק, אין דעם הויז האָט געוווינט חיה, אין יענעם הויז האָט געוווינט לייבל...
די דראָזשקע דרייט זיך אויס צו דער לובלינער גאַס, די הויפּטגאַס פון שטעטל. אָט דאָ, אויף דער דאָזיקער גאַס, אויף דעם דאָזיקן שמאָלן טראָטואַר, איז אַ מאָל געווען דער גאַנצער שטעטלשער שפּאַציר, דאָ זענען דעבאַטירט געוואָרן אַלע וועלט־פּראָבלעמען, דאָ זענען געשלאָסן געוואָרן אַלע ליבעס, דאָס איז געווען די בערזע פון דער שטעטלשער יוגנט...
איך קוק אויף דער דאָזיקער גאַס און זע, אַז זי איז נאָך אַלץ די שטעטלשע בערזע. איצט שפּאַצירן דאָ אַנדערע יונגע לייט, אַנדערע מיידלעך, אָבער די געשפּרעכן, די דיסקוסיעס, די חלומות און פאַנטאַזיעס, זענען מסתמא אַלץ די זעלבע. אַזוי פיל יאָרן זענען שוין פאַרביי און מיר ווערן נאָך אַלץ געפּייניקט פון די זעלבע פּראָבלעמען...
— צו וועמען פאָרפאָרט איר?
איך זאָג אים דעם נאָמען און ער טוט זיך אַ כאַפּ ביים קאָפּ.
— האַ, דאָס ביסטו?
ער טוט מיט התמדה אַ שמיר דאָס פערדל.
— וויאָ!
די דראָזשקע קאַטשעט זיך אויפן ברוק און וואָרפט זיך אויף אַלע זייטן. פוןביידע טראָטואַרן שטעלן זיך די דורכגייער אָפּ און גלאָצן אויס די אויגן.

— ווער קאָן דאָס זיין ?...

אין דער פינצטערניש איז שווער צו דערקענען פנימער, אָבער עטלעכע דערקען איך דאָך.

— אָט איז סאַנע מאָריס, דער אַלטער סאַנע מאָריס !

— אָט איז די שטאָט־משוגענע חנהלע !

די דראָזשקע פאָרט דורך דעם מאַרק, וואָס איז פול מיט רעדלעך מענטשן, פאַרקערעוועט זיך אין תלמוד־תורה־געסל און בלייבט שטיין פאַר אונדזער שטוב.

אין דרויסן, אויף אַ הילצערנער באַנק, זיצט מיין מאַמע. זי שפּרינגט־אויף :

— זון מיינער !

אין דער פינצטער פיל איך אירע הייסע טרערן אויף מיין באַק.

— שוין אַ וואָך צייט, אַז איך קוק זיך די אויגן אויס אויף דיר. פאַר וואָס האָסטו נישט טעלעגראַפירט ?

אין שטוב איז פינצטער. מיין מאַמע רייבט אָן מיט ציטעריקע הענט אַ שוועבעלע, צינדט אָן אַ נאַפטלעמפּל און טראָגט עס צו צו מיין פנים.

— וויי צו מיר ! ביסט, חלילה, קראַנק ?

— וואָס פאַלט דיך איין ?

— זעסט אויס שלעכט, זייער שלעכט...

מיין מאַמע לאָזט זיך אַרויס זוכן דעם טאַטן, אָבער אַלע שכנים זענען שוין אין דרויסן פאַר דער שטוב און פאַרשטעלן איר דעם וועג.

— ניין, לאָזט די מצווה פאַר אונדז.

דער דראָזשקאַזש, וואָס שטייט אין דרויסן, שטעקט אַריין דעם קאָפּ דורכן אָפענעם פענצטער :

— נו, מיסטער, גיט מיר די פאַר דאָלאַר און לאָמיר גיין אַהיים עסן וועטשערע.

איך דערלאַנג אים אַ זלאָטע, אָבער ער וואַרפט זי מיר צוריק.

— אַ זלאָטע קריג איך דאָך ביי אַ פּראָסטן פּאַסאַזשיר !

— וויפל זשע ווילט איר ?

— צוויי דאָלאַר.

— איך קום נישט פון דאָלאַרן־לאַנד און איך האָב נישט קיין דאָלאַרס.

— גיט זשע מיר צען זלאָטעס.

די שכנים מישן זיך שוין אַריין.

— זעט נאָר, זעט, גיט אים גאָר צענער־זלאָטעס, און אַ זלאָטע איז דיר ווייניק ?

— כ׳על ווייניקער נישט נעמען. איך וואַרט אויף אַן אַמעריקאַנער אַ גאַנץ יאָר.

— טריפענער האַלדז ! — שרייט אַ ייִדענע — זע נאָר דעם יחסן !

— וואָס מישט איר זיך אַריין ? — ווערט שוין דער דראָזשקאַזש אין כעס און הייבט אָן געבן די ווייבער אין טאַטן אַריין.

געזען, אַז עס האַלט שוין ביי אַ קריגעריי, בין איך שנעל דורכגעקומען מיטן פאַרשוין אויף פיר זלאָטעס און אים משלח געווען. ער איז אַוועק מיט אַ זיפץ :

— איי גאָט! גיי וואַרט אויף אַמעריקאַנער...

מיין טאַטע איז געקומען צו לויפן אַ פאַרסאַפּעטער אָן אָטעם און מיך אַרומגעכאַפּט. ער האָט פאַר גרויס פרייד און אויפרעגונג נישט געקאָנט אַרויס־רעדן אַ וואָרט און עס האָט געדויערט לאַנג ביז ער איז געקומען צו זיך.

— עס איז היינט דעם רבינס יאָרצייט — זאָגט ער — בין איך געגאַנגען אין שטיבל אַריין — אָבער אַזוי, דאַוון איך אין דער היים, עס איז מיר שוין שווער צו גיין...

ער קוקט אויף מיר און פון זיינע אויגן רינען טרערן. טרערן פון פרייד.

— מען טאָר נישט פאַרלירן דעם בטחון, האָב איך זיך דען געגלויבט, אַז איך וועל דיך נאָך אַ מאָל זען?

איך קוק אויף מיין טאַטן, אויף מיין מאַמען און זע, אַז זיי זענען פאַר דער צייט שטאַרק געעלטערט געוואָרן. איך האָב דעם טאַטן איבערגעלאָזט מיט אַן עטוואָס גרויער באָרד און איצט איז שוין זיין באָרד ווייס ווי שניי און ער שלעפּט קוים מיט די פיס.

— מיר זענען אַלט געוואָרן, האַ? — פרעגט מיך דער טאַטע, ווי ער וואָלט טרעפן מיינע געדאַנקען.

— יאָ, איך מיין...

— גלויב מיר, זון מיינער, אַז דאָס איז מער פון צרות, ווי פון יאָרן. אַ קליי־ניקייט? מען האָדעוועט אויס פיר זין און דריי טעכטער, און אויף דער עלטער, ווען מען דאַרף עמעצן לעבן זיך, בלייבט מען עלנט ווי אַ שטיין, אָן אַ קינד און אָן אַ רינד...

איך קוק זיך אום, באַטראַכט דאָס ביסל אָרעמקייט.

— די סאָפּקע שטייט נאָך — זאָג איך.

— יאָ.

— דער אַלמער, ווו איז דער אַלמער?

מיין טאַטע טוט אַ מאַך מיט דער האַנט:

— האָסט נישט געהערט פון גראַבסקין? איך בין געווען שולדיק פאַר שטייערן...

— וואָס, דו צאָלסט אויך שטייערן?

— אַ שיינע פראַגע.

איך האָב געשוויגן, געטראַכט, אַז עס איז אפשר דאָס איינציקע לאַנד אין דער וועלט, וואָס צווייי אַלטע מענטשן, וואָס טוען גאָרנישט און זענען אָנגעוויזן אויף די קינדער אין אויסלאַנד, זאָלן נאָך דאַרפן צאָלן שטייערן.

דאָס נאָפּטלעמפּל וואַרפט אַ טונקעלע שיין אויף דער שטוב און פון אַלע ווינקעלעך קוקן אַרויס פינצטערע שאָטנס, וואָס וואַרפן אָן אויף מיר אַ קעלט און אַן אומעט.

— ווען דו ביסט אַוועקגעפאָרן, האָט דאָ געברענט עלעקטרע. אָבער היינט,

פאַר וועמען און פאַר וואָס? עס איז אונדז אַזוי אויך ליכטיק... אַחוץ דעם, קאָסט טאַקע די עלעקטרע פיר זלאָטעס אַ חודש, איז ווער קען זיך עס פאַרגינען?

אין שטוב נעמען אָן זיך קלייבן מענטשן, וואָס שטעקן מיר פון אַלע זייטן שלום־עליכם און עס הייבן אָן וויזן זיך הינטערן פענצטער קעפּ פון נייגעריקע ווייבער און קינדער, וואָס שטעלן זיך אויף די שפּיץ־פינגער און באַקוקן מיך פון אַלע זייטן: — פון אַרגענטינע! פון פּאַלעסטינע!...

מיין מאַמע נעמט אויף אַלעמען מיט אַ שמייכל און בעט זיך:

— לאָזט אים אָפּכאַפּן דעם אָטעם, ער שלאָפט שוין נישט די דריטע נאַכט.

און איך בין איר באמת דאַנקבאַר געווען, אין קאָפּ האָט זיך מיר געמישט און איך האָב נישט געוווּסט אויף וואָסער וועלט איך בין. שוין דריי נעכט, אַז איך האָב קיין אויג נישט צוגעטאָן.

## 2. אַ שטעטל וואָס לעבט פון חזיר־האָר

מיין היימשטאָט מעזריטש פאַרנעמט אַן אָנגעזען אָרט אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָרט זענען פאָרגעקומען די ערשטע שטרייקן, די ערשטע רעוואָלוציאָנערע קאַמפן, און דאָרט איז פריִער ווי אומעטום אויס־געקעמפט געוואָרן דער אַכט־שעהיקער אַרבעטס־טאָג.

מעזריטש איז באַרימט אין דער וועלט מיט איר חזיר־האָר־בראַנזשע, אַ בראַנזשע, וואָס ליגט נאָך עד היום אין ייִדישע הענט. נאָך מיט הונדערט פופציק יאָר צוריק זענען מעזריטשער ייִדן געפאָרן אין טיף רוסלאַנד, אויסער דער טשערטאַ, ווו זיי האָבן איינגעקויפט די רויע האָר פון חזירים, זיי געבראַכט אין שטעטל, ווו מען האָט די האָר געשאָבן, געוואַשן, געשוועבלט, געריייניקט און געקאַמט — און דערנאָך זיי אָפּגעפירט אין פעסער קיין לייפּציג אויף דער מעסע.

איך געדענק נאָך, ווי ייִדן, וואָס האָבן געטראָגן חסידישע היטעלעך און לאַנגע קאַפּאָטעס, פלעגן זיך אין אַ שיינעם טאָג וויזן אין גאַס אין קורצע רעק מיט ווייס־געקראָכמאַליעטע העמדער און האַרטע קאַפּעלושלעך.

— וואָסי?

— זיי פאָרן קיין לייפּציג.

די ייִדן האָבן אויסגעזען ווי די פּורים־שפּילערס און די גאַנצע שטאָט איז זיי געלאָפן אָנקוקן אויף חידושים.

— דייטש גנב!

— קוקטס נאָר אָן אַ הולך!...

די ייִדן פלעגן צוריקקומען פון דייטשלאַנד פול מיט חידושים און זיי זענען גאָרנישט מיד געוואָרן צו דערציילן די וווּנדער פון פּרייסן, פון לייפּציג, פון די דאָרטיקע ייִדן, און מען האָט באַמערקט, אַז נאָך יעדער רייזע ווערן די בערדלעך ביי די דאָזיקע ייִדן קלענער און די קאַפּאָטעס קירצער, און ביסלעכווייז פאַרשווינדן ביי זיי די פּיאות מיט די חסידישע היטעלעך און עס באַווייזט זיך אויף די קעפּ

עפעס אַזאַ מין קאַשקעט, וואָס איז הויך און אַכטקאַנטיק און זעט אויס ווי אַ קוגלטאָפּ.

די מעזריטשער האָבן דעם דאָזיקן קאַשקעט אויפגענומען מיט אַ סך הומאָר און אים באַלד געגעבן אַ נאָמען.

— דאָס איז דאָך נישט קיין היטל — האָבן זיי געזאָגט — נאָר אַ נאַכט־כלי...

— עס איז אַ דייזשע...

— אַ טשאָלנט־טאָפּ...

די דאָזיקע ייִדן האָבן אין דער מתנגדישער שטאָט אַריינגעבראַכט אַ ביסל דייטשישע קולטור און מעזריטש האָט טאַקע געקריגן אין דער געגנט אַ נאָמען פון אַן אַפּיקורסישער שטאָט.

מעזריטש איז אָבער באַשערט געווען צו שפּילן גאָר אַן אַנדער ראָלע. די הונדערטער און הונדערטער בערשטער־אַרבעטער, וועלכע פלעגן שטיין ביי די קאַמען פון באַגינען ביז שפּעט ביי נאַכט און אָנזאַפּן די לונגען מיט שטויב און שוועבל, האָבן די ערשטע געעפנט די אויגן און דערזען, אַז זיי ווערן פון טאָג צו טאָג אַלץ דאַרער און איינגעשרומפּענער און די בעלי־בתים ווערן פון טאָג צו טאָג אַלץ פעטער און געזינטער.

די אַרבעטער האָבן זיך אָנגעהויבן בונטעווען און פאַרלאַנגט אַ קירצערן אַרבעטס טאָג.

— עס איז גענוג — האָבן זיי געזאָגט — אַז מען וועט אַרבעטן פון זונאויפגאַנג ביז זונאונטערגאַנג.

דער ערשטער שטרייק פון די בערשטער איז געווען אַ סענסאַציע נישט נאָר אין מעזריטש, נאָר אין דער גאַנצער געגנט. ייִדן לומדים האָבן געהויבן מיט די פּלייצעס און נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר.

— וואָס הייסט, אַרבעטער זאָלן זאָגן דעות בעלי־בתים ווי לאַנג צו אַרבעטן?!

די סוחרים האָבן טאַקע זיך שטאַרק געהיצט און געהאַלטן, אַז עס איז אַן אומדערהערטע חוצפּה, אָבער נאָכגעבן האָבן זיי געמוזט. עס האָט זיך אָנגערוקט די לייפּציקער מעסע און מען האָט געדאַרפט האָבן פאַרטיקע האָר, און אַזוי האָבן די מעזריטשער בערשטער אַלע מאָל אָפּגעריסן ביי די בעלי־בתים אַ האַלבע שעה, אַ שעה, ביז זיי האָבן אין אַ שיינעם פרימאָרגן, פאַרשטייט זיך אַלץ פאַר דער לייפּציקער מעסע, געמאָלדן, אַז זיי ווילן מער נישט אַרבעטן ווי אַכט שעה. די מאָטיוון פון אַ סך שטרייקער זענען געווען זייער קוריאָזע, זיי האָבן געטענהט, אַז זיי האָבן נישט ווען צו דאַווענען קיין מנחה.

— ווען מיר גייען אַרויס פון דער אַרבעט און קומען אין בית־מדרש, האַלט מען שוין ביי מעריב...

דער דאָזיקער שטרייק האָט שוין שטאַרק אויפגערייצט די בעלי־בתים, אָבער זיי האָבן אויך דאָס מאָל געמוזט נאָכגעבן.

— לייפּציג וואַרט אויף סחורה...

בערשטעריי איז אַ קאָמפּליצירטע מלאכה און איז, ווייזט אויס, אַ פּאַך, וואָס

נאָר מעזריטשער האָבן פעיִקייטן עס איבערצונעמען. אין די צייטן, ווען בערש־טריי איז געגאַנגען, זענען הונדערטער יונגעלייט פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך געקומען קיין מעזריטש זיך לערנען די מלאכה און אַלע זענען זיי דורכגעפאַלן. נאָך אַ וואָך צי צוויי האָבן זיי פאַרלאָזט די קאָם מיט געשוואָלענע הענט און זיך אויף אייביק אָפּגעזאָגט צו ווערן אַ בערשטער. אָט די דאָזיקע אייגנשאַפט האָט טאַקע די מעזריטשער בערשטער אַ סך אַרויסגעהאָלפן אין זייערע קאַמפן. זיי זענען געווען זיכער, אַז די בעלי־בתים וועלן קיין שטרייקברעכער נישט ברענגען.

— דאָס איז נישט קיין שוסטעריי און נישט קיין שניידעריי — האָבן זיי געזאָגט.

און מען דערציילט, אַז ווען די בערשטער זענען דאָס ערשטע מאָל אַרויס פינף אַזייגער פון פאַבריק, איז די גאַנצע שטאָט געלאָפן ווי אויף חידושים.

— עס איז נאָך האַלבער טאָג, און די בערשטער גייען שוין פון דער אַרבעט.

איך געדענק, אַז מיין רבי, וואָס האָט געהאַט אַ זון אַ בערשטער, האָט איבער־געלאָזט דאָס חדר און איז אַרויס אין גאַס אַריין, און ווען ער האָט דערזען זיין זון גיין פון דער אַרבעט, האָט ער דריי מאָל אויסגעשפּיגן.

— טפו! ער גייט שוין פון דער אַרבעט!

מיין רבי האָט געהאַט צום זון גאָר אַן אַנדער טענה:

— זאָג מיר — האָט ער צו אים געטענהט — וואָס וועסטו טאָן ביז מנחה? וועסט דאָך פשוט משוגע ווערן פון ליידיקגיין.

אָבער די בערשטער האָבן שוין יאָ געהאַט וואָס צו טאָן ביז מנחה, און אפילו ביז נאָך מעריב. אין שטאָט האָבן זיך שוין אַרומגעדרייט יונגע לייט מיט מאָדנע קאַפּעלושלעך און מען האָט זיך געהאַלטן אין איין סודען.

— קאָנספּיראַציע... עקספּלואַטאַציע... אָרגאַניזאַציע...

דאָס זענען געווען די ערשטע יאָרן פון „בונד”, און די מעזריטשער בערשטער איז באַשערט געווען צו שפּילן אין דער דאָזיקער באַוועגונג גאָר אַ וויכטיקע ראָלע. דאָרט אין די וואַרשטאַטן, לעבן די אייזערנע קאַמען, אין שטויב און אין גערוך פון שוועבל, איז דער זאָמען פון די ערשטע אַגיטאַטאָרן געפאַלן אויף אַ גוטן באָדן, זיך גאָר לייכט אָנגענומען און געגעבן פּרוכט. מעזריטש ווערט נאָך היינט פאַררעכנט פאַרן וויגעלע פון „בונד”. דאָרט, אין די שטויביקע וואַרשטאַטן, איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר איינע פון די ערשטע בונדישע פעס־טונגען.

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, און עס האָבן אַ פּלאַץ געטאָן די אייזערנע רייפן פון דער דייטשער אָקופּאַציע, און דער פועלי־ציוניזם האָט אַ פליי געטאָן ווי אַ שטראָם איבער אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך, האָבן זיך איינגעבראָכן אַ סך פעסטונגען, און צווישן זיי אויך די בונדישע, און צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע האָבן זיך אין די רייען פון די מעזריטשער בערשטער באַוויזן יונגע לייט, וואָס האָבן גערעדט פון ציון, פון פּאַלעסטינע, פון עמיגראַציע, סטיכישע פּראָצעסן אד״גל.

די בונדיסטן זענען געווען שטאַרק איבערגעראַשט. זיי האָבן געקוקט אויף די דאָזיקע יונגע לייט ווי אויף עקזאָטישע טיפּן און געהויבן מיט די פּלייצעס:

— עס איז זיי פּשוט נישט צו פאַרשטיין...

איך געדענק, אַז ווען אין שטעטל האָבן זיך גענומען יאַווען די ערשטע פּועלי־ציוניסטישע רעדנערס, זענען די בונדישע פירערס געקומען און גענומען אַ וואָרט צו דער דיסקוסיע. יעדעס מאָל האָבן זיי געוויזן אויף דער דלאָניע און געזאָגט:

— איר זעט, ווען אָט דאָ וועט וואַקסן האָר, וועלן מעזריטשער בערשטער ווערן פּועלי־ציוניסטן.

אייניקע בונדיסטן האָט גלאַט פאַרדראָסן די געשיכטע.

— מילא — האָבן זיי געזאָגט — אַז איר רעדט פון ציוניזם, פון פּאַלעסטינע, האָבן מיר צו אייך גאָרנישט. אָבער אַז איר הייבט אָן רעדן וועגן סאָציאַליזם, ווערן מיר אויפגעבראַכט, וואָסער מחותן זענט איר מיטן סאָציאַליזם? סאָציאַליזם — דאָס איז אונדזער זאַך...

דער פּועלי־ציוניזם האָט טאַקע לכתחילה קיין גרויסע זאַכן נישט אויפגעטאָן און ער האָט פאַרכאַפּט בלויז די באַלעבאַטישע אינטעליגענץ. דערפאַר זענען אונטערגעקומען אַנדערע צוויי כוחות פון רעכטס און פון לינקס, וואָס האָבן אַ טרייסל געטון די פעסטונג פון אינעווייניק און זי שיר נישט אין גאַנצן צעלייגט.

די נייע כוחות זענען געווען די פאָלקיסטן און מאַרקסיסטן. די ערשטע האָבן פאַרכאַפּט די קליינע מייסטערלעך, די האַנטווערקערס, וואָס האָבן זיך שוין געפילט אומבאַקוועם אין „בונד" און די צווייטע איז געווען די מער טעמפּעראַמענטפולע יוגנט, וואָס האָט נישט געקאָנט איינזיצן אַזוי סטאַטעטשנע אין בונדישן פאָטעל.

איצט, אַז איך בין געקומען אין מיין שטעטל, האָב איך שוין די אַלטע בונדישע פעסטונג געטראָפן שטאַרק איינגעבראָכן, אין דעם בערשטער־פאַראיין זענען שוין היינט פאַראַן נישט בלויז מאַרקסיסטן, פאָלקיסטן און פּועלי־ציוניסטן, נאָר אַפילו פּשוטע ציוניסטן, און די בונדיסטן ווערן שוין נישט אַזוי שטאַרק אויפגערעגט, ווען זיי הערן אַנדערע רעדן און מען קאָן שוין היינט אַפילו מיט זיי אַ סך רויִקער דיסקוטירן וועגן ציוניזם, וועגן פּאַלעסטינע.



מעזריטש איז נאָך אַלץ דער צענטער פון בערשטעריי, וויפל די פּאָליאַקן זאָלן זיך נישט אָנשטרענגען אַרויסצונעמען פון יידישע הענט אָט דעם מסחר, געלינגט דאָס זיי נישט, און נאָך יעדן דורכפאַל קריצן זיי מיט די ציין.

— פּשיאַקרעוו! וואָס פאַר אַ סוד ליגט אין אָט דעם דאָזיקן האַנדל?...

דאָס בערשטעריי האָט פאַר די לעצטע יאָרן דורכגעמאַכט אַ סך קריזיסן, זי האָט פאַרלוירן דעם מאַרק פון די רוישטאָפן, פאַרלוירן דעם אָפּזאַצמאַרק אין דייטשלאַנד און דער יידישער סוחר האָט זיך לאַנג געראַנגלט און געפונען נייע מערק פון רוישטאָף, נייע מערק אָפּצוגעבן די פאַרטיקע סחורות. בערשטעריי

איז נאָך אַלץ אין דער געגנט דאָס בעסטע פאַך און די שטעטלעך אַרום זענען מקנא מעזריטש.

דער בערשטער פאַרדינט טאַקע בעסער ווי אַלע אַנדערע אַרבעטער, אָבער דערפאַר איז ער שוין צו פערציק יאָר אַ פאָלנער הוסטער און צו פופציק יאָר איז ער שוין אַן אַלטער מאַן מיט אַ געקנייטשט פנים. די בערשטערישע גליקן — זאָגט מען — זענען אויפן בית־עולם.

און מען רעכנט דיר אויס אַ צעטל פון אַרבעטער, וואָס האָבן זיך אָפּגעטראָגן פרי, אין סאַמען בלי פון די יאָרן, און איבערגעלאָזט אַלמנות און יתומים.

ווען איך בין געקומען קיין מעזריטש, זענען די בערשטער געווען אין שטרייק און די גאַנצע שטאָט איז געווען פאַרקלאָגט און פאַרצאָרנט. יעדער איינער האָט געזיפצט.

— שלעכט, די בערשטערס אַרבעטן נישט.

אין מעזריטש, אַז עס אַרבעטן נישט די בערשטערס, בלייבט שטיין דאָס גאַנצע לעבן אין שטעטל: עס לייזט נישט דער קרעמער, עס פאַרדינט נישט דער שניי־דער, דער שוסטער, דער בלעכער און די גאַנצע שטאָט שטייט ווי מיט פאַרלייגטע הענט.

אַז איך בין אַריינגעקומען אין אַ פריזורע, איז מיר דער פריזירער געלאָפן אַנטקעגן מיט אַ שמחה.

— נאָך גוט וואָס ס׳קומט אַ מאָל אַ מענטש פון אַמעריקע — האָט ער געזאָגט.

און דער פריזירער האָט זיך פאַר מיר געשווירן, אַז עס איז שוין זעקס וואָכן ווי ער האָט נישט געזייפט קיין מאָרדע.

— וואָסי ?

— די בערשטערס שטרייקן, ראַזירן זיי זיך אַליין.

וואָס דאַרפט איר מער, אַפילו דער פאָסטטרעגער האָט זיך אויך געקלאָגט. אַז ער גייט אַרום מיט ליידיקע קעשענעס.

— אַז די בערשטער אַרבעטן — האָט ער געזאָגט — כאַפּט ער אויך אַ פּאָר גראָשן. אַזוי איז ער אויף צרות.

### 3. וואָס מאַכן עפּעס מיינע קינדער ?

איך בין שוין דעם דריטן טאָג אין דער היים און איך חלש ממש אַרויס־צוכאַפּן זיך אַ ביסל פון שטוב, אַ קוק טאָן אויפן שטעטל, זען די אַלט־באַקאַנטע גאַסן און געסלעך, דעם מאַרק, דעם שאָסיי, די וועגן און שטעגן הינטערן שטאָט, אָבער איך קאָן פאַר קיין פאַל נישט אַרויסרייסן זיך פון שטוב, ווייל זינט איך בין געקומען, בין איך אַ געפאַנגענער ביי די צענדליקער און צענד־ליקער געסט און באַזוכער, וואָס האַלטן אין איין קומען פון סאַמע אין דער פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט.

די באַזוכער רעדן אַלע אויף אַ מאָל און איך פיל זיך ווי אויף אַ יאַריד,
יעדער איינער באַטראַכט מיך קודם פון אַלע זייטן און גיט אַרויס זיין פסק־דין:
— דער זעלבער ליטמאַן...
— אַן אַנדער ליטמאַן...
— ער זעט אויס גוט...
— ער זעט אויס שלעכט...
— ער איז געוואָרן העכער...
— געוואָרן נידעריקער...
טאַטע־מאַמע זיצן אין אַ זייט, זיפצן און שאָקלען טרויעריק מיט די קעפּ
— וואָסי?
— פריִער איז אונדז שוין געווען בעסער, מיר האָבן געהאָפט און געוואַרט אויף דיין קומען, געציילט די וואָכן, די טעג, די מינוטן...
— מיט וואָס זשע איז אייך איצט ערגער?
— איצט גייט אונדז שוין די שמחה נישט איין, ווייל מיר ווייסן, אַז אָט־אָט פאָרסטו צוריק אַוועק...
די מערסטע באַזוכער קומען נאָך גרוסן. אַחוץ גרוסן פון אַרגענטינע, אורוגווייַ, בראַזיל, האָב איך אויך בערג מיט גרוסן פון פּאַלעסטינע, און יעדע מאַמע, יעדער טאַטע נעמט מיך ווי אַ סליעדאָוואַטעל אויף אַ פאַרהער.
— ווי זשע אַזוי זעט אויס מיין טאָכטער?
— גוט — זאָג איך — זייער גוט.
— וואָס הייסט גוט? — שטייט דער ייִד צו מיר צו.
— גוט איז נישט שלעכט.
דער ייִד איז נישט צופרידן מיטן ענטפער, ער וואָלט וועלן, אַז איך זאָל נעמען פאַרב און פּענדזל און אים אויסמאָלן גענוי זיין טאָכטער, כדי ער זאָל זען צי זי זעט אויס בעסער ווי אין דער היים, צי ערגער.
מיט די טאַטעס איז נאָך צו דערליידן, פון זיי דריי איך זיך נאָך ווי עס איז אַרויס. ערגער איז מיט די מאַמעס. ביי זיי דויערט אַ פאַרהער מינדעסטנס אַ שעה. זיי פרעגן זיך אויס אויף יעדעס פּיצעלע, זיי ווילן, אַז איך זאָל זיי דערציילן גענוי, ווי אַזוי עס זעט אויס דער זון, די שנור, די אייניקלעך, ווי אַזוי זיי וווינען, וואָס זיי עסן, ווו זיי פאַרברענגען און אַפילו וואָס פאַר אַ קליידער זיי גייען אָנגעטאָן.
מיט גרוסן דאַרף איך זיין זייער פאָרזיכטיק. די רייכערע זין און טעכטער האָבן מיר אָנגעזאָגט:
— למען השם, מאַך מיר נאָר נישט פאַר קיין צו גרויסן נגיד...
די אָרעמע קינדער, ווידער, האָבן מיך זייער שטאַרק געבעטן:
— למען השם, מאַך מיר נאָר נישט פאַר קיין צו גרויסן קבצן... די טאַטעס מיט די מאַמעס זוכן טאַקע קודם צו דערגיין ביי מיר דעם דאָזיקן סוד און פרעגן: איז טאַקע מיין איידעם אַזוי אָרעם? די טאַטעס פון די רייכערע קינדער

זענען אויך נישט שטאַרק צופרידן: נו, וואָס האָב איך דערפון, אַז מיין זון איז דאָרט רייך?

— פאַר וואָס האָט איר נישט דערפון? ער שיקט אייך דען נישט קיין געלט?

— ווייסעך וואָס! טאָמער שיקט ער דאָרט אַ פאָר זלאָטעס אויף יום־טוב... אָט איז יאַנקלס זון נישט רייך, נו, שיקט ער דען נישט מער?...

און יעדער טאַטע, יעדע מאַמע, לייגט אויס פאַר מיר אַ גאַנץ פעקל צרות און בעט מיך, אַז איך זאָל זען, אַז דער זון צי די טאָכטער זאָל זיי אַרויסהעלפן.

— דוכט זיך געווען אַזאַ טייער קינד און צום סוף — פאַרגעסן אין טאַטע־מאַמע. אַז מען פאָרט אַוועק אין יענע לענדער איז ווי אַ שטיין אין וואַסער אַריין — זאָגט אַ יידענע.

אַ סך יידן, וואָס האָבן אין אַרגענטינע קינדער, וואָס אַרבעטן אַליין שווער און ביטער אויפן שטיקל ברויט, קומען צו מיר מיט טענות:

— פאַר וואָס פאַרגעסן זיי די אָרעמע טאַטע־מאַמע? זיי זאָלן אַ מאָל אַריינוואַרפן אַ פאָר זלאָטעס...

אַז איך נעם די יידן אויספרעגן, ווייזט זיך אַרויס, אַז דווקא די אָרעמע פראָלעטאַריער שיקן אַ סך אָפטער געלט ווי די גבירים, אָבער די עלטערן זענען נישט צופרידן. עס איז ווייניק. נעם איך זיך שוין אָן מיט מוט, רוף אַוועק די דאָזיקע עלטערן אין אַ זייט און דערצייל זיי דעם גאַנצן אמת וועגן לעבן פון זייערע קינדער, שילדער זיי, ווי עס זעט אויס אַ פראָלעטאַריש הויז אין בוענאָס־איירעס און ווי שווער און ווי ביטער מען אַרבעט אויפן סענט. מיינט איר, אַז זיי גלויבן מיר? אַ נעכטיקער טאָג.

— גייט שוין, גייט — זאָגן זיי — איר ווילט זיי פאַרטיידיקן.

— דאָס איז דער ריינער אמת — זאָג איך.

— וואָס וועט איר מיר דאָ דערציילן מעשׂות? אַלץ איז דאָך מיין זון אַזאַ קנאַקער ווי לייבל מרדכיס תכשיט. יענער האָט זיך געקענט אַרויפאַרבעטן, און ער נישט?

אַ ייד אַ מלמד, וואָס האָט אין בוענאָס־איירעס אַ זון אַ בייטלמאַכער, איז געקומען צו מיר גלייך אַ בייזער, אַן אויפגערעגטער.

— איר קענט מיין תכשיט?

— יאָ, איך קען אים.

— זאָגט מיר דעם אמת, וואָס טוט ער דאָרט?

איך דערצייל דעם ייד דעם גאַנצן אמת וועגן זיין זון, וואָס לעבט אַן אָרעם געמאַטערט לעבן, זאָג אים, אַז ער איז זייער אַ פיינער און אָרנטלעכער מענטש, אָבער דער ייד לאָזט מיך נישט רעדן.

— מיט וואָס איז ער דאָ דער פיינער מענטש? דאַווענען דאַוונט ער דאָך נישט, שבת — אַרבעט ער, צי ער עסט כשרס בין איך אויך שטאַרק מסופק. היינט, ווי קען מען שוין זיין אַ פיינער מענטש?

דער ייד צעהיצט זיך און הויבט אָן שיטן מיט פסוקים און זאָגט: — וואָלט

ער כאָטש געהאַלטן פון דער מצוה פון כבוד אב און זיך דערמאָנט אַ מאָל אין טאַטן, געשיקט אים אַ מאָל אַ פּאָר זלאָטעס, וואָלט די מצוה כאָטש מכפּר געווען אויף אַלע עבירות, אָבער, אַז ער האַלט פון כבוד אב אויך נישט, איז ער דאָך אַ פּושע עוכר ישראל...

דער ייִד הויבט אָן קלאַפּן מיטן שטעקן אין טיש און שרייען. אין דער מינוט דוכט זיך אים, אַפּנים, אַז ער רעדט מיטן זון אַליין און ער ליאַרעמט:

— אין דער הייליקער תורה שטייט געשריבן...

— רב חיים — שלאָגט אים איבער מיין טאַטע — וואָס שרייט איר אַזוי? וואָס איז ער אייך דאָ שולדיק?

דער ייִד גייט אַרויס און איך הער ווי ער רעדט אויף דער גאַס צו זיך אַליין: — ביסט אַ מאָל געווען אַ גוט קינד, נאָר...

צו די גרוסן נעמט גאָר קיין סוף און קיין עק נישט. אויף יעדן איינעם האָב איך צען סליעדסוועס: פריִער קומט די מאַמע, דערנאָך קומט דער טאַטע און דערנאָך הייבן אָן קומען שוועסטער, ברידער, פעטערס, מומעס אאַז"וו, און מען פאַרשט און מען סליעדעוועט.

— אַזוי! האָט טאַקע מיין לאָזער אַן אייגענעם סאַמאָכאָד? — די פרוי רופט מיך אַוועק אין אַ זייט און הייבט אָן צו וויינען פאַר מיר — זאָג אים דאָרט, מיין זון, אַז ער זאָל פאַרקויפן דעם סאַמאָכאָד, איך וועל שוין נישט שלאָפן קיין נעכט און וועל אַלץ ציטערן און פלאַטערן... אַ קלייניקייט, וויפל אומ־גליקן עס קומען פאַר מיט אָ די סאַמאָכאָדן!...

אַ באַזונדער קאַפּיטל זענען די מחותנימשאַפטן. אויב אין אַ שטעטל וווינען דעם מאַנס עלטערן און דעם ווייבס עלטערן, זענען זיי מערסטנס צע־קריגט און זיי קומען באַזונדער נאָך די גרוסן; דעם מאַנס עלטערן רופן מיך אָפּ אין צווייטן צימער און ווילן ביי מיר דערגיין, צי דער זון שיקט עפּעס דעם ווייבס עלטערן. — זאָלן אונדזערע שונאים אַזוי דאַרפן לעבן אויף דער וועלט, ווי זיי דאַרפן זייער געלט, נאָר גאָרנישט, וואָס אַרט זיי, אַז אונדזער קינד האָרעוועט אויף זיי...

אין אַ האַלבער שעה אַרום זענען דאָ דעם ווייבס עלטערן און זיי רופן מיך אויך אָפּ אין צווייטן צימער און נעמען מיך אויף אַ פאַרהער. — אונדזער איידעמל שיקט מסתמא איבער אַ מאַיאָנטעק דעם טאַטן זיינעם. איך שווער זיך מיט אַלע שבועות, אַז איך ווייס נישט און אַז איך זע זייער איידעם איין מאָל אין דריי יאָר, אָבער זיי גלויבן מיר נישט. — מסתמא ווייסט איר שוין יאָ... און דער פרויס מוטער טוט אַ פאַרשנורעווע דאָס מיילעכל און זאָגט:

— עס איז דאָך נישט אונדזער דאגה. נאָר גלויבט מיר, אַז עס איז אַרויס־געוואָרפן געלט. הלואי האָבן מיר אַ האַלב, וואָס זיי האָבן אין קניפּלעך, וואָלטן מיר געווען שטאַרק רייך...

אַ ייִד, וואָס וווינט אין אַ שטעטל דרייסיק קילאָמעטער פון מעזריטש, איז

געקומען צו מיר צו פאַרן עקסטרע מיט אַ ביטע, אַז איך זאָל אים אָפּזוכן אַ ברודער אין בוענאָס־איירעס און דערביי מיר פאַרזיכערט, אַז אויב איך וועל אים טאָן די טובה, וועל איך אים ממש דערהאַלטן ביים לעבן.

— וואָסי? — איך האָב — זאָגט ער — אַ טאָכטער חתונה צו מאַכן. זי גייט שוין אַרום זעקס יאָר מיט אַ יינגל און אויב איך מאַך נישט קיין חתונה, וועט פון שידוך גאָרנישט ווערן.

איך האָב דעם ייִד געבעטן אַן אַדרעס, האָט ער געהויבן מיט די פּלייצעס:

— ווען איך האָב אַן אַדרעס... — וואָס טוט אייער ברודער אין בוענאָס איירעס?

— איך ווייס נישט. און דער ייִד האָט מיר פּאַרטרויט אַז אייגנטלעך, ווייסט ער אַפילו נישט גענוי צי זיין ברודער איז אין בוענאָס־איירעס און צי ער איז בכלל אין אַרגענטינע, ער איז אַוועקגעפאָרן פון דער היים מיט פערצן יאָר צוריק אַ ברוגזער און פון דאַן הערט מען נישט פון אים. אָבער זאָגן זאָגט מען, אַז ער איז געפאָרן קיין אַרגענטינע. — אַוודאי — זאָגט ער — ווען מיין עלטערער ברודער זאָל נישט זיין אַזאַ חזיר, וואָלט ער מיר געגעבן בערלס אַדרעס. — וואָסער עלטערער ברודער, שרייבט ער זיך מיט אים דורך? — פרעג איך. — איך האָב דאָ — זאָגט ער — נאָך אַ ברודער, שרייבט ער זיך מיט אים דורך און קריגט אַפילו פון אים שטיקער גאָלד, נאָר ווען ער לאָפּניעט, וועט ער מיר נישט געבן בערלס אַדרעס...

אין צוויי טעג אַרום איז געקומען דער עלטערער ברודער און מיר געבעטן אָפּזוכן אין אַרגענטינע דעם זעלבן בערל. — איך האָב דאָ אַ יינגערן ברודער — האָט ער געזאָגט — האָט ער יאָ זיין אַדרעס, אָבער ווען ער קראַפּירט, וויל ער אים מיר נישט געבן און ווען איך זאָג אים, שרייט ער, אַז ער האָט נישט און ווייסט נישט, ווו ער געפינט זיך.

די מעשה מיט אַדרעסן פון קרובים אין אַרגענטינע, פאַראייניקטע שטאַטן, פּאַלעסטינע, איז אין פּוילן אַן אָפּטע דערשיינונג. מענטשן פון דער זעלבער פאַמיליע ווילן איינער דעם אַנדערן נישט געבן דעם אַדרעס פון עפּעס אַ ווייטן קרוב, וואָס שיקט אַריין אַ מאָל אין אַ יובל אַ פּאָר דאָלער. — אַן אַדרעס איז ביי אונדז אַן אוצר — האָט אַ ייִד מיר געזאָגט — אַן אַמעריקאַנער אַדרעס היט מען ווי אַ מזוזה...

און עס זענען טאַקע פאַראַן אַזעלכע, וואָס לעבן פון אַדרעסן: אַדרעסן פון ווייטע קרובים, אַדרעסן פון חברים, פון באַקאַנטע און אַפילו פון שכנים.

איך האָב געטראָפן אין אַ קליין שטעטל אַ ייִד אַ מלמד, וואָס איז שוין טאַקע אויף דער סאַמע עלטער און ער האָט מיר דערציילט, אַז אַ דאַנק זיינע תלמידים אין אַמעריקע, לעבט ער נאָך אויף דער וועלט. — ווי אַזוי? — איך שיק זיי אַריין יעדן ראש השנה, יעדן פסח אַ ווינשעוואַניע, שיקן זיי מיר צו אַ פּאָר דאָלער און דאָס האַלט מיך אויף אַ גאַנץ יאָר.

איר וועט טאַקע זען אין פּוילן ייִדן, וואָס לעבן מיט דער האָפענונג, אַז אַ באַקאַנטער פון אַמעריקע וועט זיי עפּעס אַריינשיקן, אָדער ער וועט גאָר

אַריינפאַלן אין שטעטל אַ ווייטער אורח און זיי וועלן ביי אים כאַפּן אַ פּאָר דאָלאַר און זיי גייען אַרום און האַלטן אין איין פרעגן:

— ווען קומט מיסטער יאַנקל?

— דוכט זיך, אַז לאָזער גדליהס זונדל האָט געהאַלטן ביי קומען?...

## 4. איך האָב נישט דערקענט מיין שטעטל

איך בין שוין דעם פערטן טאָג אין דער היים און קאָן זיך נאָך אַלץ נישט באַפרייען פון די גרוסן. פון דער פרי ביז ביי נאַכט האַלט מען אין איין קומען און פרעגן און איך בין שוין ממש הייזעריק ווי די וואַנט. קיין מאָל אין מיין לעבן האָב איך אַזוי פיל נישט גערעדט און אַזוי פיל נישט דערציילט.

פאַראַן ווייבער, וואָס קומען דריי מאָל אַ טאָג, יעדעס מאָל דערמאָנען זיי זיך עפּעס אַנדערש צו פרעגן און הייבן ווידער אָן פון סאַמע אָנהייב.

— זאָגסטו, אַז מיין טאָכטער זעט אויס גוט?...

און די ייִדענע הייבט אָן צו דערציילן די גאַנצע ביאָגראַפיע פון איר טאָכטער, ווי זי האָט געפּאָקט, געמאָזלט, געליטן פון ציינדלעך, פון ווערעם און אַזוי ווייטער און ווייטער — ביז זי איז אַ כלה געוואָרן.

אַנדערע קומען גלאַט פרעגן עצות. אַ מאַמע, וואָס מען וויל אַריבערנעמען איר טאָכטער קיין אַרגענטינע, וויל אַז איך זאָל איר זאָגן, צי די טאָכטער וועט דאָרט קריגן אַ גוטן שידוך.

— כ׳ווייס — זאָגט זי — מען שמועסט אפילו, אַז דאָרט פעלן אויס מיידלעך...

איך בין שוין מיד יעדן צו ענטפערן און וויל זיך אַרויסכאַפּן פון שטוב, אויסרוען אַ ביסל דעם קאָפּ, אָבער אַלע מאָל רוקט זיך מיר אונטער אַ ניי׳ער גאַסט, וואָס האַלט מיך ממש פאַר די לאַצן:

— איר מוזט מיר זאָגן...

אַ יונגער מאַן, אַ תבואה־סוחר, איז געקומען צו פאָרן צו מיר מיט אַ ביי־ציקלעט פון אַ דערבייִיק שטעטל און מיך גענומען אויף אַ פאַרהער.

דער דאָזיקער יונגער מאַן האָט מיך אָפּגעמוטשעט פיר שעה נאָך אַנאַנד און ס׳זענען געווען מאָמענטן, וואָס איך האָב געמיינט, אַז איך וועל עס נישט אויסהאַלטן. איך בין גרייט געווען צו געבן אים עפּעס אין קאָפּ אַריין.

דער דאָזיקער יונגער מאַן האָט מיך אויסגעפאָרשט מיט אַ סדר, מיט אַן אָרדענונג. פריִער האָט ער זיך אויסגעפרעגט אויפן קוזין, דערנאָך אויף דער קוזינקע, דערנאָך אויף די קינדער זייערע, און אַז ער איז געוואָרן פאַרטיק מיט דער משפחה, האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צו דרום־אַמעריקע בכלל, און דערנאָך ערשט צו אַרגענטינע, און מיך גענומען פרעגן: וויפל איינוווינער דאָס לאַנד האָט, ווי גרויס דאָס איז אאַז״וו.

— פעטער — זאָג איך אים — אַזעלכע זאַכן דאַרפט איר מיך נישט פרעגן. מען נעמט אַן ענציקלאָפּעדיע און מען קוקט אַריין.

— וואָס דאַרף איך — זאָגט ער — די ענציקלאָפּעדיע, אַז איך האָב אַ מענטש פון דאָרטן...

דער ייִד איז איבערגעגאַנגען צו דער אַרגענטינער פּאָליטיק, צו דער אַר־גענטינער עקאָנאָמיק און פּאַמעלעכקע צוגעקומען צום מסחר.

— ווי מיינט איר, תבואה איז אין אַרגענטינע אַ מסחר?

— כ׳מיין אַזוי.

— וואָס נאָך פאַר אַן אַרטיקלען זענען אין אַרגענטינע גאַנגבאַר?

— כ׳פאַרשטיי נישט...

— איך מיין — זאָגט ער — וואָס פאַר אַן אַרטיקלען לוינט קיין אַרגענ־טינע אַריינצופירן?

— איך ווייס נישט — זאָג איך — איך בין נישט קיין סוחר.

אָבער דער ייִד הערט מיך נישט.

— שוואָמען, זאָגט מען, איז אַ גאַנגבאַר אַרטיקל ביי אייך.

— אפשר...

— און וואָס איז מיט פוך?

איך האָב זיך אויפגעהויבן, גענומען אַרומשפּאַצירן נערוועזיש איבערן צימער, אָבער דער יונגער מאַן איז מיר נאָכגעגאַנגען.

— מיט קנעפּ, זאָגט מען, קאָן מען מאַכן געשעפט...

— עס קאָן זיין...

סוף כל סוף איז דער ייִד אַוועק אַ ברוגזער.

— דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן — האָט ער געזאָגט — טרעפט זיך מיר אַ מענטש, וואָס זאָל נישט וועלן אָפּגעבן קיין גרוס...

נאָך דעם נודניק איז אַריינגעפאַלן צו מיר אַ ייִד מיט אַ שיטער בערדל.

— איך האָב צו אייך אַ בקשה.

— וואָסער בקשה?

— פּאַטשט דאָרט אויס מיין איידעם.

— משוגע מיינע שונאים?! ער איז דריי מאָל אַזוי גרויס ווי איך...

— אויב איר ווילט אים נישט פּאַטשן, איז זידלט אים כאָטש אויס פאַר מיינעטוועגן.

— וואָסי?

— ער איז אַ סמאַרק, אַ לאָבוז, אַ גאַרנישט. ער האָט אויסגענאַרט ביי מיר אַ פּאָר הונדערט טאָלער און מאַכט זיך נישט וויסנדיק. מילא — זאָגט דער ייִד — דאָס געלט בין איך אים שוין מוחל, אָבער אַ קאַרטל, אַ פּשוט קאַרטל פאַר 20 גראָשן, ווי וואַרפט מען נישט אַ מאָל אַריין!...

מיין אַלטער רבי איז אויך געקומען זיך זען מיט מיר. ער איז שוין גראָ ווי אַ טויב און זעט שוין אויס זייער שוואַך. ער האָט לאַנג געקוקט אויף מיר, ביז ער האָט מיך דערקענט. מיין רבין האָט שוין נישט אינטערעסירט קיין פּרנסה, קיין פּאָליטיק. ער האָט זיך אויסגעפרעגט אויף גאַטס זאַכן.

— איז פאַראַן ביי אייך אַ שול?

— געוויס, פאַראַן אַ סך שולן.

— און רבנים? שוחטים?

— דאָס פעלט אויך נישט ביי אונדז.

מיין רבי איז אַריין אין התפעלות:

— אַזוי! הייסט עס, אַז עס איז אומעטום איין וועלט, אַבי מען זאָגט...

מיט די גרוסן האָב איך נאָך אַנדערע צרות: איך פאַרבייט אָפט די יוצרות. קומט צו מיר אַ פרוי אָפּנעמען אַ גרוס פון אַ מאַן, האָב איך אַ טעות און גיב איר אָפּ אַ גרוס פון אַ ברודער.

— האַ! — זאָג איך — לאָזער? יאָ, איך קען אים, קען זיין ווייב, קען זיינע קינדערלעך...

די פרוי שפּרינגט אויף:

— וואָסער ווייב! וואָסערע קינדער!

— נו, דעם לאָזערס ווייב...

— אַזוי! — זאָגט זי — כ׳האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז מיין מאַן האָט שוין דאָרט אַ ווייב מיט קינדער...

איך כאַפּ זיך, אַז איך האָב געמאַכט אַ טעות און אַנטשולדיק זיך, אָבער עס קאָסט מיך שוין אַ סך מי אויפצוווייזן די פרוי, אַז איך האָב דאָ פאַרביטן די גרוסן. און ווען זי גייט אַוועק, פרעגט זי מיך איבער:

— אפשר איז דאָס טאַקע אמת? כ׳ווייס, היינטיקע צייטן...

פון אַנדערע פאַרבייטענישן, איז שוין אָפּגערעדט, איך בייט אויס זין אויף טעכטער, שנירן אויף איידעמס. און אַז איינער האָט אַ ברודער אין פּאַלעסטינע, פאַרשיק איך אים קיין אַרגענטינע. סיי ווי, איך מאַך אָן צרות.



איך כאַפּ זיך אַרויס באַקוקן דאָס שטעטל. מיין אַלטער חבר, וואָס איז מיין באַגלייטער, פאַרזיכערט מיר, אַז איך וועל דאָס שטעטל נישט דערקענען.

— וואָסי?

— עס איז פאַר די דרייצן יאָר שטאַרק אויסגעוואַקסן... און ער דערציילט מיר, אַז עס זענען פאַר דער צייט צוגעקומען נייע שיינע הייזער, אַ סך ברוקירטע גאַסן, טראָטואַרן. — דאָס מאַרקסעדל געדענקסטו? עס איז שוין היינט נישט קיין סעדל, נאָר אַ סאַד.

איך גיי איבער די אַלטע באַקאַנטע היימישע גאַסן און געסלעך און בין ווי אַנטוישט. דאָס איז דאָס שטעטל? — פרעג איך זיך און מיר דוכט זיך, אַז מען האָט מיך אָפּגענאַרט, געגעבן אַ קאַץ פאַר אַן ענדיק. אין מיין פאַנטאַזיע איז מעזריטש געווען אַ שטאָט מיט ברייטע גאַסן, שיינע גרויסע הייזער, און איצט זע איך פאַר זיך אַ קליין שטעטעלע מיט שמאָלע ענגע געסלעך, מיט איינגעבויגענע, איינגעשרומפּענע הייזלעך.

מיין חבר הערט נישט אויף צו רעדן וועגן פראָגרעס פון דער שטאָט און ווייזט מיר אַלע מאָל אויף אַן אַנדער הויז:

— אָט די קאַמעניצע איז פאַר דיינע צייטן נישט געווען.

איך קוק אויף דער קאַמעניצע, מישטיינס געזאָגט, און מיר דוכט זיך, אַז זי שטייט שוין דאָרט אַזוי משׁשת ימי בראשית, און זי זעט אויס אין מיינע אויגן זייער נעבעכדיק.

מיין חבר האַלט מיר אין איין ווייזן חידושים:

— זעסט יענעם טראָטואַר? דאָס האָט מען נישט לאַנג געמאַכט...

איך קוק אויפן שטעטל, אויף די גאַסן און מיר דוכט זיך, אַז דאָס גאַנצע שטעטל מיט די גאַסן, מיט די ביידלעך, מיט די מענטשן אפילו, זענען נאָר וואָס אַנטלאָפן ערגעץ פון אַ מוזיי. עפּעס זעען זיי אויס אין מיינע אויגן ווי מיניאַטור־קאָנסטרוקציעס, ווי פּייזאַזשן, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעכאַפּט פון שאַגאַלס בילדער.

מיר קומען צום מאַרקסעדל, וואָס איז שוין נישט אַ סעדל, און איך צייל איבער אַ טוץ קליינע נוסביימלעך מיט אַ פּאָר פּלאַכטעס גראָז. דאָס סעדל געפינט זיך קעגן איבער דער אַמאָליקער רוסישער צערקווע און מאַגיסטראַט און איז אַרומגעצוימט מיט אַ הילצערנעם פּאַרקאַן.

אַ מאָל איז דאָס דאָזיקע סעדל געווען אָפן. עס זענען דאָ געשטאַנען אַ פּאָר בענק און אין אָוונט האָבן זיך דאָ פאַרקליבן עלטערע ייִדן, מאַמעס מיט פּיצלעך קינדער און סתם קראַנקע, וואָס זענען געקומען כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט. היינט זענען דאָרט קיין בענק נישטאָ און ייִדן לאָזט מען אפילו נישט אָנשפּאַרן זיך אין די שטאַכעטן.

— פאַר וואָס?

— ווייל דער בורמיסטזש, וואָס וווינט טאַקע דאָ אַנטקעגן, אין מאַגיס־טראַט, קאָן נישט פאַרליידן קיין ייִדן.

מעזריטש האָט 95 פּראָצענט ייִדן, אָבער אַ מאַגיסטראַט האָט זי פון העכער דריי חלקים פּאָליאַקן מיט אַן אַנטיסעמיטישן בורמיסטזש אין דער שפּיץ. דאָס ערשטע, וואָס ער האָט געטאָן, איז געווען צו פאַרטרייבן די ייִדן פון מאַרק־סעדל.

— איך קאָן נישט קוקן — האָט ער געזאָגט — ווי זיי זעצן זיך דאָ אַוועק און גאַרגאַטשען אויף זייער שפּראַך, כראַקען און שפּייען, שפּייען און טומלען.

און כדי זיי זאָלן נישט גאַרגאַטשען, האָט ער געהייסן צונעמען די בענק פון סעדל און פאַרשטערט די ייִדן דאָס איינציקע ביסל פאַרגעניגן.

די ייִדן האָבן זיך אָבער פאָרט נישט געהאַט ווו אַהינצוטאָן, האָבן זיי זיך פאַרקליבן אין סעדל און געשטאַנען שעהענלאַנג אָנגעשפּאַרט אין די שטאַכעטן און געשמועסט, פאַרבראַכט, געכאַפּט פרישע לופט. האָט דאָס דער בורמיסטזש אויך נישט געקאָנט פאַרטראָגן און אויסגעקלעפּט אויף די שטאַכעטן קוויטלעך, אַז עס איז פאַרבאָטן זיך אָנצושפּאַרן אין די שטאַכעטן.

היינט גייען ייִדן דורך דאָס סעדל און מאַכן ביטערע וויצן.

— רירט נישט אָן די שטאַכעטן, זיי זענען הייליק...

— קוקט נישט אויף זיי...

— עס איז פאַרבאָטן צו אָטעמען די לופט...

און ייִדן זאָגן, אַז עס וועט זיי גאָרנישט איבערראַשן, אויב עס וועט זיך דאָרט באַווייזן אַן אויפשריפט, אַז עס איז אין גאַנצן פאַרבאָטן צו קוקן אויפן סעדל.

— עס איז דאָך זיין סעדל, זיינע ביימער, זיינע שטאַכעטן...

דערפאַר, אַז דעם בורמיסטרזש האָט זיך פאַרוואָלט האָבן אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט, האָט מען ביי ייִדן געצויגן די קליי. מען איז אַרומגעגאַנגען איבער די קלייטן, איבער די שטובן און געצווונגען יעדן אינטערעסאַנט אין מאַגיסטראַט זיך צו באַשטייערן. וואָסי? דער בורמיסטזש דאַרף האָבן אַ ראַדיאָ.

דער ראַדיאָ איז אַפילו אַ שטאָטישער און ער איז איינגעאָרדנט פאַרן מאַגיסטראַט מיט אַ הויכרעדער, אָבער שפּילן שפּילט ער נאָר ווען דער בור־מיסטזש איז גוט געשטימט. עס קאָן אָוועקגיין, זאָגט מען, טעג און וואָכן, אַז דער ראַדיאָ זאָל זיין אין אורלויב. דאָ איז דער בורמיסטזש עפּעס נישט מיט אַלעמען און דאָ איז די בורמיסטזשיכע נישט אויפגעלייגט...

דער איינציקער נוץ, וואָס דער ראַדיאָ ברענגט איז דאָס, וואָס ייִדן ווייסן כאָטש, ווען דער בורמיסטזש איז אויפגעלייגט. אַז אַ ייִד דאַרף אָנקומען צו אים אין מאַגיסטראַט, וואַרט ער אויפן ראַדיאָ. שפּילט ער, איז אַ סימן, אַז עס איז אַ שעת־הכושר, שפּילט ער נישט — וואַגט ער נישט איבערצוטרעטן די שוועל פון מאַגיסטראַט...

אליהו גלעדי (פערלשטיין) / נהריה

# שבת אין מעזריטש

אַז מעזריטש איז געווען אַ יידיש שטעטל האָט זיך עס באַזונדער שטאַרק געמערקט אין טאָג פון שבת. נאָך זעקס טעג האָרעווען, יאָגן, האַנדלען, קומט דער הייליקער שבת. דאָס שטעטל האָט שוין דאַן אַן אַנדער פנים: אָפּגעליידיקט דער מאַרק, די געוועלבער אין „ראָד" — צוגעשלאָסן, די געסעלעך און גאַסן — אויס־געקערט, ריין און זויבער, די מענטשן — אָנגעטאָן אין די שבתדיקע בגדים, און ס'ליגט אויף אַלץ און אַלעמען די שבת־רו.

אין די מאָרגן־שעהען זעט מען יידן מיט טליתים־זעקלעך אונטערן אָרעם. יונגע מאַמעס שפּאַצירן מיט די קינדער אין מאַרקסעדל, אונטער די קאַשטאַנ־ביימער, צווישן די בענק.

אַז מען זאָרגט נישט ערב־שבת, האָט מען נישט אויף שבת — דאָס האָבן יידן געהאַט אין זכרון. דאָס צוגרייטן אויף שבת האָט זיך שוין אָנגעהויבן מיט אַ פּאָר טעג פריער. שוין דאָנערשטיק האָט דער מאַרק גערוישט ווי אַ בינשטאָק. גרויס איז געווען די שטופּעריי פון די ווייבער ביי די „קויקעס" מיט פיש און ביי די בודקעס און שטעלעס, באַזונדער אין די יאַטקעס, נישט ווייט פון „הינטער דער באָד".

דאָנערשטיק זענען אויך געקומען אויפן מאַרק די גויים פון די דערפער מיט וועגענער פול מיט האָב־און־גוטס: קאַרטאָפל, הינער, אייער, פּוטער. ווייבער האָבן באַלאַגערט די פורן און זיך געשטופּט ביי די טישלעך מיט גרינצייג, ווו די הענד־לערינס אין מאַרק פלעגן ווינטער זיצן איבער פייערטעפּ, איינגעהילט אין די וואָלענע דערעס און שאַלן. דער עיקר איז געווען, מ'זאָל האָבן צוגעגרייט אויף שבת וואָס בעסער און וואָס שענער.

די מאַמעס האָבן די שבתדיקע אַטמאָספער אַריינגעבראַכט אין שטוב אַריין שוין דאָנערשטיק. אַ סך פון זיי האָבן אַליין געבאַקן די זיסע חלות אויף שבת און די פיש האָבן שוין דאָנערשטיק פאַר נאַכט פאַרשמעקט דעם הויף. אויף די קינדער איז געלעגן דער חוב אויסצוקערן פרייטיק דעם בריק פאַרן שטוב לעבן אַריינגאַנג, ווו מען פלעגט די גאַנצע וואָך גיסן די „פּאָמאָיעס"...

איינע פון די אַרבעטן פון די יידישע באַלעבאָסטעס ערב שבת איז געווען צוצוגרייטן דעם טשאָלנט און ברענגען אים צום בעקער אין געסל און אים אָפּנעמען אויף צו מאָרגנס. אַ סך מאָל האָט געטראָפן, אַז מ'האָט זיך פאַרטוישט מיט די טשאָלנטן און מ'האָט געגעסן יענעמס טשאָלנט.

פרייטיק מיטאָגצייט איז אַרומגעגאַנגען דער שמש פון גרויסן בית־מדרש צווישן די געוועלבער אין „ראָד" און אויסגערופן די צייט פון ליכטצינדן.

די יידן פון שטעטל האָבן נישט פאַרגעסן פרייטיק, ווען זיי האָבן געענדיקט

זייער אַרבעט און פֿאַרמאַכט די געשעפֿטן, צו קויפֿן די ייִדישע צייטונגען „מעזריטשער וואָכנבלאַט" אָדער „מעזריטשער טריבונע", כדי מ'זאָל שבת האָבן וואָס צו לייענען און הנאה האָבן פֿון די רכילות, וואָס איינער זאָגט אויפֿן צווייטן און ווי איין געזעלשאַפֿט אָדער פּאַרטיי לערנט די צווייטע דרך־ארץ און כבוד.

פֿייערלעך איז געווען דאָס ליכטצינדן פֿון דער מאַמען פֿרייטיק פֿאַר נאַכט. ביי זילבערנע לייכטער אויף אַ צוגעדעקטן טיש מיט אַן אַטלאַסענעם טישטעך, דעקט צו די מאַמע מיט די הענט די אויגן, און מאַכט שטיל, מיט כוונה, די ברכה, און מיר, די קינדער, — אַרום איר. נאָך מער פֿייערלעך איז געווען, ווען מיר זענען געקומען מיטן טאַטן פֿון בית־מדרש און מיטגעבראַכט מיט זיך אַן אורח, און דאַן — דער קידוש פֿון טאַטן אויפֿן זילבערנעם בעכער מיט רויטן וויין איבערן ראַנד. די פֿרייטיק־צו־נאַכטסן ביים שבתדיקן טיש — דאָס לאָזט זיך נישט פֿאַרגעסן.

אַ מאָל פֿלעגט קומען אין מעזריטש דער חזן סיראָטאַ אָדער קוסעוויצקי אויף אַ שבת ווען מען בענטשט ראש־חודש. די ייִדישע צייטונגען פֿון מעזריטש האָבן דאָס געמאָלדן מיט אַ וואָך פֿריִער און מ'האָט זיך באַזאָרגט מיט בילעטן. די שול איז געווען געפּאַקט. אין מיינע אויערן קלינגט דאָס געזאַנג פֿון חזן, וואָס האָט זיך צעגאָסן אין דער תפֿילה פֿון ראש־חודש־בענטשן: חיים של פּרנסה, חיים של שלום, חיים...

אין די ווינטער־שבתים, ווען די גרויסע פֿרעסט האָבן אָנגעהאַלטן און דער ווינט האָט געריסן, האָט דער טאַטע געזאָרגט אַריינצורופֿן דעם שבת־גוי, וואָס איז אַרומגעגאַנגען פֿון איין ייִדיש הויז צום צווייטן, אָנצוצינדן דעם אויוון און דערנאָך אים צוצומאַכן, אַז ס'זאָל זיין וואַרעם אַ גאַנצן טאָג.

זומער אין די היצן האָבן מיר, קינדער, באַזאָרגט אין די שבתים די שטוב מיט קאַלטע וואַסער. קיין ייִדישע ברונעמער זענען אין שטאָט נישט געווען, זענען מיר געגאַנגען צום גלחס הויף, צום קאַנאָניק, דאָרט האָבן מיר געשעפּט דאָס וואַסער פֿון ברונעם, און מיט אַ קרוג אָדער אַ טשייניק, געבראַכט דאָס קאַלטע וואַסער אין שטוב אַריין.

די ייִדן האָבן נישט שנעל זיך געזעגנט מיטן שבתדיקן טאָג. נאָכן שבתדיקן שלאָף, פֿאַר נאַכט, ביי מנחה גדולה, האָט יעדן שבת געריעדט אַ מגיד אין גרויסן בית־מדרש, באַנוצנדיק זיך מיט דברי חז"ל און פּסוקים פֿון דער פּרשת־השבוע. אין דער זעלבער צייט האָבן חסידים אין קאָצקער שטיבל, נישט ווייט פֿון דער גרויסער שול, געפּראַוועט שלש־סעודות, און צווישן איין גלעזל און צווייטן — אַ זמרל מיטן רבינס נגון, און אַז מען איז שוין אַריין אין התלהבות, האָט מען פֿאַרשאַרט די אַטלאַסענע קאַפּאָטע און זיך געלאָזט אין אַ ריקודל, וואָס האָט זיך אָוועקגעצויגן ביז צאת הכוכבים. ווען ס'איז אויסגעפֿאַלן דער מולד פֿון ראש־חודש, האָבן די ייִדן פֿון די בתי־מדרשים, מוצאי שבת, נאָך מעריב, זיך אָוועקגעשטעלט אין דרויסן אונטערן אויסגעשטערנטן הימל מקדש זיין די לבֿנה. אויב ס'איז מיט מזל ביי וועמען געבוירן געוואָרן אַ בן־זכר, האָט מען פֿרייטיק־צו־נאַכטס געפּראַוועט דעם שלום־זכר. אין די פֿרייטיק־צו־נאַכטסן האָבן זיך אין

געסל נישט איין מאָל געהערט פון אַ שטוב אַרויס די פריילעכע זמירות ביים טרינקען ביר און עסן די געזאָטענע אַרבעס און באָבעס.

דער שבת איז געווען נישט נאָר דער הייליקער טאָג פון די רעליגיעזע און טראַדיציאָנעלע ייִדן אין מעזריטש, נאָר אויך פאַר די פרייע. יעדער האָט גערוט און נישט געאַרבעט. די ייִדישע יוגנט אין מעזריטש האָט דעם טאָג פאַרפולט די לאָקאַלן, געמאַכט אויספלוגן אין די אַרומיקע דערפער, ווי יעלניצע א״אַ, ווו אונדזערע עלטערן האָבן פאַרבראַכט די דאַטשע־צייט. אין מעזריטש זענען נישט געווען קיין ייִדישע פרוכט־סעדער, האָבן ייִדן געדונגען סעדער ביי גראַף פאָ־טאָצקין, און מיר, ייִנגלעך, זענען געגאַנגען צו די חברים אין די סעדער און דאָרטן פאַרבראַכט און הנאה געהאַט.

שבת נאָכן עסן זענען פאָרגעקומען פוטבאָל־מעטשן, זענען מיר, דאָס יונג־וואַרג, אַוועק צום ראַדזינער שאָסיי אויף די זאַמדן, ווו ס'איז געווען דער פוטבאָל־פּלאַץ.

און ווי גייט עס אַוועק אַ שבת אָן רעפעראַטן, פאָרטראָגן פון די גרויסע רעדנער פון אַלע פאַרטייען אין מעזריטש — ווי ציוניסטן, פאָלקיסטן, בונד ? אַ סך זענען פאָרגעקומען ליטעראַרישע אָוונטן, ווו עס זענען אויפגעטרעטן באַוווסטע אַקטיאָרן, רעציטאַטאָרן, שרייבערס און פּאָעטן.

די קינאָ־זאַלן אין מעזריטש זענען מוצאי שבת געווען געפּאַקט. און שוין פון פריִען פאַרנאַכט האָט מען אויף דער לובלינער גאַס דערקענט, אַז דער שבת גייט אַוועק. יונג און אַלט האָט שפּאַצירט לענג־אויס דער גאַס און איינער צום אַנדערן האָט ווי געזאָגט : מאָרגן, זונטיק, הייבט זיך אָן אויף ס'ניי די האָרעוואַניע פון דער וואָך.



דער מאַרק לעבן מאַגיסטראַט



מיט די עמערס צו די ברונעמער אויף בריסקער גאַס

שמחה בירשטיין

# פון די יונגע יאָרן

מיין בילדונג האָט זיך אָנגעהויבן ווי ביי אַלע ייִדישע קינדער אין יענע יאָרן, ביי אַ מלמד. דאָס חדר האָט זיך געפונען אין דער זעלבער הייזקע, ווו מיר האָבן אַ מאָל געוווינט. לעבן די בלייוויס, קעגן איבער דער גאַרבאַרניע ביים שמאָלן טייך. דער מלמד האָט אונדז געלערנט אַלף־בית און דאַווענען. מיר, קינדער, פלעגן זיך שושקען וועגן די מוראדיקע שאָטנס אויף די ווענט אין די פאַרנאַכטן. מיר האָבן זיך איינגערעדט, אַז דאָס זענען שדים און לצים. אין אָוונט, ווען מיר זענען אַהיימגעגאַנגען פון חדר, האָב איך געציטערט פון שרעק. כ'האָב מורא געהאַט זיך אומצודרייען און אַ קוק טאָן הינטער זיך.

שפּעטער האָב איך געלערנט אין „בית ספר עממי", לעבן דער „קאָזע". דערנאָך אין סלאָדקיס און פישערס העכערער העברעיִשער שול. דער לערער פישער האָט זיך באַצויגן זייער שטרענג צו די שילער. מיין באַליבטער לערער איז געווען סלאָדקי, ער פלעגט תמיד מיך מכבד זיין מיט רעציטאַציעס, ספּעציעל פון די לידער און פּאָעמעס פון ח. נ. ביאַליק.

אין 1918 האָבן אַ גרופּע רייכע ייִדן, צווישן זיי די פינקלשטיינס, געעפנט די ייִדישע גימנאַזיע מיט רעכט פון אַ רעגירונגס־גימנאַזיע. אַלע לימודים זענען געלערנט געוואָרן אין דער פוילישער שפּראַך. מ'האָט אויך געלערנט העברעיִש. אין אָנהייב האָט זיך די גימנאַזיע איינגעאָרדנט אין דער גרויסער קאַמעניצע פון די פּאַגאָזשעלצעס. אַלע תלמידים פון סלאָדקיס שולע צווישן זיי — ראובן צעדערבוים, איטשע און נתן פינקעלשטיין, איך — זענען אָוועק־געשטעלט געוואָרן ביי צוויי ווענט. איין וואַנט איז באַשטימט געוואָרן פאַרן דריטן קלאַס, די צווייטע וואַנט — די עלטערע קינדער — פאַרן ערשטן קלאַס.

איינער פון די ערשטע דירעקטאָרן פון דער גימנאַזיע איז געווען ווינקלער. ער האָט אונדז געלערנט עברית. די שול האָט זיך שוין דאַן אַריבערגעצויגן אויף פּישטשאַנקע, ווו עס האָבן געוווינט מערסטנס קריסטן און ווו ס'האָבן פון ווייטן זיך געזעןביימער, גערטנער און פעלדער. מאַדאַם ווינקלער איז געווען אַן עלעגאַנטע פרוי. זיי זענען ביידע געווען איידעלע, וואַרעמע און צו־געלאָזענע מענטשן.

פון די שענסטע אונטערנעמונגען, וואָס פרוי ווינקלער האָט איינגעאָרדנט פאַר די שילער זענען געווען אין ווינטער די אייז־פעסטיוואַלן. אויפן טייך, אונטער די בריקן, ווען דאָס אייז איז שוין געווען גוט געפרוירן און אויך דער שמאָלער פּאַס פון מיטן טייך וואָס מען האָט גערופן „דער אָדער פון ווייסל", — האָבן זיך פאַרזאַמלט די שילער פון גימנאַזיע, מיידלעך און ייִנגלעך. מיט גלאַנציקע שטאָלענע שליטעלעך זענען זיי געלאָפן איבערן אייז, איינציקווייז און אין פּאָרלעך זיך געגליטשט. די גוטע גליטשערס אין לאַנגע הויזן און קורצע

קליידלעך האָבן געטאַנצט צום ריטעם פון וואַלץ און פאָקסטראָט. מען האָט זיך געמוזט גוט היטן נישט אַריינצופאַלן, חלילה, אין דער אָפענער „פאָלאַנקע", פון וואַנען די וואַסערטרעגער פלעגן שעפּן דאָס וואַסער.

איך האָב נישט געהאַט קיין געלט אויף צו קויפן אַ פּאָר שליטעלעך, האָב איך אַליין געמאַכט אַ שליטעלע פון אַ שטיקל האָלץ מיט אַ דראָט פון אונטן און אַזוי זיך געשטופּט אויף איין פוס און נאָכגעלאָפן דער חברה. דער פרישער ווינט האָט געגלעט אונדזערע אָנגעהיצטע פּנימלעך אין דער שניידיקער קאַל־טער לופט און ס'איז געווען גוט און אָנגענעם.

פיר יאָר האָב איך געלערנט אין דער גימנאַזיע. זייער אָפט פלעגט דער סעקרעטאַר גאָלדבערג — דער בעקערינס זון — מיך אַריינרופן אין זיין ביוראָ. ער האָט מיך געוואָרנט, אַז איך בין ווידער הינטערשטעליק מיטן שכר־לימוד. איך האָב זיך געשעמט און נישט געקענט אויפהייבן די אויגן פאַר בושה. ענדלעך האָט מיין מוטער באַשלאָסן, אַז עס קען ווייטער אַזוי נישט גיין. נאָכן ענדיקן דעם דריטן קלאַס איז מיין שול־בילדונג געקומען צו ענדע. צו 14 יאָר, נאָך אַ יינגל, בין איך אַרויס אין דער פרעמדער קאַלטער וועלט, אַליין, אָן אַ מלאכה, מיט פּראָבלעמען ווי פון אַ דערוואַקסענעם.

איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין „השומר הצעיר". שיין און גוט זענען געווען די יאָרן אין „השומר". מיר האָבן זייער ערנסט אויפגענומען די „עשרת הדברות" פון „השומר": 1) „השומר — איש אמת", ביז היינטיקן טאָג איז מיר שווער צו זאָגן ליגן; 2) „השומר אינו מעשן", איך האָב קיין מאָל נישט געראויכערט און רויכער היינט אויך נישט.

איין צייט האָבן מיר אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל אין עברית, פּויליש און יידיש, מיט פאַרשידענע אַרטיקלען, לידער און פּראָזע. עס געפינט זיך נאָך היינט ביי מיר דאָס בילד פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע: ראובן צעדערבוים, נחום זוטא, פייוול פאַרבמאַן, פעסקע האָפּליאַט, שטיין און איך.

אין יענער צייט איז אין וואַרשע דערשינען די אויסגאַבע פון השומר הצעיר „ממעמקים". איבער די אַרטיקלען — אין עברית און אין יידיש — האָבן מיר שומרים זיך געפּלפּולט. מיט אַ צייט שפּעטער איז פאָרגעקומען — צום ערשט אין וואַרשע און דערנאָך אין דער פּראָווינץ — די שפּאַלטונג פון „השומר". שליפּקע מיט די אַנדערע און איך זענען אַוועק דינען אַנדערע געטער.

די עקאָנאָמישע לאַגע אין פּוילן האָט זיך דאַן זייער פאַרערגערט. צוליבן שטאַרקן קריזיס איז ווי תמיד דער שעיר לעזאזל געווען דער ייד. אין שטעטל האָבן זיך באַוויזן פּלאַקאַטן מיט פּוילישע לאָזונגען: „סוואָי דאָ סוועגאָ!" „קויפט נאָר ביי פּאָליאַקן!" דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך פאַרשטאַרקט פון טאָג צו טאָג. אין דער פּרעסע האָבן מיר געלייענט, אַז אין וואַרשע איז אַ געפאַר צו שפּאַצירן אין די פּאַרקן. פּוילישע כוליגאַנעס פאַלן אָן און שלאָגן יידן.

מ'האָט אָנגעהויבן שטאַרקער צו פאַרפאָלגן די לינקע און ספּעציעל די

יידישע. אונדזערע בעסטע חברים האָט מען פאַרשיקט אין די תפיסות. פראָ־וואָקאַטאָרן האָבן פאַר געלט אויסגעגעבן פיל פון די אַקטיווע חברים.

די לינקע יוגנט האָט שוין דאַן געזונגען לידער פון שלאָגן די נאַצישע שטורם־גרופּן, וואָס האָבן אין דייטשלאַנד מאַרשירט מיט גלאַנציקע שטיוול, מיט מונדירן און מיטן האַקנקרייץ, מיט אַ הויכן פּוסטראַט אויף טומלדיקע פּאַראַדן.

די יוגנט אין פּוילן האָט געזוכט אַ וועג צו אַנטלויפן; מען איז געפאָרן וווּ מ׳האָט נאָר געקענט. מען איז געפאָרן אומלעגאַל קיין ארץ־ישראל, אַרגענטינע, מעקסיקע, אויסטראַליע א״אַ — אַבי זיך אַרויסצוראַטעווען פונעם אַנטיסעמי־טישן פּוילן.

חיים לעבענהאָלץ/מעלבורן

# מיין מאַמעס זכיה

צום אָנדענק פון מיינע אומגעקומענע עלטערן,
שוועסטער און ברידער אין דער שואה.

קיינעם פון די מעזריטשער יידן האָט גאָט נישט באַשערט אַזאַ זכיה ווי מיין מאַמען. געווען איז עס מער ווייניק מיט אַ 55 יאָר צוריק. מיין מאַמע ע״ה איז אין אַ פרימאָרגן, פורים־צייט, אַוועק אין מאַרק איינקויפן פאַר דער שטוב אַ ביסל שפייז. צוקומענדיק לעבן „ראָד״ פון די געוועלבער, ווו ס׳איז געשטאַנען אַ לאַנגע באַנק פאַר די וועגעלע־פירערס, האָט זי געזען דאָרט זיצן אַן אומבאַקאַנטן קריסט, אַנגעטאָן אין אַ לאַנגער ברוינער פאַלערינע, אין אַן אָפענעם זאַק, וואָס ער האָט געהאַלטן לעבן זיך, האָט ער אַריינגעשטעקט די הענט און געוויקלט עפעס. דער מאַמען איז פאָרגעקומען, אַז דאָס וויקלט ער אַ צעראַטע, וואָס ער מיינט אַוודאי צו פאַרקויפן.

מיין אָרעמע מאַמע, וואָס האָט געחלומט פון אַ צעראַטע אויפן טיש לכבוד פסח און נעבעך נישט געהאַט אויף דעם, האָט דעם גוי אויסגעמיטן. ווי דערשטוינט איז זי אָבער געוואָרן ווען אומקערנדיק זיך צוריק צום הויז, ווו מיר האָבן געוווינט, האָט זי דערזען אויפן מיסט, אַריבער דעם הילצערנעם פאַרקנדל פון חנה מירקעס גערטנדל (אונדזער ליבן יאָסל האָרנס מוטער ע״ה) פונאַנדערגעוויקלט דאָס, וואָס דער גוי האָט געהאַלטן אין זאַק. מיט אַלע אירע כוחות איז זי אַריבערגעקראָכן דעם פלויט און דערזען, אַז דאָס איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי... אַ ספר־תורה.

פון פרייד און איבערראַשונג איז ביי איר ווי אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון. נאָך אַ מאָל אַריבערקריכן דעם פאַרקן האָט זי שוין נישט געקענט, איז זי געבליבן וואַרטן מיט דער ספר־תורה אין האַנט ביז דער טאַטע איז געקומען פון דאַוונען, גענומען פון איר די ספר־תורה און איר געהאָלפן צוריק אַריבערקריכן דעם פלויט. דאָס ספר האָט דער פאָטער אַריינגעטראָגן אין ר׳ סענדערס בית־מדרש אַריין און מען איז געלאָפן זוכן דעם גוי, אפשר האָט ער נאָך עפעס הייליקע זאַכן אין זיין זאַק. מ׳האָט אים געזוכט אין אַלע שענקען, אָבער נישט געפונען.

די גאַנצע געשיכטע איז באַלד איבערגעגעבן געוואָרן אין מעזריטשער בית־דין, וואָס האָבן עס צו וויסן געטאָן איבער שטעט און שטעטלעך אין גאַנץ פוילן. עס זענען אַראָפּגעקומען יידן פון שטעטלעך, ווו ס׳זענען געגנבעט געוואָרן ספרי־תורה און אַנדערע תשמישי קדושה, אָבער קיינער פון די געקומענע יידן האָבן נישט דערקענט, אַז ס׳איז זייער ספר. לויט דער שריפט איז דער

ספר געווען זייער אַן אַלטער און געשטאַמט פון טיף רוסלאַנד. דער בית־דין האָט באַשלאָסן איבערצוגעבן די ספר־תורה צו אונדזער רשות.

דער ספר איז געווען אויסגעטאָן פון יעדער מין באַצירונג און אין טייל ערטער צעריסן. מיין פאָטער ע״ה האָט דעמאָלט געאַרבעט ביי הערש יאַנקלען, וועלכער האָט געוווסט פון מיין פאָטערס שווערער לאַגע און אים פאָרגעלייגט צו באַצאָלן פאַר אַלע אויסגאַבן, וואָס ס׳דאַרף קאָסטן באַנייען דאָס ספר, און נאָך צוגעבן אַ שיינע פאָר זלאָטעס אין טאַש אריין, בכדי דאָס ספר זאָל זיין שותפות, ווייל האָבן אַזאַ ספר איז נאָך מער זכיה ווי אַליין שרייבן אַ ספר — האָט ער געטענהט.

מיין מאַמע ע״ה האָט אַפילו פון דעם נישט געוואָלט הערן און פאַר די לעצטע גראָשנס, אַנשטאָט זיך מאַכן אַ קלייד אויף יום־טוב, האָט זי דאָס ספר באַקליידט מיט אַ סאַמעטענעם מאַנטעלע, עס באַצירט מיט זילבערנע אותיות און מיט אַן אויסגעהאָפטענעם גאָלדענעם מגן־דוד. מיר, קינדער, פלעגן יעדן שמחת־תורה גיין צו הקפות און פרייען זיך מיט דעם אייגענעם ספר. געווײנלעך איז דאָס ספר געשטאַנען אין אָרון־קודש פון ר׳ סענדערס בית־מדרש, ביז ס׳זענען געקומען די טרויעריקע טעג פון אומקום פון אונדזערע ייִדן — צוזאַמען מיט אַלע ייִדישע הייליקייטן.

**ל. פרידמאַן / מעלבורן**

# אַנושקע אַדלער

צווישן די געשטאַלטן פון אַמאָליקן ייִדישן מעזריטש פאַרנעמט אַננאַ אַדלער, אָדער ווי מ׳האָט איר גערופן אַנושקע אַדלער, אַ באַזונדערן אָרט. הן צוליב איר אייגנאַרטיקער פערזענלעכקייט, הן צוליב אירע אויפטוען אויפן קולטור־געזעל־שאַפטלעכן געביט, וואָס האָבן געלייגט אַ שטאַרקן חותם אויפן לעבן פון אונדזער שטאָט. איך וועל פּרווון איבערגעבן אייניקע זכרונות וועגן דער מערקווירדיקער פרוי, כדי צו פאַראייביקן איר אָנדענק, וואָס איז טייער יעדן מעזריטשער, וועלכער געדענקט „מאַדאַם אַדלער״ פון דער אַלטער היים.

זי איז געווען פון מיטעלן וווקס, אַ ברייטפּלייציקע מיט אַ ברייטלעכן, נישט באַזונדערס שיינעם פּנים, אָבער פון אונטער דעם קורצן שטערן, מיט שוואַרצע האָר, קורץ געשוירן, האָבן אַרויסגעקוקט אַ פּאָר קלוגע אויגן. צוויי שטריכן, טיילווייז קעגנזעצלעכע, האָט מען געקאָנט לייענען פון איר געזיכט — פריינד־לעכקייט און אַנטשלאָסנקייט. אַ קוואַל פון אויסערגעוויינלעכער ענערגיע האָט די דאָזיקע פרוי פאַרמאָגט און אַן אינערלעכן דראַנג צו זיין כסדר טעטיק און שע־פעריש.

זי האָט געשטאַמט פון די בראָמבערגס — אַ מיוחסדיקע, סוחרישע משפחה, וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט פוטער־האַנדל. אירע צוויי ברידער האָבן זיך איבערגעקליבן קיין לייפּציג נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און האָבן דאָרט געפירט אַ גרויס פוטער־געשעפט.

ווי מ׳גיט איבער, איז זי אַלס אַ יונג מיידל געוואָרן פאַרשדכנט צו אַ פרומען בחור. זי האָט אָבער לאַנג מיט אים נישט געלעבט. נאָך אייניקע טעג איז זי פון אים אַוועק און געפאָדערט אַ גט. אַ דאַנק איר אַנטשלאָסנקייט האָט זי דעם גט באַקומען און שפּעטער חתונה געהאַט מיטן דענטיסט שעפּקע אַדלער, וועלכער איז געווען זייער באַליבט אין שטאָט און לאַנגע יאָרן געווען דער קאָמענדאַנט פון דער ייִדישער פרייוויליקער פייערלעשער־געזעלשאַפט, וואָס האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין לעבן פון מעזריטש. איר צונויפלעבן מיט שעפּקע אַדלער איז געווען אַ גליקלעכס און האָט איר געגעבן פיל פרייד.

אַנושקע אַדלער האָט באַקומען אַ וועלטלעכע דערציִונג, וואָרשיינלעך ביי פּריוואַטע לערער, אָבער זי האָט פיל אַליין געאַרבעט איבער זיך. איר איינשטעלונג אין לעבן און אירע אָנשויונגען זענען געווען זייער פאָרגעשריטן. זיי האָבן אין פיל הינזיכטן פאָרויסגעלאָפן די צייט, אין וועלכער זי האָט געלעבט. דעריבער האָט

מען איר אָפט נישט פאַרשטאַנען און באַטראַכט אַלס עקסצענטרישע, נישט קיין פראַקטישע פרוי. מען האָט אָבער געהאַט פאַר איר גרויס רעספּעקט און גערעדט וועגן איר מיט אָנערקענונג.

נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זי זיך אַ סך אָפּגעגעבן דער ערשטער ייִדישער ביבליאָטעק און לייען־זאַל. די ביבליאָטעק איז געווען באַקאַנט אַלס די שטאָטישע ביבליאָטעק, וועלכע האָט פאַרמאָגט ייִדישע, העברעיִשע, פּוילישע און רוסישע ביכער און איז געווען גוט באַזוכט.

אין יענער צייט האָט זי אויך געשאַפן די ערשטע רוסישע שול אין מעזריטש, וואָס איז געווען באַזוכט פון ייִדישע קינדער.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען די אָרעמקייט איז געווען גרויס און מעזריטש האָט געליטן פון פאַרשידענע עפּידעמישע קראַנקייטן, איז אַנושקע אַדלער געשטאַנען אין שפּיץ פון דער סאַניטאַרער קאָמיסיע, וועלכע האָט געהאַט די אויפגאַבע צו זען עס זאָל זיין ריין אין די הייזער. זי האָט די דאָזיקע גאַנץ אומסימפּאַטישע אויפגאַבע אויסגעפירט מיט גרויס טאַקט, אָבער זייער אַנטשלאָסן.

אין יענער צייט שטעלט זי אויף אין מעזריטש די ערשטע ייִדישע שול. זי זאַמלט צונויף די קליינע צאָל אינטעליגענץ אין דער שטאָט, באַשטימט זיי אַלס לערער און מיט דער מיטהילף פון אייניקע דרויסנדיקע כוחות, צווישן זיי דעם לערער פון בריסק פיינעבעריע, פירט זי איין אַ מוסטערהאַפטע שול. אירע פּעדאַגאָגישע מעטאָדן זענען געווען ביז גאָר פּראָגרעסיוו. זי אָנערקענט נישט קיין אָפּגעשטאַנענע קינדער. עס איז בלויז אַ פראַגע פאַרן פּעדאַגאָג אָפּגעבן זיך מיט די קינדער, וועלכע זענען אָפּגעשטאַנען. זי פלעגט זאָגן, אַז אַ שלעכטע מיינונג שטעלט דער לערער זיך אַליין און נישט דעם קינד.

זי איז געווען זייער האַרציק צו די קינדער און גלייכצייטיק שטרענג ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דיסציפּלין און היגיענע. די קינדער האָבן געהאַט פאַר איר גרויס רעספּעקט און אַכטונג.

אַ געוועזענע שילערין פון אָט דער שול, וועלכע איז היינט שוין אַ מוטער פון עטלעכע קינדער, האָט מיר דערציילט דעם פאָלגנדיקן עפּיזאָד: אין יענער צייט, ווען זי האָט געלערנט אין דער שול, האָבן זיך איר געמאַכט אייניקע קרעץ אויפן קאָפּ און די קינדער אין קלאַס פלעגן פון איר אָפּחוזקן און רופן פאַרשידענע שפּאָט־נעמען. דאָס פלעגט איר אָפט דערפירן צו טרערן. אין אַזאַ מאָמענט איז אַריין אין קלאַס מאַדאַם אַדלער. זי איז צוגעגאַנגען צו איר און האָט איר אַ קוש געגעבן אין קאָפּ. דער דאָזיקער נאָבעלער זשעסט האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע ווירקונג אויף די קינדער אין קלאַס און די פרוי, וואָס האָט מיר דעם עפּיזאָד דערציילט, קען דאָס נישט פאַרגעסן עד היום.

אַנושקע אַדלער איז אויך געווען איינע פון די גרינדער פון דער ייִדישער גימנאַזיע אין מעזריטש און האָט אין אָנהייב אָנגעפירט מיט איר. זי האָט אָבער מיט דער שול לאַנג נישט אָנגעפירט. עס איז צוגענומען געוואָרן אַ דירעקטאָר

„מיט פולע קוואַליפיקאַציעס" און עס זענען אָנגעקומען לערער פון גאַליציע און זי איז פון דער שול אַוועק. זי איז נישט מסכים געווען מיט די פעדאַגאָגישע מעטאָדן וועלכע זענען דאָרט געווען אָנגענומען און מיט דעם פּראָגראַם פון דער שול. זי האָט דעריבער כסדר געפאָדערט, אַז איר פאָרטרעט, וועלכער איז געהאָנגען אין דער שול, זאָל באַזייטיקט ווערן.

אין די צוואַנציקער יאָרן האָט אַנושקע אַדלער זיך אָפּגעגעבן מיט דער יִדי־שער קינדערהיים. ווי מיט יעדער זאַך, מיט וועלכער זי פלעגט זיך פאַרנעמען, האָט זי אַריינגעלייגט אין דער קינדערהיים איר האַרץ און נשמה. די היים, ווו עס האָבן זיך געפונען יִדישע יתומים און קינדער פון אָרעמע עלטערן, איז אונטער איר אויפזיכט געוואָרן אַ מוסטער־אינסטיטוציע. די פאָרשטעלונגען פון דער קינדערהיים זענען געווען אַ שם־דבר אין שטאָט און פלעגן זייער גוט באַזוכט ווערן. פיל פון די געוועזענע קינדער פון דער „היים", וועלכע געפינען זיך היינט איבער דער גאָרער וועלט (די גרעסטע טייל אין קאַנאַדע און פאַראייניקטע שטאַטן) געדענקען זייער גוט מאַדאַם אַדלער און אירע אויפטועו פאַרן „היים".

דער פלוצלונגער טויט פון איר מאַן, שעפּקע אַדלער, האָט איר שווער גע־טראָפן. עס האָט איר שוין דאַן מער גאָרנישט געבונדן מיט מעזריטש און זי איז אַוועקגעפאָרן צו ערשט צו אירע ברידער אין לייפּציג און שפּעטער צו איר זון אין פאַריז, וועלכער האָט נאָכן ענדיקן דעם פילאָזאָפישן פאַקולטעט אויף דער סאָרבאָנע, זיך פאַרנומען מיט פאַרשידענע פילאָזאָפישע פאָרשונגען.

זייענדיק אין לייפּציג אין אַ צושטאַנד פון דעפּרעסיע צוליב דעם טויט פון איר מאַן, איז מיט דער פרוי אַדלער געשען אַן אומגליק. זי איז אַרויסגעפאַלן פון אַ לויפנדיקן טראַמוויי און האָט דורכגעמאַכט אַ שווערע קראַנקייט. זי האָט זיך אָבער נישט אונטערגעגעבן. זייענדיק אין פאַריז האָט זי שטודירט פראַנצויזיש און פראַנצויזישע ליטעראַטור אויף דער סאָרבאָנע. נישט ווילנדיק זיין אַ לאַסט פאַר דער משפחה, איז זי אַוועק זיך לערנען אין אינסטיטוט פאַר פיזישער קולטור, וועלכן זי האָט געענדיקט מיט אַן אויסצייכענונג און האָט אַליין געעפנט אַ שול פאַר פיזישער קולטור. זי האָט געוואָלט אַליין פאַרדינען אויף לעבן, אָבער ווי אַלע מאָל, יעדע אַרבעט, וואָס זי פלעגט טאָן, איז געוואָרן פאַר איר אַן אידעאַל. דאָס קרעפטיקן די פרוי פיזיש און גייסטיק איז איצט געוואָרן פאַר איר אַן אידעאַל, אין וועלכן זי האָט אַריינגעלייגט די גאַנצע נשמה און האַרץ. איר שול איז געוואַקסן און פראָגרעסירט, אָבער צוליב געזונט־טעמים מוז זי אויפגעבן די דאָזיקע אַרבעט. זי ענדיקט דאַן אַ שול פאַר קאָסמעטיק און נעמט זיך איבער מיטן אידעאַל פון שענער און פרישער מאַכן די פרוי און אַזוי אַרום געבן איר מער פרייד און גליק אין לעבן און זי עפנט אַ קורס פאַר קאָסמעטיק.

אויף איינעם פון אירע אָפטע באַזוכן אין מעזריטש האָט זי איינגעאָרדנט אַ קורס פאַר קאָסמעטיק פאַר אַ גרופּע מעזריטשער פרויען. ווען אייניקע אירע באַקאַנטע האָבן איר פאָרגעלייגט צו באַגרענעצן דעם קורס בלויז צו צוויי, דריי פרויען, כדי זיי זאָלן קענען פון דעם שפּעטער האָבן פרנסה, איז זי

געוואָרן צוליב דעם באַליידיקט און פאַרצאָרנט. זי האָט נישט פאַרשטאַנען, ווי מענטשן קענען זיין אַזוי קליינלעך און באַטראַכטן אַלץ פון געשעפט־שטאַנדפונקט.

די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זי געטראָפן אין פאַריז. ווען די דייטשע אַרמיי האָט זיך דערנענטערט צו פאַריז, איז זי מיט אַנדערע פליטים אַוועק קיין דרום־פראַנקרייך, ווו זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי קריסטן. זי האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן די כסדרדיקע שפּאַנונג און באַזונדערס האָט אויף איר דערדריקנדיק געווירקט די דערנידערונג, וואָס זי האָט איבערגעלעבט אַלס מענטש און ייִד. פאַר דער שטאָלצער און מוטיקער פרוי איז געווען איבער די כוחות איבערצוטראָגן די דאָזיקע דערנידערונג און זי האָט דעם 10טן סעפּטעמבער 1943, ווען זי איז געכאַפּט געוואָרן דורך דער „געסטאַפּאָ" בעתן „חורבן ניצע", איינגענומען סם איידער זי איז גענומען געוואָרן אויף אַ פאַרהער. אַזוי האָט טראַגיש פאַרענדיקט איר לעבן די מערקווירדיקע און גייסטרייכע פרוי, וועלכע האָט אַזוי פיל געטאָן פאַר איר שטאָט און בכלל פאַר באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע מענטשן.

יעקב בלאַנק

# משה גדליה סאַיעטע

נישט קיין פולשטענדיקע ביאָגראַפיע פון אונדזער פאַרשטאָרבענעם בן־עיר משה גדליה סאַיעטע איז דאָס; איך וויל דאָ בלויז פאַרצייכענען די גוטע מעשים פון אַ מערקווירדיקן מענטשן, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אונדזער הייס־געליבטער שטאָט מעזריטש, און וואָס איז געשטאָרבן אַ מעזריטשער אין דער גרעסטער וועלטשטאָט, ניו־יאָרק.



משה גדליה סאַיעטע

משה גדליה סאַיעטע איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1877, זיין פאָטער האָט געהאַט אַ שניידעריי און שפּעטער איז אין דעם זעלביקן הויז אויך געווען אַ שענק, אין הויז איז תמיד געווען פריילעך און פול מיט געזאַנג. משה גדליה האָט מע־רער ליב געהאַט זיין מוטער ווי דעם פאָ־טער. אין חדר האָט ער נישט צו פיל געלע־רנט, ווייל דער רבי האָט געשלאָגן... און אין הויז האָט דער טאַטע געשלאָגן... איז ער דעריבער צו צוועלף יאָר געוואָרן אַן אַרויסהעלפער אויף אַ דראָזשקע ביי יענעם.

אין 1897 איז סאַיעטע אַוועק קיין לאָנדאָן; זיינע ברידער און שוועסטער זענען שוין אין לאָנדאָן געווען פון פריִער, איז ער צו זיי פאַרפאָרן. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט משה גדליה אַוועק־געוואַנדערט פון לאָנדאָן קיין אַמעריקע, און איז אָנגעקומען אַרבעטן אַלס אַ פּרעסער אין אַ שאַפּ. ער איז באַלד געוואָרן אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער שניידער־יוניאָן, און אין אַ קורצער צייט אַרום ווערט ער אַפילו אויסגעקליבן אין דער עקזעקוטיוו פון דער יוניאָן. לאַנג האָט ער זיך ביי דער דאָזיקער מלאכה נישט געהאַלטן, ער ווערט אַ שיך־פאַר־קויפער און באַקענט זיך אין דעם געשעפט מיט דעם מעזריטשער טשאַרלס שטיין. ביידע ווערן צוגעצויגן איינער צום צווייטן און זיי זענען ביידע געוואָרן אמתע לעבנסלענגלעכע חברים. טשאַרלס שטיין האָט משה גדליהן אַריינגעפירט אין זיין ברייט פאַרצווייגטער משפחה און דאָרטן האָט זיך סאַיעטע באַקאָנט מיט שטיינס שוועסטער יעטאַ, מיט וועמען ער האָט שפּעטער חתונה געהאַט.

אין יאָר 1920, תיכף נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ביי אַ סך

אייראָפּעער אין אַמעריקע איז געווען אַ דראַנג צו זען די שטעטלעך פון וואַנען זיי זענען געקומען, איז דער דראַנג אויך אויפגעקומען ביי משה גדליה סאַיעטע. ס׳איז נאָך אין יענער צייט געווען אַ גרויס געפאַר צו פאָרן קיין אייראָפּע, אָבער סאַיעטע האָט נישט געקענט וואַרטן לענגער און אויף זיינע אייגענע הוצאות, אָן קיינעמס הילף, האָט ער זיך אַרויפגעזעצט אויף אַ שיף און איז אָפּגעפאָרן קיין מעזריטש. צופעליק האָט זיך אויף דער זעלבער שיף אויך געפונען אונדזער לאַנדסמאַן גאָלדשטיין.

אָנקומענדיק קיין מעזריטש, האָט משה גדליה באַלד אָנגעהויבן אויפקלייבן די מלחמה־יתומים. ער האָט דעמאָלט אָפּגעקויפט דאָס באַוווסטע הויז ביי טשער־כאַוויטש, און מיט אַ ביסל הילף פון די מעזריטשער אין אַמעריקע איז די ערשטע יתומים־היים אין פוילן געעפנט געוואָרן אין מעזריטש. עס דאַרף דאָ געזאָגט ווערן, אַז דער סאַמע וויכטיקסטער איניציאַטאָר אין ניו־יאָרק פאַרן יתומים־הויז אין מעזריטש איז געווען סאַיעטעס געטרייער חבר טשאַרלס שטיין. שפּעטער איז אויך צוגעצויגן געוואָרן צו דעם פּראָיעקט אליהו גרינבלאַט.

צוקוקנדיק זיך צו דער טראַגישער לאַגע, אין וועלכער ס׳האָבן זיך דעמאָלט געפונען די מעזריטשער יידן אין מעזריטש, האָט סאַיעטע פאַרשטאַנען, אַז מ׳דאַרף אויך עפּעס טאָן ממשותדיק פאַר דער שטאָט גופא. האָט ער צוגלייך אָרגאַניזירט אַ ליי־קאַסע אין מעזריטש ווו יעדער מעזריטשער האָט געקאָנט קומען באָרגן געלט אָן פּראָצענטן.

סאַיעטע האָט געהאַט אַ מערקווירדיקן איינגעבוירענעם חוש צו דערשפּירן סיטואַציעס און קומען צו אויספירן, וועלכע זענען שפּעטער באַשטעטיקט געוואָרן. שוין אין יענער צייט טאַקע, ווען ער איז צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק, דער־קלערט ער פאַר די לאַנדסלייט אין אַמעריקע, אַז די פּוילישע יידן זענען פאַר־משפּט צום אונטערגאַנג, און אַז מען מוז אַרויסראַטעווען באַצייטנס וואָס מערער פון זיי. ער האָט שוין דעמאָלט דערשפּירט דאָס אָנקומען פון דעם היטלעריזם אַ סך פריִער פון די פּראָפעסיאָנעלע פּאָליטיקער.

אין 1925 קומט ער ווידער אַ מאָל קיין מעזריטש צוזאַמען מיט זיין פרוי יעטאַ. זיין הויפּט־אינטערעס איז טאַקע געווען דאָס יתומים־הויז, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך איבערגעבויט דעם אַלטן מושב זקנים, פאַרפעסטיקט די ליי־קאַסע, אַרומגעפאָרן איבער פוילן אַ צוויי חדשים און איז אהיימגעפאָרן. די אַלע זאַכן האָט סאַיעטע תמיד געטאָן פאַר זיין אייגן געלט.

די דריטע נסיעה זיינע, צוזאַמען מיט זיין פרוי, מאַכט משה גדליה אין יאָר 1927. ער באַזוכט אַלע מעזריטשער אינסטיטוציעס, באַזעצט זיך אין דעם מעז־ריטשער האָטעל, און טיילט געלט צו יעדן מעזריטשער, מאַן אָדער פרוי, וועער ס׳האָט נאָר אויסגעשטרעקט די האַנט, און — ווידער אַ מאָל אַלץ פון זיין אייגע־נער קעשענע.

זיין פערטע נסיעה קיין מעזריטש מאַכט סאַיעטע מיט זיין ווייב אין יאָר 1929. דאָ האָט זיך משה גדליה אונטערגענומען צו פאַרווירקלעכן די וויכטיקסטע

באַדערפעניש, אין וואָס אונדזער שטאָט מעזריטש האָט זיך זייער שטאַרק געניי־טיקט. די סאַיעטעס זענען אין יענעם יאָר אָפּגעזעסן פיר חדשים צייט אין מעז־ריטש און אויפגעבויט דעם מעזריטשער שפּיטאָל. מיט גרויסע שוועריקייטן איז דעמאָלט אָנגעקומען דאָס קריגן אַ דערלויבעניש ביי דער פּוילישער מאַכט צו בויען דעם שפּיטאָל; און אויך גרויס זענען געווען די שוועריקייטן ביים באַקומען גוטע דאָקטוירים און אַ גוטן כירורג. צו אונדזער אַלעמענס גרויסן צער ווייסן מיר שוין היינט וואָס פון דעם אַלעמען איז געוואָרן...

זייער פינפטע און לעצטע נסיעה קיין מעזריטש מאַכן די סאַיעטעס אין יאָר 1936. די ייִדן אין מעזריטש, ווי אין אַלע אַנדערע פּוילישע שטעטלעך, האָבן שוין דעמאָלט געלעבט זייער לעצט ביסל צייט. משה גדליה סאַיעטע קומט צוריק קיין ניו־יאָרק, אַ צעבראָכענער, אַ קראַנקער מיט זיכערע סימנים פון אַן אַנטוויקלטער אַסטמע. מיטן אַנטשטיין פון מדינת ישראל, איז משה גדליה סאַיעטע געווען ווייליק, אַז ער און זיין יעטאַ זאָלן וווינען אין אַ קעלער און לעבן אַן אָרעם לעבן, כדי צו קענען אָפּגעבן אַלצדינג פאַר מדינת ישראל. גאָלדע מאיר, וואָס האָט משה גדליהן זייער ליב געהאַט, האָט נישט צוגעלאָזט, אַז ער זאָל דאָס טאָן.

סאַיעטע האָט קיין הויכע בילדונג נישט באַקומען, ער האָט אָבער פאַרמאָגט אַן איינגעבוירענע אינטעליגענץ. ער האָט זיך אויסגעלערנט צו לייענען און פאַרשטיין גוטע ליטעראַטור. די פאַרשטאָרבענע שרייבערס חיים גרינבערג און דניאל טשאַרני זענען געווען זיינע פערזענלעכע פריינד און האָבן זיך גאַנץ אָפט גערעכנט מיט זיינע מיינונגען בנוגע ליטעראַטור.

ס׳איז פאַראַן אַ געוויסע ענלעכקייט צווישן די מעשים טובים פון משה גדליה סאַיעטע און פון נחמנקע פון זבאַרזש, וועמען י.ל. פּרץ שילדערט אין זיין „ביים גוסס צוקאָפּנס". בייזע צינגער האָבן סאַיעטען באַשולדיקט אין פאַרשידענע זאַכן. דער שוואַרצער מלאך האָט אויך באַשולדיקט נחמנקע אַז ער האָט זיך געשניטן די נעגל נישט איבערגעהיפּט... סאַיעטע האָט קיין מנחה נישט געדאַוונט, און אויך נחמנקע האָט נישט איינמאָל פאַרגעסן מנחה צו דאַוונען... ביידע האָבן אָבער קיין איינציקע רגע פאַר זיך נישט געלעבט, נאָר פאַר שוואַכע און קראַנקע, פאַר אַלמנות און יתומים, פאַר פאַרפינצטערטע, פאַרוואָגלטע, פאַרמאַטערטע. משה גדליה סאַיעטע האָט אויף קיין נחת פון קינדער נישט געקענט האָפן, האָט ער אַלץ געטאָן פאַר אַנדערע, ווייל אַלע אַנדערע — האָט ער געהאַלטן — זענען בילכער פאַר אים.

אָנהייב אָקטאָבער, 1948, בין איך געקומען צו פאָרן פון מיינס אַ וויזיט ביי אונדזערע מעזריטשער אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע. איך בין געגאַנגען זען משה גדליהן און אים אָפּגעבן אַ גרוס פון די מעזריטשער אין טאָראָנטאָ. איך האָב אים אָבער שוין געפונען אין דעם מאָנטעפיאָרע־שפּיטאָל אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד, רעדן האָט ער שוין נישט געקענט, מיר האָט זיך דעמאָלט אָבער אויסגעדוכט, אַז ער דערקענט מיך, ווייל זיינע אויגן האָט ער נישט אָוועקגענומען פון מיר.

האָב איך צו אים גערעדט, דערציילט אים וועגן די געוועזענע קינדער פון דעם אַמאָליקן מעזריטשער יתומים־הויז, ווי זיי רעדן תמיד פון אים מיט גרויס דרך־ארץ און ליבשאַפט.

איך ווייס נישט, צי ער האָט מיך פאַרשטאַנען, אָבער זיין כסדרדיקן קוקן אויף מיר און זיין האַלטן מיין האַנט אין זיינער, קאָן איך קיין מאָל נישט פאַרגעסן. משה גדליה סאַיעטע האָט אויסגעהויכט זיין נשמה דעם 8טן אָקטאָבער 1948. ער איז אַלט געווען 71 יאָר.

מ. ר. סלאָדקי

# צו דער געשטאַלט פון ר׳ ברוך מאיר ראָזענבלום

## (צוגאָבן און דערגאַנצונגען)

פון דער פריסטער יוגנט זיינער האָט ער פיינט געהאַט עם־הארצות; ער האָט געוואָלט, אַז יעדער איינער זאָל וויסן און פאַרשטיין גאָטס געבאָטן. ער האָט דעריבער געגרינדעט „חברות" פאַר לימוד תורה און ער אַליין האָט פאַר זיי געלערנט. אין דער פרי, פאַרן דאַווענען, פלעגט ער לערנען פאַר ייִדן „קיצור שולחן ערוך". נאָכן דאַווענען האָט ער זיך באַטייליקט אין דער „חברה ש"ס". פאַר נאַכט, צווישן מנחה און מעריב, האָט ער געלערנט פאַר אַן עולם „משנה ברורה". נאָך תפילת מעריב — משניות. גאַנץ תנך האָט ער געקענט פון אויסנווייניק און זיך באַמיט, אַז אַנדערע זאָלן עס פון אים ירשנען. יעדער איינער האָט אים אָפּגעגעבן כבוד, ווי אַ רבין קומט.

ער איז געווען אַ מענטש מיט ענטוזיאַזם, פול מיט התלהבות און אַלץ וואָס ער האָט געטאָן, האָט ער געטאָן מיט האַרץ, נישט ווי מענטשן, וואָס מען האָט זיי איינגעלערנט און ס׳איז שוין ביי זיי ווי אַ געוווינהייט; ביי אים איז עס אַרויסגעדרונגען פון די טיפענישן פון זיין נשמה.

ימים־נוראים פלעגט ער זיין דער ש"ץ. בעת זיין דאַווענען פאַרן עמוד פלעגט ער פאַרגיסן ימען טרערן. פון אַ סך ערטער איז מען געקומען אים הערן דאַווענען. ווען עס איז געקומען צו דער תפילה „ובכן תן כבוד לעמך" האָט ער זיך דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה, זיך אין גאַנצן אויסגעטאָן פון זיך און זיך פאַרוואַנדלט אין לויטער נשמה — כלא מעלמא הדין.

אין אים איז די אַהבת ישראל נישט געווען קיין אויסגעקליגלטע, נאָר אַ תמימותדיק־קינדערישע. ווען ער האָט געזאָגט די תפילה „מפני חטאינו" איז ער געווען געגליכן צו אַ קינד, וואָס האָט זיך פאַרזינדיקט פאַר זיין פאָטער. מיט אַ צעבראָכן האַרץ איז ער געשטאַנען בפני אבינו שבשמיים און געבעטן רחמים אויף די, וואָס האָבן אים געמאַכט פאַר זייער שליח און פאַר כל עם ישראל.

דאָס רעליגיעזע אין אים איז אַרויסגעדרונגען נישט פון זיין געדאַנק, נאָר פון זיין געפיל. ער האָט געדינט צו גאָט אין פולער שלימות מיט זיך. איך געדענק אַ פאַל פון 5טן יאָר — דאָס יאָר פון דער רוסישער רעוואָלוציע — אויף דער ייִדישער גאַס האָט זיך באַוויזן אַ קליינע בראָשור אונטערן נאָמען „די מגיפה פון דער רעליגיע", אַרויסגעגעבן דורך די ענגלישע אַנאַרכיסטן. איך בין נאָך געווען יונג און אַרויפגעפאַלן אויף דעם, ווי אויף אַ געוואַלדיקער מציאה. גלייך בין איך אַוועק מיט דעם צו ר׳ ברוך מאיר ראָזענבלום. צוזאַמען האָבן מיר עס דורכגעקוקט און נישט אויבערפלעכלעך, מיר האָבן עס גוט געלייענט. אַן אַנדערער אויף

זיין אָרט וואָלט עס גלייך אַוועקגעוואָרפן, ער אָבער האָט זיך מיט דעם אינטערע־סירט און באַשלאָסן אָנצושרייבן אַן ענטפער דעם מחבר. איך האָב אים אויפגע־קלערט, אַז עס לוינט זיך נישט מתוכח צו זיין מיט אַזעלכע, וואָס זענען בלויז אויסן צו פאַרפירן די יוגנט, זיי אָפּצווענדן פון גלייכן וועג. ער האָט אָבער באַשלאָסן משפיע צו זיין אויף דער אָרטיקער יוגנט. מיט זיין איניציאַטיוו איז גערופן געוואָרן אַן אסיפה פון דער יוגנט אין דער „עזרת נשים" פון דער גרויסער שול אויף אָפּצוהאַלטן אַ וויכוח מיט די רעוואָלוציאָנערע פירער פון אונדזער שטאָט. פאַרשטייט זיך, אַז אַ סך מענטשן זענען געווען נייגעריק צו הערן דעם וויכוח. ר' ברוך מאיר האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אַריינגאַנג אויף דער שוועל און אויסגערופן: „פאַר די, וואָס גלויבן אין גאָט, איז דער איינטריט פאַרווערט! ווייל דאָ וועט געהערט ווערן פון דער יוגנט זידלרייד"... און אַזוי איז געווען. ר' ברוך מאיר מיט זיין נאַטירלעכער התלהבות האָט דורך זיינע רייד זייער אַ סך משפיע געווען אויף דער יוגנט. נאָך דעם איז ער גערופן געוואָרן דורך דער „אָכראַנע" אָפּצוגעבן אַ דין־וחשבון פון אָט די פאַרדעכטיקטע מעשים זיינע...

ר' ברוך מאיר ראָזענבלום האָט זיך נישט באַגנוגנט בלויז מיט תפילות און תחנונים. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אמתדיקע יידישקייט פאַרלאַנגט ממשותדיקע מעשים. ער האָט זיך דעריבער אויך אָפּגעגעבן מיט ווילטעטיקייט: געזאָרגט פאַר קראַנקע, פאַר אָרעמע, און בעיקר פאַר מענטשן דערשלאָגענע, אומגליקלעכע. יעדן טאָג פאַרן דאַווענען איז ער געגאַנגען איבער די בתי־מדרשים אין שטאָט אויפזאַמלען נדבות פאַר אומבאַוווסטע נויטבאַדערפטיקע. ס'איז געקומען דערצו, אַז מ'האָט אים אַ נאָמען געגעבן „ר' ברוך מאיר מיט דער אויסגעשטעלטער האַנט"... עס האָבן זיך שוין אויך געפונען אַזוינע, וואָס האָבן אים גענומען באַ־רעדן: וועמען גיט ער?... און קיינער האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם „מתן בסתר" זיינעם, וואָס איז ביי אים דערגאַנגען צו דער העכסטער מדרגה. איך אַליין בין געווען דערפון אַ לעבעדיקער עדות: ער איז איין מאָל, אַ ערב פסח, צו מיר אַריינגעקומען, מיך אַרויסגערופן אויף דער גאַס און זיך צו מיר גע־ווענדט: דו ווייסט, אַז דיין חבר האָט נישט אויף יום־טוב? איך בין אים גרייט צו געבן, אָבער ער וועט פון מיר נישט נעמען. על כן, וועל איך דיר געבן געלט, אַז דו זאָלסט אַריינגיין צו אים און אים פאַרשלאָגן אַ הלוואה... פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דעם פּלאַן אויסגעפירט. דער ייִד האָט אַזוי אַרום געפּראַוועט יום־טוב ברחבה און נישט געוווּסט, אַז אין דעם איז ר' ברוך מאירס האַנט און דאָס איז נישט דער איינציקער פאַל.

ר' ברוך מאיר איז געווען אַ שלימותדיקער ייִד. ער האָט נישט געוווּסט פון האַלבקייטן און פון אינערלעכער צעריסנקייט. זיין ציוניזם איז אויך נישט גע־קומען צו אים פון דרויסן, נאָר פון זיין נשמה, וואָס האָט געלעכצט צו התחדשות און גאולה.

מיר וועלן דאָ ברענגען אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד, וואָס כאַראַקטעריזירט בולט די געשטאַלט פון ב. מ. ראָזענבלום.

ווען עס האָט זיך געענדיקט די ערשטע וועלט־מלחמה, האָבן די פּאָליאַקן ביי אונדז אין שטאָט זיך פאַרנומען אויף די דייטשע אָקופּאַנטן, צוגענומען ביי זיי דאָס געווער, אין מיטן גאַס אַראָפּגעצויגן פון זיי דאָס אָנטאָן און זיי געלאָזן שטיין אָדם־נאַקעט ווי אין טאָג פון געבוירן. די דייטשן האָבן פאַרלאָזט די שטאָט און די פּאָליאַקן האָבן פאַרכאַפּט אַלע אַמטן. אין צוויי טעג אַרום זענען אָנגעקומען פון לובלין פוילישע לעגיאָנערן און זיי זענען געוואָרן די מושלים. מיר האָבן געמיינט, אַז די דייטשן וועלן זיך שוין מער נישט אומקערן קיין מעזריטש.

פרייטיק צו נאַכטס זענען מיר געוואָרן איבערראַשט פון אַ שטאַרקער שיסעריי פון מאַשין־געווער און פון אויפרייסן פון האַנטגראַנאַטן. די דייטשן האָבן באַשלאָסן זיך נוקם צו זיין אין די פּאָליאַקן און אין יענער נאַכט דערהרגעט יעדן פּאָליאַק, וואָס זיי האָבן באַגעגנט אויפן וועג, און אין פּאַלאַץ פון גראַף פּאָטאָצקי פאַר־ברענט די אַלע לעגיאָנערן.

די ייִדן האָבן נישט געוווּסט פון דער ענדערונג, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, און מורא געהאַט זיך צו ווייזן אויפן גאַס. שבת אין דער פרי האָט ר׳ ברוך מאיר צונויפגעזאַמלט די נאָענטע שכנים צו זיך אין שטוב אַריין און זיך געגרייט צו שטעלן דאַווענען. פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ שטאַרק קלאַפּן אין טיר און אַ צעשראָקן קול פון איינעם, וואָס בעט זיך אין פויליש: ראַטעוועט, די דייטשן באַפאַלן די שטאָט!

די שכנים, די מתפללים, האָבן זיך געוואַקלט צי זיי זאָלן עפענען די טיר. ר׳ ברוך מאיר אָבער האָט זיי אויפגעקלערט, אַז ראַטעווען אַ נפש איז דוחה אַפילו שבת, און ער האָט די טיר געעפנט. דאָ האָט ער דערזען שטיין אַ גוי, וואָס פלעגט קערן די גאַסן, ער האָט דעם גוי אַריינגענומען אין שטוב אַריין. דער גוי האָט דערציילט, אַז די דייטשן האָבן אים נאָכגעיאָגט און זיי קענען אַ ליאַדע רגע אַריינקומען און אים נעמען. ר׳ ברוך מאיר האָט גלייך געפונען אַן עצה: ער האָט דעם גוי איינגעהילט אין אַ טלית און טאַקע באותו רגע איז אַריין אין שטוב אַ דייטשער סאָלדאַט און געפרעגט, צי ס׳איז דאָ נישט אַריינגעקומען עפּעס אַ פּאָליאַק. ר׳ ברוך מאיר האָט אים געוויזן, אַז דאָ זענען אַלע ייִדן, וואָס שטייען און דאַווענען. נאָך מער, ער האָט פאַרלאַנגט פון דייטש, ער זאָל אים העלפן ברענגען אַ ספר־תורה פון נאָענטן בית־מדרש און דער דייטש האָט אים געפאָלגט. נאָכן ברענגען די ספר־תורה האָט דער דייטש פאַרטיילט פאַר יעדן איינעם אַ ווייסע לענטע אָנצוטאָן אויפן אָרעם, אַ סימן, אַז ער איז אַ ייִד, וועט ער נאָכן דאַווענען קענען גיין אַהיים.

נאָכן דאַווענען האָט ר׳ ברוך מאיר אָנגעטאָן דעם גוי אַ לאַנגע קאַפּאָטע און אַ ייִדיש היטל און אויפן אָרעם — אַ ווייסע לענטע. אַזוי אַרום איז דער גוי אַהיימגעקומען בשלום און ר׳ ברוך מאיר האָט זיך געפרייט, אַז ס׳האָט זיך אים איינגעגעבן צו ראַטעווען אַ לעבעדיקן נפש.

**ליטמאַן געלטמאַן**

# לייזער קלאָץ

אין אַ גראָען האַרבסטיקן פרימאָרגן איז ער אויסגעגאַנגען און אין אַ פּאָר שעה אַרום איז ער צו קבורה געקומען...

עס איז געווען אַ שטילע בחורישע לוויה, אַ לוויה פון אַן איינזאַמען. קיין איין הויכער זיפץ, קיין איין טרער, בלויז דער הימל האָט מיט אַ דין רעגנדל צוגע־שפּריצט, אַ ווינטל האָט אבלדיק געברומט איבער די דעכלעך... פאַרן אָפענעם קבר האָבן אייניקע חברים געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר די ווערטער זענען זיי פאַר־גליווערט געוואָרן אין האַלדז...

וואָס זענען ווערטער קעגן אַזאַ טיפן ווייטיק!

שטום, שווייגנדיק איז מען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, מיטגענומען דעם דריקנ־דיקן צער אַהיים, אין די ענגע חדרימלעך.

— געווען אַ חבר לייזער קלאָץ — איז ער קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן!...

אַ קליינטשיקער, אַ דאַרינקער מיט אַ לענגלעך געל פאַרבלאַסט פּנים און שוואַרצע פיבערדיקע אויגן, וואָס האָבן אַ מאָל געשפּריצט מיט קרעפּטיקן הומאָר און סאַרקאַזם און אַ מאָל אָפּגעשפּיגלט אין זיך טיפן צער. ביז פופצן יאָר געלערנט אין בית־מדרש, געשמט פאַר אַן עילוי און שפּעטער האָט ער אַרויסגעוויזן די זעלביקע פעיִקייטן ביים לערנען שפּראַכן און וועלטלעכע למודים. אָנגעהויבן צו שרייבן האָט ער אין יאָר 1913, צום ערשט חסידישע מעשיות, און דערנאָך לידער. ער איז שוין דאַן געווען אַ גאָלדשמיד. ביי טאָג האָט ער געפאָרעמט און געשליפן דאָס האַרטע מעטאַלענע גאָלד ביים וואַרשטאַט און ביי נאַכט, ביים זעלביקן וואַרשטאַט, געשליפן דאָס אייגענע פאַרבלוטיקטע גאָלד פון האַרצן. יעדעס ליד— אַ צאַפּלדיקער ווײ, יעדעס וואָרט איז געווען טיף דורכגעפּילט. ער האָט געליטן פאַר אַלעמען און קיינער נישט פאַר אים, ער האָט אַלץ און אַלעמען געזען, און פון קיינעם נישט באַמערקט געוואָרן.

„דאָס לעבן פון איינעם אַ מענטש", אַ טאָג־בוך אין פּערזן, אַזוי הייסט זיין בוך לידער. און קיין זאַך כאַראַקטעריזירט נישט אַזוי דעם דיכטער, ווי אָט דער נאָמען: „דאָס לעבן פון איינעם אַ מענטש", וואָס ברענגט צום אָפענעם קבר זיינע טעג, אַלע טאָג לאָזט ער עפּעס אַראָפּ אין פינצטערן גרוב און קערט זיך אום מיט אַ פוסט האַרץ פון בית־עולם. „היינט האָב איך עפּעס גרויס צום קבר געבראַכט און שטיל אַן זיפצן האָב איך עס אין גרוב געלאָזן און מיר איז טרויעריק ביז שגעון אַצינד", זינגט ער אין איינעם פון זיינע לידער און ער פרעגט זיין האַרץ פאַר וואָס ער איז טרויעריק: „ווייניק האָסטו, ווייניק וועסטו נאָך באַגראָבן..."

און לייזער קלאָץ קראַמפּט זיך איין פון ווייטיק און וויינט נישט. נישטאָ ביי אים אין בוך קיין טרערן. אַלץ איז שטילער ווײ, ער ווערט נישט איבעררעאַשט, און ער זאָגט צום לעבן: „און אַז יעדע שעה דריקט מיט דער קני מיין האַרץ, און אַז

יעדער טאָג פאַלט אַ פרישער רידל ערד אויף מיין קאָפּ, מיט וואָס־זשע קאָנסטו מיר נאָך איבערראַשן !..."

ער גייט אַ מאָל מיט זיין שטומען צער צו דיביימער אין פעלד, רעדט זיך דורך מיט די גראָזן, מיטן ווינט, אַ מאָל, ווען ער דערפילט דעם עלנט פון וועלקנ־דיקן בוים אין האַרבסט, ווערט ער אַזוי הילפלאָז און פאַרצווייפלט: „זוכסט אַ שוץ ביי מיר, ביי וועמען עס האָט דער פרילינג קיין איין מאָל נישט אפילו אויפגעבליט, ביי וועמען עס האָט דער האַרבסט דעם שטאַם אפילו נישט געלאָזן — ביי דעם, וואָס וואַרט אַזוי ווי דיינע בלעטער דיר צופוסנס, אויף יעדן מינדסטן ווינטן־שאָרך צעשיט צו ווערן — נאָר וואַרט! מיין האַרץ האָט ווי אַ שוואָם איינגעזאַפּט אין זיך דעם גרויסן טרויער און איז נאָך אַלץ נישט זאַט: — טאָ ווייז אַהער, מיין האַרץ וועט אויך דיין צער פאַרזויפן !..." און אַן אַנדער מאָל: „מיין האַרץ איז גרויס געגוג, מיין האַרץ קאָן דורות געכט פאַרטראָגן !..."



קלאָץ איז געבליבן ביז היינט פון די אָריגינעלסטע דיכטער, ער איז געווען אייגנאַרטיק אין זיין סטיל און פאָרעם, זיינע אויסדריקן זענען ביי און פריש, ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט איבערגעריסן מיט די אַלטע פאָרמען. קיין יונגער האָט נאָך דאַן נישט געוואָגט אַרויסצוטרעטן מיט לידער אָן גראַמען: „גראַמען, דאָס זענען גאָלדענע קייטלעך אויף די הענט פון אַ דיכטער און קייטן בלייבן שטענדיק קייטן, צי פון גאָלד צי פון אייזן" — פלעגט ער זאָגן.

ער איז געווען אַ גרויסער מקפיד אויף יעדן אויסדרוק, ער פלעגט זיך אָפּט אַרומטראָגן אַ סך טעג מיט אַ ליד, ער פלעגט יעדע זאַך לאַנג און טיף דורכטראַכטן ביחידות, איידער ער פלעגט עס גיין שרייבן. און ער האָט געפילט און געגלויבט אין זיין טאַלאַנט: „אַ דיכטער, וואָס גלויבט נישט אין זיין אייגענעם שאַפן, איז גלייך ווי ער וואָלט פירן זיינע אייגענע קינדער צום ברענענדיקן מזבח פון מולך" — פלעגט ער זאָגן.

ער האָט זיך נישט געיאָגט נאָך קיין כבוד, ער פלעגט נישט זוכן, ווי אַלע יונגע געדרוקט צו ווערן, זיינע פריינד פלעגן אים טרייבן דערצו, פלעגט ער ענטפערן מיט אַ שמייכל: „האָט נישט מורא, קיין אמתע טאַלאַנטן גייען קיין מאָל נישט פאַרלוירן און דאַרפן נישט זוכן אַרויפצושווימען דורך דער פרעסע. אמתע טאַלאַנטן שלאָגן דורך בערג און פעלזן און מוזן קומען צום אויסדרוק".



ווי איז דעם גורל פון יתומים, וואָס בלייבן איבער אויף פרעמדע הענט. און ווי איז דעם גורל פון דיכטערישע לידער, וואָס בלייבן איבער נאָכן טויט.

שטאַרבט עמעצער אַן אָרעמער מענטש, איז כל זמן דער קבר איז אָפן, די וווּנד

פריש, געפינען זיך נאָך גוטע באַרמהאַרציקע מענטשן, וואָס זענען זיך מרחם אויף די יתומים, שכנים זוכן פאַר זיי אַ מקום מנוחה, קרובים — אַ תכלית, מען טוט עס דעם טויטן צוליב, וואָס קאָן צוליב זיי אין קבר נישט איינרוען, און אויך די לעבעדיקע אומגליקלעכע יתומים, וואָס רייסן אויס שטיקער האַרץ מיט זייערע הילפלאָזע טרערן און רחמנותדיקן אויסזען.

וועמען וועט אָבער איינפאַלן צו זאָרגן וועגן די יתומים פון אַ דיכטער אין געשטאַלט פון לעבעדיקע קלאָגנדיקע לידער; וועמען וועט איינפאַלן, אַז צוליב אַזוינע יתומים קען מען אויך נישט האָבן קיין מנוחה אין קבר. אויך אַזוינע יתומים פאָדערן אַ תכלית, אַ תיקון. אויך זיי האָבן אַ לעבעדיקע שפראַך, וואָס מאָנט און פאָדערט.

**יעקב באָטאַשאַנסקי** /בוענאָס איירעס

# ש. פריילאַך־ליטמאַן

ש. פריילאַך איז אין אַרגענטינע געווען דער פּאָפּולערסטער יידישער פּעליע־טאָניסט און באַליבטסטער יידישער קינדער־שרייבער — איינער פון די בעסטע און אָנערקענסטע יידישע קינדער־שרייבער בכלל. מיר האָבן געאַרבעט איבער צוואַנציק יאָר אין איין רעדאַקציע. פריילאַך איז אין זיינע לעצטע יאָרן געווען מיין נאָענטער חבר, און אפשר מער ווי דאָס, ווייל ווי מיר זענען נישט געווען פאַר־שידן אין די כאַראַקטערס, זענען מיר גע־וואָרן איינס. מיר האָבן אין איינעם געשריבן טעאַטער־רעוויס, מיר האָבן אין איינעם געשריבן דעם טעקסט פאַרן דריטן סדר פון „משה העס"־צענטער. מיר האָבן אין איינעם געפירט אַ קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער יידיש־קייט, פאַר ציוניזם. מיר זענען אין איינעם געגאַנגען קעגן דעם שטראָם, און מיך האָט פריילאַכס טויט געטראָפן מער ווי אַלע היגע יידישע שרייבער. איך בין געבליבן איינער אויפן שלאַכטפעלד...


ש. פריילאַך (ליטמאַן גאלטמאַן)

בערך אַ מאָנאַט פאַר זיין פּטירה זענען מיר ביידע געזעסן אין קאַפע „קיאטא", אויפן ראָג קאסטעלי און קאריענטעס. מיר האָבן פאַרטראַכט אַ בשותפותדיקע אַרבעט, אָדער אַן אויסגאַנג פון עפּעס אַ שווערער סיטואַציע. מיר האָט ווי געטאָן דער קאָפּ. איך האָב עס אים געזאָגט, האָט ער מיר דערויף געענטפערט:

— איך ווייס נישט ווער פון אונדז ליידט מער ווייטיק!

מיר איז אין יענעם מאָמענט קלאָר געוואָרן, אַז ער איז אַ מענטש, וואָס ליידט כסדר פיזישן ווייטיק און דערפאַר איז ער שטענדיק אַזוי פאַרביטערט און מרה־שחורהדיק, און איך האָב געטראַכט: ווי די מערסטע הומאָריסטן, איז ער פער־זענלעך אַ מרה־שחורהניק און אַ קראַנקער, און ער שרייבט הומאָריסטיש, בכדי צו פאַרטרייבן דעם אייגענעם ווייטיק און דעם אייגענעם טרויער. און בכדי צו באַזייטיקן די מעלאַנכאָליע, וואָס זיין זאָג האָט אָנגעווייט, האָב איך געמאַכט א שפּאָס און געזאָגט:

— וואָס פאַר אַ „קאַיאַף" דו ביסט! אַפילו ווייטיק פאַרגינסטו נישט יענעם און דו מוזסט זיין דער ערשטער...

ער האָט געוואָלט לאַכן און נישט געקענט. אין צוויי טעג אַרום נאָך יענעם שמועס האָט מען מיר געזאָגט, אַז מען האָט אים אַוועקגענומען אין שפּיטאָל און טאַקע באַלד האָט מען אים געמוזט מאַכן אַן אָפּעראַציע. דער כירורג, ד"ר א. קאַפּלאַן, האָט מיר נאָך דער אָפּעראַציע געזאָגט:

— אַ קישקע איז ביי אים גאַנגרענירט. עס איז געבליבן פּונקט אַזוי פיל קישקע מיט וויפל אַ מענטש קען לעבן. אויב די קראַנקייט וועט גיין ווייטער, איז ער פאַרלוירן.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ס'איז פאַטאַל. די צרה פון קראַנקייטן באַשטייט אין דעם, וואָס מ'קען זיי נישט אָפּשטעלן. זיי שטראָמען כסדר אַזוי ווי פייער און אַזוי ווי וואַסער...

און דאָס פאַטאַלע איז געקומען. אַ ווינטערנאַכט, וואָס האָט געהאַלטן ביים פאַרטאָג, האַלב זעקס אַ זייגער. אין אַ האַלבער שעה אַרום האָב איך שוין סיי ווי געדאַרפט אויפשטיין און איך בין שוין געשלאָפן דאָס לעצטע ביסל פון מיין קורצן שלאָף. דער טעלעפאָן האָט זיך צעקלונגען. מיין פרוי האָט מיר גלייך געזאָגט:

— איך האָב מורא, אַז עס קומט אַ טרויעריקע בשורה פון פריילאַכן.

זי האָט ליידער געטראָפן. אַן אומבאַקאַנט קול האָט צו מיר גערעדט לאַקאָ־ניש: „פריילאַך... נישטאָ"...

אין ווייניקער ווי אַ האַלבער שעה אַרום בין איך געווען אין שפּיטאָל און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דער גאַנצער שפּיטאָל טוליעט זיך אין שרעק פון טויט צו זיין אייגענער טונקלקייט.

איך האָב געפילט דעם ווייטיק, וואָס מען האָט ווען אַן אייגענער ווערט אַוועקגענומען פון לעבן. אַ גייסטיקער ווייטיק און דאָך אַ פיזישער. גלייך מען וואָלט נישט אויפגעהערט צו שניידן מיט אַ שטומפּיק מעסער ביים האַרצן...

בין איך אַ לאַנגע צייט אַרומגעגאַנגען אַ פאַריתומטער. מיר האָבן געהאַט געמאַכט קנאַפּע צוואַנציק יאָר אין איינעם די הומאָריסטישע רובריק פון „די פרעסע" — „עמך". איך האָב די זייט דעמאָלט געדאַרפט מאַכן אַליין און די ערשטע צייט פלעג איך וויינען, ווען איך האָב זיך געזעצט מאַכן און צונויפשטעלן „עמך". איך האָב געדאַרפט אַנדערע מאַכן פריילעך און אַליין האָב איך געוויינט. און ווען מען האָט געדאַרפט אין איין קאַרגער דריי פערטל יאָר אַרום מאַכן טעקסט פאַרן דריטן סדר, האָב איך ווידער געוויינט.

און דערנאָך... אַך, נישט אַלץ דאַרף מען דערציילן. אַ סך טרויער האָט דאָס לעבן געבראַכט אונדז און אים (יאָ, אויך אים!) ווען ער איז שוין נישט געווען צווישן די לעבעדיקע. נאָך עד היום ווערט דאָס האַרץ צעריסן טראַכטנדיק.

...פון געבוירן האָט ער געהייסן ליטמאַן געלטמאַן. עס איז נישט געווען שווער צו פאַרשטיין, אַז ער האָט געשטאַמט נישט פון קיין רייכע לייט. זייער אַ סך, וואָס הייסן רייכער און רייכמאַן, שטאַמען פון קבצנים. אַ סך קליינערס זענען הויכע און אַ סך הויכמאַנס זענען קליינטשיקע, און נישט אַלע, וואָס מען

האָט אַ נאָמען געגעבן „געלטמאַן", האָבן געהאַט געלט. דעם נאָמען געלטמאַן האָט ער אַוועקגעוואָרפן. ער האָט אים פאַרביטן אויף פריילאַך, נישט דערפאַר ווייל ער איז געווען אַזאַ פריילעכער, נאָר ווייל עס האָט אים געפעלט פרייד און ס'האָט אים געצויגן צו פריילעכקייט. דעם ערשטן נאָמען זיינעם, ליטמאַן, האָט ער נישט געוואָלט אַוועקוואַרפן, אַ סימן: ווען ער האָט גענומען שרייבן קינדער־זאַכן, האָט ער זיך אונטערגעשריבן ליטמאַן.

— פאַר וואָס זשע ש. פריילאַך, נישט ל. פריילאַך?

ער האָט געענטפערט, אַז ער האָט דאָס ערשטע מאָל טאַקע אונטערגעשריבן „ל", אָבער אַזוי ווי אין זיין כתב איז אַ למד ענלעך צו אַ שין, האָט מען געדרוקט ש. פריילאַך און אַזוי איז פאַרבליבן. איך קען אייך נישט גאַראַנטירן, אַז דאָס איז נישט געווען קיין אויסגעטראַכטער שפּאַס, אָבער אַזוי האָט ער דערציילט — אַ פאַקט איז: מיטן נאָמען ש. פריילאַך איז ער פאַרבליבן, קיינער האָט רעכט נישט געוווּסט, אַז דאָס איז אַ פּסעוודאָנים. מיט דער צייט איז צוגעקומען דער נאָמען ליטמאַן. און ער איז געוואָרן צוויי, מיט ש. פריילאַך האָט ער אונטערגעשריבן פעליעטאָנען און הומאָרעסקעס, און מיט ליטמאַן — קינדער־זאַכן.

ש. פריילאַך איז געווען אַ בר־מזל צו לייענער. זיינע פעליעטאָנען און הומאָרעסקעס האָט מען געלייענט פאַר זיך, אין ענגע געזעלשאַפטן און מען האָט זיי פאַרגעלייענט עפנטלעך. ער איז געווען דער איינציקער יידישער שרייבער אין אַרגענטינע, וואָס זיינע פּיעסן זענען געוואָרן שלאַגערס און געגאַנגען וואָכן לאַנג. זיינע פּיעסן, „אַ מאָל איז געווען אַ שטעטל", „דער רמב"ם" און „דער בעל שם" זענען געווען מער ווי צוגענגלעך פאַר אַלע. אָבער זיין דערפאָלג אַלס קינדער־שרייבער האָט איבערגעשטיגן זיין מזל־ברכה אַלס שרייבער פאַר דערוואַקסענע ליטמאַן איז געוואָרן אַ שם־דבר אין דער וועלט; ווו עס איז נאָר געווען אַ קינדער־ווינקל אין אַ יידישן בלאַט, האָט מען איבערגעדרוקט ליטמאַנס זאַכן פון קינדער־ווינקל אין „די פּרעסע", און ווען עס איז דערשינען דאָס ערשטע קינדער־ביכל זיינס, וואָס האָט געהייסן „פון אַלע זיבן זאַכן", האָבן אַלע דאָס גערופן „פון אַלע גוטע זיבן זאַכן". מיר האָבן בפועל ממש געזען, ווי ס'האָט זיך ביי פריילאַך־ליטמאַן געעפנט דער ריכטיקער שאַפונגס־קוואַל. פריִער האָט ער געדרוקט זיינע זאַכן אין קינדער־ווינקל פון „די פּרעסע" און דערנאָך זענען זיי דערשינען אין די ביכער. „אַ ליכטיקע וועלט", „פעטער שמחהס שפּאַסערייען", „מעשהלעך".

איך האָב דעמאָלט געזאָגט און געשריבן: ליטמאַנס קינדער־זאַכעלעך זענען ווי נישט געשריבן פון איין מענטש, נאָר געשאַפן פון דער נאַטור און פון לעבן אַליין. זיי זענען ממש ווי אויסגעוואַקסן פון דער ערד און פון די ביימער.

איינער פון די הויפּט־מאָטיוון אין ליטמאַנס קינדער־זאַכעלעך איז געווען דאָס פאַרבינדן זיך מיט דער אַלטער היים און מיט די זיידעס־באָבעס פון דאָרטן. נישט בלויז אויס נייגעריקייט דאַרפן קינדער די זיידעס און די באָבעס, זיי דאַרפן זיי אָרגאַניש. און אונדזערע קינדער דאָ האָבן צום מערסטן רעכט נישט געוווּסט וואָס עס מיינט אַ זיידע און אַ באָבע. ליטמאַן האָט אונדזערע קינדער פאַראייניקט

מיט זייערע עלטערנס עלטערן. אין אַזוי פיל זאַכעלעך זיינע פּליִען בריוו צו זיידעס און באָבעס. דאָס איז אַ דורכויס אַמעריקאַנישער מאָטיוו. ער איז, דאַכט זיך, דורכויס ייִדיש, און ער איז אויך אוניווערסאַל. אַ ריזיקער טייל קינדער אין אַמעריקע האָט ביז צוריק מיט אַ צייט נישט געזען קיין אייגענע זיידעס־באָבעס... שלום־עליכם האָט אין זיין „וויגליד" געזעצט אַ מאַמען זינגען איר קינד וועגן זיין טאַטן, וועלכן ער האָט נישט געקענט, ווייל ער איז געווען אין אַמעריקע. אָבער דאָס קינד צום פאָטער איז געקומען, פון די זיידעס און באָבעס איז עס אַוועק אויף אייביק.

ליטמאַן דער קינדער־דערציילער איז נאָך נישט ריכטיק אָפּגעשאַצט. ער האָט פאַרמאָגט אַזאַ געמיש פון פאַנטאַזיע און הומאָר, וואָס איז ממש אַ גליק פאַר קינדער. אין דעם זאַגעלע „ווען איך וועל געזונט ווערן", אין דעם בוך „פעטער שמחהס שפּאַסרייען" דערציילט אַ קראַנק ייִנגעלע, אַז דער דאָקטער איז ביי אים געווען און געזאָגט דער מאַמען, אַז ער וועט שוין באַלד געזונט ווערן און אַז די רעצעפּטן דאַרף מען שוין אַוועקשטעלן. דער פעטער שמחה האָט אַרויס־געוואָרפן אַלע רעצעפּטן און געזאָגט מיט אַ ניגון:

„פאַר דעם געטראַנק,
וועלכער איז געווען זויער,
דאַרף מען דעם אַפּטייקער
אַנדרייען אַן אויער.
פאַר די פּראָשקעס,
וועלכע זענען געווען ביטער,
דאַרף מען דעם דאָקטער
שמייסן מיט ריטער.
און פאַר די באַנקעס,
וועלכע זענען דיר נישט געפעלן,
דאַרף מען דעם פעטער שמחה
די מעשה דערציילן".

„דערנאָך האָט מיר דער פעטער שמחה דערציילט, אַז די זון איז היינט שטאַרק אומרויִק. זי קומט אַרויס אויף אַ רגע, גיט אַ קוק אויף דער גאַס און פאַרשווינדט, שיינט אויף און פאַרגייט. און אַלץ דערפאַר, ווייל איך בין קראַנק און זי האָט נישט מיט וועמען צו שפּילן זיך".

מען וואָלט געדאַרפט צונויפנעמען אַלע ליטמאַנס קינדער־זאַכן און אָפּדרוקן אין איין באַנד מיט אַ מאָנאָגראַפיע וועגן מחבר. ליידער איז עס ביז היינט נאָך נישט געטאָן געוואָרן.

# יואל מאַסטבוים

געבוירן אין מעזריטש 1884, געשטאָרבן אין תל־אביב 1958. זיין פאָטער יצחק איז געווען אַ פאַרטרעטער פון אַ גלאָזהוטע און אַ ציגעלניע. די מאַמע, איטע גלעזער, האָט געשטאַמט פון שעדלעץ.

ווי אַלע קינדער פון זיין צייט, האָט ער באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע דער־ציִונג. נאָך אַ יינגל איז ער צוזאַמען מיט זיינע עלטערן אַריבער וווינען אין שעדלעץ.



יואל מאַסטבוים

אינעם עלטער פון 15 יאָר האָט ער אָנגעהויבן זיין פּאָליטישע טעטיקייט, ווען ער האָט מיטגעאַרבעט מיט זיין עלטערן ברודער יודל אין דער ייִדישער סעקציע פאַר פּראָפּאַגאַנדע פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי פּ.פּ.ס. דאָס איז געווען אינעם יאָר פון דער רוסישער רעוואָלוציע, אין 1905.

פון שעדלעץ איז ער אַוועק קיין וואַרשע, ווו ער הייבט אָן זיין ליטע־ראַרישע קאַריערע. ער פאַרעפנטלעכט „ירחמיאלקע דער שמש" אין „דער וועג", וואָס איז אַרויס אין וואַרשע און איז געוואָרן רעדאַקטירט פון צבי פּרילוצקי. הלל צייטלין, דוד פרישמאַן און י. ל. פּרץ זעען אין אים אַ ליטעראַרישן טאַלאַנט און זענען אים מקרב.

דעמאָלט האָט ער אויך אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן זיינע אַרבעטן אין „רשפים", „הבוקר" און „היום", שפּעטער אין „היינט" און „מאָמענט" און אין אַנדערע אויסגאַבן. ער שליסט זיך אָן אין „די יונגע", צו וועלכע עס געהערן אויך משה סטאַווסקי, מנחם באָריישאָ, י. מ. ווייסענבערג א"אַ. זיי גרופּירן זיך אַרום הלל צייטלינען.

אין 1912 פאַרעפנטלעכט מאַסטבוים זיין בוך „סקיצן און בילדער", די דראַמאַטישע פּאָעמע „אָן אַ מעלאָדיע", אין וועלכער עס זענען קענטיק די השפעות פון וויספּיאַנסקיס „חתונה" און י. ל. פּרצעס „ביי נאַכט אויפן אַלטן מאַרק".

צווישן 1919—1922, געפינט ער זיך אין לאָנדאָן, וווּ ער אַרבעט מיט אין „די צייט", רעדאַקטירט פון מאָריס מייער. דאָרט ווערט ער אויך טעטיק אין „פּועלי־ציון". קערט זיך אום צוריק קיין פּוילן און דאָרט פאַרעפנטלעכט ער אַ ריי פון זיינע שאַפונגען: „נחומקעס וואַנדערונגען", „דריי דורות", „פּערעלעס חלום"

א״אַ. ער באַטייליקט זיך אויך אין דער יידישער פּרעסע: „היינט״, „מאָמענט״, „הצפירה״, „היום״, „נאַש פּשעגלאָנד״, „כווילאַ״ און „נאָווי דזיענניק״. אין „שריפטן״ פאַרעפנטלעכט מאַסטבוים זיין „סאַלאַמאַנדרע״ און אַנדערע דערציי־לונגען.

אין 1933 איז ער עולה קיין ארץ־ישראל און באַזעצט זיך אין תל־אביב. דאָ באַטייליקט ער זיך אין „דבר״ און פאַרעפנטלעכט אַ רייע ביכער, אַרויסגעגעבן פון „דביר״ און „מוסד ביאַליק״.

ד. ת.

# אַברהם ריינווין

געבוירן אין מעזריטש אין 1887. געשטאָרבן אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע, אין 1932. אין זיין יוגנט האָט ער געלערנט אין סלאָבאָדקער ישיבה, וווּ ער האָט זיך אויס־געצייכנט מיט גרויס חריפות און בקיאות אין לערנען. נאָכן פאַרלאָזן די ישיבה האָט ער זיך איבערגעגעבן דער ס. ס.־באַוועגונג, צוליב דעם האָט ער געמוזט עוקר זיין קיין לאָנדאָן, וווּ ער האָט אַ צייט געאַרבעט ביי פיזישע אַרבעטן און גלייכצייטיק שטודירט. פון לאָנדאָן האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין קאַנאַדע, ווייטער פאָרגעזעצט זיין שטודיום, און לסוף האָט ער גענומען מיטאַרבעטן אין „יידישן זשורנאַל״. שפּעטער איז ער דאָרט געוואָרן שעף־רעדאַקטאָר. ער האָט זיך אויך געווידמעט דער פּועל־ציון־פּאַרטיי, וועלכע האָט אים דעלעגירט אין יאָר 1927 צום ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל. אין יענעם יאָר האָט ער אויך באַזוכט זיין אַלטע היים — מעזריטש.

חוץ זיין טעגלעכער זשורנאַליסטישער אַרבעט, האָט ער אויך אַרויסגעגעבן עטלעכע גרעסערע ווערק ווי „ארץ־ישראל אין דער אַלטער און נייער יידישער ליטעראַטור״, „די געשיכטע פון יידן אין קאַנאַדע״, „די געשיכטע פון קאַנאַדע״ א״א.

דאָס לעצטע יאָר פאַר זיין טויט, האָט ער רעדאַקטירט די וואָכנשריפט „קאַ־נאַדער טריבונע״. ער האָט אויך אָנגעפירט מיט דעם קרן היסוד־קאַמפּיין אין קאַנאַדע.

(„מעזריטשער טריבונע״, 17טן יוני 1932)

פייוול פיטערמאַן

# לייב לעוו

ווי זיין פאָטער, ר׳ מאיר מורה־הוראה, האָט אויך זיין מוטער געשטאַמט פון גרויסן יחוס. וועגן פאָטער אירן, זיין זיידן, ר׳ יעקב שפּירא, דערוויסן מיר זיך פון לעוון אַליין אין זיין קורצן אַריינפיר צו זיין זיידנס היסטאָרישע פאַר־צייכענונג ״דער מעזריטשער בלוט־בלבול״ *.

״מיין זיידע״ — שרייבט לעוו — מיין מאַמעס טאַטע, הרב יעקב שפּירא ז״ל, איז געווען איינער פון די היגע גרויסע לומדים און חריפים, מחבר און אַרויסגעבער פון אַ סך ספרים, דערצו אויך אַ משכיל און מושלם״.



לייב לעוו

ווי פון אַזאַ פאַמיליע האָט לעוו באַקומען אַ שטרענג רעליגיעזע דער־ציִונג. אין די בחורישע יאָרן איז ער גע־זעסן אין בית־מדרש און געלערנט. וועגן זיין פאָרמעלער בילדונג איז מיר נישט אויסגעקומען צו הערן, וואָס איך ווייס יאָ איז, אַז ער האָט אין זיין צייט באַקומען רעכט אויף ראַבינער.

## לייב לעוו ווי אַ שרייבער

אין דעם איינמאָליקער ליטעראַרי־שער אויסגאַבע ״בליהונג״, וואָס איז דער־שינען אין מעזריטש אין יאָר 1913, אַרויסגעגעבן דורך אַ גרופּע מעזריטשער יונגע־לייט, וואָס האָבן זיך געשניטן צו ווערן שרייבער, איז לעוו נאָך נישט באַטייליקט, איז אָנצונעמען, אַז וועגן לעוון, דעם שרייבער, האָט נאָך קיינער נישט געוווּסט. לעוו ווי אַ שרייבער איז באַוווּסט געוואָרן אַ ביסל שפּעטער. ער האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין „קאַנאַדער יִדישער זשורנאַל״, ווו זיין יוגנט־חבר און פאַמיליע־פריינד, אברהם (עקיבה) ריינוויין האָט מיטגעאַרבעט און דערנאָך געוואָרן איר רעדאַקטאָר. זיינע ערשטע זאַכן זענען געווען לִיבעלידער אין

---

* הרב יעקב שפּירא האָט די דאָזיקע היסטאָרישע פאַרצייכנונג צוגעשיקט אין 1893 צו דובנאָוון און עס פאַרעפנטלעכט אין רוסיש־יידישן זשורנאַל ״יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ״. לעוו האָט עס איבערזעצט אויף יידיש און געדרוקט אין המשכים אין ״מעזריטשער וואָכנבלאַט״ אין 1927. פ. פ.

פראָזע, געווידמעט דבורהן, זיין באַשערטער. גלייך נאָך דעם האָט זיך לעוו גענומען ווייזן מיט זיינע סקיצן און דערציילונגען, קלענערע און גרעסערע. זיך געדרוקט אויך אין "קענעדער אָדלער", אין "דער פריינד", אין וואַרשעווער "עקספּרעס", "וועלט־שפּיגל", "מעזריטשער וואָכנבלאַט" א"אַ.

לעוו האָט געשאַפן אויך אין העברעיִש. אַ טייל פון זיינע זאַכן אין יִדיש האָט ער איבערגעזעצט אויף העברעיִש. זיך געדרוקט אין "הכוכב", "הכוכב לצעירים", "בדרך" א"אַ.

אין די דרייסיקער יאָרן האָט לעוו פאַרענדיקט זיין ראָמאַן "דער באָלטיק" — לעווס גרעסטער שרייבערשער פּאַרמעסט. אויב איך געדענק גוט, האָט לעוו עטלעכע קאַפּיטלען פון דעם ראָמאַן אָפּגעדרוקט אין "יִדישער זשורנאַל" אָדער "קענעדער אָדלער".

אינטערעסאַנט איז, אַז גראָד ער, דער זון פון דער פרומער לומדישער משפחה, ווערט אין זיין שאַפן זעלטן אינספּירירט פון די אַרומיקע אין זיין פּרי־ערדיקער סביבה — כלי־קודש צי סתם בית־מדרש־יִדן (זיין דערציילונג "די תקיעות" געהער צו די אויסנאַמען). לעוון האָבן מער געלאָקט די טיפּן פון פשוטן המון, ווי צב"ש דער שוסטער־געזעלן אין זיין דערציילונג "ביים ברונעם" (געדרוקט אין "וועלט־שפּיגל") אָדער די פּראָסטאַקעס, באַלעגאָלעס אין זיין ראָמאַן "דער באָלטיק", צי אַנדערע זייטיקע פיגורן, ווייטע פון זיין אייגענער און גאָענטער סביבה.

לעוו ווערט דערמאָנט אין זלמן רייזינס "לעקסיקאָן פון דער נייער יִדישער ליטעראַטור". דער פאַקט, אַז זלמן רייזין האָט אים נישט אויסגעמיטן איז אַליין שוין אַ באַווייז, אַז לעווס אַריינטריט אין דער יִדישער ליטעראַטור איז נישט געווען אומבאַמערקט.

**דער יוצא־דופן**

באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געפינען מיר שוין לעוון ווי אַ חבר אין דער נאָר וואָס אויפגעקומענער צעירי־ציון־פּאַרטיי אין מעזריטש. צו יענער צייט האָט זיך ביי אונדז אין שטאָט געשאַפן די העברעיִשע פאָלקסשול, אָדער ווי זי האָט זיך דערנאָך גערופן — די "תרבות"־שול. איינער פון אירע ערשטע לערער איז געווען לייב לעוו. די תלמידים האָבן דעם לערער לעוו זייער ליב געהאַט און געהאַט פאַר אים אַ באַזונדערן דרך־ארץ.

אַ זעלטענע פּערזענלעכקייט, דערצו אַ הדרת־פּנים, האָט לעוו שוין דעמאָלט געוועקט צו זיך די אויפמערקזאַמקייט און דעם דרך־ארץ פון יעדן איינעם.

לעוו אַליין, ווי איך האָב אים דערנאָכדעם גוט געקענט, האָט קיין מאָל זיך נישט געגרויסט, קיין מאָל זיך נישט געשטעלט העכער פאַר אַ צווייטן. דאָס האָט זיך געזען אין זיין פאַרהאַלטן זיך מיט מענטשן, אין זיין איידעלן באַנעמען זיך צו יעדן איינעם. לעווס איידעלע מאַניערן וואָלטן ביי אַן אַנדערן אפשר אויסגעזען איבערגעטריבן, אָבער ביי לעוון איז דאָס געווען נאַטירלעך.

לעוו איז אין שטאָט געווען באַוווסט, ווי דער לערער פון דער "תרבות"־שול, וואָס איז פאַרליבט אין יידיש. באמת, לעוו האָט ליב געהאַט יידיש. ער איז געווען אַנטציקט פון גיכן וווקס פון דער יידישער ליטעראַטור. לעוו איז אָבער נישט געווען קיין יידישיסט, על כל פנים, נישט אין דעם זין, ווי מען האָט עס דאַן פאַרשטאַנען.

אין דעם "קולטורקאַמף", וואָס איז אָנגעגאַנגען אַרום דער פראַגע יידיש־העברעיש און פאַרשאַפט נישט ווייניק בייז בלוט, האָט לעוו קיין מאָל קיין אָנטייל נישט גענומען. לעוו איז פון דער נאַטור נישט געווען קיין קנאי; ער האָט נישט פאַרטראָגן, נישט די קנאות פאַר עברית און נישט די קנאות פאַר יידיש. לעוו האָט איבערהויפּט פיינט געהאַט דעם פאַנאַטיזם, פאַנאַטיזם פון וועלכן צד עס זאָל נישט זיין — אויך נישט פון זיין אייגענעם צד.

און ווי אַ ציוניסט:

אין די יאָרן 1929—30 איז לעוו — אַ ציוניסט בלב ונפש — געווען מורשה פון קרן־קימת אין מעזריטש. לעוו האָט אָבער אויסגעמיטן צו זיין פאַרמישט אין די צווישן־פאַרטייאישע קריגערייען, וואָס האָבן אין שטעטל אָפּט געפירט צו פערזענלעכע באַליידיקונגען און זידלערייען.

אין יאָר 1928, ווען די ציוניסטן האָבן נישט געקענט מער אויסקומען מיט די פאָלקיסטן און דעריבער פאַרלאָזט דאָס בשותפותדיקע "מעזריטשער וואָכנבלאַט" און זיך געשאַפן זייער אייגענע צייטונג "מעזריטשער טריבונע" — האָט לעוו זיך מער נישט באַטייליקט אין "מעזריטשער וואָכנבלאַט", אָבער אויך נישט אין "מעזריטשער טריבונע". לעוו האָט פיינט געהאַט מחלוקת אַפילו ווען לשם שמים. איז טאַקע לעוו געווען דערמיט אַ יוצא דופן. לעוו האָט זיך אויך אויסגעטיילט מיט זיין פּינקטלעכקייט. די אָנגענומענע דעה וועגן דער יידישער פּינקטלעכקייט איז גוט באַקאַנט. ביי לעוון איז די פּינקטלעכקייט געווען איינע פון די גרונט־שטריכן פון זיין כאַראַקטער. און ווען מיר זאָגן פּינקטלעכקייט שליסט עס אויך איין געאָרדנטקייט, אַקוראַטנעקייט. ווי ביי אַ לערער און דערציער, איז אויך דאָס געווען, צווישן אַנדערע, איינע פון זיינע מעלות טובות.

## אין שטוב ביי לעוון

די לעצטע עטלעכע יאָר פאַר מיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל, בין איך אָפּט געקומען צו לעוון. איך בין נישט געווען דער איין־און־איינציקער, עס זענען געקומען נאָך אַנדערע. איינער פון זיי איז געווען לייבל גלוזשניידער — לעווס בעסטער חבר און נאָענטסטער פריינד — אַ ביז גאָר איידעלער און אינטערעסאַנטער יונגער־מאַן; פון די אָנגעזעענסטע חברים אין "התאחדות" אין זיין צייט, און פון די ערשטע לערער אין "תרבות"־שול ביי אונדז אין שטאָט, דערנאָך געאַרבעט אין דער צענטראַל־ביוראָ פון קרן קימת אין וואַרשע. ער פלעגט זיך אַ מאָל אַראָפּכאַפּן קיין מעזריטש אויף אַ שבת, פלעג איך דאַן שבת נאָך מיטאָג אים טרעפן ביי לעוון. מיר פלעגן אַלע זיצן אַרום טיש: לעוו און זיין האַרציקע פרוי

לעבן אים (זייער ליב און גרויסן יינגעלע, יאַנקעלע, איז דעמאָלט, מיין איך, אַלט געווען זעקס־זיבן יאָר), לייבל גלוזשניידער און אַנדערע פון די אָריינ־קומערס. לעוו האָט ליב געהאַט פּאָרצולייענען אויפן קול. ער פלעגט יעדע וואָך דערהאַלטן די "ליטעראַרישע בלעטער", פלעגט ער אָפּט פאָרלייענען פון דאָרט די לידער, פון וועלכע ער האָט באַזונדער הנאה געהאַט. לעוו האָט איבערהויפּט געהאַט אַ געוואַלדיקן פּיעטעט פאַר אַ גוט, עכט ליד. אין יענער צייט האָט ברוך אַליצקי זיך באַוויזן אין די "ליטעראַרישע בלעטער" מיט זיינע וווּנדערלעכע, קרעפטיקע דאָרף־פּאָעמעס. דאָס איז געווען אין 1929 אָדער 1930. ברוך אַליצקי איז דאַן געווען לערער אין מעזריטש, צוזאַמען מיט זיין עלטערן ברודער, דעם דיכטער און דערציילער לייב אַליצקי. אין יענער צייט, צי אַ ביסל שפּעטער, האָט זלמן שניאור געדרוקט אין "מאָמענט" (אין דער שבת־צייטונג) זיין גרויס ווערק וועגן די שקלאָווער יידן, "נח פּאַנדרע" און אויך דעם ראָמאַן "דער רבי און דער קיסר" א"אַ. לעוו איז געווען שטאַרק באַאיינדרוקט פון דעם דאָזיקן ווערק. מיט אויסערגעוויינלעכער הנאה פלעגט ער דאָס פאָרלייענען. אַ מאָל פלעגט אַן אַנדערער לייענען. אַז לעוו האָט אָנגעשריבן אַ דערציילונג אָדער פאַרענדיקט אַ ניי קאַפּיטל פון זיין ראָמאַן "דער באַלטיק", האָט ער עס פאַר אונדז געלייענט. אַ מאָל, כדי מיך מקרב צו זיין, פלעגט ער מיך אויפרופן און כמעט צווינגען איך זאָל עפּעס לייענען פון מיינע ערשטע פּרוּוון...

נישט געקוקט אויף דעם גרויסן אונטערשייד אין יאָרן (איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַכצן־ניינצן יאָר) האָב איך זיך פון דעסטוועגן אין דער עלטערער, געהויבענער געזעלשאַפט, געפילט גאַנץ גוט. לעוו איז מיר געווען זייער נאָענט. פאַרשטייט זיך, אַז מיין דרך־ארץ צו לעוון איז געווען, ווי פון אַ תלמיד צו זיין רבין.

## אויך יידיש דאַרף מען לערנען

אין יענע יאָרן איז זייער אַ סך געטאָן געוואָרן צו פאַריידישן דעם דיי־טשישן קאָמפּאָנענט, וואָס נעמט זיך — ווי מיר ווייסן — פון אַלט האָך־דייטש פון צוריק מיט זיבן־אַכט הונדערט יאָר, אויב נישט נאָך מער. לעוון האָבן די אויפטוען פון די יידישע געלערנטע אויף דעם געביט זייער אינטערעסירט. לעוו אַליין האָט שוין אויך זיך אָפּגעגעבן מיט יידישער לינגוויסטיק און קאָרעספּאָנדירט מיט די דעמאָלטדיקע גוט־באַוווּסטע יידיש־פאָרשער: מאַקס וויינרייך, נח פּרילוצקי א"אַ. לעוו האָט צו זייערע אַרבעטן נישט וויניק בייגע־טראָגן, פאַר וועלכן זיי האָבן אים באַשאָנקען מיט דאַנקבריוו און שטאַרק געלויבט. איך וויל דערמיט נישט זאָגן, אַז אַלץ ווי ער האָט אָנגענומען איז געווען ריכטיק און אָנערקענט געוואָרן, אָבער אַ סך פון זיינע דעמאָלטדיקע שפּראַכלעכע אויפטוען געהערן היינט צו די געוויינלעכע און אָנגענומענע כללים פון דעם מאָדערנעם נייעם יידיש.

אין "מעזריטשער וואָכנבלאַט", ווו ער איז געווען מיטרעדאַקטאָר און אין הלכות ייִדיש — איר פוסק עליון, האָט לעוו, ווי אַ סך גדעקנקען, אָפּגעדרוקט אַ מאָל אַ ווינטשעוואַניע צו דער חתונה פון אַ יונג פּאָרל און זיי געווונטשן אַנשטאָט אַ גליקלעכע צוקונפט — אַ גליקלעכן "צוקום". מעזריטשער לייענער האָבן אונטערגעשמייכלט... און אַז לעוו האָט געשריבן אַנשטאָט אַרבעטסלאָז, אַרבעטלויז — איז דאָך אַוודאי געווען נאָר צום לאַכן. אָבער אַז לעוו שרייבט אַזוי — האָבן מעזריטשער געזאָגט — מסתמא ווייסט ער. אַנדערע האָבן זיך געהאַלטן ביי זייערס, אַז ייִדיש קאָן מען שרייבן ווי מען וויל, אַז אויף ייִדיש זענען נישט חל די כללים פון אַ שפּראַך. אָט די אַנגענומענע דעה האָט לעוו געוואָלט ענדערן, האָט ער, דער לערער און דערציִער, אין שטוב, אין גאַס און אומעטום, זיך באַמיט צו רעדן, ווי ער שרייבט, און דורך דעם נישט איינעם געלערנט, אַז ייִדיש קען מען נישט פון זיך אַליין, אַז אויך ייִדיש דאַרף מען לערנען. און דאָ רעדט זיך נישט בלויז אין אויסלייג לויטן ייִוואָ. מעזריטשער ייִדן האָבן נישט געקאָנט אונטערשיידן בעתן רעדן און במילא נאָך שווערער בעתן שרייבן — פון אַן א׳ ביז אַ ה׳. אין לעווס רעדנס־אַרט האָט מען דעם אונטערשייד געהערט. און דאָס איז נאָר איין ביישפּיל פון אַ סך (דאָס איז אויך געווען זיין שיטה אויף זיינע לעקציעס פון העברעיִש). פון לעוון דעם לערער און דערציִער האָבן אַלע אין מעזריטש געלערנט, אויך ייִדן פון דער גאַס, און נישט בלויז די תלמידים זיינע.

**זיין גיין דעם לעצטן וועג**

וועגן דעם אומקום פון לייב לעוו, דעם פּאַל, וואָס דערמאָנט אונדז אין יאַנוש קאָרטשאַק, האָט מיר דערציילט בערל מאָנפּערל ז״ל. ס׳איז געווען ווען די נאַציס האָבן פאַרשלאָסן עטלעכע טויזנט ייִדן אין שול און זיי געהאַלטן דריי טעג און דריי נעכט אין שרעקלעכער ענגשאַפט, אָן עסן, אָן טרינקען, ביז זייער אָפּגעשיקט ווערן אין טרעבלינקע און מאַידאַנעק. לעוו האָט זיך געפונען צווישן די אָפּגעשלאָסענע אין שול. דער יודענראַט האָט געמאַכט אַלע באַמיִונגען אים אַרויסצובאַקומען, און ס׳איז זיי געלונגען צו קריגן פאַר אים אַ דערלויבעניש; האָט מען פון דרויסן אַריינגעשריגן און מודיע געווען לעוון, אַז ער איז פריי, ער זאָל אַרויסגיין. אַ שליח פון יודענראַט, וואָס איז אַריינגעלאָזט געוואָרן, איז צו אים צוגעשטאַנען, אים געבעטן, ער זאָל אין שול נישט בלייבן. די אַלע רייד האָבן נישט געהאָלפן. "איך וועל נישט גיין — האָט לעוו געזאָגט — איך וועל נישט לאָזן דאָ אַלעמען און ראַטעווען נאָר זיך אַליין"...

און ווען מ׳האָט דערנאָך די ייִדן פון שול געפירט צום באַן לענג־אויס דער בריקן־גאַס, האָט מען אים געזען: זיין פּנים מיטן רונדן בערדל — פאַרפלאַמט, רויט; זיין פיגור — נישט געבויגן, הויך, שטראַם, איין הויז פאַרקאַשערט אויף אַרויף...

ער איז געגאַנגען פאָרויס.

ער איז געגאַנגען דער ערשטער אין דער פאָדערשטער ריי פון לאַנגן צוג — גבוה מכל העם!

אַזוי, אין איינעם מיט דער גאַנצער עדה, איז דער לערער און דערציִער געגאַנגען זיין לעצטן וועג.

**יעקב בויגנמאַן/ירושלים**

# אברהם געלמאַן

ווי דער רוב ייִדישע יוגנטלעכע יענע יאָרן, האָט אויך אַברהם געלמאַן באַקומען זיין בילדונג אין חדרים און ישיבות. שוין אין די יונגע יאָרן האָט ער זיך אויסגעצייכנט צווישן די תלמידים מיט זיין שאַרפקייט און בקיאות. צווישן די בחורים אין בית־מדרש, מיט וועמען ער האָט צוזאַמען געלערנט, איז ער געווען באַקאַנט מיטן נאָמען: „אַברהמעלע דער למדן און עניו". צו 16 יאָר האָט ער שוין געהאַט סמיכות אויף רבנות.


אברהם געלמאַן

אין מעזריטש איז ער געווען אַ לערער אין תלמוד־תורה און אויך געגעבן פּריוואַטע לעקציעס. ער איז געווען זייער צוגעלאָזן צו זיינע תלמידים. ער האָט קיין מאָל נישט געענטפערט זיי מיט רוגזה, און ווען געוויסע תלמידים האָבן אים שוין איבער דער מאָס אַרויסגעבראַכט פון די כלים, האָט דאָס אים געקאָסט זיין געזונט. געווען איז ער אַ מענטש פון מיטעלן וווקס, מיט אַ קמץ־בערדל. ער האָט געהאַט אַ שוואַכע ראיה, און ווי דער שטייגער פון די אַמאָליקע מש־כילים, האָט ער געטראָגן ברילן, אַנגעזאָטלט אויף דער נאָז און אָנגעהאָנגען אויף אַ קייטל.

אין גאַס האָט מען אים תמיד געזען מיט זיין שטעקן מיטן זילבערנעם הענטל. ער איז זיך געגאַנגען מיט זיין געלאַסענעם טראָט, און שטענדיק דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט.

אין מעזריטש איז ער געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך גענומען באַווייזן מיט זייער שרייבערישן טאַלאַנט. אין דעם איינמאָליקן העפט „בליהונג",

וואָס איז אַרויס אין מעזריטש אין 1913, איז ער געווען פאַרטרעטן מיט לידער און פאַרנומען דאָס סאַמע בולטסטע אָרט. אברהם געלמאַן האָט זיך דערנאָך באַטייליקט מיט הומאָריסטישע שאַפונגען אין די צייטונגען „היינט" און „מאָמענט", פאַר וועלכע ער פלעגט באַקומען האָנאָראַר. נישט ווייניק פון זיינע וויצן זענען דערנאָך אַריבער אין די קאַלענדאַרן און ווי אַ פאָלקס־יצירה זיך פאַרוואַנדלט אין נחלת הכלל.

אַ קאָנצענטרירטער אין זיך און מיט די אַלע דאַגות זיינע אויפן פנים, איז קיינעם גאָר נישט איינגעפאַלן, אַז אָט דער מענטש פאַרמאָגט אין זיך אַזוי פיל פאָלקסטימלעכקייט און אַזאַ שפרודלדיקן הומאָר. קונה שם געווען האָט ער זיך אָבער נישט מיט זיינע וויצן, נאָר מיט זיין ערנסט שאַפן. אין „מעזריטשער וואָכנבלאַט", וואָס האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין אין 1926סטן יאָר, איז אַברהם געלמאַן געווען איינער פון אירע מיטבאַטייליקטע. ער האָט דאָרט געדרוקט זיינע דערציילונגען פון „אַלט מעזריטש". זיינע זאַכן האָבן זיך אויך באַוויזן אין אַנדערע פראָווינצער אויסגאַבעס. צו יענער צייט האָט ער זיך אויך געדרוקט אין „יידישן זשורנאַל", „קענעדער אַדלער" א"אַ. ווען ס'האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין די „מעזרי־טשער טריבונע", האָט ער דאָרט געדרוקט זיינע לידער און דערציילונגען. געלמאַן האָט אויך געשאַפן אין עברית און זיך געדרוקט אין „הצפירה", „העולם", „הכוכב", „בדרך" א"אַ. ער האָט אויך געשריבן לידער און דערציילונגען פאַר קינדער. אַ טייל דערפון איז געדרוקט געווען אין „כוכב קטן לצעירים".

אַברהם געלמאַן האָט אויך איבערזעצט פון רוסיש אויף יידיש און העברעיש. מיט דעם שרייבער און ליטעראַטור־קריטיקער אַהרן בעקערמאַן, וואָס איז געווען זיין קוזין און געוווינט אין פאַריז, איז ער געשטאַנען אין בריוולעכן קאָנטאַקט. ביידע האָבן זיי זיך דורכגעשריבן איבער ליטעראַטור און שרייבער. א. געלמאַן האָט בעקערמאַנס אַ סך זאַכן איבערגעזעצט אויף יידיש. צווישן אַנדערע — בעקערמאַנס גרויסע אָפּהאַנדלונג איבער דעם רוסישן שרייבער דאָסטאָיעווסקי.

א. געלמאַן איז געשטאָרבן אין בריסק אין יאָר 1937.

**לאה׳קע (צוקערמאַן)**/תל־אביב

# בערל

אַ מענטש וואָס שטאַרבט נישט קיין מאָל, וואָס בלייבט לעבן נישט בלויז אין האַרץ פון דער נאָענטער משפּחה, נאָר אויך אין זכרון פון פריינד און די אַלע וואָס האָבן אים געקענט, געלעבט אין זיין סביבה. זיין פּנים האָט שטענדיק געשטראַלט מיט אַ ליבן שמייכל פאַר יעדן, מיט בטחון אין מאָרגן, און דערביי האָט ער נישט פאַרגעסן דעם נעכטן, נישט געלאָזט פאַרגעסן, ביי יעדער געלעגנהייט דערמאָנט און דורכגעלעבט די צרות ביז צום אויפ־רייסן די ווונדן.


בערל מאַנפערל

זיינע ווייסע האָר זענען געוואָרן וואָס אַ מאָל ווייסער דערמאָנענדיק זיך, וואָס דאָס יידישע פאָלק, און ער צווישן זיי, האָט דורכגעמאַכט. מיט שנאה צו די דייטשן, די מערדער, איז ער געווען דורכגעזאַפּט ביז צום סוף פון זיין לעבן.

איך געדענק דאָס יאָר 1945, ווען איך בין צוריקגעקומען פון די לאַגערן: בערלס נאָמען איז געווען אויף די ליפּן פון יעדן ייד פון אונדזער שטאָט מעזריטש און אויך פון די יידן, וואָס זענען פון דער סביבה אַריינגעפאָרן קיין מעזריטש.

בערל האָט פאַרזאָרגט די צוריקגע־קומענע מענטשן פון די לאַגערן, בונקערס אאַז״וו מיט אַרבעט, מיט אַ דירה. ווער עס האָט געהאַט אַ שווער האַרץ (און ווער האָט עס דען נישט געהאַט קיין אָנגעווייטיקט האַרץ?) איז געקומען צו בערלען.

איך האָב באַגעגנט בערלען אין יידישן קאָמיטעט, ווו ער האָט געאַרבעט אָן אַ לוין. ווען מען האָט אים באַשטעטיקט אַ געהאַלט, האָט ער עס אָפּגעגעבן פאַר צוריקגעקומענע קאַצעטלער. ער האָט געטענהט: וואָס דאַרף איך געלט? איך האָב צו עסן אין קאָמיטעט, אַ טשוואָק אויף דער וואַנט אויפצוהענגען דעם מלבוש, און דאָס איז מיר גענוג. די קאַסע איז דאָך ליידיק, ווו זאָל מען נעמען געלט פאַר די צוריקגעקומענע פון די לאַגערן?

זיין איינציקע טרייסט איז געווען דאָס קינד, איינס פון די דריי קינדער זיינע, פון וועלכע צוויי זענען אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פרוי.

די צייט נאָך דער מלחמה איז אַ גאַנץ באַזונדער קאַפּיטל. די מענטשן, וואָס זענען לעבן געבליבן, האָבן זיך אָנגעהויבן צוריק אויפבויען. עס איז געוואָרן

אַ גראַנגל, אַ געלויף נאָך געלט, אָבער נישט בערל. ער האָט געהאַט איין ציל: אַוועקצושיקן וואָס מערער מענטשן קיין ישראל און אויך צוזאַמען מיט זיין קינד דאָרט אַוועקצופאָרן.

עס איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן דאָס דורכצופירן. די או. בע. האָט גוט געאַרבעט אין פוילן מיט דער הילף פון דער יעווסעקציע, און נישט איין מאָל איז בערל געווען אין געפאַר אָפּגעשיקט צו ווערן אין תפיסה. מען האָט אים געוואָרנט (די אייגענע חברים, וואָס האָבן מיט אים געאַרבעט אין קאָמיטעט, די קאָמוניסטן), אַז מען וועט אים אַוועקשיקן צו די ווייסע בערן...

איך געדענק, ער האָט מיר דערציילט פאַלגנדיקן עפּיזאָד: אין וואַרשע, אויף פּראַגע, איז געשטאַנען אַ פאַרלאָזן הויז, וואָס איז געווען שטאַרק צעשטערט פון די באָמבעס, נאָר איינצופאַלן. עס איז געווען אַ געפאַר פאַר מענטשן דאָרט צו וווינען. מען האָט געוואָרנט די מענטשן, זיי געבעטן נישט אַריינצוגיין אין דעם הויז, אָבער דער מאַנגל אין וווינונגען נאָך דער מלחמה איז געווען אין וואַרשע זייער גרויס. די צוריקגעקומענע פון די לאַגערן, פאַרצווייפלטע און קראַנקע, האָבן נישט געפאָלגט און זיך דאָרט באַזעצט. דאָס הויז איז אין אַ געוויסער נאַכט איינגעפאַלן, און אַ גרויסע צאָל מענטשן זענען דאַן אומגעקומען. דאָס איז געווען אַ טראַגעדיע נישט צו באַשרייבן. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אומגליק איז אַראָפּ־געקומען אַ קאָמיסיע פון מיליטערלייט, רוסישע פּולקאָווניקעס, מאַיאָרן און אַנדערע. עס איז גערופן געוואָרן אַ זיצונג פון קאָמיטעט. בערל איז געווען אַ פאָרשטייער פון פּועלי־ציון. נאָך דעם, ווי די רוסן האָבן אָפּגענומען אַ באַריכט, האָט איינער פון זיי אַ פרעג געטאָן: „וואָס האַלט איר דאָ די יידן, פאַר וואָס שיקט איר זיי נישט אָפּ?" און דאָ איז געשען אַ זאַך, וואָס בערל האָט קיין מאָל נישט פאַרגעסן. ווען דער פאָרשטייער פון די קאָמוניסטן האָט זיך געפּרוווט פאַר־ענטפערן, אַז מען האָט געוואָלט די יידן אָפּשיקן קיין שלעזיע, האָט דער רוסישער מאַיאָר געגעבן אַ זאָג „פּאַלעסטינע!" בערל איז געוואָרן מלא שמחה, און דער קאָמוניסט איז געבליבן אָן לשון. נאָך דעם האָט בערל פאַרגעזעצט זיין אַרבעט. עס זענען פאַראַן אַ סך מענטשן אין ישראל, וואָס האָבן בערלען צו פאַרדאַנקען זייער זיין אין ישראל.

ער אַליין האָט נאָך נישט געקענט אַוועק, מען האָט אים געדאַרפט אויף דעם פּלאַץ, און דאַן האָב איך באַגעגנט בערלען. אַליין צוריקגעקומען פון מיידאַנעק, אוישוויץ, ראַווענסברוק, בערלין. דורכגעמאַכט דעם טויטן־מאַרש. געקומען אַ קראַנקע, צעבראָכענע, פאַרלוירן די גאַנצע פאַמיליע, טאַטע־מאַמע, ברודער, קינד און מאַן. אַליין אַ דערשלאָגענע מיט אַ גרויסן ווייטיק אין האַרץ און מיט אַ פראַגע אויף די ליפּן: געבליבן לעבן? צו וואָס? דעם ענטפער האָב איך געפונען ביי בערלען. ווען איך האָב אים נענטער דערקענט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז פאַר דעם מענטש איז כדאי געווען צו בלייבן לעבן, אַז אונדזער גורל איז פאַרבונדן, אַז אונדז בינדט דאָס פאַרגאַנגענע: די צרות, די פּיין, די געבוירן־שטאָט, אַז מיר וועלן זיך פאַרשטיין, מיר וועלן קיין מאָל איינער דעם צווייטן נישט פרעגן:

פאַר וואָס ביסטו טרויעריק? פאַר וואָס וויינסטו? פאַר וואָס זענען אונדזערע יום־טובים פאַרשטערטע? פאַר וואָס קענען אונדזערע שמחות נישט זיין קיין פולשטענדיקע? פאַר וואָס קענען מיר נישט פּראַווען קיין שמחות, ווי 10 יאָר חתונה, 20 יאָר חתונה? ווייל צווישן אונדז שטייען אונדזערע קדושים און מיר ביידע ווילן זיי נישט אַוועקטרייבן, מיר לעבן מיט זיי און זיי מיט אונדז און אין אונדז.

דער וועג קיין ישראל איז געווען נישט קיין לייכטער, נישט געפאָרן, ווי מען פאָרט היינט אויף אַ לוסטרייזע. בערל האָט באַקומען אַ סערטיפיקאַט בלויז אויף זיין נאָמען. האָט ער מיט ווייטיק געמוזט אָפּזאָגן נעמען אים, ווייל ער האָט נישט געוואָלט לאָזן מיך אַליין אין וואַרשע. מיר אָבער איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק וואָס שנעלער צו פאַרלאָזן פּוילן, זאָל זיין דערווייל קיין פראַנקרייך. בערל וועט פאָרן קיין ישראל, און איך וועל זוכן אַ וועג נישט לעגאַל. מיר האָבן זיך געזעגנט אין פּאַריז, אָבער נישט אויף לאַנג. איך בין געבליבן אין מאַרסיי, אויסגעקוקט אַ געלעגנהייט אַרויפצוגיין אויף אַ שיף, און דאַן איז מיר צוהילף געקומען מיין פעטער יעקב ווישניע (ער האָט מיך באַגלייט קיין מאַרסיי). ער האָט פאַרפירט אַ געשפּרעך מיט דעם קאַפּיטאַן פון דער שיף און אים פאַרגעלייגט, ער זאָל אים דערלויבן אַרויפגיין באַקוקן די שיף. דער קאַפּיטאַן אָבער האָט נישט געוואָלט דערלויבן און זיי זענען אַריין אין אַ מחלוקת, זיך שטאַרק צעווערטלט. דאַן האָב איך אויסגענוצט די געלעגנהייט און אַרויף אויף דער שיף, זיך באַהאַלטן אין אַ קאַבינע, ביז די שיף איז אָפּגעפאָרן אַ היפּש שטיק פון ברעג.

ווען מיט יאָרן שפּעטער האָב איך זיך באַגעגנט מיט מיין פעטער, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס האָט ער בכיוון „פאַררעדט" דעם קאַפּיטאַן, איך זאָל קאָנען אַרויף אויף דער שיף...

## בערל אין געטאָ

בערל האָט געהאַט אָפענע אויגן און אויערן פאַר יעדן, וואָס איז געקומען צו אים מיט אַ בקשה. אַ מיטגליד פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע און פאַרבונדן מיט דער צענטראַלע אין וואַרשע, האָט ער אויסגענוצט די שטאַרק קראַנקע, הונגעריקע, געטרייסט זיי מיט אַ גוט וואָרט און זיי געהאָלפן מיט דער קליינער הילף, וואָס איז געשטאַנען צו זיין דיספּאָזיציע. ער איז נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט און געוואַרט אויפן טויט, הגם ער האָט געוווסט, אַז דער טויט איז אומפאַרמיידלעך. דער שטאַרקער ווילן צו לעבן, און ווי ער האָט דאָס אָנגערופן — צו זען דעם אומקום פון שונא — האָט אים מיטגעהאָלפן דורכצוּ־מאַכן דעם ביאַלער לאַגער, דעם טראַגישן טויט פון זיין קליין זונעלע שמחהלע, וואָס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך אינטעליגענט קינד, אַליין דורכצוגיין אַ שווערן טיפוס און דערביי צו ראַטעווען דאָס איינציקע קינד. אין מוראדיקע באַדינגונגען האָט ער דורכגעמאַכט די לעצטע אויסזידלונג (די 5טע אַקציע), מיט אַ צעבראָכן האַרץ זיך צוגעהערט ווי די יידן אויפן זאַמלפּלאַץ, פון וואַנען מען

האָט זיי אָפּגעשיקט, האָבן געזונגען דאָס ליד „וווהין זאָל איך גיין?". מיט די לעצטע כוחות האָט ער ביי נאַכט דורכגעכאַפּט זיך דורך די שטילע אויס־געשטאָרבענע געסלעך, דורך דער לאַנקע, און דורך זשעלאַזנע אַוועק אין דעם אויסבאַהאַלט צו אַ קריסט, און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרישע פרשהליידן.

אונטער אַ פאַרמויערטער וואַנט, אָן ליכט און כמעט אָן לופט, ווינטער, ביי אַן אייזווואַנט, צו וועלכער ביים שלאָפן ווערט ־אָס אָנטאָן צוגעפרוירן, אין שרעק פאַר יעדן העכערן וואָרט, פאַר יעדן געשריי פון די ווילדע בעסטיעס אויף דער גאַס, אויסגעשטעלט אויף דעם מצב רוח פון די, וואָס האָבן אים אויסבאַהאַלטן (פאַרשטייט זיך, פאַר אַ שיינעם לוין) — האָט בערל דורכגעמאַכט 16 מאָנאַטן. דעם כוח דאָס אויסצוהאַלטן האָט אים געגעבן דאָס קליינע קינד זיינס אַביבהלע. ווי אַ ווידערקול איז בערלען נאָכגעגאַנגען דאָס גאַנצע לעבן דאָס געוויין פון דעם קינד ווען זי האָט געבעטן ברויט. ער פלעגט ביי נאַכט זיך אויפכאַפּן ווען עס האָט זיך אים געדוכט, אַז דאָס קינד שרייט: „כלעב!"

נאָך 16 חדשים, ווען די רוסן האָבן פאַרנומען די שטאָט און די באָמבעס זענען נאָך געפאַלן, איז בערל מיט זיין קינד אַרויס פון בונקער אַ קראַנקער, אַ צעבראָכענער, מיט אַ שטעקן, איינגעבויגן, ממש אויף פיר, האָט ער אָנגעהויבן זיך אַרומקוקן און גלייך געוווסט וווהין ער זאָל גיין: ער האָט נישט געוואָלט אָנהייבן טאָן עפּעס אין פוילן; געבוג געבויט פאַר די גויים. ער האָט זיך גע־שטעלט אין פאַרבינדונג מיט זיינע פריינד, חברים, און איז אַוועק קיין וואַרשע.

## בערל ביי דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט

מערקווירדיק, ווי דער מענטש האָט קיין מאָל נישט גערעדט וועגן זיך, קיין מאָל נישט דערמאָנט וועגן זיך, וועגן זיין טעטיקייט פאַר דער פאַרטיי, פאַר ישראל. בערל האָט אָפּגעגעבן זיין גאַנצע פרייע צייט און נישט איין מאָל פאַר־נאַכלעסיקט די אַרבעט אין זיין פאַבריק צוליב זיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. און נישט איין מאָל, ווען די קאַסע איז געווען ליידיק, האָט בערל זיין אייגן געלט אָפּגעגעבן דער פאַרטיי, ווייל פאַרטיי איז געווען ארץ־ישראל, און דאָס איז ביי אים געווען אויפן ערשטן אָרט.

ווען מען האָט געשאַפן אין מעזריטש אַ דראַמאַטישן קרייז, איז ער געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך באַטייליקט. בערל איז אויפגעטרעטן אין פאַרשי־דענע פּיעסעס, צוזאַמען מיט מאַרעווסקין אין „דיבוק" א״אַ. די פאָרשטעלונגען האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג נישט בלויז אין מעזריטש, נאָר אויך אין אַרומיקע שטעטלעך, ווי ביאַלע, שעדלעץ, ראַדזין א״אַ.

ווען עס איז געקומען אַ גאַסט פון ישראל, צי דאָס איז געווען לייב יפה ז״ל צי ד. ב. מאַלקין ז״ל, צי אינזש. א. רייס, איז ביי אים געווען אַ יום־טוב; ער מיט זיין חבר סאַפּאָזשניקאָוו האָבן שוין געהאַט אַרבעט: אָרגאַניזירן פאַרזאַמלונגען און פאַרזאָרגן די געסט מיט אַלעמען.

בערל געהאַט אַן אָנגענעמע שטימע און געקענט פאַראינטערעסירן מיט

זיינע רייד, האַלטן אין שפּאַנונג. יעדעס וואָרט זיינס איז געווען געוויכטיגן און געמאָסטן, מיט אַ וויץ, מיט אַ ביישפּיל, מיט אַ געלונגענעם פאַרגלייך; ביז זיינע לעצטע טעג האָט ער נישט פאַרלוירן דעם חוש פאַר הומאָר און שוין כמעט די לעצטע טעג פאַרן טויט האָט ער מיר דערציילט אַ וויץ, וועלכן איך וויל דאָ דערמאָנען.

עס איז אים שוין געווען שווער צו עסן, האָט ער נישט געקענט גאָרנישט פאַרדייען, ספּעציעל איז אים פאַרמיאוסט געווען מאַננע. איך אָבער האָב געוואָלט אים איינרעדן, אַז דאָס איז רייז. האָט ער מיר דערציילט אַ וויץ: אַ מאָל האָט זיך אַ ייִד געשמדט און איין מאָל אַ פרייטיק האָט אים דער גלח געזען עסן פלייש (ביי גויִים איז פרייטיק פאַרבאָטן צו עסן פלייש), פרעגט דער גלח דעם ייִד: וואָס טוסטו? עס איז דאָך פרייטיק און דו עסט פלייש? ענטפערט אים דער משומד: איך האָב אָפּגעשמדט דאָס פלייש, איך האָב געמאַכט פון דעם פיש. פּונקט ווי דו האָסט געמאַכט פון מיר אַ גוי... און דערביי האָט בערל צוגעגעבן: „מיין ווייב האָט אָפּגעשמדט די מאַננע, זי האָט פון איר געמאַכט רייז".

## בערל האָט געראַטעוועט דאָס קינד

נאָך דער ערשטער אַקציע, ווען מען האָט אַהיימגעלאָזט די מענער פון פאַבריק בכדי מען זאָל קאָנען זייערע פאַמיליעס אַרויספירן, האָט בערל געטראָפן ביי דער סטרוזשקע זיין קינד אַביבה, 10 מאָנאַט אַלט, און דאַן האָט ער אָנגעהויבן מיט אַלע כוחות זיך באַמיִען צו ראַטעווען דאָס קינד, און ווען אַלע זענען אַוועק פון געטאָ זיך אויסבאַהאַלטן, איז ער געבליבן זיצן אַ גאַנצע נאַכט ביים וויגל פון קינד, ווייל מיט קינדער האָט מען נישט אַריינגעלאָזט אין קיין באַהעלטעניש. וויסנדיק, אַז ער וועט אומקומען צוזאַמען מיט דעם קינד, איז ער געזעסן און געוואַרט אויף די רוצחים. דער גורל האָט אָבער געוואָלט, אַז אין דער נאַכט זענען די רוצחים נישט געקומען.

אויף פאַרשידענע אופנים, צי איז דאָס געווען אין פאַבריק אונטער אַ קאַסטן חזיר־האָר, צי פאַרבונדן אין אַ פּאַק בעטגעוואַנד, האָט ער אויסבאַהאַלטן דאָס קינד, ביז ער האָט געפונען אַ פּלאַץ ביי אַ קריסט איבערצוגעבן דאָס קינד. ביים זעלבן קריסט איז אויך אים געלונגען זיך אויסבאַהאַלטן, ווי איך האָב שוין פריִער דערמאָנט.

די אַלע זאַכן וועגן זיך און וועגן אַנדערע האָט בערל קיין מאָל נישט פאַר־געסן, און נישט געלאָזט פאַרגעסן; ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער דאָס דער־מאָנט און דערביי אויף ס'ניי דאָס אַלץ איבערגעלעבט. דאָס פּנים פלעגט ביי אים ווערן בלייך ווי קאַלך, דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט, ווי אין יענע צייטן פון שרעק און פּיין. טעג לאַנג נאָך אַ פאַרזאַמלונג פלעגט בערל זיין אין די מחשבות מיט די אומגעקומענע, און נישט איין מאָל האָט ער מיט אַ טיפן קרעכץ געפרעגט: פאַר וואָס זענען מיר ערגער ווי די גויִים?

**בערל אין ישראל**

בערל אין ארץ־ישראל — דאָס איז געווען אַן איבערלעבונג נישט צו באַ־שרייבן. איך בין נישט געווען ביי זיין אַראָפגיין פון שיף. מען האָט מיר דער־ציילט, אַז ער איז געווען אַזוי גערירט, אַז מען האָט זיך געשראָקן פאַר זיין געזונט, עס זאָל נישט זיין פאַר אים צו שווער די איבערלעבונג. מען האָט מיר דער־ציילט ווי רירנדיק עס איז געווען זיין ערשטע באַגעגעניש מיט זיין פריינד און חבר פסח סאַפּאָזשניקאָוו ז״ל. ביי אים און זיין פרוי שרהקע ז״ל איז בערל געווען ווי אַ זון, און ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן האָבן זיי זיך נישט געשיידט, ביז דער טויט האָט זיי ביידע צוגענומען אין איינע 2 וואָכן: „בחייהם ובמותם לא נפרדו״.

בערל האָט זיך געפרייט מיט יעדן הויז, וואָס מען האָט געבויט און נישט געקענט זיך אָפּוונדערן: „ייִדן בויען און ייִדן וועלן דאָרט וווינען! קען דען זיין אַ גרעסער גליק פאַר מיר, אַז איך האָב דאָס דערלעבט?

יעדע שמחה, יעדער יום־טוב איז געווען באַגלייט מיט אַ געפיל „פאַר וואָס קומט מיר צו זען און הערן דאָס אַלץ, און די, וואָס זענען אומגעקומען — נישט״. ער האָט געלעבט מיט דעם אויפבוי פון לאַנד, מיט דער ליבע צום לאַנד און יעדער פאַרלוסט, צי דאָס איז געווען ביי די גרענעצן, צי אין דער פאַרטיי — טיף דורכגעלעבט. און ווען ער איז געוואָרן שטאַרק אומרויִק, אָדער אויפגערעגט, איז דאָס איינציקע, וואָס האָט אים באַרויִקט, געווען אַ בוך.

בערל איז געווען, ווי מען זאָגט, אַן „איש ספר״. ביז די לעצטע 8 טעג פון זיין לעבן, ווען ער האָט שוין געוווּסט, אַז ער וועט פון דער קראַנקייט נישט אַרויס און אַז זיינע טעג זענען געציילט, האָט ער געבעטן פון חבר ברוך גאָלד־שטיין, ער זאָל אים ברענגען אַ בוך, וואָס איז דאַן דערשינען, אַ בוך וואָס איז פאַרבונדן מיט די דייטשן: „פּאַריס בוערת״. און ווי ער זאָל דאַנקבאַר זיין דעם חבר פאַר דעם בוך, געזעגנט זיך מיט אים — דעם איינציקן, וועמען ער האָט געזאָגט: „שלום, זייט געזונט, איך וועל דיר שוין מער נישט זען״.

דאָס בוך האָט ער שוין נישט באַוויזן דורכצולייענען ביזן סוף. נישט באַקלאָגט זיך אויף, די יסורים, וואָס די קראַנקייט האָט אים פאַרשאַפט; געלאָזט מיט זיך מאַכן אַלץ, אָן אַ טרער, בכדי נישט מצער זיין די פאַמיליע. ווען מען האָט אים געפרעגט, צי עס טוט אים וויי, האָט ער אַלע מאָל געזאָגט: „ניין״. די גאַנצע צייט פון זיין קראנקייט האָט ער נישט געוואָלט צולאָזן צו זיך דעם געדאַנק, אַז ער גייט אַוועק פון אונדז, אָבער דאָך געמאַכט אַלע מאָל דעם חשבון הנפש: „וואָס זאָל איך וועלן? אייגנטלעך בין איך שוין טויט פון 1939. עס איז דאָך נאָר אַ צופאַל, וואָס איך לעב נאָך היינט. געוווּנען נאָך 24 יאָר, דערלעבט אַ ייִדישע מדינה, דערלעבט די חתונה פון דער טאָכטער, געזען פון איר אייניקלעך. איז וואָס זאָל מען מאַכן? דאַכט זיך, איך קען קיין טענות נישט האָבן, עס איז שווער, עס ווילט זיך נאָך לעבן, אָבער ווען איך טראַכט אַזוי, מאַכט דאָס לייכטער די ליידן, און עס ווערט לייכטער צו שטאַרבן״.

**בערל איש הספר**

דאָס געשריבענע וואָרט איז געווען איז געווען ביי אים הייליק, יעדעס שטיקל פּאַפּיר, אַן אַלטע צייטונג, אַלץ איז געוואָרן אויפגעהויבן פון דר׳ערד, דורכצוקוקן. נישט איין מאָל האָב איך מיט אים גערעדט, אַז ער זאָל דאָס נישט טאָן: אפשר איז די צייטונג שמוציק. ער האָט יעדעס מאָל געהאַט דעם זעלבן ענטפער: „דאָס פּאַפּיר קען זיין שמוציק, אָבער וואָס ס׳איז דערויף געשריבן, דאַרף מען זען״. נישט איין מאָל האָט מען געפונען זאַכן, וואָס האָבן אים אינטערעסירט — צי איז דאָס געווען אין שייכות מיטן לאַנד, מיט דער פּאַרטיי, אָדער גאָר מיט דער שטאָט מעזריטש. אָט די טבע זיינע האָט אויך גורם געווען אַ סך צער: ווען איך האָב אים דאָס ערשטע מאָל געפירט צו ד״ר שטיין אין דער מרפאה, האָט ער פּלוצלינג דערזען אַ צייטונג אויף דר׳ערד, און ווי געווייינלעך דאָס אויפגעהויבן. דאָס איז געווען אַן אַלטער „אמר״, אָבער דער גורל האָט געוואָלט, אַז דווקא אין דער צייטונג זאָל זיך געפינען אַן אַרטיקל וועגן דער נייער מחלקהביים בית חולים הדסה, אונטער דער אויפזיכט פון ד״ר שטיין, פאַר פאָרשן און היילן די קראַנקייט, וואָס הייסט „ראַק״. בערל איז בלייך געוואָרן און מיך אַ פרעג געטאָן: „פאַר וואָס פירסטו מיר דאָרט?״ נשמתי פרחה, און ווי אַ סך מאָל אין מיין לעבן האָב איך געפונען דעם ענטפער אַזאַ, ווי פון אונטער דעם באַוווסטזיין, און עס איז מיר געלונגען אים איבערצוצייגן, אַז נישט נאָר די אַ קראַנקייט ווערט דאָרט געהיילט. צי ער האָט מיר געגלויבט — דאָס איז פאַר מיר געבליבן אַ רעטעניש, אָבער מער האָט ער מיט מיר וועגן דעם נישט גערעדט. דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל ווען בערל האָט געקענט זיך איינבייגן אויפצוהייבן אַ געשריבן וואָרט.



זיין קראַנקייט האָט אונדז געטראָפן, ווי אַ דונער אין אַ לויטערן טאָג. בערל איז געווען געזונט און זייער גוט אויסגעזען בעת ער איז געגאַנגען זיך אונטער־זוכן. בלויז אַ קלייניקייט האָט אים געשטערט ביים אַראָפּברענגען דאָס עסן, און די „קלייניקייט״ האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַזוי פאַטאַל. דאָס איז געווען דער אָנהייב פון דער קראַנקייט, וואָס האָט אים אויסגעזויגן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט. מען האָט געזען, ווי דער מענטש ווערט פון טאָג צו טאָג שוואַכער, ער האָט אַלץ אויפגענומען מיט רויִקייט, שטיל געליטן, באַהאַלטן פאַר די אַרומיקע, געהאַט פאַר יעדן אַ גוט וואָרט, אַ שמייכל. און אַזוי שטיל ווי ער האָט געלעבט, אַזוי שטיל און רויִק איז ער געשטאָרבן, ווי ער וואָלט איינגעשלאָפן.

**שלמה ראָגאָזשיק** / גבעתיים

# פסח סאַפּאָזשניקאָוו

איך האָב געהאַט די זכיה, אין די ראַמען פון מיין פּאַרטייִשער אַרבעט, זיך צו געפינען אין דער מחיצה פון אונדזער חבר פסח סאַפּאָזשניקאָוו. קיין מעזריטש איז ער געקומען שוין אַ פאַמיליע־מענטש. פאַר די אַלע יאָרן וואָס ער איז געזעסן אין מעזריטש איז ער געווען אַקטיוו אין יעדן תחום פון פּאָליטישן און קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער איז געווען זייער באַליבט ביי יעדן איינעם; זיין הויז איז געווען אָפן פאַר אַלעמען: אַקטיאָרן, קונסט־מאָלערס, שרייבערס. די חברים פון דער באַרימטער מעזריטשער "אַמאַטאָרן־גרופּע", צו וועלכע ער אַליין האָט אויך באַלאַנגט, זענען געווען שטענדי־קע איינגייערס ביי אים אין שטוב און זיך דאָרט געפילט היימיש און גוט. זיין הויז איז איבערהויפּט געווען דער טרעפפּונקט פאַר אַ סך פון דער ייִדישער אַרבעטער־אינטעליגענץ אין מעזריטש.



פסח סאַפּאָזשניקאָוו

ווען ס'האָט אָנגעהויבן דערשיינען די ערשטע וועכנטלעכע צייטונג אין מעזריטש איז סאַפּאָזשניקאָוו געווען איינער פון די בולטסטע חברים אין דער רעדאַקציע־קאָ־לעגיע. אין ערשטן נומער "מעזריטשער וואָכנבלאַט" האָט סאַפּאָזשניקאָוו פאַר־עפנטלעכט זיין אַרטיקל "צו אונדזערע צוועלף". ער באַגריסט די ערשטע אַבסאָלווענטן פון דער ייִדישער גימנאַזיע און ווענדט זיך צו זיי בזו הלשון: "ווען עס וועט אייך אויסקומען זיך טרעפן אין ענגע ייִדישע געסלעך מיט געשטאַלטן פאַרבלאַסטע, פאַרשמאַכטע פון אַרבעט, דאַן מיידט זיי נישט אויס. דערמאָנט אייך אין דעם ערלעכסטן טייל פון דער ייִדישער סטודענטשאַפט, וועלכע האָבן זייער וויסן דווקא אין די ענגע געסלעך געשעפּרייט, זייער גייסט מיט די אונטערדריקטע באַהעפט, זייער מוט מיט די אונטעריאָכטע געטיילט — און, ווען איר וועט אויף דעם וועג וועלן טרעטן, וועט איר אויך אייער אייגענעם תיקון **געפינען...**"

ווי אַ קולטור־מענטש דורך און דורך, האָט ער געשטרעבט אויסצובעסערן און צו דערהייבן **דעם** קולטורעלן ניוואָ פון דעם אָרעמען, נידעריקן שיכט.

ווען פסח סאַפּאָזשניקאָוו האָט באַשלאָסן זיך אומצוקערן צוריק צוזאַמען

מיט זיין משפחה אין זיין געבוירן־שטאָט קאָברין, האָבן מיר, חברים פון דער פּועל"צ, איינגעאָרדנט פאַר אים — דעם אָנפירנדיקן חבר און וואָרטזאָגער פון דער פּאַרטיי — אַ פייערלעכן אָפּשייד־באַנקעט. און אַז אַן אַלטער חבר האָט זיך אויפגעשטעלט אים באַגריסן און זיך מיט אים געזעגענען, איז ער אויסגעבראָכן אין אַ געוויין און זיך מיט אים צעקושט. אַזוי באַליבט איז ער ביי אונדז געווען. מיר זענען מיט אים דערנאָך געשטאַנען אין קאָנטאַקט ביז זיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

אין יאָר 1934, ווען איך האָב מיט אים זיך באַגעגנט אין לאַנד, האָט ער מיך מקבל געווען מיט פרייד, מיר געדריקט די האַנט: "סוף־סוף באַגעגענען מיר זיך אין אונדזער אייגן לאַנד". אויך דאָ איז ער געווען אַקטיוו און באַליבט ביי אַלעמען, וואָס האָבן אים און זיין משפּחה געקענט. סאַפּאַזשניקאָוו איז געווען זייער צוגעבונדן צו זיין משפּחה. וועגן זיין זון עמנואל (עמיק) וואָס האָט זיי אַהער געבראַכט, פלעגט ער תמיד זאָגן: "איך האָב אים געשיקט אין לאַנד אַריין, ווי מיין געצאַצקעט קינד. אין לאַנד האָב איך אין אים געפינען אַן אַרבעטס־מענטש. אין זיין זכות זענען מיר אַלע געבליבן לעבן".

פּסח סאַפּאַזשניקאָוו איז געשטאָרבן אין יאָר 1966. נאָך זיין טויט האָבן זיינע קאָברינער לאַנדסלייט אין ישראל זיך פאַרנומען אַרויסצוגעבן צו זיין אָנדענק אַ בוך מיט זיינע זשורנאַליסטישע אַרבעטן. די ליטעראַרישע ירושה איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון איינעם, וואָס האָט זיך געזאָלט דערמיט פאַרנעמען. דער מענטש איז נאָך אַ קורצער צייט געשטאָרבן. — דאָס און אַנדערע סיבות האָבן גורם געווען, אַז דער פּלאַן זאָל בלייבן אומפאַר־ווירקלעכט.

פּסח סאַפּאַזשניקאָוו איז געווען איינער פון די בולטסטע פערזענלעכקייטן אין אונדזער שטאָט פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. מיר, מעזריטשער, ווי די לאַנדסלייט זיינע פון קאָברין, דערמאָנען אים מיט כבוד.

בערל מאַנפערל־חרוזי

# חורבן מעזריטש

געוויינלעך פאַרשטייען מיר אונטערן באַגריף ווידערשטאַנד אַקטיווע אַרויס־טריטן פון גרויסע מאַסן מענטשן, גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, קאַמפן מיט געווער אין האַנט אאַז״וו. איך וויל אייך דאָ דערציילן פון גאָר אַן אַנדער מין ווידערשטאַנד — אַ ווידערשטאַנד אַ פּאַסיווען, פון געפּייניקטע און דערנידעריקטע אין מעזריטשער געטאָ, איידער מען האָט זיי געטויט, און נאָר דער, וועלכער האָט איבערגעלעבט די דייטשע אָקופּאַציע, איז אַליין געשטאַנען על פּי התּהום און צוגעזען ווי אַלע זענען מיט איין מאָל איינגעשלונגען געוואָרן לעבעדיקערהייט, נאָר דער קען אפשר באַגרייפן די גרויסקייט פון אַזאַ שטילן ווידערשטאַנד פאַרן טויט. איך וועל זיך אַריינגראָבן מיט די נעגל אין מיין האַרץ און מיט בלוט אויפצייכענען עטלעכע אַזעלכע מאָמענטן.

אָנהייב 1941. די דייטשן הייבן אָן צו פאַרווירקלעכן זייער טייוולאָנישן פּלאַן פון אויסראָטן די ייִדן. עס הייבן זיך אָן שיטן קעגן אונדז פאַראָרדענונגען איינע ווילדער פאַר דער צווייטער: ייִדן טאָרן נישט קויפן אויפן מאַרק ביי די פּויערן פאַר 12 אַ זייגער, ייִדן טאָרן נישט פאָרן אויף באַנען, ייִדן טאָרן נישט פאָרן אויף דראָזש־קעס און וועגענער אין שטאָט אאַז״וו. און דאַן קומט אַ פרישע פאַראָרדענונג: אַז ייִדן איז פאַרווערט צו באַוועגן זיך פון אָרט צו אָרט, טאָרן נישט באַזוכן קיין שום דאָרף אַרום שטאָט. אין זעלבן אָוונט צעפאָרן זיך די מערדער איבער אַלע וועגן און שאָסייען און זייען טויט אויף רעכטס און לינקס. שפּעטער ווערט דער יודענראַט אויפגעפאָדערט צונויפצונעמען די הרוגים און ברענגען זיי צו קבורה. באַלד באַגינען האָט מען אין עק שטאָט, אויפן ביאַלער שאָסיי, געפונען דעם ערשטן קרבן — אַ קליין מיידעלע, וועלכע האָט זיך אומגעקערט אַהיים פון דאָרף. געלעגן איז דאָס קינד אַדורכגעלעכערט פון קוילן, אַ געפרווירענע, מיטן פּנימל צו דר׳ערד, אַן איינגעקאָרטשעטע. אין אירע פאַרשטייפטע הענטעלעך האָט זי פעסט געהאַלטן אַ פלעשל מילך און אַ קוישעלע מיט עטלעכע קאַרטאָפל.

די ערשטע אַקציע איז פאָרגעקומען דעם 25סטן אויגוסט 1942. אַן אָוונט פריִער איז אויפן האַרצן געווען זייער שווער. דער הימל, אַ שטיק בליי, האָט שווער געדריקט. קלאַנגען, וואָס האָבן אָנגעזאָגט שלעכטס, האָבן שנעל זיך פאַרשפּרייט אין געטאָ: מען האָט אויסגעשאָסן אַלע קראַנקע, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער געביידע פון דער ייִדישער פאָלקסשול (דער ייִדישער שפּיטאָל

איז שוין פריִער געוואָרן רעקוויזירט פון די דייטשן); אַז זייער פיל דייטשן, אוקראַיִנער און רוסן געפינען זיך שוין ביי דער באַן־סטאַציע, זיי זענען אָנגעקומען ספּעציעל אַדורכצופירן דאָס אַרויסטרייבן די ייִדן פון שטאָט. קיינער איז שוין אין דער דאָזיקער נאַכט נישט געשלאָפן. מען איז געזעסן מיט פּעקלעך אין די הענט און געוואַרט.

באַגינען הייבן זיך אָן שטאַרקע שיסערייען. דייטשן לויפן אַרום און שרייען יודען הערויס!". די ייִדישע פּאָליציי גייען אַרום פון שטוב צו שטוב און הייסן גיין אין מאַרק אַריין, אויב נישט, וועט מען ווערן דערשאָסן. מיר לויפן. די גאַנצע שטאָט לויפט. עס וואַלגערן זיך שוין פיל טויטע אויפן וועג, מען טרעט איבער זיי און מען לויפט ווייטער.

דער מאַרק איז שוין כמעט פול מיט מענטשן. מיר זעצן זיך אַוועק אויף דר'ערד. מיר זענען אַרומגערינגלט מיט דייטשן, אוקראַיִנער און פּוילישע פּאָליציי. די דייטשן מאַכן זיך פריילעך איבער אונדז, טאַנצן איבער די קעפּ, שלאָגן מיט נאַגייקעס, שיסן אין עולם. עס מישן זיך אויס די געוואַלדן פון די פאַרוווּנדעטע און געשלאָגענע מיט ווילדן געלעכטערס פון די פּייניקער. עס שטראָמט נאָך אַלץ פון אַלע זייטן. דער מאַרק איז שוין צו קליין אַריינצונעמען אַזוי פיל מענטשן. די זון באַקט, די היץ און שטיקעניש איז זייער גרויס, די געוויינעריי פון די קינדער איז שרעקלעך. מיט דער ערשטער ייִדן־אַקציע פירט אָן עס־עס־מאַן גאַללער, פון דער ראַדזינער געסטאַפּאָ.

מען הייבט אָן באַפרייען די בערשטער־אַרבעטער, וועלכע אַרבעטן פאַרן מיליטער אין זיבן פאַבריקן אין פאַרשידענע טיילן פון שטאָט. אַלע בערשטער האָבן באַקומען „אייזערנע בריוו", אַז אין פאַל פון אַן אויסזידלונג־אַקציע זענען זיי געשיצט מיט זייערע פאַמיליעס נישט אַרויסגעשיקט צו ווערן פון מעזריטש. מיר ווערן אָבער ביטער אָפּגענאַרט און אויסגעלאַכט: די מענער באַפעלט מען זיך איינצושטעלן אין רייען צו פינף. מיר ווערן נישט געציילט מיטן מויל, נאָר מיט אַ גומענעם שטעקן: פינף קלעפּ איבער די קעפּ איז אַ שורה. די פרויען מיט די קינדער ווערן שפּעטער צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע ייִדן, אין צאָל פון אַ צוועלף טויזנט, געטריבן צו דער באַן, זייער לעצטער וועג — קיין טרעבלינקע.

וועווע ווייסלאָז דערנענטערט זיך אַריינצוגיין אין אַ פינפטל אָפּגעשיקט צו ווערן צוזאַמען מיט די בערשטער אין די פאַבריקן אַריין צו דער אַרבעט. אויפן האַנט טראָגט ער זיין קליין מיידעלע. דער עס־עס־מאַן לאָזט אים נישט דורך, ער ריטשעט צו אים: „שמייס אַרונטער דעם הונט, וועל איך דיך אַדורכלאָזן". וועווע זאָגט מיט אַנטשלאָסנקייט, אַז ער גייט נאָר מיטן ווייב און קינד. דאָ רייסט דער דייטש אַרויס דאָס קינד פון זיין האַנט, כאַפּנדיק דאָס קינד פאַר אַ פיסל, גיט ער עס אַ זעץ מיטן קעפּל אין ברוק. דאָס קינדס מוחל צעשפּריצט זיך אַרום, אַוועקוואַרפנדיק דאָס קינד רעוועט ער: „נו, יעצט וועסטו שוין גיין אַרבעטן?" ניין, זאָגט וועווע, איצט וועל איך שוין זיכער נישט גיין! און איז צוזאַמען מיט זיין פרוי אַוועק קיין טרעבלינקע.

דעם 26סטן אויגוסט 1942 פֿאַר נאַכט, נאָך צוויי טעג בושעווען, רויבן און מאָרדן, האָט מען אָנגעהויבן צונויפצונעמען פֿון די גאַסן די הרוגים אין דער צאָל פֿון 960 דערשאָסענע, ווי אויך די טויטע פֿון די הייזער. אַז מען איז אַריין אין שטוב פֿון לייזער קאַטשער ז"ל, דער אַלטער בערשטער־בינדער, האָט זיך אַנטפּלעקט פֿאַר די אויגן אַזאַ בילד: אין בעט איז געלעגן אַ דערשאָסענע זיין פֿרוי, און ביים בעט איז געלעגן, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויפֿן ווייבס קישן, ר' לייזער קאַטשער אַ דערשאָסענער, איינגעהילט אין טלית...

דאָס האָט שוין, אַוודאי געמוזט זיין אַרום פֿרילינג־צייט 1944, ווייל מיר דאָ, צוזאַמענגעפּרעסטע אין ענגן און פֿינצטערן בונקער, פֿאַרמויערטע אונטער אַ דאָפּלטער וואַנט, האָבן שוין לאַנג פֿאַרלוירן דעם חשבון פֿון צייט. בלויז דער פֿאַקט וואָס נאָכן אָפּשלאָפֿן צענדליקער שעהען, פֿאַרשמאַכטע פֿון הונגער, זענען מיר נישט צוגעפֿרוירן געוואָרן צו די ווענט, האָט אונדז באַוויזן, אַז אין דרויסן איז שוין זיכער פֿרילינג. אָפּגעשניטענע פֿון דער דרויסנדיקער וועלט, איינגע־הילטע אין שמאַטעס, האָבן מיר זיך געוואַלגערט ווי ווערעם אויף דר'ערד. פֿאַר־פייניקט פֿון שטענדיקן הונגער, קעלט און לייז, האָט כסדר געעקבערט אין מוח די פֿראַגע צי לוינט זיך עס בכלל, צי לוינט זיך צו באַצאָלן אַזוי טייער פֿאַרן ביסל לעבן אין דער צייט ווען אין מעזריטש, אַזוי ווי אין גאַנץ פּוילן, איז שוין נישטאָ קיין זכר פֿון קיין ייִד. אָבער דער דראַנג צום לעבן איז אַזוי שטאַרק, אַז ער ברעכט די גרעסטע נויט און פּיין. אָנציִען נאָך אַ ביסל, נאָך אַ ביסל, אפשר וועט דאָך געלונגען עמעצן פֿון אונדז איבערצולעבן, כדי צו דערציילן אַלץ פֿאַר דער „וועלט".

שוין עטלעכע טעג, ווי מיר האָבן דערפֿילט דורך די ווענט, אַז אין דרויסן טוט זיך עפּעס נייעס. די באַוועגונג אין גאַס איז אַ שטאַרקערע ווי געוויינלעך. אין האַלבער נאַכט האָבן מיר זיך דערוווּסט פֿון אונדזערע „גוטע גויִים", אַז עס זענען אָנגעקומען אין שטאָט דייטשישע שוץ־פּאָליציי אויף צו באַקעמפֿן די פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער אַרום מעזריטש. פֿון איין זייט האָט אונדז די נייעס געמוטיקט, אָבער פֿון דער אַנדערער זייט האָט זי אָפּגעשוואַכט די האָפֿענונג איבערצולעבן, ווייל די דייטשן האָבן רעקווירירט וווינונגען ביי דער פּוילישער באַפֿעלקערונג.

אויף צו מאָרגנס האָבן מיר דערפֿילט אַ שטיקל טומל. עס האָט זיך מיט רעש אויפֿגעפּראַלט די טיר פֿונעם צימער, וווּ מיר זענען געלעגן צווישן די ווענט. מיר האָבן דייטלעך געהערט, ווי אַ דייטש זאָגט: „יאַ, טאַדלאָז, וויר נעמען דאָס צימער". אַ שוידער איז אַדורך אין די ביינער — איצט איז אונדזער סוף, אומזיסט זיך געמאַטערט אַזאַ לאַנגע צייט. מיר מוזן פֿאַרלאָזן דעם בונקער און אַרויס אויפֿן גאַס.

מיר הייבן זיך אָן גרייטן צו פֿאַרלאָזן דעם בונקער, אַרויפֿשלעפּן אויף זיך די כמעט פֿאַרפֿוילטע מלבושים און וועש, כדי צו שטאַרבן אין אַ ריין העמד און מיט שיך אויף די פֿיס.

מיט אונדז הינטערן וואַנט געפינט זיך אויך אַ קינד, אַ ייִנגעלע פון 6 יאָר. מיר דערציילן אים וועגן אונדזער לאַגע, אַז מיר מוזן פאַרלאָזן דעם בונקער און אַרויס אויפן גאַס, ווו מיר וועלן באַלד צעריסן ווערן פון די צווייפיסיקע ווילדע חיות. דאָ ברעכט אויס דאָס קינד מיט אַ יאָמערלעך געבעט צו זיין מוטער:

„מאַמעליו, טייערע, איך וויל נישט אַרויסגיין צו זיי, דערשטיק מיך בעסער דו אַליין מיט דיינע אייגענע הענט!"

אַזוי האָבן געגרעדט קינדער אין מעזריטשער געטאָ...

תל־אביב, מאַרץ 1962

יעקב צעלעמענסקי /ניו־יאָרק

# מיין באַזוך אין מעזריטשער געטאָ

די שטאָט מעזריטש איז מיר נאָך געווען באַקאַנט פון פאַרן קריג. איך בין אַהין אַ סך מאָל געפאָרן ווי אַ פאָרשטייער פון בונד און פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. כ׳האָב גוט געקענט דעם מאַרקפּלאַץ, די חנעוודיקע געסלעך מיט די הילצערנע אָדער געמויערטע הייזלעך. מעזריטש איז געווען אַ שטאָט פון יידישע אַרבעטער, דער עיקר פון בערשטער. דאָס בערשטער־פאַך איז געווען אויסשליס־לעך אין יידישע הענט און איז איבערגעגאַנגען פון טאַטן צו קינדער. יידישע אַרבעטער זענען דאָרט געווען באַשעפטיקט אויך ביי אַנדערע פאַכן, דער עיקר שניידעריי. נאָך פון די פאַרמלחמהדיקע צייטן האָב איך גוט געקענט דעם דראָזשקאַזש מרדכי צוקער, וועלכן מען האָט גערופן מיטן צונאָמען האַניק. דאָס איז געווען אַ הויכער, אַ קרעפטיקער און אַ זייער פריילעכער ייד. מרדכי האַניק איז געווען אַ פשוטער ייד און האָט נישט געוווסט קיין סך וועגן פּאָליטיק. זיינע צוויי טעכטער זענען געווען אַקטיווע און מסירת־נפשדיקע בונדיסטקעס פון זייערע פריסטע קינדעריאָרן.

איצט בין איך ווידער אַ מאָל געפאָרן קיין מעזריטש. דאָס מאָל איז נישט געפאָרן מער דער בונדישער אַרבעטער יאַנקל צעלעמענסקי, נאָר אַ פּאָליאַק טשעסלאַוו. כ׳בין געפאָרן אין וואַגאָן פון דער באַן און האָב געפילט אַ טיפן אומרו. כ׳האָב געוווסט, אַז פון דער באַן איז אַ לאַנגער וועג אין שטאָט אַריין. ווי אַזוי באַקומט מען זיך אַהין? דער אָוונט האָט שוין אָנגעהויבן צוצופאַלן און ס׳איז געווען אַ געפאַר אַרומצודרייען זיך אין דער פינצטערניש. ס׳איז אויך געווען נישט געזונט אין דער שפּעטער שעה אַריינצוגיין אין קוואַרטאַל, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר די מעזריטשער יידן.

איך בין אַזוי געזעסן אַ פאַרזאָרגטער און האָב נישט געקאָנט פון מיר אָפּטרייבן די פיינלעכע געדאַנקען. פּלוצלונג האָב איך דערהערט ווי איינער פון די פּאַסאַזשירן האָט זיך אָנגערופן צו אַ צווייטן: — וואָס טוסטו דאָ? ווי מעגסטו פאָרן מיט דער באַן?

אַלע פּאַסאַזשירן האָבן אויסגעדרייט די קעפּ צום געפרעגטן, איך האָב דערזען, אַז דאָס איז אַ ייד — אַ דראָאבנער, אַ קליינוואוקסיקער, מיט אַן אָרעמ־באַנד און אַ מגן־דוד אַרום אָרבל. די פוילישע פּאַסאַזשירן האָבן נישט אַרויסגע־וויזן צו אים קיין פיינטלעכקייט. יעדער איז דאָ געזעסן פאַרטיפט אין זיינע אייגענע געדאַנקען און זאָרגן. דער ייד האָט צוריקגעענטפערט דעם פּאָליאַק, וועלכן ער האָט, ווייזט אויס, געקענט:

— איך בין פון דער מעזריטשער יידישער גמינע. כ׳האָב באַקומען אַ ספּעצ־יעלע דערלויבעניש צו פאָרן עפּעס דערליידיקן.

כ׳האָב זיך דערפרייט. ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מעזריטש איז

שוין געווען פינצטער. צוזאַמען מיט עטלעכע פוילישע פּאַסאַזשירן איז דער ייִד אַרויף אויף אַ וואָגן מיט אַן איינגעשפּאַנט פערד. כ'האָב זיך שנעל אַוועק־געזעצט האַרט ביי אים. דער פוילישער פורמאַן האָט אַ שמיץ געגעבן דאָס פערד און דער וואָגן האָט מיט אַ געקלאַפּעריי זיך געקאָלערט אין דער ריכטונג פון דער שטאָט. שטילערהייט האָב איך געזאָגט צום ייִד אויף פּויליש:

— אַנטשולדיקט, כ'דאַרף האָבן אייער עצה.

אַן איבעררעשטער האָט ער צו מיר זיך אויסגעדרייט און איך האָב אים באַרוּיִקט:

— איך בין אַ קרוב פון דעם דראָזשקאָזש מרדכי האָניק. כ'וויל זיך זען מיט מיין משפּחה.

דער ייִד האָט באַקומען צו מיר צוטרוי. מרדכי האָניק איז געווען באַקאַנט אין שטאָט. ער האָט מיך געפרעגט:

— איר ווילט צו אים פאָרן אין אַזאַ שפּעטער שעה?

— ניין. אפשר קאָנט איר מיר אָנווייזן ווו איך וואָלט געקאָנט אַראָפּגיין און ערגעץ איבערנעכטיקן?

— איר זענט גערעכט — האָט דער ייִד צוגעשטימט. — איר זענט דאָ נישט געמאָלדן און איר וואָלט געקאָנט האָבן צרות. אין אַ פּאָר מינוט אַרום וועלן מיר פאַרבייפאָרן אַ ייִדישע בעקעריי, וועט איר אַראָפּגיין און דאָרט וועט איר קאָנען פאַרברענגען די נאַכט. אויב איר וועט אַפילו נישט קאָנען שלאָפן, וועט אייך כאָטש זיין וואַרעם — און באַלד האָט מיר דער ייִד אַ זאָג געגעבן: — דאָ איז עס.

איך האָב באַצאָלט דעם פורמאַן און בין אַראָפּגעשטיגן. כ'האָב געעפנט די טיר פון דער בעקעריי. פון אינעווייניק האָט אַ שלאָג געגעבן אַ נחתדיקע וואַרעמ־קייט, וואָס האָט געשמעקט מיט ברויט. ביי אַ הייסן אויוון איז געשטאַנען דער בעקער מיט אַ פאַרמעליקטער באָרד, אָנגעטאָן אין אַ ווייס פאַרטעך, און זיינס אַ געזעל, אַ ייִנגעלע מיט פאַרקאָשערטע אַרבל. אַרום זענען געשטאַנען מולטערס מיט טייג. אויף דער שטיינערנער ערד זענען געלעגן נאָר וואָס אַרויסגעצויגענע ברויטן. דער בעקער, אַ ייִד אין די יאָרן, האָט מיך אָנגעקוקט פאַרחידושט און אויך אַ ביסל דערשראָקן, אָבער איך האָב אים שנעל באַרוּיִקט: — איך בין אַ ייִד. דער דראָזשקאָזש מרדכי האָניק איז מיין קרוב. כ'דאַרף ביי אים זיין, אָבער כ'וועל ערשט גיין צו אים אין דער פרי.

דער בעקער האָט זיך צעשמייכלט און געזאָגט:

— צי איר וועט דאָ שלאָפן, איז אַ ספק, איר וועט זיך אָבער גוט אָנוואַ־רעמען די ביינער.

ער האָט מיר דערציילט, אַז מיט עטלעכע חדשים צוריק האָט ער אויך געהאָט אַ גאַסט, אַ פרוי פון דזשאַינט, וועלכע האָט אים צוגעזאָגט צו באַזאָרגן עטלעכע זעק מעל. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט ער געמיינט די חברטע איטקע

לאַזאַר־מעלמאַן. זי איז געווען אַ קוריערין פון דזשאָינט, און דערביי אויסגעפירט שליחותן פאַרן בונד.

שלאָפן האָב איך נישט געקענט. כ'האָב אַ דרימל געטאָן און צוריק זיך אויפגעכאַפּט. פאַרשידענע גרדאַנקען האָבן זיך מיר געפּלאָנטערט אין קאָפּ. אַזוי בין איך געזעסן אָנגעשפּאַרט אַ גאַנצע נאַכט ביי די זעק ביז דער ערשטער בלוילעכער שטראַל איז אַריינגעפאַלן דורך דער טיר. דער בעקער האָט מיך מכבד געווען מיט אַ הייס גלאָז טיי און אַ שטיק געשמאַק ברויט. איך האָב זיך מיט אים גאָר פריינדלעך געזעגנט און בין אַוועק. איך האָב געוווּסט ווו דער דראָזשקאַזש האָט געוווינט — אין אַ קליין אָרעם הייזל אויפן שמאָלן בריסקער געסל. כ'האָב אָנגעהויבן צו באַגעגענען מער יידן, אָרעם געקליידטע מיטן אָרעמבאַנד. דער טאָג איז געווען אַ קאַלטער, איך האָב אויסגעזוכט דאָס הייזל פונם דראָזשקאַזש און האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר. די טיר האָט מיר געעפנט ער אַליין, מרדכי האָניק. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט חידוש און נישט דערקענט. איך האָב צו אים געזאָגט:

— גוט מאָרגן, זעט אויס, אַז איר דערקענט מיך נישט.

מיין יידיש רעדן האָט אים באַרויקט, ער האָט צוגעמרוזשעט אַן אויג, זיין פּנים האָט פלוצלונג אויפגעשיינט:

— אַ באַקאַנטער ייד, איך האָב אייך אַ פּאָר מאָל אָפּגעפירט פון דער באַן אין שטאָט אַריין.

ער האָט ברייט געעפנט די טיר און איך בין אַריינגעגאַנגען. דאָס גאַנצע הייזל איז באַשטאַנען פון אַ צימער און אַ קיכל. אַלץ האָט דאָ געווייעט מיט טרויעריקער אָרעמקייט. בלויז ער אַליין, דער דראָזשקאַזש, איז געשטאַנען אַ צעשמייכלטער און אַ צופרידענער פון מיין וויזיט. ער איז געווען אַן אַלמן, און מיט אים האָט דאָ געוווינט די יינגערע טאָכטער. די עלטערע טאָכטער גאָלדע איז געווען פאַרהייראַט און זי האָט געוווינט באַזונדער.

ער האָט מיך אַוועקגעזעצט ביים טישל און נאָך איידער כ'האָב עפּעס באַוויזן צו זאָגן, איז ער צוגעלאָפן צום קיכל, אין וועלכן עס האָבן זיך געברענט אַ פּאָר העלצלעך, ער האָט צוגעשטעלט אַ טשייניק וואַסער. איך האָב אים געזאָגט:

— באַמיט אייך נישט. כ'בין נישט געקומען אויף לאַנג און יעדע מינוט שפּילט ביי מיר אַ ראָלע. כ'וואָלט געוואָלט זען אייער טאָכטער גאָלדע.

— אוי, גאָלדע! — האָט ער זיך פלוצלונג דערמאָנט, אַז בעת מיינע אַמאָליקע באַזוכן האָבן מיך אָפּגעוואַרט זיין טאָכטער און דער איידעם — זי וועט זיך שטאַרק דערפרייען פון אייער קומען — האָט ער אַן אויפגעהייטערטער געזאָגט — וואַרט צו אַ רגע, איך וועל זי באַלד אַהערברענגען.

ער האָט אויף זיך אַרויפגעצויגן אַ קורצע בורקע און איז אַרויס. כ'בין געבליבן אַליין און האָב דערפילט די גאַנצע מידקייט, די נישט־געשלאָפענע נאַכט, די קעלט. די אויגן האָבן מיר זיך געקלעפּט פון שלעפעדיקייט. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט. ס'זענען אַריין גאָלדע

צוקער, איר מאַן, חבר אברהם זדאַנאָוויטש און צום סוף דיער אַלטער מרדכי האָניק.

גאָלדע צוקער איז געווען אַ הויכע, אַ שוואַרץ־האָריקע. זי האָט געשפּראָצט מיט ווילן און ענערגיע, האָט פאַרמאָגט אַ פעסטע אַנטשלאָסנקייט. גאָלדע איז געווען איינע פון די סאַמע אַקטיוועסטע מיטגלידערינס פון דער בונדישער אָרגאַ־ניזאַציע אין מעזריטש. פאַר דער מלחמה פלעגט זי פון צייט צו צייט קומען מיט פאַרטייאישע שליחותן קיין וואַרשע. אויך בעת דער דייטשער אָקופּאַציע איז זי געקומען קיין וואַרשע. איר מאַן, זדאַנאָוויטש, איז געווען פונקט איר היפּוך אַ געמיטלעכער, אַ וויכער, אַ לאַנגזאַמער אין רעדן און באַוועגן זיך. פון פאַך איז ער געווען אַ בערשטער. מיט פרייד האָבן מיר זיך באַגריסט.

דער טאַטע מרדכי האָט אונדז דערלאַנגט טעפּלעך טיי און האָט זיך געהאַלטן פון דער ווייטנס. ער האָט פאַרשטאַנען צוליב וואָס איך בין געקומען און ער האָט זיך געמאַכט נישט זען און נישט הערן.

גאָלדע צוקער איז געווען אַ בונדיש קינד פון אירע יינגסטע יאָרן. זי איז דערצויגן געוואָרן אין סקיף, דער בונדישער קינדער־אָרגאַניזאַציע און נאָך דעם אין „יוגנט־בונד צוקונפט". אין מעזריטש, אין דער דאָזיקער רעוואָלוציאָנערער בערשטער־שטאָט, איז אונדזער באַוועגונג געווען אַ גרויסע; דער בונד האָט דאָ געהאַט אַ גרויסע אָרגאַניזאַציע, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אַ יוגנט־באַווע־גונג, אַ ספּאָרט־קלוב און האָט געפירט אַ שול־און קולטור־טעטיקייט. איצט איז דאָס אַלץ געווען צעבראָכן און צעשטויבט. כ'האָב זיך נאָכגעפרעגט אויף אַ סך חברים. כמעט ביי יעדן צווייטן נאָמען האָט חברטע גאָלדע טרויעריק אַ זאָג געטאָן: — נישטאָ. אין געפאַנגענשאַפט. אין אַן אַרבעטס־לאַגער, אין רוסלאַנד, פאַרפאַלן געוואָרן. איך האָב געבעטן, אַז זי זאָל צונויפרופן אַ זיצונג פון איבער־געבליבענעם קאָמיטעט.

זי איז אַוועק מיט איר מאַן און איך בין געבליבן. דער אַלטער מרדכי האָניק האָט מיך געוואָלט אַ ביסל אויפהייטערן. ער איז געווען אַ ייִד אַ וויצלער. ער האָט שטענדיק געשאָטן מיט גלייכווערטלעך און אַזוי אויך איצט, דאָס מאָל איז ער נישט געווען בכוח צו פאַרטרייבן די שווערע שטימונג. לסוף האָט ער זיך אַוועקגעזעצט קעגן איבער מיר און געזאָגט:

— איר זענט געקומען אין אַ שלעכטן טאָג. ס'איז דאָ נעכטן פאָרגעקומען אַ שרעקלעכע זאַך.

ער האָט מיר דערציילט, אַז די געשטאַפּאָ האָט נעכטן דערשאָסן אויף דער גאַס דעם מורה־הוראה. דער מעזריטשער מורה־הוראה איז געווען אַ קליינגע־וויקסיקער, אַ הויקער. ער האָט געשמט מיט זיין למדנות און גוטהאַרציקייט. די דייטשן האָבן אים געוואָלט דעפּאָרטירן, אָבער ער האָט זיך נישט געוואָלט צו־שטעלן, און ער האָט זיך באַהאַלטן. די געשטאַפּאָ האָט גענומען 25 ייִדן פון שטאָט פאַר זאַקלאַדניקעס און געמאָלדן, אַז אויב דער „יודע" וועט זיך נישט צושטעלן, וועלן זיי דערשיסן אַלע 25 ייִדן. אַז דער מורה־מוראה איז פון דעם

געוואָרן געוואָרן, איז ער אַוועק אין געשטאַפּאָ. דאָרט האָט מען אים געפּייניקט און נאָך דעם האָט מען אים אַרויסגעפירט אויף דער גאַס און דערשאָסן. די גאַנצע שטאָט איז איצט אין אַ פינצטערער שטימונג און נידערגעשלאָגן.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און גאָלדע מיט איר מאַן זענען צוריקגעקומען. צוזאַמען מיט זיי זענען געקומען משה עזרא עדלשטיין — דער פאָרזיצער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, הערשל באַראָווסקי — אַקטיווער בונדיסט נאָך פון די צאַרישע צייטן, אַלטער שטאָקמאַן — אַ פרי׳ערדיקער שטאָטישער ראַטמאַן און דאָזאָר פון דער קהילה, משה גרינבוים — פאָרשטייער פון דער יוגנט.

די זיצונג האָט זיך אָנגעהויבן אין אַ געדריקטער שטימונג. דער פאָרזיצער משה עזרא עדלשטיין האָט אין געציילטע ווערטער איבערגעגעבן אַ באַריכט וועגן דעם ייִדישן לעבן אין מעזריטש. קיין געטאָ איז נאָך נישט געווען, נאָר בלויז אַן אויסגעטיילטע געגנט, אָבער די לאַגע איז געווען אַן אומדערטרעגלעכע. אין דער אַרומיקער געגנט האָבן די נאַציס אויסגעליידיקט די שטעטלעך און די ייִדן אַריינגעטריבן אין מעזריטש. דאָס ייִדישע מעזריטש האָט אַליין זיך געקור־טשעט אין הונגער און אונטער טעראָר. פאַר די אַריינגעטריבענע פּליטים איז נישט געווען קיין ברויט און קיין פאַדלאָגע אַוועקצולייגן דעם קאָפּ. די גאַנצע אַרבעט אין שטאָט איז געגאַנגען אויסשליסלעך פאַר די דייטשן. פאַר דער מלחמה זענען געווען צוויי בונדישע דאָזאָרעס אין דער קהילה. איצט האָבן זיי ביידע נישט געוואָלט מיטאַרבעטן. די סיבה איז געווען די זעלבע ווי אין פיל אַנדערע שטעט: דעמאָראַליזאַציע און קאָרופּציע, וואָס האָבן זיך ברייט צעלייגט אין יודענראַט. נישט ווייט פון מעזריטש, אַ ניין קילאָמעטער פון שטאָט, האָבן די דייטשן גע־שאַפן אַן אַרבעט־לאַגער און דאָרט פאַרשלאָסן עטלעכע הונדערט מענער. גאָלדע צוקער, וועלכע האָט אויסגעזען ווי אַ קריסטין, איז געווען די פאַרבינדלערין צווישן שטאָט און לאַגער. צוזאַמען מיט איר שוועסטער איז זי אַוועק אין די דערפער און איינגעקויפט פּראָדוקטן פאַר די חברים אין לאַגער. זי האָט אויך געברענגט פּוטער, אייער און מילך פאַר מעזריטשער ייִדישע קינדער.

די קאָמיטעט־חברים האָבן מיר אויך איבערגעגעבן וואָס ס׳איז געוואָרן פון דעם בערשטער־קאָאָפּעראַטיוו. ער האָט געהאַט אַ סקלאַד חזיר־האָר. אַ גרע־סערער סכום חזיר־האָר ליגט באַהאַלטן. פון צייט צו צייט פאַרקויפט מען אַ ביסל פון געבליבענעם זאַפּאַס און מיטן דאָזיקן געלט העלפט מען מיטגלידער פון בערשטער־פאַראיין, ווי אויך פרויען און קינדער, וואָס זענען געבליבן אָן זייערע שפייזער.

ווי אין אַלע שטעט, פירן דורך די דייטשן כסדרדיקע כאַפּענישן אויך אין מעזריטש. די דייטשן קאָנען באַקומען זייער צאָל ייִדישע אַרבעטער דורך דעם יודענראַט, אָבער דער ציל פון די כאַפּענישן איז צו פאַרוואַנדלען די שטאָט אין אַ ווילדן וואַלד, ווו מען איז אויסגעשטעלט אויף אַ כסדרדיקער מענטשן־יאַגד נישט געקוקט אויף דעם האַלטן זיך די ייִדן מיט אַ סך קוראַזש און ווערדע. דעם לעצטן 1טן מאַי האָבן די אַרבעטער געפייערט אויף אַ רירנדיקן אופן. זיי זענען

געגאַנגען גרופּנווייז איבער דער שטאָט, אין שווייגנדיקע מחנות. כאָטש ס׳איז נישט אויסגערעדט געוואָרן קיין וואָרט און מען האָט נישט געזונגען קיין לידער, איז די גאַנצע שטאָט געווען אונטערן איינדרוק פון דער נישט־געוויינלעכער מאַניפעסטאַציע. דער בונד איז ווייטער טעטיק, די באַוועגונג איז געטיילט אין קליינע גרופּן און עס קומען זיך אויך צוזאַמען די יוגנט־גרופּן. מ׳לייענט מיט גרויס אינטערעס די ביולעטינען און אַנדערע ליטעראַטור, וואָס מ׳שיקט פון וואַרשע. די אומלעגאַלע ליטעראַטור הייבט אין דער פינצטערער צייט די מאָראַל פון די חברים.

צום סוף פון דעם צוזאַמענטרעף האָב איך זיי אָפּגעגעבן מיין באַריכט פון וואַרשע און פון אונדזערע אַרבעטן אין אַ ריי שטעט. איך האָב זיי געזאָגט, אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט פּלאַנט צונויפצורופן אַ לאַנד־קאָנפערענץ און האָב זיי פאָרגעלייגט צו באַשטימען אַ דעלעגאַט פון מעזריטש. אויב זיי ווילן אים נישט באַשטימען אין מיין אָנוועזנהייט, קאָן עס געטאָן ווערן שפּעטער. איך האָב זיי איבערגעגעבן וועגן דעם מאַטעריעלן מצב פון די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס און פון די אָנפירנדיקע אינסטאַנצן אין וואַרשע, וועלכע דאַרפן אויך זאָרגן פאַר אַנדערע שטעט. דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן מיר איבערצוגעבן די גרויסע סומע פון 25 טויזנט זלאָטעס. דער פאָרזיצער האָט זיך געווענדעט צום יינגסטן פון אַלע אָנוועזנדיקע, צו משה גרינבוים, וועלכער איז געזעסן אין אַ זייט און צו אים געזאָגט:

— דו ביסט דער יינגסטער צווישן אונדז, און דו האָסט די גרעסטע שאַנסן איבערצולעבן, זאָל דאָס געלט איבערגעגעבן ווערן דורך דיין האַנט (ער איז טאַקע געבליבן לעבן און אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע).

ס׳איז געווען זייער רירנדיק, ווען דער יונגער חבר האָט מיר — מיט ציטער־דיקע הענט — איבערגעגעבן די מתנה פאַר דער פּאַרטיי.

פאַרן ענדיקן די זיצונג האָט דער אַלטער בונדיסט הערשל באָראָווסקי אַרויסגעצויגן פון דער קעשענע אַ ביסל משקה און האָט געזאָגט:

— דאָס איז אַלץ, וואָס איז מיר פאַרבליבן פון די גוטע צייטן, מיר זענען דאָך שטענדיק געוווינט געווען צו מאַכן באַנקעטן פאַר אונדזערע געסט. לאָמיר איצט אויך אויסטרינקען לחיים.

פאַר יעדן פון די אָנוועזנדיקע איז געווען נישט מער ווי אַ קליין ביסל אויף צו באַנעצן דעם גומען. צום סאַמע סוף האָב איך זיי איבערגעגעבן אַ פּעקל צייטונגען און די חברים האָבן איינציקווייז פאַרלאָזט דאָס הייזל אין אַ בעסערער שטימונג.

פאַר נאַכט, ווען עס איז שוין געוואָרן גוט טונקל, בין איך אַריבער אין הויז פון די חברים זדאַנאָוויטש און האָב דאָרט איבערגענעכטיקט. דאָס פּאָרפּאָלק האָט געהאַט צוויי פּרעכטיקע מיידעלעך און גאָלדע האָט זיי כסדר צו זיך גע־טוליעט. איר אַרבעט, איר אַרומגיין אין די דערפער נאָך שפּייז־פּראָדוקטן און דער קאָנטאַקט מיטן אַרבעטס־לאַגער איז געווען פאַרבונדן מיט כסדרדיקע

סכנות. זי האָט דעריבער יעדעס מאָל זיך געזעגנט מיט די קינדער, ווי זי וואָלט זיי געזען צום לעצטן מאָל.

באַלד אין דער פרי האָט זיך גאָלדע אויפגעהויבן און האָט זיך געגרייט צו גיין אין לאַגער אַריין. זי האָט מיר פאַרגעלייגט, אויב איך וויל, מיטגיין און זען דעם לאַגער. מיין קומען צום לאַגער, האָט זי געזאָגט, וועט זיין אַ גרויסע דער־מוטיקונג פאַר אונזערע חברים, וואָס געפינען זיך דאָרט.

מיר זענען אַרויס פון שטוב אויף דער גרויער און קאַלטער גאַס. דער לאַגער האָט זיך געפונען ניין קילאָמעטער הינטער דער שטאָט, אָבער מען האָט נאָך געמוזט אָפּטרעטן אויפן וועג אין עטלעכע דערפער און איינקויפן שפייז־פּראָ־דוקטן. אָנקומען צום לאַגער האָט מען געדאַרפט פינף נאָך מיטאָג, ווען די ייִדן זענען צוריקגעטריבן געוואָרן פון די פאַרשידענע אַרבעטן אין זייער געפענגעניש, וואָס איז געווען אַרומגעצוימט מיט דראָטן. חברטע גאָלדע האָט זיך גוט אַן עצה געגעבן אין אירע משא־ומתנס מיט די פּויערים. זי האָט אומעטום איינגעקויפט אַלץ, וואָס זי האָט געדאַרפט און נאָך דעם זענען מיר דורך שמאָלע זייטיקע וועגן צווישן די דערפער אַרויסגעקומען אויף דעם הויפּטשאָסיי, וואָס האָט געפירט דירעקט אין לאַגער אַריין. פון ביידע זייטן האָבן זיך געצויגן שיטערע וועלדלעך. גאָלדע האָט מיר געגעבן אַ צייכן און איך האָב אַ קוק געגעבן פאָרויס.

כ׳האָב פאַר מיר געזען דעם לאַגער. כ׳האָב דערזען די פאַרצוימונג, וואָס איז געווען געמאַכט פון שיטער־צעשטעלטע קלעצער, צוזאַמענגעבונדן מיט געדיכטע שורות פון שטעכיקן דראָט. אינעווייניק אין לאַגער זענען געשטאַנען הילצערנע באַראַקן און מען האָט דאָרט נישט געזען קיין שפור פון קיין מענטש. בלויז ביים טויער, הארט ביים שאָסיי, האָט זיך אַרומגעדרייט אַן ס.ס.־מאַן מיט אַ ביקס. גאָלדע האָט אַ קוק געגעבן אויף איר האַנטזייגערל און האָט געזאָגט:
— זיי דאַרפן באַלד אָנקומען. מיר מוזן זיך דאָ ערגעץ אַרומדרייען אויף אַ זייַ־טיקן וועג, כדי זיך נישט צו וואַרפן אין די אויגן. ווען מיר וועלן זיי דערזען, וועלן מיר צו זיי אַרויסגיין (ס׳זענען אויך געווען עטלעכע פּאָליאַקן, וועלכע האָבן געהאַט עפּעס צו פאַרקויפן די געפאַנגענע ייִדן).

אַ 5־10 מינוט האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט אויף אַ זייטיקער סטעזשקע, נישט ווייט פון הויפּטשאָסיי. פּלוצלונג האָבן מיר דערהערט טריט פון הונדערטער פיס. מיר זענען יעדער באַזונדער שנעל אַרויס אויפן שאָסיי. איך האָב דערזען פאַר מיר אַ מאַרשירנדיקע, געדיכטע מחנה. פון ביידע זייטן זענען געגאַנגען אַ צוויי־דריי ס.ס.־לייט און עטלעכע ייִדישע „אויפזעער". די ייִדן זענען געווען אויסגעמוטשעט און האָבן קוים געשלעפּט זייערע פיס. זיי האָבן באַלד דערזען גאָלדען, וועלכע איז אַן שום וואַקלעניש צוגעגאַנגען צו איינעם פון די מאַרשי־רנדיקע און אים איבערגעגעבן די פּעקלעך פּראָדוקטן. נישט די ס.ס־לייט און נישט די ייִדישע „קאַפּאָס" האָבן געשטערט, הגם זיי האָבן געזען. אין אַ מינוט אַרום איז די גאַנצע מחנה פאַרשלונגען געוואָרן אין לאַגער און דאָס טויער האָט זיך הינטער זיי פאַרמאַכט.

איך האָב שוין געהאַט בדעה אַוועקצוגיין, אָבער פּלוצלונג האָט זיך פון אינעווייניק, פון דער צווייטער זייט דראָט, דערהערט אַ יאָמערלעך געשריי. איך האָב זיך האַסטיק אויסגעדרייט און דערזען, אַז האַרט נעבן פּאַרקן איז געשטאַנען אַן ס.ס.־מאַן און מיט אַ שטיק האָלץ מערדערלעך געשלאָגן אַ ייִד. דער ייִד איז געווען אַ מיטליאָריקער, מיט אַ קורצער באָרד, די גאַנצע באָרד איז געווען באַגאָסן מיט בלוט. פון אַ גרופּע ייִדן, וואָס איז געשטאַנען צונויפגעטוליעט מיט אַ פּאָר טריט ווייטער, האָט זיך אָפּגעריסן אַ יונגער בחור און האָט מיט זיינע אויסגעשפּרייטע אָרעמס געוואָלט צודעקן דעם געשלאָגענעם ייִד, אָבער באַלד האָט אויך פון זיין פּנים אָנגעהויבן רינען בלוט. דער ס.ס.־מאַן האָט באַפוילן, אַז די אַרומיקע ייִדן זאָלן אַ כאַפּ טאָן דעם מיט בלוט־באַגאָסענעם ייִד אויף די אַקסלען און זאָלן מיט אים אַרומטאַנצן איבערן לאַגער. איך האָב אַ קוק געגעבן אויף דער חברטע גאָלדע. זי איז — פּונקט ווי איך — געשטאַנען אַן אויפגעציטערטע, זי האָט מיר געגעבן אַ צייכן, איך זאָל איר נאָכגיין און מיר האָבן אָנגעהויבן אַהיימצוגיין.

אַ לאַנגע צייט האָבן מירביידע געשוויגן. זי האָט מיר שפּעטער געזאָגט ווער עס איז געווען דער צעשלאָגענער ייִד און אַז דער יונגער בחור, וועלכער איז אים געלאָפן באַשיצן, איז געווען זיין זון.

מיר האָבן זיך אומגעקערט צו איר אין דער וווינונג אין אַ געדריקטער שטימונג. ווען איך בין אַריינגעקומען, האָט מיר איר מאַן געזאָגט, אַז אין איינעם פון די זאַמלפּונקטן, וווּ מען האָט צונויפגעטריבן די ייִדן פון די אַרומיקע שטעטלעך, געפינט זיך אונדזער אַ חבר פון אָסטראָלענקע, אַ געוועזענער בונדישער ראַטמאַן, צוזאַמען מיט זיין שוועסטער. מיר זענען אַלע דריי אַהין אַוועק. דער „הכנסת־אורחים" האָט זיך געפונען אין אַ פינצטערער געביידע. איבער דער גאַנצער פּאָדלאָגע זענען געלעגן צעלייגט ייִדישע פאַמיליעס — מענער, פרויען און קינדער מיט זייערע פּעקלעך, טלומיקלעך און רעשטלעך פון זייערע אָרעמע פאַרמעגנס.

ווען מיר זענען צוגעקומען צום אָרט פון אונזער אָסטראָלענקער חבר, זענען מיר געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט. דער חבר סטאָלאַרטשיק איז געזעסן אויף אַ פּאַק זאַכן און לעבן אים, אויף דער פּאָדלאָגע, איז געלעגן זיין שוועסטער, אַן איבערגעדעקטע מיט אַ טוך. זי איז געווען טויט. חברטע גאָלדע האָט אים אַ רוף געטאָן ביים נאָמען און ער האָט לאַנגזאַם אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָט אים באַלד צוריק אַראָפּגעלאָזט און געקוקט מיט שטאַרע בליקן אויף דער געשטאָרבענער שוועסטער. ער איז געזעסן אומבאַוועגלעך, ווי ער אַליין וואָלט געווען אַ טויטער. אַ ביסל שפּעטער האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און שטיל געזאָגט:

— זי איז געשטאָרבן מיט אַ פּאָר שעה צוריק. זי איז אויסגעגאַנגען. עס איז איר וויילער פון מיר.

איך האָב נישט געהאַט קיין מוט צו אים צוצוגיין, אים טרייסטן. ס'האָט מיך געשטיקט אין האַלדז.

מיר זענען שווייגנדיקע אַרויס. ביי דער שוועל האָב איך געזאָגט צו מיינע באַגלייטער, אַז מען מוז אים אומבאַדינגט וואָס שנעלער פון דאַנען אַרויסנעמען. גאָלדע האָט געזאָגט, אַז די חברים וועלן זיך גלייך פאַרנעמען מיט דער טויטער פרוי און וועלן אויסזוכן אַ דירה פאַרן מאַן. ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט אַהיים, האָבן שוין געוואַרט אויף אונדז אַ פּאָר חברים, אָבער כ׳האָב נישט געהאַט מער קיין געדולד און קיין כוח מיט קיינעם צו רעדן.

איך בין געווען אויסגעשעפּט און נישט אויסגעשלאָפן פון אַ פריערדיקער וואַך־נאַכט, אָבער נישט געקוקט אויף דעם האָב איך נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן און האָב מיך אַ גאַנצע נאַכט געדרייט אויפן געלעגער. צו מאָרגנס אין דער פרי האָב איך זיך געזעגנט מיט די צוויי טייערע חברים און מיט זייערע צוויי מיידעלעך און בין אַוועקגעפאָרן אויף מיין וויטערדיקער רייזע — קיין לובלין.

גאָלדעס מוטערלעך פאַרגעפיל יעדעס מאָל ווען זי איז אַוועק טאָן איר הייליקע אַרבעט, אַז זי זעט אירע קינדער צום לעצטן מאָל, איז געוואָרן אַ פאַקט. ווי דער חבר משה גרינבוים האָט מיר דערציילט, איז גאָלדע אַרויסגעגאַנגען פון געטאָ, כדי איינאָרדענען ביי פּויערים 25 ייִדישע קינדער. דאָס איז געווען איר לעצטער וועג. גאָלדע האָט שוין מער אירע קינדער מיטן מאַן נישט געזען.

איר ייִנגערע שוועסטער, חנהטשע, האָט געהאַט דעם זעלבן גורל. זי איז אַרויס איינקויפן שפּייזפּראָדוקטן און איז מער נישט צוריקגעקומען. גאָלדע און חנהטשע — די צוויי מוטיקע טעכטער פון דראָזשקאָזש מרדכי האָניק, די פּרעכטיקע פאָלקסקינדער און מסירת־נפשדיקע בונדיסטקעס — זענען אַליין פרייוויליק געגאַנגען אויפן מזבח אין דינסט פון כלל.

צבי גאָלדמאַן/פּתח־תקוה

# פאַרן חורבן

אין דרויסן שניידט די קעלט. דער האַרבסטווינט רייסט פאַרגעלטע בלעטער פון דיביימער און שלײדערט זיי אין בלאָטע, ווו זיי ווערן צעטראָטן דורך די דורכגייער. שווערע גרויע כמאַרעס יאָגן אָן אַלץ ווייטער און העכער איבערן האָריזאָנט.

פון אַ שויפענצטער אויפן מאַרקפּלאַץ רייסט די אויגן אַ גרויסער אַפיש: „דער ייִד פאַרשפּרייט טיפוס". ווי אַ קאָנטראַסט צו די אַרומיקע נידעריקע הייזער הייבט זיך מאַיעסטעטיש דער גרויסער שול־בנין. אין דער פאַרגאַנגענהייט — אַ סימבאָל פון ייִדישער פּראַכט, שטייט היינט די שול ווי אין טרויער. די גרויסע פענצטער מיט אויסגעהאַקטע שויבן, די פאַררויכערטע ווענט, דער אויפשריפט „טיפוס" אויף דער אַריינגאַנג־טיר (איבער וועלכער ס'איז אויסגעמאָלט דער פּסוק „מה טובו אהליך יעקב") זענען שטומע עדות פון דער שווערער צייט. דער בנין איז היינט אַ מקום מקלט פאַר הונדערטער משפּחות, אויסגעזידלטע פון קראָקע און נאַשעלסק, פון מלאַווע און מיעלעץ. אַרויסגעריסענע פון זייערע היימען, אַוועקגענומענע פון זייער האָב־און־גוטס, לעבן דאָ די אומגליקלעכע אין דחקות און נויט.

עס גייט אַ פרוי, אין דער האַנט האַלט זי אַ טעפּל עסן. צוויי קינדער שלעפּן זיך נאָך איר; פון זייערע בלאַסע אַנעמישע געזיכטער קוקן די גרויסע שוואַרצע אויגן מיט אַן אויסדרוק פון פּיין און טיפן טרויער. איינגעבויגן איבער אַ באַרג מיסט שטייט אַ פרוי מיט אַ געגאָלטן קאָפּ און זוכט. פון די צעריסענע זאָקן שטאַרן אַרויס אַ פּאָר געשוואָלענע פיס.

אויף די שטעכלדראָטן טריקנט זיך וועש. דער ווינט שאָקלט די צעריסענע העמדער הין און צוריק. פון שול אַרויס שלאָגט אַ שאַרפער גערוך — אַ געמיש פון קאַרבאָל מיט שוויס.

אין לאַנגן זאַל פון דער אַמאָליקער ווייבערשול ליגן אויפן שמוציקן דיל אויסגעמאָגערטע קערפּערס. אַ מוטער זויגט איר קינד. איר אויסגעדאַרטע ברוסט האָט נישט קיין מילך; דאָס קליינע ציט, וואַרפט מיט די פיסלעך און שרייט.

אין ווינקל באַקלאָגט אַ פאַמיליע איר טויטן פאָטער. איבערגעדעקט מיט אַ שמאַטע ליגט דער קערפּער — אַ הויפן ביינער; מיט אַ שוואַך הייזעריק קול ווײנט די פרוי. געבויגן איבערן קערפּער, מיט פאַרבראָכענע הענט, שטייט די טאָכטער. אין דער זייט רייכערט אַן אייוועלע. אַ גרופּע יונגוואַרג וואַרעמט זיך און בראָט קאַרטאָפל אין די שאָלעכץ.

אין קאָרידאָר פירט דער שול־פאַרוואַלטער אַ פאַרטרויליך געשפּרעך מיט יאַגאָדען. דער רויט־אַרמייער יאַגאָדע איז אַנטלאָפן פון דייטשער געפאַנגענשאַפט און ער באַהאַלט זיך זינט צוויי וואָכן אין שול. איך דערלאַנג אים דאָס פּעקל עסן און באַגריס זיך. גוט וואָס דו ביסט געקומען — זאָגט יאַגאָדע — מיר וועלן

מוזן זיך געזעגענען. דער שול־פּראָוואָלטער — דערקלערט מיר יאַגאָדע מיט פּאַרביטערונג — האָט מיר געמאָלדן, אַז פון יודענראַט האָט מען באַפוילן מיך משלח צו זיין. ק. פון אַמבולאַטאָריום האָט דערפאַר געמאַכט פּאַראַנטוואָרטלעך דעם שול־פּראָוואָלטער.

איך באַמי זיך אויפצוקלערן יאַגאָדען וועגן דער געפאַר וואָס דראָט אים אויסער דער שול. יעדן טאָג ברענגט די זשאַנדאַרמעריע פון די וועלדער אַנט־לאָפענע פּלעניקעס, זיי ווערן געבראַכט אויפן יידישן בית־עולם און דאָרט דערשאָסן. „נישט געפערלעך, אַלע וועט מען נישט אויסשיסן" — רייסט מיר איבער יאַגאָדע.

„אָבער צו וואָס זיך איילן? דו טראָג זיך דערווייל איבער אויפן צווייטן שטאָק, און איך וועל איבעררעדן מיט ק., ער איז מיינער אַ שול־חבר". איך אייל אין אַמבולאַטאָריום.

„גליקסבערג האָט מיר באַפוילן אַוועקצושיקן דעם רוסישן פּלעניק פון שול, ווייל אויב מ'וועט אים דאָרט געפינען, וועט מען אויסשיסן דעם גאַנצן יודענראַט" — דערקלערט מיר ק. קאַלטבלוטיק און מיט אַן אָפיציעלן טאָן. איך פּרוו אים צו ערשט רויק איבערצייגן, אַז ס'איז נישט פאַראַן קיין ריזיקע: יידן וועלן דאָך דעם פּלעניק נישט אויסגעבן. אָבער עס העלפט נישט. (אַ נס וואָס קלאַרבערג ווייסט נישט, ער וואָלט גלייך געמאָלדן די זשאַנדאַרמעריע. געזעץ איז געזעץ און קיינער וויל נישט געבן דעם קאָפּ פאַר יענעם). דאָ האָב איך שוין פאַרלוירן דאָס געדולד: „דו פאַרגעסט, אַז די רויטע אַרמיי קעמפט און בלוטיקט פאַר אונדז, פאַר אונדזער באַפרייונג. דו ווילסט לעבן אין זכות פון דייטשן געזעץ".

„שאַ! דו ביסט משוגע? וואָס שרייסטו? גיי רעד אַדורך אין יודענראַט מיט גליקסבערגן".

באַלאַגערט פון מענטשן איז די רעזידענץ פון יודענראַט. אין די צימערן פון דער געוועזענער תלמוד־תורה־שול פירן זייער טעטיקייט די יודענראַט־מיטגלידער מיט זייערע קרובים. ער פירט אָן מיט דער אַרבעט אין אַלע אַמטן און אַגענדן: פּאָסט־אַמט, קאָפּשטייער־אַמט, אַרבעטסאַמט, אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער הילף, קוואַרטיר־קאָמיסיע א"א.

ביים אַריינגאַנג הענגט אַ באַקאַנטמאַכונג וועגן אויספירן דעם טויטאורטייל איבער אַ ריי יידן, וועלכע מ'האָט געטראָפן אויסער דער שטאָט. אונטערגעשריבן: דיסטריקט לובלין, צערנער. אין קאָרידאָר דערגייט צו מיר דער אַ דיאַלאָג:

אַ בעטנדיקע פרויען־שטימע: „איר דערלאָזט מיר זאָלן שטאַרבן פון הונגער"...

יודענראַטניק: „נישט פון הונגער וועט איר שטאַרבן, נאָר פון עלטער — איר וועט ווערן עלטער און עלטער, ביז איר וועט שטאַרבן".

די בעטנדיקע שטימע: „נישט וועגן מיר בעט איך, נאָר וועגן מיינע דריי קינדער. איך וועל נישט האָבן קיין ברויט פאַר מיינע דריי קינדער".

יודענראַטניק: „ביסט דען געקומען צו מיר זיך באַראַטן, צי דו זאָלסט האָבן דריי קינדער?"

די פרויען־שטימע מיט פאַרצווייפלונג: „אָבער וואָס זאָל איך איצט טאָן?"

יודענראַטניק: „באַגראָב צוויי, וועט דיר בלייבן איינס, וועסטו האָבן אויס־צוקומען"...

פרוי: „פאַר וואָס שעלט איר? עס קען אויף אייך אויך קומען אַ נויט".

יודענראַטניק: (שרייט מיט כעס): „איך האָב שטענדיק געגעסן לאָקשן מיט יויך און וועל ווייטער עסן, און דו האָסט געפגרט פאַר אַ שטיקל ברויט און וועסט ווייטער פגרן פאַר אַ שטיקל ברויט"...

איך וויל זיך פרעגן צו גליקסבערגן, אָבער פלוצלונג הערט זיך אַ גערויש פון אַן אָנפאָרנדיקן אויטאָ. דער הויף ווערט ליידיק פון מענטשן. אויף די טרעפ גייט מיט פעסטע טריט אַ דייטשער אונטעראָפיציר. ער עפנט האַסטיק אַ טיר: „וואָ איסט דער פרעזעס"? אין דער אַלגעמיינער שטילקייט ענטפערט דער יודענ־ראַטניק מיט אַן אַנטבלויזטן קאָפּ און מיט אַ הכנעה־שמייכל: „ביטע, הער אָבער־וואַכמייסטער, וואָס ווינטשט דער בעסטער הערר"?

אויף דער גאַס האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַ לוויה. מיטגעשלעפט פון דער מענטשן־מאַסע האָב איך זיך געלאָזט גיין צום בית־עולם. דער מאַיעסטאַט פון טויט פלעגט אַ מאָל דערוועקן דרך ארץ ביי די לעבעדיקע, היינט האָט זיך דאָס געענדערט. מ׳רעדט וועגן טיפוס. „ס׳איז אַ פאַרדראָסיקע קרענק. אָרעמע לייט האַלטן גיכער אַדורך די קרענק מיט שוואַרץ ברויט און וואַסער ווי די רייכע מיט עפלזאַפט און זאַסטשיקעס". מ׳רעדט וועגן דער אַלמנה אַן מיטגעפיל: „עס קליידט איר אין שוואַרצן, זי איז נאָך יונג און שיין". „זי וויינט מיט פאַלשע טרערן. אין אַ חודש אַרום וועט זי שוין האָבן אַ געליבטן". איך קוק זיך אַרום — דאָס רעדן צווישן זיך אירע נאָענטע חברטעס.

אויפן בית־עולם שאַרעווען די טריט אין פאַרוועלקטן גראָז. ווי פאַריתומט שטייען די ביימער. פון די אַראָפּהענגענדיקע נאַקעטע צווייגן הערט זיך דאָס קראַקען פון קראָען. עס ציִען זיך רייען מצבות, הויכע און נידעריקע, שיינע און מיאוסע - ווי די היעראַרכיע אין דער לעבעדיקער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

ביים אַראָפּלאָזן דעם קערפּער אין גרוב ווערט אַ געוויין פון פרויען. עס שאַרן לאָפּאַטעס, גרודעס ערד פאַלן מיט אַ טויבן קלאַנג. ביסלעכוויז שטילט זיך איין, ווו נישט ווו הערט זיך אַ קרעכץ, גרופּנווייז פאַרלאָזט מען דעם בית־עולם.

דורך די וואָלקנס רייסט זיך דורך אַ בלאַסער זונשטראַל. פון יענער זייט טייך פייפט יאָמערלעך אַ לאָקאָמאָטיוו. עס גליטשט זיך פון מזרח אַ משׂא־צוג באַלאָדן מיט פאַרברענטע טאַנקען, אויסגעקרימטע קאַנאָנען, אויטאָ־שאַרבנס. פון די צעבראָכענע אַעראָפּלאַנען־פליגל גלאַנצט דער האַקענקרייץ.

דער בית־עולם־פאַרוואַלטער, אַ נידעריק רירעוודיק מענטשל מיט אַ לאַנגער באָרד, רעדט זיך אָפּ פון האַרצן פאַר עטלעכע מלווים, וועלכע זענען געבליבן די לעצטע אויפן בית־עולם.

„אַ שווער לעבן געוואָרן — זיפצט ער — כ׳האָב היינט מקבר געווען אַכט בר־מינגס און צווישן זיי אַ רוסישן פלעגניק, אַ סיביריאַק, אַ העלדישער יונג.

ווען די צוויי זשאַנדאַרמען האָבן אים אַריינגעפירט אויפן בית־עולם, האָט ער פאַרשטאַנען וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך. האָט ער זיך איינגעבויגן און מיטן קאָפּ דערלאַנגט איינעם אַ זעץ אין פּרצוף, אַז יענער האָט זיך גלייך איבערגע־קערט אַ צעבלוטיקטער. דעם צווייטן זשאַנדאַרם האָט ער מיטן פוס געטאָן אַ קאָפּ אין בויך, אַז די ביקס איז אים אַרויסגעפאַלן פון האַנט. דער פּלעננִיק איז ווידער צוגעפאַלן צום ערשטן און געוואָלט אים איבערבייסן דעם גאָרגל. האָט איין זשאַנדאַר אַרויסגעכאַפּט אַ רעוואָלווער און אויסגעשאָסן. דורכגעשאָסן, מיט אַן אויסגעקרימט פּנים, האָט דער פּלעננִיק נאָך געפּרוּווט זיך וואַרפן אויף די דייטשן, אָבער די דייטשן האָבן נאָך עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן. דער פּלעננִיק איז אומ־געפאַלן ווי אַן אונטערגעהאַקטער דעמב. דאָס איז געווען אַ יונג! ווען ער זאָל נישט זיין מיט געבונדענע הענט״...

אין געדאַנק ביי מיר שווימט אויף יאַגאָדע. ווי אַזוי אָרדנט מען אים איין, אַז דער יודענראַט זאָל נישט וויסן? פאַרטראַכט גיי איך אַרויס פון בית־עולם. מיטן שאָסייוועג טרייבט מען פון דאָרף אַ טשערעדע שעפסן; זיי ווערן געיאָגט דורך פאַסטעכער אין באַגלייט פון געהילפס־זשאַנדאַרן. פאַרן טויער פונעם שעכטהויז בלייבן די שעפסן שטיין. אַ טייל פּרובירט זיך אַוועקדרייען אין אַ זייט, אָבער ס׳איז צו שפּעט. געהאַקט מיט שטעקנס און פּאַקלאַדן ווערן זיי מיט גע־וואַלד אַריינגעיאָגט צו דער שחיטה. האַרצרייסנדיק קלינגט זייער הילפרופנדיקע מעקערײַ: מע!

אַ באַקאַנטע געשטאַלט האָט זיך דורכגעשלייכט לעבן מיר. מיט אַנטשלאָסענע פעסטע טריט גייט זי אויפן בריסקער וועג. דוכט זיך, יאַגאָדע. איך דעריאָג אים שוין ביים ראַנד פון שטאָט לעבן צמענטאַזש. „וואָס טוט זיך מיט דיר, יאַגאָדע, קום צוריק״. „איך גיי אין רודניקער וואַלד. עס האָבן דאָרט זיך באַוויזן סאָוויע־טישע קריגס־געפאַנגענע, וואָס זענען אַנטלאָפן פון די עשאַלאָנען. מיין אָרט איז צוזאַמען מיט זיי; צוזאַמען וועלן מיר עפּעס אויפטאָן״. „איר וועט גאָרנישט אויפטאָן, קיין געווער האָט איר נישט און עס גייט צו ווינטער. איר וועט אומ־קומען אין וואַלד פון קעלט״. „עס איז בעסער פאַרפרוירן צו ווערן גייענדיק, איידער פאַרפוילט צו ווערן ליגנדיק. נו, פראָשטשאַי!״ — ער ווערט פאַרשוווּנדן אין דער טונקלקייט.

די שטילקייט פון דער אָנקומענדיקער נאַכט ווערט איבערגעריסן דורך אַ יאָמערדיק האַווקען פון אַ הונט. אַ ליכטל שימערט פון אַ פענצטער. אַ געדיכטער נעפּל באַדעקט די שוואַרצע ערד. אין מיינע אויערן קלינגען נאָך יאַגאָדעס ווערטער ווי אַ „מנא תקל״.

דורך שמאָלע, בלאָטיקע געסלעך מיט נידעריקע נישט באַלויכטענע הייזלעך גיי איך אין דער האַרבסטיקער נאַכט אין מיין היים — אין געטאָ מעזריטש.

מעזריטש, 1941.

# די פינף אַקציעס

דערציילט פון **אסתר בראָנשטיין**

פאַרצייכנט פון **צפורה סלאַדקי־ברוידע**

דעם 25סטן אויגוסט 1942 איז אַרויס אַ באַפעל, אַז די ייִדן זאָלן זיך צונויפֿ־זאַמלען אויפֿן מאַרקפּלאַץ, פֿון וואַנען מען וועט זיי שיקן אויף אַרבעט אין אַרבעטס־לאַגערן. מיין עלטסטע שוועסטער איטקע האָט אונדז געוואָרנט, אַז מיר זאָלן נישט גיין שטעלן זיך אויפֿן רוף, ווייל עס איז בלויז אַ תירוץ; מען וועט די ייִדן אַוועקשיקן אין טויטלאַגער. מיין שוועסטער האָט שוין דאָס איבערגעלעבט; איר מאַן האָט מען שוין געהאַט געהרגעט און זי אַליין איז אַנטלאָפֿן צוריק קיין מעזריטש פֿון אַ שטאָט ערגעץ ווו, לעבן דער דייטשישער גרענעץ.

מיר, די דריי שוועסטער און אַ טאָכטער פֿון דער עלטסטער שוועסטער, זענען אַרויף אויפֿן בוידעם ביי אונדז אין הויף אויף לובלינער גאַס. פֿון דער באַהעלטעניש אַרויס האָבן מיר געזען אַלץ, וואָס עס טוט זיך אויף דעם מאַרק. נאָך אַ צוויי טעג מערדערייען איז שטיל געוואָרן. נאָך דער מוראַדיקער שחיטה פֿון אַרום 80 פּראָצענט פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, האָבן די לעבן־געבליבענע זיך צוזאַמענגעטראָפֿן, באַוויינט די געפֿאַלענע און אַוועקגעשיקטע און גענומען ווייטער פֿירן זייער שווער לעבן מיט דער האָפֿענונג אויף אַ בעסערן מאָרגן.

צווישן דער ערשטער און צווייטער אַקציע האָבן די מערדער דורכגעפֿירט אַ פּוטערוואַרג־אַקציע. יעדער איינער האָט געמוזט אַליין ברענגען זיין פּוטער־מאַנטל אין תלמוד־תורה, ווו ס'איז געווען דער מאַגאַזין. פּאַר נישט פֿאָלגן האָט געדראָט טויטשטראָף. פּאַר אַן אויפֿזעער איבער דעם מאַגאַזין איז באַ־שטימט געוואָרן משה גליקסבערג, אָבער די מערדער האָבן אים געהרגעט ווי נאָר זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז ער איז געווען אַ פּוילישער אָפֿיציר.

נישט לאַנג נאָך דעם, ווען עס איז שוין געווען גוט קאַלט, האָט זיך פֿאַר־שפּרייט אַ קלאַנג אין שטאָט, אַז דער שלעגער מיטן הונט, פּראַנץ באַוער, גייט שוין ווידער אַרום אין די גאַסן. דער שלעגער איז געווען אַ געסטאַ־פּאָוויעץ און זיין גרויסער שפּירהונט האָט געהייסן „יודע". זיין שפּאַציר איז געווען אַן אָנזאָג אויף אַ נייער אויסזידלונג. ווען דער שלעגער מיטן הונט האָט באַגעגנט וועמען אויף דער גאַס, איז שוין יענער נישט אַרויס קיין לעבעדיקער. ס'איז געווען גענוג, אַז דער שלעגער האָט געגעבן אַ באַפֿעל: „יודע! נעם דעם יודען!" איז שוין יענער געפֿאַלן אַ קרבן. ער האָט אויך נישט געשאַנעוועט קיין פּאָליאַקן.

צו יענער צייט זענען מיר געווען באַהאַלטן אין קעלער פֿון קראָנהאַרצס וווינונג. דער אַריינגאַנג איז געווען פֿון דער קיך. קראָנהאַרץ אַליין מיט דער

משפחה זענען געווען פריווילעגירטע בירגער, ווייל ווי אַ פאָטאָגראַפיסט האָט ער געאַרבעט פאַר די דייטשן. אין קעלער, ווי געווײנלעך, איז געווען נאַס און קאַלט. עס זענען שוין געווען פרעסט און ווו זיך צו דערוואַרעמען איז נישט געווען. עסן האָט אונדז אַרײנגעבראַכט די פרוי קראָנהאַרץ. צוליב פאַרשידענע סיבות האָבן מיר געמוזט דאָס דאָזיקע אָרט פאַרלאָזן.

מיין עלטערע שוועסטער מיט דער טאָכטער אירער זענען אין סכנות נפשות אַוועק צוריק אין געטאָ. איטקע רויזנבלום מיטן קינד איז אַוועק צו איר שטיפ־מוטער ביי ד״ר בעק, וועלכער האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי משה צוקערמאַן. מיין פאָטער, מאָטעס רויזנבלום, האָט שוין נישט געלעבט. איך מיט דער יינגערער שוועסטער כייטשע, האָבן זיך פאַרגנבעט צו אונדזער שטוב און אַרויף אויפן בוידעם. מיר האָבן געמוזט זיך דורכגנבענען, ווייל אונדזער הויז האָט באַוווינט אַ פאָליאַק, אַ שיכור און אַן אַנטיסעמיט, ער האָט געוווינט מיט אַ געליבטער.

די מערדערייען האָבן זיך ווידער איבערגעחזרט. מיר האָבן פון אונדזער באַהעלטעניש אַרויס צוגעזען אַלע שווידערלעכקייטן. מען האָט געשלעפט יידן אין יוסף טישס הויף אַריין, ווו בלוט האָט זיך געגאָסן, ווי וואַסער. אַ טייל האָט מען געהרגעט אויפן בית־עולם. אַזוי זענען מיר געלעגן אויפן בוידעם עטלעכע טעג אָן עסן, אָן וואַסער, אָן וואַרעמע זאַכן צוצודעקן זיך.

נישט קענענדיק שוין מער דאָס איבערטראָגן, האָבן מיר באַשלאָסן אָנצו־קלאַפּן ביי דער קריסטין און בעטן עפּעס עסן. מיר האָבן אויסגענוצט די געלע־גנהייט, ווען דער גוי, דער געליבטער, איז נישט געווען אין דער היים. דאַן זענען מיר אַראָפּ פון בוידעם. אָנגעקלאַפּט ביי דער גויע, געפאַלן איר צו די פיס און געזאָגט אַ ליגן, אַז מיר קומען איצט פון דער פילסודסקי־גאַס, ווו מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי גוייִם, און איצט האָבן זיי אונדז אַרויסגע־וואָרפן. די גויע האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט, ווי אַזוי מיר האָבן אין אַזאַ מהומה זיך אַדורכגעריסן. מיר האָבן איר געבעטן, זי זאָל אונדז אַרויפלאָזן אויפן בוידעם און אויך דערלויבן אַרויסנעמען וואַרעמע זאַכן וואָס מיר האָבן דאָן איבערגעלאָזט. זי האָט אונדז פריינדלעך אויפגענומען, געגעבן ברויט מיט מילך און אַליין אַרויפגעפירט אויפן בוידעם צוזאָגנדיק אונדז, דעם געליבטן אירן נישט צו דערציילן.

די קריסטין האָט אונדז אָפט באַזוכט און געברענגט עסן. לויט אַן אָפּגע־מאַכטן צייכן האָבן מיר געעפנט דאָס טירל פון בוידעם. זי פלעגט אונדז אינפאָרמירן, ווי די לאַגע איז אין שטאָט און צוגעזאָגט, אַז ווי נאָר ס׳וועט ווערן שטילער, וועט זי אונדז אַריבערפירן אין געטאָ. זי האָט מורא, האָט זי געזאָגט, אַז דער געליבטער זאָל אונדז נישט אויסגעבן. אויך די פרוי קראָנהאַרץ פלעגט אונדז ברענגען עסן און וואַסער. אַזוי זענען אַוועק 3 וואָכן.

איין מאָל קומט אַרויף די קריסטין און גיט אונדז איבער, אַז היינט קען זי אונדז אַוועקפירן אין געטאָ, ווייל מ׳זעט נישט דעם שלעגער מיטן הונט. שליי־כנדיק זיך ביי די ווענט, זענען מיר אָנגעקומען אין געטאָ, ווו מיר האָבן זיך

געטראָפן מיט די איבערגעבליבענע פון דער אַקציע. אויך מיין שוועסטער מיט דער טאָכטער האָבן מיר געפונען.

די לאַגע אין געטאָ איז געווען אַ שרעקלעכע. אין איין צימער האָבן געוווינט צו פופציק פערזאָן, ס'איז געווען ענג און שמוציק, אָבער מיט דער צייט האָט זיך דאָס לעבן נאָרמאַליזירט. יעדער האָט זיך צו ביסלעך איינגע־אָרדנט, מ'האָט געהאָפט צו בלייבן לעבן. ס'איז באַשטימט געוואָרן אַ יידישער קאָמענדאַנט, ברוקאַזש. אין אַ צייט אַרום האָט אים די געסטאַפּאָ דערשאָסן. זיין פּלאַץ האָט פאַרנומען דער באַוווסטער סראַל־לייזקע צוקער. מיט איין מאָל האָט ער אויך פאַרלוירן דעם חן אין די אויגן פון די דייטשן און זיי האָבן באַשלאָסן פּטור צו ווערן אויך פון אים. אַ געשמידטער אין קייטן איז ער אַנטלאָפן פון זייערע הענט און אַרויף אויף אַ בוידעם. די פּאָליציי האָט גע־מאָלדן, אַז אויב מען גיט נישט אַרויס דעם פאַרברעכער, הרגעט מען אויס פינף הונדערט יידן מיט איין מאָל. ס'איז געוואָרן אַ גרויסע פּאַניק. מ'האָט געוויינט, געקלאָגט. מ'האָט אָנגעהויבן לויפן אין די באַהעלטענישן, ביז איינע אַן אַלטע פרוי האָט געמאָלדן, אויף וועלכן בוידעם עס באַהאַלט זיך סראַל־לייזקע. די דייטשן האָבן אַרויפגעשאָסן צו אים און אַראָפּגעשלעפּט זיין טויטן קערפּער. די יידישע פּאָליציי האָט צו וויסן געגעבן, אַז די יידן קענען שוין אַרויס אויף דער פריי.

אַוועק אַ שטיקל צייט, איז די לופט ווידער געוואָרן שווער; עס האָט זיך געפילט, אַז מ'גרייט שוין פאַר אונדז עפּעס נייס. איין מאָל אין אָוונט, זיצנדיק ביי אַ חברטע, אַ בריסקערין — זי האָט געוווינט צוזאַמען מיט דער מוטער, אַ דענטיסטין — איז געקומען אַ פּאַציענטין צו דער מוטער און שמועסנדיק האָט זי דערציילט, אַז די נאַכט גרייט מען פאַר אונדז די פינפטע אַקציע. צוזאַמען מיט מיר זענען ביי דער פרוי געווען ריווטשע פינקעלשטיין, כייטשע געלבערג און סימע ווישניע. ס'האָט זיך שווער געגלויבט. קומענדיק אַהיים האָב איך איבער־געגעבן די נייעס פאַר מיינע נאָענטע, אָבער קיינער האָט דאָס נישט גענומען ערנסט.

אָבער אין מיטן נאַכט האָבן זיך דערהערט שיסערייען פון אַלע זייטן און ווילדע אויסגעשרייען: „יודע ראַוס!" מ'האָט גענומען לויפן און זוכן שוץ, ווו איינער האָט נאָר געקענט. מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אונטער דער פּאָדלאָגע פון משהלע סטאָלאַרס הויז; מיר זענען דאָרט געווען ביי הונדערט פופציק פערזאָן, צווישן זיי — אַ 9־חדשימדיק קינד. ווען דאָס קינד האָט געוויינט, האָבן די אויסבאַהאַלטענע דאָס קינד אַליין דערשטיקט, קעגן דעם ווילן פון דער מוטער. ליידער האָט דאָס אויך נישט געהאָלפן. איינער אַ מעזריטשער, וואָס האָט געמיינט, אַז ער וועט דורך דעם ראַטעווען זיין לעבן, האָט אויסגעגעבן אונדזער באַהעלטעניש: אַליין אָפּגערוקט די בעטן און די ברעטער, וועלכע האָבן אונדז געשיצט. באַלד האָבן זיך דערהערט די ווילדע אויסגעשרייען פון נאַצישע באַנדיטן, און אַלע ווי איינער זענען מיר געווען געצוווּנגען אַרויסצוגיין אויפן

הויף, ווו עס האָבן געווילדעוועט די געסטאַפּאָווצעס אונטער דער אָנפירערשאַפט פונעם שלעגער מיטן הונט. יעדער איינער האָט געמוזט אָפּגעבן וואָס ער האָט געהאַט. איך האָב אַוועקגעגעבן אַ בריליאַנט, וואָס איך האָב געהאַט באַהאַלטן, געמיינט, אַז איך וועל אַ מאָל דערמיט אפשר זיך ראַטעווען.

מ׳האָט אונדז אַוועקגעשטעלט אין רייען, אויסגעקליבן 26 מיידלעך, נאָך אַרבעטס־פעיִקע, און אַלע איבעריקע טראַנספּאָרטירט אין טויטן־לאַגער. איינעם האָט מען אויפן אָרט געשאָסן, ווייל ער האָט געוואָלט איבערגיין צו זיין קינד אויף דער צווייטער זייט הויף. אויך דעם אויסגעבער פון אונדזער בונקער האָט מען באַלד געהרגעט.

אונדז, די אויסדערוויילטע צום לעבן, האָט מען אַריינגעפירט אין תלמוד־תורה, אַלע אין איין צימער, און אויף מאָרגן אַריינגעפירט אין געטאָ און באַפוילן אויסראַמען די וווינונגען. מיר האָבן נאָך דאָרט געפונען האָב און גוטס. עסן האָט נישט געפעלט. די ווערטפולע זאַכן האָט מען אַריינגעפירט אין מאַגאַזין אין תלמוד תורה, ווו מ׳האָט אויסזאָרטירט די זאַכן און אָפּגעשיקט ווו מ׳דאַרף.

די אויסגעליידיקטע הייזער האָט מען פאַרברענט. אַזוי זענען ריין געוואָרן די גאַסן פון שמולעוויזנע, און ווען מ׳האָט זיך אין אונדז שוין נישט גענויטיקט, האָט מען ווידער איין מאָל ביי נאַכט אַרומגערינגלט דעם בנין פון דער תלמוד־תורה און אונדז, די 26 מיידלעך, אַוועקגעפירט אויף די זאַמדן, אויפן ראַדזינער שאָסיי. דאָרט איז געשטאַנען אַ צוג מיט נאָך קרבנות פון אַנדערע ערטער. מ׳האָט באַפוילן זיך אויסטאָן נאַקעט, אונדז באַזוכט, און דערנאָך אַריינגעפירט אין די פול געפּאַקטע וואַגאָנעס. איך האָב זיך פּרובירט ראַטעווען מיט דער הילף פון אַ ראַדזינער פרוי, מיט וועלכער איך האָב זיך באַקאַנט אין געטאָ. די פרוי האָט נאָך געהאַט ביי זיך גאָלד און אַנדערע זאַכן. די פּאָליציי האָט געמאָלדן, אַז ווער עס וועט אַליין מיט זיין גוטן ווילן אַוועקגעבן טייערע זאַכן, וועט בלייבן לעבן. די ליבע גוטהאַרציקע פרוי האָט מיר פאַרגעלייגט איך זאָל גיין מיט איר, אפשר וועט מיר אויך געלונגען צו בלייבן לעבן. הערנדיק דאָס, איז צו מיר צוגעקומען אַ ייִדישער פּאָליציאַנט, אַ ביאַליסטאָקער (ער לעבט איצט אין אַמעריקע), מיך אַוועקגעריסן מיט געוואַלט און איבערגעגעבן צו אַ דייטש, וועלכער האָט מיט זיין פּאַקלאַד מיר געגעבן אַ גוטן קלאַפּ אין דער זייט און אַריינגעשטופּט אין וואַגאָן. ביי דער פרוי האָט מען צוגענומען דאָס געלט און זי גלייך געהרגעט.

אין די וואַגאָנעס זענען געווען צו דריי הונדערט מאַן: מענער, פרויען און קינדער. פינף טעג האָט מען אונדז געפירט ביז לובלין אָן וואַסער און אָן עסן און אָפּט אַריינגעשאָסן אין די וואַגאָנעס, וואָס זענען געווען פול מיט טויטע. איך דערמאָן זיך, ווי פון אַ קויל איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אַ ייִנגל און ס׳איז נישט געווען מיט וואָס צו פאַרהאַלטן דאָס בלוט. איך האָב צעריסן דאָס איינציקע קליידל, וואָס איך האָב געהאַט אויפן לייב, און פאַרשטאָפּט דערמיט דעם אָפענעם

בויך פונעם קינד. ווען מיר זענען אויסגעשטיגן אין מיידאַנעק, האָט איינע אַראָפּ־געצויגן אַ קליידל פון אַ טויטער פרוי און מיר דערלאַנגט דאָס אָנצוטאָן. קיין שיך אויף די פיס האָב איך שוין נישט געהאַט.

אין מיידאַנעק האָב איך געטראָפן מיינע 2 שוועסטער און אַ טאָכטער פון דער עלטסטער. די עלטסטע שוועסטער מיט דער טאָכטער זענען אומגעקומען און די יינגערע, כייטשע, איז געבליבן מיט מיר. מיר האָבן אויף ס'ניי אַדורכ־געמאַכט אַלע גרוילן פון די לאַגערן.



אויפגעזאַמלטע אויפן מאַרק



אויפן וועג צום באַן

צבי גאָלדמאַן

# די אויסזידלונג אין מעזריטש

די דאָזיקע באַשרייבונג פון דער 5טער אויסזידלונג איז אַ נישט־פאַרענדיקטער טייל פון אַ געפלאַנטער גרעסערער אַרבעט. ליידער איז דער מחבר אַוועקגעריסן געוואָרן אומגעריכט אין יונגן עלטער, קוים 55 יאָר אַלט. מיר ברענגען דאָ צוויי פראַגמענטן ווי מיר האָבן עס באַקומען — אומפאַרענדיקט.

**די רעדאַקציע**

**זונטיק** 2.1.43

אין דער נאַכט פון 1טן אויפן 2טן מאַי, 3 אַ זייגער, האָבן אונדז אויפגעוועקט שאָסן פון אויטאָמאַטישע ביקסן, געדיכטע ווי זיך אַרויסשיטנדיקע קאַרטאָפל פון אַ זאַק. מיר טוען זיך בליץ־שנעל אַ הייב און מיר גייען אַראָפּ אין דער באַהעלטעניש. די שיסערייַ שטילט זיך איין. יאָסקע גייט אַרויס דערוויסן זיך, צי ס'איז באמת אַן אויסזידלונג. ער קומט צוריק: יאָ, אַן אויסזידלונג. דאָס גאַנצע געטאָ איז אַרומגעשטעלט מיט שופּאָ (שוץ־פּאָליציי) און זשאַנדאַרמעריע. יאָסקע גייט אַראָפּ אין דער באַהעלטעניש און נעמט מיט זיך אַן עמער וואַסער.

אונדזער באַהעלטעניש איז געמאַכט מיט אַ גוטן איינפאַל: דער פאַרמאַסקירטער הויף פון פאָרנט איז פאַרמאַכט אויף אַ שלעסל. אין הויף שטייט אַ קליין הייזל; אין דער הייך — אַ פאַרמאַסקירטער בוידעם, מיטן ציל אָפּצוציִען די אויפמערקזאַמקייט פון די דייטשן פון דער פּאָדלאָגע. ווען מען וועט אַפילו די פּאָדלאָגע אָפּרייסן, זעט מען בלויז די ערד. אונטער דער ערד, אין דער טיף פון 22 צמ., געפינט זיך אַ צווייטע פּאָדלאָגע, אונטער וועלכער עס געפינט זיך אונדזער באַהעלטעניש. דער אַריינגאַנג אין דער באַהעלטעניש פירט דורך אַ טרעפּל, וואָס עפנט זיך ווי אויף זאַוויאַסעס. קיין איינעם פון די דייטשן וועט נישט איינפאַלן, אַז דאָ געפינט זיך אַ באַהעלטעניש.

די שרעק, וואָס האָט מיך אַרומגעכאַפּט ביי די ערשטע שאָסן, איז שוואַכער געוואָרן. אין דער באַהעלטעניש האָב איך צוריקגעקריגן מיין גלייכגעוויכט. לעבן מיר זיצט מיין ליבע יִינגסטע שוועסטער שׂרה. ווייטער — יאָסקע, זיין ברודער מיט דער שוועסטער שׂרה און מיט די עלטערן און אויך אַדעק וואַרשאַוועסקי און יאַנעק.

איך הער שוין די שטימעס פון דער יִדישער פּאָליציי: „אַלע גייען אַרויס אויפן פּלאַץ! מען שיקט אָפּ אין די לאַגערן אויף אַרבעט". (איך קען שוין זייערע לאַגערן...). פּלוצלונג הער איך ווי מען רופט אויס מיין נאָמען. איך דערקען דאָס קול פון מיין ברודער. איך וויל זיך אַ ריס טאָן, כאַפּט מיך עמעץ

פאַרן האַלדז. דאָס האָט מיר יאָסקע געוואָרנט: „אויב דו וועסט זיך אָנרופן, וועל איך דיך דערהרגענען, איצט איז נישט קיין צייט אויף סענטימענטן". איך פיל די שאַרף פון אַ מעסער אויף מיין האַלדז, אַ לייכטער שטאָך. איך טראַכט: ווי גיך מענטשן ווערן ווילד. יאָסקע איז געווען מיין נאָענטסטער חבר פון קינדוויַיז אָן, איצט איז ער גרייט מיך דערהרגענען, אויב כ'וועל זיך אָנרופן צו מיין ברודער. יאָסקע האָט נישט געוווסט, אַז איך האָב אויסגעזאָגט מיין ברודער וועגן אונדזער באַהעלטעניש נאָך מיט אַ חודש צוריק.

דערווייל איז מיין ברודער אַריבערגעקראָכן איבערן פלויט און אַ ריס געטאָן די טיר פון דער באַהעלטעניש. אַ בלאַס ליכט פאַלט אַריין. יאָסקע באַהאַלט דאָס מעסער קריצנדיק מיט די ציין: „האָסט זיי אויסגעגעבן אונדזער באַהעלטעניש, מיר זענען פאַרלוירן. אויב ער וועט אַריינפאַלן, וועט ער אונדז אויך אויסגעבן".

„קריך אַרויף אויפן בוידעם — רוף איך זיך אָן צום ברודער — אין דער באַהעלטעניש איז קיין אָרט נישטאָ". „גוט", ער וואַרפט מיר אַ לעבל ברויט אין דער באַהעלטעניש — „די אוקראַינער מאַרשירן אַריין אין געטאָ. איך קריך אַרויף אויפן בוידעם מיט דער שוויגער און פרוי".

פלוצלונג דערהערן מיר דערנענטערנדיקע פעסטע טריט. מען רייסט די פורטקע פון אונדזער הויף. „גיב די האַק!" איך דערקען לויט דער שטים דעם פאָליציאַנט. איין טעמפּער קלאַפּ און מען האָט אַראָפּגעריסן דאָס שלעסל — זיי גייען אַריין. אין אונדזער באַהעלטעניש פאַלט אַ סנאָפּ זונשטראַלן און דאָס אומברחמנותדיקע קול פון יודען־פאָליציי: „אַרויסגיין!" איצט האָב איך געוווסט, אַז אונדזער באַהעלטעניש איז אין דער אמתן אַנטדעקט; אַלץ איז פאַרלוירן.

דער ערשטער איז אויפגעשטאַנען יאָסקע. ער כאַפּט די האַק אין האַנט און פרווט אַרויסקריכן (מיר זענען געווען גרייט פאַרטיידיקן זיך מיט העק אין פאַל פון אַרויסגעבן אונדז דורך דער יידישער פאָליציי, וועלכע איז געווען באַוואָפנט נאָר מיט שטעקנס). אין אַ מינוט אַרום וואַרפט ער צוריק די האַק אין באַהעלטעניש. ערשט ווען כ'האָב אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ, האָב איך פאַרשטאַנען, באַנומען די סיטואַציע: דעם יידישן פאָליציאַנט, דעם אַרויסגעבער, האָט מען נישט געקענט דערהרגענען, ווייל 2 אוקראַינער זענען געשטאַנען מיט ביקסן הינטער זיינע פּלייצעס.

איך גיי אַרויס. „קום, שרה" — זאָג איך צו מיין שוועסטער. מען פירט אונדז אויפן מאַרק. איך פיר מיין שוועסטער פאַר דער האַנט, איך קוק זיך אַרום איבער די געסלעך פון געטאָ. אומעטום איז פול מיט אוקראַינער, זיי שרייען ווילד: „יודען! ראַוס! אַרויסגיין". נאָך זיי סקאַנדירן פּחדנותדיק די יידישע פאָליציי: „אַלע גייען אויפן מאַרקפּלאַץ, דער וואָס וועט נישט גיין פרייוויליק, וועט דערשאָסן ווערן!"

אין איין געסל דערזע איך, ווי אַן אוקראַינער שלעפּט פאַר די האָר

אַ מיידל. אירע גאָלדענע לאַנגע האָר פאַלן אַראָפּ איבערן צעשפּילעטן מאַנטל, פון וועלכן עס קוקט אַרויס איר ווייס העמד. איר פּנים — ווי נאָר וואָס אויפ־געוועקט פון שלאָף; שרעקלעך איז איר אויסזען. ווייטער זע איך אַ קערפּער פון אַ טויטער פרוי. דאָס פּנים אויסגעדרייט צו דר׳ערד, די טונקעלע האָר — צעשויבערט און פאַרבלוטיקט.

מיר דערנענטערן זיך צום טויער פון געטאָ. דאָ ברויזט אַ מאַסע פון זשאַנדאַרמעריע און גראַנאַטאָווע פּאָליציי, באַוואָפנטע מיט אויטאָמאַטן און גראַנאַטן. מיר גייען אַרויס פון געטאָ, פון וואַנען עס הערן זיך שאָסן און אויפרייסן פון גראַנאַטן אויסגעמישט מיטן ווילדן בילעריי פון אוקראַאינער.

דער מאַרק איז אַרומגערינגלט מיט אַ געדיכטן קאָרדאָן פון שופּאָ, נאָך זיי — אַ טאָפּעלער קאָרדאָן פון גראַנאַטאָווע פּאָליציי. אין מיטן מאַרק געפינען זיך שוין עטלעכע הונדערט ייִדן — זקנים, פרויען, קינדער — אַלע אין אַ זיצנדיקער פּאָזיציע, מיט זייערע פּנימער צו דער זייט פון קלויסטער. מיר זעצן זיך צו צו זיי.

עס איז זונטיק. מאַסן קאַטאָליקן גייען אין קלויסטער. זיי קוקן אויף אונדז מיט נייגער פון דער ווייטנס. אויף זייערע פּנימער דערקענט מען נישט קיין שום אויסדרוק פון מיטגעפיל. עטלעכע פון זיי לאַכן מיט אַ טייוולאָנישן גע־לעכטער. איך קוק מיט רחמנות אויף מיין שוועסטער. זי איז באַהערשט. זי ווייסט, אַז מאָרגן וועלן מיר שוין נישט לעבן, אָבער זי האָט נישט קיין מורא כאָטש זי איז איצט 12 יאָר אַלט. דריקנדיק איר האַנט זאָג איך איר שטיל ווי אַ סוד אויפן אויער: „זאָרג נישט, מיר וועלן שפּרינגען פון די וואַגאָנען״. עס פייניקט מיך דער געדאַנק, אַז זיי קענען אונדז דאָ אויפן מאַרק דערשיסן.

דערווייל וואַקסט אַלץ כסדר די צאָל געבראַכטע אויפן מאַרק. דאָס גיט אַרויס די ייִדישע פּאָליציי נייע באַהעלטענישן. מיט זייער ענערגישער אַרבעט ווילן זיי געפעלן ווערן די אוקראַאינער און די גראַנאַטאָווע פּאָליציי — זייערע הערשער. די אוקראַאינער און די גראַנאַטאָווע פּאָליציי שלאָגן, פּייניקן די אומבאַהאָלפענע זקנים, פרויען און מענער, כדי צו געפעלן ווערן די שופּאָוו־צעס און דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע; און די לעצטע דערהרגענען ווען עס לאָזט זיך, כדי זיך אַרויסצושטעלן פאַרן אָפיציר ס. ס. גלאָבאָצניק, וואָס איז נאָר וואָס אָנגעקומען אויפן מאַרק כדי דורכצופירן די „יודענאַקציע״ אין מעזריטש. די היעראַרכיע־קייט, דער פּחד פון נידעריקערן פאַרן העכערן — אויך דאָס איז אַ סיבה פון אויסלאָדן די נידעריקסטע טייוולאָנישע אינסטינקטן אין די סאַדיסטישע אָרגיעס אויפן מאַרק און אין געטאָ.

אָט זע איך ווי די אוקראַאינער פירן אַרויס אַ גרופּע פון טויער פון געטאָ. איך דערקען צווישן זיי דעם ד״ר ליכטענבערג מיט דער פרוי און קינד און אויך דעם ברודער — איזאַק, גלייך איז צוגעשפּרונגען צו זיי דער זשאַנדאַר פראַנץ באַוער. יענער האָט שוין פריִער זיך באַרימט, אַז מיט די אייגענע הענט האָט ער דערהרגעט עטלעכע הונדערט מענטשן. פאַרשטייט זיך, נישט אויפן

פראָנט. זיינע קרבנות זענען געווען נישט באַוואָפנט, הילפלאָזע, געגומענע אין געפענגעניש, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון די וואַגאָנען, געכאַפּט געוואָרן דורך דער גראַנאַט־פּאָליציי און איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון דער זשאַנדאַרמעריע. אין דער צייט פון די אויסזידלונגען (1942) זענען פון זיינע הענט געפאַלן אַ סך ייִדישע פרויען און קינדער. ער האָט אויך געהרגעט אַ סך פּאָליאַקן אין די דערפער. דער אופן פון דערהרגענען איז שטענדיק געווען דער זעלבער: אַ שאָס פון אַ רעוואָלווער פון הינטן אין קאָפּ. און הגם זיין האַנדלונג איז געווען אַ פּאַראַייניקונג פון בולטער פּחדנות מיט בעסטיאַלישן סאַדיזם, האָבן דאָך די דייטשן אים אָנערקענט פאַר אַ העלד. מען האָט אים אַרומגערינגלט מיט אַכטונג און באַשאָטן מיט מעדאַלן — ער איז געווען דער „העלד" פון זיין צייט.

איך האָב געזען די גאַנצע אָרגיע פון סאַדיזם, וואָס באַוער האָט דעמאָלט דורכגעפירט. צו ערשט איז באַוער צוגעשפּרונגען צו זיי ווי אַ ווילדער טיגער, צוגעפירט עטלעכע טריט, צווינגענדיק זיי אויפצוהייבן די הענט, פלוצלונג האָט ער זיי אומגעקערט און געהייסן זיי קניִען אין רינשטאָק. די וואָס האָבן געקניט, האָט באַוער געשלאָגן איבערן פּנים און זיי האָבן כסדר געמוזט האַלטן די הענט אין דער הייך. מיט די אויפגעהויבענע הענט האָבן זיי געבעטן רחמנות, צווישן זיי — דאָס 5־יאָריקע קינד פונעם דאָקטער. צום סוף איז באַוערן דערעסן געוואָרן דאָס שלאָגן און ער האָט ענערגיש באַפוילן זיי אויפשטיין און גיין כלומרשט צוריק אין געטאָ. הינטער זייערע פּלייצעס האָט ער אַרויס־געצויגן דעם פּיסטאָלעט און געשאָסן פון הינטן אין קאָפּ. ער האָט זיך דער־נענטערט צום מאַרק, אַראָפּגענומען פון דער האַנט די ווייסע הענטשקע און פּאַרוויכערט אַ פּאַפּיראָס, מיט וועלכן עס האָט אים מכבד געווען אַ געסטאַ־פּאָוויעץ פון לובלין.

דער געסטאַפּאָוויעץ פון לובלין איז געווען דער הויפּטפּאַרוואַלטער פון דער אויסזידלונג. דאָס איז געווען אַ מאַן אין מיטעלן עלטער, מיט אַ סאַדיס־טישן אויסזען. ער האָט געטראָגן אַ מונדיר, אַ היטל פון ס. ס., לאַקירטע שטיוול און ווייסע זיידענע הענטשקעס. ער איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך און געקוקט אויף אַלע מיט אַזאַ שטאָלץ, ווי ער וואָלט געווען דער גאָט פון אָלימפּ. די דייטשע זשאַנדאַרמעריע און שופּאָווצעס האָבן צו אים זיך באַצויגן מיט גרויס אַכטונג. די אוקראַיִנער האָבן נישט געקענט אויסבאַהאַלטן די שרעק, ווען זיי האָבן אים דערזען. אויף אונדז, די קרבנות, האָט דער „אויבערמענטש" גע־וואָרפן בליקן מערדערישע און פול מיט עקל. מיר זענען שוין געווען גלייכ־גילטיק צו אונדזער גורל. מיר האָבן זיך צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז מיר וועלן שטאַרבן. פאַר אונדז איז קיין שום רעטונג נישט געווען.

אונטער דער באַלאַגערונג פון די ווערמאַכט־זעלנער האָט מען אַרויסגע־פירט אויפן מאַרק עטלעכע הונדערט ייִדן, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער מיליטערישער קאָמענדאַטור. דאָס זענען געווען מערסטנס רייכע מענטשן,

ווייל אויף צו באַקומען די אַזוי גערופענע „אַרבעט־שיין" האָט מען געדאַרפט גוט באַצאָלן. ביז איצט האָבן זיי געוווּינט אויסער דעם געטאָ און געלעבט מיט דער פאַלשער האָפענונג, אַז זיי וועלן נישט טיילן דעם גורל פון זייערע ברידער פון געטאָ. איצט דערנענטערן זיי זיך צו אונדז און זעצן זיך צו, ווי מיר, אויפן קאַלטן ברוק פון גאַס.

די פרוי ראָזאַ בראַט — די פאַרדינסטפולע מיטאַרבעטערין פון ראַדזינער געסטאַפּאָ — אין דער האָפענונג, אַז באַלד וועט מען זי באַפרייען, האָט זי געבראַכט מיט זיך אויפן מאַרק אירע פולע וואַליזעס — נאָר אומזיסט. צו ראָזאַ, וועלכע האָט געבעטן פון דער ווייטנס באַקאַנטע זשאַנדאַרן זי צו ראַטעווען, דערנענטערט זיך דער געסטאַפּאָוויעץ פון ראַדזין, שעף פון געטאָ, און וואַרפט פאַרבייגייענדיק (ער האָט מורא, אַז דער געסטאַפּאָוויעץ פון לובלין זאָל נישט באַמערקן, אַז ער רעדט מיט אַ ייִדישע) פאָלגנדיקע ווערטער: „ראָזאַ, אַלעס אומזאָנסט, יודענריין". אָ — דער באַשלוס יודענריין האָט אין יענעם טאָג געמאַכט אַ סוף אויך צו דער קאַריערע פון צוקערמאַן און קלאַרבערגן.

צוקערמאַן — אַן אָרעמער גאַרבער — האָט באַקומען פון די דייטשן אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע אַ קאָנצעסיע אויף אויסאַרבעטן לעדער און ער האָט דערוואָרבן אַ גרויס פאַרמעגן. ער איז אַריין אין יודענראַט און געוווּינט אויסער דעם געטאָ. ווען די אוקראַיִנער האָבן אים געבראַכט צו פירן אויפן מאַרק, האָט ער שטאָלץ מאַרשירט אין דער שפּיץ פון זיין משפחה מיט דער איבערצייגונג, אַז נאָכן צושטעלן זיינע דאָקומענטן פון דיסטריקט, אַז ער אַרבעט אויס לעדער פאַר דער אַרמיי, וועט מען אים אָפּפירן, ווי שטענדיק, צוריק אַהיים. דאָס מאָל אָבער האָט דער געסטאַפּאָוויעץ פון לובלין אַרויס־געזאָגט: „ענדיקען". דער זשאַנדאַרם באַוער האָט אָפּגעפירט צוקערמאַנען אין אַ זייט. אין מיטן דעם פריינדלעכן שמועס האָט ער פלוצלונג אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער און מיט אַ שאָס אין נאַקן האָט ער אים דערהרגעט אויפן אָרט.

אין דער זעלבער צייט איז דער אָנפירער פון די אוקראַיִנער אַריין אין קלאַרבערגס אַפּטייק און אים געבעטן, אַז דער הער פּרעזעס, וועלכער איז רויִק געשטאַנען ביים טיש און פאַרקויפט מעדיקאַמענטן, זאָל באַוויליקן אַרויסגיין אויף אַ מינוט. דער פּרעזעס פון יודענראַט, קלאַרבערג, וועלכער האָט אויסגעפירט, ווי אַ קנעכט, אַלע באַפעלן פון אָקופּאַנט, האָט אָנגעטאָן דעם מאַנטל און דעם הוט און אַרויסגעגאַנגען נאָכן אוקראַיִנער. ער האָט אים דורכ־געפירט לעבן אונדז, צום טויער פון געטאָ — און דאָרט אים דערשאָסן. ווען ער איז געגאַנגען צוריק, האָט ער געטראָגן אויפן האַנט דעם פּרעזעס' נייעם מאַנטל.

אַ פרילינגדיקער רעגן. קנאָספּן האָבן זיך באַוויזן אויף דיביימער. אָנהייב פרילינג. דער דרויסן האָט פאַרשמעקט מיט דערקוויקנדיקע ריחות פון בלומען און גרינסן. הינטער די וואָלקנס האָט זיך פאַרטייעט די לעבנסוועקנדיקע זון.

מאָרגן וועט זיך די ערד באַדעקן מיט אַ גרין־געבלימטן טעפּיך. ביי אונדז אין הארץ — די קאַלטע דערוואַרטונג אויפן טויט.

פלוצלונג רופט אויס אַן ס.ס.־אָפיציר אויף דייטש די האַרבע ווערטער: ווער ס׳וועט אויסגעבן אַ באַהעלטעניש — ווערט באַפרייט פון פּלאַץ. ווער עס ווייסט וועגן אַ באַהעלטעניש, אין וועלכער עס באַהאַלטן זיך נאָך באַקאַנטע, דער וועט באַפרייט ווערן, אויב ער וועט זאָגן דער שופּאָ — חזרט איבער דער ס.ס.־אָפיציר עטלעכע מאָל יעדעס וואָרט.

אויפן גאַנצן מאַרק, אויף וועלכן מען האָט שוין צונויפגעזאַמלט די אַלע קנ:ענדיקע, אַרום 3500 פערזאָן, הערשט אַ טויטע שטילקייט. פאַרן טויט וויל ער אונדז נאָך אויספּרוּוון און דערנידעריקן. לעבן דעם געסטאַפּאָוויעץ פון לובלין שטייען: דער שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע און דער ס.ס.־שטורם־אונטערשאַרפירער דיעטער, דער אָבערלויטנאַנט שופּאָ. אפשר וועט מען אונדז דאָ אויפן מאַרק אויסשיסן? איך ווייס נישט ווי אַנדערע, נאָר איך האָב נאָך נישט אין גאַנצן פאַרלוירן די האָפענונג. אויב מען וועט אונדז פירן אין וואַגאָנען, בין איך דעצידירט אַרויסשפּרינגען מיט דער שוועסטער און מיטן פעטער, וועלכער האָט אין צווישן צייט זיך צוגעזעצט לעבן אונדז. מאָטל ברוק איז שוין דריי מאָל געפאָרן קיין טרעבלינקע, און שטענדיק האָט אים אָפּ־געגליקט אַרויסצושפּרינגען פון וואַגאָן. ער האָט שוין געהאַט אַ ספּעציעלן פאַרטל אויפצומאַכן די טיר פון וואַגאָן מיט דער הילף פון אַ פּאַסיק פון די הויזן. איך מוז מודה זיין, אַז פון זינט דער פעטער האָט זיך צוגעזעצט איז אַריין אין אונדז אַ ביסל מוט אין האַרץ.

פלוצלונג איז געשען עפּעס נייס: די מאַסע, וועלכע איז ביז איצט רו:יק געזעסן, האָט זיך אַ וויג געטאָן. דאָס האָט דער אונטעראָפיציר, דער שופּאָ, באַפוילן אַרויסטרעטן די בערשטער־אַרבעטער. דער ערשטער איז אַרויסגע־טרעטן א.וו. ראָזענבערג, נאָך אים שמואל, וועמען עס איז אַ פּנים צייטווייליק געלונגען אויסצובאַהאַלטן זיין פרוי און צוויי קינדער פון דער אויסזידלונג. שפּעטער האָבן אַלע בערשטער אָנגעהויבן אַריבערגיין צו דער גרופּע.

די מאַסע אין אַלגעמיין ווייזט נישט אַרויס קיין איניציאַטיוו. זי איז אַפּאַטיש און נישט בכוח עפּעס אונטערצונעמען. זי גייט נאָך נאָך דעם וואָס — — —

## נאָכן שפּרינגען פון וואַגאָן

...ליגנדיק אַ פאַרחלשטער, אַן באַוווסטזיין, דערפיל איך פלוצלונג אַ ציטער פון קעלט. איך כאַפּ זיך אויף: ווו בין איך? פון וואַנען האָב איך זיך דאָ גענומען? וואָס איז געשען? באַלד, באַלד...

פּאַמעלעך קומען אויף אין מיין זכרון מאָמענטן פון דעם לעצטן מעת־לעת: די אויסזידלונג, דאָס אויפדעקן אונדזער באַהעלטעניש, די אַרגיע אויפן מאַרק־פּלאַץ, דער מאַרש איבער דער שטאָט צום וואָקזאַל, דאָס אַריינזעצן אין די

וואַגאָנעס, די ענגשאַפט אין די וואַגאָנעס דערשטיקט צו ווערן און ענדלעך — מיין איינגעגעבענער שפּרונג דורכן פענצטערל. און אפשר, אפשר איז דאָס אַלץ בלויז אַ קאָשמאַרער חלום?

איז פון וואַנען נעם איך זיך דאָ? איך טאַפּ מיט דער האַנט. אַרום — נאַסער זאַמד... איך שטעל זיך אויף. איך דערפיל אַ ווייטיק אין די ביינער, מאַך אַ טראָט און פאַרטשעפּע זיך אין די באַנרעלסן... איז דאָך דאָס נישט קיין חלום, נאָר — — —

פון פויליש: **לאה דימענט**

# מיינע איבערלעבענישן אין מעזריטשער געטאָ

דערציילט פון **מלכה רענדעל־וואַגשאַל**

פאַרצייכנט דורך **ג. פרידמאַן**

ווען די דייטשן זענען אָנהייב אָקטאָבער אַריין קיין מעזריטש, בין איך אַלט געווען 12 יאָר. הגם כ'האָב גלייך נישט באַנומען די סיטואַציע און איר אויס־ווירקונג אויף מיין לעבן אין די טעג וואָס וועלן קומען, האָט אָבער די סביבה, אין וועלכער איך האָב געלעבט, באַזונדערס דער צושטאַנד אין אונדזער פאַמיליע, באַקומען אַן אַנדער פנים: מיין פאָטער, אברהם יאַנקל און די מוטער צירל האָבן פאַרלוירן זייער שטענדיקן שמייכל און ליבלעכקייט. זיי זענען עפּעס ווי איינגע־שרומפּן געוואָרן און אַ וואָלקן פון שרעק איז געלעגן איבער זייערע פּנימער, אין זייערע שטימען און באַוועגונגען. יעדעס מאָל, קומענדיק פון גאַס, האָבן זיי איינער דעם צווייטן, מיט שטילע ווערטער, דערציילט וועגן די אַכזריותן און באַליידיקונגען, וואָס די ייִדן שטייען אויס פון די דייטשן מיט דער מיטהילף פון די פּאָליאַקן.

אין דער עלעמענטאַרער „פּאָווסעכנע" שול האָט מען די ייִדישע שילער מער נישט אַריינגעלאָזט. בלייבנדיק זיצן אין דער היים האָב איך באַגריפן, אַז אונדזער לעבן וועט שוין מער נישט זיין ווי עס איז געווען. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן קאָנפיסקירן און צונעמען פון די שטובן יעדע זאַך, וואָס האָט געהאַט אַ ווערט פאַר זיי. אונדז האָט מען באַפוילן אָפּצולויידיקן די דירה, זיי דאַרפן עס פאַר זיך. האָבן מיר אָפּגעזוכט אַ דירה אין צווייטן עק פון שטאָט, אויף דער לובלינער גאַס, נישט ווייט פון הויף, און זיך אַריינגעצויגן.

אין שטאָט האָט אויסגעפּעלט עסנוואַרג און אַנדערע נויטיקע לעבנס־מיטלען, האָט מען דעריבער אָנגעהויבן שמוגלען פון אַנדערע נאָענטע שטעט. פאַרשטייט זיך, אַז ווען מען האָט געכאַפּט, האָט מען פון אים די סחורה צוגענומען און אים שווער באַשטראָפט.

איך בין געווען קליין און נישט אויסגעזען ווי קיין ייִדישע. ווען די נויט אין אונדזער שטוב איז געוואָרן שווערער, האָב איך באַשלאָסן צו העלפן אין דער פּרנסה. איך האָב געפירט פאַרשידענע סחורות צווישן מעזריטש, ביאַלע און לוקאָוו. איין מאָל, אויפן וועג פון ביאַלע קיין מעזריטש, ווען איך האָב געפירט סחורה אין באַן, איז אין זעלבן וואַגאָן אויך געפאָרן אַ מעזריטשער ייִד, וועלכער האָט געהאַט אַ שם ווי איינער פון דער אונטערוועלט. שפּעטער אין געטאָ האָט ער געשפּילט אַ טרויעריקע ראָל אין דער יודען־פּאָליציי און געדינט געטריי די דייטשן ביים פאַרניכטן זיינע מיטברידער ייִדן.

אויפן וועג פון באַן אַהיים האָט מיין מוטער מיך אָפּגעוואַרט און צוגענומען פון מיינע הענט דאָס שווערע פּעקל. דער פאַרשוין, וואָס איז אָפּגעשטיגן אין מעזריטש, האָט דאָס באַמערקט.

עטלעכע טעג שפּעטער זענען זשאַנדאַרמען באַפאַלן אונדזער דירה, געזוכט און געפונען די סחורה. זיי האָבן מיך און מיינע עלטערן אַוועקגעפירט אין דער קאָמענדאַטור. מען האָט מיך אַריינגענומען אין אַ באַזונדערן צימער און געפרעגט, ווער עס האָט מיר געגעבן די סחורה אין ביאַלע. איך האָב אויסגעמיטן צו זאָגן דעם אמת, האָבן זיי מיך אומברחמנותדיק געשלאָגן ביז איך האָב פאַרלוירן דעם באַוווסטזיין. מיינע עלטערן האָבן געהערט מיינע געשרייען. נישט קענענדיק אַרויסקריגן פון מיר וואָס זיי האָבן געוואָלט, האָבן די זשאַנדאַרמען מיך אַריינגעוואָרפן אַ האַלב־טויטע צו מיינע עלטערן, וועלכע האָבן מיך אַהיימגעטראָגן אויף זייערע הענט. ביי קיינעם איז נישט געווען קיין צווייפל, אַז דאָס האָט אונדז דער פאַרשוין געמסרט. אגב, האָט ער עס שפּעטער געטאָן אָפן, אָן שום חרפה, אַפילו צו זיינע אייגענע משפחה־מיטגלידער.

איך געדענק נישט די דאַטע, אָבער דאָס איז געווען פאַר דער געטאָ־גזירה, די דייטשן האָבן באַפוילן, אַז אַלע יידן זאָלן זיך פאַרזאַמלען אויפן מאַרקפּלאַץ. מיינע עלטערן, דער יינגערער ברודער און איך האָבן באַשלאָסן נישט צוצושטעלן זיך. מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויפן בוידעם פון הויז ווו מיר האָבן געוווינט. פון אונדזער באַהעלטעניש האָבן מיר געהערט דאָס לויפן און זוכן פון די דייטשן און אוקראַינער און זייערע געשרייען. זיי האָבן נישט אַנטדעקט אונדזער באַהעל־טעניש און פאַרלאָזט דאָס הויז, אָבער אונדזערע קריסטלעכע שכנים האָבן זיי פאַרזיכערט, אַז מיר געפינען זיך אין הויז און זיי האָבן ווידער גענומען זוכן און דאָס מאָל האָבן זיי אונדז געפונען.

זיי האָבן אונדז אַראָפּגעפירט פון בוידעם און געפירט צו דער באַן. אויפן גאַנצן וועג זענען געלעגן טויטע יידן אין די שרעקלעכסטע פּאָזעס. אַרום זיי זענען געשטאַנען פּאַליאַקן, געשאַרט און אַראָפּגעצויגן פון זיי דאָס אָנטאָן, טייל האָבן זיך איזדיעקעוועט איבער די טויטע קערפּערס, אַריינשטעלנדיק זייערע שטעקנס אין די אָפענע מיילער פון די מתים. די גרוילן האָבן אויפגעטרייסלט מיין קינדערשע נשמה.

קומענדיק צו דער באַנסטאַציע, איז שוין דער צוג געשטאַנען אָנגעפּאַקט מיט יידן, פאַרזיגלט און פאַרשלאָסן. דער צוג איז געווען גרייט אָפּצופאָרן. עס איז געווען אַ הייסער זומערטאָג און פון די פאַרשלאָסענע וואַגאָנעס האָבן זיך געהערט פאַרצווייפלטע געשרייען: וואַסער! מיר ווערן דערשטיקט! ווייזט אויס, אַז די פירער פון צוג האָט נישט געלוינט צוליב נאָך אַ יידישער משפחה אויפ־צוהאַלטן דעם צוג און די דייטשן האָבן אונדז געזאָגט: „איר קענט גיין צוריק אין שטאָט אַריין".

געקומען אין אונדזער שטוב, האָבן מיר זי געטראָפן אויסגעליידיקט פון יעדער זאַך וואָס האָט געהאַט עפּעס אַ ווערט. דאָס האָבן אונדזערע פּוילישע שכנים געטאָן. אַנטקעגן איבער, אויף דער צווייטער זייט גאַס, אין אַ הויז, האָבן מיר געטראָפן אַ גרעסערע גרופּע בערשטער־אַרבעטער, וועלכע די דייטשן האָבן

אפגעקליבן און איבערגעלאָזט אין שטאָט. מיר זענען אַריין צו זיי און זיך אויס־געמישט מיט זיי. אויף צו מאָרגנס האָבן די דייטשן ווידער געזוכט ייִדן. מיר האָבן זיך באַהאַלטן אונטער די פולע זעק מיט חזיר־האָר און אַזוי אַרום איבער־געלעבט די ערשטע שחיטה. מיין עלטערן ברודער האָבן די דייטשן מיט אַ טאָג פריִער גענומען און אים אַרויסגעשיקט מיטן צוג.

די איבערגעבליבענע ייִדן זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין אַ געטאָ, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע גאַסן און געסלעך אין דעם אָרעמען קוואַרטאַל פון שטאָט, אָפּגעצוימט מיט שטעכלדראָט, אונטער דער דראָונג פון דערשיסן די, וואָס וועלן פאַרלאָזן אָדער אַריינקומען אין געטאָ אָן אַ ספּעציעלער שיין. אין דער ערשטער צייט איז געווען גרוים אין געטאָ, אָבער אין גיכן האָבן די דייטשן געבראַכט אין מעזריטשער געטאָ ייִדן פון אַרומיקע שטעט און דערפער, און אַפילו פון אונגאַרן און טשעכאָסלאָוואַקיע. די ענגשאַפט איז געוואָרן אומדער־טרעגלעך און עסן איז נישט געווען מעגלעך צו קריגן. הונדערטער זענען געפאַלן פון הונגער און פון דער טיפוס־עפּידעמיע.

מיינע עלטערן האָבן געהאַט קריסטלעכע באַקאַנטע, מיט וועמען זיי האָבן פאַר דעם קריג געהאַט האַנדלס־באַציִונגען. די קריסטלעכע פרוי האָט געהאַט אַ שפּייז־קרעמל אין דעם הויז, ווו זיי האָבן געוווינט, אין אַ קריסטלעכער געגנט ביים עק שטאָט. מיין מוטער פלעגט איר אין די גוטע צייטן באַזאָרגן מיט סחורה. ווען די דייטשן זענען אַריין און אָנגעהויבן קאָנפיסקירן ביי יידן די ווערטפולע זאַכן, האָבן מיינע עלטערן אַוועקגעפירט אַהין אַ קאַסטן מיט חפצים. ווען מיר זענען שוין געווען אין געטאָ און דער הונגער האָט גענומען פייניקן, פלעג איך זיך אַרויסגנבענען פון געטאָ, גיין צו דער קריסטלעכער פאַמיליע, און זיי פלעגן מיר געבן עסן אַריינצוגנבענען אין געטאָ פאַר אונדזער משפחה.

אין געטאָ האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די ייִדן פון דער ערשטער אויסזיד־לונג זענען געפירט געוואָרן נישט אויף אַרבעט, נאָר אומגעבראַכט געוואָרן אין גאַזקאַמערן. דאָס האָט באַוויזן צו גרייטן זיך באַהעלטענישן; אויפצובויען דאָפּלטע ווענט אין צימערן, אויף בוידעמער אין ווו נאָר אַן אָרט, ווו מען קען זיך באַהאַלטן.

אין משך פון פיר אויסזידלונגען האָט אונדזער משפחה באַוויזן זיך אויס־צובאַהאַלטן אין געטאָ. ביי דער 4טער אויסזידלונג בין איך געווען באַהאַלטן, אָפּגעזונדערט פון מיין משפחה, ביי אונדזערע פריינד, וועלכע האָבן געהאַט אַ גוט מאַסקירטן בונקער צווישן ווענט. 8 טעג זענען מיר געלעגן אָן עסן, נישט ווייסנדיק וואָס עס טוט זיך אין דרויסן.

מיט וואָס צו אָטעמען איז נישט געווען. מיר זענען געלעגן פאַרחלשטע אין אונדזער אייגענעם שמוץ. איך האָב לענגער שוין נישט געקענט אויסהאַלטן און כ׳האָב זיך פרייוויליק אונטערגענומען אַרויסצוגיין און זען וואָס ס׳טוט זיך אין דרויסן. איך האָב זיך צוגעשלייכט צו דעם אָרט, ווו מיינע עלטערן און ברידער האָבן זיך באַהאַלטן און איך האָב זיי געפונען לעבעדיקע. זיי האָבן געהאַט מיט

זיך שפייז. איך האָב זיך אָנגעזעטיקט און אַוועקגעטראָגן שפייז צו דער משפחה, ווו איך בין געלעגן צוזאַמען מיט זיי אין זייער באַהעלטעניש. די אילוזיע, אַז מען וועט איבערלעבן די דייטשן האָט זיך אויסגעוועפּט. מען האָט זיך נישט געקענט ריכטן אויף נאָך ניסים ביי אַ קומענדיקער אַקציע.

גוטע־פריינד אין געטאָ האָבן צוגערעדט די עלטערן זיי זאָלן מיך, צוליב מיין קריסטלעכן אויסזען, אַרויסשיקן פון געטאָ. פויליש האָב איך גוט גערעדט.

אַ געוויסע נאַכט זענען מיר, מיין מאַמע און איך, אַוועק צו אונדזער קריסט־לעכער משפחה, זיי האָבן מיך דאָרט פאַרמאַכט אין אַ קעמערל מיט האָלץ. זיי האָבן באַוויזן צו באַקומען אַ געבוירן־שיין אויפן נאָמען פון מאַריאָ וואַוועל. איצט האָב איך שוין געהאַט אַן אַרישן דאָקומענט. די קריסטין האָט דערנאָך געפונען פאַר מיר אַ פּלאַץ פאַר אַ דינסט ביי אַ פּוילישן פאַרמער אין אַ דאָרף, נישט ווייט פון מעזריטש.

איך האָב געאַרבעט אין שטוב און אין פעלד. מען האָט מיך דאָרט פאַרגעע־שטעלט פאַר אַ קריסטלעכער יתומה. איך געדענק גוט די דאַטע ווען איך בין אַרויס אין דאָרף אַריין: דאָס איז געווען דעם 25סטן מאַי 1943. אַ געוויסן טאָג, ווען איך האָב ביי דער פּוילישער משפחה געאַרבעט אויפן פעלד, האָב איך גע־הערט אַ שכנה זאָגן, אַז די דייטשן האָבן שוין אַרויסגעיאָגט די לעצטע יידן פון שטאָט. מיין האַרץ האָט זיך אָפּגעשטעלט. איך בין געווען זיכער, אַז מיינע עלטערן זענען שוין נישטאָ. אַן אומגעהויערער פאַרלאַנג אַריינצוקריגן זיך אין שטאָט און אויסגעפינען, וואָס איז געשען מיט מיינע עלטערן און ברידער, האָט מיך נישט געלאָזט רוען.

מיינע בעלי־בתים האָבן געהאַט אַ פעלד פון טרוסקאַווקעס און פלעגן אַ פּאָר מאָל אין וואָך גיין אין שטאָט פאַרקויפן זייער סחורה אויפן מאַרק. האָב איך איין מאָל זיך אָנגעבאָטן אַוועקצוטראָגן די סחורה אין שטאָט און פאַרקויפן. זיי האָבן איינגעשטימט. אָנגעלאָדן מיט 2 קוישן טרוסקאַווקעס, בין איך אַוועק אין שטאָט, פאַרקויפט די סחורה אויפן מאַרק און אַריינגעגנבעט זיך אין געטאָ. דאָרט בין איך געוווּיער געוואָרן דעם שרעקלעכן אמת, אַז ביי דער לעצטער אַקציע זענען מיינע עלטערן און ברידער צוגענומען געוואָרן קיין מיידאַנעק. מיין ברודער איז געשפּרונגען פון צוג און צוריקגעקומען אין געטאָ־מעזריטש. מיינע עלטערן זענען גלייך געפירט געוואָרן צו דער גאַזקאַמער אין מיידאַנעק. איך האָב געטראָפן מיין ברודער. מיר האָבן ביידע באַשטימט, אַז איך זאָל צוריקגיין אין דאָרף צו מיינע בעלי־בתים און ער וועט זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער. מיר האָבן אויך באַשטימט צו האַלטן אַ קאָנטאַקט דורך אונדזערע קריסטלעכע פריינד אין מעזריטש. דער מאַן פון דער משפחה איז געווען אַן אייזנבאַן־אַרבעטער. ער האָט געהאַט זיין אַרבעטספּלאַץ נישט ווייט פון שטאָט, ווו ער האָט אַכטונג געגעבן אויף אַ געוויסער טייל פון די שינעס. דאָרט פלעגט מיין ברודער טייל מאָל צוקומען און קריגן אַ ביסל עסן.

איך בין צוריק אַוועק אין דאָרף און פאַרגעזעצט באַדינען די פּויערן־משפחה

— ביז אין אַ געוויסן טאָג האָט מיך אָנגעטראָפן אַ שיקסל אויף דער דאָרף־גאַס. דאָס האַרץ איז מיר אַנטפאַלן געוואָרן. זי איז געווען אַ שילערין פון מיין קלאַס, מיט וועלכער איך בין געגאַנגען אין דער „פּאָווּשעכנע" שול פאַרן קריג. אויף איר פראַגע, צי איך בין מלכה וואַגשאַל, האָב איך איר געענטפערט, אַז זי האָט אַ טעות און איר אָנגעגעבן מיין אַרישן נאָמען. זי איז אַוועקגעגאַנגען, אָבער מיין האַרץ האָט געפלאַטערט פון שרעק.

איך האָב באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דאָס דאָרף. איך האָב געזאָגט די בעלי־בתים, אַז איך וויל באַזוכן מיינע קרובים, וועלכע וווינען אין ביאַלע. איך בין אַוועק קיין ביאַלע צו אַ באַקאַנטער קריסטין, מיט וועלכער איך האָב געפירט מסחרים אין דער צייט ווען איך האָב געשמוגלט. איך האָב איר געבעטן צו געפינען אַ פּלאַץ ביי פּאָליאַקן צו אַרבעטן פאַר אַ דינסט. דורך אַ קאָנטאַקט מיט פריינד האָט זי געפונען אַ פּלאַץ ביי אַ פּוילישער פאַמיליע.

אַרום 2 מאָנאַטן בין איך דאָרט געווען, ביז דייטשע זשאַנדאַרמען זענען געקומען און אַרויסגעפירט דעם מאַן אויפן מאַרקפּלאַץ און אים אויפגעהאָנגען עפנטלעך. ער איז געווען אין דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג און אַ פּראָוואָקאַטאָר האָט אים אויסגעגעבן. איך האָב דאָרט לענגער נישט געקענט פאַרבלייבן. די אומגליקלעכע אַלמנה האָט געפונען פאַר מיר אַ פּלאַץ אין אַ פאַמיליע פון פאָלקסדייטשן פאַר אַ ניאַנקע צו אַ קינד און אויך צו טאָן די שטוב־אַרבעט. דאָס הויז איז געווען אויף יאַנאָווער גאַס, ווו עס האָבן געוווינט דייטשע באַאַמטע און פונקציאָנערן.

אַלע טאָג פלעג איך גיין צו אַ ברונעם אויף דער זעלבער גאַס און טראָגן עמערס וואַסער פאַר דער פאַמיליע, ווו איך האָב געאַרבעט. שטייענדיק ביים ברונעם האָב איך איין מאָל געזען אַדורכפאָרן אַ גרופּע ייִדן אונטער אַ דייטשער וואַך. דאָס זענען געווען מעזריטשער, וועלכע די דייטשן האָבן נאָך אַ סעלעקציע אַוועקגעשיקט קיין ביאַלע אַרבעטן. מען האָט זיי געהאַלטן אין אַ באַוואַכט הויז און יעדן טאָג פלעגט מען זיי פירן צו דער אַרבעט און צוריק. זיי האָבן מיך דערקענט. צווישן זיי איז אויך געווען אַ פרוי, וועלכע פלעגט בלייבן אין יענעם הויז רוימען, באַזאָרגן וואַסער און קאָכן די מאָלצייטן פאַר די אַרבעטער. זי פלעגט גיין צום זעלבן ברונעם נאָך וואַסער. אָן ווערטער האָבן מיר זיך פאַרשטענדיקט. איך פלעג אַריינוואַרפן אַ בריוועלע אין אירע ליידיקע עמערס.

איך בין געגאַנגען נאַקעט און באָרוועס. ווייזט אויס, אַז די ייִדן האָט ווײ געטאָן דאָס האַרץ פון מיין אויסזען; אין אַ געוויסן טאָג האָבן די מענער ביים ברונעם אַריינגעוואָרפן אַ טיכעלע אין מיינע עמערס. איך האָב דערין געפונען 150 זלאָטעס, פאַר מיר איז דאָס געווען אַ באַדייטנדיקע סומע אין יענער צייט.

איך בין נישט געווען איינגעמאָלדן אין ביאַלע און דערפאַר האָב איך נישט באַקומען קיין שפּייזקאַרטן. כדי צו זיין איינגעמאָלדן האָב איך געדאַרפט ברענגען אַן אויסמעלדונג פון דעם פּלאַץ, ווו איך האָב פריִער געוווינט, און דאָס האָב איך נישט געהאַט. דער פאַרוואַלטער (זשאָנדצע) פון דעם הויז האָט אויך געפאָדערט



אין אַרבעטסלאַגער אין ביאַלע

פון מיר אַזאַ דאָקומענט. ער האָט דאָס געמוזט צושטעלן צו די מאַכט־אָרגאַנען. איך האָב אים כסדר געזאָגט, אַז איך האָב געשריבן אַהיים וועגן דעם און מען וועט מיר אַ ליאַדע טאָג דאָס צושיקן. מיין לאַגע איז געווען אומדערטרעגלעך. דער פאַרוואַלטער האָט געדראָט צו מעלדן, אַז איך וויל נישט לעגאַל. דאָ האָט מיר ווידער געהאָלפן מיין מליץ־יושר — די מעזריטשער קריסטין. זי האָט זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט אירע קרובים אין ביאַלע, וועלכע האָבן געהאַט אַ באַקאַנטע באַאַמטין אין מאַגיסטראַט. אַ געוויסן טאָג דערהאַלט איך אַ בריוו פון מיין באַשיצערין אין מעזריטש, איך זאָל צוגיין אין מאַגיסטראַט צו אַ פענצ־טערל מיט אַ געוויסן נומער און פרעגן זיך ביי אַ פרוי איר נאָמען. אויב זי איז עס, זאָל איך בלויז זאָגן דעם נאָמען פון מיין באַשיצערין. אַזוי האָב איך געטאָן. ווי איך האָב אַרויסגעזאָגט דעם פאַראָל, האָט די יונגע באַאַמטע מער נישט גע־פרעגט, זי האָט אויף אַ קליין שטיקעלע פאַפּיר אָנגעשריבן עפּעס, אַרויפגעשטעלט אַ שטעמפּל, און דאָס איז געווען אַ דאָקומענט פון איינמעלדן.

קיין גרעסער גליק האָב איך זיך נישט געקענט ווונטשן. אין מיין לעבן ביזן היינטיקן טאָג איז קיין שום דערגרייכטער טרוים נישט געווען אַזוי זיס און נישט געבראַכט מיר אַזוי פיל גליק און לייטזעליקייט, ווי דאָס שטיקעלע פּאַפּיר. איך וועל שוין באַקומען מיין ראַציע־קאַרטע און נישט מורא האָבן פאַר דעם הויז־זשאָנדצע, אַז ער וועט מעלדן דער פאָליציי וועגן מיר.

איך בין די גאַנצע צייט געווען אין שריפטלעכן קאָנטאַקט מיט מיינע מעזרי־טשער קריסטלעכע באַקאַנטע, און זיי האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז מיין יינגערער ברודער וואַלגערט זיך אין די וועלדער אַ הונגעריקער און נאַקעטער און איז אין געפאַר יעדע מינוט געכאַפּט צו ווערן. איך האָב נישט געקענט רוען, מיין געוויסן האָט מיר געפּלאָגט: איך בין אונטער אַ דאַך און מער־ווייניק האָב איך עסן צו דערהאַלטן די נשמה, אַ גוטן דאָקומענט האָב איך אויך, און ער, דער אומגליק־לעכער, ווערט געפּייניקט און איז נישט זיכער מיט זיין לעבן. דורך אונדזערע פאַרבינדלער האָב איך פאַרגעלייגט מיין ברודער צו קומען קיין ביאַלע, אַריינ־קריגן זיך אין דער גרופּע מעזריטשער לעבן־געבליבענע אַרבעטער.

ער האָט מיך געפאָלגט. עס איז אים געלונגען זיך אַריינצוקומען אַהין. ער האָט אָבער זיך דערוווּסט, אַז עס איז דאָ אַ באַפעל אויפצולייזן דעם אַרבעטס־פּלאַץ און די מענטשן וועט מען אַוועקשיקן אין אַן אַרבעט־לאַגער. מיין ברודער האָט באַשלאָסן צו גיין צוריק אין די וועלדער. דאָרט איז ער אויפגעדעקט גע־וואָרן דורך פּאָליאַקן און זיי האָבן אים מיט נאָך אַ ייִד דערמאָרדעט. דאָס איז געשען 2 וואָכן פאַר דער באַפרייונג. די מעזריטשער גרופּע אין ביאַלע איז טאַקע אַרויסגעפירט געוואָרן. נאָך דער מלחמה האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זיי זענען געבראַכט געוואָרן אין אַ לאַגער אין דייטשלאַנד און זיי האָבן באַוויזן דאָרט אי־בערצולעבן דעם קריג.

פון מויל צו מויל האָבן די פּאָליאַקן זיך איבערגעגעבן וועגן די דייטשע מפּלות אויף די פראָנטן און אַז דער פראָנט איז שוין נישט ווייט פון לובלין. די פאַמיליע פון פּאָלקסדייטשן, ווו איך האָב געאַרבעט, האָט מיר געזאָגט, אַז זיי פאָרן אַוועק קיין טשענסטאָכאָוו, ווו זיי האָבן געוווינט פאַר דער מלחמה. איך בין געשטאַנען פאַר אַ סיטואַציע צו בלייבן אָן אַ פּלאַץ. איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין לובלין. אַ ביסל געלט איז מיר געבליבן פון די 150 זלאָטעס, וואָס מיינע באַרמהאַרציקע ייִדישע ברידער האָבן מיר אָפּגעשטעקט, האָב איך געקויפט אַ באַנבילעט און געפאָרן קיין לובלין.

אין זעלבן וואַגאָן איז געפאָרן קיין לובלין אַ באַן־אַרבעטער. מיר האָבן זיך פונאַנדערגערעדט. איך האָב אים דערציילט, אַז מיינע עלטערן האָבן די דייטשן פאַרשיקט אין אַ לאַגער פאַר פּאָליאַקן אין דער געגנט פון לובלין (דאָרט האָט טאַקע עקזיסטירט אַזאַ לאַגער) און איך וויל זיך באַמיען צו קענען זעען מיינע עלטערן. איך האָב נישט קיינעם אין לובלין, ווו איך זאָל קענען זיין עטלעכע טעג.

ווייזט אויס אַז ער האָט אויף מיר רחמנות געהאַט. איך בין שוין געווען 16 יאָר אַלט, אָבער אויסגעזען האָב איך ווי אַ קינד פון 9 יאָר. אָנקומענדיק קיין לובלין האָט מיך דער קריסט געבראַכט אין זיין קוואַרטיר, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ קליין צימערל, ווו עס האָבן געוווינט ער, זיין ווייב און זיין מוטער. קיין קינדער האָבן זיי נישט געהאַט. זיי האָבן מיר געמאַכט אַ געלעגער און איך בין דאָרט איבערגעשלאָפן. די ערשטע נאַכט האָב איך נישט צוגעמאַכט קיין אויג. עס איז געווען שרעקלעך קאַלט. דער צימער איז געווען אומבאַהייצט, מיינע מלבושים

צעריסן און מיינע פיס באָרוועס. די אומזיכערקייט מיט דעם טאָג, וואָס וועט אָנקומען האָט מיך באַאומרויִקט. איך האָב געטראַכט וועגן פאַרשידענע פּלענער.

די קריסטין האָט זיך פאַרנומען מיט האַנדל. זי פלעגט ערגעץ באַקומען וואורשטן און ברויט, זיי צעשניידן אויף פענעצער, מאַכן אַזעלכע סענדוויטשעס און פאַרוויקלען אין פּאַפּיר. זי פלעגט אַרויסגיין באַגינען, ווען די אַרבעטער זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט, און פאַרקויפן די סענדוויטשעס. זי האָט אויך געהאַנדלט מיט אַנדערע זאַכן. זי האָט מיך מיטגענומען און איך האָב איר געהאָלפן. איך האָב עס געמאַכט נאָך בעסער פון איר: מיין אַלטע באַהאַוונטקייט פון אַ „סוחרטע" האָט געפונען חן אין אירע אויגן. זי האָט מיך ליב געקריגן ווי אַן אייגן קינד, אָפּגערעדט פון גיין זוכן מיינע כלומרשטע פאַרשפּאַרטע עלטערן אין לאַגער. זי האָט מיר געגעבן צו עסן און אַפילו געקויפט אַ קליידל און שיך.

דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט, און אין גיכן זענען די רוסן אַריין. דאָס איז געווען אין יוני 1944.

אַ סך לובלינער פּאָליאַקן האָבן זיך אַוועקגעלאָזט קיין מאַידאַנעק צו רויבן, וואָס עס איז געבליבן נאָך די אַנטלאָפענע דייטשן. מיינע פּאָליאַקן זענען אויך געווען צווישן די, און האָבן מיך אויך מיטגענומען. איך האָב געמוזט מיט אייזערנע צוואַנגען זיך איינהאַלטן נישט אַרויסצוּווייזן, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, זעענדיק די בערגער אָנגעהויפטע טויטע קערפּערס אין גריבער, אויסגעדאַרטע סקעלעטן, וועלכע די דייטשן האָבן נישט באַוויזן צו באַגראָבן אָדער פאַרברענען אין אייליעניש.

איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין לוקאָוו און מעזריטש. אפשר האָט זיך עמעצער געראַטעוועט. פאַר מיינע בעלי־בתים האָב איך געזאָגט, אַז איך פאָר צוריק צום דאָרף פון וואַנען איך שטאַם. אפשר זענען שוין מיינע עלטערן צוריק־געקומען פון לאַגער. מיט אַ שווער געמיט האָבן זיי מיר אָפּגעלאָזט. זיי האָבן מיך ליב באַקומען און באַטראַכט ווי זייער קינד.

איך בין אָפּגעשטיגן אין לוקאָוו, ווו איך האָב געטראָפן עטלעכע יידן, צווישן זיי מיין היינטיקן מאַן דוד רענדעל. צוזאַמען זענען מיר געפאָרן קיין מעזריטש, ווו מיינע ווילטעטיקע קריסטין האָבן אונדז אויפגענומען און צוריקגעגעבן זאַכן, וואָס מיינע עלטערן האָבן ביי זיי איבערגעלאָזט ביים גיין אין געטאָ. אין מעז־ריטש האָבן מיר אויך געטראָפן איינצלנע יידן, וועלכע זענען אַרויסגעקראָכן פון די בונקערס, ווי אויך געקומענע ניצול־געוואָרענע פון די לאַגערס, און אַ ביסל שפּעטער, נאָכן פאַרענדיקן פון דער מלחמה, אויך רעפּאַטרייִרטע מעזריטשער פון רוסלאַנד.

פון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן, דורך פאַרשידענע עטאַפּן, אונדזער נישט לייכטער וועג צו אַ נאָרמאַל מענטשלעך לעבן.

# איבערגעלעבט דעם חורבן

דערציילט פון **איטקע שפּירא־פּאַגאַזשעלעץ**

פאַרצייכנט דורך **ג. פרידמאַן**

אונדזער פאַמיליע איז באַשטאַנען פון 7 נפשות: מיין פאָטער (משה חיהלעס פאַגאַזשעלעץ), מיין מוטער, מיינע דריי שוועסטער און איך. אַ טאָג פריער, איידער די דייטשן זענען אַריין קיין מעזריטש, איז מיין עלטערע שוועסטער ריווטשע מיט איר מאַן שמואלקע אַלטביר און קינד אַנטלאָפן צו די רוסן. דער טאָג, ווען די דייטשן זענען אַריין אין שטאָט, איז געווען אָנגעפילט מיט שרעק און פחד פאַר דעם, וואָס דאַרף קומען.

איך בין אַלט געווען 12 יאָר און געגאַנגען אין דער פּוילישער עלעמענטאַרער שול. די לערערס האָבן באַלד אַרויסגעטריבן די יידישע קינדער פון דער שול, צו דער פרייד פון די קריסטלעכע קינדער־שילער. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן קאָנפיסקירן די סחורות פון געשעפטן און וואַרשטאַטן. מיין טאַטנס חזיר־האָר־וואַרשטאַט מיט דער סחורה האָבן די דייטשן צוגענומען און אויפגעהאָנגען דאָרט זייער שלאָס. מיין פאָטער האָט נאָך פריער באַוויזן אַ ביסל פון דער סחורה צו באַהאַלטן, פאַרקויפנדיק עס ביסלעכווייז צו פּאָליאַקן. דאָס האָט אונדז דערמעגלעכט זיך צו דערהאַלטן אין יענעם ערשטן יאָר פון היטלערישער ממשלה.

מיין טאַטן האָבן די דייטשן גענומען אויף צוואַנגסאַרבעט ביים בויען שאָסייען. יעדן אָוונט איז ער אַהיימגעקומען אַן אויסגעמאַטערטער. ער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס, דערציילט וועגן די קלעפּ און באַליידיקונגען, וואָס ער און די אַנדערע יידן האָבן אויסצושטיין.

ביסלעכווייז האָבן די דייטשן אַרויסגענומען די יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער, רעליגיעזע און וועלטלעכע, ווי אויך פאַרמעגלעכע בעלי־בתים. טייל זענען געפייניקט געוואָרן אויף עפנטלעכע פּלעצער, ביז זיי האָבן אויסגעהויכט זייער נשמה; אַנדערע זענען פאַרשוווּנדן און מער נישט צוריקגעקומען אין שטאָט. עס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן באַפעלן אָפּצוגעבן פּריוואַטע מאַטעריאַלן און געוויסע חפצים אין אַ באַשטימטן טערמין. דערנאָך זענען די ס.ס. געגאַנגען פון הויז צו הויז און געזוכט. אויב מען האָט עפּעס געפונען פון די זאַכן, האָט מען די מענטשן אַרויסגעפירט און דערשאָסן ביים הויז.

נאָך העכער אַ יאָר פון דער אָקופּאַציע, האָבן זיך באַוויזן פּלאַקאַטן אין די גאַסן, אַז אַלע יידן פון שטאָט זאָלן זיך פאַרזאַמלען אויפן מאַרקפּלאַץ, אויסער די, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר די דייטשן אויף פאַרשידענע אונטערנעמונגען. מיין מוטער האָט געהאַט דאָס פאָרגעפיל, אַז דאָס מאָל וועלן די דייטשן אַלעמען אומברענגען. זי האָט אונדז צוגערעדט נישט צוצושטעלן זיך אויף דעם זאַמל־פּלאַץ. מיין פאָטער, זייענדיק זיכער, אַז אים וועט גאָרנישט געשען, איז ווי נאָרמאַל געגאַנגען צו זיין אַרבעט. אויפן וועג איז ער דערשאָסן געוואָרן.

מיר האָבן דעמאָלט געוווינט אויף פּישטשאַנקע (פּילסודסקי־גאַס), ווו די שטאָט האָט כמעט זיך געענדיקט, צווישן קריסטלעכע שכנים. די הייזער זענען געווען אַרומגערינגלט פון פעלדער און סעדער, האָבן מיר זיך באַהאַלטן עטלעכע טעג צווישן די געוויקסן. אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט אַרום. צום סוף האָבן מיר זיך אָנגענומען מיט מוט און אַריין אין אונדזער שטוב. מיר האָבן געמיינט, אַז קיין שום ייִד איז שוין נישט געבליבן אין שטאָט, אָבער שפּעטער האָבן ייִדן גענומען זיך באַווייזן. זיי האָבן דערציילט, אַז אַלע ייִדן פון שטאָט זענען געווען פאַרזאַמלט אויפן שטאָטפּלאַץ, פון דאָרט האָבן די דייטשן אויסגעקליבן עטלעכע הונדערט ייִדן בלייבן אַרבעטן אויפן אָרט. מיטן אויסנאַם פון די עטלעכע הונדערט, איז די גאַנצע מאַסע געטריבן געוואָרן צו דער באַן, אָנגעלאַדעוועט געוואָרן אין פּראַכטוואַגאָנעס און אָפּגעשיקט געוואָרן אין טרעבלינקער טויטן־לאַגער.

די איבערגעבליבענע ייִדן זענען אַרייַנגעטריבן געוואָרן אין אַ געטאָ אינעם אָרעמען קוואַרטאַל פון דער שטאָט, וואָס איז איצט געשטאַנען אויסגעליידיקט. דאָס געטאָ האָט זיך געפונען פון שקאָלנע גאַס ביז צום גרויסן טייך, פון איין זייט, און פון די יאַטקעס ביז צו דער בריסקער און וואַרשעווער גאַס, פון דער אַנדערער זייט. דאָס געטאָ איז אָפּגעצוימט געוואָרן פון די אַנדערע טיילן שטאָט מיט אַ צוים. די וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר די דייטשן, זענען יעדן באַגינען אַרויסגעפירט געוואָרן אונטער אַ וואַך פון די ס. ס.

די, וואָס האָבן באַוויזן אויסצובאַהאַלטן געלט אָדער שטיקלעך צירונג, האָבן נאָך געקענט באַקומען עפּעס צו עסן דורך פּוילישע שמוגלער, וואָס האָבן פאַר הויכע פּרייזן זיך אויסגעשטעלט אויף דער געפאַר געכאַפּט צו ווערן. דער גרעס־טער טייל פון דער געטאָ־באַפעלקערונג איז אויסגעגאַנגען פון הונגער און פון דער טיפוס־עפּידעמיע. אויך איך און מיין שוועסטער זענען קראַנק געוואָרן אויף טיפוס, אָבער אַ דאַנק אונדזער געטרייער מאַמע, וואָס איז נאָך געווען מיט אונדז, האָבן מיר זיך צוריקגעקערט צום לעבן.

זייער אָפט פלעגן די, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען אין שטאָט אויף אַרבעט, נישט צוריקקומען אין אָוונט אין געטאָ. פון דער אַרבעט האָבן די דייטשן זיי פאַרשיקט גרופּנווייז צום טויט. צווישן זיי איז געווען מיין שוועסטער גיטל, 18 יאָר אַלט. פון צייט צו צייט פלעגן די דייטשן באַפעלן, אַז די, וואָס זענען נישט אַרויס צו אַרבעט, זאָלן זיך פאַרזאַמלען אין מיטן דער בריסקער, ברייטער גאַס. די פאַרזאַמלטע זענען אָפּגעפירט געוואָרן צו דער באַן, און מער זענען זיי נישט צוריקגעקומען.

מען האָט שוין אין געטאָ געוווּסט, אַז די, וואָס מען פירט אַרויס, גייען אין פאַרניכטונג־לאַגער, ווו זיי ווערן פאַרגאַזט און פאַרברענט. דער גלויבן, אַז מען פאַרט אויף אַרבעט, האָט זיך שוין אויסגעוועפּט. מען האָט שוין געוווּסט, אַז ווען מען רופט זיך פאַרזאַמלען, מיינט עס גיין אויף טויט. דעריבער האָבן אַ סך מענטשן זיך צוגעגרייט באַהעלטענישן אין גריבער, קעלערס, ביידעמער, מיסט־קאַסטנס, דאָפּלטע ווענט א״אַ. נאָך אַ באַפעל צו פאַרזאַמלען זיך, איז מען געלאָפן

זיך באַהאַלטן. די דייטשן זענען געגאַנגען פון הויז צו הויז, געזוכט און געניש־טערט, און ווען זיי האָבן געפונען, האָבן זיי אַרויסגעפירט אויף דער גאַס און דערשאָסן. איך, מיין מוטער און שוועסטער נחמהלע, זענען געווען אויסבאַהאַלטן אויף אַ בוידעם. דורך אַ שפּאַרע אין וואַנט האָבן מיר געזען די גרוילעכע סצענעס, ווי גאַנצע פאַמיליעס פון באַהאַלטענע ווערן אויסגעמאָרדעט אויפן פּלאַץ. יעדע פון אָט די שחיטות האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע טעג. אין אַ שכנותדיקער באַהעל־טעניש האָט אַ מאַמע דערשטיקט איר קליין קינד פון 3 חדשים. ווען עס האָט אָנגעהויבן וויינען, האָט זי עס פאַרדעקט מיט אַ קישן, מען זאָל פון דרויסן נישט דערהערן. אַזעלכע פאַלן זענען נישט געווען קיין זעלטנקייט.

ווען עס איז שטיל געוואָרן זענען די „גליקלעכע" ווידער אַרויסגעקראָכן פון די באַהעלטענישן. עס האָבן זיך אָנגעזאַמלט עטלעכע הונדערט שאָטנס פון מענטשן, וועלכע האָבן נאָך אַלץ געהאָפט, אַז מען וועט איבערלעבן.

אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען ביז אָנהייב 1943. דאַן האָבן זיך באַוויזן פּלאַקאַטן אין געטאָ, אַז מעזריטש וועט ווערן „יודענריין" און אַלע געבליבענע אין געטאָ, איינגעשלאָסן די, וואָס אַרבעטן פאַר די דייטשן, זאָלן זיך צושטעלן אויפן פאַר־זאַמלונג־פּלאַץ. וויסנדיק, אַז דאָס איז דער סוף, האָבן מיר ווידער געפּרוווט אונדזער מזל און זיך באַהאַלטן אין אונדזער באַהעלטעניש. דאָס מאָל האָט אונדז דאָס גליק נישט צוגעדינט, מען האָט אונדז אַנטדעקט, אַרויסגעפירט אויף דער בריסקער גאַס, וווּ עס זענען שוין געווען פאַרזאַמלט די לעצטע איינוווינער פון געטאָ. אַ קליינע גרופּע פון אַ פּאָר צענדליק יִדן האָבן די דייטשן נאָך אויסגע־טיילט פון דער מאַסע, אויף צו לאָזן זיי אין געטאָ. די איבעריקע, אונדז איינגע־שלאָסן, זענען אָפּגעפירט געוואָרן צו דער באַן. די, וואָס האָבן נישט געקענט נאָכפאָלגן דער שנעלקייט, וואָס די ס.ס. האָבן אָנגעוואָרפן, זענען אַרויסגענומען געוואָרן פון דער ריי און דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט, אַזוי איז אויך געווען מיט קליינע קינדער; אויף דער מאַמעס הענט זענען זיי דערמאָרדעט געוואָרן.

אָנגעפּאַקט ווי הערינג אין אַ פאַס — אָן לופט, אָן וואַסער — זענען מיר, נאָך אַ טאָג און אַ נאַכט פאָרן, אָנגעקומען קיין מיידאַנעק. ווען מען האָט געעפנט די טירן פון די וואַגאָנעס, איז אַ העלפט פון דעם טראַנספּאָרט געווען דערשטיקט. צווישן זיי איז געווען מיין טייערע מאַמע.

מיין שוועסטער נחמהלע האָבן די דייטשן איבערגעלאָזט אין געטאָ אויף אַרבעט. עטלעכע וואָכן שפּעטער איז די קליינע צאָל געבליבענע אויך אָפּגעשיקט געוואָרן קיין מיידאַנעק. מיין שוועסטער איז נישט אָנגעקומען; וואָרשיינלעך איז זי אומגעקומען אין צווישן צייט.

אין מיידאַנעק האָט מען די קינדער אָפּגעטיילט פון די דערוואַקסענע. איך בין שוין אַלט געווען זעכצן יאָר און אַריין צווישן די דערוואַקסענע און געזונט־אויסזעענדיקע. אונדז האָט מען אָפּגעפירט אין לאַגער, די קינדער און אויסגע־מאָגערטע דערוואַקסענע זענען געגאַנגען צו די גאַז־קאַמערן.

דריי חדשים בין איך געווען אין מיידאַנעק. יעדן באַגינען פלעגט מען רופן

צום אַפּעל: מען האָט אויסגעקליבן די געזונטערע צו דער אַרבעט, די שוואַכערע האָט מען געפירט צום פאַרגאַזן. די אַרבעט איז באַשטאַנען פון שלעפּן שווערע שטיינער פון איין עק פעלד צום צווייטן. און דאַן צוריק דאָס זעלבע. דאָס זינלאָזע מאַטערן די אויסגעהונגערטע, פאַרחלשטע מענטשן איז אָנגעפירט געוואָרן דורך ס. ס.־פרויען, סאַדיסטינס. אויב איינע פון אונדז האָט געטראָגן אַ קלענערן שטיין, אָדער נישט שנעל געלאָפן מיט אים, פלעגן זיי אומברחמנותדיק שלאָגן און אָנרייצן זייערע בלוטהינט, וועלכע האָבן געריסן שטיקער לייב פון די קרבנות. זיי האָבן געהעצט די הינט מיט די ווערטער: „יודע — נעם דעם הונט!״

איין מאָל אין טאָג האָט מען באַקומען אַ ביסל וואַסערזופּ און אַ פּיצל ברויט. אין לאַגער זענען געווען 10,000 פרויען — אַלע יידישע. אַ געוויסן טאָג האָט מען געמאָלדן, אַז מען וועט אַוועקשיקן אין אַ צווייטן לאַגער 1000 פרויען. דער גאַנצער לאַגער האָט זיך צוגעשטעלט. איך בין אויסגעקליבן געוואָרן צו פאָרן אינעם נייעם לאַגער. מען האָט אונדז אויסגעטאָן נאַקעט, געזוכט אין אינטימע קערפּער־טיילן און אויך געניצט אַפּאַראַטן, וואָס האָבן דורכגעלויכטן. מען האָט אונדז אָפּגעשיקט קיין סקאַרזשיסקאָ קאַמיענגע, ווו עס זענען געווען אַמוניציע־פאַבריקן, וועלכע האָבן געאַרבעט טאָג און נאַכט אָן אויפהער. אַ יאָר צייט בין איך דאָרט געווען, געאַרבעט אונטער שרעקלעכע באַדינגונגען. מענטשן זענען געשטאָרבן פון הונגער און עפּידעמיעס. פון צייט צו צייט האָט מען דורכגעפירט סעלעקציעס און די קראַנקע זענען אומגעבראַכט געוואָרן. אין איין באַראַק זענען מיר געווען 600 פרויען.

פון דאָרט האָט מען אונדז שפּעטער איבערגעפירט קיין טשענסטאָכאָוו, אויך אין אַן אַמוניציע־פאַבריק. מענטשן זענען געפאַלן ווי די פליגן. די ס. ס.־אויפזעער האָבן געשלאָגן מכות רצח. זיי האָבן שרעקלעך געפייניקט די, וואָס האָבן מיט עפּעס נישט נושא־חן געווען אין זייערע אויגן. זיי האָבן געהאַט אַ ספּעציעל אָרט, ווו זיי פלעגן פייניקן. מען האָט עס גערופן „וואַרטאַ״. אַז מען איז פון דאָרט אַרויסגעקומען, האָט מען שוין נישט געהאַט קיין שאַנס צו לעבן.

עטלעכע מאָל בין איך געווען אויף דער ליסטע דערשאָסן צו ווערן. אָבער דער מייסטער האָט געזאָגט, אַז ער מוז מיך האָבן צו דער אַרבעט און אַזוי אַרום איז מיין טויט אָפּגעשטופּט געוואָרן אויף שפּעטער. עטלעכע מאָל בין איך קראַנק געוואָרן, אָבער מיט גרויסער היץ בין איך געשטאַנען ביי דער אַרבעט, מיט די לעצטע כוחות זיך געהאַלטן אויף די פיס. קראַנק זיין האָט געמיינט — דערשאָסן ווערן.

דעם 15טן יאַנואַר 1945, ווען דער רוסישער פראָנט האָט זיך דערנענטערט, האָט מען דעם לאַגער אויסגעליידיקט. אונדז האָט מען אַוועקגעפירט קיין בערגען־בעלזען, אין דייטשלאַנד. אַ קליינע צאָל האָבן זיך פאַרשטעקט אין באַהעלטענישן, ווען מען האָט אונדז אַרויסגעפירט. צו מאָרגנס איז טשענסטאָכאָוו געוואָרן פאַרנומען פון די רוסן און זיי זענען באַפרייט געוואָרן.

אין בערגען־בעלזען בין איך געווען אַ חודש צייט. דאָרט האָט מען אונדז

געפּייניקט מיט הונגער און קלעפּ. יעדן טאָג זענען פאָרגעקומען דערשיסונגען און פאַרגאַזונגען. קיין אַרבעט האָט מען אונדז נישט געגעבן. די דייטשן האָבן שוין געזען דעם טאָג פון זייער מפּלה און אויסגעלאָזט זייער צאָרן צו אונדז. מען האָט אונדז געהאַלטן אויף שטראָף־אַפּעלן, אַ סך שעהען נאַקעט אין די גרעסטע קעלטן. אויף די אַפּעלן זענען מיינע פיס אָפּגעפרוירן געוואָרן, פון וואָס איך לייד ביז היינט צו טאָג.

ענדלעך האָבן מיר פאַרלאָזן בערגען־בעלזען — מען האָט אונדז איבערגע־שיקט אין אַרבעטס־לאַגער בורגאַו. מיר האָבן דאָרט שווער געאַרבעט. קיין עסן האָט מען אונדז אין גאַנצן נישט געגעבן. קיין באַראַקן זענען נישט געווען. מען האָט אונדז געהאַלטן אין ערד־גריבער, ווו מען פלעגט פריִער האַלטן קאַרטאָפל אויף ווינטער. אַ חודש שפּעטער האָט מען אונדז איבערגעפירט קיין טורקהיים. די ווינציקע געבליבענע זענען מאַסנווייז געשטאָרבן פון הונגער און טיפוס.

דעם 27סטן אַפּריל 1945 זענען די אַמעריקאַנער אַריין קיין טורקהיים און מיר זענען באַפרייט געוואָרן. דאָרט זענען מיר אַ צייט אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך דעם דזשוינט און אונראַ.

ווען איך קוק צוריק צו דער פאַרגאַנגענהייט, גלייבט זיך עפּעס נישט, אַז איך האָב געקענט איבערטראָגן דעם מוראדיקן גהינום, און אַרויס אַ לעבעדיקע. אָבער די וואָס זענען געבליבן וועלן קיין מאָל נישט פאַרגעסן און קיין מאָל נישט פאַרגעבן די דייטשן, וואָס זיי האָבן געטאָן צו אונדזער פאָלק.

הענריק רילסקי (ה. רובינשטיין) /רחובות

# 1. פרוּוון פון אַן אַנטיהיטלעריסטישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג

אין דער פּערטליאַר־שריפט „בלעטער פאַר געשיכטע" פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין פּוילן, וואַרשע, יולי—דעצעמבער 1955, באַנד 8, נומ' 3־4, האָט ה. רילסקי (רובינשטיין) פון מעזריטש (היינט לערער פאַר געשיכטע אין אַ גימנאַזיע אין רחובות), אָפּגעדרוקט זיינע זכרונות א״נ „מעזריטש אין פּעריאָד פון היטלערישער אָקופּאַציע". דאָס קאַפּיטל, וואָס מיר דרוקן, איז אַ טייל פון דער דאָזיקער אַרבעט. דער מחבר האָט עס אונדז איבערגעגעבן צום דרוקן אין פעברואַר 1976, מיט קליינע אויסבעסערונגען און ענדערונגען, וואָס זענען דורך אים אַליין געמאַכט געוואָרן.

**די רעדאַקציע**

ביים אָנהייב פון דער היטלער־אָקופּאַציע האָט זיך שוין געפונען אַ גרופּע מער באַוווּסטזיניקע מענטשן, וואָס האָט אַנטקעגנגעווירקט דער שטימונג פון דער־שלאָגנקייט און רעזיגנאַציע, וואָס האָט באַהערשט די יידישע באַפעלקערונג. די נשמה פון דער גרופּע איז געווען דער פאַרמלחמהדיקער אַרבעטער און קולטור־טוער אין מעזריטש, משה ווייסמאַן, וועלכער איז בעת די מלחמה־אָפּעראַציעס בלינד געוואָרן פון אַ קאָנטוזיע. ביי אים אין שטוב פלעגט מען זיך צונויפקומען אין די אָוונטן. ער פלעגט קאָנצענטרירן די פּרעסע־און ראַדיאָ־ידיעות, אויפקלערן די פּאָליטישע און מיליטערישע סיטואַציע, און גלייכצייטיק דעמאַסקירן די ראָל פון יודענראַט און פון דער יידישער פּאָליציי. אַרום אים האָבן זיך קאָנ־צענטרירט חברים, וועלכע פלעגן דערנאָך אַלץ, וואָס ביי אים איז באַהאַנדלט געוואָרן, פאַרשפּרייטן צווישן דער מעזריטשער יידישער באַפעלקערונג.

נאָכן היטלערישן אָנפאַל אויפן ראַטן־פאַרבאַנד האָט די דערמאָנטע גרופּע מיט ווייסמאַנען בראש כסדר פאַרשפּרייט דעם טיפן גלויבן, אַז די דייטשישע אָפענסיווע מוז זיך איינברעכן, אַז דער זיג פון דער סאָוויעטישער אַרמיי, צוזאַמען מיט די אַליאַנטן, איז אַן אומפאַרמיידלעכער, און אַז עס מוז קומען צו אַן ענדגילטיקער מפּלה פונעם היטלערישן פאַשיזם. אונטערן איינפלוס פון משה ווייסמאַנען איז אַנטשטאַנען ביי די, וואָס פלעגן זיך ביי אים צוזאַמענקו־מען, דער ערשטער געדאַנק וועגן אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד־באַוועגונג צום קאַמף קעגן אָקופּאַנט. דער דאָזיקער געדאַנק האָט אָבער נישט געקענט אָננעמען קיין קאָנקרעטע פאָרמען, ווייל אין גיכן איז פאָרגעקומען די ערשטע ליקווידאַציע־אַקציע, וועלכע די היטלעריסטן האָבן דורכגעפירט אין חודש אויגוסט 1942.

בעת דער דאָזיקער אַקציע זענען פון מעזריטש אַרויסגעפירט געוואָרן

אַן ערך 13 טויזנט ייִדן, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען משה ווײַמאַן.


משה ווײַמאַן

דעם געדאַנק וועגן אַ ווידערשטאַנד האָבן נאָך דער ערשטער אַקציע אויפגע־נומען צוויי יוגנטלעכע: עוזר פלאַסטער־שטיין, מיטגליד פון „השומר הצעיר" און חיים טכוזש. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ גרופּע פון באַוואָפנטע פּינפטלעך. די גרופּע האָט אין קורצן געציילט 40 מאַן און עס האָבן געהערט צו איר אין גרעסטן טייל חברים פון פאַרשידענע יוגנט־אָרגאַ־ניזאַציעס און קודם כל פון „השומר הצעיר". איינער פון די אַקטיווסטע אין דער דאָזיקער גרופּע איז געווען דער יונגער בערשטער־אַרבעטער לייבל גאָלדבערג, וועלכער האָט באַקומען די אויפגאַבע צוצושטעלן געווער פון ביאַלע־פּאָדלאַסקי, וואָס ער האָט באַ־קומען פון די ייִדן, וועלכע אַרבעטן דאָרט ביים סאָרטירן געווער אין דער פירמע „וועגעציאַ". אַחוץ דעם, וואָס די גרופּע האָט אָנגעהויבן זאַמלען געווער, האָט זי אויך צוגעגרייט אַרישע דאָקומענטן (קענקאַרטעס), בכדי אין אַ נויטפאַל קענען איבערשיקן אייניקע מענטשן אויף דער „אַרישער זייט" און אויך בכדי צו קענען אָנהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט דער ייִדישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע.

אָנהייב אָקטאָבער 1942 זענען ביידע אָרגאַניזאַטאָרן, פלאַסטערשטיין און טכוזש, אַרעסטירט געוואָרן. עס איז אַנטשטאַנען אַ חשד, אַז דאָס איז אַ פּועל־יוצא פונעם דורכפאַל פון דעם פאַרבינדונגס־מאַן, וואָס פלעגט צו זיי קומען פון וואַרשע. זיי זענען געפירט געוואָרן קיין ראַדזין, און אויפן וועג זענען זיי דורך די וואַכלייט דערשאָסן געוואָרן. אין שייכות מיטן אַרעסט פון פלאַסטער־שטיינען און טכוזשן איז נאָך אומגעקומען דער יונגער יוריסט שמואל בויגמאַן, אַ זון פון באַקאַנטן טוער פון התאחדות, הערצל בויגמאַן, אַבסאָלווענט פון דער ייִדישער גימנאַזיע און לאַנגיעריקער טוער פון מכבי.

שמואל בויגמאַן איז געווען לייטער פון דער ייִדישער פּאָסט אין געטאָ. אין שייכות מיט דעם, וואָס די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ מיט ייִדן, צו ייִדן און פון ייִדן איז געווען באַזונדער, ווייל די ייִדן האָבן נישט געהאַט קיין רעכט צו גענישן פון דער אַלגעמיינער פּאָסט, איז צו דערליידיקן די פּאָסט־ענינים פאַר ייִדן באַרעכטיקט געווען בלויז איין מענטש — שמואל בויגמאַן. זיין אויפגאַבע האָט ער אויסגעפירט געוויסנהאַפט און געטריי, און געווונען

אָנערקענונג ביי דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. בעתן אַרעסטירן פלאַסטערשטיינען און טכוזשן האָט איינער פון זיי געהאַט ביי זיך אַ קאָנווערט מיט פאָטאָגראַפיעס פון אַן ערך צוויי צענדליק מענטשן, פאַר וועלכע מען האָט געדאַרפט אויסאַרבעטן „אַרישע דאָקומענטן". ווען זיי זענען אַריינגעפירט געוואָרן אין דער אַפטייק, צום יודענראַט־פאָר־זיצער קלאַרבערג, אויף דער אויספאָרשונג, האָט איינער פון זיי דיסקרעט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָנווערט מיט די פאָטאָגראַפיעס אויף דער פאָדלאָגע. שמואל בויגמאַן, וואָס האָט דעמאָלט צופעליק זיך געפונען אין דער אַפּ־טייק, האָט דעם קאָנווערט אויפגעהויבן און באַהאַלטן אין טאַש. אין דער היים ביי זיך האָט בויגמאַן דעם קאָנווערט פאַרניכטעט. די געסטאַפּאָ האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט און בויגמאַנען אַרעסטירט. נישט געקוקט אויף די טאָרטורן האָט ער קיינעם נישט אויסגעגעבן און אומגעקומען אין די קעלערן פון דער געסטאַפּאָ אין ראַדזין. דער גרעסטער טייל פון דער גרופּע פון פלאַסטערשטיינען און טכוזשן איז אומגעקומען אין דער צווייטער ליקווי־דאַציע, אין אָקטאָבער 1942.


שמואל בויגמאַן

אַחוץ דער דערמאָנטער איניציאַטיוו צו שאַפן אַ באַוואָפנטע ווידער־שטאַנד־גרופּע קעגן דעם אָקופּאַנט, זענען געווען נאָך אַנדערע פּרווון זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם אָקופּאַנט מיט געווער אין האַנט. אין דער געגנט פון דאָרף סוכאָטש ביי מעזריטש איז אונטער דער אָנפירונג פון עליע גוטענבערג, אַ חבר פון „החלוץ", אַנטשטאַנען אַ באַוואָפנטע קאַמפּס־גרופּע, וואָס האָט עקזיס־טירט כמעט אַ גאַנץ יאָר און איז אין זומער 1943 ליקווידירט געוואָרן דורך אַ נ. ס. ז.־באַנדע.

קלענערע באַוואָפנטע קאַמפּס־גרופּן, וואָס האָבן געוואָלט אין פּאַרטיזאַ־נישע קאַמפן דורכלעבן די אָקופּאַציע, האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין די וועלדער ביי מעזריטש, באַזונדערס אין די געגנטן פון די דערפער דעראַטשון, נאַהאַיִק און דרעלוווו. צו איינער פון די דאָזיקע גרופּן האָבן געהערט די יוגנטלעכע בערשטער־אַרבעטער חיים גרינבוים, הערשל בוימגאַרטן און דער אויבן־דער־מאָנטער לייבל גאָלדבערג מיט זיין פאָטער אַברהם. אַנדערע פון דער דאָזיקער גרופּע זענען דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן. חיים גרינבוים און הערשל בוימגאַרטן זענען דורכן קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי ליוביטש (נישט קיין מעזריטשער) אויסגעגעבן געוואָרן דער זשאַנדאַרמעריע, בעת זיי זענען געקומען אין שטאָט אַריין נאָך ברויט פאַר זייער גרופּע. אין די וועלדער ביים

דאָרף יעלניצא האָבן די געוועזענע בערשטער פייוול אַגרעסטבוים און פּתחיה גאָלדשטיין געשאַפן אַ באַוואָפנטע גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון מעזריטשער און פון נישט מעזריטשער ייִדן. אויך די דאָזיקע גרופּע איז געמסרט געוואָרן דורך דער ייִדישער פּאָליציי און אומגעבראַכט געוואָרן דורך דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע.


לייבל גאָלדבערג

אין יאָר 1942 האָט זיך אָרגאַניזירט אַ באַוואָפנטע קאַמפּסגרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון טשעכישע ייִדן און פון ישיבה־בחורים, וועלכע האָבן געוואָרפן די לאָזונג, אַז גאָט וועט העלפן אינעם באַוואָפנטן קאַמף קעגן דעם אָקופּאַנט. עס זענען אויך געווען פיל פאַלן פון אינדיווידועלע העלדישע און קרבנותפולע אַרויסטרעטונגען. אין מאַי 1943 איז דערשאָסן געוואָרן אין געטאָ דער ייִדישער פּאָליציאַנט ש. ג., איינער פון די ערגסטע אויסוואורפן, וואָס האָט געהאַט אויפן געוויסן אַ סך ייִדן. אין יולי 1943 זענען דורך ייִדן דערשאָסן געוואָרן 3 שופּאָ־אַגענטן.

דער געוועזענער פּועלי־ציון־טוער יעקב מאַנפּערל און מוניע סוכאַרטשוק, וואָס האָבן געאַרבעט אין אַ בערשטער־פאַבריק, האָבן בעת דער אַקציע אין מאַי 1943 זיך געוואָרפן אויף די דייטשע סאָלדאַטן, וואָס זענען געקומען אין דער פאַבריק דורכצופירן אַן אַקציע, אַרויסגעריסן ביי זיי די ביקסן און פאַרוווּנדעט צוויי שופּאָ־לייט. יעקב מאַנפּערל איז דערשאָסן געוואָרן און מוניע סוכאַרטשוקן איז געלונגען צו אַנטלויפן. דער יונגער בערשטער־אַרבעטער חיים פוגאַ האָט בעת דער פינפטער אַקציע אויפן ייִדישן בית־הקברות זיך געוואָרפן אויף די ס.ס.־לייט און זיי באַגאָסן מיט וויטריאָל. ער איז געפאַלן אויפן אָרט, צעשטאָכן מיט פּיקעס פון די היטלעריסטישע באַנדיטן.

אַ געוועזענער ישיבה־בחור, יוסף חיים ליבערמאַן, האָט בעת דער זעקסטער אַקציע זיך אַרויסבאַקומען פון אַ פאַרפּלאָמבירטן וואַגאָן. וואָס איז געפּירט געוואָרן קיין מיידאַנעק. אונטער אַ האָגל פון קוילן האָט ער פון דרויסן געעפנט די טיר פון וואַגאָן און דערמיט אַ סך מענטשן געהאָלפן אַרויסשפּרינגען פון לויפנדיקן צוג און אַנטלויפן.

אויפן געביט פון פּאָליטיש־קולטורעלער אַרבעט, וואָס האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו פאַרשפּרייטן דעם געדאַנק פון אַנטיהיטלערישן ווידערשטאַנד, פאַרנעמט אַ בכבודיק אָרט די לינק־געשטימטע אַבסאָלווענטין פון דער ייִדישער גימ־

נאַזיע אין מעזריטש, שולמית ווײַנער. פון די ערשטע טעג פון דער אָקופּאַציע ביזן סוף יאָר 1942 האָט זי געפירט שול־קאָמפּלעטן פון יידישע קינדער, אויף וועלכע זי האָט, אויסער לערן־קעגנשטאַנדן, אויך געפירט אַ פּאָלי־טיש־דערציִערישע אַרבעט פון אַן אַנ־טיהיטלערישן כאַראַקטער. זי האָט באַ־אַרבעט מיט די קינדער אַנטיהיטלערי־שע לידער און טעקסטן און אײַנגע־פלאַנצט ביי זיי דעם גלויבן אין דער אומפאַרמײַדלעכער מפּלה פונעם היט־לעריזם. זי האָט דורכגעפירט אַ גאַנצע רײ קינדער־אויפטריטן אויף וועלכע זי האָט דורכגעשמוגלט אַנטיהיטלערי־שע פּראָגראַמען. זי אַליין האָט אויך אָנגעשריבן אַ פּרעכטיק ליד, וואָס האָט גערופן צום קאַמף קעגן אָקו־פּאַנט. סולי ווײַנער איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די אָרגאַניזאַטאָרן פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד — מיט עוזר פלאַסטערשטיין און חיים טכוזש.



שולמית ווײַנער

אין דעצעמבער 1942 איז סולי ווײַנער אַרויסגעפירט געוואָרן אין לאַגער קיין טראַווניקי ביי לובלין און זי איז אומגעקומען אין מײַדאַנעק אין יאָר 1943.

די אַלע אויבן אויסגערעכנטע ווידערשטאַנד־פּרווון קעגן אָקופּאַנט, אויסער זייער מאָראַלישער ווירקונג, האָבן זיי נישט געהאַט קיין גרעסערן דערפאָלג. די גרעסטע טייל פון מעזריטשער יוגנט, געוועזענע מיטגלידער און טוער פון יידישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, האָבן פאַרלאָזט מעזריטש, נאָך איידער די שטאָט איז אַרײַנגעפאַלן אין די היטלערישע הענט. אין שטאָט האָט געפעלט דער אַקטיווער קערן, וועלכער זאָל מאַכן אַן אָנשטרענגונג צו קאָנצענטרירן די צעשפּליטערטע כוחות. די איניציאַטאָרן פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד האָבן נישט מצליח געווען, צוליב זייער שנעלן אַרעסט, צו פאַרבינדן זיך מיט פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען אין די שכנותדיקע געביטן. דאָס האָט געקאָנט האָבן אַ ווירקונג אויפן גורל פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין מעזריטש.

נאָך דער פולשטענדיקער ליקווידאַציע פונעם יידישן ישוב אין מעזריטש זענען לעבן געבליבן ביי אַ הונדערט יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי פּויערים, אָדער איבערגעלעבט אויף אַרישע דאָקומענטן אין וואַרשע און אין אַנדערע שטעט. אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט פאַרדינט די גרופּע פון 9 מאַן (5 מענער און 4 פרויען) אונטער דער אָנפירונג פון לייבל גאָלדבערג. די דאָזיקע גרופּע האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין מעזריטש גופא, אין שטאָט־צענטער,

אויף אַ בוידעם פון אַ הויז אין שכנות פונעם געוועזענעם סאָבעלמאַן־האָטעל, וואָס האָט זיך געפונען נאָענט פון דער דייטשישער זשאַנדאַרמעריע. אין דער דאָזיקער באַהעלטעניש האָבן זיי איבערגעלעבט ביז דער באַפרייונג. די מיטגלי־דער פון דער דאָזיקער גרופּע פלעגן זיך אַריבערכאַפּן אין די שכנותדיקע דערפער, ווו זיי האָבן באַקומען פּראָדוקטן ביי די דאָרטיקע פּויערים.

עטלעכע צענדליק יידן האָבן נאָך דער באַפרייונג זיך אומגעקערט קיין מעזריטש פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. די גרעסטע טייל פון זיי זענען באַשטאַנען פון די, וואָס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין מיידאַנעק בעת דער פינפטער און זעקסטער אַקציע אין מאַי 1943 און פון דאָרט זענען זיי איבערגעשיקט געוואָרן אין פאַרשידענע אַנדערע לאַגערן.

## 2. שיינדל טשעמני

שיינדל איז געבוירן אין 1917 אין מעזריטש. דער פאָטער איז געווען אַ מאָלער־אַרבעטער. צו 13 יאָר איז זי שוין געצוווּנגען צו געבן קאָרעפּעטיציעס. כדי צו באַצאָלן שכר־לימוד אין גימנאַזיע און אויך צוהעלפן אויסהאַלטן די גרויסע משפּחה.

אין 1935, נאָכן ענדיקן די גימנאַזיע, פאָרט זי אַוועק קיין וואַרשע. די שווערע מאַטעריעלע לאַגע דערלויבט איר נישט ווייטער צו שטודירן. זי ענדיקט פּרעבל־קורסן און אַרבעט אויף קינדער־קאָלאָניעס. זי געפינט אויך צייט פאַר טעטיקייט אינעם פּאַטראָנאַט איבער די פּאָליטישע אַרעסטירטע אין פּוילן.


שיינדל טשעמני

דער אויסברוך פון דער מלחמה אין 1939 טרעפט שיינדלען אין מעזריטש. אין דער קורצער צייט, ווען דאָס סאָוויעטישע מיליטער געפינט זיך אין פּאָדלאַשע, איז שיינדל טעטיק אויפן געביט פון שול־וועזן אין מעזריטש. נאָכן אָפּטרעטן פון דער סאָוויעטישער אַרמיי פאָרט זי אַריבער מיט איר מאַן קיין לוואָוו. דאָרט ענדיקט זי מעדיצינישע שוועסטער־קורסן. אין 1940 ווערט ביי איר געבוירן אַ מיידעלע.

נאָכן אָנפאַל פון די דייטשן אויפן ראַטן־פאַרבאַנד אין יאָר 1941 געניסט זי נישט פון דער מעגלעכקייט צו עוואַקויִרן זיך מיט איר טעכטערל אין די

טיפערע געביטן פון רוסלאַנד. צוזאַמען מיטן מאַן בלייבט זי אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע מיטן ציל צו העלפן אָרגאַניזירן פּאַרטיזאַנישע און דיווערסיע־אַרבעט קעגן אָקופּאַנט.

אין יאָר 1941, אין האַרבסט, קומט שיינדל קיין וואַרשע און העלפט אַקטיוו איר מאַן, טיכטיקער טוער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג און שפּעטער — פון „אַרמיאַ לודאָוואַ".

אין יאָר 1943, ווען עס ברעכט אויס דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, שיידט זי זיך מיט איר 2־יאָריק טעכטערל, וואָס זי גיט איבער צו איר מאַנס משפּחה און זי שטעלט זיך צו דער דיספּאָזיציע פון „אַרמיאַ לודאָוואַ".

מיט אַ גרופּע פון 6 חברים — 3 מענער און 3 פרויען — ווערט זי געשיקט דורך פּולקאָווניק סענק־מאַלעצקי אין דער אַ.ל.־אָפּטיילונג פון „ווילק", וואָס אָפּערירט אין די ווישקאָווער וועלדער. זי ווערט די מעדיצינישע שוועסטער פון דער אָפּטיילונג און בעת די קאַמפן מיט די דייטשן ווייזט זי אַרויס מוסטערן פון מסירת נפש.

אין אויגוסט 1943 קומט זי קיין וואַרשע נאָך אַ טראַנספּאָרט געווער פאַר די ניי־געגרייטע אָפּעראַציעס פון דער אָפּטיילונג. בלויז אַ דאַנק דער זעלבסט־באַהערשטקייט און מוט מיידט זי אויס אַן אַדורכפאַל: די געסטאַפּאָ פירט גראָד אין דער צייט אַדורך אַן אָבלאַווע אויפן הויפּטוואָקזאַל אין וואַרשע. זי קערט זיך אום בשלום אין דער אָפּטיילונג און מיט אַ דאָפּלטער ענערגיע וואַרפט זי זיך אַריין אין איר אַרבעט. זי שטאַרקט מאָראַליש די חברים מיט פרישע ידיעות, וואָס זי האָט געבראַכט פון וואַרשע וועגן די כסדרדיקע מפּלות פון די דייטשן אויף די פראָנטן.

די אָפּטיילונג פאַרשטאַרקט איר טעטיקייט: עס ווערן אויפגעריסן דייטשע צוגן און אויטאָס; עס ווערן ליקווידירט געווער־מאַגאַזינען; מען מאַכט כסדרדיקע אָנפאַלן אויף דייטשע אָפּטיילונגען און פּאַטראָלן. שיינדל אָרגאַניזירט די סאַני־טאַרע דינסט און דעם פעלדשפּיטאָל. פאַר יעדן פאַרוווּנדעטן און קראַנקן קעמ־פּער געפינט זי וואַרעמקייט און אַ וואָרט פון טרייסט.

אין פרילינג 1944 וואַרפט די דייטשע אויבערקאָמאַנדשאַפט ספּעציעלע כוחות אויף צו ליקווידירן די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין די ווישקאָווער וועלדער. עטלעכע וואָכן דויערן די נישט־גלייכע קאַמפן. שיינדל פאַלט דעמאָלט מיט אַ העלדישן טויט אויף איר קאַמף־פּאָסטן. זי פאַלט אויף דער שוועל פון פרייהייט — געציילטע חדשים פאַר דער ענדגילטיקער מפּלה פון היטלעריסטישן שונא.

**אויף די חורבות פון מעזריטשער געטאָ**



דאָס איז דאָס הויז פון אבא׳לע פערלשטיין לעבן דער שול



דער פלאַץ ווו ס׳איז געווען די גרויסע שול. אין פראָנט דער גרויסער בית־מדרש

ל. פרידמאַן

# מעזריטש אין 1946

דער גורל האָט מיך געבראַכט צוריק אין מעזריטש אין יולי 1946, צוויי יאָר נאָך דעם ווי די סאָוויעטישע אַרמיי האָט פאַרטריבן פון דאָרט די דייטשן.

איך בין געפאָרן אין מיין היימשטאָט מיט אַ געמישטן געפיל פון האָפענונג און יאוש. איך האָב געוווּסט, אַז קיינער פון מיינע נאָענטע איז דאָרט מער נישטאָ, איך האָב אָבער געהאָפט דאָרט אָפצופרישן אין זכרון די טויזנטער פּרטים, וועלכע זענען פאַרבונדן מיט איבערלעבונגען פון איינעם, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט און געלעבט דאָרט יאָרן־לאַנג. פון דער צווייטער זייט האָט מיך געשראָקן די פּוסטקייט און דער חורבן, וועלכן איך האָב דערוואַרט דאָרט צו טרעפן.

די צייט איז נאָך דאַן געווען אַן אומרויִקע. אין די וועלדער האָבן זיך נאָך אויסבאַהאַלטן באַנדעס און רעשטלעך פון דער א.ק.־אַרמיי, וועלכע פלעגן אַי־בערפאַלן די צוגן, אַראָפּנעמען יידן און זיי דערשיסן. אַזאַ געפערלעכער פּונקט איז געווען שאַניאַווע לעבן מעזריטש, ווו דער צוג איז שוין עטלעכע מאָל געווען פאַרהאַלטן דורך די באַנדעס און דאָס פאָרן מיט דער באַן אויף דער ליניע וואַרשע—בריסק איז געווען פאַר יידן אַ שטענדיקע סכנה.

איך בין אַרויסגעפאָרן פון וואַרשע אין אַ וואַרעמער זומער־נאַכט און בשלום דורכגעפאָרן פאַר טאָג די סטאַציע שאַניאַווע. דער צוג לויפט פאָרויס און איך וואַרט מיט האַרץ־קלאַפּעניש אויף דער נאָענטסטער סטאַציע. עס הייבן זיך אָן צו באַווייזן די באַקאַנטע ערטער — די „וויאַטראַקן", „די זאַמדן", פּאָטאָצקיס פּאַרק, און אָט איז די סטאַציע מעזריטש.

אויף דער סטאַציע שטייט די באַקאַנטע באַן־געביידע. די איינציקע ענדערונג איז אַ גלעזערנער זאַל, צוגעבויט אין פראָנט פון דער געביידע און וועלכער גיט די מעגלעכקייט צו זען פון אינעווייניק די גאַנצע באַן־פּלאַטפאָרמע.

אַראָפּגייענדיק פון דער באַן באַמערק איך אין אַ זייט אַ נייעם, נישט־באַקאַנטן פאַר מיר בנין. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, איז עס געווען די געביידע, ווו די דייטשע באַן־זשאַנדאַרמעריע האָט זיך געפונען.

עס גייען אַראָפּ פון צוג בלויז קריסטן, מערסטנטייל פּויערים מיט זייערע פּראָדוקטן, וועלכע זיי שלעפּן אין זעק און אין פּעקלעך. איך גיי מיט דעם באַקאַנטן פאַר מיר וועג לענג־אויס זובערמאַנס גאָרטן, און גלייך נאָך דעם טייכל פאַרקירעווע איך אין שטאָט אַריין מיט אַ נייעם קירצערן וועג, וועלכן די דייטשן האָבן אויסגעבויט, ווי איך בין זיך משער, מיט יידישע הענט.

אין קום אַרויס אויף דער לובלינער גאַס. די באַקאַנטע הייזער שטייען אויף זייערע ערטער. זיי זעען אויס בלויז פאַרלאָזן און פאַריתומט. דאָ און דאָרטן אויסגעהאַקטע שויבן, אָפּגעהאַקטער טינק, אָפּגעריסענע שטיקער דעכער.

און אָט איז דער מאַרק. ער איז ריזיק גרויס, ווייל דער ראָד קראָמען אין מיטן איז געוואָרן אָראָפּגענומען. די געוועלבער אַרום מאַרק זענען נאָך פאַר־מאַכט. עס איז נאָך פרי. די שטאָט שלאָפט נאָך.

אויטאָמאַטיש גיי איך צום הויז, ווו איך בין געבוירן געוואָרן און פאַרבראַכט מיין יוגנט. אָט איז עס. עס שטייט גאַנץ, בלויז ערטערווייז עטוואָס פאַרענדערט. אַ פאַרמויערטער פענצטער, אַ צעבראָכענער פלויט. טראָץ די שינויים איז דאָס הויז מיר נישט פרעמד. איך פיל אין דעם הויז די נאָענטקייט פון אַן אייגענער זאַך, צו וועלכער מ׳האָט זיך צוגעוווינט יאָרן־לאַנג אין טאָג־טעגלעכער באַרירונג. איך גיי אַריין אין קאָרידאָר און אַ ריח פון פרעמדקייט און טוכלעקייט טוט מיר אַ זעץ אין פנים. איך לויף אַרויף אין איין אָטעם מיט די טרעפּ און בלייב שטיין פאַר דער טיר פון אונדזער דירה. פון אינעווייניק דערטראָגן זיך צו מיר פרעמדע קולות. איך שטיי גרייט אַ קלאַפּ צו טאָן אין דער טיר, די האַנט אָבער פאַלט אַראָפּ און איך לויף שנעל אַרויס. איך קוק זיך שוין מער נישט אום. איך וויל מער נישט זען דאָס אָרט פון מיין געבוירן.

דער טאָג הייבט זיך אָן איינצושטעלן. אין די גאַסן און אויפן מאַרק הויבן זיך אָן צו באַווייזן די איינוווינער. איך קוק זיי אָן. אַלץ פרעמדע קריסטן. זיי גייען אַרויס פון די באַקאַנטע פאַר מיר הייזער, זיי עפענען די באַקאַנטע פאַר מיר קראָמען, אָבער איך קען קיינעם נישט פון זיי. פון וואַנען האָבן זיי זיך גענומען?

איך גיי אין דער ריכטונג פון דער שול, ווו איך האָף צו געפינען ייִדן. אָט איז דער גרויסער בית־מדרש. ער שטייט פוסט און פאַרלוירן. די פענצטער קוקן אַרויס מיט הוילע לעכער. די אַריינגאַנג־טיר איז פאַרמויערט. איך זוך די שול, וואָס איז געשטאַנען קעגן איבער, אָבער איך קען זי נישט געפינען. אויף דעם אָרט, ווו זי איז געשטאַנען, געפינט זיך אַ פוסטער פלאַץ, באַוואָקסן מיט געדיכטן גראָז, נישטאָ, הייסט עס, די שול. נעלם געוואָרן. איך פאַרשטיי — די דייטשן האָבן זי פאַרברענט אָדער צענומען מיט ייִדישע הענט...

איך גיי אָפּ עטלעכע טריט אין דער ריכטונג פון דער בריסקער גאַס. ווידער ליגט פאַר מיר אַ פוסטער שטח, באַוואָקסן מיט גראָז. דאָ איז געווען אַ מאָל שמולעוויזנע — די צענדליקער געדרייטע געסלעך מיט איינגעהויקערטע הייזקעס, ווו עס האָבן געלעבט, געאַרבעט, געחלומט און געקעמפט פאַר אַ בעסערן מאָרגן הונדערטער בערשטער־אַרבעטער און בעל־מלאכות.

נישטאָ מער קיין שמולעוויזנע, נישטאָ מער קיין ייִדישע בערשטער... אַ גרויס פעלד מיט ברוקירטע וועגן דאָ און דאָרטן ליגט אויסגעשפּרייט פאַר מיינע אויגן. פון דער ווייטנס זע איך די הייזער פון סטאָלפּנע און דעם וואַלד אויפן ביאַלער שאָסיי.

ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, איז אין שמולעוויזנע געווען דאָס מעזריטשער געטאָ. נאָך דעם ווי די ייִדן זענען געוואָרן אומגעבראַכט, האָבן די פּאָליאַקן צענומען די הייזער און צעשלעפּט אַלץ, וואָס האָט זיך געלאָזן.

איך קער זיך אום צוריק אין שטאָט. אויפן מאַרק, לעבן סאָבעלמאַנס האָטעל, טרעף איך אָן אויף אייניקע ייִדן. פון זיי באַקום איך די ערשטע פרטים וועגן די לעבן־געבליבענע ייִדן און ווי עס זעט אויס דאָס איצטיקע ייִדישע לעבן אין מעזריטש. סאָבעלמאַנס האָטעל און די געביידע, וווּ עס האָט זיך אַ מאָל געפונען די ייִדישע קהילה, זענען געוואָרן די טרעפפּונקטן פאַר די געבליבענע ייִדן אין מעזריטש. אין דעם ווינקל געפינט זיך דער ייִדישער קאָמיטעט, דאָ אַרבעט אַ ייִדישער בערשטער־קאָאָפּעראַטיוו, דאָ ווּינען צייטווייליק די על פּי נס געראַטעוועטע מעזריטשער ייִדן, וואָס קומען אַ קוק געבן אויף זייער היימשטאָט. ווער עס האָט אַ שטיקל ירושה, פאַרקויפט עס די גויים פאַר אַ שיבוש, זאַפּט זיך אָן מיטן חורבן פון דער שטאָט און פאָרט אַוועק.

עס קומען אַרויס באַקאַנטע ייִדן: דישעל, געוועזן אַ וואַלדמעגטש, געוואַנדערט איבער די וועלדער, ווו געטאָגט, נישט גענעכטיקט, דערנערט זיך מיט וואָס עס האָט זיך געלאָזן; גרשון און לייבל רייכמאַן, וועלכע האָבן עטלעכע יאָר זיך אויסבאַהאַלטן צווישן צוויי טירן אין זייער וווינונג; לייבל גאָלדמאַן, וואָס האָט מיט אַ גרופּע פון נאָך אַכט פּערזאָן זיך אויסבאַהאַלטן אויף אַ בוידעם אין מיטן פון דער שטאָט; כייטשע און עסטושיע בראָנשטיין, צוריקגעקומענע פון קאָנצענטראַציע־לאַגערן; כאַצקל שטיין און צביה סאַפּיר, אויך פון קאָנצענטראַציע־לאַגערן. עס קומען אַרויס נאָך מעזריטשער, געראַטעוועטע אויף פאַרשידענע אופנים. פון זיי הייב איך אָן זיך צו דערוויסן פּרטים פון דעם אומגלויבלעכן פּיין־און וויי־וועג, וואָס מיין היימשטאָט האָט דורכגעמאַכט פאַר די לעצטע פיר יאָר.

איך זיץ און הער זיי דערציילן אָפּט צו צוויי און דריי מאָל די זעלבע פּרטים. איך שטער זיי נישט. איך וויל אַלץ וויסן. איך זיץ דאָך שבעה נאָך מיינע נאָענטע, נאָך מיין שטאָט און היים.

איך נעם אַ פּעדער און שרייב. איך שרייב דעם פּנקס פון אומקום פון מיין היימשטאָט, וואָס איז פאַרשניטן געוואָרן און וועט שוין קיין מאָל נישט אויפשטיין תחית המתים.

י. שמולעוויטש / ניו־יאָרק

# דאָס נאָכמלחמהדיקע מעזריטש

איידער די נאַצי־רוצחים האָבן אָנגעהויבן זייער חורבן און פאַרוויסטונג אין ייִדישן לעבן פון פוילן, האָבן אין מעזריטש געלעבט ביי אַכצן טויזנט ייִדן. און וואָס הערט זיך איצט אין מעזריטש, די שטאָט פון ייִדישע בערשטער? צי זענען דאָרט פאַראַן ייִדן, ווער זענען זיי? ווי זעען אויס די גאַסן, די הייזער און די אינסטיטוציעס, ווו דורות ייִדן האָבן געלעבט און געשאַפן?

מיט אַ קורצער צייט צוריק איז געקומען קיין ניו־יאָרק אַ מעזריטשער ייִד. פאַרן פאַרלאָזן פוילן איז ער געווען אין זיין היימשטאָט, צום לעצטן מאָל געזען מעזריטש.

דער 48־יאָריקער נחום גוטמאַן איז אַ זון פון „בערל דעם טויבן". אַזוי האָט מען גערופן זיין פאָטער, וואָס איז אויך געווען אַ בערשטער. די מוטער האָט געהייסן רבקה און פאַר דער מלחמה האָט די פאַמיליע געוווינט אויף שקאָלנע־גאַס נומער 3, לעבן דער שול. גוטמאַנס פאָטער און מוטער, זיינע צוויי ייִנגערע ברידער, פייוול און משה, און צוויי ייִנגערע שוועסטער, מינדל און רייזל, זענען אומגעבראַכט געוואָרן פון די נאַציס.

— אין יאָר 1946 — דערציילט נחום גוטמאַן — נאָך דעם, ווי איך בין צוריקגעקומען פון רוסלאַנד, ווו איך בין געווען פאַרוואָגלט אין דער צייט פון דער מלחמה, האָב איך געוווינט אין שטשעטשין, בידערשלעזיע. איך האָב אַ סך מאָל געוואָלט אַריינפאָרן קיין מעזריטש, אין מיין געוועזענער היימשטאָט. געוואָלט זען, וואָס איז געוואָרן פון ייִדישן מעזריטש, ווי עס זעט איצט אויס די ייִדישע שטאָט, דאָס האַרץ האָט מיך אָבער נישט געלאָזט, איך האָב נישט גע־קאָנט...

איצט, ווען ער האָט באַקומען די אַמעריקאַנער וויזע און ער האָט געדאַרפט פאַרלאָזן פוילן אויפן וועג קיין ניו־יאָרק, האָט ער זיך דעצידירט. ער איז גע־פאָרן און געזען דאָס אַמאָליקע ייִדישע מעזריטש און ער וועט דאָס געדענקען ביז צום טויט.

פאָרנדיק אין באַן פון וואַרשע קיין מעזריטש — דערציילט ער — איז ער געווען דער איינציקער ייִד. עס איז אים געווען אומהיימלעך, ווי קאָן מען דאָס באַגרייפן? אַ מאָל איז דאָך די זעלבע באַן געווען פול מיט ייִדן, ייִדן פון וואַרשע, פון מעזריטש.

— איך בין אַראָפּגעקומען קיין מעזריטש — זאָגט ער — האָב איך געזען די זעלבע סטאַנציע ווי אַ מאָל, ווי דאָ וואָלט גאָרנישט פאָרגעקומען, בײם אַראָפּגיין פון דער באַן זענען צוזאַמען מיט מיר געגאַנגען פּאָליאַקן מיט פּעק־לעך און קוישן אין זייערע הענט. איך האָב געקוקט, געשוועבט אין אַן אַנדער

וועלט און אין יענע מינוטן האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז איך זע גאָר אַ מחנה ייִדן: זע־נאָר, עס גייען דאָך מעזריטשער ייִדן!

דאַן איז נחום גוטמאַן דורכגעגאַנגען די קליינע בריק, ווו דער וועג איז אים גוט באַקאַנט נאָך פון אַ מאָל. פּלוצלונג האָבן די פיס ביי אים גענומען זיך אונטערברעכן. עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער גייט אויף ייִדיש בלוט.

ער איז אַרויסגעקומען אויפן גרויסן מעזריטשער מאַרק. עס האָט זיך ביי אים אָנגעהויבן מישן אין קאָפּ. ער דערקענט נישט זיין היימשטאָט.

אַ מאָל איז דער מאַרק געווען פול מיט ייִדישע קראָמען און ביידלעך אויך די גרויסע האַלע; דער „ראָד״, איז געווען פול מיט ייִדישן האַנדל, מען האָט אויסגעשטעלט און פאַרקויפט ייִדישע פּראָצע. איצט איז דער מאַרק פאַר־וואַנדלט אין אַ גרויסן פאַרק מיט גרינס און בלומען. אויף די בענק זיצן דאָרט פּאָליאַקן און שמועסן צווישן זיך געמיטלעך. ביים מאַגיסטראַט הענגט אַ גרויסער הילכער, וואָס טראָגט פונאַנדער געזאַנג און פריילעכע מוזיק. עס זעט אויס ווי דאָרט וואָלט גאָרנישט פאָרגעקומען. דאָ אין מאַרק, האָבן די נאַציס צונויפגעטריבן די ייִדן, מען האָט זיי געשלאָגן, געהרגעט און געטריבן צום טויט — קיין טרעבלינקע. טויזנטער ייִדישע מענער, פרויען, זקנים און קינדער זענען דערשאָסן געוואָרן אין מאַרק. אַלץ איז דאָרט דורכגעווייקט מיט ייִדיש בלוט און מיט ייִדישע טרערן. איצט זענען דאָרט פאַרזייט בלומען און עס שפּילט פריילעכע מוזיק...

דעם ערשטן טאָג ביים אָנקומען קיין מעזריטש, דערציילט גוטמאַן, האָט ער גאָרנישט געגעסן. ווען ער איז צוגעגאַנגען אויף דער שקאָלנע־גאַס נומער 3, ווו ער און זיין פאַמיליע האָבן געוווינט פאַר דער מלחמה, האָט ער פון דעם נישט געזען קיין צייכן. אַלץ איז אָפּגעווישט.

אין גאַנץ מעזריטש זענען איצט פאַראַן בלויז פיר ייִדן. איינער איז „משה סראָליוועקע״, אַ שוסטער, וואָס וווינט ביי רייכמאַן אין הויז, אויף דער לובעלסקי־גאַס. דער צווייטער ייִד איז „לייזער מיט די וואָנצעס״, אַן עלטערער ייִד, וואָס האָט זיך אין דער צייט פון דער מלחמה אויסבאַהאַלטן צווישן קריסטן. אויך איצט לעבט ער זיך אויס צווישן קריסטן. פאַראַן נאָך אַן עלטער ייִדיש פּאָרל, דאָס איינציקע ייִדישע פּאָרל אין מעזריטש. ער, מאיר מאַנדעלבלאַט („מאיר מאָרדע״), איז פאַר דער מלחמה געווען אַ שוסטער. זיין פרוי, גיטל, איז „איטשע ליבעס טאָכטער״.

ביי אָט דעם עלטערן פּאָרל איז נחום גוטמאַן געשלאָפן די עטלעכע נעכט, וואָס ער איז געווען אין מעזריטש. דאָס פּאָרל וווינט אין הויז, וואָס האָט אַ מאָל געהערט צו יאַנקל שענקער, אין דער דירה, ווו עס האָט אַ מאָל געוווינט דער דענטיסט לעאָן בוכענעק. עס זאָגט זיך אַזוי — געשלאָפן! פאַר טאָג האָט עס אים אַרויסגעטריבן פון הויז. ער איז אַוועק אויף שמולעוויזנע, דאָרט ווו עס איז געווען דאָס געטאָ פאַר ייִדן. אויסער די 18 טויזנט ייִדן פון מעזריטש,

האָבן די נאַציס אין דאָרטיקן געטאָ צונויפגעטריבן ייִדן פון די אַרומיקע שטעט־לעך: ראַדזין, ביאַלע, ליקעווע, פּאַרטשעוו, נאַשעלסק און אַנדערע. צוזאַמען זענען אין געטאָ געווען 40 טויזנט ייִדן. הונגער, קראַנקייטן און ענגלשאַפּט — נישט איבערצוטראָגן. איצט איז דאָרט איין גרויסע וויסטעניש, אַ פּוסטקייט, אַ ליידיקער פּלאַץ.

פון דאָרט, פון דעם פּוסטן פּלאַץ, זעט מען גלייך דעם טייך קזשנאָ. עס שטייט דאָרט דער זעלבער ברונעם מיט צוויי גרויסע רעדער; קריסטן טראָגן עמערס מיט וואַסער ווי אַ מאָל. עס האָט זיך גאָרנישט געענדערט... איין מאָל אין וואָך, דאָנערשטיק, איז דער פּוסטער פּלאַץ אויף שמולעוויזנע באַלעבט. עס איז דאַן אַ יאַריד, עס קומען פּויערים, מען קויפט און מען פאַרקויפט.

פון דער גרויסער שיינער שול, אויף שקאָלנע־גאַס, איז נישטאָ קיין צייכן. דאָס זעלבע איז מיטן גרויסן בית המדרש און מיט אַלע אַנדערע בתי מדרשים. דאָקעגן איז גאַנץ דער גרויסער ייִדישער שפּיטאָל (אָן ייִדן), אויף דער וואַר־שעווער גאַס. אָט דער שפּיטאָל, וואָס די מעזריטשער לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָבן געהאָלפן אויפבויען נאָך פאַר דער מלחמה, האָבן די היטלעריסטן באַנוצט פאַר זייערע צוועקן. איצט קומט דער פיינער שפּיטאָל צו נוץ די פּאָליאַקן.

עס איז אויך גאַנץ די געביידע פון די פייערלעשער, וואָס ייִדן האָבן אויס־געבויט. אויך דער קינאָ, וואָס הערש־לייב ציטרין האָט אויפגעבויט אויף דער אַלטשטאָט, איז דאָ. נייע געביידעס זעט מען ווייניק אין מעזריטש. אַלץ איז פון אַ מאָל, ייִדישע האָרעוואַניע, וואָס ווערט איצט באַנוצט פון אַנדערע.

דער „בעדער״, אַ רייכער ייִדישער האָלץ־הענדלער, האָט אַ מאָל אויסגע־בויט אַ גרויס הויז אויפן וואַסער. עס האָט אויסגעזען ווי אין ווענעציע. אין מעזריטש האָט מען צו יענער צייט געשמועסט, אַז דער פונדאַמענט אַליין האָט געקאָסט מער ווי דריי געוויינלעכע הייזער. איצט וווינען דאָרט פּאָליאַקן.

אין יחזקאל שטיינס גרויס הויז איז איצט אַן אַמבולאַטאָריע. אין יאָסל טישס הויז געפינט זיך די מיליץ. אין דער געביידע פון דער אַמאָליקער ייִדישער פאָלקסשול אויפן נאָמען פון ה. ד. נאָמבערג, אויף קאַווקאַזער געסל, איז איצט אַ בערשטער־קאָאָפּעראַטיוו פון קריסטן. זיי האָבן איבערגענומען די באַרימטע ייִדישע ספּעציאַליטעט.

נחום גוטמאַן דערציילט, אַז אויפן אַלטן ייִדישן בית־עולם, וואָס ייִדן האָבן שוין נישט באַנוצט פאַר דער מלחמה, אָבער ווו עס רוען דורות פאַר־שטאָרבענע ייִדן פון מעזריטש, האָבן פּאָליאַקן אויפגעבויט הייזער און עס גייט דאָרט אַ לעבן. אויפן נייעם ייִדישן בית־עולם, ביים ביאַלער שאָסיי, האָבן די נאַציס אַרויסגעריסן די מצבות. מיט דעם האָט מען ברוקירט די גאַסן.

נאָך דער מלחמה, ווען מעזריטשער ייִדן זענען צוריקגעקומען — פון די פאַרשיקונגען פון רוסלאַנד, און אויך איינצלנע, געראַטעוועטע פון די נאַציס — האָבן זיי צונויפגעקליבן די מצבות פון פאַרשידענע ערטער און געמאַכט אַ פאַרקאַן אַרום בית־עולם. לעבן די גרויסע מאַסן־קברים דאָרט, ווו עס ליגן די

רעשטלעך פון טויזנטער דערשאָסענע ייִדן, איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ גרויסער מאָנומענט. דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט דער הילף פון די מעזריטשער אַברהם און שרה פינקעלשטיין, אין ניו־יאָרק, און מיט דער הילף פון אַמעריקאַנער פאַראייניקטן מעזריטשער רעליף־קאָמיטעט.

יעדעס יאָר, דעם 25סטן אויגוסט, גייט דאָס דערמאָנטע עלטערע פּאָרל, מאיר און גיטל מאַנדעלבלאַט, אַוועק צום מאָנומענט אויפן בית־עולם און זיי צינדן דאָרט אָן זעקס ליכט. דאָס איז דער יאָרצייט פון דער גרויסער „אַקציע", וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן איבער די ייִדן אין מעזריטש.



ברידער־קבר אויפן מעזריטשער יידישן בית־עולם

## גאַנץ־געבליבענע נישט צעשטערטע בנינים



סאַפּירס מיל



אויפגעבויט אין יאָר 1938, ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה
דער בנין פונעם שטאָטראַט,

בריקן־גאַס



וואַרשעווער גאַס



דאָס ערשטע הויז איז דאָס הויז פון יאָסל טיש. די איבעריקע זענען נייע הייזער

**מעזריטשער נצולים אויף זייערע וואַנדערוועגן**



מעזריטשער בערשטער־קאָאָפּעראַטיוו אין ריכבאַך (נידערשלעזיע) אין יאָר 1947.
אין דער פאָדערשטער ריי זיצן: (פון רעכט צו לינקס) יצחק ווישניע, שעפסל עקערמאַן, אַלתר סקוואַרנע א״אַ



**מעזריטשער פאַמיליעס מיט קינדער אין שטשעטשין**

**נחום גוטמאַן**/ניו־יאָרק

# דער בית־עולם אין מעזריטש

## איינדרוקן פון אַ באַזוך אין אונדזער היימשטאָט

אין יאָר 1946 זיינען מיר צוריקגעקומען פון רוסלאַנד קיין פוילן, אָבער אַנשטאָט פאָרן קיין מעזריטש זענען מיר אַוועק קיין שטשעטשין. מיר זענען דאָרט פאַרבליבן 16 יאָר. די גאַנצע צייט בין איך נישט געפאָרן באַזוכן מעזריטש. פאַר וואָס? מיר האָבן געוווּסט, אַז מיר האָבן דאָרט נישט וואָס צו זוכן. אין שטשעטשין האָבן מיר אָפּגענומען גרוסן, אַז מעזריטש מיט אירע 18 טויזנט יידישע נפשות איז מער נישטאָ. זיי זענען אומגעקומען פון די הענט פון די נאַציס און זייערע שותפים. די קליינע צאָל איבערגעבליבענע איז אויך אַוועק פון מעזריטש.

דאָך האָט דאָס האַרץ געצויגן אַהינצו, צום אָרט, ווו עס איז געשטאַנען מיין קינדער־וויגעלע. צווישן די גרוסן, וואָס מיר פלעגן אָפּנעמען פון מעזריטש, האָט איין גרוס אַרויסגערופן אַ שטיקל טרייסט: מיר האָבן געהערט פון דעם גרויסן גמילת־חסד, וואָס ר' אַברהם פינקלשטיין און זיין פרוי האָבן געטאָן מיט די אומגעקומענע יידן, וועלכע האָבן געפונען זייער גרויזאַמען טויט אויפן בית־עולם, צווישן זיי אויך דער מעזריטשער רב ראשקאַ, און אויך מיט די אומגעקומענע מעזריטשער אין דער געגנט פון מעזריטש — זיי זענען געבראַכט געוואָרן צו קבר־ישראל אויפן מעזריטשער בית־עולם. אַ דאַנק די פינקלשטיינס האָט מען צוריק באַנייט דעם בית־עולם, אויפגעשטעלט אַ מתים־שטיבל און דעם בית־עולם אַרומגענומען מיט אַ נייעם פּאַרקאַן. אַגב, אַ דאַנק דער גרויסער סומע געלט, וואָס די פינקלשטיינס האָבן מנדב געווען פאַר דעם צוועק, האָט מען אויך אַרויסגענומען די מצבות, מיט וועלכע מען האָט געהאַט געפּלאַסטערט די מעזרי־טשער טראָטואַרן און זיי איינגעמויערט אין דעם נייעם פּאַרקאַן. אַזוי אַרום איז געבליבן כאָטש אַ זכר נאָך די אומגעקומענע, אַ סימן, אַז אַ מאָל האָבן יידן געלעבט אין מעזריטש.

ערב אונדזער אָפּפאָרן קיין אַמעריקע, האָב איך באַשלאָסן צו באַזוכן מעזריטש. איך האָב די שטאָט באַזוכט עטלעכע מאָל. איך האָב געהאָפט צו געפינען, אַז דער יידישער זכר, צו וועלכן די פינקלשטיינס האָבן אַזוי פיל בייגעשטייערט, שטייט. אָבער כ'האָב דעם בית־עולם געפונען אָפּגעלאָזן, אין אַ שרעקלעכן מצב. איך האָב געוווּסט, אַז אויב דאָס וועט נישט באַלד פאַרריכט ווערן, וועט מען אין אַ קורצער צייט אַרום נישט וויסן, אַז אין מעזריטש האָבן אַ מאָל געוווינט יידן. אין מעזריטש האָבן דעמאָלט געוווינט מאיר און גיטל מאַנדעלבלאַט. מאיר איז שפּעטער געשטאָרבן, און זיין פרוי, איר אויך לאַנגע יאָרן, וווינט היינט אין ישראל. איך האָב זיך געווענדט צו מאיר מאַנדעלבלאַט ע"ה און געבעטן, ער זאָל מיר העלפן



דער פאַרקן, צונויפגעשטעלט פון די צונויפגעזאַמלטע מצבות אויפן מעזריטשער בית־עולם



פראָנט פונעם מאָנומענט אויפן ברידער־קבר

געפינען אַן ערלעכן גוי, וואָס זאָל האַלטן דעם בית־עולם אין אָרדענונג און דאָרט זיין דער שומר. ער האָט פאָרגעשלאָגן מיר זאָלן רעדן מיט דעם געוועזענעם פאָטשטטרעגער, ער זאָל נעמען אויף זיך די אחריות פאַרן האַלטן דעם בית־עולם אין אָרדענונג און זיין דער שומר, פאַרשטייט זיך, קעגן אַ לוין. כ׳האָב גערעדט מיט אים און איינגעזען, אַז ער איז אַן אָנשטענדיקער מענטש, האָב איך פאָרגע־שלאָגן, אַז ער זאָל איבערנעמען דעם אַמט. כ׳האָב אים צוגעזאָגט, אַז אין אַמע־ריקע וועל איך זיך באַמיִען צו באַשטימען פאַר אים אַ שטענדיקן לוין פאַר זיין טרחה און דערווייל האָב איך אים געגעבן אַן אַדערויף אַ סומע געלט, און ער האָט צוריקגעבראַכט דעם בית־עולם צו אַ גוטן מצב.

קומענדיק קיין אַמעריקע, האָב איך אויפגעהויבן אַן אַקציע אין דער מעזרי־טשער סאָסייעטי און געבעטן צו באַשטימען אַ יערלעכע פּענסיע פאַר דעם וועכטער. כ׳האָב אויפגעקלערט די וויכטיקייט פון דעם, און אַזאַ פּענסיע איז באַשטימט געוואָרן.

שוין זייענדיק אין ניו־יאָרק, האָב איך באַקומען אַ ידיעה פון מעזריטש, אַז אַ דאָרטיקער גלח וויל צונעמען דעם בית־עולם און אים פאַרוואַנדלען אין אַ צמענטאַזש. ער איז מסכים איבערצולאָזן בלויז דאָס פּלאַץ מיט די יִדישע קברים ווי אַ יִדישן בית־עולם. איך האָב אָנגעהויבן אַן אַקציע נישט צו דערלאָזן צו דעם. איך האָב געשריבן בריוו צום וואָיעוואָדע אין לובלין, קיין וואַרשע און צו דער פּוילישער אַמבאַסאַדע, און אויפגעוויזן, אַז דער בית־עולם איז דאָס אייגנטום פון דער יִדישער קהילה און קאָן באַנוצט ווערן בלויז פאַר אַ יִדישן בית־עולם. די אינטערווענץ האָט געפּועלט. דער גלח האָט זיך צוריקגעצויגן פון זיין פּלאַן.

דער וועכטער האַלט וואַך און כ׳הער פון אים פון צייט צו צייט. אויב עס וועט ווער קומען אַ מאָל קיין מעזריטש, וועט ער געפינען דעם בית־עולם, דער איינציקער עדות פון דער עקזיסטענץ פון יִדן אין מעזריטש...

**אברהם בלושטיין**

# דריי קרבנות

## די דריי ברידער „באַלניק״, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך דער סאָוויעטישער מאַכט אין די יאָרן 1919 — 1940

### דער ערשטער קרבן

חיים איז געווען דער צווייטער זון פון שייע בערעזאָווסקי (באַלניק), נאָך מאַטלען פאַר יאַנקלען. אין יאָר 1919, בעת דער פויליש־באָלשעוויסטישער מל־חמה, ווערט ער מאָביליזירט אין דער פוילישער אַרמיי און גלייך געשיקט אויפן פראָנט. די ייִדן אין פוילן זענען שוין געווען „זאַט״ מיט מלחמות, אַזוי, אַז קיין גרויסע סימפּאַטיע פאַר דער מלחמה האָבן זיי נישט אַרויסגעוויזן.

עד היום איז מיר איינגעקריצט אין זכרון די טרערן וואָס דער שיינער, קרעפּטיקער יונגער מאַן האָט געלאָזט ביים געזעגענען זיך. ער האָט געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז ער וועט קיין לעבעדיקער זיך נישט אומקערן.

נישט לאַנג האָט געדויערט און עס איז אָנגעקומען די טרויעריקע בשורה וועגן זיין טויט. אַ קויל פון אַ רויטאַרמייער האָט אים געטויט.

### דער צווייטער קרבן

יאַנקל איז געווען אַקטיוו באַטייליקט אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, אָנגעהויבן אין יוגנטקרייז און שפּעטער אין דער פּאַרטיי. ער האָט אָנגעהערט צו אַ גרופּע פון איבערגעגעבענע אידעאַליסטן. דער טעראָר און די פּערמאַנענטע פאַרפאָלגונגען פון די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען זענען געווען אומדערטרעגלעך, און ווען זיי האָבן דערפילט, אַז עס ברענט שוין דער באָדן אונטער די פיס, האָבן זיי באַשלאָסן צו שמוגלען די גרענעץ מיטן ראַטן־פאַרבאַנד. עס איז זיי טאַקע געלונגען מיט דער הילף פון אַ באַצאָלטן גרענעץ־שמוגלער אָנצוקומען אין יאָר 1932 קיין רוסלאַנד.

די קאַרגע ידיעות, וואָס זענען דערגאַנגען פון דעם הערמעטיש־פאַרמאַכטן רוסלאַנד, האָבן צעשפּילט די פאַנטאַזיע פון אַ סך ענלעכע יונגע לייט. נאָך אַ יאָר זענען צו די קרובים אָנגעקומען די ערשטע בריוו פון מאַגניטאָגאָרסק. קיינעם איז נישט איינגעפאַלן, אַז זיי זענען פשוט פאַרשיקט געוואָרן אויפן אוראַל, ווייט פון צענטראַל־רוסלאַנד. פון דער גרופּע זענען על פּי נס לעבן געבליבן דוד וויש־קאָווסקי און שפּרינצע לעדערמאַן. פון זיי זענען מיר אינפאָרמירט געוואָרן, וואָס יאַנקל האָט דורכגעמאַכט אין די 5 יאָר ביז 1937, ווען מען האָט אים דערשאָסן ווי אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער און שפּיאָן.

**דער דריטער קרבן**

מאָטל אייזענשטיין (ער האָט זיך גערופן לויט דער מוטערס מיידלשן נאָמען) איז געווען איינער פון די זיילן פון „בונד" אין מעזריטש, לאַנגע יאָרן געווען פאָרזיצער פון פראָפעסיאָנעלן בערשטער־פאַראיין, גוט באַקאַנט אין דער צענטראַלע פון דער פראָפ. באַוועגונג. אַלע יאָרן געווען אַ פאַבריק־אַרבעטער און בשום אופן נישט געוואָלט ווערן קיין באַצאָלטער פונקציאָנאַר. ער האָט געלעבט מיט זיין פאַמיליע (אַ פרוי און צוויי קינדער) אין גרויס דחקות. זיינע אַרויסטרעטן אויף פאַרזאַמלונגען, מיטינגען זענען תמיד געווען זאַכלעכע און ער האָט זיך דערוואָרבן פיל דערפאַרונג אין די אָפטע פאַרהאַנדלונגען מיט די אַרבעטסגעבער. מיט די קאָמוניסטישע טוער איז ער געווען אין פערמאַנענטע צוזאַמענשטויסן, טראָץ דעם האָבן זיי אים רעספּעקטירט פאַר זיין ערלעכקייט און אויפריכטיקייט.

אין 1916, אַ יאָר זינט מעזריטש איז געווען אָקופירט דורך דער דייטשעסטרייכישער אַרמיי, איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפידעמיע. בנימין פעלדמאַן, דער נאָענטסטער פריינד פון מאָטל, איז אַוועקגענומען געוואָרן אין פעלד־לאַזאַרעט אין איזאָלאַציע און עס איז שטרענג פאַרווערט געוואָרן צו באַזוכן די קראַנקע, אָבער מאָטל האָט ריזיקירט און האָט אים געבראַכט פרוכטן. דאָס האָט באַמערקט דער סאָלדאַט אויף דער וואַך. מאָטל איז אַנטלאָפן און אַוועקגעפאַלן אַ דערשעפטער. דער זעלנער האָט ביי זיך קיין הייס געווער נישט געהאַט, האָט ער אים צעשטאָכן מיטן באַגנעט. לאַנגע מאָנאַטן האָט מאָטל זיך געראַנגלט מיטן טויט און אים גובר געווען.

איידער ער איז צוריקגעקומען צו די כוחות איז ער מיט אַ גרופּע יונגע לייט געשיקט געוואָרן אויף צוואַנגס־אַרבעט קיין קורלאַנד. בלויז אַ קליינע טייל האָבן זיך פון דאָרט אומגעקערט לעבעדיק, אַ סך זענען אויסגעשטאָרבן פון די שווערע אַרבעטס־באַדינגונגען און שלעכטער דערנערונג.

מיטן פאַרענדיקן זיך פון דער וועלט־מלחמה האָט זיך מאָטל אומגעקערט אַ צעבראָכענער קיין מעזריטש און איידער ער איז געקומען צו די כוחות איז אויסגעבראָכן די פויליש־באָלשעוויסטישע מלחמה. די באָלשעוויקעס אין זייער מאַרש ביז דער ווייסל, זענען געווען אין מעזריטש 8 טעג. ווען זייער פראָנט האָט זיך איינגעבראָכן און זיי האָבן זיך אין איילעניש צוריקגעצויגן, איז מאָטל געווען צווישן די טויזנטער יונגע לייט, וואָס האָבן פאַרלאָזט די שטאָט צוזאַמען מיט זיי. די פוילישע אַרמיי, יאָגנדיק די באָלשעוויקעס, האָט אויך דערגרייכט די אַנטלויפנדיקע יונגע לייט. מאָטל איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אַזאַ גרופּע צווילדעוועטע סאָלדאַטן. עס איז שווער איבערצוגעבן די פּיין און די סאַדיסטישע טאָרטורן, וואָס ער האָט אַדורכגעמאַכט. אָבער מאָטל האָט איבערגעלעבט די אַלע געשעענישן. דער גורל האָט געוואָלט, אַז ער, דער לעצטער פון די דריי ברידער, זאָל אויך אומגעבראַכט ווערן דורך דער קאָמוניסטישער מאַכט.

אין יאָר 1939, ווען דאָס פאַשיסטישע דייטשלאַנד האָט נאָכן טרויעריק־באַרימטן ריבענטראָפּ־מאָלאָטאָוו־פּאַקט באַזעצט פּוילן, איז מאָטל מיט זיין יונגער טאָכטער, צוזאַמען מיט פיל אַנדערע, אַריבער אויף דער רוסישער זייט. קיינער פון אונדז האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז די רוסישע מאַכט וועט זיך באַציִען מיט אַזאַ ברוטאַליטעט צו די פּליטים.

מאָטל האָט אָנגעהויבן אַרבעטן ביי זיין פאַך, ער איז, דרך אַגב, געווען אַ גוטער פאַכמאַן. ער האָט אַלע יאָרן געשטרעבט צו לעבן אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. ער האָט געוואָלט ערלעך אַרבעטן און אויסלעבן די יאָרן. ער האָט מיט קיינעם נישט געשמועסט און נישט אויסגעדריקט קיין מיינונג.

מיט איין חודש שפּעטער איז דער שרייבער פון די שורות אויך אָנגעקומען קיין האָמעל און אויך אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער זעלבער פאַבריק. אין האָמעל האָבן מיר זיך אויפגעהאַלטן ביי אַ בשותפותדיקן פעטער, וואָס האָט אונדז אַריינגענומען צייטווייליק צו זיך. ווען איך בין געווען שוין אַ חודש אין האָמעל, האָט ער מיך גענומען אויף אַ שפּאַציר צו באַקענען די שטאָט, און באַזונדערס די פּלעצער וווּ מען קאָן עפּעס באַקומען צום עסן. ער האָט מיך געפירט אין באַזאַר און אין ברויט־געשעפט. עס איז געווען אין דעצעמבער און אויף די טרעפּלעך פון געשעפט זענען געלעגן עלטערע מענטשן, געוויקלט אין שמאַטעס, אָן שיך אויף די פיס, און געבעטן ביי יעדן איינעם, וואָס איז אַרויס פון געשעפט: „פעטערל, גיב אַ שטיקעלע״. מאָטל האָט פאַרשטאַנען, ווי דאָס האָט אויף מיר געווירקט.

נאָך עטלעכע חדשים, נאָך דעם ווי מען האָט זיך שוין צוגעוווינט און משלים געווען, האָט מען מאָטלען אַרעסטירט, די נ.ק.וו.ד., טריי איר שיטה, האָט אָנגעהויבן נישטערן און זוכן קרבנות, זיי האָבן אַרויסגערופן יעדן איינעם אויף אויספאָרשונג. ווי עס זעט אויס, האָט ווער פון די מעזריטשער, אפשר אַ קאָמוניסט, וואָס האָט געוואָלט זיך אַרויסהייבן, איבערגעגעבן אַז מאָטל איז געווען אַ בונדישער טוער. מען האָט אים אַרעסטירט און באַשולדיקט אַז ער איז געקומען קיין ראַטן־פאַרבאַנד כדי אומצוּוואַרפן די סאָוויעטישע מאַכט.

עטלעכע טעג פאַרן אַרעסט האָב איך מיט אים געשמועסט. סרולקע קאַווע, זיינער אַ פאַרטיי־חבר, איז שוין געווען פאַרהאַלטן. איך האָב אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זיין גורל וועט געוויס אויך זיין דער זעלבער. ער האָט נאָך אַ מעגלעכקייט צוריקצופאָרן קיין בריסק, ווי אַנדערע האָבן דאַן געטאָן. זיין ענטפער איז געווען קאַטעגאָריש נעגאַטיוו, ער האָט מיר דערקלערט, אַז ער האָט אויפגעהויבן די הענט און זיך איבערגעגעבן דעם גורל.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען אים אומגעבראַכט.

**ל. גאָלדפאַרב/ניו־יאָרק**

# זכרונות פון אַן עמיגראַנט *

די ריכטיקע עמיגראַציע פון מעזריטש קיין אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1885, מיט 25 יאָר צוריק. מעזריטשער ייִדן האָבן עמיגרירט פריִער, נאָר יענע זענען געווען איינצלנע מענטשן, וועלכע האָבן געמוזט צוליב פאַרשידענע סיבות אַנטלויפן. אַ סך פאַמיליעס האָבן דאַן אויך עמיגרירט קיין ארץ־ישראל. נאַטירלעך, פון פרומערן און עלטערן שיכט. אָבער די „גאָלדזוכערס" האָבן אָנגעהויבן עמיגרירן ערשט אין יאָר 1885. ווי איינער פון די גאָלד־זוכערס, און אויך כדי פטור צו ווערן פון מיליטער־דינסט (אַ סך 18־יעריקע בחורים פלעגן דאַן צוטראַכטן פאַרשידענע תחבולות ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען פון פאָניעס הענט), האָב איך גענומען דעם וואַנדערשטאָק מיטן פעקל צרות אויפן פלייצע, און דעם 6סטן יולי 1895, בין איך אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. וועגן די שוועריקייטן, וואָס דער עמיגראַנט האָט איצט אויסצושטיין אין ניו־יאָרקער פּאָרט, האָט מען דעמאָלט נישט געוווסט. אַן „עליס־אײַלאַנד" מיט אַ הויפּט־קאָמיסאַר וויליאַמס האָט נאָך דעמאָלט נישט עקזיסטירט. קעסל־גאַרדן וואָס געפינט זיך אין בעטערי־פּאַרק איז געווען דעם עמיגראַנטס לאַנדונגס־פּלאַץ. מ'האָט בלויז פאַרשריבן דעם נאָמען, די יאָרן און די באַשעפטיקונג — מער האָט מען מיך נישט געפרעגט. דורך איינעם אַ לאַנדסמאַן האָב איך זיך דערוווסט, אַז אין ניו־יאָרק געפינען זיך שוין אַ טוץ מעזריטשער. איך האָב זיי מקנא געווען, מיר האָט אויסגעזען, אַז זיי זענען אין אַמעריקע נאָך פון קאָלומבעסעס צייטן. נאַטירלעך זענען זיי געווען עלטערע מענטשן, כאָטש כ'האָב זיי קנאָפּ וואָס געקענט:

1) לייבעלע אייזנשטיין פון דער פירמע ראגין ענד אייזנשטיין; 2) וואָלפקע ראבינרסאָן (נישט קלאָר) — קאָסטיומען־פּעדלער; 3) פישל, פאַבריקאַנט פון פּרויען־קליידער; 4) דייוויד מארקס, ציגאַרן־פאַבריקאַנט; 5) מאָריס ראָזע, אייזן־געוועלב; 6) איסר שלייפשטיין, שענקער; 7) אברהם פעלערמאַן, שענקער; 8) צוקערמאַן, שענקער. די נעמען פון נאָך עטלעכע האָב איך פאַרגעסן.

מיר האָבן זיי גאַנץ זעלטן געזען. ערשטנס, זענען זיי געווען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער שטאָט, און צווייטנס, האָבן זיי זיך מיט אונדז גאַנץ ווייניק אינטערעסירט. אַ סך פון די אויבן דערמאָנטע זענען שוין לאַנג אויף יענער וועלט. די מייסטע פון זיי האָבן נאָך געהאַט די זכיה צו פאָרן אויף זעגל־שיפן... די רייזע האָט דעמאָלט געדויערט פון 10 וואָכן ביז 3 חדשים. פון קיין לאַנדסמאַנשאַפטן האָבן זיי נאָך נישט געוווסט.

---

* פון ייוואָ האָבן מיר באַקומען אויסגעבאַרגט דעם זעלטן־ווערטפולן מאַנוסקריפט, וואָס מיר דרוקן דאָ צום ערשטן מאָל. ליידער האבן מיר דעם כתב־יד באַקומען אַן דעם ערשטן קאַפּיטל, וואָס איז וואַרשיינלעך פאַרלוירן געגאַנגען. די זכרונות זענען געשריבן געוואָרן אין יאָר 1910. **די רעדאַקציע**

וועלכע סיבות האָבן אין יענע יאָרן געצוווּנגען מעזריטשער פרומע ייִדן אויסצוּוואַנדערן אין אַ ווייט טריפהן לאַנד, קען איך נאָך ביז היינט נישט באַגרייפן. אפילו אין קאַנאַדע זענען שוין דעמאָלט געווען אַ פּאָר מעזריטשער. צורעכענענדיק זיי צו דער צאָל מעזריטשער, וועלכע געפינען זיך אין דייטשלאַנד, ענגלאַנד, אַמעריקע, אַרגענטינע, ארץ־ישראל און נאָך פאַרשידענע לענדער, מוז מען צוגעבן אַז זיי האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ גרעסערע צאָל, ווי די צאָל פאַרבליבענע אין מעזריטש — אַ מערקווערדיקער פאַקט.

אין יאָר 1886 האָט יעדע שיף, קען מען זאָגן, מיטגעבראַכט מיט זיך צום ניו־יאָרקער פּאָרט, איינעם אָדער צוויי מעזריטשער. מיר, די ניי געקומענע, די „גרינע״, האָבן זיך תמיד געהאַלטן צוזאַמען, מערסטנטייל אויך צוזאַמען געוווינט. אין יאָר 1887 בין איך געווען סעקרעטאַר פון ביאַליסטאָקער לאַנדסמאַנ־שאַפטס־פאַראיין אויפן נאָמען פון גרויסן ייִדישן פילאַנטראָפּ, באַראָן הירש. איך האָב דעמאָלט צוזאַמענגענומען אַ צאָל פון 18 מעזריטשער נישט לאַנגגעקומענע גרינע, און זיי איינגעשריבן אין דעם ביאַליסטאָקער באַראָן־הירש־פאַראיין.

מיט דעם „באַראָן־הירש־פאַראיין״ הייבט זיך אָן די געשיכטע פון די איינגע־וואַנדערטע מעזריטשער אין אַמעריקע און אויך פון דער מעזריטשער פאַראייניקונג אין דער שטאָט ניו־יאָרק. מיר, די מעזריטשער 18 לאַנדסלייט, געפינענדיק זיך צווישן פרעמדע און אומבאַקאַנטע מענטשן, האָבן דאָ דערפילט די נויטווענדיקייט צו האָבן אַן אייגענע פאַראייניקונג, אָבער עס איז געווען נאָך צו פרי וועגן דעם צו טראַכטן.

אין צווישן איז די עמיגראַציע געשטיגן. די צאָל מעזריטשער האָט זיך פאַרגרעסערט. אַ טייל פון די מעזריטשער לאַנדסלייט האָבן שוין באַוויזן אַריבער־צונעמען די ווייבער און זיך איינגעאָרדנט מיט וווינונגען. מיר, די איינצלנע, די קוואַרטיראַנטן ביי יענעמען, האָבן אָנגעהויבן פרייער צו אָטעמען. ערשטנס איז טאָקע געווען אַ הויז ווו אַריינצוקומען, און צווישן אייגענע, והשנית פלעגט מען טאָקע קריגן אַ גלעזל טיי אומזיסט און אויסציִען זיך אויף דער קאַנאַפּע, ווי ביי דעם טאַטן אין ווייַנגאָרטן.

ביסלעכווייז האָבן מיר, די „קאַוואַלערן״, אין גאַנצן זיך אַריינגעצויגן צו די פאַמיליע־לאַנדסלייט. מיר זענען געוואָרן זייערע קוואַרטיראַנטן. לייבל פעלערמאַנס הויז איז געוואָרן דאָס צענטראַלע אָרט פאַר די מעזריטשער לאַנדסלייט, אָדער ווי די דעמאָלטדיקע לצים פלעגן דאָס רופן: דער מעזריטשער „הכנסת אורחים״. מען האָט נישט געדאַרפט באַצאָלן פאַר עסן און טרינקען און מען האָט דאָרט געקענט הערן אַלע נייעסן פון דער אַלטער היימשטאָט. שבת און זונטיק פלעגט זיין פול. מען איז געקומען אָפּנעמען גרוסן פון טאַטע־מאַמע און פון די איבער־געלאָזטע ווייבער און קינדער. יעדע וואָך האָט מען דאָרט געקענט טרעפן נייע „גרינע״. דער נאָמען פון לייבל פעלערמאַן איז געוואָרן אַזוי פּאָפּולער, אַז יעדער „גרינער״, וועלכער איז אָנגעקומען אין קעסל־גאַרדן, האָט אין איין האַנט געטראָגן זיין פּעקל צרות און אין דער צווייטער האַנט — דעם אַדרעס פון לייבל

פעלערמאַן. זיין טיר איז שטענדיק געשטאַנען אָפן. נישט איינער פון אונדזערע איצטיקע „אָלרייטניקעס" פלעגן אין דעם־א הויז קריגן אַ מאָלצייט און נאַכט־לעגער. אין דעם הויז זענען געלייגט געוואָרן די גרונטשטיינער פאַר דער מעזרי־טשער אחדות.

אין יאָר 1888, ווען די מערסטע פון די איינגעוואַנדערטע האָבן שוין געהאַט אַראָפּגעבראַכט זייערע פאַמיליעס, האָבן נאָך אַ סך פון די „גרינע" זיך גענויטיקט אין הילף, — דער קאַמף פאַרן קיום איז דעמאָלט געווען זייער שווער. אַ סך זענען געווען אָן באַשעפטיקונג. פון „באַראָן הירש פאַראיין" איז אויך נישט געווען קיין סך צו דערוואַרטן, דערביי האָבן די מעזריטשער אין דעם ביאַליסטאָקער פאַראיין, ווי מיר האָבן פריִער שוין דערמאָנט, זיך געפילט פרעמד, זיי האָבן זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט און דערווייטערט. עס איז נייטיק געווען אַן אייגענער מעזריטשער פאַראיין, ווו אונדזערע לאַנדסלייט זאָלן זיך פילן היימיש און גוט און ווו יעדער נויטבאַדערפטיקער זאָל אין אַ גלייכער מאָס ווערן אונטערגעשטיצט. איך און מאיר בלום האָבן עטלעכע מאָל אונטערגענומען אויפצוזאַמלען די מעזרי־טשער, אָבער אָן דערפאָלג. צום סוף, אַ דאַנק אברהמלע גאָלדמאַן, וועלכער האָט מיך באַזאָרגט מיט אַלע אַדרעסן פון די לאַנדסלייט, וואָס ער פלעגט זיי שטענדיק האָבן אויפן קאָפּ, האָב איך אַרויסגעשיקט מעלדונגען צו יעדן איינעם, און מוצאי שמחת־תורה ביינאַכט איז זיך צונויפגעקומען די ערשטע מעזריטשער פאַרזאַמלונג אין סאפאלק־סטריט, מיט דעם צוועק צו באַוועגן די מעזריטשער לאַנדסלייט צו שאַפן אַן אייגענעם פאַראיין. כדי צו האָבן אַ באַגריף פון דעם דערפאָלג פון אונדזער ערשטער פאַרזאַמלונג איז גענוג צו זאָגן, אַז אויף די צוויי און דרייסיק איינלאַדונגען, וואָס איך האָב אַרויסגעשיקט, זענען געקומען פיל מער. וואָרשיינ־לעך זענען דאָס געווען פרישע „גרינע", וואָס אברהמלע גאָלדמאַן האָט זיי נאָך נישט געהאַט אויפן קאָפּ. דערקלערנדיק זיי דעם צוועק פון אונדזער פאַרזאַמלונג, די גרויסע נוצן, וואָס אַ פאַראיין פון אייגענע מענטשן קען ברענגען, זענען זיי אַלע געוואָרן אַזוי באַגייסטערט, אַז זיי האָבן געהאַלטן אין איין אַפּלאָדירן, אַלע ווי איינער האָבן זיי אויסגעשריגן „נעשה ונשמע"! אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמ־לונג איז געוואָרן געשאַפן דער ערשטער מעזריטשער פאַראיין אין דער נייער היים אונטערן נאָמען מעזריטשער „יונגמענס אַסאָסיישן" מיט פאָלגנדיקע אויס־דערווײלטע מיטגלידער אין קאָמיטעט: איצל ספעקטאָר — פרעזידענט, מאיר בלום — וויצע־פרעזידענט, לואיס גאָלדפאַרב — סעקרעטאַר, לייבל פעלערמאַן, שמחה כהן — קאָנטראָל־קאָמיסיע, היימאַן שלום — קאַסירער.

5 יאָר האָט דער מעזריטשער פאַראיין עקזיסטירט. אין דעם־אָ פעריאָד האָט דער פאַראיין געמאַכט גלענצנדיקן פאָרשריט. אין אָנהייב איז די אחדות געווען זייער גרויס. דער פאַראיין האָט געהאָלפן יעדן איינעם מיט „ראַט און טאַט". שפּעטער מיט אַ יאָר האָבן אָבער עטלעכע מיטגלידער אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ שיל. זיי האָבן געהאַלטן, אַז אַ שיל איז אַ סך נייטיקער ווי אַ פאַראיין. סוכות אין זעלבן יאָר, ווען אַלע לאַנדסלייט זענען פאַרבעטן געוואָרן אויף אַ ברית־מילה

ביי לייבל פעלערמאַן, און ווען אַלע, נאָך אַ ביסל משקה, זענען געווען אויפגעלייגט און פריילעך, איז באַשטימט געוואָרן צו גרינדן אַ מעזריטשער שיל, ווו מעזריטשער לאַנדסלייט זאָלן יעדן שבת קומען דאַווענען. נאָך יום־טוב זענען די זעלבע שיל־גרינדערס זיך צונויפגעקומען אויף אַ געהיימער זיצונג, כדי אויסצובאַהאַלטן פון די יינגערע חברים זייער כוונה צו פאַרוואַנדלען דעם פאַראיין אין אַ שיל. דערוויסנדיק זיך פון דער געהיימער זיצונג, בין איך אַוועק אונטערהאַנדלען מיט די שיל־אָרגאַניזאַטאָרן. איך האָב זיי דערקלערט, אַז מיר, קינדער פון פרומע עלטערן, וועלן קיין מאָל נישט זיין קעגן שאַפן אַן אייגענע שיל און מען דאַרף זיך נישט אָפּרייסן און גיין באַזונדער. מיין אַפּעלאַציע האָט געווירקט. די אַלע, וואָס האָבן זיך דעמאָלט פאַרזאַמלט ביי לייבל פעלערמאַן אין הויז: איצל ספעקטאָר, יהושע ספעקטאָר, לייבל פעלערמאַן, בערל העכט, אברהמעלע גאָלדמאַן, שייע אייכנבוים, שמחה כהן, יאָסל אייזיקסאָן, היימאַן בלום און נאָך אַנדערע, וועלכע איך קען זיך נישט דערמאָנען, זענען איינגעגאַנגען אויף דעם און מיט צוויי וואָכן שפּעטער איז פאָרגעקומען די ערשטע וויכטיקע שיל־זיצונג ביי יאַנקל דוד פימסנבוים אין שאַפּ, וואָס ער האָט געהאַט שותפות מיט אברהמעלע גאָלדמאַן. פון פאַראיין זענען געווען פאַרטרעטן: מאיר בלום, עלענצווייג, ראָטשטיין און איך. ס׳איז געגעבן געוואָרן די אויסדריקלעכע פאַרזיכערונג, אַז די זעלבע שיל־מיטגלידער זאָלן אויך אָנטיילנעמען אין פאַראיין און ביידע זאָלן גיין האַנט ביי האַנט. די זיצונג איז געשלאָסן געוואָרן מיט גרויס צופרידנקייט, אָבער די אָנטיילנעמער אין דער זיצונג האָבן זיך דעמאָלט נישט פאָרגעשטעלט וואָסערע צרות און רייסענישן עס וועלן זיין צווישן די מעזריטשער, וויפל אומזיסטע שונאים עס וועלן זיך שאַפן. אַ סך פון די מעזריטשער לאַנדסלייט קענען ביז היינט זיך נישט פאַרגעבן יענע נאַרישקייטן: יעדער האָט געזוכט כבוד, יעדער האָט געוואָלט זיין גבאי. אַ סך פון די יונגע, מערסטנס אַרבעטער, זענען אומפריינדלעך באַהאַנדלט געוואָרן פון די מאַסקירטע שומרי־שבתניקעס — דאָס ביסל אחדות און ברידערלעכקייט איז שטאַרק געפאַלן.

ווי געזאָגט, האָט דער פאַראיין אין דער ערשטער צייט פון זיין עקזיסטענץ שיין זיך אַנטוויקלט. די צווייוואָכיקע פאַרזאַמלונגען פלעגן דערוואַרט ווערן מיט גרויס אומגעדולדיקייט. מ׳איז געקומען הערן אַלע נייעסן פון דער היים און מ׳האָט זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ איינער פאַרן צווייטן. די פאַרזאַמלונגען אין לאָקאַל זענען געווען אונדזערע פאַרוויילונגען, אונדזער טעאַטער, אונדזערע בעלער און אונדזערע „פיקניקס״. פון קיין בעסערן פאַרגעניגן האָבן מיר נאָך דעמאָלט נישט געוווסט. פאַרלאָזן דעם לאָקאַל נאָך דער פאַרזאַמלונג האָט געהייסן: צוויי וואָכן פון איינזאַמקייט און עלנט. דער מיטגליד־אָפּצאָל איז דורך די לאַנדסלייט פּינקטלעך אַריינגעטראָגן געוואָרן, ווי ס׳וואָלט געווען אַ רעגירונג־שטייער. מיר האָבן צווישן זיך גוט געלעבט און ס׳איז אַ סך אויפגעטאָן געוואָרן, אַזוי ווייט, אַז אויפן צווייטן יאָר זענען מיר שוין אין שטאַנד געווען צו שאַפן אַ פאָנד אויף צו העלפן אונדזערע לאַנדסלייט; יעדער וואָס האָט זיך געניייטיקט אין שטיצע האָט באַקומען

פון 5 ביז 15 דאָלאַר. אויסער דעם איז דעמאָלט געווען די מאָדע צונויפצונעמען פעקלעך פאַר די ניי־געקומענע. נישט איין מאָל איז מיר און איצל ספּעקטאָרן אויסגעקומען אַזוינע פעקלעך צו פאַרטיילן. אַ סך פון די איצטיקע גוט אַרויפגעאַרבעטע, האָבן גענאָסן פון דעם סאָרט שטיצע. די פריינדשאַפט און אייניקייט איז אַזוי גרויס געוואָרן, אַז אַ סך „גרינע" האָבן דורך דעם פאַראיין באַקומען באַשעפטיקונג און אַ סך פון זיי האָט מען באַזאָרגט מיט פעקלעך סחורה צום פעדלען. ווען ס׳וואָלט נאָך אָנגעהאַלטן כאָטש אַ העלפט פון דער דעמאָלטדיקער פריינדשאַפט, וואָלטן איצט נישט עקזיסטירט קיין 5 באַזונדערע מעזריטשער אָרגאַניזאַציעס אין ניו־יאָרק...

די ארבעט אין פאַראיין איז אָנגעגאַנגען מיט גרויס דערפאָלג. דער פאַראיין האָט זיינע נויטבאַדערפטיקע מיטגלידער געשטיצט אַפילו מיט מער ווי דער רעגולאַמין האָט דערלויבט. שפּעטער האָבן מיטגלידער, אומדערפאַרענע אין אָרגאַניזאַציע־ענינים, אָנגעהויבן מורא האָבן, אַז די אָנפירערס אין קאָמיטעט, זענען נישט געגוג שטאַרק און פעיק צו פירן דעם פאַראייז „פּאַרלאַמענטאַריש"... און אָנגעהויבן טענהן, אַז דער פאַראיין „וועט לאַנג נישט אָנהאַלטן". אַ סך קאָמישע פּאַסירונגען זענען פאָרגעקומען אויף די פאַרזאַמלונגען. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז אין אַ פאַראיין פון אייגענע באַקאַנטע לאַנדסלייט, ווו יעדער איז מיט דעם צווייטן אויף „דו", איז שווער פאַר אַ פּרעזידענט אָדער אַן אַנדער אויסדערוויילטן צו האַלטן אָרדענונג. די פאַרזאַמלונגען האָבן דעמאָלט אויסגעזען ווי אַן אסיפה אין אַ חסידים־שטיבל. אַלע זענען דאָך צוזאַמען דערצויגן געוואָרן, מען איז געוווינט צו רופן זיך ביי די שטובּיקע נעמען: משה, חיים, בערל, און אין מיטן — נאַ דיר גאָר אַ פאַראיין מיט אַ ברודער־פּרעזידענט, אַ ברודער־סעקרעטאַר, אַ ברודער־ווייס־פּרעזידענט! זיי האָבן געקענט דעם פּרעזידענט ווי איצל עלקע מאַליעס, דעם וויים־פּרעזידענט ווי מאיר־וועלוועלע מאַלטשעס, דעם קאַסירער ווי חיים שאָשקעלעס. לאַנג האָט געדויערט ביז מען האָט מענטשן צוגעוויינט צו אַן אַנדער באַציִונג. אַ סך האָבן מיר צו פאַרדאנקען דעם ברודער־פּרעזידענט איצל ספּעקטאָר. ערשטנס, האָבן אים אַלע רעספּעקטירט און צווייטנס איז ער געווען איבערגעגעבן דעם פאַראיין מיט לייב און לעבן. ער פלעגט די לאַנדסלייט איינגעמען מיט גוטע ווערטלעך און אַגיטירן צווישן זיי אין הויז, אין גאַס, ווו נאָר ער פלעגט זיי טרעפן, און דאָס האָט שטאַרק משפיע געווען אויף זיי. אַ ביסל האָבן זיי טאַקע רחמנות געהאַט אויף די אָנפירער פון פאַראיין, וועלכע פלעגן נאָך יעדער פאַרזאַמלונג הייזעריק ווערן ווי דער „שוואַרצער חזן" *) נאָך אַ יום־כיפּורדיקן מוסף און ביסלעכווייז, מיט דער צייט, האָט זיך עס געענדערט. די ווילדקייט איז ביסלעכווייז פאַרקלענערט געוואָרן, די אויסגעוויילטע אין קאָמיטעט האָבן אָנגעהויבן רעספּעקטירט צו ווערן און די פאַרזאַמלונגען האָבן אָנגעהויבן דורכגיין אָן שטערונגען. נישט לאַנג אָבער האָט די אחדות אָנגעהאַלטן

---

*) אין זיין צייט אַ באַוווסטער חזן אין דער גרויסער שיל אין מעזריטש.

און מיר, די אָנפירערס פון פאַראיין, האָבן יעדן טאָג דערוואַרט אַ גרויסן שטורעם. מיר, די פרייערע, האָבן זיך געפילט, אַז מיר זענען נישט קיין געווונטשענע געסט אין דער שיל־חברה. זיי ווידער, די שיל־אָנהענגערס, האָבן זיך אָנגעהויבן צו פילן פרעמד אין פאַראיין.

די גרויסע מחלוקת אין פאַראיין האָט זיך אָנגעהויבן מיט יאָסעלע איזאַקסאָנס אַרויסטריט אויף איינער פון די פאַרזאַמלונגען, הלמאי מיר זיצן אין לאָקאַל פון פאַראיין, ווו עס געפינט זיך אַן אָרון־קודש, מיט די בלויזע קעפּ. זיין פּראָטעסט איז גלייך אונטערשטיצט געוואָרן פון משה נודלמאַן און שמחה כהן, דערקלערנדיק, אַז זיי, ווי שיל־מיטגלידער, קענען נישט און טאָרן נישט באַלאַנגען צום פאַראיין. נאַטירלעך האָבן אַ סך פון אונדזערע מיטגלידער סימפּאַטיזירט מיט זיי, עס איז שווער פאַר אַ ריכטיקן ערלעכן ייִד זיך צו שיידן מיט דער איינגעוואָרצלטער ייִדישער טראַדיציע, איבערהויפּט פאַר אַן עלטערן מענטש, ווי יאָסל איזאַקסאָן, וואָס איז געווען אַ חזן פון זיין פריִעסטער יוגנט אָן. מיר האָבן אים שטענדיק רעספּעקטירט, ער איז באמת געווען אַ גוטער מענטש. דאָס איז דער זעלבער יאָסעלע איזאַקסאָן, וועמען מען האָט מיט רעכט געהאַלטן פאַרן פאָטער פון די פּאַראַסאָל־מאַכערס; ער איז געווען דער ערשטער און איינציקער פּאַראַסאָל־פאַרריכטער און פּאַראַסאָל־מאַכער אין ניו־יאָרק. אים צו פאַרדאַנקען געפינען זיך צווישן אונדזערע לאַנדסלייט צענדליקער פאַמיליעס, וואָס באַשעפטיקן זיך דער־מיט; אַ סך פון זיי האָבן אפילו זיך זייער שיין אַרויפגעאַרבעט.

ס׳האָבן זיך געשאַפן צוויי צדדים. איזאַקסאָן און כהן האָבן פאַרלאָזט די פאַרזאַמלונג. געבליבן אויפן „שלאַכטפעלד" איז נודלבערג; ער האָט געוואַרט אויפן רעזולטאַט: ד"ה מיט היטלען צי אָן היטלען...

אינטערעסאַנט, ווי די צייטן ענדערן זיך: איר קענט היינט טרעפן שמחה כהן און משה נודלמאַן יעדן שבת און יום־טוב אין זייערע אָפענע געוועלבן ביים פאַרקויפן סחורה — אַמעריטשקע גנבֿ!

די שיל־אָנהענגערס, וואָס זענען פאַרבליבן אין פאַראיין, האָבן נישט געוואַגט צו שטערן אין דער אַרבעט, אָבער דאָס אַרויסטרעטן פון די צוויי פרומע מיט־גלידער האָט זיי געבראַכט אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט. זיי האָבן זיך געפונען צווישן צוויי פייערן — פון איין זייט האָבן זיי געוואָלט ווייזן די צוויי פרומע מיטגלידער, אַז זיי סימפּאַטיזירן מיט זיי און זיי האָבן זיי באַטראַכט ווי מאַרטי־רערס, קידוש־השמניקעס, פון דער צווייטער זייט האָבן זיי זיך נישט געוואָלט איינרייסן מיט דעם פאַראיין. אין דער עפנטלעכקייט — האָבן זיי אונדז אַרויס־געוויזן פריינדשאַפט, אָבער אין זיך האָבן זיי אונדז באַטראַכט פאַר „גויִים" בעיקר איז זיי עלענצווייג געשטאַנען, ווי אַ ביין אין האַלדז, ווייל ביי עלענצווייגן האָבן זיי קיין האָניק נישט געלעקט. מיט איין וואָרט, ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ שטילע מלחמה און דאָס וואָלט אַ סך שאָדן געבראַכט דער מעזריטשער קאָלאָניע, ווען נישט איצל ספּעקטאָר, וואָס האָט תמיד געזוכט שלום; הגם ער איז געווען איינער פון די שיל־גרינדער און זיין אָרט האָט געדאַרפט זיין ביי דער שיל־חברה, דאָך

האָט ער סימפּאַטיזירט מיט דעם פאַראיין. ווי אַ מענטש מיט ישוב הדעת האָט ער פאַרשטאַנען די נויטווענדיקייט פון אַ פאַראיין פאַר די לאַנדסלייט. ער פלעגט די שיל־מענטשן אויפקלערן, אַז אין אַ סך הינזיכטן איז אַ פאַראיין ניצלעכער פון אַ שיל. זיין גרויסער איינפלוס אויף די לאַנדסלייט האָט אַ סך געווירקט. ליידער האָבן אים צום סוף די שיל־מענטשן צוריק געווינען אויף זייער זייט, און דער פאַראיין האָט דורך דעם זייער געליטן; צופעליק האָט די שיל־חברה קיין פאָרשריט נישט געמאַכט. ערשטנס, האָבן זיי נישט געקענט נאָכקומען די גרויסע הוצאות וואָס אויסהאַלטן אַ שיל פאָדערט; פון פאַראיין האָבן זיי קיין גרויסע הילף נישט באַקומען. לכתחילה האָבן זיי געהאָט פון אונדז נישט ווייניק נוצן, שפּעטער אָבער האָבן מיר דערפילט, אַז די מחותנימשאַפט צווישן אונדז איז נישט קיין פאַסיקע, האָבן מיר זיך ביסלעכווייז אָפּגעקילט און בלויז פון לאַנדסמאַנ־שאַפט־וועגן האָבן מיר געטאָן וויפל מיר האָבן געקענט. מיר פלעגן אונטערשטיצן די שיל פון צייט צו צייט.

אין צווישן איז די עמיגראַציע פון מעזריטש אַלץ גרעסער געוואָרן. די וועלכע האָבן געלאָזט אין דער אלטער היים זייערע פרויען און קינדער, האָבן זיי אַנגע־הויבן אַריבערנעמען. אַזעלכע געסט זענען יעדע וואָך געקומען, און ווי נאָר אַ פאַמיליע האָט זיך באַזעצט אין אַ צוויי־דריי צימער־וווינונג, איז מען לכבוד דעם זיך גלייך צוזאַמענגעקומען אויף אַן „אויפנאַמע" און זיך זייער שיין אַמוזירט. דורך די „אויפנאַמעס" איז די פריינדשאַפט אַלץ און מער פאַרשטאַרקט געוואָרן. דער פאַראיין האָט שוין דעמאָלט געהאַט זיין אויסגעאַרבעטן רעגולאַמין, און מיר פלעגן אַריינגעמען פאַר חברים נאָר די וועלכע זענען געווען אין לאַנד ווייניקסטנס 6 חדשים, נישט איבער פערציק יאָר אַלט און האָבן אַן ערלעכע באַשעפטיקונג. מיר פלעגן די נייע מיטגלידער, פאַרן אַנגענומען ווערן, שיקן צו אַ דאָקטער אויף אונטערזוכונג — דאָס אַלץ האָט געהאָלפן צו דער פאַרשטאַרקונג פון פאַראיין.

אין יאָר 1889 האָבן מיר שוין געציילט אַרום 200 לאַנדסלייט (אויסער די פאַמיליעס). אַ גרויסער אונטערשייד האָט זיך געמערקט צווישן די ניי־אַריבערגע־קומענע און די פריערדיקע. די ערשטע עמיגראַנטן זענען מערסטנס באַשטאַנען פון יונגעלייט, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון מיליטער־דינסט און דאָס ביסעלע שוין חתונה־געהאַטע זענען באַשטאַנען פון דער אָרעמער אַרבעטער־שיכט. אין דעם יאָר האָבן אָנגעהויבן קומען פון מעזריטש אָנגעזעענע בעלי־בתים, די אַזוי גערופענע בעסערע מענטשן, וועלכע האָבן אין דער אַלטער היים געשפּילט אַ גרויסע ראָליע. און געקומען זענען זיי, ווייל די לאַגע האָט זיך דאָרטן געענדערט. מעזריטש, מיט איר אַמאָליקער גרויסער חזיר־האָר אינדוסטריע, מיט אירע גרויסע סוחרים, ווי די בראָמבערגס, בלאַנקשטיינס און אַנדערע, וועלכע האָבן באַשעפטיקט טויזנטער מענטשן און אַרום זיי האָבן נאָך טויזנטער שיין געלעבט, איז דערגאַנגען צו אַן עקאָנאָמישן שטילשטאַנד. טייל פון די בראָמבערגס זענען אויסגעשטאָרבן, טייל

זענען דורך דער גרויסער קאָנקורענץ פאַראָרעמט געוואָרן. די בלאַנקשטיינס זענען אַוועק פון מעזריטש. דער אַמאָליקער גרויסער האַנדל איז איבערגעגאַנגען צו קליינע הענדלערס, וועלכע זענען געווען אומדערפאַרן און פרעמד אין דער האַנדלסוועלט. דאָס שטאָלצע מעזריטש, וואָס איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די גרעסטע האַנדלס־שטעט אין אייראָפּע, האָט באַקומען אַ שווערן קלאַפּ און דער אַמאָליקער שיינער באַלעבאָס איז געווען געצוווּנגען צו נעמען דעם וואַנדערשטאָק אין האַנט און עמיגרירן מעבר לים. יעדעס מאָל, ווען אַזאַ פאַמיליע פלעגט אַריבערקומען, פלעגט עס רייסן ביים האַרץ. טייל פון די פּראָסטע, אָרעמע, פלעגן האָבן אַ נקמה ווען אַ „קעסטאַיידעמל״ איז אַרומגעגאַנגען זוכן אַ באַשעפטיקונג און נישט געקראָגן — „איך מעג דאָ פאַרשוואַרצט ווערן, מיין פרוי פּאַסט צו וואַשן די פּאָדלאָגעס און צו האַלטן קוואַרטיראַנטן? נישקשה, זיי וועלן זיך צוגעוווינען״ — דער אַרט רעדן פלעגט זיך אָפּט הערן. די ניי־אָנגעקומענע באַלעבאַטישע יונגע לייט האָבן נעבעך געהאַט אויסצושטיין פון אָט די מעזריטשער פּילאָזאָפן. אַנשטאָט אויסצושטרעקן אַ פריינדלעכע האַנט צו אַן אייגענעם לאַנדסמאַן און אים צו פאַרלייכטערן די ליידן — האָט מען געזוכט צו נעמען נקמה. נאַטירלעך, די איידעלע מענטשן, פלעגן די געפאַלענע באַלעבאַטים העלפן מיט ראָט און מיט טאָט און זיי צו פאַרדאַנקען זענען אַ סך איינגעאָרדנט געוואָרן. דורך דעם עלעמענט איז אונדזער פאַראיין און אויך די שיל־אָנהענגער רייכער געוואָרן מיט מיטגלידער און אויך מיט מיטאַרבעטער.

די חברה שיל־אָנהענגער האָט זיך ביסלעכווייז אַרויפגעאַרבעט. מען האָט אין זעלבן יאָר שוין געשריבן אַן אייגענעם ספר־תורה. דער סיום הספר איז געפייערט געוואָרן מיט פּראַכט. אַלע לאַנדסלייט האָבן זיך באַטייליקט אין דער פייערונג. אויף אַ פאַרזאַמלונג פון פאַראיין, וואָס איז פאָרגעקומען פאַר דעם, האָט פיליפּ שיינקאַר פאָרגעשלאָגן, אַז יעדער מיטגליד פון פאַראיין זאָל זיין אויף דער פייערונג, כדי צו ווייזן, אַז מיר האַלטן זיך אַלע צוזאַמען. אַ סך געלט איז אין יענעם אָוונט געזאַמלט געוואָרן. די עלטערע און רעליגיעז געשטימטע לאַנדסלייט האָבן אין יענעם אָוונט זיך געפילט גליקלעך.

די שיל־פירערס, נאָכן אַריינפירן אַן אייגענעם ספר, האָבן געשטרעבט צו נאָך מער. זיי האָבן איינגעזען, אַז אַרומטראָגן זיך יעדן שבת מיטן ספר צום דאַווענען, צי ביי די שניידער, צי ביי לאַנדסלייט אין אַ פּראָנטצימער, אַ מאָל דאָ, אַ מאָל דאָרטן, איז נישט באַקוועם און אויך נישט בכבודיק. זיי האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וואָס צו טאָן. פאַראייניקן דעם פאַראיין מיט דער שיל־חברה אין איין קערפּערשאַפט — איז געווען אַן אוממעגלעכע זאַך. הגם אַ סך מיטגלידער פון פאַראיין האָבן נישט געהאַט דאַקעגן. מיטגלידער פון פאַראיין, ווי צב״ש הערמאַן, בערל־דוד נאָזשיצקי, עלענצווייג, און נאָך אַנדערע, האָבן געוואָרנט דעם פאַראיין פאַר אַזאַ שריט. זייער מיינונג איז געווען, אַז יעדן איינעם איז דערלויבט צו באַלאַנגען ווו ער וויל, אָבער נישט אַלע צוזאַמען. מיר האָבן שפּעטער געמוזט צוגעבן, אַז ס׳איז ווירקלעך אַזוי. אין ניו־יאָרק האָבן זיך דאַן געפונען עטלעכע

לאָשיצער לאַנדסלייט, וועלכע זענען געווען האַלבע מעזריטשער און זענען מיט אונדז געשטאַנען אין שטענדיקן קאָנטאַקט. זיי זענען געווען אַ קליינע גרופּע מיט אַ שילכל אין אַ פּראָנטאָווע צימערל און האָבן נעבעך נישט געקענט עס אַליין אויסהאַלטן. די מעזריטשער שיל־יידן, וואָס פלעגן זיך מיט זיי באַגעג־נענען, פלעגן אויסגיסן די הערצער איינער פאַרן צווייטן, ביז זיי האָבן זיך ענדלעך צוזאַמענגערעדט: אַזוי ווי מעזריטש און לאָשיץ זענען שכנותדיקע לענדער... און מיט דער זעלבער שפּראַך... וואָלט געווען אַ יושר, אַז דיביידע זאָלן זיך פאַר־אייניקן. נאָך מערערע אונטערהאַנדלונגען איז אויף אַ זיצונג אין עקיבא עלעסאנס הויז באַשלאָסן געוואָרן אָט וואָס: אַזוי ווי די לאָשיצער חברה האָבן זיך גערופן „עדות לישראל אנשי לושיץ", און אַזוי ווי מעזריטש איז אַ גרעסערע און מעכטיקע קהילה ווי לאָשיץ, על כן, זאָל די נייע בשותפותדיקע שיל באַוווסט זיין אונטערן נאָמען „חברה עדות לישראל אנשי מעזריטש".

עס האָבן זיך געפונען קעגנערס, וואָס דער נאָמען איז זיי נישט געפעלן. אין די שפּעטערע יאָרן האָט עס אפילו געהאַלטן מען זאָל דעם נאָמען פאַרלירן, און די ערשטע גרינדערס האָבן געמוזט קעמפן דעם נאָמען צו דערהאַלטן. דער נאָמען „עדות לישראל אנשי מעזריטש" וועט בלייבן אין זכרון לדורי דורות. וואָס שייך דער עצם־פאַראייניקונג פון די צוויי לאַנדסמאַנשאַפטן, האָבן ביידע נישט געמאַכט קיין שלעכט געשעפט; עס איז געווען גוט און פּראַקטיש פאַר ביידן. די מעזרי־טשער האָבן געהאַט טיכטיקע מענטשן, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן פאַר דער שיל מיט לייב און לעבן, ווי פעלערמאַן, כהן, נודלמאַן, העכט א"אַ. אויך מיט די לאָשיצער איז זיך נישט געווען צו פאַרשעמען: די מיטגלידער עלעסאַן, אייזנבערג, שטיינבערג און גאָלדמאַן זענען געווען שיל־ספּעציאַליסטן און די אַלע זענען תמיד געגאַנגען האַנט ביי האַנט. די פריינדשאַפט צווישן זיי איז געווען אפילו שטאַרקער ווי צווישן די אַלגעמיינע מעזריטשער לאַנדסלייט. ביזן היינטיקן טאָג זענען דאָס ביסל לאָשיצער מיט די מעזריטשער אַזוי צוזאַמענגעקניפּט, אַז מען האָט שוין לאַנג פאַרגעסן, אַז זיי קומען פון לאָשיץ... אַ דאַנק דער אחדות צווישן די צוויי שותפים, איז די נייע חברה אין שטאַנד געווען צו דינגען אַ פיין שילכל און אין זעלבן יאָר האָבן זיי אויך געמאַכט אַן אייגענעם ארון־קודש און געקויפט עטלעכע ספרים. מיט איין וואָרט, עס איז געווען אַ שיל מיט אַלע פּיטשעווקעס. יעדן יום־טוב איז די שיל באַזוכט געוואָרן פון אַלע מעזריטשער, אפילו די אַזוי גערופענע „פרייגעזאָנענע", און דורך דעם האָט די שיל געהאַט הכנסה. מען איז געקומען אין שיל, נישט ווייל מען האָט געוואָלט דאַווענען, נאָר מערסטנטייל צו ווייזן די נייע אָנצוגן און קליידער... עס פלעגט זיין פריילעך, דער עיקר ביי קריאת התורה. איינער אַ פריילעכער יונגער מאַן, שמחה כהנס אַ ברודער, וואָס איז היינט שוין אויפן עולם האמת, האָט דאַן געשפּילט די ראָלע פון אַ שמש און „מי שברך"־מאַכער. דער דאָזיקער אויסגעאיבטער און ראַפינירטער יונגערמאַן האָט געוווסט ווי צו ציִען געלט „בעבור שנדר", און אַזוי ווי יעדער האָט געוואָלט דעם צווייטן איבערשטייגן, איז נאַטירלעך געפאַלן אַ סך געלט. אָבער ווי לאַנג קען אָנהאַלטן

אַ צופרידנקייט, ווען איינער וויל דעם צווייטן איבערשטייגן און ווען יעדער זוכט כבוד? יעדער מענטש פאַרשטייט, אַז פאַר כבוד זוכן באַצאָלט מען טייער און מען פאַרשאַפט זיך אומזיסטע שונאים, דאָך רייסט זיך יעדער איינער צו כבוד, בפרט ווען עס האַנדלט זיך אין שיל־אָנגעלעגנהייטן. פאַרפאַלן, מען קען די ייִדישע וועלט נישט איבערמאַכן.

מיט אַן אייגענער שיל מיט עטלעכע ספרי־תורה און אַ גבאי ראשון, אַ גבאי שני און אַלע אַנדערע כלי קודש, האָבן זיך די מעזריטשער שיל־מענטשן געפילט אומאָפּהענגיק, ווי תושבים, נישט ווי קיין פרעמדע. יעדער האָט געקענט פריי אָטעמען און געהאַט די געלעגנהייט צו פירן ייִדישקייט מיט אַלע פּינטעלעך, אַקוראַט ווי אין דער היים אין פאַראיין האָבן זיי זיך געפילט ווי אין גלות. מען האָט געמוזט זיצן אַן היטלען, מען האָט זיך געמוזט צוזאַמענקומען מיט די געוועזענע ווילדע יונגען פון דער היים און אַ מאָל הערן אַ ווערטל פון „זאַבאָרס־קין", וואָס האָט זיך נישט געפּאַסט פאַר אַ כשרן ייִד, נאָר וואָס זאָל מען טאָן, אַז מען איז אונטערגעוואָרפן אונטער די אייגענע „גוייִם"? וואָס קענען נעבעך פרומע עלטערן טאָן ווען זייערע קינדער זענען נישט אַזוי פרום? מען מוז מאַכן אַ שווייג. אָבער איצט, אַז זיי האָבן שוין אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם יאָך פון דעם פאַראיין מיט אירע פאַרלאַמענטאַרישע פּירונגען און זיך פאַראייניקט מיט די לאָשיצער שכנים פון מעזריטש — אַלע פרומע, ערלעכע ייִדן און זייער געניט אין די שיל־ענינים — איז ווער האָט זיך געקענט צו זיי גלייכן... אַלע לאַנדסלייט, אַוודאי דריי פערטל פון די פאַראיין־מיטגלידער, זענען אויך געווען שיל־מיט־גלידער און גוטע שיל־באַזוכערס, און טראָץ דעם, וואָס די שיל האָט אין אונדז געהאַט גוטע קונדן אין די יום־טובים, דאָך האָבן מיר, די ייִנגערע, די פרייערע, קיין גרויסע ווערדע ביי זיי נישט געהאַט; מען האָט אונדז פאַרטראַגן אַלס לאַנדסלייט, אָבער לויטן מעזריטשער אָרטאָדאָקסישן פּרינציפּ, האָט מען אונדז באַטראַכט ווי שטיפקינדער. אַ סך פון די יונגע פאַראיין־מיטגלידער האָבן געפילט, אַז קומענדיק אין שיל אָדער אויף די פאַרזאַמלונגען פון די שיל־אָנגעהעריקע, ווערן זיי אומפאַריינדלעך אויפגענומען. פאַקטן, וואָס איך אַליין האָב בייגעוווינט, זאָגן עדות: שיל־אָנגעהעריקע, וואָס זענען אין זייער טעגלעכן לעבן געווען אַמעריקאַניש געשטימט און ס'איז געווען אַ פאַרגעניגן מיט זיי צו פאַרברענגען, זענען שבת און יום־טוב גאָר אַנדערש געוואָרן און ס'איז אוממעגלעך געווען מיט זיי צו רעדן, און ווער רעדט נאָך פון מאַכן אַ מאָל אַ שפּאַס, זאָגן אַ ליצנות־ווערטל. מען מוז צוגעבן, אַז אין יענע יאָרן זענען די ייִדישע גאַסן אין מזרח־טייל פון ניו־יאָרק געווען פאַנאַטיש פרום. אַקוראַט ווי אין אַ טייל ליטווישע ייִדישע שטעטלעך. אַלץ וואָס מיר זעען היינט אין מזרח־טייל, אפילו אין די גאָר פרומע ייִדישע הייזער — איז דעמאָלט געווען אַן אוממעגלעכע זאַך — מ'האָט אַלץ געקענט טאָן אין שבת אין מערב־טייל, אָבער אין ייִדישן קוואַרטאַל איז אַלץ געווען שטרענג פרום. קיינער האָט נישט געוואַגט צו פאַררויכערן אַ ציגאַרעט אין דער עפנטלעכקייט. ייִדישע קרעמער און אפילו די עטלעכע ייִדישע שענקער

האָבן נישט געוואַגט צו האַלטן אָפּן די געשעפטן אין שבת. פון קיין פּעדלערס און מאַסן־הענדלערס אין שבת האָט מען נאָך דאָן נישט געוווסט. אויפן מאַרק האָט שבת געהערשט אַ שטילקייט, ווי אויף שמילעוויזנע נאָכן טשאָלנט. אויך ביי אונדזערע מעזריטשער האָט געהערשט פרומקייט. איר האָט דעמאָלט געקענט זען פיל פון אונדזערע איצטיקע פרייגעשטימטע ביזנעסלייט טראָגן שבת זייערע טאַשן־טיכער אַרומגעבונדן אַרום האַלדז, אָדער אַרומגעבונדן אונטער דער קני. אַז מען האָט זיי געטראָפן גיין פון שיל, זענען זיי שטענדיק געווען אָנגעבלאָזן און ברוגז, מסתמא זענען זיי אין כעס געווען אויף די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס מען האָט זיי נישט פאַרזאָרגט מיט אַן „ערוב", אַז שבת זאָלן זיי קענען טראָגן. מיט די עלטערע פרומע פרויען איז נאָך ערגער געווען: זיי האָבן שוין פרייטיק ביי טאָג געקריגן זויערע פנימער, ווער שמועסט נאָך אום שבת. ס'איז פשוט געווען אַ געפאַר מיט זיי צו רעדן, ווי זיי וואָלטן געטרויערט, וואָס פרעהס טאָכטער איז געשטאָרבן מיידלווייז... איצט קענט איר זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ ווערדע די יונגע האָבן געהאַט אין די אויגן פון די „סנהדרין". מיר האָבן דאָס אַלץ געזען און געפילט. מיר אַלע זענען געווען רעליגיעז געשטימט. אָבער וואָס האָט דער אומשולדיקער אַרבעטער געקענט טאָן, ווען די אומשטענדן פון לאַנד האָבן אים געצווונגען שבת צו אַרבעטן; וואָס האָט נעבעך דער קליינהענדלער, אָדער דער דעמאָלטדיקער פּעדלער געקענט זיך העלפן, אַז שבת איז געווען זיין איינציקער טאָג אויפצוזאַמלען זיינע פאַר שווער פאַרהאָרעוועטע טאָלער, און וואָס האָט געקענט טאָן די יונגע פרוי, וואָס די נאַטור־געזעצן האָבן איר געצווונגען שיין אויסצוזעט און נישט טראָגן קיין „שייטלעך" מיט „טשיפּקעס", נאָר טאָקע אַ פריזור מיט אירע אייגענע נאַטירלעכע האָר? די סאָרטן מענטשן זענען באַטראַכט געוואָרן און אויך באַהאַנדלט געוואָרן פון די אַזוי גערופענע „סנהדרין", ווי פושעים. זיי פלעגן אונדז רופן מיט די נעמען „חוטאים", „לינקע", „ראַזירטע קאָלומבעסעס". מעגלעך, אַז אַ סך וואָס זענען דעמאָלט געווען היפּאָקריטישע מאַסקע־טרעגער, וועלן זיך איצט שעמען און רויט ווערן פאַר בושה, צוליב זייער דעמאָלטדיקער פאַנאַטישער און נאַרישער פירונג. זיי וועלן מוזן צוגעבן, אַז זיי אַליין האָבן פאַרטריבן די גרעסטע טייל פון די געטרייע, איבערגעגעבענע יונגע לאַנדסלייט פון שיל. צוליב דעם האָט דער פאַראיין זיך דעמאָלט דערקלערט אומאָפּהענגיק. מיט דער הסכמה פון ביידע צדדים, האָבן דער פאַראיין און די שיל זיך פונאַנדערגעשיידט און זינט דעמאָלט האָט דער פאַראיין מער קיין אָנטייל אין די שיל־ענינים נישט גענומען.

ניו־יאָרק איז אַלץ מער און מער רייכער געוואָרן מיט מעזריטשער עמיגראַנטן. עס איז שוין נישט געווען אַזוי אינטערעסאַנט צו לויפן זען אַ גרינעם לאַנדס־מאַן — עס איז געוואָרן אַן אַלטעגלעכע דערשיינונג. געקומען זענען איצטער מענטשן פון פאַרשידענע שיכטן, מערסטנס מענטשן פון דער אָרעמער שיכט. שרעקלעכע סצענעס האָט מען דעמאָלט געזען: גאַנצע פאַמיליעס, טייל איינצלנע

פערזאָנען, באָרוועס און נאַקעט, אָן די מינדסטע מיטלען פאַר דער צוקונפט. טייל האָבן געהאַט פאַכן און זייער קאַמף פאַר עקזיסטענץ איז נישט געווען אַזוי שווער, אָבער די מערסטע האָבן נישט געהאַט קיין פאַך און נישט קיין געלט. די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט, ווי אָרעם זיי זענען אַליין געווען, האָבן געטאָן אַלץ וואָס נאָר מעגלעך כדי זיי צו העלפן. מען פלעגט זיי פונאַנדערטיילן צווישן די לאַנדסלייט, געבוי ווי סאָלדאַטן אויף קוואַרטיר. מיר פלעגן אַליין באַשטימען: איינער האָט גענומען צוויי „גרינע" אויף צוויי וואָכן, איינער אויף דריי וואָכן. ווער עס האָט נישט געהאַט קיין פלאַץ גענוג, האָט געמוזט געבן געלט. ביי לייבל פעלערמאַן, איצל ספעקטאָר און משה נודלמאַן, וועלכע האָבן געוווינט אין איין הויז, איז געווען אַ שטענדיקער „קעסל־גאַרדן". מען איז געשלאָפן אויף די פאָד־לאָגעס, אויף די טישן, אויף די בענקלעך. איר האָט געקענט טרעפן דריי מענטשן עסן פון איין טעלער, 4 מענטשן שלאָפן אויף איין מאַטראַץ... יעדער האָט געהאָלפן מיט עפּעס. יעדער איינער האָט בייגעשטייערט לויט זיינע מעגלעכקייטן; מיט איין וואָרט: מ'האָט די גרינע באַזאָרגט אויפן שענסטן און בעסטן אַרט. צום מייסטן איז די לאַסט געפאַלן אויף יאַנקל דוד פּימסנבוים — אָט דער אויסערגעוויינלעך געטרייער מעזריטשער האָט ערלעך פאַרדינט דעם נאָמען „דער פאָטער פון די מעזריטשער אָרעמע און נויטליידנדיקע". צענדליקער און צענדליקער אָרעמע מעזריטשער פאַמיליעס זענען דורך אים געראַטעוועט געוואָרן פון הונגער און חרפּה.

איר וועט הייַנט, אין יאָר 1910, נישט געפינען קיין איין לאַנדסמאַן אין ניו־יאָרק און אין דער אומגעגנט, וואָס זאָל נישט קענען יאַנקל דודן. גלייך ווי ער איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע, אומגעפער מיט 23 יאָר צוריק, האָט ער זיך גענומען די אויפגאַבע צו זיין אַ נדבות־קלייבער. דאָס ערשטע יאָר איז נאַטירלעך נישט געווען קיין סך צו קלייבן, אָבער אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז זיין אַרבעט פאַרגרעסערט געוואָרן, אַזוי, אַז ער האָט געמוזט אַרבעטן „איבערשעהען". דער סטאַבילער נדבות־קלייבער איז ער געוואָרן אין יאָר 1891 ווען אין מעזריטש איז אויסגעבראָכן די שוואַרצע מגיפה, די כאָליערע, ווי איך וועל עס נאָך שפּעטער אויספירלעכער דערמאָנען. ביז שפּעט אין דער נאַכט איז ער אַרומגעלאָפן זאַמלען געלט, און דער אָרעמסטער האָט געמוזט געבן וויינינקסטנס 1 דאָלאַר. פון דאַן אָן איז ער געוואָרן דער אָפיציעלער נדבות קלייבער. האָט ווער געוווּסט פון אַ פאַמיליע, וואָס האָט נישט צו באַצאָלן דירה־געלט, אָדער ווען עמעצער איז קראַנק געוואָרן, האָט מען בלויז געדאַרפט מודיע זיין יאַנקל דודן, און אַלץ איז גיך און שטיל באַזאָרגט געוואָרן. קיינער האָט נישט געדאַרפט וויסן פאַר וועמען די נדבות ווערן געקליבן. זיין „מאַטאָ" איז ביז היינטיקן טאָג פאַרבליבן: גיטס געלט און פרעגט נישט קיין שאלות! מערקווערדיק, ווי ער איז אַריינגעקומען אין אַ הויז, האָט מען גלייך געוווּסט, וואָס זיין וויזיט באַטייט. און קיינער האָט נישט געוואַגט זיך אָפּצוזאָגן. דערביי האָט ער פאַרמאָגט אַ סך הומאָר. זיינע וויצן האָבן אים פּאָפּולער געמאַכט צווישן די לאַנדסלייט. די אַמאָליקע געוועזענע „גרינע" וועלן

זיכער באַדויערן צו הערן, אַז ער איז שוין היינט נישטביים פולן געזונט און מער נישט אַזוי אַקטיוו. אויך די הערן ספּעקטאָרס און יאָסל איזאַקסאָן זענען ווערט זיי זאָלן באַזונדער דערמאָנט ווערן: אויך זיי האָבן פיל בייגעשטייערט צו העלפן דעם „גרינעם״ לאַנדסמאַן. די ספּעקטאָרס האָבן צענדליקער לאַנדסלייט באַזאָרגט מיט אַרבעט ווי מאַלערס און איזאַקסאָן האָט אַ סך, אַ סך מעזריטשער געמאַכט פאַר פּאַראַסאָלן־מאַכערס. זאָל אייך נישט ווונדערן, וואָס מיר האָבן איצט אַזוי פיל מאַלערס און פּאַראַסאָל־מאַכערס צווישן די מעזריטשער.

צווישן די מעזריטשער אין דער גרויסער עמיגראַציע האָבן זיך אויך געפונען אַ שיין ביסל „הפקר״־מענטשן, איבערהויפּט האָט מען פון דעם סאָרט געטראָפן צווישן די יונגע נאָך נישט חתונה־געהאַטע. ווען מיט בלויז אַ פּאָר חדשים פריער זענען די זעלבע געווען דאַנקבאַרע לאַנדסלייט, האָבן זיי זיך איצטער געענדערט, באַקומען חוצפה. אַזוי גיך ווי זיי האָבן אָנגעהויבן עפּעס פאַרדינען און איבער־געביטן דאָס כאַלאַטל אויף אַ קורצן ראָק און דאָס היטל אויף אַ קאַפּעליוש, זענען זיי גלייך געוואָרן גאַנצע „קנאַקערס״ און אָפּגעחוזקט פון די יעניקע, וועלכע האָבן זיי געגעבן די מעגלעכקייט איבערצובייטן דאָס כאַלאַטל מיטן היטל... דער יידישער קוואַרטאַל אין מזרח־טייל פון ניו יאָרק איז דעמאָלט געווען פאַרפּלייצט מיט יידישע אַנאַרכיסטן, מיט יאהן מאסט און עממא גאָלדמאַן אין דער שפּיץ פון איין זייט, און וואַרשאַוויאַק מיט זיינע מיסיאָנערישע שילן פון דער צווייטער זייט. צו דעם האָט מען נישט געדאַרפט זיין קיין גרויסער אינטעליגענט. צו קריגן אַן איינלאַדונג צו די אויבן דערמאָנטע אינסטיטוציעס, האָט מען נישט געדאַרפט זיין קיין מענטש מיט בילדונג. די מעזריטשער יוגנט, געפינענדיק זיך אונטער דער אויפזיכט פון אהרן שמש מיט איצקע דעם פרומען, האָבן באַלד אויסגענוצט די גוטע געלעגנהייט. ווער ס׳האָט נאָר מוט געהאַט צו עסן אַ פלעצל אומגעוואַשן, רויכערן אַ ציגאַרעטל אין שבת און שעלטן גאָט אין טאַטן אַריין, איז שוין געווען אַ פולקאָמער אַנאַרכיסט. די מעזריטשער יוגנטלעכע, וועלכע זענען בלויז מיט אַ קורצער צייט צוריק געווען דעם טאַטנס קינדער — רעליגיעז געשטימט, האָבן אָנגעהויבן האַסן זייערע אייגענע עלטערן, אַנשטאָט צו פאַרדינען און העלפן די איבערגעלאָזענע טאַטע־מאַמע, וועלכע האָבן זיך שווער געראַנגלט אין דעם אָרעמען מעזריטש און מיט אויסגעווויינטע אויגן פון בענקשאַפט געוואַרט אויף אַ בריוו. די קינדער האָבן אַפילו צו מאָל אַהיים נישט געשריבן. נישט איין מאָל פלעגט לייבל פעלערמאַן קריגן קלאָגבריוו פון די דאָזיקע עלטערן, מען זאָל רחמנות האָבן און שרייבן וואָס די קינדער מאַכן, צי לעבן זיי, צי זענען זיי געשטאָרבן... עס איז באמת געווען טראַגי־קאָמיש די דאָזיקע אויפפירונג פון די נייע „אַפּאָסטאָלס״ — יונגע לייט, וועלכע האָבן אַבסאָלוט קיין בילדונג נישט געהאַט, אַ סך האָבן נישט געקענט קיין צלם פאַר קיין אלף און נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין גאָרנישט פון אַנאַרכיזם, און דאָך, ווען מען פלעגט זיך מיט זיי צונויפגעטראָפן. האָט מען נאָר געהערט: „אַבסאָלוטיזמוס״. „סאָציאַל־רעוואָלוצ־יאָן״, „נידער מיט דעם קאַפּיטאַליזמוס״, „נידער מיט די פאַרשמוצטע יידן״, און

נאָך אַזעלכע נעמען, וואָס מיר האָבן אַפילו אויף דער „פישטשאַנקע״ *) קיין מאָל נישט געהערט. דאָס זענען נאַטירלעך געווען די בחורים. פאַר די יונגע מיידלעך און אַ האַלב טוץ יונגע לייכטזיניקע ווייבלעך איז נאָך אַ סך לייכטער געווען צו ווערן אַנאַרכיסטקעס: מ׳האָט בלויז געדאַרפט אַריינגיין צו אַ פריזירער און אָפּ־שניידן די האָר קורץ... און אַז גאָט האָט געהאָלפן און מען איז געווען קורצזיכטיק, איז עס געווען אַקוראַט צום פונקט, ווייל די אַנאַרכיסטישע מאָדע איז געווען צו טראָגן ברילן. און טאָמער זענען געווען מיידלעך, וואָס האָבן נישט געקענט לייענען קיין יידישע אַנאַרכיסטישע ביכער, פלעגט איר זיי טרעפן מיט אַ „מחזור״ אונטערן אָרעם און מען האָט געפרעדיקט „פרייע ליבע״. וואָס הייסט עפּעס הייראַטן, פאַרקויפן זיך? דאָס פאַסט גאָרנישט פאַרן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט! די דאָזיקע תורה איז צו אונדזער גרעסטן באַדויערן אויך איינגעפלאַנצט געוואָרן צווישן דער מעזריטשער יוגנט.

אין צווישן האָבן אונדזערע מעזריטשער זיך צעזייט איבער ניו־יאָרק. אַ סך האָבן זיך באַזעצט אין אַנדערע שטעט. אַלע זענען שוין געווען באַשעפטיקט. אַ סך פון די „גרינע״ האָבן געאַרבעט ביי מעזריטשער לאַנדסלייט. איינער אַ לאַנדסמאַן, אַ פאַבריקאַנט פון היטלען, בשה בעקער זאַבאָרסקי האָט באַשעפטיקט אַ סך פון די נייגעקומענע. ס׳איז שוין געווען אַן אַנדער שטימונג. די בענקשאַפט צו דער אַלטער היים האָט אָנגעהויבן שוואַכער ווערן. די מעזריטשער, וואָס האָבן אין דער ערשטער צייט געוווינט צוזאַמען, האָבן אָנגעהויבן זיך אַריבערציִען אין אַן אַנדער געגנט, אַוועק אין בעסערע גאַסן, אין שענערע דירות, אָדער גאָר צוליב ביזנעס. דורך דעם האָבן זיך אויך אַרויסגעצויגן די קוואַרטיראַנטן. נומער 2, אָרטשאַרד־סטריט, האָט געוווינט לייבל פעלערמאַן. אין זעלבן הויז האָבן אויך געוווינט איצל ספּעקטאָר און משה גודלמאַן. ביי די דריי פאַמיליעס האָבן זיך געפונען אַ שיין ביסל מעזריטשער קוואַרטיראַנטן. אַוודאי 25 לאַנדסלייט אונטער איין דאַך — אַ קליינע מעזריטשער קאָלאָניע. זאָל אייך דעריבער נישט ווונדערן וואָס נומער 2, אָרטשאַרד־סטריט איז דעמאָלט געווען אַזוי באַרימט, אַז מען מוז עס היסטאָריש דערמאָנען. פעלערמאַן, ספּעקטאָר און גודלמאַן האָבן זיך פון דאָרט אַריבערגעצויגן אויף נומ׳ 70 פּיטס־סטריט און פון דאַן אָן האָט נומ׳ 70 פּיטס־סטריט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון נומ׳ 2, אָרטשאַרד־סטריט. אינטערעסאַנט, אויך יעקב אהרן מייסטערס הויז — אַ קעלערשטוב פון צוויי צימערן, ווו זיין גרויס געזינדל האָט אַליין נישט געהאַט גענוג פּלאַץ — אויך דאָס הויז איז געוואָרן אַ צענטראַל אָרט. אַזוי ווי ביי לייבל פעלערמאַן, אַזוי זענען אויך די „גרינע״ זייער פריינדלעך אויפגענומען געוואָרן פון יעקב־אהרנען. אויך דאָ האָט מען יעדן שבת און זונטיק געקענט הערן פאַרשידענע נייעס פון דער אַלטער היים. דאָס גערע־דעריי און געפּילדער פון די פאַרזאַמלטע לאַנדסלייט האָט זיך געלאָזט הערן אין

*) די קריסטלעכע געגנט אין מעזריטש.

דער צווייטער גאַס. אין שפּעטערע צייטן איז אויך יעקב־אהרן מייסטערס הויז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ הכנסת אורחים און אויך גמילת חסדים. ווען איינער האָט זיך אין עפּעס געניטיקט, האָט ער בלויז געדאַרפט זיך צו מעלדן צו יעקב אהרנען, און אַלץ איז אויפן איידלסטן און שענסטן אופן באַזאָרגט געוואָרן. אַ גוטע נאַטור האָבן אונדזערע מעזריטשער: אין פּאַראייניס־אַנגעלעגנהייטן אָדער אין שיל־באַציִונגען, זענען זיי נישט געאייניקט, אָבער אין פּריוואַטן לעבן — איבערהויפּט ווען עס האַנדלט זיך דעם צווייטן אַרויסצוהעלפן, אַ טובה צו טאָן, ווערן אַלע פּיינטשאַפטן פאַרגעסן. עס דערוועקן זיך די געפילן פון פאַראייניקטע לאַנדסלייט, ווען אַפילו דאָס קאָסט אַ סך מי און געלט. אויב צוויי לאַנדסלייט האָבן צווישן זיך אַ מיספאַרשטענדעניש געהאַט, אָדער וועלכן עס איז סיכסוך, איז אַנשטאָט צו גיין אין געריכט איז מען אַוועק צו יעקב אהרנען, און דאָרט פלעגט שוין אַלץ אויס־געגליכן ווערן אויפן בעסטן אופן. יאָרן לאַנג איז נומ׳ 70, פּיטס־סטריט, געווען די היים פון „גרינע״ און אויך פון האַלב אויסגעגרינטע, ביז דאָס אַלטע הויז מיט די צוויי צימערלעך איז פאַרמשפּט געוואָרן צו מאַכן אָרט פאַר אַ ניי און מאָדערן הויז, און מיט דעם האָט זיך געענדיקט דאָס צווייטע און אויך דאָס לעצטע הויפּט־קוואַרטיר־אָרט.

אין אָקטאָבער 1890 האָבן די מעזריטשער בייגעוווינט די ערשטע חתונה פון אַ מעזריטשער לאַנדסמאַן, מאיר בלום. אַלע האָבן דאָס באַטראַכט ווי די ערשטע מעזריטשער שמחה אין דער נייער היים. מיט 3 חדשים שפּעטער, דעם 1טן יאַנואַר 1891, האָבן די לאַנדסלייט זוכה געווען בייצוווינען די גרויסאַרטיקע מעזריטשער חתונה פון אַ מעזריטשער חתן מיט אַ מעזריטשער כלה — דאָס איז געווען ביי דעם שרייבער פון די שורות מיט דער מיסעס גאָלדפאַרב. נאַטירלעך זענען אַלע לאַנדסלייט אָן אויסנאַם פאַרבעטן געוואָרן צו דער חתונה. אברהמלע גאָלדמאַן האָט צום ערשטן מאָל געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַווייזן מיט זיין קענטעניש ווי אַן אויסערגעוויינלעכער טענצער. אַ סך טייערע פּרעזענטן זענען געגעבן געוואָרן דורך די מעזריטשער לאַנדסלייט. באַזונדער האָט זיך אויסגעצייכנט דער פאַראיין מיט זיין טייערער מתנה, וואָס איז ביי מיר נאָך אָפּגעהיט עד היום ווי אַן אָנדענק.

מיט איין יאָר שפּעטער, דאָס הייסט אין יאָר 1892, זענען שוין אונדזערע לאַנדסלייט געווען תושבים אין ניו־יאָרק. מיר האָבן שוין געציילט קיין עין־הרע 200 מאַן מיט ווייניקסטנס 25 באַזעצטע פאַמיליעס — די עלנטקייט און די איינ־זאַמקייט פון פריִערדיקע צייטן האָבן מיר שוין נישט געפילט. יעדער איז געווען צופרידן מיט זיין גורל. אָבער אַן אומדערוואַרטע ידיעה פון מעזריטש האָט אונדז אַלעמען געבראַכט אין דער גרעסטער פאַרצווייפלונג. שרעק און טרויער האָט געהערשט אין יעדן הויז: אין מעזריטש, ווי אין גאַנץ פּוילן, האָט זיך צעבושעוועט די שוואַרצע פּעסט, די כאָלערע; יעדער דערהאַלטענער בריוו האָט אונדז מיט־געטיילט, אַז דער און יענער איז פון דער קראַנקייט געשטאָרבן, אַז די מענטשן

ראַנגלען זיך מיט צוויי פייערן. פון איין זייט די „שוואַרצע פעסט" און פון דער צווייטער זייט — די גרויסע אָרעמקייט. די נייעס האָט געמאַכט אויף אונדז אַ שרעקלעכן איינדרוק, איבערהויפּט אויף די יעניקע, וואָס האָבן איבערגעלאָזט זייערע טייערע און ליבע. מיט גרויס אומגעדולד פלעגן מיר דערוואַרטן דעם פּאָסט־טרעגער, כדי זיך צו דערוויסן צי טאַטע־מאַמע לעבט נאָך. איינער צום צווייטן איז געלאָפן פרעגן וואָס הערט זיך. יעדער האָט זיך באַמיט צו שיקן געלט צו זיינע נאָענטע אין מעזריטש, אָבער דאָס איז געווען, ווי אַ טראָפּן אין ים; דאָס איז געווען בלויז אַ קליינע הילף פון די אַמעריקאַנער קרובים, אָבער די טויזנטער אומגליקלעכע, וועלכע האָבן קיין קרובים אין אַמעריקע נישט געהאַט, פאַר זיי האָבן מיר געמוזט צוזאַמען זאָרגן. כדי אייך צו געבן אַ באַגריף, ווי געטריי און איבערגעגעבן אונדזערע לאַנדסלייט זענען, ווען עס האַנדלט זיך אין אַן „עת־צרה", וועל איך דאָ דערציילן אָט וואָס: אויף אַ באַראַטונגס־זיצונג פון די פאַר־איין־פאָרשטייער און די שיל־פּירערס, איז באַשלאָסן געוואָרן דורכצופירן אַ טעאַ־טער־פאָרשטעלונג און די הכנסה אָפּצושיקן קיין מעזריטש אויף צו פאַרטיילן צווישן די נויטבאַדערפטיקע. די דאָזיקע פאָרשטעלונג האָט געבראַכט ריינע הכנסה 400 דאָלאַר — 800 רובל. דאָס, צוזאמען מיט דעם געלט, וואָס מען האָט אין יענעם ווינטער פריוואַט אַריבערגעשיקט, איז אַריבערגעשטיגן די סומע פון 2000 רובל. די פיל דאַנקבריוו וואָס מיר האָבן באַקומען פון מעזריטשער רב און פון די מעז־ריטשער באַלעבאַטים האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף אַלע אונדזערע לאַנדס־לייט. די דאָזיקע בריוו האָבן זיי קלאָר געמאַכט די גרויסע באַדייטונג פון אַ לאַנדסמאַנשאַפטלעכע פאַראייניקונג. דורך דעם איז דער פאַראיין און אויך די שיל רייכער געוואָרן מיט מיטגלידער.

אין יוני 1893 האָט דער שרייבער פון די שורות באַשלאָסן צו זוכן זיין גליק אין אַן אַנדער שטאָט. ווען די נייעס איז באַקאַנט געוואָרן צווישן די פאַראיינס־מיטגלידער, האָבן אַ סך געפּרווט מיך אָפּהאַלטן פון דעם שריט, אָבער ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז איך בין שוין פאַרטיק צו דער רייזע און קיין זאַך קען מיך מער נישט צוריקהאַלטן, האָבן זיי צווישן זיך באַשלאָסן, אָן מיין וויסן, מיך צו איבערראַשן מיט אַ שיינעם פּרעזענט און אויך מיט אַן אָפּשיידס־באַנקעט ווי אַן אויסדרוק פון אָנערקענונג פאַר מיינע טעטיקייטן פאַרן פאַראיין.

דעם 28סטן יוני אין אָוונט, ערב מיין פאַרלאָזן ניו־יאָרק, בין איך דורך דעם קאָמיטעט געבראַכט געוואָרן צום באַנקעט. אַלע מיטגלידער זענען געווען פאַר־זאַמלט. אַ סך רעדעס זענען געהאַלטן געוואָרן און אַ סך, אַ סך טרערן זענען פאַרגאָסן געוואָרן. שווער, זייער שווער איז געווען זיך צו שיידן מיט אַזוי פיל גוטע, אמתע פריינד, אָבער נאָך שווערער איז געווען זיך צו שיידן מיט אַן אינס־טיטוציע, וואָס 6 פון מיינע בעסטע יאָרן האָב איך פאַר איר אָפּגעגעבן.

מיט די הבטחות פון אַ סך געטרייע מיטגלידער, אַז זיי וועלן בלייבן געטריי די פּרינציפּן און ווייטער ממשיך זיין די אַרבעט אין פאַראיין, האָב איך זיך פון זיי געשיידט.

חיים מרדכי זאַלצשטיין

# צו דער געשיכטע פון פּאַראייניקטן מעזריטשער רעליף

די אַרבעט צו העלפן ייִדן פון מעזריטש האָט זיך אָנגעהויבן באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן דורך עטלעכע רייכע ייִדן פון מעזריטש מיט זייערע אייגענע געלטמיטלען. שפּעטער איז די „יונג־מענס סאָסייעטי" צוגעטראָטן צו דער הילפסאַרבעט און געשאַפן דעם רעליף־קאָמיטעט אויף צו שיקן הילף צו די נויטליידנדיקע ייִדן פון מעזריטש.

די ערשטע מעזריטשער בני־עיר, וועלכע זענען געקומען אויף באַזוך קיין מעזריטש פון אַמעריקע, זענען געווען: משה גדליה סאַיעטע, עליע גרינבלאַט פון דעטרויט, שלמה בלושטיין, יעקב גאָלדשטיין און מאַקס פעלדמאַן. די ערשטע אַרבעט פון קאָנקרעטער און קאָנסטרוקטיווער הילף איז געווען דאָס שאַפן דעם בית־יתומים אויפן וואַרשעווער שאָסיי — אַ מאָדערנער בית־יתומים מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן פאַר די עטלעכע און פופציק יתומים־קינדער. די לערער דאָרט האָבן געזאָרגט סיי פאַר דער פיזישער עקזיסטענץ פון די יתומים, סיי פאַר זייער גייסטיקער אַנטוויקלונג. די געקומענע לאַנדסלייט האָבן אויך מאָדערניזירט דעם מושב־זקנים און געזאָרגט פאַר דעם, אַז די אַלטע לייט זאָלן האָבן אַ באַקוועמע היים.

נאָכן צוריקקומען פון די בני־עיר אונדזערע און זייער באַריכט וועגן דעם טרויעריקן מצב פון דער ייִדישער אָרעמער באַפעלקערונג אין מעזריטש האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע הילפסאַרבעט מיט דער באַטייליקונג פון דער „יונג־מענס סאָסייעטי" און די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ לייַ־קאַסע אין מעזריטש. פאַר דעם צוועק איז געקומען פון מעזריטש פרוי ראָזענצווייג — מאָטל פרידמאַנס טאָכטער, וועלכע האָט באַוויזן צו שאַפן אַ גרעסערע סומע געלט אין ניו־יאָרק, און די קאַסע איז געגרינדעט געוואָרן מיט דעם גרונט־קאַפּיטאַל פון 10,000 דאָלאַר. די קאַסע איז געווען אַ גרויסע הילף פאַר די קליינהענדלער, האַנטווערקער און אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין אַ גמילת־חסד.

דער מעזריטשער אַלטער שפּיטאָל, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ פאַרנאַכלעסיקטן צושטאַנד, איז אַ דאַנק דער מסירת־נפשדיקער אַרבעט פון ה' משה גדליה סאַיעטע און זיין טרייער לעבנס־באַגלייטערין יעטע, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאָדערנעם שפּיטאָל מיט די נייסטע מעדיצינישע איינריכטונגען און מיט אַ מאָדערנעם אָפּעראַציע־זאַל. דער מעזריטשער ייִדישער שפּיטאָל איז געווען דער איינציקער אין דער גאַנצער געגנט, וואָס איז נישט געווען הינטערשטעליק לגבי די גרויססטאָטישע שפּיטאָלן אין פּוילן, און באַקומען די אָנערקענונג פון דער פּוילישער רעגירונג. דאָס איינאָרדענען דעם שפּיטאָל האָט געקאָסט עטלעכע צענדליק טויזנט דאָלאַר.

אין 1925 איז געקומען קיין מעזריטש אונדזער חשובער בן־עיר עליע גרינבלאַט מיט אַ פּראָיעקט אַריבערצונעמען די מעזריטשער יתומים אויף אַ פאַרם אין קאַנאַדע. ס׳איז נישט געווען קיין לייכטע אַרבעט דורכצופירן די פאָרמאַליטעטן אויף אַריבערברענגען די 54 מעזריטשער יתומים מיט זייערע לערער קיין קאַנאַדע. מיט דער הילף פון אַ דעטרויטער מעצענאַס ה׳ פוקס, מעזריטשער אין דעטרויט מיט עליע גרינבלאַט בראש, און די מעזריטשער לאַנדסלייט פון ניו־יאָרק, זענען די 54 יתומים מיט זייערע לערער איינגעאָרדנט געוואָרן אויף אַ פאַרם, וואָס האָט זיך גערופן „קאַנאַדישע יידישע פאַרם־שולע״. די פאַרם האָט זיך געפונען אין דזשאָרדזשטאַון, נישט ווייט פון טאָראָנטאָ. די יתומים און זייערע לערער, פסח פּאָדאָליאַק און יוסף דאַנילאַק, זענען אויפן וועג אָפּגעטראָטן אין ניו־יאָרק, ווו זיי זענען אויפגענומען געוואָרן פון אַ באַגייסטערטן מעזריטשער עולם אין „קאַרנעגי־האָל״ ביי אַ קאָנצערט, וואָס די יתומים, אונטער דער אָנפירונג פון זייער מוזיק לערער ה׳ פּאָדאָליאַק, האָבן געגעבן.

צוליב פאַרשידענע סיבות אויף וועלכע איך קען זיך איצט נישט אָפּשטעלן, איז אַריינגעטראָטן אַ שטילשטאַנד אין דער רעליף־אַרבעט. אין 1936 האָב איך באַקומען אַ בריוו פון מאָטל גאָלדבערג, סעקרעטאַר פון דער יידישער גימנאַזיע אין מעזריטש, אַז די לאַגע אין מעזריטש איז ערגער ווי שלעכט. די אַרבעטסלאָזיקייט איז גרויס, די פּוילישע רעגירונג עקסטערמינירט די יידישע באַפעלקערונג מיט גרויסע שטייערן און אַנדערע שיקאַנעס און באַגרענעצונגען. די 18 אינסטיטוציעס, וועלכע די קהילה פון מעזריטש האַלט אויס דורך יער־לעכע סובסידיעס, וועלן זיין געצוווּנגען צו שליסן די טירן פאַר די נויטליידנ־דיקע מעזריטשער יידן, אויב עס וועט נישט קומען קיין באַלדיקע פינאַנסיעלע הילף פון אַמעריקע. אַן ענלעכן בריוו האָט אויך באַקומען מאַקס פעלדמאַן פון ה׳ פייערמאַן. איך האָב גלייך אַלאַרמירט די עקזעקוטיווע פון דער „יונג־מענס סאָסייעטי״ און אויף אַ ספּעציעלער זיצונג איז באַשלאָסן געוואָרן צו רופן אַ קאָנפערענץ פון אַלע דאַן עקזיסטירנדיקע מעזריטשער אָרגאַניזאַציעס.

די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין ווינטער פון 1936 און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ געמיינזאַמע הילפס־אָרגאַניזאַציע פאַר די נויטן פון די מעזריטשער יידן אונטערן נאָמען: „פאַראייניקטער מעזריטשער רעליף״. יעדע אָרגאַניזאַציע זאָל דעלעגירן 10 פון אירע אַקטיווע מיטגלידער צו דעם רעליף־קאָמיטעט און מען זאָל תיכף צוטרעטן צו שאַפן די נויטיקע געלטמיטלען. אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט האָבן מיר איבערגעשיקט די ערשטע הילף. אונדזער אינסטרוקציע איז געווען: יעדע מעזריטשער אָרגאַניזאַציע, וואָס נויטיקט זיך אין הילף, זאָל באַשטימען צוויי פאָרטרעטער אין אַ געמיינזאַמען קאָמיטעט, וואָס זאָל באַשליסן, ווי אַזוי די הילף זאָל פאַרטיילט ווערן. אַזאַ קאָמיטעט איז געשאַפן געוואָרן, מיט ה׳ פייערמאַן פאָרזיצער און ה׳ גאָלד־בערג — סעקרעטאַר.

פאָלגנדיקע אינסטיטוציעס זענען געשטיצט געוואָרן דורך דעם „פּאַראיי־ניקטן מעזריטשער רעליף״: 1) „בית־לחם״ האָט באַקומען די גרעסטע הילף, 2) דער מעזריטשער שפּיטאָל, 3) געזעלשאַפט „פריינד פון מעזריטשער שפּיטאָל״, 4) די תלמוד־תורה, 5) ייִדישע פאָלקסשול, 6) העברעיִשע פאָלקסשול „תרבות״, 7) שטאָטישע ביבליאָטעק, 8) גראָסער־ביבליאָטעק, 9) ברענער־ביבליאָטעק, 10) האַנטווערקער־פאַראיין, 11) ציוניסטישער האַנטווערקער־פאַראיין 12) מושב־זקנים, 13) בית־יתומים, 14) ישיבה, 15) גמילת־חסד, 16) לינת־הצדק, 17) פאָלקסשול פון דער פאָלקס־פּאַרטיי, און 18) טורן־פאַראיין. ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז די אַרבעט, אָנ־געפירט פון „פּאַראייניקטן מעזריטשער רעליף־קאָמיטעט״, געגאַנגען אויף אַ נאָרמאַלן אופן.

דער רעליף־קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציעס: 1) „אינדעפּענדעט יונג מענס סאָסייעטי״, 2) מעזריטשער שול, 3) „ליידיס אייד סאָסייעטי״, 4) „יונג ליידיס סאָסייעטי״, און 5) „בראָנקסער ליידיס סאָ־סייעטי״.

נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז דער „פּאַראייניקטער מעזריטשער רעליף״ געשטעלט געוואָרן פאַר אַ שווערן פּראָבלעם. דער קאָנ־טאַקט מיט מעזריטש איז נאָך נישט געווען איבערגעריסן און ס׳זענען אָנגע־קומען בריוו וועגן דער שרעקלעכער לאַגע ביי די ייִדן אין מעזריטש. פאַר אונדז איז געשטאַנען די פראַגע שיקן אָדער נישט שיקן הילף. די, וועלכע זענען געווען קעגן שיקן הילף, האָבן מאָטיווירט זייער קעגנערשאַפט מיטן מאָטיוו, אַז די־דייטשן וועלן די הילף צונעמען פאַר זיך, און פון דעם געלט וועלן די ייִדן נישט געהאָלפן ווערן. אָבער די, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז מיר טאָרן נישט דורכלאָזן די מינדסטע מעגלעכקייטן צו שיקן הילף, כל־זמן אַזאַ מעגלעכקייט איז פאַראַן, זענען געווען אין דער מערהייט. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מער־הייט איז געווען גערעכט: מיר האָבן באַקומען בריוו פון מעזריטש, אַז אַלע געלטער, וואָס מיר האָבן איבערגעשיקט קיין מעזריטש, זענען דערהאַלטן געוואָרן און צעטיילט געוואָרן לויט אונדזערע אינסטרוקציעס.

ווען דער קאָנטאַקט מיט מעזריטש איז איבערגעריסן געוואָרן, און עס זענען אָנגעקומען די ידיעות פון די געטאָס, קאָנצענטראַציע־און פאַרניכטונגס־לאַגערן, האָט מען אונדז געראָטן, אַז מיר זאָלן צייטווייליק אויפגעבן די אַרבעט. וואָס פאַר אַ זין האָט עס איצט צו זאַמלען געלט, אויב ס׳וועט, חלילה, נישט זיין וועמען צו העלפן? אונדזער ענטפער איז געווען: מיר האָפן, אַז ס׳וועלן איבער־בלייבן ייִדן, און מיר דאַרפן זיין גרייט זיי צו העלפן ווען דער טאָג פון באַ־פרייונג וועט קומען.

אין נאָוועמבער 1945 האָבן מיר דערהאַלטן דעם ערשטן בריוו פון מעזריטש פון אונדזער בן־עיר, אַדוואָקאַט מושינסקי. ער שרייבט: די נאַצישע מערדער

האָבן פאַרברענט און חרוב געמאַכט דעם גרעסטן טייל פון דער שטאָט און אויסגעמאָרדעט כמעט די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג — 18000 נפשות. בלויז 70 ייִדן האָבן זיך געראַטעוועט. זיי, די מיט ניסים געראַטעוועטע, זענען קראַנק, צעבראָכן און נידערגעשלאָגן. הילף איז דרינגענדיק נויטיק. דער „פּאַראייניקטער מעזריטשער רעליף־קאָמיטעט" האָט באַלד אָפּגעשיקט 70 שפּייזפּעקלעך און אויך 70 פּעקלעך מיט קליידער און שיך קיין מעזריטש. פון ישראל האָט מען אונדז געלאָזט וויסן, אַז דער שנעלסטער וועג צו דערגרייכן די שארית־הפליטה פון די מעזריטשער ייִדן איז דורך ישראל. מיר האָבן תיכף געשיקט 1000 דאָלאַר קיין ישראל און אינסטרויִרט צו שיקן שפּייז און קליידער קיין מעזריטש, און דאָס איז פּינקטלעך אויסגעפירט געוואָרן.

אין 1946 האָבן אָנגעהויבן אָנקומען מעזריטשער ייִדן פון סאָוויעט־רוסלאַנד. זיי האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן פון די דייטשישע מערדער און זיי האָבן דורכגעמאַכט אין רוסלאַנד שרעקלעכע ליידן און יסורים; זיי זענען כמעט אַלע געקומען אויסגעהונגערטע, נאַקעטע און באָרוועסע, קראַנקע און צעבראָכענע פון די ליידן אין די טורמעס און פאַרשיקונג־ערטער. מיר האָבן געשיקט די ערשטע נויטיקע הילף. זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ מעזריטשער קאָמיטעט, וואָס איז געשטאַנען מיט אונדז אין כסדרדיקער פאַרבינדונג.

אין אָנהייב 1947 האָבן מיר דערהאַלטן אַ בריוו פון מעזריטשער קאָמיטעט, אַז די מיט ניסים געראַטעוועטע ייִדן אין מעזריטש זענען נישט זיכער מיט זייער לעבן. איין מעזריטשער ייִד האָבן די פּאָליאַקן דערהרגעט און זיין קערפּער אַרויסגעוואָרפן פון אַ לויפנדיקן צוג אויפן וועג צווישן לוקאָוו און מעזריטש. מעזריטשער ייִדן מוזן נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט אויך דערפאַר, ווייל זיי קענען ווייטער נישט לעבן אויף דער ערד, וואָס איז דורכגעווייקט מיט דעם בלוט פון זייערע עלטערן און משפחות. מיר האָבן זיי געשיקט אַ גרעסערע סומע געלט און ביסלעכווייז זענען כמעט אַלע מעזריטשער אַוועקגעפאָרן פון מעזריטש.

אָבער איידער די ייִדן האָבן פאַרלאָזט מעזריטש, האָבן זיי נאָך דערפילט אַ גרויסן און טרויעריקן חוב צו די אומגעבראַכטע ייִדן אין מעזריטש. די וועגן אַרום דער שטאָט זענען געווען פאַרזייט מיט קערפּערס פון מעזריטשער ייִדן, וועלכע זענען אומגעקומען על קידוש־השם. די אַלע קערפּערס פון די אומגעבראַכטע מעזריטשער ייִדן זענען געבראַכט געוואָרן צו קבר־ישראל אין אַ ברידער־קבר. דער צעשטערטער פּאַרקן אַרום בית־עולם איז צוריק אויפגעבויט געוואָרן, און עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ דענקמאָל אויף דעם מאַסן־קבר. ס'איז אויך אויפגעבויט געוואָרן אַ שטיבל פאַרן וועכטער, וועלכער גיט אַכטונג, אַז דער בית־עולם זאָל געהאַלטן ווערן אין אָרדענונג און אָפּגעהיטן ווערן. ס'איז כדאַי צו פאַרצייכענען, אַז איינער פון אונדזערע חשובע בני־עיר, אַברהם פינקעלשטיין מיט זיין פרוי, האָבן פאַר דעם צוועק בייגעשטייערט 3000 דאָלאַר.

די ייִדן פון מעזריטש האָבן דאַן זיך געלאָזט, דורך פאַרשידענע וועגן, קיין שלעזיע, מערב־פוילן, קיין דייטשלאַנד, עסטרייך, איטאַליע, פראַנקרייך, שוועדן און שווייצאַריע. זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט אין קאָמיטעטן, וואָס זענען געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אונדז. מיר האָבן דאַן אָרגאַניזירט פאַר זיי הילף, וואָס איז באַשטאַנען פון שפייז־פּעקלעך, קליידער און רפואות. מיר האָבן אַלאַרמירט אונדזערע לאַנדסלייט פון דעטרויט, קליוולאַנד, שיקאַגאָ און טאָראָנטאָ. מיר האָבן אויך געשטעלט זיך אין פאַרבינדונג מיטן מעזריטשער פאַראיין אין בוענאָס־איירעס.

אַ צאָל לאַנדסלייט האָבן זיך דערשלאָגן צו די ברעגן פון אַמעריקע, און דאָ האָבן מיר, מיט וואָס נאָר ס'איז געווען מעגלעך, מיט ברייטהאַרציקער גע־טריישאַפט און ברידערלעכער איבערגעגעבנקייט, געהאָלפן זיי.

די גרעסטע פון די טיפע וואונדן פון חורבן זיינען דערמיט נישט פארהיילט,...

די גרעראַטעוועטע פון חורבן האָבן נישט געוואָלט בלייבן אין די לענדער, ווו זיי האָבן זיך געפונען. ווו יעדער שפאַן ערד איז געווען דורכגעווייקט מיטן בלוט פון די קדושים. זייער רוף צו אונדז איז געווען: העלפט אונדז פאַרלאָזן דעם יאָמערטאָל פון חורבן און אומקום. אויך מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז די אַרבעט ביז איצט וועט נישט האָבן דערגרייכט דעם ציל, אויב עס וועט נישט אונטערגענומען ווערן צו העלפן די קרבנות אויף אַ מער קאָנסטרוקטיוון אופן. אין אַן אַרטיקל אין דער בראָשור פון „פאַראייניקטן מעזריטשער רעליף־קאָמיטעט" — „מעזריטשער שטימע" האָב איך געשריבן: מיר מוזן קלאָר מאַכן פאַר זיך און פאַר אַלע אונדזערעביישטייערער און פריינד אַז די געראַטעוועטע היטלער־קרבנות ווילן מער נישט זיין די קעסטקינדער פון „פאַראייניקטן מעזריטשער רעליף". נישט כדי צו באַקומען אַ שפייזפּעקל אָדער אַ קליידער־פּעקל האָבן זיי געקעמפט אין אונטערגרונט, אין די פּאַרטיזאַנען־מחנות. עס איז אַ חרפה פאַר אונדז אַליין און אַ טיפע באַליידיקונג פאַר די העלדן פון די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אַז מיר האָבן נאָך ביז היינט נישט געשאַפן אַ קאָנקרעטן הילפספּלאַן, וועלכער זאָל ראַטעווען פון פיזישן און גייסטיקן אונ־טערגאַנג די שארית הפליטה פון מעזריטש.

מעזריטש דאַרף צוריק אויפגעבויט ווערן. נישט דאָס מעזריטש, וואָס מיר האָבן געקענט, דאָס מעזריטש, וואָס איז אויסגעליידיקט פון ייִדן. נישט דאָס מעזריטש, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַסן־קבר פאַר אונדזערע ליבסטע און טייערסטע, נאָר אַ מעזריטש — איבערגעפלאַנצט אין מדינת ישראל. די רעשטלעך פון אויסגעקוילעטן מעזריטש, צוזאַמען מיט די מעזריטשער איבער דער גאַנצער וועלט, קענען — אויב זיי זאָלן נאָר וועלן, און אויב זיי זאָלן האָבן די וויזיע און פאַרשטענדניש — אויפשטעלן אַן אייביקן מאָנומענט נאָך די קדושי־האומה און קדושי־מעזריטש, דורך דעם וועלן מיר אויף אייביק פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די 18000 מעזריטשער קדושים און גלייכצייטיק העלפן בויען מדינת־ישראל.

מיר האָבן דאַן גענומען אויך זאָרגן פאַר העלפן די יעניקע, וועלכע האָבן זיך געריסן מיט די לעצטע כוחות צו פאַרלאָזן זייערע צייטווייליקע „היימען" און אַוועק דורך פאַרשידענע וועגן קיין מדינת ישראל. מיר האָבן זיי באַזאָרגט מיט רייזע־הוצאות, און אָנקומענדיק קיין ישראל, זענען זיי אויפגענומען גע־וואָרן פון אונדזערע מעזריטשער לאַנדסלייט און פון די ישראל־אינסטיטוציעס.

ישראל, וואָס האָט דאַן געדאַרפט קעמפן מיט 5 אַראַבישע אַרמייען, וועלכע זענען באַפאַלן די נײַ־געגרינדעטע מדינה, האָט זיך געראַנגלט מיט שווערע פּראָבלעמען, צווישן זיי — די וווינונגס־פּראַגע. די געראַטעוועטע פון די געטאָס און לאַגערן האָבן געווױנט אין שרעקלעכע באַדינגונגען. די וווינונגס־פּראַגע איז אָבער נישט געווען די איינציק־שווערע. נישט געווען קיין אַרבעט, און די יעניקע, וועלכע האָבן שוין ווי עס איז באַקומען אַ שטיקל דירה, האָבן זיך גע־נויטיקט אין אַ בעט, אַ טיש, אַ בענקל, שטוב־כלים.

אין יענער צייט האָבן מיר געשטיצט די לײַ־קאַסע אין ישראל. יעדער נײַער עולה האָט באַקומען די מעגלעכקייט צו קריגן אַ הלוואה. כדי צו לינדערן כאָטש טיילווייז, די אַרבעטסלאָזיקייט, האָבן מיר געהאָלפן שאַפן אין ישראל דעם בערשטער־קאָאָפּעראַטיוו „זיפים". אין דער ערשטער צייט האָבן 26 בערשטער דאָרט באַקומען אַרבעט. מיר האָבן מיט דער הילף פון די בערשטער־פֿאַברי־קאַנטן אין ניו־יאָרק געזאַמלט דעם רוישטאָף און די כלים צו דער אַרבעט: שפּעטער האָט דער קאָאָפּעראַטיוו געגעבן באַשעפטיקונג אַ גרעסערע צאָל בערשטער־אַרבעטער פון מעזריטש. מיר האָבן אויך געזאָרגט פאַר דעם, אַז די פאַרטיקע סחורה זאָל פאַרקויפט ווערן אין ניו־יאָרק.

אָבער, ווי געזאָגט, איז דאָס שווערסטע פּראָבלעם געווען די וווינונג־פּראַגע. מיט דעם פאַרגרעסערטן שטראָם פון עולים איז די לאַגע געוואָרן אַלץ ערגער. דער גרעסטער טייל פון די נײַע עולים האָבן זיך געפונען אין ביידלעך, אין מעברות. אין רעליף־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק זענען אַנטשטאַנען מיינונגס־פאַרשידנקייטן אין דער פּראַגע. אַ צאָל פּראָמינענטע לאַנדסלייט זענען געווען קעגן פאָרשלאָג, אַז מיר זאָלן פינאַנסירן דאָס בויען דירות פאַר די נויטבאַ־דערפטיקע. זיי האָבן געטענהט, אַז דאָס איז די אויפגאַבע פון דער ישראל־רעגי־רונג, און חוץ דעם, וועלן מיר סיי ווי נישט קענען אַלעמען באַזאָרגן מיט דירות. דער ערשטער פּראָיעקט, צו בויען אַ צאָל וווינונגען אויף קאָמערציעלע יסודות איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן נאָך דעם, ווי דער קאָמיטעט, וואָס איז פאַר דעם צוועק געשאַפן געוואָרן, האָט זיך פון דעם פּראָיעקט צוריקגעצויגן. אויך דער צווייטער פּראָיעקט, צו בויען 32 וווינונגען, האָט אַרויסגערופן קעגנערשאַפט. ענדלעך איז אָנגענומען געוואָרן דער דריטער פּראָיעקט צו בויען 24 וווינונגען.

די 24 וווינונגען, וואָס מיר האָבן אויפגעבויט אין ישראל דורך דער „ראַס־קאָ"־געזעלשאַפט, טראָגט דעם נאָמען „שיכון עולי מעזריטש" און געפינט זיך אין רמת־חן. 24 מעזריטשער משפחות האָבן דאָרט געפונען זייער היים און געשאַפן אַ מעזריטשער ווינקל אין מדינת ישראל. די אַלע אַרבעטן האָבן מיר

דורכגעפירט אין פולער קאָאָפּעראַציע מיט אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל.
ביזן היינטיקן טאָג העלפן מיר אַ געוויסע צאָל משפחות אין ישראל, מערס־טנס קראַנקע, צעבראָכענע מענטשן, אַלטע לייט, אַלמנות און יתומים.



איך וויל זיך אומקערן צו דעם יאָר 1948, וואָס האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין פּאַראייניקן אונדזערע לאַנדסלייט פון אַמעריקע און קאַנאַדע פאַר דער אַרבעט צו העלפן דעם שארית הפליטה פון מעזריטש. אונדזער לאַנדסמאַן מאָריס לעווינסאָן איז סוף יאָר 1947 געקומען קיין ניו־יאָרק און אַדרעסירנדיק אַ מיטינג פון די „יונג מענס סאָסייעטי" האָט ער פאָרגעשלאָגן צו רופן אַ קאָנפערענץ פון מעזריטשער לאַנדסלייט פון די פאַרשידענע שטעט. דער רעליף־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צו רופן אַזאַ קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעטרויט, דעם 25סטן יאַנואַר 1948. אין דער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט פאָרטרעטער פון פאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציעס פון מעזריטשער לאַנדסלייט שיקאַגאָ, טאָראָנטאָ, מאָנטרעאַל, קליוולאַנד, דעטרויט און ניו־יאָרק. די קאָנ־פערענץ האָט אויסגעהערט באַריכטן פון די אַרבעטן, וואָס זענען ביז דאַן געטאָן געוואָרן אויף צו העלפן די מעזריטשער אין די פאַרשידענע לאַגערן און אין מעזריטש, ווו ס'האָבן זיך נאָך דאַן געפונען אַ קליינע צאָל מעזריטשער, און איבערהויפּט אין ישראל. די קאָנפערענץ איז געווען באַהערשט פון אַחריות־געפיל צו טאָן אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך, פאַר די געראַטעוועטע פון חורבן.

די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסן צו פאָרמירן איין צענטראַלע קערפּערשאַפט, מיטן זיצאָרט אין ניו־יאָרק, כדי צו קאָאָרדינירן די אַרבעט פון די פאַרשידענע שטעט און אָרגאַניזאַציעס. סוף יאָר 1948 איז פאָרגעקומען אַ צווייטע קאָנפע־רענץ אין קליוולאַנד, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט 6 שטעט מיט 25 דעלעגאַטן. אַלע פּראָבלעמען זענען אויף אַן ערנסטן און פּראַקטישן אופן דיס־קוטירט געוואָרן. עס איז אויסגעהערט געוואָרן דער באַריכט פון „פאַראייניקטן רעליף־קאָמיטעט" אין ניו־יאָרק וועגן דער אַרבעט, וואָס איז ביז איצט געטאָן געוואָרן, און וועגן די גרויסע געלטמיטלען, אין וועלכע דער רעליף־קאָמיטעט נויטיקט זיך, כדי דורכצופירן די נייטיקע אַרבעטן. די קאָנפערענץ האָט אָפּגע־האַלטן 3 זיצונגען און זיך געשלאָסן מיט אַ פאַרזאַמלונג פון מעזריטשער אין קליוולאַנד, ווו עס איז געשאַפן געוואָרן אַ גרעסערע סומע געלט.

אין רעזולטאַט פון די אַלע קאָנפערענצן איז די אַרבעט פאָרסירט געוואָרן. גרעסערע געלטמיטלען זענען געשאַפן געוואָרן אין שיקאַגאָ, דעטרויט, קליוו־לאַנד, טאָראָנטאָ. 1948 איז געווען דאָס יאָר, ווען די הכנסה פון רעליף־קאָמיטעט איז געווען די גרעסטע פון אַלע פריִערדיקע און שפּעטערדיקע יאָרן — איבער 23000 דאָלאַר איז געשאַפן געוואָרן אין דעם יאָר. די אייניקייט פאַר דער רעליף־אַרבעט האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. לאָקאַלער פּאַטריאָטיזם

און פערזענלעכע אינטערעסן האָבן געפירט דערצו, אַז אייניקע שטעט האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן מאַכן שבת פאַר זיך. אַן אויסנאַם איז געווען טאָראָנטאָ.

ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן, האָט דער בוי־פּראָיעקט נישט געקענט באַפרידיקן אַלע מעזריטשער, וועלכע האָבן זיך געניויטיקט אין דירות; ס'האָבן נישט געפעלט קיין אומצופרידענע, וועלכע האָבן באַוואָרפן דעם רעליף־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק און דעם קאָמיטעט אין ישראל מיט אָנקלאַגעס און פאָרווורפן. מיר האָבן אָבער געמוזט שלום מאַכן מיטן פאַקט, אַז מער קיין ווינונגען וועלן מיר נישט בויען, די קאַסע פון רעליף איז געווען ליידיק.

אין צווישן האָט אונדזער רעליף־קאָמיטעט געליטן אַ שווערן פאַרלוסט דורך דעם טויט פון אונדזערע וויכטיקע מיטאַרבעטער טשאַרלי שטיין ע"ה און יוסף שטיין ע"ה. מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער איז אַוועק אין דער אייביקייט איינער פון די איניציאַטאָרן און גרינדער פון רעליף, מאַקס פעלדמאַן ע"ה. דאָס האָט שטאַרק אָפּגעשוואַכט די אַרבעט פון רעליף. פון דעסטוועגן, ווען דער קאָמיטעט פון ישראל האָט זיך צו אונדז געווענדט, אַז זיי נויטיקן זיך אין אַ היים פאַר זייערע טעטיקייט, האָבן מיר זיך גענומען צו דער אַרבעט.

בעת מיר האָבן פאַרהאַנדלט מיט „ראַסקאָ" וועגן דעם הייזער־פּראָיעקט אין רמת־חן, האָבן מיר רעזערווירט אַ פּלאַץ פאַר אַ צענטער און אַ מאָנומענט פאַר די קדושים פון מעזריטש. מיר האָבן זיך געווענדט צו „ראַסקאָ", זיי זאָלן אונדז פאָרשטעלן אַ פּלאַן און אַ קאַלקולאַציע וויפל דאָס דאַרף אונדז קאָסטן. „ראַסקאָ" האָט געענטפערט, אַז כדי צו קענען דאָרט בויען, דאַרפן מיר זיך ווענדן נאָך אַ דערלויבעניש צו דער שטאָט־פאַרוואַלטונג פון רמת־גן. דערווייל האָבן אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל פאָרגעשלאָגן, אַז דער צענטער זאָל זיך געפינען אין תל־אביב, כדי ער זאָל קענען דינען דעם ציל.

אין יענער צייט האָט זיך אַנטוויקלט ביי די מעזריטשער אין ניו־יאָרק אַ קעגנערשאַפט צו שאַפן אַ צענטער אין ישראל. די הויפּט־שוועריקייט איז אָבער באַשטאַנען אין דעם, וואָס די פינאַנסן פון רעליף זענען געווען גאַנץ קליינע, און דאָס איז געווען די הויפּט־טענה פון די קעגנער פון פּראָיעקט. מיר האָבן באַשלאָסן צו רופן אַ קאָנפערענץ פון אַלע מעזריטשער אָרגאַניזאַציעס, וואָס זענען געווען אָנגעשלאָסן אין רעליף. מיר האָבן געוווסט, אַז די קעגנער פונעם פּראָיעקט גרייטן זיך נישט צו דערלאָזן, אַז ער זאָל רעאַליזירט ווערן. די זיצונג פון דער קאָנפערענץ ווו די פראַגע איז אויפגענומען געוואָרן, איז געווען אַ שטורמישע. די קעגנער פונעם פּראָיעקט האָבן מיך אויסגעקליבן ווי דעם אָביעקט פאַר זייער שאַרפסטער קריטיק און אויפגעפאָדערט די קאָנפערענץ אויסצודריקן אומצוטרוי דער פירערשאַפט פון רעליף־קאָמיטעט. די פאָרטרעטער פון אויסער ניו־יאָרק, אַזוי גוט ווי דער גרעסטער טייל פון די ניו־יאָרקער פאָרטרעטער, האָבן מיט אַ גרויסער מערהייט צוריקגעוויזן דעם פאָרשלאָג פון אומצוטרוי און נאָך אַ מאָל באַשטעטיקט דעם באַשלוס פון רעליף־קאָמיטעט צו בויען דעם צענטער. פון דעסטוועגן האָט די אַרבעט זיך פאַרשלעפּט ביז 1965. ערשט נאָכן

באַזוך פון די ברידער נייטן קודער און מאַקס בוירק אין ישראל אין פרילינג פון 1965, און נאָך זיי — פון מאָטל סאָבעלמאַן, איז דער ענין צענטער רעאַליזירט געוואָרן.

דעם 30סטן אָקטאָבער 1965 איז פאָרגעקומען די פייערלעכע דערעפענונג פונעם צענטער. דער פאַראייניקטער מעזריטשער רעליף־קאָמיטעט האָט צוגעשיקט אַ פייערלעכע באַגריסונג. דער קאָמיטעט אין ישראל האָט זיך דאַן געווענדט צו אונדז, מיר זאָלן העלפן שאַפן ביכער פאַר דער ביבליאָטעק, וועלכע זיי עטאַבלירן אויפן נאָמען פון פאַרדינסטפולן טוער בערל מאַנפערל ע״ה. אויך אויף דעם געביט האָט דער רעליף־קאָמיטעט געענטפערט פּאָזיטיוו און בייגעשטייערט פאַר דעם צוועק.

דער פאַראייניקטער מעזריטשער רעליף האָט זיך געווענדט מיט אַ רוף צו די מעזריטשער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק און צו די אַנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע און אין קאַנאַדע צו פאַראייביקן די נעמען פון די קדושים, די נאַצישע קרבנות, אין „ספר הזכרון״, וואָס וועט זיך געפינען אין „מרכז מעזריטש״. ווי אויך צו פאַראייביקן אויפן לוח הזכרון די נעמען פון אונדזערע בני־העיר, וועלכע זענען געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט.

כדי צו דערגרייכן די מעזריטשער לאַנדסלייט אין זייער צעשפּרייטקייט, האָט זיך געפאָדערט אַ גרויסע אָנגעשטרענגטע אַרבעט. איך האָב אויף זיך גענומען די אויפגאַבע און האָב געמאַכט אַ באַדייטנדיקן אָנהייב, אָבער צוליב געזעלשאַפטלעכע און פּערזענלעכע סיבות בין איך געווען געצווונגען די אַרבעט אויפצוגעבן. די דאָזיקע וויכטיקע אַרבעט וואַרט נאָך אויף די מענטשן אָדער דעם מענטש, וועלכער זאָל זיך צו דעם אָפּגעבן.



איך האַלט פאַר וויכטיק צו דערמאָנען די נעמען פון די מענטשן, וועלכע האָבן בייגעשטייערט צו דער שאַפונג פון דער אָרגאַניזאַציע „פאַראייניקטער מעז־ריטשער רעליף״. קודם־כל די 10 מענטשן, וועלכע האָבן אונטערגעשריבן דעם „טשאַרטער״ פון רעליף. ווי אַ הילפס־אָרגאַניזאַציע זענען מיר געווען באַרעכטיקט צו זאַמלען געלט פריי פון שטייערן, אָבער כדי דאָס צו דערגרייכן, האָבן מיר געמוזט האָבן אַ „טשאַרטער״, וואָס זאָל אונדז געבן די פּריווילעגיע.

צום באַדויערן איז דער אַרכיוו פון רעליף־קאָמיטעט פאַרניכטעט געוואָרן אין אַ פאַרפלייצונג, און פאַר מיר איז געווען זייער שווער צו שרייבן די געשיכטע פון רעליף. אויב איך האָב געמאַכט פעלערן אין נעמען אָדער דאַטעס, איז דאָס אַ רעזולטאַט דערפון, וואָס איך האָב אַלץ געשריבן פון זכרון. איך פאַרצייכן דעריבער די 10 פּערזאָן, וועלכע האָבן אונטערגעשריבן דעם „טשאַרטער״. איך האָף, אַז איך מאַך נישט קיין טעות:

1) מאַקס פעלדמאַן, 2) מאָריס קאַן, 3) מאָריס נוטמאַן, 4) דוד דיימענט, 5) חיים מרדכי זאַלצשטיין, 6) יוסף ענגעלמאַן, 7) מאיר יאַווערבוים, 8) נתן

קופער, 9) יוסף שטיין, 10) לואיס פרענקל — דער אַדוואָקאַט, וועלכער האָט דורכגעפירט די פאָרמאַליטעטן ביים באַקומען דעם „טשאַרטער". צום באַדויערן זענען געבליבן ביים לעבן בלויז צוויי פון די 10 אָריגינעלע גרינדער און בויער פון רעליף.

דער וויכטיקסטער און פון אַלעמען אָנערקענטער און באַליבטער טוער פאַרן רעליף איז געווען מאַקס פעלדמאַן. ער איז געווען טעטיק טאָג ווי נאַכט לטובת אונדזערע לאַנדסלייט. דער רעליף־קאָמיטעט איז נישט געווען דאָס איינציקע געביט פון זיין אַרבעט, אָבער דוכט זיך, אַז דעם רעליף האָט ער אָוועקגעגעבן דעם גרעסטן טייל פון זיין אַקטיווקייט — ביז די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן.

איינער פון די וויכטיקע און פאַרדינסטפולע מיטאַרבעטער איז געווען טשאַרלי שטיין. די ערשטע צייט פון דער אַרבעט לטובת אונדזערע לאַנדסלייט איז ער געווען סקעפּטיש און צוריקגעהאַלטן. איך האָב אים אָבסערווירט ווען ער פלעגט די ערשטע צייט קומען צו אונדזערע זיצונגען: מיט שטילע טריט, דעם קאָפּ עטוואָס געבויגן, איז ער אַריינגעקומען און זיך אָוועקגעזעצט ביי דער טיר. ווען איך האָב אים געבעטן קומען נענטער און אָנטייל נעמען אין אונדזערע פאַר־האַנדלונגען, האָט ער מיט זיין כאַראַקטעריסטישער באַשיידנקייט געענטפערט: „איך בין געקומען הערן און זען. דערלויבט מיר צו זיצן ווו איך וויל און ווו עס איז מיר באַקוועם". ביסלעכווייז האָט ער זיך צעוואַרעמט און ער איז געוואָרן איינער פון די דינאַמישסטע און וויכטיקסטע מיטאַרבעטער, וועמענס פאַרדינסטן עס זענען נישט אָפּצושאַצן.

אַ גאָר גרויסן בייטראָג צו דער אַרבעט פון רעליף האָט געגעבן יוסף שטיין — אַ געבוירענער אין אַמעריקע. ער האָט נישט געקענט רעדן קיין יידיש, אָבער האָט פאַרמאָגט אַ וואַרעם יידיש האַרץ און איז געווען מיט לייב און לעבן איבער־געגעבן די מעזריטשער, דער קעגנזאַץ פון אַ „פּאָליטישן", וועלכער זוכט אַלעמען געפעלן צו ווערן. ער איז געווען גראַדליניק און ערלעך, גרייט ביזן סוף צו פאַרטיידיקן זיינע איבערצייגונגען. ער האָט געהאַט אַ סך קעגנער צוליב זיין נישט־פּשרותדיקייט, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט אין פאַרטיידיקן דאָס, אין וואָס ער האָט געגלויבט.

איך באַדויער, וואָס איך האָב נישט די מעגלעכקייט זיך אָפּצושטעלן און אָפּשאַצן די אַרבעט פון אַ גרעסערער צאָל פאַרדינסטפולע מיטאַרבעטער, אָן וועמענס אָנטייל די גרויסע דערגרייכונגען פון פאַראייניקטן מעזריטשער רעליף וואָלט נישט מעגלעך געווען.

אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך אַרויסגערוקט אַ ריי נייע מיטאַרבעטער, וועלכע האָבן איבערגענומען די אָנפירונג פון רעליף. דאָס זענען מענטשן, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט דעם חורבן מעזריטש און באַוויזן זיך צו ראַטעווען פון אומקום. ס'איז נאַטירלעך פאַר זיי, סיי ווייל זיי זענען יינגער, און סיי ווייל זיי האָבן געלעבט אין מעזריטש אין די לעצטע יאָרן פאַר דעם חורבן, צו פאַרשטיין די פּראָבלעמען און אויפגאַבעס פון רעליף־קאָמיטעט, וויסן ווי אָפּצוהיטן און הייליק האַלטן די

## דער קאָמיטעט פונעם מעזריטשער רעליף



ערשטע ריי (פון רעכטס) שטייען : פינטשע אָקסנהאָרן, אַהרן קאַצמאַן, אַהרן וואַגשאַל, נחום גוטמאן, מאָריס בערק.
צווייטע ריי (פון רעכטס) זיצן : ח. מ. זאַלצשטיין, מאַקס בערק, יצחק ווישניע, מינע רייכמאַן, נתן קופּפער, סיימאָר יאַווערבוים.

ירושה פון די גרינדער און בויער נישט בלויז פון רעליף, נאָר אויך פון אַלע אַנ־דערע אינסטיטוציעס פון די מעזריטשער לאַנדסלייט.

אין פרילינג פון 1968 איז אויף דעם רוף פון „התאחדות עולי מזריטש" און פון „פאַראייניקטן רעליף־קאָמיטעט" פאָרגעקומען דער ערשטער צווישנלענדישער צוזאַמענפאָר פון מעזריטשער לאַנדסלייט אין ישראל. דער צוזאַמענפאָר איז פאָר־געקומען אין „מרכז מעזריטש" און ס'האָבן אין אים זיך באַטייליקט דעלעגאַטן פון



**צווישנלענדישע קאָנפערענץ פון די מעזריטשער לאַנדסמאַנשאַפטן אין תל־אביב אין 1968**

אין פרעזידיום (פון רעכטס): מ. מירוז, א. בלושטיין, נתן גרינבערג, מענדל אריה, מנחם ביר (רעדט), ח. מ. זאַלצשטיין, פרוי זאַלצשטיין.

נאָענט צום טיש פון פרעזידיום זיצן: עמליה געלטמאַן און חנה ביר־מאַנצאַזש

**אַמעריקע, קאַנאַדע, אַרגענטינע, געסט פון ראַדזין, פאָרשטייער פון פאַרבאַנד פון די פוילישע יידן און אַ גרויסער עולם פון מעזריטשער ישראלים. די דערעפענונג פון דעם צוזאַמענקום איז פאָרגעקומען דעם 23סטן אַפריל 1968. דעם 24סטן אַפריל אין דער פרי איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן די ערשטע זיצונג, אויף וועלכער ס'זענען אויסגעהערט געוואָרן באַריכטן פון דער אַרבעט און טעטיקייט פון די פאָרשטייער פון די באַטייליקטע אָרגאַניזאַציעס. אין אָוונט האָבן די דעלעגאַטן זיך באַטייליקט אין דער טרויער־אַקאַדעמיע צום אָנדענק פון די 6 מיליאָן קדושים. דעם 25סטן אַפריל איז פאָרגעקומען די צערעמאָניע פון אָנרופן אַ גאַס אויפן נאָמען פון די קדושים אין מעזריטש. ס'איז מיר צוגעטיילט געוואָרן דער כבוד איבערצושניידן די לענטע, וואָס האָט פאַרצוימט די גאַס אין לוד, וואָס הייסט איצט** „קדושי קהלת־מזריץ". **דער שטאָט־פרעזידענט האָט אונטערגעשטראָכן די פאַרבינדונג פון מעזריטש מיט ארץ־ישראל נאָך פון די צייטן פון די חובבי־ציון.**

אונדזער מעזריטשער לאַנדסמאַן פנחס ניישטיין, מיטגליד פון לודער שטאָט־ראַט, וועלכער איז געווען דער איניציאַטאָר פון פאָרשלאָגן און אַדורכפירן דעם פראָיעקט, פאַרדינט זיכער אונדזער דאַנק און אָנערקענונג.

פון לוד זענען מיר געפאָרן קיין ירושלים. מיר האָבן באַזוכט „יד־ושם" און הר־ציון, ווו עס איז געמאַכט געוואָרן אַן אַזכרה ביי דער מצבה פאַר די קדושי־מעזריטש, און פון דאָרט זענען מיר אַוועק באַזוכן דעם כותל־מערבי. אין אָוונט פון 2טן מאַי איז פאָרגעקומען אַ באַנקעט מיטן אָנטייל פון אַ גרויסער צאָל מעזריטשער פון ישראל צוזאַמען מיט די געסט פון אויסלאַנד.

דעם 6סטן מאַי איז אין „מרכז מעזריטש" פאָרגעקומען אַ געזעגענונג־אָוונט פאַר די געסט פון אויסלאַנד. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אין צוויי יאָר אַרום זיך נאָך אַ מאָל צוזאַמענקומען, אין דער האָפענונג, אַז די צוגרייטונג־אַרבעט וועט בעסער אָרגאַניזירט ווערן, כדי צו דערגרייכן אַ גרעסערן אָנטייל.

ס'זענען אָנגענומען געוואָרן אַ ריי רעקאָמענדאַציעס צום אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פון צוזאַמענקום: 1) וועגן אַ ביולעטין, וואָס זאָל דערשיינען אַלע 3 חדשים; 2) דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט זאָל תיכף צוטרעטן צו אָרגאַניזירן דעם 2טן צוזאַמענפאָר; 3) שאַפן אַן אַרכיוו־קאָמיסיע, וואָס זאָל זאַמלען מאַטעריאַל וועגן אַלץ, וואָס האָט אַ פאַרבינדונג מיט מעזריטש; 4) אַרויסגעבן אַ בוך אין 3 שפּראַכן: העברעיִש, ייִדיש און ענגליש; 5) פאַרגרעסערן און אויסברייטערן די ביבליאָטעק אין „מרכז מעזריטש".

דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון די מעזריטשער לאַנדסלייט, וואָס איז געווען אַ סך בעסער אָרגאַניזירט און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ גרעסערער באַטייליקונג, איז פאָרגעקומען פון דעם 19טן אַפּריל ביז דעם 4טן מאַי 1970. דער קבלת־פנים פאַר די דעלעגאַטן איז פאָרגעקומען אין אַ גרויסן זאַל, מיט דער באַטייליקונג פון עטלעכע הונדערט מעזריטשער אין ישראל, ביי אַ פייערלעכער יום־טובדיקער שטימונג. די אַרבעטס־זיצונגען זענען פאָרגעקומען אין „מרכז מעזריטש" און ס'האָבן אין זיי גענומען אָנטייל דעלעגאַטן פון ניו־יאָרק, טאָראָנטאָ, דעטרויט, פראַנקרייך, אַרגענטינע, קליוולאַנד, ווינדזאָר און אַ גרויסע דעלעגאַציע פון ישראל. ס'איז אויך געווען אָנוועזנדיק אַ פאָרשטייערשאַפט פון „פאַרבאַנד פון פּויליש ייִדן" און פון לאָשיצער לאַנדסלייט. שפּעטער איז אויך געקומען אַ דעלעגאַציע פון אונדזערע לאַנדסלייט פון אויסטראַליע.

חבר ביר דערעפנט די קאָנפערענץ מיט באַגריסן די דעלעגאַטן פון אויסלאַנד און שלאָגט פאָר דעם סדר־היום פון דער קאָנפערענץ: 1) ספר־הזכרון, 2) צענטער אין ישראל, 3) ביולעטין, 4) קולטורהויז, 5) אַרכיוו־קאָמיסיע, 6) בילדונג־פאָנד, 7) ביבליאָטעק און 8) הילף. חבר ביר שלאָגט אויך פאָר אַ פּרעזידיום פאַר דער קאָנפערענץ פון 3: מאַנדעלבוים, זאַלצשטיין און מ. בלאַנק, און אַ רעזאָלוציע־קאָמיסיע פון 4: מ. בלאַנק, ש. בורשטיין, מ. ראָזענבלום און א. לאַנצקעוויטש. ה' מאַנדעלבוים פירט דעם פאָרזיץ פון דער ערשטער זיצונג. עס זענען אָפּגעגעבן געוואָרן באַריכטן פון די דעלעגאַטן פון די פאַרשידענע שטעט און לענדער און

עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ דיסקוסיע וועגן די צילן און אויפגאַבעס פון דער קאָנ־פערענץ.

די צווייטע זיצונג פון דער קאָנפערענץ, אונטערן פאָרזיץ פון ה׳ זאַלצשטיין, האָט באַטראַכט די אַריינגעטראָגענע רעזאָלוציעס. די מערסטע רעזאָלוציעס זענען אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק, אייניקע — מיט אַ מערהייט שטימען. דער פאָר־זיצער ה׳ זאַלצשטיין שליסט די קאָנפערענץ, דאַנקענדיק דעם אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פון דער קאָנפערענץ, די דעלעגאַטן און געסט, פאַר זייער קאָאָפּעראַציע.

מיר האָבן דאַן אָנטייל גענומען אין דער אַלגעמיינער טרויער־אַקאַדעמיע נאָך די 6 מיליאָן קדושים. פון דאָרט זענען מיר אַוועק צו דער מצבה פון די מעזריטשער קדושים, וואָס געפינט זיך אין יער־הקדושים. ביי דער מצבה האָבן גערעדט יעקב בלאַנק, יעקב בויגמאַן און חיים מרדכי זאַלצשטיין. די חזנים שרגא בן גלים און אונדזער בן־עיר יעקב גאָלדפריד האָבן געלייענט תהילים, געזאָגט קדיש בציבור און געמאַכט „אל מלא רחמים״. דער קלימאַקס פון אונדזער צוזאַמענפאָר איז געווען דער געזעגנונג־אָוונט ביי אַן איבערפולטן זאַל אין „מרכז מעזריטש״. דער אָוונט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט גרויס פייערלעכקייט און איבערגעלאָזט אַ טיפן רושם אויף די פאַרזאַמלטע. חבר ביר רופט די אויסלענ־דישע געסט צו פאַרווירקלעכן אין לעבן די אָנגענומענע באַשלוסן פון צוזאַ־מענפאָר.

נישט אַלץ, וואָס דער פאַראייניקטער מעזריטשער רעליף האָט אין זיין 36־יאָריקער געשיכטע געטאָן און געשאַפן, איז געקומען צום אויסדרוק אין די ראַמען פון דעם דאָזיקן אַרטיקל, און נישט אַלע, וועלכע האָבן געהאָלפן אין דער גראַנדיעזער אַרבעט, זענען דאָ דערמאָנט געוואָרן. איך האָב בלויז פאַרצייכנט אַ ברוכטייל פון דער געשיכטע און די דערגרייכונגען פון רעליף. איך האָף און דערוואַרט, אַז די מענטשן, וועלכע פירן איצט אָן מיט דער אַרבעט, וועלן ממשיך זיין און געבן אַ ווייטערדיקן בייטראָג צו די דערגרייכונגען פון רעליף־קאָמיטעט.

יוסף טשעפּלינסקי

# מעזריטשער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַרגענטינע

עס איז נישט מעגלעך אויסצורעכענען אַפילו אַ קליינעם טייל פון דעם, וואָס מיר האָבן געטאָן אויף פיל געביטן אין די קנאַפּע 50 יאָר פון אונדזער עקזיסטירן. איך וויל בלויז אונטערשטרייכן, אַז שטענדיק האָבן מיר דערפילט מיט פאַראַנט־וואָרטלעכקייט די אויפגאַבן פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט.



**אויף אַן אָוונט פון דער מעזריטשער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַרגענטינע**
אויפן בילד: חיים לייבמאַן, מענדל פּערלמאַן (שטייענדיק), אליהו באַקאַלאַזש (פאָרזיצער)

ווען עס איז געקומען די גרויסע קאַטאַסטראָפע אין יידישן לעבן און עס איז שוין מער נישט געווען קיין אַלטע היים, קיין יידיש מעזריטש און מיר זענען געשטעלט געוואָרן פאַר אַ נייער טראַגישער ווירקלעכקייט, איז ביי אונדז גע־וואָרפן געוואָרן די לאָזונג, אַז מיר, וואָס דער גורל האָט אונדז געשווינט דאָס לעבן, זענען שולדיק אַ גרויסן און הייליקן חוב, וועלכן מיר מוזן באַצאָלן — אויפשטעלן אַ מצבה פאַר דער פאַרשניטענער קהילה, אַ מצבה פאַר די 18000 קדושים.

צו אונדזער גרויסער סאַטיספאַקציע איז דאָס אונדז געלונגען. מיט דער־מיטהילף פון מעזריטשער אין אַמעריקע און מיטאַרבעט פון מעזריטשער אין אַלע

לענדער, ווו זיי געפינען זיך, איז אין בוענאָס־איירעס אין יאָר 1952, צום 10טן יאָרצייט פון טראַגישן אומקום, דערשינען דאָס מעזריטשער יזכור־בוך פון איבער 600 זייטן. דאָס איז אַ מאָנומענטאַל ווערק, וואָס פאַראייביקט דאָס יידישע מעז־ריטש. מען דאַרף דערמאָנען, אַז נאָך אין 1946 איז דערשינען דאָס בוך וועגן מעזריטש פון יוסף הארן „מיין חרובע היים". אין 1957 איז אין בוענאָס־איירעס אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן מעזריטשער ל. ל.־פאַראיין דאָס געשיכטלעכע בוך פון מאיר איידלבוים „די יידן־שטאָט מעזריטש".

די צייט האָט אָבער געטאָן אירס און עס זענען לײדער אַוועק אין דער איי־ביקייט פיל פון אונדז, צווישן זיי זייער אַקטיווע און מיט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער פאַרשידענער טעטיקייט, ווי ר' אליהו באַקאַלאַזש, ר' מנחם מענדל פערלמאַן א"אַ.

מיר קענען זיין שטאָלץ מיט דעם אַלעמען, וואָס דער פאַראיין האָט אויפ־געטאָן אין משך פון זיין עקזיסטענץ. די צייט האָט זיך אָבער געענדערט צום שלעכטן, אין לאַנד בכלל און אין יידישן ישוב בפרט. עס זענען אויפגעשוווּמען פיל פּראָבלעמען: פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און מאָראַלישע, פון וועלכע דער יידישער ישוב איז שטאַרק געטראָפן געוואָרן. מיר האָבן פּלוצלונג געזען די געפאַר, וואָס דראָט פיל געזעלשאַפטן, צווישן זיי אונדזער פאַראיין. אונדזער זאָרג איז געווען ווי צו פאַרזיכערן זיין עקזיסטענץ. דאָס האָט געקענט דער־גרייכט ווערן בלויז אויף איין וועג — דורך גרינדן אַ קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוו. ווען מיר זענען צוגעטרעטן צו רעאַליזירן דעם געדאַנק, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז נישט פון די לייכטע זאַכן. יאָרן לאַנג איז די פראַגע דיסקוטירט געוואָרן, ביז מיר האָבן די שוועריקייטן דורכגעבראָכן און סוף כל סוף איז אונדז געלונגען דעם קאָאָפּעראַטיוו צו גרינדן, אַזוי אַרום איז, האָפן מיר, פאַרזיכערט געוואָרן די עקזיסטענץ פון אונדזער פאַראיין. עס דאַרף דאָ אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז אַ דאַנק דער גוטער און ערלעכער פירונג האָט אונדזער קאָאָפּעראַטיוו געקענט אויסמיידן דעם שטורעם, וואָס האָט צעשטערט אַ סך פינאַנציעלע אינסטיטוציעס, כאָטש ער איז אויך נישט פריי פון פּראָבלעמען און שוועריקייטן.

און איצט — עפּעס פון אונדזער לויפנדיקער טעטיקייט. מיר פאַרמאָגן אַן אייגן הויז מיט אַ גרויסן זאַל און עטלעכע צימערן. די קאָאָפּעראַטיווע ליי־קאַסע איז דאָרט טעטיק 5 מאָל אין וואָך אין אָוונט. די ליי־קאַסע רופט זיך „25סטער אויגוסט" — די טראַגישע דאַטע פון אומקום פון יידישן מעזריטש.

מיר האָבן אַ ביבליאָטעק „מעזריטש" מיט אַ באַדייטנדיקער צאָל ביכער. עס קומען פאָר אָפטע זיצונגען פון דער פאַרוואַלטונג. אונדזער אַרבעט איז באַקאַנט אויף דער יידישער גאַס דורך די נאָטיצן און באַריכטן, וואָס ווערן פון צייט צו צייט פאַרעפנטלעכט אין דער אַרגענטינער יידישער פּרעסע. מיר נעמען אויף גאַסטפריינטלעך מעזריטשער, וועלכע באַזוכן אַרגענטינע סיי געזעלשאַפטלעך און סיי פּריוואַט. יאָר־יערלעך, י"ב אלול — דער טראַגישער אומקום־טאָג — אָרדענען מיר איין אַן אזכרה־אַקאַדעמיע, וואָס ווערט שטענדיק באַזוכט דורך אַ גרויסן

עולם — אויך פון יונגן דור. עס ווערן אויך דערמאָנט איבער הונדערט נעמען פון מעזריטשער, וועלכע זענען געשטאָרבן אין אַרגענטינע.

אין „יום העצמאות" אָרדענען מיר איין יעדעס יאָר אַ גרויסע פייערונג, וואָס ווערט באַזוכט פון דער גאַנצער מעזריטשער משפחה און זי דריקט אויס איר פרייד מיט אונדזער נאַציאָנאַלער אויפריכטונג. אין אַלגעמיין שטייען מיר אין ענגן קאָנטאַקט מיט די לאַנדסלייט סיי אין פריידן און סיי ח"ו אין ליידן.

(לויט דעם באַריכט געדריקט אין "ביולעטין" נומ' 7)

אלי׳ פרידמאַן/טאָראָנטאָ

# צו דער געשיכטע פון דער מעזריטשער לאַנדסמאַנשאַפט אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע

דעם 25סטן יוני 1927 האָבן אין האַליפאַקס (נאָוואָ סקאָטיאַ) געלאַנדעט אַ גרופּע פון 42 יונגע מעזריטשער מענטשן אין עלטער פון עלף ביז ניינצן יאָר, אונטער דער אָנפירונג פון איינעם פון די שענסטע מעזריטשער פערזענלעכקייטן — אלי׳ גרינבלאַט. אין דער גרופּע זענען געווען 24 בחורים און 18 מיידלעך. דאָס איז די גרופּע געקומען זיך באַזעצן אויף אַ פאַרם און צו ווערן אין דעם נייעם לאַנד פּראָדוקטיווע מענטשן.

אויפן וועג צום פאַרם האָט די גרופּע זיך אָפּגעשטעלט אין מאָנטרעאַל, ווו מיר זענען אויפגענומען געוואָרן פון ייִדישן עמיגראַנטן־הילפספאַראיין, פון פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע טוער, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען דער דעמאָלטיקער אַרויסגעבער פון דער ייִדישער טאָג־צייטונג „קענעדער אַדלער״. עס איז אונדז געקומען באַגעגענען ה׳ מאָריס סאַקס, אַן אַלטער תושב אין קאַ־נאַדע, וואָס האָט געוווינט אין דזשאָרדזשטאָון, אָנטעריאָ, ווו דער פאַרם האָט זיך געפונען. ה׳ סאַקס איז געווען איינער פון די הויפּט־טוער, וועלכער האָט דער־מעגלעכט אונדזער אַריינקומען אין לאַנד (די טויערן פאַר עמיגראַנטן זענען געווען געשלאָסן, אַחוץ פאַר לאַנדאַרבעטער אָדער הויז־דינערשאַפט).

אין דזשאָרדזשטאָון זענען מיר אָנגעקומען דעם 28סטן יוני 1927. דעם 1טן יולי פייערט קאַנאַדע איר פאַראייניקונג (קאָנפעדעראַציע), איר ווערן אַ נאַציע. דאַן איז אויסגעפאַלן דער 62סטער יאָרטאָג און מיר האָבן אָנטייל גענומען אין די פייערונגען מיט אונדזער מאַנדאָלין־אָרקעסטער. די באַפעלקערונג פון פאַרמער, פויערים און שטאָטלייט האָבן אונדז וואַרעם אויפגענומען און הייס אַפּלאָדירט.

די אונטערנעמונג פון דער פאַרם־שול איז געווען אַ פּראָיעקט, וואָס האָט געפאָדערט גרויסע געלטמיטלען אויף צו באַשעפטיקן, שפּייזן, קליידן אַ גרויסע גרופּע מענטשן און אויך אויסהאַלטן אַ פּערסאָנאַל אויף לערנען. די מעזריטשער אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ספּעציעל די פון ניו־יאָרק, אונטער דער פירערשאַפט פון די ברידער שטיין, ה׳ און מרס. סאַיעטע, ה׳ און מרס. גאָלדשטיין, פעלדמאַן, און צענדליקער אַנדערע פון דער מעזריטשער הילפס־אָרג., און די אין דעטראָיט, אונטער דער ענערגישער פירערשאַפט פון אלי׳ גרינבלאַט און צענדליקער אַנדערע (עס איז אוממעגלעך אויסרעכענען אַלע נעמען), האָבן געטאָן אַל דאָס מעגלעכע אויסצוהאַלטן די פאַרם־שול און מעגלעך נוצן דאָס פאַר אַ באַזע אַריבערצוברענגען קיין קאַנאַדע נאָך מעזריטשער און אַנדערע. עס זענען געמאַכט געוואָרן פאַרשידענע אונטערנעמונגען, מיר האָבן געגעבן קאָנצערטן אין ניו־יאָרק און אין דעטראָיט מיטן מאַנדאָלין־אָרקעסטער, אָבער דאָס אַלץ איז געווען נישט גענוג.

ה׳ גרינבלאַט און ה׳ סאַקס האָבן געזוכט צו פאַראינטערעסירן די קאַנאַדער יידישע עפנטלעכע מיינונג און געזעלשאַפטלעכקייט; עס זענען געקומען פאַרשי־דענע דעלעגאַציעס און יחידים, עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, אַלע זענען געווען און געבליבן גלייכגילטיק. אין צווישן צייט האָבן ה׳ גרינבלאַט און ה׳ סאַקס נישט גערוט און אין זומער אָדער האַרבסט 1929 האָבן זיי אַריבערגעברענגט אַ צווייטע גרופּע פון עטלעכע צענדליק יונגע מענטשן פון מעזריטש און אַנדערע שטעטלעך און זיי אויך באַזעצט אויף ערדאַרבעט.

די באַדינגונגען אויף דעם פאַרם זענען דערוויילע געוואָרן שווערער, ביס־לעכווייז האָבן די עלטערע יונגעלייט און מיידלעך אָנגעהויבן פאַרלאָזן די פאַרם־שול און געפינען אַרבעט אין טאָראָנטאָ.

אַזוי שנעל ווי מען האָט זיך איינגעאָרדנט אין טאָראָנטאָ איז רייף געוואָרן דער געדאַנק וועגן אַן אָרגאַניזאַציע פאַר קעגנזייטיקער הילף, און אין 1930 איז געשאַפן געוואָרן דער מעזריטשער יוגנטקלוב. מיר האָבן געדונגען אַ לאָקאַל, זיך איינגעשאַפט אַ ביבליאָטעק, אָרגאַניזירט אַ לייַ־קאַסע פאַר די מיטגלידער, וואָס האָבן געדאַרפט אַן הלוואה (עס איז דאַן פאָרגעקומען דער באַרימטער וואָל־סטריט־קראַך). צוליב אומדערפאַרנקייט און ווייניק פאָנדן האָבן מיר די לייַ־קאַסע געמוזט ליקווידירן. דער קלוב האָט אָנגעהאַלטן אַ 4־5 יאָר. מיר האָבן אַדורכגע־פירט פאַרוויילונגען און אונטערנעמונגען.

הגם דער קלוב האָט אויפגעהערט פונקציאָנירן, איז אָבער פאַר דער גאַנצער צייט אָנגעהאַלטן געוואָרן אַן ענגער קאָנטאַקט צווישן די מעזריטשער. צו יעדער צייט האָבן אַלע געענטפערט דעם רוף, אויב עמעץ איז געווען אין שוועריקייטן, אָדער האָט זיך גענויטיקט אין הילף. אַזעלכע הילפסאַקציעס זענען פאָרגעקומען אייניקע מאָל.

אין פרילינג 1939, ווען פון אייראָפּע האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות וועגן דער מעגלעכקייט פון אַ נייער וועלט־שחיטה, איז ה׳ גרינבלאַט געקומען קיין טאָראָנטאָ. מיר האָבן זיך געטראָפן ביי מיר אין הויז און אַרומגערעדט די וויכ־טיקייט און די מעגלעכקייטן פון רעאָרגאַניזירן די מעזריטשער. ה׳ גרינבלאַט האָט ביי זיין יעדן באַזוך ביי די טאָראָנטער מעזריטשער אַלע מאָל גערעדט זיך האַלטן צוזאַמען. מיט דער הילף פון י. דאַנילאַק, וועלכער איז דאַן געווען אַ לערער אין די אַרבעטער־רינג־שולן, האָבן מיר צוזאַמענגערופן אַלעמען און אויף ס׳ביי גע־גרינדעט דעם מעזריטשער יוגנטקלוב. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעבהאַפטע טעטיקייט.

אין צווישן האָט זיך דעם 1טן סעפּטעמבער 1939 אָנגעהויבן אין אייראָפּע די צווייטע וועלט־מלחמה. מיר האָבן דורכגעפירט אונטערנעמונגען און געמאַכט פּלענער ווי אַזוי צו העלפן אונדזערע לאַנדסלייט ביי דער ערשטער געלעגנהייט.

ווידער זענען פאָרגעקומען איבעררייסן און די אָרגאַניזאַציע איז איינגע־שלאָפן. דאָס מאָל אָבער האָבן זיך די פרויען אָרגאַניזירט און אָנגעהויבן פירן אַ ברייטע טעטיקייט צווישן זיך פאַר קעגנזייטיקער הילף.

מיר האָבן זיך ווידער אָרגאַניזירט. עס האָבן אָנגעהויבן קומען גרוסן וועגן דעם גרויסן חורבן פונעם אייראָפּעיִשן ייִדנטום, באַזונדערס פון די פּוילישע ייִדן, צווישן זיי די מעזריטשער, וואָס האָבן געציילט 18 טויזנט נפשות.

עס האָט גענומען וואָכן און חדשים ביז עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אייניקע על פּי נס געראַטעוועטע מעזריטשער. פון די לאַגערן אין אייראָפּע פּאַר באַפרייטע און פון פאַרשידענע געביטן אין פּוילן האָבן אָנגעהויבן קומען דרינ־גענדיקע רופן נאָך הילף — קליידונג, שפּייז, מעדיצין — און אַ וואַרעם מענטש־לעך וואָרט.

עס האָט זיך ביי אונדז אָנגעהויבן אַ פיבערהאַפטע טעטיקייט צו זאַמלען און שיקן פּעקלעך שפּייז, מלבושים און קליינע סומעס געלט צו יחידים און קאָמיטעטן, וואָס האָבן זיך געשאַפן אין פאַרשידענע ערטער. מיר האָבן געשיקט הונדערטער בריוו מיט קליינע געלט־מתנות. מיר האָבן אויך זיך פאַרבונדן מיט דער מעזרי־טשער הילפס־צענטראַלע אין ניו־יאָרק. מיר האָבן געשאַפן גרעסערע סומעס געלט און געשיקט אין ניו־יאָרקער אָפיס, פון וואַנען די אַרבעט איז אויף אַ סיסטעמאַ־טישן אופן אָרגאַניזירט געוואָרן. מיר האָבן מיטגעאַרבעט מיט די מעזריטשער אין דעטראָיט, געוועקט און געמונטערט איינע די אַנדערע.

צו יענער צייט האָבן מיר מיט דער אַקטיווער הילף פון ה׳ מאָריס זאַקס און ה׳ גרינבלאַט געפּרוּווט פאַראינטערעסירן די טאָראָנטער ייִדן פאַר אַריבערברענגען אַ צאָל מענטשן. מיר האָבן געהאַט צוזאַמענטרעפן מיט דער פירערשאַפט פון ייִדישן קאָנגרעס, פאַראַנטוואָרטלעכע טוער פון דער רעגירונג האָבן אונדז צוגע־זאָגט העלפן, אָבער עס איז דערפון גאָרנישט געוואָרן. בלויז אייניקע איז געלונגען אַריבערברענגען דורך אינדיווידועלע באַמיִונגען.

ווען אין נאָוועמבער 1948 איז אַנטשטאַנען מדינת ישראל, און עס האָבן גענומען אָנקומען ידיעות, אַז אַ סך פון די געראַטעוועטע פון חורבן אין אייראָפּע באַזעצן זיך אין ישראל, האָבן מיר אָרגאַניזירט ספּעציעלע זאַמלונגען אויף צו העלפן איינשטעלן אַ ליי־קאַסע פאַר די נויט־באַדערפטיקסטע. מיר האָבן געהאָלפן גרינדן אַ בערשטער־קאָאָפּעראַטיוו, ווו אַ צאָל מענטשן זאָלן אַרבעטן און פאַרדינען אויפן לעבן. מיר האָבן אויך געהאָלפן בויען וווינונגען פאַר די נויטבאַדערפ־טיקסטע. מיר האָבן זיך באַמיט דורכצופירן אַ ריי קאָנפערענצן פון די מעזריטשער אין די פאַראייניקטע שטאַטן און טאָראָנטאָ צו העלפן בעסער אָרגאַניזירן די אַר־בעט. מיר האָבן אויך אָנגעהויבן נעמען אַ גרעסערן אָנטייל אין דער לאָקאַלער טעטיקייט פון פאַרשידענע קאַמפּאַניעס פון אַן אַלגעמיין ייִדישן כאַראַקטער מיטן ציל צו העלפן אומעטום ווי נאָר מעגלעך. פאַרבייגייענדיק וויל איך באַ־מערקן, אַז אין דער צייט פון דער אַנטי־נאַצי־מלחמה האָבן אויך אַ טייל פון די מעזריטשער געדינט אין די באַוואָפנטע כוחות פון לאַנד.

אין די לעצטע דריי־פיר יאָר נעמט אונדזער אָרגאַניזאַציע, אונטער דער פעיִקער פירערשאַפט פון פריינד שמחה בירשטיין, אַ זייער אַקטיוון אָנטייל אין אָרגאַניזירטן לאָקאַלן ייִדישן לעבן, וואָס איז אויך פאַרבונדן מיט קאַמפּאַניעס און

אַקציעס לטובת ישראל, ספּעציעל אין קאַמפּאַניעס צו פּאַראַייביקן די אומגעקומענע דורך די הענט פון די נאַצישע רוצחים.

דאָס לעבן און די טעטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן רייכער און אינטערעסאַנטער מיטן אַדורכפירן אַ סך קולטור־אָוונטן, שמועסן וועגן אַלגעמיינע צייטפראַגן, דעבאַטעס און לעקציעס. עס ווערן געוויזן פילמען וועגן לעבן און בויען פון ישראל, וועגן קאַמף פאַר אַ שענערער צוקונפט און אַ ניי יידיש לעבן

זינט 1960 עקזיסטירט אויך ביי אונדז אַ קראַנקן־פאָנד, כדי צו געבן אונ־דזערע מיטגלידער אַ מינימאַלע הילף אין צייט פון קראַנק זיין.

# מעזריטשער אין אויסטראַליע

די גרעסטע צאָל מעזריטשער געפינט זיך אין מעלבורן. אין סידנעי, די צווייטע גרויסע שטאָט אין אויסטראַליע, געפינען זיך דריי מעזריטשער: חיים בערעזניאַק, וואָס גיט אַרויס אַ יידישן ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכן זשורנאַל אין ענגליש, פייגע עפנער (פון דעם היים קליינמאַן) און רויזע גלאַזמאַן. אין פערס געפינען זיך צוויי מעזריטשער: שלמה וועגנעריק און פריידל דוואָש.

אין מעלבורן געפינען זיך קנאַפּע 30 מעזריטשער. דער גרעסטער טייל איז געקומען נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, געראַטעוועטע פון דעם חורבן אויף פאַרשידענע אופנים. איך גיב דאָ אָן זייערע נעמען לויט דעם א״ב: דבורה באַסעוויטש (פון דעם היים גרינבערג, דער ראַדזינערינס טאָכטער), ליאָווע גאָלדמאַן, חיהטשע זאַוואַזשניק (פון דער היים טראַרדעדזשעוואַ), יאַנקל זעמעל און שפרינצע ווייסגלאַז, אברהם לאַנצקעוויטש, בינטשע לעבענהאָלץ און פייגע עפּלבוים, היים לעבענהאָלץ און באַשקע קאָפּעטש, מלכה מילגראָם (פון דער היים זעמעל), חיהטשע ניימאַן (פון דער היים בראַנשטיין), פסח נודעלבערג, מיכל עפּלזאַפט, ליפּמאַן עדעלשטיין, גדליהו פליישביין און צביה קרופּניק, ליאָלעק פרידלענדער און חנה ריבאַק, מישע פרידמאַן און פייגע פּאַגאַזשעלעץ, ליאָווע פרידמאַן, מאָטל קראַקאָווסקי (טוגענדער), זיסקינד רובינשטיין (מור־לענדער), משה שוואַרצבערג, צביה שטיין (פון דער היים סאַפּיר). אייניקע פון די מעזריטשער זענען טעטיק אין היגן יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

מיר זענען נישט אָרגאַניזירט אין אַ לאַנדסמאַנשאַפט, אָבער מיר האַלטן זיך צוזאַמען און טרעפן זיך אויף שמחות ביי די מעזריטשער און ביי אַנדערע געלעגנהייטן. שוין העכער 16 יאָר ווי מיר קומען זיך צונויף יעדעס יאָר שמחת תורה, דערמאָנען אונדזער היימשטאָט און פירן דורך אַ זאַמלונג פאַר נויט־באַדערפטיקע מעזריטשער אין ישראל און אין דער וועלט. יעדעס יאָר שיקן מיר איבער דער מעזריטשער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל עטלעכע הונדערט דאָלער, שטיצן אויך אינדיווידועל נויטבאַדערפטיקע מעזריטשער אין פוילן און אין אַנדערע לענדער.

מיר האָבן אויך גענומען אויף זיך די אַפּוטרופּסות איבער דעם קריסטלעכן פעלדשער שוועדאָווסקי און זיין פרוי אין מעזריטש, וועלכע האָבן געהאָלפן אויסצובאַהאַלטן אייניקע מעזריטשער יידן בעת דער דייטשער אָקופּאַציע. לײדער באַמיִען זיך נישט די מעזריטשער, וואָס האָבן באַקומען פון זיי הילף אין יענער צייט (חוץ דער פרוי שיינמעל אין ישראל) צו שטיצן זיי און צו שטיין מיט זיי אין קאָנטאַקט. האָבן מיר גענומען אויף זיך די עבודה אַרויס־צוּווייזן זיי אַ פריינדלעכקייט אויף די עלטערע יאָרן. מיר שרייבן צו זיי פון צייט צו צייט און שיקן אַ קליינע שטיצע.

(ביולעטין נ. 2). **ל. פּ.** (מעלבורן)

# אינהאַלט

זייט



## גאַסן און געסלעך



## אין דערציילונג און אין ליד



## ע ר ב

# תקוני טעויות־דפוס — פאריכטע דרוק־פעלערן

| עמוד זייט | שורה | נדפס — געדרוקט | צריך להיות — דאַרף זיין |
|---|---|---|---|
| 3 | שורה אחרונה למטה, (שער ראשי) שנת | תש"ח | תשל"ח |
| 35 | שורת ההערה למטה | כדוע | כידוע |
| 83 | 11. מלמעלה | מ. י. | מ. ר. |
| 144 | מתחת לתמונה (בין השמות) | לבנבליק | לבנגליק |
| 147 | 13. מלמעלה | לפנ | לפני |
| 272 | 2. " | רוזנבוים | רוזנבלום |
| 279 | 4. " | כד | כר |
| 285 | 6. " | בית־המדרש | בבית־המדרש |
| 301 | שם המחברת (מעל לשורת הכותרת) | חבקין | רבקין |
| 301 | 12. מלמעלה | עודני | עונדי |
| 324 | 2. " | להתיישב | להתייצב |
| 331 | השער הפנימי | במתייך | במותיך |
| 338 | שורה אחרונה למטה | בנופלי | בנופלו |
| 341 | 7. מלמטה | ובצלחה | ובהצלחה |
| 344 | 3. " | לא | ללא |
| 375 | 22. " (תוכן הענינים) | במתייך | במותיך |
| 375 | 13. מלמטה (תוכן הענינים 342) | אברהם בלושטיין | ההורים והאח |
| 375 | 12. מלמטה (תוכן הענינים 343) | ההורים והאח | אברהם בלושטיין |
| 377 | לעצטע שורה, אונטן (שער־בלאַט) יאַר | תש"ח | תשל"ח |
| 464 | 12. פון אונטן | און | איז |
| 478 | 17. פון אויבן | (קאניאק) | (קאַניק) |
| 482 | 6. פון אונטן | פיינבערג | פיינעבעריע |
| 531 | אונטערן בילד (צווישן די נעמען) | פירמאן | פורמאן |
| 581 | 12. פון אונטן | צענדליקער טויזנטער | פיל טויזנטער |
| 582 | 5. " | „לחיים לעניים" | „לחם לעניים" |
| 757 | 8. " | הערצל | הערשל |
| 761 | 13. " | ארעסטירט | ארעסטירטע |
| 772 | צושריפט צום בילד אונטן | אויפגעבויט אין יאַר 1938 ערב דער צווייטער וועלט־ דער בנין פון שטאָט־ראַט מלחמה | דער בנין פון שטאָט־ראָט אויפגעבויט אין יאַר 1938 ערב דער צווייטער וועלט־ מלחמה |